אברהם זאַק

# אויף שליאַכן פון הפקר

באַנד צווײ




ביי דער
"געזעלשאַפט פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס
1958

# אינהאַלט פון באַנד II

## הינטערן אוראַל

זייט

1

# אין דער שטאָט פון זאַלץ

מיינע נייע צוויי „שותפים" שטאַמען פון גאַליציע, פון לעמבערג. ביידע שוין נישט פון דער ערשטער יוגנט: סאָלאָמאָן ג. און יאַנקעלע פ. ביידע פון פאַך אַרבעטער. סאָלאָמאָן הויך און דאַר, יאַנקעלע קורץ און זשוואַוועג. יאַנקעלע איז געווען כיטרער און איבערגעשפּיצטער פון זיין חבר. ביידע זענען געווען עוואַקויִרטע, נישט דורכגעמאַכט דעם לאַגער אַזוי ווי איך. דערפאַר זענען זיי אין דער הלבשה געווען „ציווילער". זיי האָבן נאָך געטראָגן קאָסטיומען פון דער היים, כאָטש שוין שטאַרק אויסגעריבענע און אַ ביסל שוין געלאַטעטע. און הגם אין קיין לאַגער זענען זיי נישט געווען, פונדעסטוועגן האָט זיי נישט געפעלט קיין צרות אויך אויף דער פריי...

אַזוי, צי אַנדערש — איצט זענען זיי אין זעלבן מעמד וואָס איך. איצט האָבן מיר אַלע דריי קיין מקום מנוחה נישט. איצט זוכן מיר אַלע דריי אַרבעט און אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אָנגעקומען קיין סאָל־אילעצק, איז דער ערשטער וויזיט פון אַזעלכע אורחים ווי מיר, פאַרשטייט זיך, קודם כל אויפן באַזאַר. מיר זעען טאַקע, אַז מ'קאָן דאָ איינקויפן גוטע זאַכן צום עסן — ברויט, מילכוואַרג, גרינוואַרג וכדומה, אָבער פאַר גראָב געלט. נישט פאַר אונדזערע קעשענעס... עס שטייען אויסגעשטעלט סטראַגאַנעס, ביידלעך און דער מסחר גייט. דאָס איז דער „פרייער מאַרק", וווּ אָפיציעל האָט קיינער נישט קיין רעכט צו טרייבן מסחר; אָבער זיינע אייגענע זאַכן, זיינע אייגענע פּראָדוקטן האָט איטלעכער דאָס רעכט צו פאַרקויפן. פאַר־קויפן טאַקע בירגער זייער ברויט, זייער מילך, זייערע גרינוואַרג, זייערע קליידער און זייערע שטיוול... אויף די זאַכן שטייט דאָך נישט אָנגעשריבן, אַז דאָס זענען געקויפטע פון איוואַנען און פאַרקויפטע צו סטעפּאַנען...

אַזוי, צי אַנדערש — דער מסחר גייט. אין סאָל־אילעצק, ווי אומעטום, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד.

אויך דאָ זענען די טיפּן לערך ווי אין אַק־בולאַק. אַ געמישטער עולם: קאַזאַכן, רוסן, אוקראַינער, ייִדן. די ייִדן, דערקענען מיר, זענען אַלע עוואַקויִרטע. עס פעלן נישט צום רומל אויך אונדזערע פּוילישע פּליטים מיט די „פּלעצאַקעס" אויף די פּלייצעס. מיט פאַרוואָקסענע פּנימער און הונגעריקע אויגן. מיר כאַפּן אַ שמועס מיט דעם, מיט יענעם. מיר ווערן פון זיי געוואָר, אַז אַנטקעגן באַזאַר איז אַ „סטאָלאָוואַיאַ". לאָזן מיר זיך אַהין. שווער זיך אַריינצובאַקומען. אַזוי פיל עולם. באַלאַגערט אַלע דורכגענג און טישן אינעווייניק. מ'שטייט איבערן קאַרק פון יעדן עסער און מ'וואַרט ער זאָל ענדיקן, כדי צו פאַרנעמען זיין אָרט. אָפּיציעל עסן דאָ נאָר די אַרבעטער פון די זאַלץ־גרובנס ביי דער שטאָט. יעדער אַרבעטער קומט מיט טאַלאָנען. אַז עס בלייבט נאָכדעם איבער, גיט די קיך אַרויס אויך זייטיקע, ווער עס קומט. שטייען טאַקע אַרום דער „סטאָלאָוואַיאַ" פיל הונגעריקע, מענער און פרויען, מיט קעסעלעך, טעפּעלעך און פּושקעס פון קאָנסערוון אין די הענט און מ'וואַרט. אולי ירחם, אפשר וועט עפּעס בלייבן נאָך די אַרבעטער.

היינט, רעדט מען אין די רעדלעך, גיט די קיך אַרויס אַ „פּערוואָיע" (ערשט געריכט) און אַ „וטאָראָיע" (צווייט געריכט): אויף „פּערוואָיע" — „גאַלושקעס", אַזעלכע מיני טונקעלע קניידלעך פון קאָרן־מעל און אויף „וטאָראָיע" — אַ הירזש־קאַשע.

— מ'זאָגט, — דערציילט אַ „דיעדושקאַ" ניסים אין רעדל וואַרטנדיק, — אַז די „גאַלושקעס" זענען היינט גאָר געדיכט.

— און די „פּשענאַ" איז געשמאַלצן מיט בוימאייל. — גיט צו אַן אַנדערער.

— אָבער ווי באַקומט מען עס?... — וואַרפט אַריין אַ דריטער.

עולם האָט געדולד און וואַרט.

ערשט ווען די אַרבעטער ליידיקן אָפּ די „סטאָלאָוואַיאַ", טוט זיך דער עולם אַ שפּאַר אַריין אינעווייניק און עס פאַרמירט זיך אַן „אָטשערעד" ביים קיך־פענצטערל. אויך מיר זענען נישט אָפּגעשטאַנען און פאַרנומען ערטער אין דער ריי. געווען טאַקע היינט אַ מזלדיקער טאָג. כמעט אַלע וואַרטנדיקע האָבן באַקומען „פּערוואָיע" — אַ פּאָרציע „גאַלושקעס". די „וטאָראָיע" איז שוין נישט געווען פאַר קיינעם. אויך גוט. מיר האָבן זיך ברייטלעך אַנידערגעזעצט ביי די לאַנגע טישן, וועלכע זענען נאָך געווען פאַרכליאַפּעט דורך די פריִערדיקע עסער, און האָבן זיך געקוויקט מיט די „גאַלושקעס". טאַקע פאַסטנע, מיט „נישט"; אָבער דער טייג האָט דאָך אָנגעפּולט דעם מאָגן; האָט דאָך געשטילט אַ ביסל דעם הונגער.

יאָ, דוכט, אַ גוט אָרט סאָל־אילעצק. עס געפעלט אונדז. אפשר... ווער ווייס... און דאָס מזל וועט אויך צו אונדז קומען?

פאַרנאַכט באַקענען מיר זיך מיט אַ פּאָר ייִדן־אַרבעטער פון די זאַלץ־גרובנס. טאַקע ייִדן פון פּוילן. אויך פּליטים. מיר דערציילן זיי, אַז מיר האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטאָן די נאַכט. נעמען זיי אונדז מיט צו זיך אין עפּעס אַ באַראַק, ווו זיי שלאָפן אויף פּריטשעס צוזאַמען מיט נאָך אַרבעטער פון די זאַלץ־שאַכטן.

— איר קאָנט דאָ נעכטיקן, — זאָגט מען אונדז. — קיינער וועט אייך נישט פרעגן. ס׳וועט הייסן, אַז אויך איר זענט אַרבעטער פון די שאַכטן.

— אפשר וואָלט זיך אויך פאַר אונדז דאָ געפונען אַרבעט? — פרעגן מיר די גאַסטגעבער.

— אַרבעט, פּאַזשאַלויסטאַ... מ׳וועט אייך נישט זשאַלעווען... ס׳איז אָבער אַ זייער שווערע אַרבעט און מ׳צאָלט ווייניק. עס קלעקט קוים אויף צו עסן דאָ אין „סטאָלאָוואַיאַ״. מ׳זעט קיינמאָל נישט קיין שטיקל פלייש פאַר די אויגן, קיין פּיצל פּוטער. נישטאָ דעריבער קיין כוחות צו אַזאַ פּראַצע. מיר טראַכטן טאַקע צו שלאָגן כפּרות אין־גיכן...

— מ׳מעג דען?

— ווער פרעגט זיי? מ׳ווערט האָזן און פאַרטיק. משה זוך מיך... נישקשה. רוסלאַנד איז געענוג גרויס.

— איז וואָס זשע זאָגט איר? — פרעג איך מיינע צוויי „שותפים״.

— נישט פאַר אונדז קיין עסק. — פּסקנט באַלד יאַנקעלע. — ווער האָט עס פאַר זיי כוחז...

טאַקע אין דער אמתן, פון וואַנען קאָן אַזאַ יאַנקעלע — אַזאַ קליין, דאַר נפשל, זיך אונטערנעמען אַרבעטן אין די שאַכטן און דערצו נאָך ביי אַזאַ קאַרגער און פאַסטנער דערנערונג?

דאָס זעלבע האָט סאָלאָמאָן געפּסקנט פאַר זיך — הגם ער איז דאָך געווען אַ ריז אין פאַרגלייך מיט זיין חבר. ער איז אָבער געווען פון פאַך אַ דאַמען־פריזירער, און פאַרבייטן די פּרויען־קעפּ אויף זאַלץ־גרובנס — דאָס איז שוין אַ צו שווערער שפרונג.

וואָס שייך מיר... אויך מיר איז שווער געווען צו פאַרבייטן די פּען אויף שאַכטן... דערצו נאָך נאָך מיין ביטערער לאַגער־דערפאַרונג. נאָך דער פינצטערער קאַטאַרגע... — אַזוי אַז פון די אויסזיכטן צו אַרבעטן אין די זאַלץ־גרובנס האָבן מיר אַלע דריי געמוזט רעזיגנירן.

— לאָמיר זוכן ווייטער! — זאָג איך מיינע „שותפים״. — אפשר וואַרט נאָך דאָ אויף אונדז אַ בעסער „גליק״...

האָבן מיר זיך אַ פּאָר טעג אומגעדרייט איבער סאָל־אילעצקער גאַסן, געזוכט

„מציאות" אויפֿן באַזאַר, — אַ מער, אַ בוריק, אַ קאָנסערווירטן טאָמאַט וכדומה, — און מיטאָג־צייט עפּעס געכאַפּט אין דער „סטאָלאָוואַיאַ".

אויפֿן דריטן טאָג האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז שוין... מיר האָבן שוין געפּאַקט דאָס אמתע „גליק"...

געווען איז עס אויפֿן באַזאַר. מיר זענען געשטאַנען זאַלבעדריט ערגעץ אָן אַ זייט און זיך צוגעקוקט צום יאַרידל. קומט צו צו אונדז אַ ייִד אין שטיוול און אין אַ וועלאָסיפּעד־היטל און פֿרעגט אונדז אין אַ רוסיפֿיצירטן ייִדיש:

— פּייליסע?

— יאָ, פּוילישע.

— איר אַרבעט ערגעץ?

— ניין, מיר זוכן אַרבעט.

— איך האָב פֿאַר אייך אַ גאָלדענעם „דאָלזשנאָסט'" (שטעלע). איך דאַרף האָבן צוויי מענטשן. נאָר אַזוי ווי איר זענט דריי, טאָ זאָל זיין דריי...

— אדרבה. וואָס איז עס פֿאַר אַן אַרבעט?

— אָט דאָ נישט ווייט, הינטער סאָל־אילעצק, אין אַ פֿערמע. איך בין דאָרט „זאַווכאָז".

— פֿאַזשאַלויסטאַ, טאָוואַרישטש זאַווכאָז. מיר זענען גרייט צו אַרבעטן. מיר זוכן דאָך אַרבעט. אָבער וואָס פֿאַר אַן אַרבעט איז פֿאַראַן אונדז פֿאַראַן אין דער פֿערמע?

— פּאַסטוכער. כ'דאַרף האָבן פּאַסטוכער פֿאַר דער סטאַדע. נישט קיין גרויסע סטאַדע. 60 בהמות.

מיר קוקן זיך איבער מיט פֿרעגנדיקע בליקן: „האַ, וואָס? אַ פּלאַן?"

יענער רעדט ווייטער:

— טראַכט נישט אַריין. כ'זאָג אייך, ס'איז אַ גרינגיטשקע אַרבעט. איר קאָנט אייך נעמען אַ בוך צום לייענען און דער „סקאָט" וועט שוין אַליין פּרעסן דאָס גראָז... מען דאַרף זיי נישט לייגן אין מויל אַריין... איר דאַרפֿט נאָר אָפּהיטן, אַז אַ בהמה זאָל נישט פֿאַרקריכן אויף אַ פֿעלד פֿון תבואה. פֿאַנימאַיעטיע? די תבואה איז דאָך „גאָסודאַרסטווענע"...

מיר קוקן זיך אַלץ איבער און פֿרעגן איינע ביי די אַנדערע אויף שטום־לשון: „האַ, וואָס זאָגט איר צום דאָזיקן גליק?..."

— זאָגט זשע, פּעטער, וואָס וועלן מיר באַקומען פֿאַר דער דאָזיקער אַרבעט?

— פֿרעגט לסוף סאָלאָמאָן.

— טשטאָ זנאַטשיט? (וואָס הייסט?) — ענטפֿערט דער „זאַווכאָז" — איר וועט דאָך זיין אויף אַן אמתער דאַטשע... איר וועט באַקומען אַן „אָבשטשעזשי־

טיע״ (קאָלעקטיווע דירה), אַלע טאָג 600 גראַם ברויט יעדערער. דערצו „פּערע־גאַן״ (אַדורכגעלאָזטע מילך דורך אַ צענטראַפּוגע) — סקאָלקאָ אוגאָדנאָ! (וויפל איר ווילט!).

— נו און אַ שטיקל קעז אויך? און אַ שטיקל פּוטער?... — פרעגט יאַנקעלע.

— הויב זיך אָן מיט די פּייליסעץ! — ווערט דער ייִד בייזלעך. — אַז מ׳גיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, 600 גראַם ברויט אַלע טאָג — איז זיי נאָך ווייניק. גיב זיי קעז, גיב זיי פּוטער... וואָס נאָך וועט איר וועלן? אפשר געבראָטענע טייבעלעך צום „אָביעד״?...

— וואָס שייך... אַז מ׳אַרבעט אין אַ פערמע... פעלט דען דאָרט קעז און פּוטער ?...

— דאָס איז דאָך „גאָסודאַרסטווענע״! — רופט אויס דער בייזלעכער ייִד. — דער „מאַסלאָפּראָם״ (פּוטער־אינדוסטריע־אַמט) שטעלט עס צו „גאָסודאַרסטוואָ״.

— און איך האָב געמיינט, — לאָזט נישט אָפּ יאַנקעלע, — אַז אַן אַרבעטער מעג זיך אויך פאַרגינען פאַר זיין אַרבעט צו עסן אַ שטיקל קעז, אַ פּיצל פּוטער... נישט נאָר דעם וואַסערדיקן „פּערעגאָן״...

— קאָק כאָטיטיע... (ווי איר ווילט...) — האַקט אָפּ דער „זאַווכאָז״ די דיס־קוסיע. — צו וואָס די אַלע „ראַזגאָוואָרן״. פאָלגט מיך, וואָס דאַרפט איר זיך אַרומוואַלגערן אויפן באַזאַר? קומט מיט מיר אין קאָנטאָר. כ׳וועל אייך אַרויסגעבן ברויט אויף דריי טעג און היידאַ — אין דער פערמע.

— ס׳איז ווייט פון דאַנען?

— קאָקאָיע ווייט! אַ צען קילאָמעטער פון שטאָט סך־הכל.

— לאָמיר גיין! — רופט אויס יאַנקעלע אַנטשלאָסן און שטעקט אונדז אויך אָן מיט זיין דעצידירטקייט.

— לאָמיר גיין !

מיר זענען אַוועק מיטן „זאַווכאָז״ פון דער פערמע. אויפן וועג זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען עפּעס אַ ביכער־מאַגאַזין. האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אינעווייניק אויף אַ ווייל און מיר „געפונדעוועט״ פאַר אַ פּאָר גראָשן אַ קליין ביכעלע משלים פון קלוגן „זיידע״ קרילאָוו. (עפּעס ניייערס נישט געפונען. אַלץ פּראָפּאַגאַנדע־ליטע־ראַטור). הייסט עס, אַז איך האָב שוין אין וועג אַריין אויך אַ ביסל גייסטיקע שפּייז. האָט דאָך דער „זאַווכאָז״ צוגעזאָגט, אַז מ׳וועט דאָרט אויפן פּאַשע־פעלד קאָנען ליגן און לייענען אַ בוך אַפילו...

אין קאָנטאָר האָט אונדז דער „זאַווכאָז״ פאַרשריבן אין אַ רשימה פון זיינע מיטאַרבעטער אין דער פערמע און אונדז געהייסן וואַרטן פאַרן הויז: אין אַ פּאָר שעה אַרום וועט דאָ זיין אַ פורל, וואָס וועט אונדז אַוועקפירן אין דער פערמע.

אין דער זיכערקייט, אַז לסוף האָב איך שוין אַ שטיקל מקום־מנוחה, אַ ציטווייליקן וווינאָרט בשכנות פון סאַל־אילעצק, — האָב איך נאָך פאַרן פאָרן באוויזן אָנצושרייבן אַ בריוול צו בערנאַרד זינגערן קיין קוּבּישעוו, אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע. זינגער האָט דאָך מיר אין גוזאַר געהייסן כ׳זאָל אים צושיקן מיין אַדרעס, כדי ער זאָל עפּעס קאָנען טאָן פאַר מיר. דער עיקר פון מיין בריוו איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער אַפּעל: „טוט אַלץ, איך זאָל קאָנען אַרויספאָרן מיט דער פּוילישער אַרמיי קיין איראַן... כ׳בין אָן אָן אויסוועג״...

ליתר תוקף האָב איך געבעטן אַדרעסירן צו מיר: „סאַל־אילעצק, פּאָסט־רעסטאַנט״.

עפּעס האָב איך נישט געהאַט קיין צו גרויסן צוטרוי נישט צום אַדרעס פון דער פערמע, נישט צום „זאַווכאָז״ מיט זיינע „גליקן״...

2

## די „אידיליע״ פון פּאַסטוכער...

דער „זאַווכאַז״ פון דער פערמע האָט געהאַלטן וואָרט: ער האָט אונדז מיט־געגעבן „צידה לדרך״ — ברויט אויף אַ פּאָר טעג. דאָס דאָרפּישע פורל, וואָס איז פון ערגעץ אָנגעקומען צו דער קאָנטאָר, האָט אונדז נאָך אַ קורצן אָפּרו אויפ־גענומען גאַסטפריינטלעך אין זיין ווייכן שטרוי און דער אָנטרייבער — אַ בלאָנדער שייגעץ פון דער פערמע, מיט ווילד־צעשויבערטע האָר און אַ באָרוויסער — האָט געגעבן דעם ערשטן שמיץ דאָס מאָגערע פערדל.

מיר פאָרן. מיר זענען אַלע דריי אין הייטערער שטימונג. עס פאַלן ביי אונדז וויצן — תליה־הומאָר! — וועגן דעם „דערהויבענעם״ פּאָסטן, וואָס מיר פאָרן איצט פאַרנעמען: פאָלקס־פּאַסטוכער פון אַ סאָוועטישער סטאַדע אין „גליקלעכן הימלאַנד״...

— און אפשר וועלן מיר ביי די „דאַיאַרקעס״ (מעלקערינס) פועלן מ׳זאָל אונדז נישט געבן קיין „פּערעגאָן״, נאָר טאַקע אמתע מילך? — פאַנטאַזירט יאַנקעלע.

— אדרבה, — האַלט אים אונטער סאַלאָמאָן, — וועסט די „דאַיאַרקעס״ זאָגן, אַז אין פּוילן ביסטו געווען אַ קאָמוניסט... אפשר וועט דאָס העלפן...

דאָס מאָגערע פערדל איז געווען זייער געדולדיק צו דער בייטש פונעם אָנטרייבער. עס איז נישט נתפעל געוואָרן פון די שמיץ. עס האָט אים פשוט

נישט געקלעקט קיין כוחות צו שלעפּן דעם וואָגן איבער דעם אויסגעקרימטן, צע־לעכערטן דאָרפישן וועג.

— מסתמא גיט מען דעם פערד „פּערעגאָן" אָנשטאָט האָבער... דעריבער האָט עס נישט קיין כוח... — וואַרפט אַריין יאַנקעלע.

— ס׳איז אַ „קל וחומר" פאַר די מענטשן אין דער פערמע... — קומט אַ דערגאַנצונג.

ווי עס איז, קורץ צי לאַנג — די צען קילאָמעטער זענען געבליבן פון הינטן און מיר זענען לסוף אָנגעקומען אין דער פערמע.

אַ קליין אָרעם כוטאָרל מיט עטלעכע קיביטקעס; אָבער מיט אַ זייער גרוי־סער אָבאָרע פאַר די בהמות.

די סטאַדע איז איצט נאָך אין פעלד. ס׳איז נאָך פאַר זון־אונטערגאַנג. מיר גייען דערווייל אַריין אין דער „אָבשטשעזשיטיע" — אַ פּשוטער גרויסער פינצ־טערער קעלער מיט אַ פּריטשע אינעווייניק. בלויז אַ קליין פענצטערל, — אַן שייבלעך, פאַרשטייט זיך — לאָזט אַריין אַ זייער קאַרג ביסל ליכטיקייט אינעווייניק.

פאַלן באַמערקונגען:

— אַ שיינעם „פּאַלאַץ" פאַר אונדז אָנגעגרייט!

— דאָ מוז זיין מסתמא אַ באַהעלטעניש פאַר אַ לופט־אָנגריף...

מיר פאַרנעמען ערטער אויף דער פּריטשע. יעדער לייגט אַוועק צוקאָפּנס זיין אָרעמען באַגאַזש. איך — מיין קעסטל, וואָס כ׳האָב געהאַט אָפּגענומען פון דער באַגאַזש־אָפּטיילונג אויפן וואָקזאַל. פון קעסטל האָב איך נישט ווייניק קלאָ־פּאָטן: אומעטום מוז איך עס איבערלאָזן אויפן וואָקזאַל אין דער „באַגאַזשנאַיאַ". דאָ מוז איך עס האַלטן צוקאָפּנס: איז דאָך דאָרט אַריינגעקוועטשט מיין גאַנצער „אוצר" — מיין פוטער פון גוזאַר. איך קלער נאָר איבער, צי איז עס נישט קיין ריזיקע איבערצולאָזן דעם פאַרמעג דאָ אין קעלער, בעת מיר וועלן אַוועקגיין מיט דער סטאַדע אין די סטעפּעס? כאָטש נעם מיט דעם פוטער אין טשעפּ אַריין.

מיר צעטיילן זיך מיטן ברויט. איטלעכער קנייפּט אָפּ אַ שטיקל און טוט דערווייל אַ נאַש.

— וואָס וועט זיין מיטן „אָביעד"? טרוקן ברויט וועלן מיר עסן?

— מ׳דאַרף גיין פרעגן. אפשר האָט מען פאַר אונדז אָנגעגרייט קאָטלעטן מיט געבראָטענע קאַרטאָפּעלעך?...

— אַ נו, פּרוווט אַ פרעג טאָן, אדרבה.

מיר זענען אַלע אַרויס אויפן הויף, האָבן זיך אַרומגעקוקט. אין איין קי־ביטקע, אין דער גרעסטער, איז דער מאַגאַזין פון דעם מילכוואַרג. מיר פאַרקוקן

אַהין. עס אַרבעטן דאָ עטלעכע ווייבער, וואָס פּאָרען זיך ביי פּעסלעך, לאַדישעס און בלעכענע קאַנען. מיר שטעלן זיך פּאַר זיי ווי די נייע פּאַסטוכער. די ווייבער קוקן אונדז אָן מיט איראָניע. זיי מעסטן אונדז אָפּ מיט די בליקן פון אויבן אַראָפּ. עס קומען אויספרעגענישן:

— ווער האָט אייך געשיקט אַהער?

— דער „זאַווכאָז״.

— ווער זענט איר עס? פון וואַנען?

— פון פוילן.

— אַזוי ווייט? איר האָט שוין אַמאָל געאַרבעט ווי פּאַסטוכער?

— מיר וועלן פּרוּוון.

די ווייבער האָבן געשמייכלט.

— זענען אין פּאָלשאַ אויך פאַראַן בהמות? — וויצלט זיך איינע.

— זעט אויס, אַז דאָ זענען פאַראַן מער בהמות... — כאַפּט זי אָן אָפּשניט פון יאַנקעלען.

לאַכט מען. לאַכן מיר און עס לאַכן די ווייבער.

— לאַדנאָ, — זאָגט איינע פון די אַרבעטאָרינס. — מאָרגן אין דער פרי נאָכן מעלקן זעט פאַרשלאָפט נישט צום אַרויסטרייבן דעם „סקאָט״ (בהמות).

לסוף גייען מיר אַרויס מיט לשון, אַז מיר זענען הונגעריק.

— איר האָט נישט באַקומען קיין ברויט?

— ברויט האָבן מיר באַקומען פון „זאַווכאָז״; אָבער מיר וואָלטן געוואָלט „אָביעד״...

— „אביעד״? דער „אביעד״ קאָכט זיך נאָך. דאָס פלייש איז נאָך האַרט... — וויצלט זיך די זעלביקע ערלטע.

— גיב זיי, מאַרוסיאַ, אַ ביסל „פּערעגאָן״. — רופט זיך אָפּ אַן אַנדערע.

— ברענגט אייערע „קאָטיאָלקעס״! — זאָגט די וויצלערקע.

— אַזוי זעט עס דאָ אויס. — באַמערקט סאָלאָמאָן. — אַז מ׳רעדט וועגן מיטאָג, קלינגט עס פאַר זיי ווי אַ וויץ...

מיר האָבן געבראַכט אונדזערע קעסעלעך. מ׳האָט אונדז נישט געזשאַלעוועט און אָנגעגאָסן כמעט פולע. די ווייסע פליסיקייט האָט אונדז לכתחילה גערייצט: מילך! מילך!

— וואָט וואָם אביעד! (אָט האָט איר אייך מיטאָג), — האָט מאַרוסיאַ אַק־צענטירט.

— אַ דאַנק, גראַזשדאַנקאַ!

מיר זענען אַריין אין קעלער און זיך גענומען צום „מיטאָג״. ס׳איז באַלד געקומען די גרויסע אַנטוישונג.

— וואַסערדיק! פּשוט וואַסער. אַפילו קיין שום טעם נישט פון מילך.

— וואָס זשע ווילט איר? „פּערעגאָן״.

מיר האָבן געזופט און זיך געקרימט.

— האַ, וואָס זאָגט איר דערצו? — זאָגט יאַנקעלע, — אַפילו אַרבעטער פון אַ פערמע זאָלן נישט באַקומען קיין ביסל ריין מילך?

— זאָרגט נישט פאַר די מאַרוסיעס. פאַר זיך אַליין נעמען זיי זיכער אמתע מילך... — ענטפערט אים סאָלאָמאָן. — אַגב, איר רעדט נאָך? איר זענט דאָך געווען אַ מאָסקווער „חסיד״. ווי האָט איר געדרשנט אין לעמבערג, האַ? שוין פאַרגעסן?

— פון דער ווייטנס גלאַנצט אַלץ. איצט זעט מען טאַקע, אַז נישט אַלץ איז גאָלד, וואָס עס גלאַנצט...

פאַרנאַכט, נאָך זון־אונטערגאַנג, איז אין דער פערמע געוואָרן אַ באַוועגונג. די סטאַדע האָט זיך צוריקגעקערט פון סטעפּ. די בהמות האָבן געמוקעט, מעלה־גירהט פון זאַטקייט. דער גאַנצער פּערסאָנאַל ווייבער — די מעלקערינס — האָט זיי „מקבל־פּנים״ געווען און געהאָלפן אַריינטרייבן אין אָבאָרע. מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו דער סצענע — דערווייל נאָך ווי זייטיקע. פון מאָרגן אָן וועלן מיר אויך זיין באַטייליקט אין דער דאָזיקער אַרבעט.

איינע אַ שיקסע מיט אַ לאַנגן שטעקן אין האַנט — אפּנים די פּאַסטוכין — איז אַריין אין קעלער. מיר נאָך איר. מיר פאַרבינדן מיט איר אַ שמועס, פרעגן זי אויס. זי דערציילט אונדז, אַז זי איז געווען איינע אַליין ביי אַזאַ סטאַדע. ס׳איז איר זייער שווער געווען זיך אַן עצה צו געבן; אָבער מאָרגן גייט זי שוין אַוועק צו אירע עלטערן אין שטאָט, ווו זי באַקומט אַן אַנדער אַרבעט.

— ווי גוט, וואָס איר זענט מיך געקומען פאַרבייטן! — רופט זי אויס אַ צופרידענע מיט אונדזער קומען.

— וואָס האָט איר דאָ באַקומען צו עסן? — פרעגן מיר זי.

— וואָס עס האָט זיך געמאַכט. — ענטפערט זי מיט אַ שמייכל. — 600 גראַם ברויט באַקומט מען דאָך אַלע טאָג. און אין שפּייכלער ביי די מעלקערינס קריגט מען „פּערעגאָן״, אַמאָל אויך אַ שטיקל קעז. אַז קיינער זעט נישט...

— דאָס גאָר?

— טאַקע ווייניק. מ׳עסט זיך נישט איבער. אָבער טשטאָ סדיעלאַט׳? (וואָס קאָן מען טאָן?).

אין קעלער איז געוואָרן גוט פינצטער. נישטאָ אַפילו קיין „קורניקל" אָנצו־צינדן. די שיקסע איז אַרויס און איז שפּעטער אַ ביסל צוריקגעקומען.

— גראַזשדאַנקאַ! איר האָט באַקומען אַ גוטן „אוזשין" נאָך אַ טאָג אַרבעט?

— שיקט צו איר אַ פראַגע יאַנקעלע.

— געמיינט, כ'וועל קריגן אַ שטיקל קעז. אָבער נישט שטענדיק איז זי גוט, די מאַרוסיאַ. ווי עס פעלט איר איין.

— נו און „פּערעגאָן"?

— „פּערעגאָן" זשאַלעוועט מען אייך נישט. אָבער איך וויל איצט עסן, נישט זיך אָנטרינקען מיטן וואַסער.

— ווי אַן אַרבעטער לעבט דאָ... האָ, יאַנקעלע? דיין „סאָציאַליסטיש" לאַנד!

— עס איז איצט מיינע אַזוי ווי דיינע... כ'גיב עס דיר אַוועק.

די פּאַסטוכין האָט זיך איינגעאָרדנט מיט איר ביסל שמאַטעס אין אַ ווינקל פון קעלער. אויף דער פּריטשע, וווּ מיר זענען געלעגן, האָט זי נישט געוואָלט זיך לייגן. מיר איז עס דווקא געפעלן געוואָרן. איך פּראָוואָציר זי מיט אַ פראַגע:

— גראַזשדאַנקאַ, איר שלאָפט דאָ שטענדיק אויף דער ערד?

— שטענדיק שלאָף איך אויף דער נאַרע, אָבער היינט... ס'איז מיר דאָ אויך באַקוועם.

— פאַראַן נאָך אַזוי פיל אָרט אויף דער פּריטשע... — מישט זיך אַריין יאַנקעלע.

קיין ענטפער איז שוין נישט געקומען. די פינצטערניש איז געוואָרן נאָך מער געדיכט און בלינד. דאָס פּיטשינקע קעלער־פענצטערל האָט זיך אויך פאַר־מאַכט, ווי אַן אויג, צום שלאָפן.

— יידן, זאָגט „המפּיל" און לאָמיר שלאָפן, — רופט זיך אָפּ סאָלאָמאָן. — מ'דאַרף דאָך מאָרגן אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט.

ס'איז לחלוטין שטום געוואָרן אינעם פינצטערן קעלער ווי אין אַ קבר. איז מען טאַקע אָפּגעשלאָפן בנשימה אחת ביז אין דער פרי.

— העי, גראַזשדאַניע!

דאָס האָט די שיקסע גערופן. מיר האָבן זיך אויפגעריסן פון האַרטן שלאָף. דאָס פענצטערל האָט שוין דורכגעלאָזט אַ ביסל ליכטיקייט פון טאָג.

— איך גיי שוין איצט אין וועג אַריין, — זאָגט זי, — און איר דאַרפט שוין אויך אַרויסגיין צום „סקאָט". ס'איז שוין מסתמא נאָכן מעלקן. זוכט אייך אויס לאַנגע שטעקנס. איין שטעקן — מיינעם — קאָן איך אייך אַוועקשענקען.

כ'בין דער ערשטער אַראָפּ פון דער פּריטשע און גענומען פון איר די „מתנה".

— „צום אייביקן אָנדענקען"... — שפּאַס איך, נעמענדיק פון איר דעם שטעקן.

מיר זענען אַלע אַרויס פון קעלער. אַ פּאָר מעלקערינס האָבן אונדז געהאָלפן אַרויסטרייבן די בהמות פון דער אָבאָרע. איינע פון זיי איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען אַ שטיקל וועג און געוויזן אין וועלכער ריכטונג, אויף וועלכן סטעפּ אַרויפצוקומען מיטן „סקאָט".

— קערט זיך אום מיטן זון־פאַרגאַנג, געדענקט, נישט לאָזן די בהמות אויף די תבואה־פעלדער! — האָט זי אונדז געוואָרנט און זיך אומגעקערט.

מיר זענען געבליבן אַליין מיט אונדזער מחנה — מיט די זעכציק „גסות"... פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב נישט פאַרגעסן מיטצונעמען מיט זיך קרילאָוון. עס קומט דאָך באַלד די צוגעזאָגטע „אידיליע"...

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער „שפּאַציר". די סטעפּעס זענען ברייטע, גרויסע, אומענדלעכע. דאָ און דאָרט שניידן זיך אַריין אין זיי תבואה־פעלדער. לחלוטין אָן צוימען. מיר זענען שוין, דאַכט זיך, אויף אַ פּעטן פעלד, מיט אַ סך געדיכטן גראָז; אָבער די בהמות שטייען נאָך נישט איין אויף אַן אָרט. זיי פרעסן דאָס גראָז און באַוועגן זיך, פרעסן און באַוועגן זיך ווייטער מיט אַראָפּגעבויגענע קעפּ. אַזוי כסדר. וואָלט נאָך גוט געווען, ווען זיי באַגנוגענען זיך בלויז מיטן גראָז. קריכן זיי אָבער אַלע ווילע צו די תבואה־פעלדער און פאַרשיידענע אַנדערע זריעות. שרייט יאַנקעלע צו מיר:

— העי, איר זעט?

שריי איך צו זיי ביידן:

— פּאַזשאַר! ראַטעוועט!...

ווערט אַ געלויף, אַ געיעג נאָך די נישט־געהאַרכזאַמע קי, וואָס קריכן ווו מ'דאַרף נישט. מקל'ט מען זיי מיט די לאַנגע שטעקנס, טרייבט מען זיי, יאָגט מען זיי צוריק צום גראָז־פעלד. זענען זיי דאָך נישט קיין „בת־יחידהס"... ווי נאָר מ'האָט אַרויסגעטריבן פון די תבואות די ערשטע עטלעכע קי, וואַקסן באַלד אויס אַנדערע פיר פון אַן אַנדער זייט אין די זריעות. גייט ווידער אָן דאָס לויפעניש, דאָס יאָגעניש. אַזוי גאָר אָן אויפהער. עס העלפן נישט די קולות, די שטעקנס... מיר זענען שוין מיד און מאַט. נישט קיין לייכטע אַרבעט אַרומצויאָגן זיך כסדר איבער צעאַקערטע זריעה־פעלדער. הייגט ווו איז די מנוחה? די „אידיליע"?... קרילאָוו וואַרט אַלץ ביי מיר אין קעשענע...

אין מיטן האָט זיך די זון גאָר צעברענט אין אָפענעם סטעפּ. ס'איז שוין געווען אַרום סוף יוני. פייער שיט זיך אויף מיין נאַקעטן קאָפּ. אָפּצורוען זיך איז נישט געווען ווען. קיין שאָטן איז אויך נישט געווען. די סטעפּעס ציִען זיך גאָר אָן אַ ביימל, אָן אַ גרעסערן קוסט. פלאַכע, נאַקעטע סטעפּעס.

וואָלטן זיך די בהמות אָפּגעשטעלט אַ ביסל, וואָלטן זיי געפרעסן שטייענדיק

— ס׳איז דאָך דאָ אַזאַ פעטע פּאַשע, — וואָלט מען געקאָנט אַ ווייל זיך אויסציִען אין זייער שאָטן אויף דער ערד. אָבער פּונקט ווי בייזע רוחות וואָלטן זיי כּסדר פאַרפאָלגט און געיאָגט.

אין סאַמע ברענעניש פון טאָג זענען די בהמות דערקראָכן ביז אַ טייך — אַ היפּשער טייך. דאָס איז דער אילעק, וואָס גיסט זיך אַריין אין אוראַל. די בהמות זענען אַליין אַוועק אין יענער ריכטונג. אפנים, נישט מיר פירן די קי, נאָר די קי פירן אונדז... זיי וויסן שוין אַליין ווען און וווּ צו כאַפּן אַ טרונק אין דער ברע־נעניש פון דער זון. די גאַנצע מחנה צעשפּרייט זיך איבערן ברעג טייך און נעמט זיך צום זשליאָקען. זיי קאָנען זיך גאָרנישט אָפּרייסן פון וואַסער. זיי זענען געשטאַנען ווי צוגעשמידטע צום אָרט און געטרונקען מיט הפסקות. יאָ, דאָ זענען זיי גע־שטאַנען, די בהמות; נישט אַזוי ווי אויף דער יבשה... דאָס זענען געווען די איינ־ציקע מינוטן, ווען מיר האָבן געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם. דער דורשט האָט אויך אונדז געגנוג אויסגעמאַטערט. אָבער קיין אַנדער וואַסער האָבן מיר נישט געהאַט. האָבן מיר, אַ ביסל אָן אַ זייט, אויך געמוזט קניִען ביים טייך און געלאָשן מיט הויפּנס וואַסער די שרפה אין די אינגעווייִדן. נאָכן אָנטרינקען זיך האָבן מיר גע־וואַשן די פאַרשוויצטע קעפּ און זיך אַ ביסל דערכאַפּט און אָפּגעקילט.

מיר קוקן אָן איינע די אַנדערע און ציִען אָפּ דעם אָטעם שוין אַ ביסל פרייער, גרינגער. מ׳טוישט זיך מיט אַ פּאָר פראַזן:

— האָ, וואָס זאָגט איר צו זייערע „גליקן״?...

— ניין, רבותי, דער פּאָסטן איז נישט פאַר אונדז...

— ווי ער האָט עס אַ ביסל שיין געדרשנט, דער „זאַווכאָז״! „אָבשטשעזשי־טיע״... עסן און טרינקען... ווי געפּעלט אייך עפּעס דער מויזן־קעלער?... צי דער „פּערעגאָן״?... שיינע קעסט. כ׳לעבן...

— ווי האָט ער געזאָגט? „דער סקאָט וועט זיך פּאַשען און איר וועט ליגן אויפן גראָז און זיך קאָנען לייענען אַ בוך״... שיין זעען מיר אויס, האַ?

— נאָך מאָרגן שלאָגן מיר כּפּרות מיט דער פּערמע... מוחל זייערע „גליקן״...

אָנגעזשליאָקעט זיך, האָבן די בהמות אַליין גענומען אַרויסקריכן פון וואַסער. יעדער פון אונדז וואָלט געוואָלט, אַז הלוואי וואָלטן זיי בעסער אַ גאַנצן טאָג אַזוי געשטאַנען אין טייך.

עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער „מאַרש״ פון „סקאָט״. ווידער געפּרעסן גראָז און דווקא קריכנדיק, באַוועגנדיק זיך איבער די סטעפּעס. און ווי פריִער — דער געיעג איבער די תּבואה־פעלדער.

— אין אייער מאַמעס מאַמען אַריין! — בייזערט זיך יאַנקעלע אין געיעג

נאָך אַ „פרה אדומה“, און איך ווייס נישט וועמען ער האָט געזידלט: די רויטע קו, אָדער ער האָט געמיינט עמיצן אַנדערש?...

די זון איז שוין געשטאַנען אין סאַמע מיטן הימל און האָט ממש געשטאָכן אין קאָפּ. כ׳האָב געמאַכט פיר קניפּלעך אין אַלע עקן פון מיין נאָז־טיכל, אויסגע־קאָמבינירט אַזאַ מין מיצל און אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ. מיינע חברים־פּאַסטוכער האָבן מיר נאָכגעטאָן. קיין כוחות צו יאָגן זיך נאָך די בהמות האָב איך שוין נישט געהאַט. כ׳האָב מיך דערשפּירט געוואַלדיק אויסגעשעפּט. מיין גאָט, אַ ביסל שאָטן אַ פּאַל צו טאָן! אָבער מעשה־שטן, דער סטעפּ איז נאַקעט.

— העי, יאָגט אַרויס יענע בהמה פון ווייץ! — שרייט צו מיר סאַלאָמאָן פון דער וויטנס.

ער מיט יאַנקעלען האָבן זיך גענומען יאָגן נאָך אַן אַנדער קו אין אַן אַנדער ריכטונג.

איך פּרוּוו אָנשטרענגען די לעצטע כוחות; אָבער עס גייט נישט.

— איך קאָן נישט. — ענטפער איך אַ פאַרחלשטער. — איך מוז אַ ביסל כאַפּן דעם אָטעם.

אָפּגערוט זיך אַ ביסל, האָב איך גענומען ווייטער דערפילן מיינע פליכטן. געיאָגט זיך ווייטער נאָך די בהמות און פון זיך שיער נישט די נשמה אַרויס־געיאָגט.

— וואָס וועט זיין מיט „אביעד“? כ׳בין שוין הונגעריק ווי אַ וואָלף — וואַרפט מיר אַריין סאַלאָמאָן, פאַרבייגייענדיק.

עס איז צוגעקומען צו מיר אויך יאַנקעלע מיט דער זעלבער טענה:

— וואָס, קיין „אביעד“ קומט אונדז נישט?...

— ווי אַזוי קאָנען מיר אַוועקגיין פון דער סטאַדע?

— אַזוי? נאָר דאָס איז די סיבה?...

מיר האָבן זיך אַזוי אָפּגעמוטשעט אַ גאַנצן טאָג. ס׳איז נישט געווען קיין זומער־טאָג, וואָס צערטלט מיט זון, וואָס פאַרשיכורט מיט דופטן פון פעלדער און לאָנקעס, מיטן רוישן פון אַ טייך — ס׳איז געווען פאַר אונדז אַ טאָג פון עק־זעקוציע.

מיט יעדער מינוט איז אונדז ענגער געוואָרן, איז שווערער געוואָרן דאָס מאַטערניש, די פּיין. דאָס כסדרדיקע יאָגן זיך נאָך די קי האָט אַרויסגענומען די לעצטע כוחות.

פאַרוואָס פאַרגייט נאָך נישט די זון? ווער דאַרף זי?...

ערשט נאָך אַ לאַנג, לאַנג פּלאָגעניש פון היץ, שווייס, הונגער און דערשעפּונג האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט: די זון האָט זיך לסוף אַראָפּגעלאָזט נידעריקער

און אויפגעהערט צו בראָטן. מיר האָבן גענומען טרייבן די בהמות צוריק צו דער פערמע. ס׳איז געווען אַ היפּשער מהלך, און פּונקט מיטן זון־פאַרגאַנג איז דער „סקאָט״ שוין געווען אין אָבאָרע.

— מיר זענען הונגעריק! — מעלדן מיר זיך צו דער עלטסטער פון די אַרבעטאָרינס אין דער פערמע.

— ברענגט די „קאָטיאָלקעס״.

מ׳האָט אונדז ווידער אָנגעגאָסן קעסעלעך „פּערעגאָן״.

— דאָס גאָר? נאָך אַזאַ טאָג אַרבעט?

— גייט אין „סטאָלאָוואַיאַ״, וועט איר האָבן „אָביעד״...

— ווו איז די „סטאָלאָוואַיאַ״? -- פרעגט סאָלאָמאָן.

— אין סאָל־אילעצק... — ענטפערט זי.

— און אין דער פערמע איז גאָר נישטאָ וואָס צו עסן פאַר די אַרבעטער? פאַראַן דאָך קעז, פּוטער...

— וואָס נאָך וועט זיך אייך ווען?... — ענטפערט זי מיט חוזק.

— וואָס הייסט?

— וואַרט, רעביאַטאַ! — איז זי געוואָרן נאָכגיביקער.

זי האָט זיך גענומען פאַרען ביי עפּעס אַ ריזיקן טאָפּ און אַרויסגענומען מיט אַ הילצערנעם לעפל טונקעלן צוואָרעך און עס אַריינגעוואָרפן יעדן אין זיין קעסעלע.

מיר זענען אַריין אין קעלער מיטן „אָביעד״. די איינציקע מעלה פון „פּערעגאָן״ איז געווען די, וואָס ער איז געווען קיל. די כמו־מילך איז געווען וואַסערדיק, מאָגער און דער צוואָרעך, צעפּאַלן אין דעם „פּערעגאָן״, איז געווען ביטערלעך־זויער און שאַרף. דער צוואָרעך איז נישט געמאַכט געוואָרן פון זויערמילך, נאָר פון „מאָשלאַנקע״ — פון דער פליסיקייט, וואָס באַקומט זיך אין דער „צענטראָ־פוגע״ נאָכן אויפשלאָגן פּוטער. אַזאַ צוואָרעך איז שוין אָן זיסקייט, אָן פעטס. עס גיט גאָרנישט און האָט נישט קיין ייִדישן טעם.

עפּעס בעסערס איז דאָך נישט געווען — האָבן מיר מיטן רעשט ברויט פון נעכטן געפּראַוועט דעם כמו־„אָביעד״ פון כמו־קעז און כמו־מילך...

אין אָוונט, נאָכן אויסרוען זיך אויף דער פרישער, זענען מיר געגאַנגען מעלדן דער עלטסטער פון די ווייבער — דער „סטאַרשאַיאַ דאָיאַרקאַ״ (עלטסטע מעלקערין) — אַז מאָרגן גייען מיר אַוועק אַהין, פון וואַנען מיר זענען געקומען. אַז זי זאָל אַרויסשיקן מיטן „סקאָט״ אַנדערע פּאַסטוכער.

— וואָס? עס געפעלט אייך נישט די אַרבעט?

— מיר זענען נישט געוווינט דערצו.

— וואָט טיעביע נאַ! גערא?!... (אָט האָסטו דיר! העלדן!).

— מיר קאָנען נישט. מיר גייען אַוועק.

— אָבער מאָרגן מוזט איר נאָך בלייבן. מיר וועלן צוויסן געבן דעם „זאַווי־כאָז", וועט ער אונדז שיקן עמיצן אַנדערש. וואָס זשע האָט איר פּאַרדרייט אַ קאָפּ? ווען נישט איר, וואָלט מען דאָך די פּריַערדיקע פּאַסטושקע נישט אָפּגעלאָזן. וואָט טיעביע גערא?!...

בלית ברירה האָבן מיר געמוזט מסכּים זיין אויף נאָך אַ טאָג עקזעקוציע. גלייך שלאָגן כּפּרות האָבן מיר מורא געהאַט. מיר זענען דאָך נישט אין פּוילן...

— פאַרפאַלן. מיר זענען אין פּעקל.

ביינאַכט אויף דער פּריטשע האָט יאַנקעלע — דער געוועזענער קאָמוניסט פון פּוילן — נישט אויפגעהערט צו שיטן פּעך און שוועבל אויף דער סאָוועטישער אָרדענונג. סטייטש און סטייטש? ווו, אין וועלכן לאַנד איז עס געהערט געוואָרן, אַז מ׳זאָל אַזוי באַהאַנדלען אַרבעטער? אַז ביי אַזאַ פּראַצע זאָל מען מוזן הונגערן?

— איר זאָלט עסריידן? כ׳גלויב נישט מיינע אויערן... — פרעגט סאָלאָמאָן זיין לעמבערגער לאַנדסמאַן.

— אין פּוילן האָב איך גאַנץ אַנדערש געטראַכט וועגן רוסישן קאָמוניזם...

— פאַרענטפערט זיך יאַנקעלע.

און אין אַ ווײַלע אַרום איז זיך יאַנקעלע ווי מתוודה:

— יאָ, כ׳האָב גאָר אַנדערש געטראַכט, בעת כ׳בין געווען אין לעמבערג אַן אַקטיווער קאָמוניסט. דעריבער טאַקע, בעת די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין לעמבערג, האָב איך זיי אין די ערשטע טעג געהאָלפן מאַכן „אָרדענונג" אין שטאָט... איך אַליין — דערציילט ער ווייטער — בין צוזאַמען מיט אַ באָלשעוויסטישן קאָמיסאַר צוגעגאַנגען צו איינעם אַ פּוילישן אָפיציר — אַגב, נישט קיין קליינער אַנטיסעמיט — און האָב אים אַראָפּגעריסן די פּאַגאָנעס.

פון דער רגע אָן בין איך שוין געווען פּאָרזיכטיק מיט אַ וואָרט... גלייכער אַזוי... זאָל יאַנקעלע אַליין ריידן וואָס ער וויל. נישט איך. ווער ווייס וואָס אין אים שטעקט. בלויז סאָלאָמאָן האָט אים אַלץ געצויגן פאַר דער צונג און יענער האָט זיך צעדרשנט. ער האָט גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. זיינע ווערטער און תּרעומות האָבן כּסדר זיך געשאָטן אין דעם חושך פון קעלער.

צומאָרגנס — ווידער דאָס זעלבע וואָס נעכטן. די זעלבע יאָגעניש און פּלאָ־געניש אַרום „סקאָט" אין דער ברענעניש פון דער זון. דערצו נאָך מיט הונגעריקע מאָגנס אין אַזאַ לאַנגן יוני־טאָג.

אברהם זאַק

אין אָוונט ביים נעמען אונדזער „אָביעד״ — דעם „פערעגאָן״ מיט דעם טונקעלן ביטערלעך־זויערן צוואָרעך — האָבן מיר מיט דער עלטסטער פון די ווייבער שוין גאָרנישט גערעדט און גאָרנישט געפרעגט. גענוג, אַז מיר האָבן איר נעכטן געזאָגט וואָס מיר האָבן געהאַט צו זאָגן. באַגינען, ווי נאָר דאָס קעלער־פענצטערל האָט אָנגעהויבן גרויער צו ווערן, זענען מיר אַראָפּ פון דער פּריטשע און בחפזון, ווי גנבים, זיך אַרויסגעשלייכט פון דער פערמע. צוגעבונדן מיט אַ שטריקל מיין קעסטל צו די פּלייצעס, האָב איך אויסגעזען ווי אַן איין־האָרביקער קעמל. מיר האָבן געשפּרייזט צופוס איבערן זעלבן וועג, אויף וועלכן מיר זענען מיט צוויי טעג צוריק געפאָרן אין אַ וואָגן. מיר האָבן געשפּאַנט שנעל, שנעל, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו, גלייך ווי מיר וואָלטן עס געלאָפן פון סדום...

— ברוך שפטרני, רבונו של עולם! — רופט אויס יאַנקעלע, קוקנדיק אויף מיר מיט זיינע כיטרע אויגעלעך.

האָבן זיך געשאָטן באַמערקונגען:

— אויס פּאַסטוכער...

— אויס כלה — ווידער מויד...

— מ׳האָט זיי אין דר׳ערד מיט זייערע פּאַסטנס!

מיר האָבן געשפּאַנט נאָך אין דער קילקייט פון פרימאָרגן, איידער די זון צעגליט זיך.

אין דער ווייטנס האָבן מיר שוין דערזען דעם זאַלץ־באַרג, דעם טורעם פון דער געוועזענער צערקווע און די גרויסע הויכע געביידע פון דער באַרימטער תפיסה פון סאַל־אילעצק.

— איר זעט דאָרטן? — ווייז איך צו דער תפיסה, וואָס קוקט פון דער ווייטנס מיט די פּילצאַליקע בלעכענע דאַשקעס איבער די פענצטער, כדי דאָרט צו פאַרשטעלן דעם שיין פון טאָג אין די צעלן — איר זעט? זאָל אונדזער אַנט־לויפן כאַטש אָפּגיין גלאַטיק. לאָמיר כאָטש נישט ווערן קיין „פּענסיאָנערן״ פון יענער תפיסה...

— נאָר דאָס פעלט אונדז איצט! — באַמערקט סאַלאָמאָן.

— מ׳האָט זיי אין דר׳ערד! — רופט זיך אָפּ יאַנקעלע מיט זיין טריוויאַלן שטייגער.

עס זענען אונטערגעקומען די ברייטע, הינטערשטאָטישע נישט־ברוקירטע גאַסן פון סאַל־אילעצק.

# 3

# מיר נעמען זאַלץ־בעדער...

איבערגעגעבן מיין קעסטל מיטן פוטער אינעווייניק אין דער „באַגאַזשנאַיאַ" אויפן וואָקזאַל, בין איך שוין ווידער אַ פרייער פויגל און קאָן שוין אַרומבלאָנקען אומגעשטערט מיט מיינע צוויי „שותפים" איבער סאָל־אילעצקער גאַסן.

אין דער אמתן האָב איך שוין בדעה געהאַט צו שיידן זיך מיט זיי: דער קליינינקער יאַנקעלע איז פאַר מיר געווען אַ ביסל אַ טונקעלער פאַרשוין און דער לאַנגער סאָלאָמאָן — ער האָט סתם אַרויסגעוויזן צו אָפט גראָבקייטן. אָבער היות ווי כ'האָב נאָך קיין אַנדערע „שותפים" נישט געפונען, מוז איך נאָך דערווייל זיך האַלטן מיט זיי; אַליין איז דאָך שווער אויסצוקומען אין דער וואַנדערונג.

מיר זענען ווידער אַריין אין דער „אָבשטשעזשיטיע", וווּ עס נעכטיקן די פוילישע, וואָס אַרבעטן אין די זאַלץ־גרובנס; געטראָפן זיך דאָרט מיט היימישע פוילישע ייִדן און — די זאַך איז אָוועק אויף אַ דרך: מיר וועלן קאָנען ווייטער דאָרט נעכטיקן, אַנגייענדיק ווי אַרבעטער פון די זאַלץ־גרובנס. קיין שום קאָנטראָל איז דאָרט נישטאָ. מענטשן קומען אַהין אַריין ווי אין אַ קרעטשמע. באַזאָרגט מיט נאַכט־לעגער, האָבן מיר דערווייל צייט צו זוכן אַנדערע „גליקן". אפשר וועט זיך מאַכן אַ פּאַסיקע אַרבעט אין שטאָט גופא, צי אויף אַרויסצופאָרן ערגעץ אין דער סביבה.

דרייען מיר זיך איבער די לאַנגע צעצויגענע גאַסן; קומען אויפן באַזאַר, פרעגן נאָך בײַ דעם און בײַ יענעם. וואָס נענטער צו טשקאַלאָוו זענען די קאַזאַכן שוין ווינציקער. רעדט מען אויפן באַזאַר מער רוסיש אָדער אוקראַיִניש. איז אונדז לייכטער זיך צו פאַרשטענדיקן מיט מענטשן, זיך אויסטענהן. דינגט מען זיך אויס און מ'קויפט עפּעס פון גרינגוואַרג צום קייען. אויפן באַזאַר קוקן מיר זיך אַלץ אַרום: צי ווייזט זיך נישט אַמאָל דער „זאַווכאָז" פון דער פערמע?

מיטאָג־צייט וואַרטן מיר ווידער צווישן עולם בײַ דער „סטאָלאָוואַיאַ", וואָס אַנטקעגן באַזאַר: אפשר וועט עפּעס נאָך בלייבן פאַר אונדז? מיר טרעפן זיך דאָ ווידער מיט די פאַרפראַצעוועטע מענטשן פון די זאַלץ־גרובנס און אַלעבאַסטער־זאַוואָד. זיי קומען אַהער מידע, אויסגעשעפּטע, אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, און קערן זיך אום אויך נישט קיין זאַטע פון דער „סטאָלאָוואַיאַ".

בלאָנקענדיק איבער דער שטאָט, אין דער ריכטונג צו די זאַלץ־בערג, זענען מיר צוגעקומען צו אַן אָזיערע, וואָס איז געלעגן אין אַ באַסיין צווישן בערגלעך.

נישט זייער קיין גרויסע אָזיערע. אויף די ברעגעס אַרום דער אָזיערע זענען געלעגן צעזייט אַ ביסל מענטשן. דאָס רוב עלטערע, טייל באַבערדיקטע. אויפן וואַסער זענען אומגעשווומען לחלוטין נאַקעטע, אָן באַד־קאָסטיומען. בלויז מאַנס־בילן. דאָס איז נישט מחמת צניעות, נאָר פשוט, ווייל אַז עס באָדן זיך מענער און פרויען, מוז מען דאָך שוין טראָגן באַד־קאָסטיומען. און ווער האָט עס דאָ אַזאַ לוקסוסדיקן „מלבוש"?...

מיר קריכן אַראָפּ אונטן צום סאַמע וואַסער און מיר ווערן געוואָר, אַז דאָס איז אַ געזאַלצענע אָזיערע. די אַלע שטאָטישע מענטשן דאָ זענען געקומען היילן זייער רעוומאַטיזם אין היילבאַרן וואַסער.

איך כאַפּ אַ שמועס מיט אַ באַיאָרטן, באַבערדיקטן נאַקעטן מענטשן אויפן ברעג און יענער אינפאָרמירט מיך: סאָל־אילעצק האָט אין אַמאָליקע צייטן גע־גאָלטן אין רוסלאַנד פאַר אַ באַקאַנטן קוראָרט, ווהין מ׳פלעגט קומען פון ווייטע שטעט זיך קורירן. דאָס וואַסער פון אָזיערע איז זייער שטאַרק און וווירקזאַם קעגן רעוומאַטיזם. איצט איז אַלץ דאָ פאַרלאָזן, דער ברעג אַרום פאַרשמוצט, פאַר־חזירט. דאָ און דאָרט — בהמהישע און אויך מענטשישע צואה. שווער צו געפינען אַ ריין אָרט, ווו די מלבושים אַנידערצולייגן. אין איין אָרט, האָרט ביים וואַסער, איז געווען אַמאָל אַ קורהויז, מיט אַ סאַלאָן, מיט אַ רעסטאָראַן — ווי ביי לייטן, ווי אין אייראָפּע. איצט זעט מען דאָ אַ חורבה מיט אַ צעריסענעם דאַך און אָן פענצטער.

כ׳בין נישט פויל געווען אַהין צוצוגיין און אַריינקוקן. אָבער די פּאָדלאָגעס זענען אויך געווען פאַרחזירט ווי אין אַ בית־הכסא.

„או נאַס אָטשען קולטורנאָ"... (ביי אונדז איז זייער קולטורעל) — דערמאָנט זיך מיר אַ פראַזע, וואָס עס פלעגן געברויכן די „פּאָליטרוקן" אין גראָדנע און ביאַליסטאָק, אין די „האָניק־חדשים" פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע.

„און צוריקגערעדט — טראַכט איך ווייטער — וואָס דאַרף דאָ דער בירגער קורערטער? ברויט דאַרף ער! אַ פּשוט שטיקל ברויט צו דער זאַט" — — —

מיר האָבן קוים אויסגעזוכט אויפן שפּיץ פון באַרג אַ ריין שטיקל אָרט צום אויסטאָן זיך און זענען אויך אַריין אין וואַסער: נישט צו היילן זיך, חלילה. אויך אונדז האָט עס נישט געקאָנט ליגן אין זינען; אויך אונדז האָט דאָך תמיד געפעלט דאָס שטיקל ברויט. מיר האָבן זיך פּשוט געוואָלט אויסבאָדן און באַפרייען זיך אַ ביסל פונעם שמוץ, וואָס זאַמלט זיך כסדר אינעם נע־ונד. „סאַן־אָבראַבאָטקאָ"...

דאָס וואַסער איז געווען זייער שווער. ביים אונטערטובלען זיך האָט עס גלייך אַרויסגעשטויסן דעם קאָפּ אין דער הויך, אויף דער פלאַך. צו שווימען האָט מען גאָרנישט געדאַרפט באַוועגן מיט די הענט און מיט די פיס. דאָס וואַסער האָט

סיי־ווי־סיי געטראָגן. מענטשן זענען געלעגן אויסגעצויגן אויף די פּלייצעס, פאַר־לייגט די הענט אויף דער ברוסט און, דאַכט זיך, זיי האָבן געכאַפּט אַ דרימל. ווער ס׳האָט געהאַט דעם מינדסטן ראָץ אויפן לייב (בפרט אַ „ביעזשעניעץ״, וואָס האָט נישט געקאָנט לעבן אַזוי היגיעניש און פלעגט זיך מוזן פון בייסעניש צוראַצן דאָס לייב), — יענעם האָט דאָס געזאַלצענע וואַסער ווייטיקלעך גערייצט, טאַקע ממש ווי זאַלץ אויף אַ ווונד.

אַז מ׳איז אַרויס פון וואַסער אויף דער זון, האָט זיך דער קערפּער באַלד אָפּ־געטריקנט און האָט אויסגעזען ווי אַ באַשאָטענער מיט זאַלץ. דערנעבן איז געווען אַ קליין טייכל מיט נאָרמאַלן וואַסער, איז מען אַהין באַלד אַריין זיך אָפּשווענקען.

ווען אַזאַ אָזיערע געפינט זיך אין „צעפּוילטן מערב״ — ס׳אַראַ פּערל עס וואָלט געווען! וויפל געסט וואָלטן עס געקומען אַהער יעדעס יאָר צום סעזאָן זיך באָדן אין די זאַלץ־וואַסערן. און ווי שיין וואָלט דאָ געווען דער ברעג, ווי קולטי־ווירט. און ווי פריילעך וואָלט עס דאָ געווען אין די נעכט. אין דעם פּרעכטיקן קורהויז וואָלט געשפּילט אַ סימפאָנישער אָרקעסטער, און אויפן שפּיגלדיקן פּאַרקעט וואָלטן זיך געוויגט פּאָרלעך אין וואַלסן און אין טאַנגאָס... די סענטימענטאַלע מעלאָדיעס וואָלטן זיך אַריינגעפלאָכטן אין זייערע פאַרליבטע אויגן, אין זייערע יונגע נשמות — — —

ווען אַזאַ אָזיערע געפינט זיך אין „צעפּוילטן מערב״ — — — —

אָבער דאָ... אין דעם „באַלאַגאַן״ פון דער „נייער אָרדענונג״... ס׳אַראַ מיסט־קאַסטן מ׳האָט געמאַכט פון אַזאַ אוצר!

עטלעכע טעג כסדר פלעגן מיר קומען „פּליאַזשעווען״ ביי דער אָזיערע און נעמען די זאַלץ־בעדער. כ׳בין אומגעשווומען מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט, מעשה זאָרגלאָזער מענטש, און געקוקט צום בלויען הימל. איך האָב געקוקט אַ פאַרטראַכטער, פאַרגעסן זיך אָן דער האַרטערווירקלעכקייט. אין דמיון האָב איך געזען די שיינע קורערטער אין פּוילן, די צאַפּאָטער פּליאַזשע ביים באַלטישן ים, די פּליאַזשעס ביים צפון־ים אין בעלגיע... אָסטענדע... בלאַנקענ־בערג... די פרייע וואַקאַציע־טעג, פול פרייד און עמאָציע...

ווּהין איז עס אַלץ פאַרשווּנדן?

אַ וועלט איז אונטערגעגאַנגען — — —

**
*

איין טאָג האָבן מיר זיך אויפן באַזאַר באַקענט מיט אַ היימישן יונגנמאַן, אַ פּוילישן ייִד פון לאָדזש. עפּשטיין האָט ער געהייסן. באַלד פון זיינע ערשטע ווער־טער דערקען איך אַ בעסערן טיפּ מענטש. אַן איידלקייט איז געלעגן אויף זיין

פנים. איידל איז אויך געווען זיין באַנעמונג. גוטמוטיק זיין שמייכל. קענטיק, אַ ייִדישער אינטעליגענט, וואָס איז געקומען פון דער ישיבה צו וועלטלעכקייט. דאָס זאָגן עדות זיינע ווערטלעך, זיין דורכוואָרפן די רייד מיט העברעיִזמען, אָפט אויך מיט אַ פּסוק.

עפּשטיין דערציילט, אַז ער אַרבעט דאָ אין סאָל־אילעצק ווי אַ „זאַווכאָז״ אין אַ קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט. און ער גיט זיך ווי עס איז אַן עצה מיט זיין אויסקומעניש. איין מענטש, אָן אַ פאַמיליע, באַשיידן איז ער — איז מילא, ווי מען קאָן, אַזוי לעבט מען. מ׳זעט טאַקע לויט זיין הלבשה, אַז אים גייט עס בעסער. ער טראָגט נאָך זיין היימישן אַנצוג פון לאָדזש. אין קיין לאַגער איז ער נישט געווען און ער האָט זיך אויך נישט אַרומגעוואַלגערט ווי מיר, „בראָדיאַגעס״.

— איר זענט אַוודאי הונגעריק? — פרעגט ער, אַנקוקנדיק אונדז מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל.

— וואָס שייך הונגעריק... ווען איז אַ „נאָש בראַט״ נישט הונגעריק?

— קומט מיט מיר.

ער האָט אונדז אין שמועס צוגעפירט צו זיין אַנשטאַלט, געהייסן וואַרטן אין דרויסן. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ קליין פּעקעלע, פאַרוויקלט אין צייטונגס־פּאַפּיר.

— נאַט, דאָ האָט איר ברויט. טיילט זיך איין.

— אַ דאַנק, אַ שיינעם דאַנק, חבר!

מיר קלעפּן צו אים ווי צו אַ ברודער, דערציילן אים וועגן אונדזערע צרות און בעטן אים אַן עצה: אפשר ווייס ער וועגן עפּעס אַ פּאַסיקער אַרבעט?

— אין די זאַלץ־גרובנס איז די אַרבעט אַ שווערע. נישט פאַר קיין שרייבער... — קוקט ער אויף מיר.

— וואָלטן זיי גוט געקאָרמעט, — זאָגט סאָלאָמאָן, — איז מילא, וואָלטן זיך געפונען כוחות צו דער אַרבעט.

— אייזלען דאַרפן זיי צו דער אַרבעט... — איראָניזירט יאַנקעלע.

— אפשר אין אַ קאָלכאָז? — פרעגט עפּשטיין.

— ווי זענען דאָ אויס די קאָלכאָזן? מען הונגערט נישט?

— פאַראַן דאָ אַ פּאָר בעסערע קאָלכאָזן. אַ „נאָפּראַוולעניע״ האָט איר פון טשקאָלאָוו?

— ניין, אין טשקאָלאָוו האָט מען אונדז דווקא געוואָלט שיקן ווי „סטראַזש אָגניאָווא״ אין אַ פאַרפלייצטן קאָלכאָז. האָבן מיר זיי געהאָט אין דר׳ערד און זענען אַהער געקומען, — דערציילט יאַנקעלע אין זיין „סטיל״.

— גוט, — זאָגט עפּשטיין, — כ׳קען עמיצן אין „ראַיאיספּאָלקאָם״. מ׳וועט שוין עפּעס מאַכן. קומט!

מיר זענען צוגעקומען צום „ראַיאיספּאָלקאָם״. עפּשטיין איז פריִער אַריין אַהין „זאָנדירן דעם באָדן״. שפּעטער אַביסל איז ער אַרויסגעקומען און אונדז אויך אַריינגערופן אינעווייניק. ער האָט אונדז צוגעפירט צו אַ טישל, ווו ס׳איז געזעסן אַ מיטליעריקע פרוי.

— דאָס זענען די גראַזשדאַנעס, — האָט ער אונדז פאַר איר פאָרגעשטעלט.

— פון וואַנען קומט איר? — פרעגט זי אונדז.

— פון דער פוילישער אַרמיי. פון גוזאַר.

און מיר ווייזן איר די פּאַפּירן פון דער פוילישער קאָמיסיע, געשריבן אין פויליש און אין רוסיש. וועגן דעם, אַז מיר זענען שוין אויך געווען אין טשקאַלאָוו מאַכן מיר אַ שווייג.

זי האָט אונדז אויסגעשריבן אַ „נאַפּראַוולעניע״ אין קאָלכאָז „9טער יאַנוואַר״, מיאָרטוואָסאָלסקער „סעלסאָוועט״.

— באָלשאָיע ספּאַסיבאָ, גראַזשדאַנקאָ! (אַ גרויסן דאַנק, בירגערין!).

און עפּשטיינען פרעגן מיר:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מקום דער „9טער יאַנוואַר״?

— מ׳זאָגט, אַז נישט קיין שלעכטער קאָלכאָז. אויף וויפל קאָלכאָזן קאָנען בכלל זיין גוט...

— און ווו געפינט ער זיך, דער דאָזיקער „גן־עדן״?

— אויפן 23סטן „ראַזיעזד״, צווישן סאָל־אילעצק און אַק־בולאַק.

— מילא, — פּרוּוון מעג מען דאָך. — זאָג איך.

— יאָ, — זענען אויך מסכים מיינע „שותּפים״. — שוין אַזוי פיל מאָל גע־פּרוּווט, וועלן מיר נאָך אַמאָל פּרוּוון.

— מיר האָבן שוין אַפילו געפּרוּווט צו זיין פּאַסטוכער.

און מיר דערציילן אים ווי אַזוי מיר האָבן זיך אין דער פערמע צוויי טעג אַרומגעיאָגט מיט 60 בהמות.

— סטייטש? אַן פערד האָט איר זיך געיאָגט נאָך די בהמות? — לאַכט עפּשטיין פון דער מעשה.

— צו וואָס פערד? — איראָניזירט יאַנקעלע. — מענטשן זענען ביי זיי בי־ליקער ווי פערד...

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דעם האַרציקן עפּשטיין און זיך אָוועקגעלאָזט צום וואָקזאַל. מיר האָבן זיך דערוואַרט אויף דעם „פּריגאָראָדנעם״ צוג, וואָס קור־סירט צווישן טשקאַלאָוו און אַק־בולאַק, און זיך אַוועקגעלאָזט צום 23סטן „ראַזיעזד״.

# 4

## אין קאָלכאָז „9טער יאַנוואַר"

אַ היפּשער דאָרף מיט צעזייטע קיביטקעס. איין לאַנגע ברייטע גאַס, און פון די זייטן סתם אָנגעוואָרפענע כאַטקעס, אָן אַ סדר. דאָס איז דער קאָלכאָז „9טער יאַנוואַר". דער קאָלכאָז, וואָס געהערט צום מיאַרטוואָסאָלסקער „סעלסאָ־וועט". מיאַרטוואָסאָל גופא, וואָס ליגט סך־הכל אַ דריי־פיר קילאָמעטער פון „9טן יאַנוואַר", איז אויך אַ קאָלכאָז, אַ ביסל אַ גרעסערער, מיט עטלעכע גאַסן און געסלעך און איז שוין ענלעך צו אַ קליין שטעטעלע.

די סטעפּעס אַרום זענען דאָ נישט אַזעלכע וויסטע. פאַראַן אַ סך באַאַרבעטע פעלדער, נישט אַזוי ווי טיפער אַ ביסל אין קאַזאַכסטאַן. על פי שכל און על פי יושר דאַרפן דאָ מענטשן נישט הונגערן.

דער „פּרעדסעדאַטיעל" (פאָרזיצער) פון „9טן יאַנוואַר", אַ רוס, נעמט אונדז אויף אין קאַנצעליאַריע פון קאָלכאָז, באַקוקט אונדזערע „נאַפּראַוולעניעס" פון סאָל־אילעצקער „ראַיאיספּאָלקאָם", פרעגט יעדערן אויס וואָס ער האָט געטאָן אין דער היים.

אַז עס איז געקומען צו מיר, האָט ער מיך געפרעגט:

— איר האָט שוין אַמאָל געאַרבעט ביי פעלד־אַרבעט?

— ניין.

— וואָס איז אייער באַשעפטיקונג?

— המ... המ... אַ שרייבער... — ענטפער איך שטאַמלענדיק.

— אַ שרייבער גאָר? נו, און אַקערן און בראָנעווען וועט איר קענען?

— כ'האָב עס נאָך נישט געפּרוווט.

— לאַדנאָ. ביי אונדז וועט איר זיך אויסלערנען אַלץ צו טאָן. מיר דאַרפן האָבן אַרבעטער, נישט קיין שרייבער...

— כ'בין דאָך נישט געקומען צו אייך ווי אַ שרייבער.

— לאַדנאָ, לאַדנאָ. מיר וועלן זען.

מ'האָט אונדז אָפּגעשיקט אין אַ בריגאַדע, וואָס געפינט זיך אויף דער אַנ־דער זייט פון אייזנבאַן־וועג. אַ פיר־פינף קילאָמעטער פון דאָרף. מ'האָט אונדז אָנגעוויזן אין דער ווייטקייט אויף אַ גרופּע כאַטעס — אַהין זאָלן מיר גיין. דאָרט זאָלן מיר זיך מעלדן צום בריגאַדיר.

מיר זענען אָנגעקומען אַהין פאַרנאַכט. זעט אויס, די מענטשן זענען שוין

געקומען פון דער אַרבעט. אַ באַוועגונג פון פויערים און פויערטעס צווישן די געציילטע קיביטקעס און שפּייכלערס. מיר דערפרעגן זיך צום בריגאַדיר. אַ הויכער, אַ בלאָנדער, אין אַ האַקי־בלוזע און אין שטיוול. אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן. אַ פּנים פון אַ ייִד. נאָך די ערשטע פּאָר ווערטער אין רוסיש גייט ער מיט אונדז גלייך איבער אויף ייִדיש. אַ ייִדישער בריגאַדיר!

— האָבן מיר דאָך טאַקע גוט געטראָפן! — זאָג איך אים אין לייכטן טאָן.

יענער קוקט אונדז אָן און ענטפערט אויך אין זעלבן טאָן:

— די פראַגע איז אָבער, צי איך האָט מיט אייך געטראָפן?...

— פאַרשטייט זיך, אַז קיין געבוירענע קאָלכאָזניקעס זענען מיר נישט. אָבער מיר זענען געקומען צו אייך אַרבעטן, נישט תהלים זאָגן...

— לאַדנאָ, מיר וועלן זען.

— און איר זענט אַ היגער? אַ געבוירענער קאָלכאָזניק בן קאָלכאָזניק? — פרעג איך אים ווייטער.

— כ'בין אַן עוואַקויִרטער.

— נו, הייסט עס, אַז מען מוז נישט דווקא זיין קיין געבוירענער קאָלכאָזניק, כדי דאָ צו קאָנען אַרבעטן.

— אמת, אמת ויציב...

ער האָט אונדז דאַן אַריינגעפירט אין אַ באַראַק. אַן „אָבשטשעזשיטיע". אַרום די ווענט זענען געווען פּריטשעס. אויף די פּריטשעס זענען געווען אויסגעזעצט די קאָלכאָז־אַרבעטער, פויערים און פויערטעס. נישט קיין גרויסער עולם, דאָס רוב ווייבער. די מענער אָפּנים זענען שוין אויף די פראָנטן. דער עולם האָט געהאַלטן ביים „אביעד". איינע האָט געשעפּט מיט אַ שעפּ־לעפל פון אַ קעסל און אַלעמען איינגעטיילט.

— דאָס זענען געקומען צו אונדז פרישע אַרבעטער, — זאָגט אַריין אין באַראַקל דער בריגאַדיר. — גיט זיי פּלעצער אויף דער נאַרע און קאָרמעט זיי אָן.

און צו אונדז זאָגט ער דאַן שוין אין רוסיש:

— מאָרגן באַגינען וועט איר אַרויסגיין צו דער אַרבעט.

און איז אַוועק.

די טיילערקע פון קעסל ווייזט אונדז אָן אויפן עק פּריטשע ביי דער טיר:

— אָט דאָרט קאָנט איר פאַרנעמען פּלאַץ.

מיר האָבן אַראָפּגענומען פון זיך דעם „באַגאַזש": מיינע „שותפים" — די רוקזעק, איך — דאָס קעסטל און זיך „איינגעקוואַרטירט" אויף דער פּריטשע.

— גיט אייערע „קאָטיאָלקעס"! — זאָגט צו אונדז די טיילערקע.

זי האָט יעדן פון אונדז אָנגעגאָסן אַ פּאָר שעפּ־לעפל זופּ.

— נו, און ברויט? — פרעגט יאַנקעלע, וואָס לאָזט זיך נישט קיינמאָל באַעוולהן.

— ברויט? — קוקט אים אָן די פויערטע מיט איראָניע. — פאַרוואָס קומט אייך היינט ברויט? איר האָט שוין היינט געאַרבעט? ברויט קריגט מען נאָר פאַר אַרבעט. פאָניאַטנאָ?

האָבן מיר זיך אָנגעזופּט מיט דער שיטערער הירזש־זופּ. אַפילו באַקומען צו „דאַבאַווקע" (צולאַג) — זי האָט נישט געזשאַלעוועט די „מציאה".

נאָך דער זופּקע האָבן מיר זיך בהרחבה אויסגעצויגן אויף דער פּריטשע. אָך, ווי גוט צו קאָנען אויסציִען די פיס אין דער גאַנצער לענג, נישט איינגע־קאָרטשעטערהייט. קיין פּלאַץ פעלט דאָ נישט. מ׳קאָן אויך ליגן גענוג אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן און נישט אַריינאָטעמען די אויסדעמפונגען פון יענעמס גוף, פון יענעמס לייב.

ווידער, הייסט עס, אַ שטיקל מנוחה, אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַן אָרט, ווו אַני־דערצולייגן דאָס פעקל ביינער. צי כאָטש אויף לאַנג?

***

באַגינען האָט מען געבראַכט ברויט פאַר אַלע אַרבעטער און אויך פאַר אונדז. יעדער האָט באַקומען אַ „פּייקע" פון אַ קילאָ. גאָר נישקשהדיק. דער עולם האָט זיך גלייך גענומען צופּן פונעם ברויט און קייען. מיט וואָס צוצוטרינקען איז נישט געווען. אַנדערע אַרבעטער האָבן צוגעטרונקען מיט פּשוטן קאַלטן וואַסער פון אַ „קרוזשקע". מיר האָבן אויך אַזוי געטאָן, כדי נישט צו עסן קיין טרוקנס.

שפּעטער אַביסל איז אַריינגעקומען דער בריגאַדיר. ער האָט געהייסן אַלעמען אַרויסגיין צו דער אַרבעט. אונדזער „טראַיקאָ" האָט ער מכבד געווען מיט אַ לאַנ־גער דאָרפישער דראַבע (לייטער־וואָגן), אין וועלכער ס׳איז געווען איינגעשפּאַנט אַן אָקס. אויף דער דראַבע איז געזעסן אַ „פּאַצאַן", אַ יונג שייגעצל.

— נאָט און פאָרט. — זאָגט דער בריגאַדיר, — דער דאָזיקער „פּאַצאַן" וועט אייך צופירן צו אַ פעלד, וואָס איז באַלייגט מיט קופּעס געדראָשענעם שטרוי. דעם שטרוי דאַרף מען אָנלאָדן אויפן וואָגן און אָפּפירן אַהער, הינטערן כוטאָר. כ׳וועל אייך ווייזן ווו. קריכט אַרויף.

— געפאָרן! — באַפעלט ער דעם „פּאַצאַן".

דער וואָגן קרעכצט. הינטערן כוטאָר ווייזט אונדז דער בריגאַדיר ווו צו מאַכן די סטויגעס שטרוי.

— אָבער לייגט אויף די סטויגעס נישט ווי ישיבה־בחורים... פאָניאַטנאָ?

— פאָניאַטנאָ, טאָוואַרישטש בריגאַדיר!

# אויף שליאַכן פון הפקר

— נו, און מיט אָקסן זענט איר שוין אַמאָל געפאָרן?
— אין פוילן קיינמאָל נישט.
— וואָסי'? נישטאָ קיין אָקסן אין פוילן?
— אָקסן זענען יאָ פאַראַן, אָבער נאָר פאַר די יאַטקעס...
— און ווי אַזוי צו קערעווען אַן אָקס קענט איר?
— ניין, פון וואַנען?
— עך, ווי סיערז'ען!*) איר מוזט קומען פון דער ישיבה? געדענקט זשע: „צאָפּ!" — מיינט לינקס; „צעבע!" — רעכטס. געפינט איך אַ שטעקן און זאָלעוועט אים נישט, דעם „שור הבר".

און דערביי גיט ער דעם אָקס אַ זעץ מיט זיין שטעקן איבערן רוקן:

— העי, צעבע!

דער אָקס אין שווערן הילצערנעם „יאַרמאָ" (יאָך) האָט זיך פאַרנומען רעכטס. דער בריגאַדיר איז אַוועק ערגעץ אַנדערש.

— ווי געפעלט אייך דער דאָזיקער לץ? — פרעגט יאַנקעלע. — דוכט זיך, אַז ער לאַכט זיך אויס פון דער גאַנצער מעשה. מסתמא איז ער גופא געווען אַמאָל אַ ישיבה־בחור.

— ער זעט טאַקע אַזוי אויס. לויט זיינע יאָרן איז עס אויך מעגלעך. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אים שוין אַוודאי געטראָפן אַ בחור אין די יאָרן.

— זיכער געווען אַמאָל אַ ישיבה־בחור. עפּעס צופיל געדענקט ער די „שוואַר־צע פּינטעלעך", די תורה־ווערטלעך, דער „טאָוואַרישטש בריגאַדיר".

דאָס פעלד האָט זיך געפונען נישט אַזוי ווייט פון כוטאָר. האָבן מיר געלאָ־דעוועט דעם שטרוי אויף דער דראַבע און געפירט צום אַנגעוויזענעם פּלאַץ. צעוואָרפענער שטרוי איבער אַ ריזיקן פעלד. קענטיק, אַז דער שטרוי איז דאָרט געלעגן נאָך פון פאַראַיאָרן. ער איז שוין געווען שטאַרק צוגעפוילט, דורכגענומען פון שניי און רעגנס. איצט האָט מען עס געדאַרפט אָפּראַמען דאָס פעלד פאַרן אַקער. די אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע און קיין אוניווערסיטעטן האָט מען דערצו אויך נישט געדאַרפט ענדיקן. איינער פון אונדז איז געשטאַנען אויפן וואָגן, איינגעלייגט דעם שטרוי, און צוויי האָבן דערלאַנגט דעם שטרוי מיט „ווי־לעס". קיין צו גרויסע אָנשטרענגונגען האָט מען דערביי אויך נישט געדאַרפט מאַכן. מ'האָט געאַרבעט נאָרמאַל לויט די כוחות און לויטן עסן...

אַזוי האָבן מיר געאַרבעט כסדר עטלעכע טעג.

ערגער וואָלט געווען ווען מען גיט אונדז אַ שווערערע אַרבעט. ווייל פונעם

---

*) געמיינט: נישט־געניטע, „גרינע".

ברויט מיט וואַסער אין דער פרי און פון דער פּאָסטנער זופּקע נאָך דער אַרבעט איז קיין צופיל כוחות נישט צוגעקומען — הגם מ׳האָט באַקומען יעדן טאָג אַ קילאָ ברויט. די שאַרפע זון האָט געמאַטערט און אויסגעשעפּט. דאָס העמד האָט זיך ממש געקלעפּט צום לייב. האָבן מיר געלאָדעוועט דעם שטרוי און געפירט דאָס פורל פּאַמעלעך, נישט געאײַלט און זיך געמיטלעך דורכגעשמועסט מיט אונדזער „שור הבר״:

— העי, צאָפּ!

— העי, צעבע!

פאַרמאַטערטע פון דער היץ, פלעגן מיר מוזן מאַכן הפסקות און זיך אָפּרוען אין שאָטן פון אונדזער אָנגעלייגטן סטויג שטרוי.

און כאָטש מיר האָבן זיך נישט צו שטאַרק אָנגעשטרענגט ביי דער אַרבעט, פלעגן מיר פונדעסטוועגן בײַנאַכט פאַלן אויף דער פּריטשע טויט־מידע.

מיר האָבן אין דער שטיל אויף דער פּריטשע זיך אַדורכגעשמועסט:

— פון וואַנען האָבן דאָ די אַרבעטער כוח צו דער אַרבעט ביי אַזאַ מאַ־גערן עסן?

— אַ געדולדיק פאָלק די רוסן...

— דאָס זענען אײַזלען, נישט קיין מענטשן, — חזרט איבער יאַנקעלע זיין זאָג שוין נישט צום ערשטן מאָל. — מ׳מעג זיי געבן קייען גראָז.

שפּעטער האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז נישט אַלע אַרבעטער, און נישט תמיד, נעכטיקן דאָ אין באַראַקל. האָב איך געטראַכט, אַז אפשר אין דער היים ביי זיך, אין קיביטקע, דערגאַנצן זיי דעם מאָגערן „אביעד״. אפשר. בלויז געציילטע פויע־רים און פויערטעס נעכטיקן דאָ כסדר. דאָס זענען נישט קיין שטענדיקע קאָלכאָז־ניקעס, נאָר „ראַבאָטשיִע״ (אַרבעטער), אַזוי ווי מיר. איז דאָך טאַקע די קשיא: פאַרוואָס קומט עס דעם אַרבעטער אַזאַ מאָגער, קאַרג עסן פאַר זיין אַרבעט? אמת, ברויט האָט ער דאָ גענוג. און פאַרוואָס נישט אַ שטיקל פלייש? פאַרוואָס נישט אַ שטיקל פּוטער? ווען קומט עס יאָ, אויב נישט דעם אַרבעטער?... דעם אַרבע־טער, וואָס באַאַרבעט דאָס פעלד; וואָס אַקערט און זייט; וואָס שניידט און דרעשט... ווען קומט עס יאָ?...

אַזוי איז געגאַנגען פּאַמעלעך אונדזער אַרבעט אין פעלד. מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים צווייטן סטויג היינטערן כוטאָר. פון צייט־צו־צייט פלעגט זיך ווייזן צו אונדז דער בריגאַדיר. ער האָט געכאַפּט אַ בליק אויפן פעלד, אויף אונדזער אַרבעט. ער האָט געמאָסטן מיט די בליקן דאָ און דאָרט. שטאַרק צופרידן איז ער נישט געווען.

— ביי אַזאַ אַרבעט, — זאָגט ער אונדז אַריין איראָניש, — וועט איר נישט ענדיקן דאָס פעלד ביז כל־חמירא. מען מוז אינגיכן שוין אַקערן דאָס פעלד.

— מיר אַרבעטן לויט אונדזערע כוחות, — רופט זיך אָפּ סאָלאָמאָן.

און יאַנקעלע גיט צו:

— אויף פויליש זאָגט מען „יאַקאָ פּלאַצאַ — טאַקאַ פּראַצאַ". איר פאַרשטייט דעם טייטש דערפון?

— וואָס זשע ווילט איר? אַ קילאָ ברויט אַ טאָג איז אייך ווייניק?

— מסתמא איז ווייניק, אַז מיר האָבן קיין כוחות נישט.

— וואָס זשע זענט איר געווען אין אייער פאַלשאַן פּוילישע פּאַנעס?

— אויף צו עסן צו דער זאַט מוז מען דען זיין אַ „פּאַן"?

— דאָוואָלנאַ, רעביאַטאַ! (גענוג, חברה!) — רופט ער אויס שוין אין ערנסטן טאָן. — נעמט זיך אַביסל לעבעדיקער און רייניקט אָפּ גיכער דאָס פעלד.

ער האָט זיך אָפּגים דערשראָקן פאַר אַ צו „אַפּיקורסישן" שמועס מיט אונדז און האָט זיך אָפּגעטראָגן.

— איר מיינט, אַז דער בריגאַדיר פאַרשטייט נישט די בראָך? — באַמערקט יאַנקעלע. — ער מוז אויך צוהונגערן אַזוי ווי מיר. אָבער וואָס זאָל ער נעבעך טאָן? אויף יעדן ציטערט די הויט אויסצורייִדן אַ וואָרט. שלעפּט איטלעכער ביר־גער דעם יאָך אַקוראַט ווי אונדזער „שור הבר". צאָפּ! צעבע!...

— האַ, יאַנקעלע? דאָס רעדסטו אַזוי? — פרעגט אים סאָלאָמאָן זיין בן־עיר, — און ווי האָסטו געדרשנט אין לעמבערג? געדענקסט, האַ?

יאַנקעלע האָט געשטומט ווי אַ פאַרשולדיקטער.

**
*

ביז צו דער וואָך האָבן מיר דאָס פעלד פאַרטיק געמאַכט. מ'האָט אונדז דאַן גענומען צו אַן אַנדער אַרבעט: בראַנעוועס! געבראָנעוועט האָט מען מיט פערד. מ'האָט געדאַרפט אומקרייזן מיט דער בראָנע אַ זייער גרויסן שטח. דאָס כסדרדיקע קריכן איבער דער צעאַקערטער ערד האָט שנעל אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות. נאָכן דורכמאַכן אַזאַ קרייז איבערן ריזיקן פעלד האָט זיך פון מיר געגאָסן דער שווייס און די קני האָבן מוראדיק געבראָכן. כ'האָב געמוזט נאָך יעדער „רונדקע" זיך אַ וואָרף טאָן אָפּרוען. דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן סאָלאָמאָן און יאַנקעלע, הגם זיי זענען געווען יינגער און געזינטער פון מיר. דערצו האָט מען גראָד מיר געגעבן עפּעס אַ יונג אומרויִק פערד, וואָס האָט אויף אַן אָרט נישט געקאָנט איינשטיין. ער האָט געצויגן די בראָנע ווי אַ רוח. כ'האָב פון זיך שיער די נשמה נישט אַרויסגעיאָגט, כדי אים צו קאָנען נאָכגיין.

— טפּרררר! טפּרררר! — האָב איך זיך געמאַטערט אים איינצוהאַלטן ביי די לייצעס.

מיטאַמאָל, אין מיטן פעלד, אַפּנים געביסן פון אַ בייזער פליג, גיט זיך דאָס פערד משוגענערווייז אַ ריס אַוועק אַן אַ זייט. פון דעם האַסטיקן ריס פאַרליר איך די לייצעס פון די הענט און דאָס פערד מיט דער בראָנע לאָזט זיך אַוועק אין אַ ווילדן גאַלאָפּ איבער די סטעפּעס.

איך מאַך אַן אַליאַרם. עס קומט אָן פון דער ווייטנס דער בריגאַדיר מיט אַ ירגזון:

— וואָזשנע אַרבעטער האָט מען אונדז געשיקט! פאַרוואָס האָט איר אָפּגע־לאָזט די לייצעס?

— כ׳בין נישט שולדיק, — פאַרענטפער איך זיך פאַרלוירן, — דאָס פערד איז שטאַרקער פון מיר. אַזאַ ווילדע חיה!

— גייט כאַפּט אים! — שרייט ער, — וואָס זשע שטייט איר?

אַ שיינער חכם דער בריגאַדיר! כאַפּן אַזאַ פליִענדיקן שד! אדרבה, זאָל ער ווייזן אַזאַ קונץ. פונדעסטוועגן בין איך אַוועק איילעוודיק איבער די סטעפּעס, אין דער ריכטונג, וווהין דאָס פערד איז פאַרשוווּנדן מיט דער בראָנע.

— גייט נישט אַזוי פּאַמעלעך! לויפט! לויפט!! — שרייט מיר נאָך דער בריגאַדיר.

גיי לויף... נו, און כוחות? ווו נעמט מען כוחות צום לויפן? און אַז איך וועל שוין אַפילו לויפן, וועל איך אים דען קאָנען כאַפּן? דאָס ווילדע באַשעפעניש איז דאָך פלינקער פון מיר און פון בריגאַדיר אויך. לויף!...

כ׳האָב ווי ווייט מעגלעך פאַרשנעלערט מיינע טריט, געאיילט אַ פאַרסאָפּע־טער אין יענער ריכטונג. שווייס האָט געקאַפּעט פון שטערן. כ׳האָב זיך אַלע ווײַלע געווישט מיטן אַרבל דאָס געזיכט. די אויגן האָבן מיר אָנגעהויבן צו שטעכן פון זאַמד. און אין דער ווייטנס זע איך, ווי דאָס פערדל לויפט אַלץ ווייטער און ווייטער, גאָר אָן אָפּשטעל. אים פאַרפעלט דאָך נישט קיין כוחות. ס׳איז אים אויך אַפּנים גרינגער צו לויפן פראַנק און פריי איבער די סטעפּעס איידער קריכן מיט דער בראָנע איבערן צעאַקערטן פעלד!

שאַ, ווו איז די בראָנע? כ׳באַמערק פון דער ווייטן, אַז ער פליט שוין אָן דער בראָנע. ווו איז די בראָנע? נאָך דאָס פעלט מיר!

כ׳קוק מיט די בליקן אין אַלע זייטן. כ׳באַמערק באַלד נעבן עפּעס אַ קוסט די בראָנע. כ׳גיי צו — זי ליגט אָן איבערגעקערטע, מיט די ציין אין דער הויך, מיט צעצויגענע, צעפליקטע רימענס דערנעבן. פון פערד איז שוין קיין סימן נישטאָ. איך זע אים שוין נישט אין דערווייטנס. וווהין איז נעלם געוואָרן דאָס

ווילדע משוגעת? וואָס וועט איצט זאָגן דער בריגאַדיר? וואָס זשע בלייבט מיר צו טאָן? סיידן נעמען די בראָנע אויף די פּלייצעס?

צוריקגיין צום בריגאַדיר האָב איך שוין גישט נאָך וואָס. גיין צו אים, כדי צו ווערן געזידלט?

בין איך אַוועק אין דער ריכטונג צום כוטאָר, אַריין אין באַראַקל פון דער „אָבשטשעזשיטיע" און זיך אויסגעצויגן. געלעגן ממש אַ פאַרחלשטער אויף דער פּריטשע. מילא, כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער! זאָל זיין וואָס עס וועט זיין.

פאַרנאַכט זענען מיינע „שותפים" צוריקגעקומען פון פעלד אויפגערעגטע און דערשלאָגענע. זייערע פּנימער זענען געווען שמוציק פון ערד און שווייס. זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן נעבן מיר און זיך אויסגעצויגן ווי אַ מינוט פאַר גסיסה.

— מער גיי איך נישט צו אַזאַ קאַטאָרגע! — זאָגט יאַנקעלע.

— ביי אַזאַ דערנערונג! — גיט צו סאַלאָמאָן. — איך האָב עס אין דר'ערד, פּשיאַ מאַטש!

שפּעטער איז צו אונדז אַריינגעקומען דער בריגאַדיר און אונדז געמאָלדן:

— כ'זע, אַז צו קיין ערד־אַרבעט טויגט איר נישט. קיין אַנדער אַרבעט האָב איך נישט פאַר אייך. כ'האָב שוין גערעדט מיטן „פּרעדסיעדאַטיעל". ער הייסט אייך מאָרגן קומען צו אים אין קאַנצעלאַריע.

## 5

## אין דער „קאָנפערמאַ"

מ'האָט אונדז איבערגעפירט אין דער בריגאַדע פון דער „קאָנפערמאַ" (פערד־פערמע), וואָס געפינט זיך אין דאָרף. דער בריגאַדיר און פאַרוואַלטער איז געווען אַ רוס, אַן אינוואַליד פון דער פאָטערלענדישער מלחמה, ערשט נישט לאַנג אַ צוריקגעקומענער פון פראָנט מיט אַ צעשעדיקטער האַנט, וואָס איז נאָך ביי אים געהאנגען אויף אַ „פּעטליע". ער האָט נאָך געטראָגן זיינע מיליטערישע מלבושים: בלוילעכע הויזן, אַ בלוזע פון האַקי און אַ קאַוואַלערייסקע פוראַזשקע מיט אַ גלאַנציקן דאַשיק. אַ טיפּיש־גוטמוטיקער רוסישער פּויער מיט אַ שטענדיקן שמייכל ביים ריידן.

ער האָט אונדז דעם ערשטן טאָג אַרומגעפירט איבער שפּייכלערס און פערד־שטאַל, געוויזן אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין זיין רשות און ווו עס וועט אונדז אויסקומען צו אַרבעטן. אין פערד־שטאַל האָט ער אונדז באַקאַנט געמאַכט מיט

די קאַלכאַזנע פערד, אָנגערופן איטלעכס פערד ביים נאָמען, גלייך ווי מיר וואָלטן עס אַלץ געדאַרפט געדענקען. אין אַ באַזונדער ווינקל איז געשטאַנען אַ צוגעבונ־דענער אויף אַ קייט דער האָגער — אַ חיה, וואָס איז נישט איינגעשטאַנען רויִק און כסדר געבריקעוועט מיט זיינע פאָדקאָוועס. ער האָט געוואָרפן מיט דער גריווע און מעשה־זכר ווילד געהירזשעט אין זיינע ווילדע, אומגעצוימטע גלוס־טענישן.

— אַ פיינע משפחה... — זאָג איך אים אין שפּאַס, אַ וויַיז טוענדיק אויף זיינע פיר־פיסיקע „פּענסיאָנערן״. — איר קאָרמעט זיי אומזיסט?

— ביי אונדז קאָרמעט מען קיינעם נישט אומזיסט. נאַדאָ ראַבאָטאַט׳... (מ׳מוז אַרבעטן). אַ מענטש, אַ פערד — אַלציינס, ברודערל... נישקשה, זיי פאַרדינען זייער גראָז.

— נו, און אַ ביסל האָבער?

— האָבער? אַז עס איז פאַראַן, קריגן זיי אויך האָבער.

דער ערשטער טאָג איז געווען אַ צעריבענער. מיר האָבן זיך סתם אַרומגע־דרייט איבערן שטאַל, איבער די שפּייכלערס און באַקוקט אונדזער ניי „מלכות״.

— וואָס פאַר אַן אַרבעט קאָן מען אונדז דאָ געבן? טשיקאָווע. — זאָגט סאָלאָמאָן.

— אויב מ׳וועט מיר הייסן רייטן אויפן האָגער, נעם איך זיך נישט אונטער...

— ענטפער איך אים.

— זאָרגט אייך נישט, — מישט זיך אַריין יאַנקעלע, — אַרום פערד פעלט נישט קיין אַרבעט. מ׳וועט מסתמא דאַרפן רייניקן דעם שטאַל און די פערד גופא.

מ׳האָט אונדז אָפּגעגעבן אַ טייל פון אַ פוסטער כאַטע, אַנטקעגן דער קאָלכאָזנער קאַנצעלאַריע. קיין שום מעבל איז דאָרט נישט געווען: נישט קיין טיש, נישט קיין בעטן, נישט קיין בענקלעך און אַפילו נישט קיין פּריטשע; דערפאַר אָבער אַ גע־רוימע פּאָדלאָגע. מיר דאַרפן דען איצט מער ווי אַ פּאָדלאָגע? האָבן מיר זיך אויסגעלייגט גערוים, אויף אַ היפּשער דיסטאַנץ איינער פון אַנדערן און זיך גע־קוויקט מיטן רחבות. אַ מחיה צו ליגן נישט אין ענגשאַפט, צונויפגעדריקט ווי הערינג גוף אין גוף. ליגסט ווי אַ גראַף, ווי דו ווילסט, אַפילו מיט צעשפּרייטע הענט איןביידע זייטן. קיינער שטערט דיך נישט. קיינעם שטערסטו נישט. האָט מען טאַקע אַ שלאָף געגעבן די ערשטע נאַכט בנשימה אחת.

לכתחילה האָט אונדז דער בריגאַדיר קיין שווערע אַרבעט נישט געגעבן. מיר האָבן געמייסטרעוועט, פאַרריכט דעכער, קראָקוועס און פאַרקאַנעס. מ׳האָט אונדז אַפילו נישט געפרעגט, צי מיר קענען די דאָזיקע אַרבעט. מ׳האָט אונדז געגעבן העק מיט אַ זעג און — גייט אַרבעט! און אין דער אמתן האָבן מיר אַלץ געמאַכט

וואָס דער בריגאַדיר האָט געהייסן. אין רוסלאַנד, האָבן מיר געזען, דאַרף מען זיך אַלץ אונטערנעמען — קענסט יאָ, צי דו קענסט נישט; מאַך גוט, אָדער מאַך שלעכט — נאָר מאַך! נו, האָבן מיר געמאַכט.

מיר האָבן געהאַט אויך צייט צו פאַרלייגן שייטערס און קאָכן זופּקעס אין אונדזערע קעסעלעך. קיין קיך אין „קאָנפּערמאַ" איז נישט געווען — פלעגן מיר קריגן אין קאָלכאָז־מאַגאַזין „סוכאָי פּאַיאָק", פּראָדוקטן אין רויען צושטאַנד: ברויט, הירזשע, אַ ביסל קאַרטאָפל. אַמאָל אויך — אַז אַן אָקס פלעגט פאַלן — צו שטיקלעך פלייש מיט ביינער. מער ביינער ווי פלייש. דער דאָזיקער „נס" האָט געטראָפן ערשט אויפן פינפטן טאָג. דאַמאָלס האָבן מיר געהאַט אַ יום־טובדיקן „אַביעד"; אַ זופּקע מיט „אויגן". פלייש אַרום די ביינער איז נאָר געווען אויף צו דערמאָנען זיך דעם טעם פון פלייש. נאָר „סימבאָליש"...

איז געווען פאַר אונדז אַ קורצע „אידיליע" אין קאָלכאָז „9טער יאַנוואַר". בייטאָג געאַרבעט נישט אַזוי שווער, כמעט ווי נישט געווען הונגעריק און ביי־נאַכט געגאַסן פונעם „רחבות" אויף דער פרייער פּאָדלאָגע. וואַרעם איז דאָך געווען — זומער־לעבן! — האָט מען זיך אַפילו פאַרגונען אויסצוטאָן און אויסבעטן די מלבושים אונטער זיך: אַ „קייזערלעך" געלעגער ממש! אין פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, זענען מיר אַפילו אַוועק זיך אויסבאָדן אין דער אָזיערע, וואָס אויפן וועג צום כוטאָר, און פאַר איינוועגס שוין דאָרט אויסגעוואַשן אַ פּאָרל וועש. געמאַכט זיך ריינער, באַקוועמער, היגיענישער. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן פילן בקו מענטש. ס'האָט זיך שוין געדאַכט, אַז מ'קאָן דאָ זיך ווי עס איז איינלעבן אויף אַ געוויסער צייט און אָפּרוען זיך פון די בראָדיאַגישע אַרומבלאָנקענישן...

***

איין אָוונט האָב איך זיך באַקענט מיט אַ יידישער פרוי, וואָס האָט געוווינט בשכנות פון אונדז, אַ טיר נעבן אַ טיר, אין דער „דיעט־יאַסלאָ" (טאָג־היים פאַר קליינע קינדער), ווו זי האָט געאַרבעט ווי אַ דערציערין. זי איז געווען אַן עוואַקויִרטע פון אוקראַינע. זי איז געווען אַליין, אָן איר מאַן. איר מאַן איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי.

דאָס בין איך אַלץ געוואָר געוואָרן אין די ערשטע מינוטן פון אונדזער באַקאַנטשאַפט, בעת מיר האָבן זיך צערעדט, פון שוועל צו שוועל. כ'בין אומבאַמערקט פאַר אונדז ביידן באַלד אַריבערגעגאַנגען צו איר שוועל און אונדזער שמועס איז געוואָרן היימישער. זי האָט מיך אויסגעפרעגט פּרטים: פון וואַנען און ווי אַזוי איך בין אַריינגעפאַלן אין זייער מדינה?... אַז כ'בין נישט געקומען אַהער אויפן נאָרמאַלן וועג, מיטן גוטן ווילן — דאָס איז פאַר איר קלאָר. האָב איך איר

אין קורצע ווערטער דערציילט. דערציילט אגב אַ פּאָר פּרטים פון מיין געוועזענעם לעבן... איך האָב איר געזאָגט, אַז נישט תמיד בין איך געווען אין אַזאַ הולך... דערביי האָב איך אַרויסגענומען מיין וואַרשעווער פּאַטאַ, וואָס איז מיר צופעליק געבליבן ווי אַ זכר.

די פרוי האָט אַ בליק געטאָן אויפן בילד און נישט געקאָנט די אויגן אָפּרייסן.

— באָזשע מאָי, דאָס זענט איר?! — זאָגט זי אַ פאַרחידושטע. — עך, דאַליאַ, דאַליאַ!

און זי הערט נישט אויף צו קוקן. קוקט אויפן בילד און קוקט אויף מיר. כ׳באַמערק, אַז אירע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן. אפשר האָט מיין פּאַטאַ איר אָן עמיצן דערמאָנט? אָדער איז זי געריִרט געוואָרן ביז טרערן פון מיין פאַרוואַנדלונג? פון מיין ביטערער „דאַליע״?...

אירע טרערן האָבן מיך געמאַכט שווייגנדיק. ס׳איז שווער געווען אין די רגעס מיט איר צו ריידן, דערציילן איר.

פון דאַמאָלס אָן פלעג איך אַלע אָוונט מיט איר זיצן אויף דער שוועל פון „דיעט־יאַסלאַ״ און שמועסן מיט איר. אַז די מאַמעס פלעגן נאָך דער אַרבעט צו־נעמען די קינדער אַהיים אויף ביינאַכט, פלעגט זי האָבן צייט. נישט אָפּגערעד־טערהייט פלעגט זי שוין וואַרטן אויף מיר, כ׳זאָל אַרויסקומען און צוגיין צו איר.

איין אָוונט האָט זי מיך אַפילו אַריינגעבעטן אינעווייניק און מכבד געווען מיט „גאַלושקעס״ און מיט „קיפּיאַטאָק״ צום פאַרטרינקען. — במקום אַ טעצל קאַווע... ס׳האָט זיך ביי אונדז געשאַפן גוטע שכנהשאַפט. און אַז מען עסט, מען טרינקט צוזאַמען, ווערט מען נאָך היימישער, רעדט מען נאָך פרייער, היט מען זיך נישט אַזוי מיט אַ וואָרט. געווען רגעס, ווען איך האָב געפילט, אַז איך זיץ מיט אַ היימישן מענטשן, אין אַ היימישער סביבה, אין אַ היימישער שטאָט. אַזאַ שטימונג קאָן באַשאַפן ווערן נאָר דורך אַ פרוי מיט אַ וואַרעם בליק, מיט אַ צערט־לעך וואָרט — מעג עס זיין אַפילו אין דער ערגסטער, וויסטער פאַרוואָרפנקייט.

איז אויך געווען אַ רגע, ווען זי האָט מיר מיט אַ שטילערן טאָן, זיך אַרומ־קוקנדיק אינסטינקטיוו, דערציילט, אַז אויך זי האָט אַ חלק צו קאָמי — צו יענע צפונדיקע לאַגערן, פון וואַנען איך בין געקומען... זי האָט דאָרט אַ ברודער... שוין פיר יאָר ווי ער ווערט דאָרט פאַרפינצטערט...

— אַזוי פירט זיך עס ביי אונדז... — גיט זי צו מיט פּיין אין דער שטים.

איצט פאַרשטיי איך שוין פאַרוואָס מיין פּאַטאַ האָט זי אַזוי געריִרט: זי האָט געזען באַשיינפּערלעך וואָס דער לאַגער מאַכט פון אַ מענטשן...

— ווי איך זע, — זאָג איך, — איז אין אייער „סאָוויעטסקי סאָיוז״ נישטאָ קיין משפּחה, וואָס האָט נישט קיין חלק צו די לאַגערן.

# אויף שליאַכן פון הפקר

— יאָ, יאָ, צו אונדזער אומגליק... ביי אייך אין פוילן, און אין דער גאַנצער וועלט, ווייסט מען נישט פון אַזאַ צרה...

איך האָב מער מיט איר וועגן דעם נישט גערעדט. צו וואָס אָנרירן אַ וווּנד, וואָס טוט אַזוי ווי און צו וועלכער ס׳איז קיין רפואה נישטאָ? געזינטער נישט צו ריידן דערפון — סיי פאַר איר, סיי פאַר מיר...

**
*

אַז מיר האָבן געענדיקט די לייכטערע אַרבעטן אין די שפּייכלערס און פערד־שטאַל, האָט מען אונדז געגעבן אַ שווערערע מלאכה: צו שמירן די ווענט און די דעכער מיט ליים. די קיביטקעס מוז מען אַלע יאָר איבערשמירן. די ליים־כאַטעס און ליים־געביידעס ווערן דורכן יאָר צעשווענקט פון רעגנס. די ווענט און דעכער פלאַצן און ווערן אָפּגעפליקט. טאָמער שמירט מען זיי נישט זומער־צייט, קאָנען זיי האַרבסט־צייט, בעת די רעגנס, אינגאַנצן צעשאָטן ווערן. און שווער געווען איז נישט אַזוי דאָס שמירן, ווי דאָס קנעטן מיט באָרוויסע פיס דעם ליים, אויסגעמישט מיט דראָבנעם שטרוי. די פיס פלעגן זיך קלעפּן אינעם ליים און ס׳איז געווען נישט קיין קליינע מאַטערניש צו מאַכן די כסדרדיקע איבונגען מיט די פיס אַרויף־אַראָפּ, אַרויף־אַראָפּ. אַזוי כסדר. אַ שווייס פלעגט בעמען רינען איבערן פּנים. היינט דאָס שלעפּן אויף דעם לייטער די פולע עמערס ליים פאַרן דאַך! אַזאַ משא האָט מיר דאָס האַרץ אָפּגעריסן. און טאָן האָב איך עס געמוזט, גלייך ווי מיינע אַנדערע צוויי „שותפים". מיר פלעגן זיך בייטן מיט דער אַרבעט לויט אַ ריי. יעדער איינער האָט געמוזט האָבן זיין גלייכן חלק סיי ביים שמירן אויבן דעם דאַך, סיי ביים שלעפּן אויפן לייטער די עמערס ליים. פון אַזאַ אַרבעט פלעג איך קומען פאַרנאַכט אין דער כאַטע אַ פאַרחלשטער און פלעג זיך אַ וואַרף טאָן אויף דער פּאָדלאָגע ווי אַ טויטער. כ׳פלעג אַפילו נישט האָבן קיין כוח צו נעמען זיך פאַרען ביי אַ שייטער, כדי צו מאַכן זיך עפּעס צום זופּן.

כ׳ליג און טראַכט: „ס׳אַראַ געפּייניקט לעבן אין דער „סאָציאַליסטישער" מדינה! אויב מ׳גיט שוין יאָ ערגעץ די „פּייקע" ברויט, מוז מען אָוועקלייגן דערפאַר די כוחות, די לעצטע כוחות!... אַלצאיינס, אין לאַגער, צי אויף דער פריי — — —

אַברהם זאַק

# 6

# דער רייץ פון אַ פוילישן פּאַס

זונטיק — אין „וויכאַדנאַי״ — פאַרברענגען מיר עטלעכע שעה ביי דער אָזיערע. מען באַדט זיך, מען ברענט זיך אויף דער זון און מען וואַשט, הגם אָן זייף, די העמדער. די נאַסע העמדער לייגט מען אויס אויפן גראָז און די זון טריקנט זיי גיך אויס. ביי דער אָזיערע טרעפן מיר זיך מיט אַנדערע פוילישע — יידן און פּאָליאַקן, דאָס רוב יידן, — וואָס אַרבעטן דאָ אין די שכנישע קאָלכאָזן.

מיר ווערן געוואָר נייס: אין טשקאַלאָוו גיט די פוילישע דעלעגאַטור אַרויס פּעסער אַלע פוילישע בירגער. מיר כאַפּן זיך אָן דעם אָן. עס דערפרייט, גלייך ווי דער פוילישער פּאַס וואָלט זיין אַ סגולה צו די צרות. איבעריקנס, אפשר קאָן ער טאַקע אַמאָל פאַרלייכטערן? ווער ווייסט?

— מיר מוזן פאָרן נאָך פּעסער! — באַשליסן מיר.

מיר דערוויסן זיך אויך פון די פוילישע יידן ביי דער אָזיערע, אַז אין „סעל־סאָוויעט״ מיאַרטוואָסאָל געפינט זיך איצט אַ „פוילישער פונקט״ — אַ פאַרשטייער פון דער טשקאַלאָווער פוילישער דעלעגאַטור, אַ פּאַני פּעסטאָווע; אַז זי איז אַגב נישט קיין קליינע אַנטיסעמיטין... אַז זי באַקומט עפּעס צום פאַרטיילן פאַר די פוילישע, קוקט זי גוט אויף דער נאָז. איז עס אַ ייד, איז די שטיצע אַ פּיל קלענערע. אָט האָט זי יענע וואָך אַרויסגעגעבן אַ געלט־שטיצע: האָבן פּאָליאַקן באַקומען צו 200 רובל און יידן נאָר צו 50 רובל... און דאָס איז געשען אין איין און דעם זעלבן אָוונט.

נאָך דעם זעלבן זונטיק זענען מיר זאַלבעדריט אַוועק קיין מיאַרטוואָסאָל. מיר האָבן קוים אויסגעזוכט די פּאַני פּעסטאָווע. זי האָט געוווינט אין אַ כאַטע ביי אַ „כאַזייקאַ״. ס׳איז שוין געווען אָוונט־צייט. אין דער כאַטע האָבן פאַרשמעקט היימישע ריחות פון דער הרובע. עס האָט זיך דאָרט געקאָכט און געפּרעגלט. אפנים דאָס האָט די „כאַזייקאַ״ צוגעגרייט „פּאַטראַוועס״ פאַר איר יחוסדיקער קוואַרטיראַנטקע צום אָוונט־ברויט.

די פּאַני פּעסטאָווע, — אַ הויכע, בלאָנדע, יונגע פרוי, — האָט אונדז אויפגענומען מיט קאַלטער רעזערווירטקייט; מיט קאַרגע, געציילטע ווערטער דורך פאַרשנירלטע קאַפּריזע ליפּלעך.

— צי דאָ איז דער „פוילישער פונקט״?

— אָ צאָ כאָדזי? (אין וואָס גייט עס?).

— מיר וואָלטן זיך וועלן רעגיסטרירן.
— ווו אַרבעט איר?
— אין קאָלכאָז „9טער יאַנוואַר".
— ווייזט אייערע פּאַפּירן.
מיר ווייזן איר די פּאַפּירן פון דער פּוילישער אַרמיי.
זי נעמט אַרויס אַ רשימה און פאַרשרייבט אונדז.
— איז אמת, — פרעג איך זי, — אַז די דעלעגאַטור אין טשקאַלאָוו גיט אַרויס פּוילישע פּעסער?
— טאַק יעסט (אַזוי איז עס).
דאָ גייט אַרויס יאַנקעלע מיט לשון:
— מיר האָבן געהערט, אַז איר גיט אַרויס שטיצע די פּוילישע בירגער. אפשר קאָנען מיר אויך באַקומען?
— צאָ טאַקיעגאָ? (וואָס אַזוינס?) — מאַכט זי זיך נישט הערנדיק און הויבט נישט אויף די אויגן פון דער רשימה.
— מיר האָבן געהערט, אַז איר גיט אַרויס אַ געלט־שטיצע.
זי האָט ערשט באַוויליקט אויפצוהויבן די אויגן און געענטפערט ווי נישט גערן:
— טאַק יעסט... איר קאָנט באַקומען צו 50 רובל.
יאַנקעלע לאָזט זיך נישט:
— מיר האָבן געהערט, אַז אַנדערע באַקומען צו 200 רובל.
— איר האָט געציילט ביי מיר די קאַסע? — ווערט זי שוין בייז און פאַר־שנירלט נאָך מער די ליפּלעך.
— מיר האָבן אַזוי געהערט.
— מער קיין געלט האָב איך נישט. צו 50 רובל קאָנט איר באַקומען.
— ניין, פּראָשען פּאַני, מיר ווילן נישט זיין קיין אויסנאַם.
— יאַק פּאַנאָוויע כצאָן. (ווי איר ווילט). מער באַקומט איר נישט.
— ניע, דזיענקויען באַרדזאָ. דאָבראַנאָץ! (ניין, אַ שיינעם דאַנק. אַ גוטע נאַכט!).
און מיר זענען אַוועק דעמאָנסטראַטיוו, נישט נעמענדיק גאָרנישט.
— וואָס זאָגט איר צו דער נבילה? — כעסט זיך יאַנקעלע ביים אַרויסגיין.
— אַן אַנטיסעמיטיש שטיק! — זאָגט סאָלאָמאָן און קרימט איר איבער, נאָכמאַכנדיק איר שטים: — „יאַק פּאַנאָוויע כצאָן". פּשיאַ קרעוו!
— זיי, די פּאָליאַקן, קאָנען פון זייער הויט נישט אַרויס. — פּאַרטייטש איך מיר עס.

צומאָרגנס זענען מיר אַריין צום „פּרעדסיעדאַטיעל“ און אים דערקלערט, אַז מיר מוזן פאָרן קיין טשקאַלאָוו צו דער פּוילישער דעלעגאַטור נאָך פּאַספּאָרטן. ער האָט נישט איבערגעפרעגט און גלייך מסכים געווען. זעט אויס, אַז קיין צו גרויס נחת פון אונדזער אַרבעט האָט ער נישט. ביי דעם עבודת פּרך, בחומר ובלבונים,ביים שמירן די ליימיקע ווענט און די דעכער זענען מיר קנאַפּע „סטאַ־כאַנאָווצעס“ אין די אויגן פון בריגאַדיר און „פּרעדסיעדאַטיעל“. אַרט אים נישט, אַז מיר פאָרן.

מיר זענען געפאָרן ביינאַכט מיטן „פּריגאָראָדנעם“ און אָנגעקומען קיין טשקאַ־לאָוו באַגינען. מיר האָבן נאָך געהאַט גענוג צייט ביזן גיין אין דער דעלעגאַטור. מיד פון דער שלאָפלאָזער נאַכט זענען מיר געווען, האָבן מיר זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז אין אַ סקווערל, נישט ווייט פון לענין־פּאַרק. אַז מיר האָבן זיך אויפ־געוועקט, האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז מ׳האָט אונדז באַגנבעט: ביי מיינע „שותפים“ האָבן געפעלט די „קאָטיאָלקעס“ מיט שטיקלעך ברויט אינעווייניק. אפנים, אויך אין טשקאַלאָוו שלאָפן נישט די גנבים...

אַרום דער דעלעגאַטור האָט עס געראַיעט פון פּוילישע: ייִדן, פּאָליאַקן. ווער ס׳איז געקומען, אַזוי ווי מיר, נאָך פּאַספּאָרטן; ווער נאָך שטיצע; ווער סתם פון ליידיקגיין און כדי צו טרעפן זיך דאָ מיט „ראָדאַקעס“. אין די קאָרידאָרן זענען אויך געלעגן קראַנקע, קאַליקעס, געשוואָלענע, צעפּרעסענע פון מאַלאַריע, פון ציג־גאַ, פאַרשלעפּטע פון די לאַגערן... זיי האָבן געוואַרט, די קראַנקע, מ׳זאָל זיי ראַ־טעווען; מ׳זאָל אַנידערלייגן זייערע גופים ערגעץ אויף אַ בעטל אין אַ שפּיטאָל... ווייל אויך אין די שפּיטאָלן איז שווער זיך אַריינצובאַקומען. אומעטום איז פול. אומעטום הערט מען איין פּזמון:

— ניעט מעסט... (נישטאָ קיין ערטער...).

מיר האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ טישל, ווו מ׳דערליידיקט פּאַספּאָרטן.

דער באַאַמטער בעט די פּאַפּירן. מיר גיבן אים די פּאַפּירן פון גוזאַר.

— ווייזט די „אודאָסטאָווערעניע“ פון לאַגער.

איך ווייז אים. מיינע „שותפים“ קאָנען עס נישט געבן, ווייל זיי זענען דאָך אין קיין לאַגער נישט געווען.

— פּאַספּאָרטן גיבן מיר דערווייל אַרויס נאָר די יעניקע, וואָס קומען פון די לאַגערן... — דערקלערט דער באַאַמטער.

— סטייטש? מיר זענען דאָך אויך פּוילישע בירגער. מיר קומען פון גוזאַר, פון דער פּוילישער אַרמיי.

— ניעסטעטי... (צום באַדויערן...).

און צו מיר זאָגט ער:

— איר קומט פינף אַזייגער פאַרנאַכט, וועט שוין זיין צוגעגרייט אייער פּאַס. ברענגט מיט צוויי פאָטאָגראַפיעס. דאָ ווידזעניאַ! פּראַשען נאַסטענפּנעגאָ! (צום ווידערזען! כ׳בעט דעם ווייטערדיקן פון רייז).

מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס. מיינע צוויי קאָלכאָז־„שותפים" זענען געווען שטאַרק אַנטוישט.

— איר האָט מזל, — זאָגט מיר יאַנקעלע נישט אָן קנאה.

— בעת מ׳האָט מיך פאַרשיקט אין קאָמי, האָט איר מיך גאָרנישט מקנא געווען... — ענטפער איך.

בשכנות, נישט ווייט פון דער דעלעגאַטור, האָב איך זיך געלאָזט מאַכן אַ מאָמענט־פאָטאָגראַפיע און פון דאָרט האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט מעסטן די גאַסן. דעם גרעסטן טייל פון דער צייט האָבן מיר פאַרבראַכט אויפן ריזיקן באַזאַר. דער לעבעדיקסטער אָרט אין שטאָט. אויף צו קאָנען געניסן פון טשקאַלאָווער באַזאַר מוז מען אָבער פריִער האָבן אַ גוטע געלעגנהייט זיך „אָן עצה צו געבן". מיט מיר איז נאָך אָבער נישט דערווייל דער פאַל.

איך קוק זיך צו אין דער פּראָדוקטן־האַלע, אַז ווער עס קאָן זיך פאַרגינען; ווער עס „גיט זיך אָן עצה", — עסט וואָס עס לאָזט זיך. אַלץ איז דאָ פאַראַן: פּוטער, קעז, ווורשט, ווייסע בולקעלעך. רוסישע ווייבער פאַרקויפן אויך הייסע קאָטלעטן, זופּקעס, „שטשי", מילך, קאַווע, קאַקאַאָ. מען בעט זיך, מען לייגט פאָר פון אַלע זייטן, פון אַלע געשטעלן:

— פּאַזשאַלויסטאַ, גראַזשדאַנין!

געטראָפן זיך אויך מיט פּוילישע יידן־פּליטים פון פאַרשיידענע קאָלכאָזן און ראַיאָנען. רעדט מען וועגן דעם, וואָס יעדער איינער באַקומט אין זיין קאָלכאָז; וואָס פאַר אַ „גליקן" מען האָט דאָ אין דער געגנט. זעט מען, אַז אין ערגעץ „לעקט מען נישט קיין האָניק". אַז פאַר דער „פּייקע" ברויט דאַרף מען געבן אַ פּלייצע.

— אמת, — זאָגט איינער, — אין מיטל־אַזיע האָבן מיר געהאָרעוועט בחינם, פאַרן טייוול; דאָ אָבער גייט מען נישט אויס אַזוי נאָכן דאַרן שטיקל ברויט ווי דאָרט.

— און ווען, רבותי, וועט מען פאָרן קיין וואַרשע? — וואַרפט אַריין אַ פראַגע אָן אַנדערער אין רעדל.

— מסתמא ווען טשוועקעס וועלן בליִען... — ענטפערט, אַ רעזיגנירטער, אַ פּליט אין אַ צעשאָסענער פופייקע, מיט אַ ווילד־צעוואָקסן בערדל אַרום נאָך אַ יונגן פּנים.

— טאַקע אויס מיט וואַרשע?... אויס מיט אַלץ?...

— אַזוי איז עס. דער דייטש נעמט איין די וועלט.

— מ׳קאָן נאָך גאָר נישט וויסן! — האָקט ווער איבער דעם בעל־יאוש. — לאַכן לאַכט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער.

מיט שווערע הערצער זעגנען מיר אָוועק פון באַזאַר.

פינף פאַרנאַכט האָבן מיר מיינע קאָלכאָז־„שותפים" באַגלייט אין דער דע־לעגאַטור. מיין פּאַס איז שוין טאַקע געווען גרייט פאַר מיר. מ׳האָט נאָר אַרויפ־געקלעפּט מיין פאָטאָ און זי געשטעמפּלט. צוריקגעבנדיק מיר די לאַגער־צייגעניש, האָט מיר דער באַאַמטער געזאָגט:

— פּראָשען פּאַנאַ, היט עס אָפּ ווי אַ רעליקוויע. דאָס וועט אייך צונוץ קומען.

כ׳בין אַרויס צו מיינע קאָלכאָז־„שותפים" מיט טריומף: אַ קלייניקייט, אַ פּוילישער פּאַס! מיר האָבן אים באַקוקט און שטודירט פון א׳ ביז ת׳. ס׳איז געווען איין גרויסער בויגן אין דריי שפּראַכן: פּויליש, רוסיש און פראַנצויזיש. צום סוף איז געווען צוגעגעבן אַ באַמערקונג, אַז די אינסטיטוציעס אין לאַנד ווערן געבעטן אַרויסצוווייזן דעם באַזיצער פון פּאַס, דעם פּוילישן „אָביוואַטעל" (בירגער) אַלע מעגלעכע פאַרלייכטערונגען און הילף.

— ווייזט דעם פּאַס דער פּאַני פּעסטאָוואַ — עצהט מיר יאַנקעלע, — טשי־קאָווע, צי די דאָזיקע נבילה וועט איצט באַווילקן אייך צו געבן 200 רובל, אַזוי ווי זי גיט די פּאָליאַקן.

— כ׳וועל טאַקע פּרווון, — בין איך מסכים, — כדאי טאַקע צו וויסן.

ווידער אַ נאַכט אין וועג. דער „פּריגאָראָדני" האָט זיך דאָס מאָל געשלעפּט ממש ווי אַ שילדקרעט. באַלד הינטער טשקאַלאָוו, ביי דער סטאַנציעלע סאָבאַטשי כוטאָר, האָט ער געמאַכט יענעם אָפּשטעל. פאַרשטאָפּט געווען דער „פּוט׳" (וועג). שפּעטער ווידער איז דער „פּוילאַק" געשטאַנען אויף פיל „ראַזיעזדן" גאַנצע בודנע שעהן. דאָ האָט אים פאַרפעלט וואַסער אין רעזערוואַר; דאָ איז דער לאָקאָמאָטיוו „פאַרשלאָפט" געוואָרן; דאָ האָט ער געמוזט אַדורכלאָזן אַ „ווסטרעטשנעם" צוג. בעתן אָנקומען אויף דער סטאַנציע סאָל־אילעצק איז שוין געווען גרויער טאָג.

— ווייסט איר גאָר וואָס? — זאָג איך צו מיינע מיטפאָרער. — כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז איך דאַרף זיין אין סאָל־אילעצק אויף דער פּאָסט. פאָרט ווייטער אַליין און גריסט דעם „פּרעדסיעדאַטיעל"... מסתמא בענקט ער דאָך נאָך אונדז... כ׳וועל קומען מיט אַ שפּעטערדיקן צוג.

כ׳האָב זיך אַראָפּגעכאַפּט אין שטאָט און איידער וואָס־ווען איז מיר שוין קיין סך נישט אויסגעקומען צו וואַרטן ביז מ׳האָט געעפנט די פּאָסט.

טאַקע געטראָפן: געווען פאַר מיר אַ בריוו „דאָ וואָסטרעבאָוואַניאַ" (פּאָסט־רעסטאַנט). אַ בריוו פון בערנאַרד זינגערן. ווידער האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן מיט אַ היימישן גרוס פון טלאָמאַצקיע 13... הגם דער בריוו איז נישט פון וואַרשע,

נאָר פון קויבישעוו; אָבער פון אַן אייגענעם, פון אַ פּען־קאָלעגע. דער דאָזיקער בריוו איז פאַר מיר געווען ווי אַ דין פּעדעמל, וואָס פאַרבינדט מיך מיט דער אָפּגעריסענער וועלט... וואָס דערמאָנט מיר אָן אַן אַנדער אָרט, אָן אַן אַנדער צייט...

זינגער שרייבט צ״אַ:

„היינט־מאָרגן וועל איך אייך שיקן געלט״.

„אין דער נאָנטסטער צייט וועט אַ טייל פון דער פּוילישער אַרמיי אויפסנייַ אַרויספאָרן און איר געפינט זיך אין דער רשימה פון די, וועלכע מען דאַרף אַרויס־שיקן אויסער דער ריי. איך אַליין פאָר אָפּ מן הסתם שוין מאָנטיק דעם 13טן יולי. איך בין אָבער אין אַ זייער שווערן געמיט און די נסיעה פרייט מיך אַבסאָלוט נישט. נחום — מיין זון — איז געפאַלן בעת די שלאַכטן אין ליביע. איך האָב שוין נישט קיין חשק אָנקוקן די וועלט און האָב אויך נישט קיין מוט קוקן מיין פרוי אין די אויגן״...

„וואַרט אויף ווייטערדיקע ידיעות, וועלכע עס וועט אייך שוין ליפערן דער חבר זיידעמאַן *), וועלכער בלייבט דאָ אין קויבישעוו. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך פאַרנעמען מיט אייער ענין״.

דער בריוו האָט מיך געפרייט און גלייכצייטיק געמאַכט אומעטיק: טאָמער האָב איך שוין אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט אַ היימישן — פאַרליר איך אים איצט. צי וועט זיידעמאַן — וועמען איך קען אַפילו נישט פערזענלעך — טאָן פאַר מיר אין דער אַמבאַסאַדע וואָס בערנאַרד זינגער וואָלט געטאָן? ווער וויסט?

יאָ, הייסט עס, פאַראַן אַ שטיקל האָפענונג: איראַן! ווען דאָס וואָלט טאַקע מקוים געוואָרן! דאָס האַרץ האָט מיר אַזש אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן...

פון סאָל־אילעצק האָב איך אין דאָזיקן פרימאָרגן אַוועקגעשיקט אַ בריוו אויך קיין בוכאַרע — צו וואַלדמאַנען. ער זיצט דאָך אויף אַן אָרט, קאָן מען צו אים שרייבן. אַגב ווילט זיך וויסן וואָס עס מאַכט זיין פרוי, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט אַ שוואַכע און קראַנקע. וואַלדמאַן וויים אפשר אויך ווו עס געפינט זיך איצט צ. ז. — מיין היימישער וואַנדער־חבר. ווי גערן וואָלט איך זיך מיט אים ווידער צונויפגעגאַנגען, לויז ווערנדיק פון מיינע איצטיקע צוויי „שותפים״, וועלכע זענען מיר דאָך נישט צום האַרצן.

אַן אַנדער צוג — אַ ווייטער פּאַסאַזשיר־צוג — האָט מיך מיט עטלעכע שעה שפּעטער געבראַכט אויף מיין 23סטן „ראַזיעזד״. קיין בילעט צום דאָזיקן צוג האָט מען נישט פאַרקויפט אָן אַ „קאָמאַנדיראָווקע״, — בין איך, ווי תמיד, געפאָרן אויף די וואַגאָן־טרעפּ. שוין געוווינט דערצו.

---

*) זון פון אַמאָליקן סיים־דעפּוטאַט אַהוו׳ שמעון זיידעמאַן.

דערשלעפּט זיך אַ מידער צו דער כאַטע. סאָלאָמאָן און יאַנקעלע זענען נאָך געשמאַק געשלאָפן נאָך דער שלאָפלאָזער נאַכט. כ׳האָב זיך אויך אַ וואָרף געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע און איינגעשלאָפן מיט אַ וואַרעם געפיל: פון איין זייט — די האָפענונג: איראַן! פון דער צווייטער זייט — דער פּוילישער פּאַס! דער פּאַס האָט מיר געגעבן מער רויִקייט, מער זיכערקייט. גלייך ווי ער וואָלט פאַר מיר געווען אַ שוץ, אַ קמיע קעגן בייזע רוחות... דער פּאַס האָט גענערט טיף אין האַרץ די האָפענונג, אַז כ׳וועל נאָך אַמאָל ווידער זען די פאַרלוירענע היים, די נאָענטע — —

אין אָוונט זענען מיר ווידער געגאַנגען צו דער פּאַני פּעסטאָוואַ אין מיאַרטוואָ־סאַל. ס׳איז געבליבן, אַז איך גיי אַריין אַליין צו איר אין כאַטע און זיי ביידע וועלן וואַרטן אויף דרויסן: אויב זי וועט מיר געבן 200 רובל, וועלן זיי נאָכדעם אויך אַריינגיין צו איר. אָבער פּאַני פּעסטאָוואַ איז געווען „קאָנסעקווענט"... אַן אַנטי־סעמיטקע אָן „אָפּנייגן"... אויך דאָסמאָל האָט זי זיך געהאַלטן ביי איר ציפער פאַר ייִדן: 50 רובל. און אויך דאָסמאָל האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען.

— כ׳בין אַ פּוילישער בירגער מיט אַ פּוילישן פּאַס, גלייך ווי אַלע פּאָליאַקן.

זי האָט אָנגעקוקט מיין פּאַס און זיך געמאַכט נישט הערנדיק מיינע שטעך־ווערטער.

— איר האָט געהאַט גליק, — זאָגט זי מיר, — נעכטן איז געווען דער לעצטער טאָג פון אַרויסגעבן פּוילישע פּעסער. די סאָוועטישע מאַכט האָט עס אָפּגעשטעלט.

— פאַרוואָס עפּעס ?

— די סאָוועטישע מאַכט האַלט מסתמא, אַז מיר זענען נישט מער קיין פּוילישע בירגער...

— דאָס וואָלט געווען גאַר טרויעריק.

— וולאַשניע, וולאַשניע, באַרדזאָ סמוטניע... (אמת, אמת, זייער טרויעריק...).

— וויענץ? (בכן?) — פרעג איך צולעצט וועגן געלט.

— נעמט דערווייל 50 רובל. איך האָב מער נישט.

— איך נעם נישט פּרינציפּיעל ווייניקער ווי אַנדערע האָבן געקריגן.

און כ׳בין אַרויס מיט גאָרנישט.

„אַ שאָד — טראַכט איך — וואָס בערנאַרד זינגער פאַרט אַוועק. כ׳וואָלט אים געשריבן וועגן דער פאַרשווינטע — זאָל ער מאַכן אַ שטיקל טומל אין דער אַמבאַ־סאַדע קעגן אַזעלכע לייט"...

אפשר זיך גיין קלאָגן אין דער טשקאַלאָווער דעלעגאַטור? — נישטאָ דאָרט אויך מיט וועמען צו ריידן. אַלע פּאָליאַקן זענען דאָרט אפּנים פון זעלבן זשאַנער. פּעסטאָוואַ ווייס, אַז זי האָט זיך אויף וועמען צו שטיצן.

מיינע „שותפים" אויף דער גאַס האָבן מיך באַגעגנט מיט אַ פרעג־צייכן: „נו?"

— פעסטאָוואַ ווערט נישט נתפעל פון פוילישן פּאַס, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ייִדן... — ענטפער איך זיי. — איבעריקנס, אין פוילן גופא האָבן דאָך אַלע ייִדן געהאַט פּוילישע פּעסער, גלייך ווי די פּאָליאַקן. נו, האָט עס דען געהאַט אַ פּעולה אויף די אַנטיסעמיטן?...

כ'דערציייל זיי אויך די נייס, וואָס כ'האָב פון איר געהערט: אַז שוין אויס מיט די פּוילישע פּעסער.

— כ'האָב מורא, מיר זענען גוט „אין פּעקל"... — באַמערקט יאַנקעלע.

— ווער ווייס, צי מיר וועלן נאָך פון דאַנען אַרויס... — זאָגט סאָלאָמאָן נעבעכדיק.

און אין דערזעלבער שטימונג גיב איך נאָך צו:

— איר ווייסט וואָס די רוסן אין לאַגער פלעגן אונדז שטענדיק זאָגן? — „דיין לינק אויער זעסטו? אַזוי וועסטו אַנזען דיין וואַרשע"...

שוין אויפן וועג צוריק צו אונדזער קאָלכאָז פאַרהאַלט זיך פלוצלונג יאַנקעלע:

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? לאָמיר גיין נעמען צו 50 רובל. פון אַ חזיר אַ האָר איז אויך גוט. אַז איך גיי אויס פאַר אַ גראָשן.

— איך אויך, — זאָגט סאָלאָמאָן.

מיר קוקן זיך אַלע איבער אַ ווייל און עס בלייבט טאַקע אַזוי. מיר קערן זיך אום און שיטן זיך אַלע אַריין צו דער פעסטאָוואַ.

— מיר נעמען דערוויל צו 50 רובל — זאָגן מיר — בתנאי, אַז איר וועט אונדז צוגעבן בעת איר וועט האָבן.

— דאָבזשע, — איז זי מסכים.

צוזאָגן קאָסט דאָך גאָרנישט.

## 7

## די „גאָלדענע" אַרבעט

ווידער אַריין אין שפּאַן פון אַרבעט. ווידער טעג בחומר ובלבונים, ביי די ליים־ווענט און ליים־דעכער. געקנאָטן דעם ליים אין גרוב און געשלעפּט די עמערס אויפן לייטער, געשמירט און געשלעפּט. די „פּייקע" פאַרדינט בוכשטעבלעך בזעת אפּים.

אַז מיר האָבן געענדיקט מיט די ווענט און די דעכער האָט מען אונדז גענומען

צו אַן אַנדער אַרבעט — אַ „גאָלדענע" אַרבעט: „קיזיאַק". קיזיאַק" איז אַ היימי־שער הייץ־מאַטעריאַל, וואָס ווערט באַנוצט דער עיקר אין קאַזאַכסטאַן, ווו ס'איז תמיד אַ דוחק אין האָלץ און אין קוילן. דער „קיזיאַק" ווערט געמאַכט פון בהמהשן און פערדישן מיסט. מען מישט דעם מיסט מיט צעדרויבלטן שטרוי און וואַ־סער, מען פאַרוואַנדלט אים אין אַ געדיכטער קאַשע און פון דער קאַשע מאַכט מען דיקע „פלעצלעך" אָדער ציגל, אין אַ ציגל־פאָרם. די דאָזיקע „פלעצלעך" אָדער ציגל לייגט מען דאַן אויס טריקענען אויף דער זון. „כאַזייקעס" מאַכן די „פלעצלעך" אויף אַ היימישן אופן — אַלץ מיט די הענט און מיט די פיס. מ'טראָגט צונויף ביי דער כאַטע אַ קופּע מיסט, שטרוי, מ'גיסט צו אַ ביסל וואַסער און מ'קנעט און מ'טרעט מיט די באָרוועסע פיס. אַז די מאַסע ווערט שוין גוט צעטראָטן, גראַבלט מען מיט די הענט אין דער געדיכטעניש און מ'מאַכט די „פלעצלעך". ביי יעדער כאַטע ליגן דאַן אויסגעלייגט גאַנצענע שורות „פלעצלעך", וועלכע טריקענען זיך אַ לאַנגע צייט. אַז זיי ווערן שוין אַ ביסל שטייפער, לייגט מען זיי צונויף אין סטאָסן, אַזוי אַז אויך דער ווינט זאָל זיי דורכנעמען פון אַלע זייטן און טריקענען.

דער קאָלכאָזנער „קיזיאַק" ווערט געמאַכט מיט אַ ברייטערן פאַרנעם. דאָ אַרבעטן שוין אַ סך מענטשן. און נישט נאָר מענטשן, נאָר אויך פערד. מען פירט צונויף דעם מיסט אויף וועגענער פון די פאַשע־פעלדער, מען צעשאַרט אים אויף אַ פּלאַץ ביים דאָרף, מען באַשיט אים מיט שטרוי, מ'באַגיסט מיט וואַסער און עטלעכע פויערים אויף פערד פאָרן אַרום איבערן מיסט אין אַ כסדרדיקן קרייז. מ'פאָרט רייטנדיק איינער הינטערן אַנדערן, אַרום און אַרום אין קרייז. מ'פאָרט שעהן גאַנצע — אַזוי לאַנג ביז דער גאַנצער מיסט ווערט פון די פערד־טריט צעטראָטן און צעקנאָטן אַזוי ווי ליים. דאַמאָלס קומט די לעצטע סטאַדיע פון דער אַרבעט — מאַכן ציגל פונעם „ליים". די ציגל קומען אַרויס פון די פאָרמעס פּיר־קאַנטיק. זיי ווערן אויסגעלייגט אין לאַנגע, לאַנגע שורות דערנעבן אויפן פעלד צום טריקענען זיך.

אָט צו דער דאָזיקער אַרבעט האָט מען אונדז אויך גענומען. קיין ספּעציעלע קורסן האָט מען דערצו נישט געדאַרפט ענדיקן. מ'האָט נאָר געדאַרפט האָבן געזונטע ידים אויף אַנצונעמען שטיקער „ליים" און אָנפילן די הילצערנע פאָרמע, גוט איינפּרעסן, אַריינקוועטשן און אַרויסלייגן דאַן אין דער שורה. אַ חוץ די גע־זונטע ידים האָט מען אויך געדאַרפט האָבן „געדולדיקע" נאַז און לונגען, כדי צו קאָנען גלייכגילטיק אויפנעמען דעם כסדרדיקן שאַרפן עיפּוש. און היות ווי אומ־זיסט האָט אונדז דער קאָלכאָז „9טער יאַנוואַר" קיין ברויט נישט געגעבן, האָבן מיר אויך געמוזט שטיין איינגעבויגן איבער דער דאָזיקער „גאָלדענער" אַרבעט.

די גענוג שווערע מלאכה האָט אויך געהאַט די מעלה, וואָס זי פלעגט פאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט... קומענדיק פאַרנאַכט אין כאַטע האָט זיך נישט געגלוסט גאָר צו נעמען אַ שטיקל ברויט אין מויל. אין האַלדז איז געווען נאָך אָנגעפילט מיט די מיסט־ריחות און ס'האָט זיך רק געגלוסט צו שפּייען.

— נאָט אייך אַ לאַנד מיט „קיזיאַק"! — האָט געוואָרטשעט סאַלאָמאָן. — אין פּוילן האָט מען געוווּסט פון אַזעלכענע אומגליקן?

— אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד געווען פּוילן... — איראָניזירט יאַנקעלע. — טפו! פּשיאַ איך מאַטש! — פאַרענדיקט ער מיט אַ גרויסן שפּיי פונעם עקל־געפיל, וואָס שפּאַרט זיך פון זיין האַלדז.

## 8

## מיר גראָבן אַ קבֿרל

אַ נס וואָס מיר האָבן לאַנג ביי דעם דאָזיקן נייעם „פּאַך" נישט געאַרבעט — געציילטע טעג סך־הכל. איין טאָג, באַלד אין דער פרי, קומט אַריין צו אונדז אין כאַטע דער בריגאַדיר־אינוואַליד מיט דער אָנגעהאנגענער האַנט. אין דער צווייטער געזונטער האַנט האָט ער געשלעפּט צוויי רידלען.

— היינט אַרבעט איר נישט ביים „קיזיאַק", — זאָגט ער אונדז, — היינט וועט איר זאַלבעדריט גיין גראָבן אַ „מאָגילקאַ" (אַ קבֿרל).

— אַ קבֿר? ווער איז געשטאָרבן, טאָוואַרישטש בריגאַדיר?

— געשטאָרבן אַ קינד ביים טאָוואַרישטש פּרעדסיעדאַטיעל. קומט מיט מיר אויפן בית־עולם, וועל איך אייך ווייזן.

זענען מיר געגאַנגען מיטן בריגאַדיר צום קליינעם דאָרפישן בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט הינטערן דאָרף אויף אַ קליינעם בערגל.

— אויפן קינד איז טאַקע נעבעך אַ רחמנות, — זאָגט צו מיר יאַנקעלע אויפן וועג, — אָבער גראָבן אַ קבֿר איז גרינגער איידער מאַכן „קיזיאַק". גרינגער און נישט איבלדיק.

— פונדעסטוועגן, — ענטפער איך, — דאַרפן מיר נישט זיין דאַנקבאַר דעם מלאך־המוות...

אויפן בית־עולם האָט דער בריגאַדיר אונדז אָנגעוויזן דעם פּלאַץ:

— אָט־אָ דאָ גראָבט. גראָבט אַ קנאַפּן מעטער די לענג, אַ 50—60 סענטי־מעטער די ברייט און אַ מעטער די טיף. פּאָניאַלי?

ער האָט שוין גענומען אַוועקגיין און זיך באַלד געכאַפּט:

— אַז איר וועט ענדיקן, גייט אַריין צום „פּרעדסיעדאַטיעל". זיין ווייב האָט געהייסן. זי וועט אייך אָנקאָרמענען.

— לאַדנאָ.

און ער איז אַוועק.

— וואָס זאָגט איר נישט דערצו, האָ? — רעדט סאָלאָמאָן, — דעם „אַדונס" ווייב אַליין וועט אונדז אָנקאָרמענען...

— אָבער ווער וועט עס קאָנען זיך זעצן עסן אין אַ שטוב, ווו עס ליגט אַ מת?... — זאָג איך.

— נישקשה, — מישט זיך אַריין יאַנקעלע, — מיר וועלן זיך שוין אַן עצה געבן.

מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. היות ווי מיר האָבן דאָך געהאַט נאָר צוויי רידלען, האָבן מיר געאַרבעט זאַלבענאַנד. פון צייט־צו־צייט פלעגט דער דריטער איינעם טוישן. דער ערשטער צום רוען האָט גענומען יאַנקעלע. ער האָט זיך געגעבן אַ צי אויס אויפן הויכן בית־עולם־גראָז, פאַררייסנדיק דעם קאָפּ צום הימל.

די ערד איז נישט געווען קיין איבעריק ווייכע. פון אָנהויב איז געווען גרינ־גער צו גראָבן. דער אויבערשטער ערד־שיכט האָט זיך לייכטער געגעבן. וואָס ווייטער איז דער באָדן געוואָרן האַרטער און די אַרבעט שווערער. אַז דער קבר איז געוואָרן עטוואָס טיפער, האָט עס שוין געפאָדערט מער אָנשטרענגונג ביים אַרויסשיטן די רידלען ערד.

מיר רוען אַ ביסל, שטייענדיק אָנגעלענטערהייט אויף די רידלען.

— העי, שלאָפסט גאָר? — שרייט סאָלאָמאָן צו יאַנקעלען, — אפשר וואָל־סטו גענומען אַ ביסל דעם רידל?

יענער מאַכט זיך נישט הערנדיק.

— העי, יאַנקעלע! וואָס מיינסטו, מיר זענען דיינע „פּרייערס"? — גייט שוין סאָלאָמאָן איבער אין אַ געבייזער.

און צו מיר זאָגט ער:

— קומט אַרויס. זאָל ער איצט גראָבן.

יאַנקעלע האָט זיך פויל אויפגעהויבן:

— אַ מחיה צו ליגן אין גראָז...

— קאָנסט דאָ ליגן ביז מאָרגן אין דער פרי, אָבער נישט אויף אונדזער חשבון.

— אָבער וואָס איז די אייל? וואָס האָט איר קיין צייט נישט? נישקשה, דער טויטער קאָן אונטערוואַרטן...

## אויף שליאַכן פון הפקר

— טשיקאַווע, צי דו וואָלסט געוואָלט וואַרטן...

— האָסט שוין געעפֿנט דיין נאַרישן פּיסק? — ווערט יאַנקעלע בייז אויף סאָלאָמאָנען.

ער קריכט דאַן פּאַמעלעך אַריין אין קבר און נעמט זיך פלעגמאַטיש גראָבן און אַרויסוואַרפן קליינע ביסלעך ערד מיטן רידל.

— זעט, זעט נאָר ווי ער אַרבעט! — פאַרגינט אים נישט סאָלאָמאָן. — העי דאָרט! וואָס היטסטו זיך אַזוי אָפּ ווי אַ קימפּעטאָרין? מעגסט אָננעמען פולערע רידלען, נישקשה, וועסט נישט מפּילען.

— טאָמער וואָלסטו פאַרמאַכט דיין „כאַליעווע״? — שיסט צוריק מיט פייער יאַנקעלע.

עס ווערט מיר דערווידער די דראַסטישע קריגעריי צווישן די לעמבערגער חברים און איך דערווייטער זיך אַ ביסל פון זיי.

כ׳בין דערווייל אומגעקראָכן צווישן די קברים־בערגלעך. פּרימיטיווע שטיי־נער און ברעטלעך סטאַרטשען דאָ און דאָרט. אַנדערע קברים זענען אינגאַנצן אָן אַ צייכן. דאָ און דאָרט — אַ שטערן־עמבלעם, אַ האַמער און סערפּ. אויף אַלטע פאַרוואַקסענע בערגלעך זעען זיך האַלבע לבנות: דאָ ליגן מאַכמעדאַנער. אויך צלמים קוקן אַראָפּ איבער אַלטע האַלב־איינגעזונקענע שטיינער. זעט אויס, אַז די טויטע קומען דורך בשלום צווישן זיך. יעדער איינער מיט זיין סימבאָל. די ערד דעקט אַלעמען צו גלייך, אויף איין און דעם זעלביקן אופן. די קאַמפן, דער געראַנגל, די מחלוקתן דערגייען נאָר ביז דער גרענעץ פון קבר...

אַז איך בין צוגעקומען צו מיינע „שותפים״, האָבן זיי נאָך געהאַלטן אין סאַמע זיך אַריינזאָגן.

— אפשר וואָלט איר אַראָפּגענומען אַ מוסר השכל פון די טויטע? — זאָג איך זיי. — איר שטערט דאָך דעם פרידן פון בית־עולם...

איצט האָב איך מיט סאָלאָמאָנען געטוישט יאַנקעלען. קיין סך אַרבעטן זאַלבענאַנד האָבן מיר שוין נישט געקאָנט: אין דער טיפעניש איז עס געוואָרן אומבאַקוועם פאַר צוויי מענטשן צו מאַניפּולירן מיט די רידלען. האָבן מיר שוין געאַרבעט איינציקווייז.

דער קבר איז פאַרטיק געוואָרן. ער איז אַרויסגעקומען נאָך גרעסער און געריימער ווי דער בריגאַדיר האָט געהייסן. מילא, זאָל דאָס קליינע, אָרעמע נפשל האָבן מער רחבות נאָך זיין קורץ, פאַרשניטן לעבן...

נאָכן אויסרוען זיך אויפן גראָז זענען מיר אַוועק צוריק אין דאָרף אַריין. צוקומענדיק צום „פּרעדסיעדאַטיעלס״ קיביטקע זענען מיר שטיין געבליבן. קיין געוויין פון אינעווייניק הערט זיך נישט.

— גייט איר אַליין אַריין. כ׳וועל וואַרטן. — זאָג איך צו מיינע „שותפים״.
— קומט, זייט נישט קיין מלמד, — ציט מיך סאַלאָמאָן פאַרן אָרעם.
— סיי־ווי־סיי, מיר דאַרפן דאָך דאָ אָפּגעבן די רידלען, — גיט צו יאַנקעלע.
יאָ, די רידלען. דאָס האָט מיר טאַקע געגעבן מוט צו שטעלן ווייטער די טריט צו דער כאַטע.
אַז מיר זענען פאַמעלעך אַריין אין פירהויז, איז אַרויסגעקומען פון שטוב די „כאַזייקאַ״ מיט פאַרוויינטע אויגן.
— שוין פאַרטיק. אָט זענען די רידלען.
— לאַדנאָ. וואַרט אַ ווײַלע, — זאָגט זי שטיל און גייט אַריין אינעווייניק.
איך שטיי ביי דער שוועל און האָב מורא פאַרקוקן אינעווייניק. דאָס וואַרטן אויף שכר איז מיר אין דער רגע געוועזן זייער פיינלעך. ס׳האָט זיך מיר געגלוסט גלייך עוקר זיין פון דער כאַטע.
באַלד ווייזט זי זיך צוריק מיט דריי שטיקער ברויט און טיילט יעדערן פון אונדז.
— ספּאַסיבאָ, כאַזייקאַ!
מיר נעמען אַוועקגיין.
— וואַרט, רעביאַטאַ!
זי גייט ווידער אַריין אינעווייניק און ברענגט אַרויס אַ גרויסע פולע שיסל מיט דריי לעפל.
— פּאָקושאַיטיע, רעביאַטאַ! (עסט, חברה!) קאַלטע „שטשי״. פון נעכטן געבליבן.
מיינע „שותפים״ זעצן זיך אַוועק ברייטלעך אויף דער שוועל. דאָס שיסל איז אויף איינעמס קני. איך נעם זיך אַרויסשאַרן.
— נעמט אייער לעפל! — רוקט מיר סאַלאָמאָן דעם לעפל. — עסט, זייט נישט קיין מלמד...
פּרוּוו איך אויך אָנשעפּן איין לעפל, אַ צווייטן. איך קאָן אָבער נישט אַראָפּ־שלינגען. איך פיל, דער „שטשי״ איז אויסגעמישט מיט מאַמע־צער... דאָס האָט זי אַוודאי נעכטן אין אָוונט צוגעגרייט די וועטשערע און אין מיטן איז געשען דאָס אומגליק און זיי האָבן שוין נישט געקאָנט טועם זיין דערפון.
כ׳האָב האַסטיק אַ לייג געטאָן דערנעבן דעם לעפל און בין אַוועק מיט גיכע טריט פון דער אַבלדיקער כאַטע.
דערפאַר האָבן מיינע צוויי „שותפים״ געהאַט אויך מיין חלק צו זופּן.
„שטשי״ — געמישט מיט טרויער...

## 9

## דאָס אויג פון „נ.ק.וו.ד."

צומאָרגנס אין דער פרי, איידער מיר זענען אַרויס צו דער אַרבעט ביים „קיזיאַק", באַמערקן מיר דורכן פענצטער ווי עס פאָרפאָרט אַן אויטאָ קעגנאיבער צום הויז פון דער קאָלכאָז־קאַנצעלאַריע. אַן אויטאָ אין אַ קאָלכאָז איז אַ זעלטנ־קייט. קוקן מיר זיך צו און זעען ווי פון דעם אויטאָ שטייגט אויס אַ יונגערמאַן אין אַ לייטישן ציווילן אָנצוג. ער גייט גלייך אַריין אינעווייניק. סאָלאָמאָן איז זייער טשיקאַווע און גייט אַרויס אַ שמעק טאָן ביי דעם, ביי יענעם. באַלד קומט ער אַריין מיט אַ בייס:

— פון די „פיר אותיות"...*).

מיר קוקן זיך איבער מיט פלוצלונג ערנסט־געוואָרענע פּנימער.

אַ מאָדנע זאַך: ביי איטלעכן פון אונדזערע פּליטים — אַפילו ביי די, וואָס זענען אין קיין לאַגער נישט געווען — רופט אַרויס דאָס וואָרט „נ.ק.וו.ד." אַ ציטער. מ'ווייס שוין, אַז קיין גוטס קאָן מען פון זיי נישט דערוואַרטן. אַז מ'באַ־געגנט אַן „נ.ק.וו.ד.'יסט" אין גאַס, איז אַלצאיינס ווי מ'וואָלט אָנגעטראָפן אַ רוח... אַ בייזע אָנשיקעניש... אַז מ'האָט נאָך צייט, גייט מען באַצייטנס אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס, כדי אויסצומיידן די באַגעגעניש פּנים אל פּנים.

באַלד באַמערקן מיר, ווי פון דער קאַנצעליאַריע קומט אַרויס אַ שיקסע, וואָס פאַרנעמט זיך צו אונדזער כאַטע.

עס עפנט זיך די טיר:

—מ'בעט אַלע פּאָליאַקן אין „אופּראַוולעניע". סקאָראָ... (שנעל...).

די שיקסע איז אַרויס און מיר זענען ערנסטער געוואָרן. האָבן זיך אָנגעקוקט איינע די אַנדערע נישט אָן שרעק.

— וואָס קאָן דאָ זיין?

נישט געווען שוין ווען צו טראַכטן אַ סך און מיר זענען אַלע אַריין אַנטקעגן אין דער קאַנצעליאַריע. מיר האָבן זיך אַלע דריי געלאָזט אין קאָרידאָר צו דער טיר.

— נישט אַלע מיטאַמאָל, — האַלט אונדז אָפּ די שיקסע. — איינציקווייז.

סאָלאָמאָן און יאַנקעלע האָבן זיך פלינק צוריקגעצויגן און איך בין, ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, געגאַנגען אויפן „ערשטן פייער"...

---

*) „נ.ק.וו.ד."

דער אומבאַקאַנטער איז געזעסן בריטלעך ביים „פרעזידיאַטיעלס״ טיש, ווי אַ היימישער.

— זדראַווסטווויטיע! — גריס איך, אַריינקומענדיק, מיט רעזערוו.

— זדראַווסטווויטיע! פאַזשאַלויסטאַ! — טוט ער מיר אַ ווייז אויף אַ בענקל אַנטקעגן טיש.

אַ טאַן אַ העפּלעכער. ווער איך מוטיקער.

עס קומען באַלד פראַגן:

— איר אַרבעט דאָ שוין לאַנג אין קאָלכאָז?

— אַ פּאָר וואָכן.

— פון וואַנען קומט איר אַהער?

— פון דער פּוילישער אַרמיי. פון גוזאַר.

— וואָסערע דאָקומענטן האָט איר?

איך ווייז אים דעם באַפרייאונגס־שיין פון דער פּוילישער אַרמיי.

— איך האָב אויך אַ פּוילישן פּאַס. — פאַלט מיר איין אים צו זאָגן.

— אַ פּוילישן פּאַס? ווייזט, אינטערעסאַנט אָנצוקוקן.

איך ווייז אים און ער לייגט אָפּ יענעם דאָקומענט און קוקט אַריין פאַראינ־טערעסירט אין פּוילישן דריי־שפּראַכיקן פּאַס.

— דאָ... דאָ... אינטערעסנאָ... — רעדט ער בעת־מעשה צו זיך אַליין.

— אין וועלכן לאַגער זענט איר געווען? — טוט ער אַ פרעג. ער פרעגט גאָרנישט, צי איך בין בכלל געווען אין אַ לאַגער, נאָר אין וועלכן לאַגער: אפנים, ער ווייס שוין ווויל, אַז ווי באַלד איך האָב באַקומען אַ פּוילישן פּאַס, בין איך זיכער געווען אין אַ לאַגער. כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל פאַרשפּאָרן אים דאָס צו דערציילן.

— אין קאָמי־אַסס״ר... — ענטפער איך.

— קאָן מען זען אייער „אודאָסטאָווערעניע״ פון לאַגער?

איך ווייז אים. ער קוקט אַריין און גיט מיר באַלד צוריק אַלע פּאַפּירן.

עס קומט באַלד אַ פראַגע:

— איר האָט עפּעס אַ „זשאַלאָבאַ״ (אָנקלאַגע) אויפן קאָלכאָז?

— ניין.

— מ׳קאָרמעט אייך גוט? — קוקט ער אויף מיר מיט אַ שמייכעלע.

וואָס פרעגט ער מיך אַזעלכע קשיות? און וואָס שמייכלט ער צו? צי וויל ער מיך דאָ כאַפּן ביי עפּעס אַ נישט־פאַרזיכטיק וואָרט?...

— מיר הונגערן נישט... — ענטפער איך. און פונדעסטוועגן ריזיקיר איך נאָך צוצוגעבן:

— עס פעלט נאָר אַ ביסל פעטס... איך האָב נאָך שפּורן פון צינגאַ...

— ס'איז מלחמה... אַלץ פאַר דער אַרמיי... — חזרט ער איבער דעם טראַ־פאַרעט, וואָס מ'זעט איצט אומעטום אויף טראַנספּאַרענטן, אויף פּלאַקאַטן, אויף וואָקזאַל־געביידעס, אויף אַלערליי עפנטלעכע פּלעצער. אַ תירוץ איז עס טאַקע אַ גערעכטער — פאַר איצט; אָבער ער וויל פאַרענטפערן אַלע צרות און אומגליקן — אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן דאָ געפייניקט די מענטשן אויך פאַר דער מלחמה...

— יאָ, אמת, מלחמה.

און קוקנדיק אויף זיין אויסגעקיילעכט פּנים, אויף זיין שיינעם אָנצוג, אויף זיין אויבערהעמד און אַפילו קראַוואַט (אַ זעלטנקייט אין סאָוועט־רוסלאַנד...) — גלויבט זיך לחלוטין נישט, אַז ער ליידט אויך פון אַוויטאַמינאָזאַ... אַז אויך ער זעט נישט חדשים־לאַנג קיין פעטס פאַר די אויגן... די טראַפאַרעטן „מלחמה", „אַלץ פאַרן פראָנט" האָט ער פאַר אַנדערע, פאַרן עולם־גולם, — נישט פאַר זיך...

— לאַדנאָ, איר קאָנט שוין גיין. שיקט אַריין אייערע חברים. איינציקווייז.

פּטור, הייסט עס. כ'בין אַרויס און פרייער אָפּגעאָטעמט.

— נישט געפערלעך... — טו איך שטיל אַ זאָג מיינע „שותפים" אין קאָרי־דאָר, וואָס האָבן געוואַרט אין דער גרעסטער שפּאַנונג.

דער צווייטער איז סאָלאָמאָן. אויך ער זאַמט זיך נישט לאַנג, נאָך וויניקער פון מיר, און קומט באַלד אַרויס צוריק. עס גייט אַריין יאַנקעלע און איך מיט סאָלאָמאָנען זענען באַרויִקטע צוריק אַריין אין דער כאַטע.

מיר האָבן געוואַרט אויף יאַנקעלען, כדי צו גיין צוזאַמען צו דער אַרבעט. אָבער יענער איז אַזוי גיך נישט אַרויסגעקומען. אפשר אַ שעה צייט האָט גע־דויערט זיין „וויזיט".

— וואָס קאָן עס זיין?... — קוקן מיר זיך אָן איינער דעם אַנדערן מיט אַ געוויסן אומרו...

מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט אָפּרייסן די בליקן פון אַנטקעגן, פון דער קאַנצעליאַריע.

— וואָס קומט ער נישט, דער יאַנקעלע? עס געפעלט מיר נישט די מעשה...

— וואַרפט אַריין סאָלאָמאָן.

לסוף ווייזט זיך יאַנקעלע אין דער טיר. ער קומט אַריין צו אונדז מיט אַ צעפּלאָמט פּנים. ער איז אינגאַנצן אויפגערעגט.

— וואָס איז געשען, יאַנקעלע?

— אַן אומגליק... — טוט ער אַ זאָג.

— וואָס'ז? וואָס איז געשען? רייד!

און יאַנקעלע דערציילט:

— ווי נאָר איך האָב אים געזאָגט, אַז כ׳בין אַמאָל געווען אין פוילן אַ קאָמוניסט, האָט ער זיך צו מיר גענומען: „נאַש טשעלאָוויעק״... — זאָגט ער. — „איצט קאָנט איר נוצלעך זיין אונדזער זאַך. פון אייערע דריי זענט איר דאָך דער פּאַסיקער. אַן אייגענער מענטש״. מיט וואָס קאָן איך נוצלעך זיין? — פרעג איך אים. — „אַטשען פּראָסטאָ, — זאָגט ער — איר דאַרפט אונדז העלפן ווילאָוויט׳עטיך באַלטונאָוו... (אַרויסכאַפּן, אויסזוכן די פלוידערער...). צווישן אייערע פּוילישע פּעלן נישט אַזעלכע, וואָס האָבן לאַנגע צינגער. וואָס האַלטן אין איין פּלוידערן אויף אונדזער סאָוועטסקי סאָיוז. אָט, למשל, אינטערעסירט אונדז ווי עס פירט זיך אויף, וואָס עס רעדט אַלץ די פאָרשטייערין פון דער פּוילישער דעלעגאַטור — די פּעסטאָוואַ...״

— נו, איז וואָס זשע האָסטו אים געזאָגט? — רייסט אים איבער סאָלאָמאָן, אינגאַנצן אַ דערשראָקענער.

— איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קאָן זיך נישט פאַרנעמען מיט אַזאַ אַרבעט... אַז איך אַרבעט אין קאָלכאָז און טרעף זיך אַפילו נישט מיט קיינעם...

— איז וואָס זשע האָט ער דערויף געענטפערט? — פרעג איך שוין איצטער.

— ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: אַז, אדרבה, איך קאָן עס יאָ נעמען אויף זיך... אַז אין די זונטיקס האָב איך דאָך צייט. דאַן קאָן איך זיך דאָך טרעפן מיט די פּוילישע „זעמליאַקעס״... „דאָס איז אייער חוב!״ — זאָגט ער, און ער דערלאַנגט מיר דערביי אַ פאַרטיקן אויסגעשריבענעם בויגן פּאַפּיר אונטערצושרייבן...

— נו? — פרעג איך אומגעדולדיק.

— האָסטו אונטערגעשריבן? — פרעגט אָפּן סאָלאָמאָן.

— איך האָב געטוג געקעמפט מיט אים, זיך געאַמפּערט... אָבער ער האָט מיך פשוט געצוווּנגען...

פון יאַנקעלעס תשובה איז מיר אַדורך אַ קעלט איבער די ביינער. כ׳האָב זיך בגנבה איבערגעקוקט מיט סאָלאָמאָנען. אויך ער, זע איך, איז בלאַס געוואָרן. מיר שווייגן. מיר וואַרטן וואָס יאַנקעלע וועט ווייטער דערציילן.

— איצט ווייס איך נישט וואָס צו טאָן... — רעדט אין אַ נעבעכדיקן טאָן יאַנקעלע. — אַן אמתער אומגליק. וואָס זשע איז אייער עצה?

— דאָס דאַרפט איר אַליין דעצידירן... — ענטפער איך.

— טו וועדליק דיין אייגענעם שכל, — גיט צו סאָלאָמאָן.

— איך טראַכט, אַז איך מוז פון דאַנען נעמען דעם וועג. — זאָגט ווייטער יאַנקעלע.

— וווּהין?

— קיין טשקאַלאָוו מיין איך. אַ גרויסע שטאָט. מ׳קאָן דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן.

— טאָמער פּאַקט מען דיך, איז אָך און ווי צו דיין קאָפּ... — זאָגט סאָלאָמאָן.

— נו, איז קיין מיטל־אַזיע. דאָרט האָב איך „זיי" אין דער אדמה...

— ווי דו פאַרשטייסט... נו, און וואָס האָט מען דיר צוגעזאָגט פאַר אַזאַ „שטיקל אַרבעט"? טשיקאַווע צו הערן... — פרעגט ווייטער סאָלאָמאָן.

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַ חוץ דעם, וואָס איך וועל דערפילן אַ „מאָראַ־לישן חוב", וועל איך דערביי נאָך פאַרבעסערן מיין מאַטעריעלע לאַגע... „מיר ווייסן דאָך, — זאָגט ער מיר, — אין קאַלכאָז איז נישט קיין גרינג לעבן... איר וועט פון אונדז באַקומען אַ חודשלעכן לוין און וועט זיך קאָנען גוט דערנערן, זיך אָנטאָן בעסער"...

— אַ גרינגע פּרנסה... בפרט, אַז מען דערפילט נאָך דערביי אַ „מאָראַלישן חוב"... — ווילט זיך מיר אים אַ שטאָך טאָן.

יאַנקעלע האָט געשוויגן.

אין אַ ווײַלע אַרום ציט אים סאָלאָמאָן ווייטער ביי דער צונג:

— איז ווי וועט עס זיין? ווען טרעפט איר זיך ווידער?...

— רעדסט ווי אַן אידיאָט! — ווערט יאַנקעלע פּלוצלונג אויפגערעגט אויף זיין חבר.

— וואָס ביסטו אַזוי בייז? כ׳מיין, אַז ער האָט דאָך זיכער מיט דער עפּעס אָפּגערעדט...

— מאַלע וואָס ער האָט אָפּגערעדט... ער האָט מיר געזאָגט, אַז איין מאָל אין וואָך וועט עמיצער קומען צו מיר אין קאַלכאָז... אַז איך דאַרף זיך גאָרנישט מטריח זיין קיין סאַל־אילעצק...

— זייער באַקוועם... — וואַרף איך אַריין.

— אָבער איך האָב „זיי" אין דר׳ערד! — רופט אויס יאַנקעלע. — זיי וועלן מיך דאָ אָנזען ווי דאָס לינקע אויער...

— וואָס זשע מיינט איר? — רעדט יאַנקעלע אין אַ ווײַלע אַרום. — ס׳וואָלט נישט געווען קיין מצווה אָנצולערנען אַזאַ נבילה ווי די פּעסטאָוואַ, דאָס אַנטיסע־מיטישע שטיק... אָבער איך וועל עס נישט טאָן...

פון יאַנקעלעס לעצטן פּאַסוס וועגן דער פּעסטאָוואַ איז מיר ווידער אַדורך אַ קעלט איבערן לייב: „אָנלערנען"... ווער ווייס וועמען עס קאָן אים אַלץ איינ־פאַלן „אָנצולערנען"?... מען דאַרף זיך נאָר צעווערטלען מיט אים, צעקריגן זיך מיט אים ביי דער אַרבעט צוליב זיין פּוילקייט — איז מען נישט זיכער מיטן קאָפּ... זיין אומשטיינסגעזאָגטער „מאָראַלישער ניוואָ" וועט אים דען צוימען? בפרט, אַז ווי איך האָב זיך פאַר אים נישט געהיט, האָב איך דאָך פאַר אים נישט איין מאָל זיך אַרויסגעכאַפּט מיט עפּעס אַ וואָרט. הגם ער אַליין איז דאָך געווען פון די

ערשטע אין אונדזער „טראַיקאַ", וואָס האָט געריעדט „כל דבר אסור"; וואָס האָט תמיד געשאָטן פעך און שוועבל אויף דעם „סאָוועטישן באַלאַגאַן"... ער אַליין איז דאָך אויך איינער פון די אמתדיקע „באַלטוני", ווען די „נ.ק.וו.ד." וויל איצט אויסזוכן, אַנטדעקן צווישן די פוילישע. אָבער זיך אַליין וועט ער דאָך ניעט פאַרשיטן...

— איר ווייסט? — זאָגט צו מיר יאַנקעלע מיט אַ שמייכל אַ ביסל שפּעטער.

— איר ווייסט וואָס ער האָט מיר געזאָגט וועגן אייך?

— וועגן מיר? וואָס, אַ שטייגער? — פרעג איך גישט אינגאַנצן מיט אַ רויקן טאָן.

— ער האָט געזאָגט: „אָט דער זאַק איז זייער פאָרזיכטיק מיט זיינע רייד... מ׳זעט באַלד, אַז ער האָט געהאַט מיט אונדז צו טאָן"...

כ׳האָב זיך מער נישט אָפּגערופן. ס׳איז מיר עפּעס נישט געפעלן געוואָרן בעת־מעשה יאַנקעלעס שמייכלען. ווער ווייס? צי קאָן מען בכלל האָבן צוטרוי צום דאָזיקן יאַנקעלע?... אין דער רגע זענען אויפגעשטאַנען אַלע שלעכטע געדאַנקען וועגן אים, אַלע חשדים אויף אים, וועלכע איך פלעג דאָך קיינמאָל נישט נעמען צו ערנסט.

„איך מוז פון דאַנען נעלם ווערן!" — בליצט דורך ביי מיר אין מוח אַ דע־צידירטער געדאַנק.

דערווייל אָבער גייען מיר היינט ווידער צו דער „גאָלדענער אַרבעט" — צום „קיזיאַק". מיר האָבן היינט זיך רעכט פאַרשפּעטיקט; אָבער מיר האָבן דאָך אַ כשרן תירוץ: די „נ.ק.וו.ד.". איך האָב זיך באַמיט וואָס וויניקער צו ריידן מיט יאַנקעלען, האָב זיך ממש געהיט פאַר אים מיט אַ וואָרט. אַזוי איך און אַזוי, זע איך, אויך סאָלאָמאָן. סאָלאָמאָנס פאָרזיכטיקייט האָט מיך נאָך מער געשראָקן, ווייל ער קען דאָך אים פון דער היים. אינמיטן דער „שמעקעדיקער" אַרבעט פלעגט יאַנקעלע, ווי זיין שטייגער, מאַכן פאַר אונדז זיינע איראָנישע באַמערקונגען וועגן „גליקלעכן לעבן" דאָ אין קאָלכאָז. אָבער נישט איך, נישט סאָלאָמאָן האָבן זיך אָפּגערופן מיט אַ וואָרט.

נאָך דער אַרבעט האָט סאָלאָמאָן אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען מיר זענען געווען זאַלבענאַנד.

— וואָס זשע טוט מען איצט? — פרעגט ער מיך. — ס׳איז אַ מורא מיט אים צו זיין צוזאַמען...

— וואָס האָט איר מורא? ער איז דאָך אייער חבר פון לעמבערג.

— וואָסער חבר! איך בין דען געווען אַ קאָמוניסט? אַ געוויינלעכער באַקאַנטער. ווער ווייס... כ׳האָב עפּעס איצט מורא געקריגן פאַר אים...

— מיר וועלן זען. לאָמיר וואַרטן נאָך אַ פּאָר טעג.

ביי זיך האָב איך שוין געהאַט אַ פּאַרטיקן באַשלוס: אַוועקגיין פון ביידן!... פון יאַנקעלען — איז קלאָר פאַרוואָס. און סאַלאָמאָן איז דאָך אויך נישט קיין פּאַסיקער חבר אין נויט. ער האָט מיר שוין געוויזן געגנוג ביישפּילן...

צומאָרגנס אין דער פרי זאָג איך מיינע „שותּפים״, אַז איך פיל מיך נישט גוט; אַז איך האָב אַ האַרץ־קלאַפּעניש און וועל נישט גיין היינט צו דער אַרבעט. זיי זענען אַוועק צום „קיזיאַק״ און איך — אין דער אמבולאַטאָריע אין עק דאָרף. דער „וראַטש״ איז אַ געוויינלעכער פעלדשער, און אַז ער איז נישטאָ, פאַרטרעט אים דאָ אַ פּשוטע דאָרפס־מיידל אין אַ ווייסן שירץ, וועלכע אַרבעט דאָ ווי זיין געהילפין. דער פעלדשער הערט מיך אַפילו נישט אויס. ער גיט מיר אויפן אָרט אויסצוטרינקען אַ ביסל וואַסער מיט וואַלעריאַן־טראָפּנס און יוצא.

אין אמבולאַטאָריע האָב איך געטראָפן נישט ווייניק חולאים. דאָס רוב פרויען מיט קינדער. אויסגעבלייכטע, אויסגעפייניקטע פּנימער. מאַטע, האַלב־אויסגע־לאָשענע אויגן. עס פעלן נישט קיין צרות, קיין חולאתן אין די קאָלכאָז־קיביטקעס...

— פאַרוואָס איז אייער טעכטערל אַזוי בלאַס? — פרעג איך איין פויערטע, וואָס איז געזעסן נעבן מיר אויף דער באַנק.

— פון וואַנען זאָל זי גוט אויסזען? מ׳דאַרף איר קאָרמענען מיט פעטס: מיט פלייש, מיט פּוטער...

— נו? האָט איר נישט קיין אייגענע קו?

— וואָס זשע מיינט איר, אַלע האָבן דאָ אייגענע קי? געהאַט אַמאָל... אָבער... צו וואָס די רייד?... ס׳איז גוט, אַז דאָס שטיקל ברויט איז פאַראַן אין כאַטע... אַ שווערע דאָליע, פּעטערל...

„ניין! — טראַכט איך — מ׳זעט נישט די פרייד אין די „גליקלעכע קאָלכאָזן״... מ׳זעט נישט די פרייד — נישט צווישן די באַזוכער פון דער אמבולאַטאָריע, נישט צווישן די, וואָס אַקערן און בראָנעווען; נישט ביי די, וואָס קנעטן און מאַכן דעם קאָלכאָזנעם „קיזיאַק״. עס זינגט נישט אַרויס די פרייד פון קיינעמס אויגן, פון קיינעמס הערצער״ — — —

פון אַמבולאַטאָריע בין איך גלייך אַוועק אין קאָנצעליאַריע צום „פּרעדסיע־דאַטיעל״. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז כ׳בין קראַנק; אַז די אַרבעט אין קאָלכאָז איז צו שווער פאַר מיר, און איך בעט אים ער זאָל מיר אַרויסגעבן אַ „ספּראַווקע״, כדי צו זוכן אין שטאָט אַ לייכטערע אַרבעט.

יענער האָט אַפילו נישט געפּרוווט אָפּצוּווענדן.

— פּאַזשאַלויסטאַ! — זאָגט ער. — ווילסט דריי „ספּראַווקעס״ פאַר אַלעמען?

— ניין, נאָר פאַר מיר.

נישט קיין גוטסקייט איז עס געווען פון זיין זייט. זיין איראָנישער טאָן האָט גיכער געגרעדט פון... אַנטיסעמיטיזם. ער איז אפּנים זייער צופרידן פּטור צו ווערן פון יידן אין קאָלכאָז.

ער האָט מיר תיכף אויסגעשריבן די „ספּראַווקע": „געאַרבעט פון... ביז... אַוועק לויט אייגענעם ווילן".

כאָטש גוט, וואָס מיר פּוילישע פּליטים, געניסן פון דער „פּריווילעגיע" צו קאָנען פאַרלאָזן אַן אַרבעט־פּלאַץ ווען מען וויל: צי מיט אַ „ספּראַווקע", אָדער אָן אַ פּאַפּירל. אַ קאָלכאָזניק — ווי יעדער אַרבעטער, — קאָן קיינמאָל נישט באַ־פרייט ווערן פון זיין קאָלכאָז. פאַר וואַרפן די אַרבעט באַקומט אַ סאָוועטישער בירגער לאַגער!

נאָך איידער מיינע „שותּפים" זענען געקומען פון דער אַרבעט האָב איך אַרויסגענומען פון כאָטע מיין אַרעמען באַגאַזש — דאָס קעסטל מיטן גוזאַרער פּוטער אינעווייניק — און בין אַוועק צום 23סטן „ראַזיעזד".

געהאַט מזל: פּונקט איז דאָרט געשטאַנען עפּעס אַ צוג, וואָס האָט געדאַרפט אַדורכלאָזן אַ „ווסטרעטשנעם". כ'האָב געהאַט איצט די ברירה צו פאָרן אין איינער פון די ביידע ריכטונגען. למאי נפקא־מינה? קיינער וואַרט אויף מיר נישט נישט דאָ און נישט דאָרט... איז ווהין זשע?

אין דער לעצטער רגע איז מיר איינגעפאַלן צו פאָרן אין דער ריכטונג צו אַק־בולאַק, — די ראַיאָן־שטאָט, וואָס איך קען דאָך שוין אַביסל. אַט זאָל זיין אַק־בולאַק. לאָמיר דאָרט פּרוּוון מזל.

כ'האָב געטאָן ווי תּמיד: ווי נאָר דער צוג האָט גערירט, האָב איך אַרויפגע־טאַנצט אויפן וואַגאָן־טרעפּל. דער זיכערסטער אופן נישט צו ווערן אַרויסגעוואָרפן דורכן „פּראָוואָדניק"...

## 10

## ווידער אין אַק־בולאַק

כ'בין ווידער אינעם קאַזאַכישן אַק־בולאַק.

איבערגעלאָזט „נאָ כראַניעניע" מיין „באַגאַזש" און אַוועק איבערנעכטיקן אין „דאָם קאָלכאָזניקאַ". געפּאַקט אַ שטיק פרייע פּאָדלאָגע און בין געלעגן אין גרויס „רחבות"...

צומאָרגנס איז זונטיק. איך דריי זיך אום איבער די ברייטע, נישט־ברוקירטע גאַסן, צווישן די ליימיקע כאָטעס, איך קוק זיך אַרום. איך מיין אַלץ, אַז אפשר

וועל איך טרעפן אַ באַקאַנט פּנים. איך זע, אַז פון אַלע גאַסן ציִען פורלעך צום באַזאַר. אויך היגע איינוווינער נוצן אויס דעם „וויכאָדנאַי" און לאָזן זיך אויפן באַזאַר: ווער עפּעס קויפן, ווער פאַרקויפן; ווער סתם צו כאַפּן אַ קוק אויף מענטשן.

גיי איך אויך אַהין. אויפן באַזאַר איז שוין פול. גאַנץ שטאָט קאָן מען דאָ איצט זען.

איך טרעף דאָ אויך פּליטים. אונדזערע פּוילישע. אַנדערע דערקען איך פון עשאַלאָן. געפאָרן מיט זיי צוזאַמען פון מיטל־אַזיע, פון דער פּוילישער אַרמיי. טייל, זע איך, האַנדלען אונטער און טראָגן „שמאָכטעס" אויפן אָרעם צום פאַר־קויפן. טייל אַרבעטן אין קאָלכאָזן און אויף זונטיק זענען זיי עס געקומען אַהער עפּעס איינצוהאַנדלען. עס קלייבט זיך צונויף אין איין ווינקל אַ גאַנצער רעדל פּליטים.

— ווי גייט עס אייך אין די קאָלכאָזן? — פרעג איך נאָך ביי אַנדערע. — צי זענט איר כאָטש נישט הונגעריק?

— אַ „פּייקע" גיט מען דאָ אומעטום, — ענטפערט מיר איינער, — אָבער מען מוז דערפאַר באַצאָלן מיט עבודת־פּרך.

— וואָס פרעגט איר... — מישט זיך אַריין אַ צווייטער, — פאַר אַזאַ אַרבעט אין בורזשואַזן פּוילן וואָלט געקלעקט אויך אויף אַ בגד, אויף אַ שוך. מ׳וואָלט נישט געדאַרפט אַרומגיין ווי די לעצטע שלעפּער.

און אַ דריטער גיט צו:

— נישקשה, אונדזערע „באַפרייער" קאָנען גוט די מלאכה פון עקספּלואַטאַ־ציע. זיי קאָנען אַרויסקוועטשן פון אַרבעטער די קישקעס נאָך בעסער ווי דער ערגסטער בורזשוי־עקספּלואַטאַטאָר. „דאַוואַי! דאַוואַי!" — יאָגט מען ביי דער אַרבעט די נשמה אַרויס.

— איז וואָס זשע טוט מען, ייִדן? גיט עפּעס אַ קלוגע עצה.

— די איינציקע עצה איז — פּטור צו ווערן פון אונדזערע „באַפרייער"...

— צי וועלן מיר עס אַמאָל דערלעבן?

— ווער ווייס... די מלחמה ברייטערט זיך אַלץ אויס. די שׂרפה פאַרכאַפּט די וועלט. ווער ווייס, צי מיר וועלן האָבן אַמאָל צו וואָס צוריקצוקומען...

אין מיטן שמועס דערזע איך פאַרבייגיין אַ באַקאַנטן פון מיין לאַגער.

טו איך אים אַ רוף.

יענער בלייבט שטיין אַ פריידיק איבערראַשטער.

ר. איז אַ חוץ אַ באַקאַנטער פון לאַגער אויך אַ „זעמליאַק" — אַ לאַנדס־מאַן פון גראָדנע. אין לאַגער, אין קאַמי, ווו כ׳האָב זיך מיט אים באַקאַנט, האָט ער, ווי אַ שניידער, געאַרבעט אין „שוואַלניע". ווי ער האָט מיר דאָרט דערציילט,

איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס פאַר „בונדיזם״. אָבער לויט מיינע השערות איז ער געווען מער אויסטויגער ווי בונדיסט...

ר„ אַז ער האָט מיך איצט דערזען, איז ער צו מיר צוגעלאָפן מיט פאַנאַנ־דערגעשפרייטע אָרעמס:

— פשיאַטשעלו! (פריינט!).

ער פירט מיך גלייך אָפּ פון רעדל און מיר צערייד ן זיך. מיר זענען שוין אַרויס פון באַזאַר, ווו עס שטויסן זיך אַזוי פיל מענטשן. מ׳דערציילט אין קורצן איינער דעם אַנדערן וואָס מיט יעדערן האָט פּאַרלאָפן נאָך דער אַמנעסטיע, פאַרנדיק פון לאַגער, נאָך אונדזער צעשיידונג אין עשאַלאָן — מחמת מיין קראַנ־קייט, צוליב וואָס איך בין אַראָפּגענומען געוואָרן אין אַ שפּיטאָל הינטער גאָרקי. ר. איז לכתחילה אויך געווען אין דער פּוילישער אַרמיי אין בוזולוק און אין טאָצקאָיע. מ׳האָט אים באַפרייט צוליב אַ קראַנקייט. איצט אַרבעט ער דאָ אין אַ שניידער־וואַרשטאַט, אין אַן אַרטעל.

— ווי איז אָבער מיט פּרנסה? מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ? — פרעג איך.

— ביי מיר איז עפּעס אַנדערש... — שטאַמלט ער אַרויס האַלב־סודותדיק.

— וואָס הייסט „עפּעס אַנדערש״? — צי איך אים ביי דער צונג.

לסוף דערציילט ער מיר, אַז ער וווינט מיט אַ „כאַזייקאַ״. אַ רוסישע, ווי מאַן און ווייב.

— אויב אַזוי פאַרשטיי איך שוין.

— איר פאַרשטייט, איך האָב געזען, אַז איך וועל פאַרלוירן; האָב שוין נישט געהאַט קיין כוחות זיך אומצוואַלגערן, ווי אַ „בראָדיאַגע״; ווו געטאָגט נישט גע־נעכטיקט. אַ פאַרשמוציקטער, אַ פאַרלייזיקטער. איצט, פאַרשטייט איר מיך, האָב איך מיין שטוב און מיין בעט.

— און מיין ווייב... — גיב איך צו פאַר אים.

מיט דער דאַזיקער מעשה האָט ער אין מיינע אויגן גאָרנישט געווונען. אַ קונץ צו גיין אויף אַזעלכע וועגן? דאָס קאָן דאָך יעדער פּליט באַווייזן. פעלן דען פאַרלאָזענע ווייבער אין רוסלאַנד? בתולות, צי עגונות?...

— מיין „כאַזייקאַ״ איז אַ גאַנץ ווווילע... — לויבט ר. זיין „אָביעקט״, גלייך ווי ער וואָלט זיך דערמיט פאַרענטפערט פאַר מיר.

— אַן קינדער?

— ניין, אַ פרוי מיט אַ טעכטערל פון אַ יאָר זיבעצן.

באַלד מאַכט ער מיר נאָך אַן „אַנטדעקונג״, צוליב וואָס ער פאַלט נאָך מער אין מיינע אויגן: ער דערציילט מיר, אַז פאַר איר גילט ער ווי אַ פּאָליאַק. נישט ווי קיין ייִד...

און נאָך אַ קליינער פּויזע גיט ער צו:

— יאָ, כ׳האָב אייך געוואָלט פאַרבעטן מאָרגן אויף מיטאָג. אומבאַדינגט קומט מאָרגן איינס אַזייגער. אָבער... כ׳בעט אייך... רעדט מיט מיר אין שטוב רוסיש אָדער פּויליש. פאַר קיין שום אופן נישט ייִדיש... כ׳בעט אייך. געדענקט...

ס׳איז מיר בעת־מעשה אָפּגעפאַלן דער חשק אים צו באַזוכן.

— וואָס טויג אייך מיך צו פאַרבעטן? — זאָג איך — כ׳קאָן אייך נאָך „קאָמפּ־ראָמיטירן״... כאָטש כ׳וועל טאַקע מיט אייך ריידן רוסיש אָדער פּויליש, אָבער פאַר קיין פּאָליאַק וועל איך פאַר איר נישט אָנגיין...

— דאָס שאַדט נישט. קיין אַנטיסעמיטקע איז זי נישט...

— טאָ וואָס האָט איך געטויגט די מאַסקע פון אַ פּאָליאַק?

— אפשר טאַקע אַ נאַרישקייט געווען. כ׳האָב געטראַכט: ווער ווייס זי?... וועל־כער גוי האָט עס ליב ייִדן? איצטער איז שוין נישט באַקוועם צו ווערן פאַר איר אַ ייִד...

עס גלוסט זיך מיר אים דאָ אַ שטאָך צו טאָן און איך זאָג אים אַריין:

— אויב איר זענט מיט איר ווי מיט אַ פרוי, האַלט זי אייך דאָך במילא נישט פאַר קיין געבוירענעם גוי... זענט איר דאָך פאַר איר נאָר אַ משומד... איז קאָנט איר דאָך צוריק „אויסטוישן דאָס רענדל״...

— מילא... מ׳עט נאָך זען... — ווערט אים אומבאַקוועם, און ער רייסט איבער די טעמע: — אַלזאָ, איר קומט מאָרגן פּונקט איינס בייטאָג צו מיר אין שניידער־אַרטעל, וועלן מיר גיין צו מיר אויף מיטאָג.

— ווו איז אייער אַרטעל?

— דאָס פיר איך אייך טאַקע וויזן.

ער פירט מיך אַזוי אונטערן אָרעם איבער די לאַנגע, ברייטע דאָרפישע גאַסן. מיר גייען אַזוי אַריבער אויף יענער זייט פון די אייזנבאַן־שינעס, ביז מיר קומען צו צו אַ הויף. ביים טויער איז צוגעקלאַפּט אַ שילדל פון אַרטעל.

מיר גייען צוריק און ביי אַ קרייץ־גאַס געזעגענען מיר זיך — ביז מאָרגן.

ווידער געמאָסטן די גאַסן און צוריק אַוועק אויפן באַזאַר. איך האָב דאָך די 50 רובל פון דער פּעסטאָוואַ און פאַרגין זיך עפּעס צוצובייסן. כ׳קוק זיך צו צום האַנדל־וואַנדל פון עולם. ס׳איז אַ האַנדל מיט שמאַטעס, מיט נישטיקייטן, מיטן דלות... רוסלאַנד! רוסלאַנד! ווו איז אַהינגעקומען דיין גרויסע שפע? דיין ברויט דיין וואָל, דיין מילך און האָניק?... ווי שנעל איז עס אַלץ צעטאַכלעוועט געוואָרן! ווי גיך ביסטו געוואָרן אַזאַ יורד, אַזאַ קבצן אין זיבן פּאָלעס... מלך אביון... אַז אַ נאָדל איז איצט סחורה; אַז אַ שטיקל פּראָסטער זייף איז אַ יקר־המציאות...

רוסלאַנד! גרויסע רוסלאַנד! וואָס האָבן פון דיר געמאַכט די „וועלט־באַפריי־ער״? — — —

באַגעגן זיך ווידער מיט פּליטים. מ׳כאַפּט זיך אַריין אין דער „סטאָלאָוואַיאַ״. זיצט מען ביי אַ טישל. מ׳זופּט אַ שיטערע הירזש־זופּ און מ׳לופּטערט די אַלטע טעמע: ווי לאַנג נאָך? ווי לאַנג נאָך קאָן דויערן דער גלות?...

ס׳ווערט פאַרנאַכט. כ׳דערמאָן זיך אָן מיין באַקאַנטער פאַמיליע פּ. פון ק׳עוו. עס איז כדאי זי צו באַזוכן. כ׳נעם מיך אָן מיט דרייסטקייט און לאָז זיך אַוועק צו יענער כאַטע.

כ׳קלאַפּ אָן. עס עפנט מיר פּ. אַליין. ער דערפרייט זיך מיט מיר:

— אַ גאַסט! פון וואַנען קומט אַ ייד?

— משוט בארץ ומתהלך בה... — ענטפער איך.

פּ., ווי אַ בריסקער, געדענקט נאָך אַ „יידיש וואָרט״ און ער זאָגט:

— אַמאָל זענען נאָר „פיעכאָטנע מגידים״ אומגעגאַנגען איבער דער וועלט. היינט אָבער...

— יאָ, — ענטפער איך, — צופיל נייע „פיעכאָטנע מגידים״ פאַראַן איצט ביי אייך אין מדינה...

עס עפנט זיך דאָס טירל פון שטוב און עס ווייזט זיך דער קאָפּ פון זיין פרוי. זי גריסט זיך פריינטלעך מיט מיר.

— וואָס שטייט איר עפּעס אין קאָרידאָר? קומט אַריין!

אין שטוב איז אויך געווען דאָס באַחנטע טעכטערל. אַלע זענען, זעט אויס, געזעסן ביי דער וועטשערע. פון אָנגעגעסענע שיסעלעך איז געגאַנגען אַ פּאַרע. אין מיטן טיש איז געלעגן אַ האַלב לעבל ברויט.

— איר וועט מיט אונדז מיטעסן, — פאַרבעט מיך די באַלעבאָסטע. — זעצט זיך אָט אַ דאָ.

איך האָב גאָרנישט געפּרוווט פאַרשטעלן זיך פאַר אַ זאַטן... אַ שווערע ראָלע וואָלט עס פאַר מיר געווען אין אַזעלכע רגעס... בין איך געזעסן מיט זיי, מיט די יידישע מענטשן פון ק׳עוו, און פאַרבראַכט אין זייער סביבה אַ גאַנצן אָוונט. פּ. און זיין פרוי האָבן מיך ווידער, ווי בעת מיינע ערשטע באַזוכן, אַריינגעצויגן אין אַ לאַנגן, אומענדלעכן שמועס וועגן דאָ און וועגן דאָרטן... זיי האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט באַרויקן און אָנזעטיקן מיט מיינע רייד וועגן יענעם לעבן דאָרט אויף „זאַפּאַד״... (מערב).

צוקומענדיק צו מיינע ענינים, פרעגט מיך די פרוי ווו איך האָב גענעכטיקט די פאַרגאַנגענע נאַכט.

— אויף דער פּאָדלאָגע פון „דאָם קאָלכאָזניקאָ״, — ענטפער איך, — אַז כ׳האָב נישט געקאָנט געפינען דעם האָטעל „בריסטאָל״...

— יאָ, „בריסטאָל״... דער וואַרשעווער „בריסטאָל״... אויף וועלכער גאַס געפינט ער זיך? — פרעגט פ.

— אויף קראָקעווער פּאָרשטאָט.

— יאָ, כ׳דערמאָן זיך. כ׳האָב דאָרט אַמאָל געגעכטיקט אַ נאַכט. וואָלסט געמעגט אָנקוקן דעם קאָמפּאָרט! — קוקט ער אויף זיין ווייב.

— כ׳שטעל מיר פּאָר.

— נו, און אין מאָסקווע, צי לענינגראַד זענען נישטאָ קיין שיינע האָטעלן?

— יאָ, אין מאָסקווע זענען טאַקע פאַראַן שיינע האָטעלן, אָבער נישט פאַר אַלעמען... — רעדט ווייטער פ. — אין וואַרשע, ווי אין אַלע שטעט אויף „זאַפּאַד״, זענען פאַראַן האָטעלן וויפל דו ווילסט. האָטעלן שיינע, באַקוועמע, מיט זויבערע געלעגערס. ווער עס זאָל אַהין נישט קומען, געפינט דאָרטן אַן אָרט. אדרבה, מ׳וואַרט דאָרט אויף די געסט. פּרווו אָקאָרשט אַריינגיין אין אַ מאָסקווער האָטעל, וועט מען דיך דען אַריינלאָזן? מ׳וועט קודם־כל פאָדערן ביי דיר אַ „קאָמאַנדיראָווקע״. נו, און אין די קליינע שטעט אין רוסלאַנד? מער ווי אַ „דאָם קאָלכאָזניקאָ״ געפינט איר היינט נישט. דאָס איינציקע מעבל דאָרט איז אַ נאַרע אָדער גאָר די פּאָדלאָגע . . .

— די פּאָדלאָגע איז אָבער די גרעסטע בעט... — זאָג איך. — מ׳קאָן ליגן אין דער לענג און אין דער ברייט...

— דער ייִד רעדט פון אייגענער דערפאַרונג... — באַמערקט פ.

— ווייסט איר גאָר וואָס? — ווענדט זיך צו מיר די פרוי, — איר קאָנט די נאַכט איבערנעכטיקן ביי אונדז. — און צום מאַן זאָגט זי: — אין קאָרידאָר אויפן גרויסן קיך־טיש קאָן מען מאַכן אַ געלעגער. אַלץ בעסער ווי אויף דער פּאָדלאָגע אין „דאָם קאָלכאָזניקאָ״... וועסט געבן דיין אַלטע „שובאָ״ (פוטער) אונטערצוליייגן.

— גוט, פּאָזשאַלויסטאָ! — זאָגט ער.

איך אָפּאָניר נישט.

— אַ שיינעם דאַנק פאַר גאַסטפריינטשאַפט! — זאָג איך די גוטע מענטשן, — איך ווייס נישט ווען איך וועל אייך קאָנען אָפּדאַנקען פאַר אייער גוטסקייט.

— ס׳איז לאו דווקא אָפּדאַנקען, — ענטפערט פ. — מיינט נישט, אַז די ייִדן אין רוסלאַנד האָבן פאַרגעסן דעם ואהבת לרעך כמוך...

— כ׳זע טאַקע, אַז איר האָט נישט פאַרגעסן.

די נאַכט האָב איך געשלאָפן ווי אַ גראַף. דער לאַנגער טיש איז געווען אויס־געבעט מיט אַ שעפּסענעם פּוטער. ס׳איז מיר געווען ווייך אונטערן זייט און כ׳האָב זיך געקאָנט גוט אויסציִען. צי דאַרף נאָך האָבן בעסערס אַ מענטש פון נע־ונד?...

## 11

## „כאַזייקאַ״ און ווייב...

צומאָרגנס פאַר איינס בייטאָג בין איך שוין געווען ביי ר. אין דער „שוואַלניע״. ביי לאַנגע טישן זענען געזעסן מיידלעך — ווער ביי אַ נײי־מאַשין, ווער עס האָט געאַרבעט מיט דער נאָדל. ר. אין דער ראָל פון אַ צושניידער איז געשטאַנען ביי אַ באַזונדערן טיש און געצייכנט מיט קרייד איבער אויסגעשפּרייטן שטאָף.

— אַ ווייבערשע קיניגרייך! — זאָג איך אים ביים אַריינקומען, — איר זעט דאָ אויס צווישן די מיידלעך ווי אַ טערקישער סולטאַן...

— אַז די שקצים זענען אַוועק אויפן פראָנט און עס זענען געבליבן נאָר שיקסעס, — ענטפערט ער.

— פאַר וועמען אייגנטלעך נייט איר די מלבושים, אַז אַ גאַנץ לאַנד גייט אַרום קרוע־בלויה?

— ווסיאָ דליאַ פראָנטאַ... אַלץ פאַרן פראָנט... זיי, די וואָס זיצן אין „טיל״, מעגן גיין מיט דער מחילה אין דרויסן... — פאַלט אַריין ר. אין זיין „סטיל״. — מיר נייען פאַרן פראָנט און פאַר די פּריווילעגירטע לייט...

— ווער זענען עס די „פּריווילעגירטע״?

— איר ווייסט נאָך נישט? די נאַטשאַלניקעס, די גרויסע דירעקטאָרן, די „נ.ק.וו.ד׳.יסטן״, די פאַרטיי־„שישקעס״... עס פעלט נישט פאַר וועמען...

— פאַרוואָס זינגען נישט די מיידלעך? — פרעג איך אין אַ ווײַלע אַרום. — ביי אונדז, — איר געדענקט? — אין די שניידער־וואַרשטאַטן פלעגט דאָך פאַר־קלינגען פון די מיידלשע לידער...

— עס זינגט זיך זיי נישט, די „קראַסאַוויצעס״... אַז פון זייערע פאַרדינסטן לייגן זיי די ציין אויף די פּאָליצעס...

ס׳איז געוואָרן איינס אַזייגער — די מיטאָג־הפסקה — און מיר גייען אַרויס פון אַרטעל.

— און אייך גיט כאָטש פּרנסה דער אַרטעל? — פרעג איך אים אויפן וועג.

— אָט... — ענטפערט ער מיט אַ רמזדיקן שמייכל. — פון זייער „זאַרפּלאַטאַ״

וואָלט איך שיין אויסגעזען... נאָר „עפּעס" פאַלט שוין צו... מ'גיט זיך אַן עצה... ס'איז דאָך עפּעס רוסלאַנד...

כ'האָב מער נישט איבערגעפרעגט. פאַרשטייט זיך, טראַכט איך, אַז מען אַרבעט ביי שטאָפּן, גיט מען זיך שוין אַן עצה. אַז מען איז אַ צושניידער, שניידט מען שוין צו ווי עס לוינט...

— געדענקט, — דערמאָנט מיר ר., — אין שטוב ריידן מיר נישט קיין ייִדיש...

ער פירט מיך אַריין אין אַ קליינער קיביטקע. אַ כאַטע פון צוויי חדרימלעך מיט אַ פירהויז. אויף די אויסגעקרימטע ווענט הענגען אַ פּאָר פּאָטאָגראַפיעס פון באַשטיוולטע פאַרשוינען אין מונדירן; אויסשניטן פון אילוסטרירטע זשורנאַלן — די בילדער פון סטאַלין מיט די וואָנצעס און קאַלינין מיטן בערדל.

פון צווייטן חדר קומט אַרויס אַ פרוי — ר.'ס „כאַזייקאַ" און ווייב.

— בוד'טיע זנאַקאָמי! מאָי טאָוואַרישטש ז'קאָמי... (זייט באַקאַנט! מיין חבר פון קאָמי...), — שטעלט ער מיך פאָר פאַר איר.

אַ נישט יונגע פרוי. אַ הויכע, אַ דאַרלעכע, מיט אַ היפּש ביסל קנייטשן אויפן פּנים. אָבער אַ פּנים אַ גוטמוטיק־שמייכלדיקס. אַ קנאַפּע „קראַסאַוויצאַ". איך ווייס נישט ווי זיין גראַדנער פרוי זעט אויס; אָבער זיכער נישט קיין געהויבענער טויש... קורץ, דער „שידוך" געפעלט מיר נישט... דערפאַר אָבער דאָס טעכטערל, וואָס איז באַלד נאָכדעם אַריינגעקומען — „זשעניטשקאַ" האָט ער זי אָנגערופן ביים באַקענען מיך — דאָס טעכטערל איז געווען מלא־חן. אַ בלאָנד קעפּל, בלויע לאַכענדיקע אויגן. אַ יונגער בוזים, ערשט פריש אויפגעגאַנגען, ציטערט ביי אירע באַוועגונגען.

אַ קליין פּראָסט טישל. עס איז שוין אָנגעשטעלט מיט עסנוואַרג: ברויט, אַ טעלער אוגערקע מיט טאָמאַטן אויפן מיטן טישל פאַר אַלעמען. אַ פלעשל „מאָסקאָווסקאַיאַ" (שנאַפּס) האָט אויך נישט געפעלט. מ'פאַרבעט מיך זיך זעצן:

— פּאַזשאַלויסטאַ!

— וואָס פאַר אַ „פּראַזדניק" (יום־טוב) איז עס? — פרעג איך.

— אָ, אַ גרויסער „פּראַזדניק" — ענטפערט ר. אַ צופרידענער, — טאָוואַרישטש ז'קאָמי... אַז מיר זעען זיך אויף דער פריי, מעגן מיר אויסטרינקען...

און ער גיסט אָן צוביסלעך שנאַפּס אין קליינע „קרוזשקעס" (טעפּעלעך).

— פאַר אייער געזונט!

— פאַר אַלעמענס געזונט!

מ'טרינקט. אַלע טרינקען. נאָר זשעניטשקע פאַרקרימט מיט די ליפּלעך, ווי נאָר זי דערשפּירט די שאַרפקייט, און שטעלט אָפּ אָן אַ זייט די „קרוזשקע":

— ניע מאגו... (כ׳קאָן נישט...).

מ׳טרינקט און מען עסט מיט אַפּעטיט. קיין אַפּעטיט פעלט קיינמאָל נישט און קיינעם נישט אין היינטיקן רוסלאַנד... בפרט נאָך אַ שנאַפּס... די „כאַזייקאַ״־ווייב דערלאַנגט „שטשי״. יעדער באַקומט זיין ערדענע שיסעלע מיט זיין טונקעלן בלעכענעם לעפל. מ׳זופּט און מען עסט צו מיט ברויט. עס קומט נאָכדעם אויך אַ קליינע פּאָרציע פלייש.

בעתן עסן קוק איך דאָ אויף ר., דאָ אויף זיין „כאַזייקאַ״. איך טראַכט בעת־מעשה: „ס׳אַראַ ווילד פאַרעניש האָט עס דער רבונו של עולם געפּאָרט״... ר. פילט אָפּנים אַרויס, אַז איך בין נישט אַזוי „באַגייסטערט״ פון זיין אויסוואַל, און ער האַלט די אויגן אַראָפּגעלאָזט אין טעלער.

אין אַ שעת־הכושר האָב איך אים „פּראָוואָצירט״ מיט אַ פראַגע אין פּויליש, אַז די „כאַזייקאַ״ זאָל נישט פאַרשטיין:

— ווי מיינט איר, מיר וועלן נאָך אַמאָל אָנזען אונדזערע פאַמיליעס?... אונדזערע היימען?...

— ווער וויס... — ענטפערט ר. — איך גלויב זייער ווייניק אין דעם...

מיט דער דאָזיקער רעזיגנאַציע האָט ער זיך עס אָפּנים געוואָלט פאַרענטפערן פאַר מיר...

ר. ווענדט אָפּ דעם שמועס אויף אַנדערע זאַכן.

— נו, ווי געפעלט אייך אונדזער „אָביעד״? — איראָניזירט ער. — אַ מיטאָג אין גראָדנער „איראָפּייסקי״ איז אַ הונט קעגן אונדזערן אָן „אָביעד״...

— וואָס זשע ווילט איר? נישט צו פאַרזינדיקן. ברויט איז שלעכט? אַז עס איז פאַראַן ברויט, קאָן שוין נישט זיין שלעכט. נישט אמת? נו, און שנאַפּס, און אוגערקעס, און טאָמאַטן, און זופּ, און פלייש... אויסגעצייכנט!

— פּראַווילנאַ! — רופט אויס די „כאַזייקאַ״, וואָס איז געניגט, זע איך, צו געבן אַלעמען גערעכט.

— פּראַווילנאַ, פּראַווילנאַ... — חזרט ער איבער האַלב־איראָניש. — ווען מיר האָבן דאָס אַלץ אין לאַגער, וואָלטן מיר דאָרט נישט געליטן אַזוי פון צינגאַ.

— צי וועט איר עס אַמאָל זען אין אַ היגער „סטאָלאָוואַיאַ״? — זאָגט זי — אַז מען קריגט אַ „לאָפּשאַ״, איז עס אַזוי ווי געפונען... אַ גליק ממש...

ר. נעמט דאָן שילדערן וואָס ער פלעגט אַלץ קאָנען האָבן פאַר זיינע פאַר־דינסטן אין פּוילן; וואָס ער פלעגט עסן, ווי אַזוי ער פלעגט זיך אָנטאָן — ער און זיין גאַנצע פאַמיליע. און דאָ... דאָ אין „סאָציאַליסטישן לאַנד״ איז דאָס גרעסטע גליק פאַרן אַרבעטער — אַ „שטשי״ אָדער „גאַלושקעס״ און אַ פּופּייקע אויפן לייב...

— פּראַווילנאַ! — פּאַטאַקעוועט די „כאַזייקאַ" און ווייב.

— דאָ אַז מען גנבעט נישט, פּגרט מען פון הונגער... נישט אמת, שוראַ? דו ווייסט דאָך בעסער פון אונדז...

— פּראַווילנאַ!

איצט האָב איך איבערגעביטן דעם שמועס ביים טיש. איך האָב געגומען ריידן וועגן „תכלית". געפרעגט וועגן עפּעס אַ באַשעפטיקונג פאַר מיר. אפשר וואָלט זי, שוראַ, ווי אַ היגע, מיך געקאָנט ערגעץ רעקאָמענדירן?

שוראַ האָט מיר צוגעזאָגט נאָכצופרעגן זיך.

— ווען איר וואָלט געווען אַ שוסטער, אַ שניידער, אַ פאַריקמאַכער... — זאָגט ר. — דער עיקר אַ פאַריקמאַכער. אַ פאַריקמאַכער מאַכט דאָ נישט שלעכט. אָבער אַז איר וועט גיין סתם אַזוי ערגעץ אַרבעטן ביי שוואַרצער אַרבעט, וועט איר הונגערן. צו וואָס פּטרן די כוחות אומזיסט?

— טאָ וואָס זשע טוט מען? גיין איצט אויף דער לער צו אַ שוסטער?...

— מ'עט זען... דערווייל, איידער וואָס־ווען, וועט איר קאָנען עטלעכע נעכט איבערנעכטיקן ביי אונדז.

— פּאַזשאַלויסטאַ! — גיט צו שוראַ, — אָט דאָ אויפן טאַפּטשאַן וועל איך אייך מאַכן אַ געלעגער.

— באָלשאָיע ספּאַסיבאָ! שוין אָפּגעווווינט פון אַ מענטשלעכער שטוב.

דער „אָביעד" איז שוין געענדיקט. איך פּיל זיך באמת זאַט. אַ וואַזשנער לייט, דער ר.! איז אַליין בכוח אויסצוהאַלטן אַ גאַנצע פאַמיליע. און מ'עסט נאָך אויך צו דער זאַט! אַן אויסטויגער... ווי זאָגט ער אַליין: „מ'גיט זיך אַן עצה"...

איך באַגלייט ר.'ן ביזן אַרטעל: איך האָב דאָך צייט. אויפן וועג זאָגט ער צו מיר:

— זאָגט מיר דעם אמת, האָט איר אין לאַגער געגלויבט, אַז מיר וועלן נאָך אַמאָל אָנזען די פרייהייט?...

— ווער האָט עס דאָרט געקאָנט באמת גלויבן? סיידן די „ביטאָוויקעס": די גנבים און באַנדיטן...

— איר ווייסט, — באַרימט ער זיך פאַר מיר, ווי וועלנדיק פאַרריכטן זיין מערכה אין מיינע אויגן, — שוראַ איז דאָך אַ פּאָלקס־ריכטערין. מ'פאַרבעט זי אָפט אין היגן געריכט.

— טאַקע? זייער שיין. זי האָט דורכגעמאַכט עפּעס אַ צוגרייטונג אויף דעם געביט?

— ווייס איך וואָס! צו וואָס דאַרף מען דאָ בילדונג?

— נו, מילא. אַזוי ווי אַלץ דאָ. אָבער פאַרט אַ שטיקל יחוס: אַ פּאָלקס־ ריכ־

טעריך! אָבער זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, אפשר... אפשר דאַרף מען זיין פאַר איר אָפּגעהיט מיט אַ וואָרט?...

— ווייס איך וואָס! זי אַליין רעדט אויס כל דבר אסור אויף זייערע „פּאַ־ריאַדקעס".

ביים געזעגענען זיך דערמאָנט ער מיר:

— איז קומט זשע היינט צו מיר נעכטיקן. מ׳עט אַ ביסל פּלוידערן צוזאַמען.

**
*

אַ פינף טעג זיך אויפגעהאַלטן אין דער כאַטע ביי ר. עסן פלעג איך אויפן באַזאַר, אָדער אַמאָל עפּעס פּאַקן אין דער „סטאָלאָוואַיאַ". אַ פּאָר מאָל געווען פאַרבעטן צו מיינע באַקאַנטע פון קיִעוו. שורא האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַרבעט פאַר מיר אין פאַרשיידענע ערטער. עס האָט זיך אָבער אַלץ נישט געפונען קיין פּאַסיקער פּלאַץ. אַרבעט איז דווקא יאָ געווען; אָבער אַלץ אין אַזעלכע אינסטי־טוציעס, ווו מ׳קאָן גאָרנישט האָבן פון דער אַרבעט. קיין „סטאָלאָוואַיאַ" פאַר די אַרבעטער האָבן זיי נישט און די „זאַרפּלאַטאַ" אַליין איז אַ נישטיקייט.

איין טאָג איז שורא געקומען מיטן פּלאַן, איך זאָל צופאָרן אין „מעל־זאַוואָד" (קרייד־גרובן), וואָס געפינט זיך בשכנות פון דער שטאָט. דער „מעל־זאַוואָד" האָט יאָ אַ „סטאָלאָוואַיאַ" מיט אַן „אָבשטשעזשיטיע". איך בין שוין גרייט געווען צו פאָרן; אָבער ר. האָט מיך אָפּגערעדט דערפון:

— אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט! נישט פאַר אייך. מיר האָבן שוין געהאַט גענוג דעם לאַגער אין קאַמי...

האָב איך ווייטער געזוכט, נאָכגעפרעגט זיך ווו איך האָב נאָר געקאָנט.

איין טאָג בין איך צוגעפאָרן קיין סאָל־אילעצק געוואָר ווערן, צו זענען פאַראַן בריוו פאַר מיר אויף דער פּאָסט. פון קויבישעוו איז נאָך קיין שום זאַך נישט גע־ווען: נישט קיין געלט, נישט קיין בריוו. געווען נאָר אַ בריוו פון בוכאַרע, פון וואַלדמאַנען.

אַ בריוו, וואָס האָט אויף מיר אָנגעווייעט אַ טרויער. וואַלדמאַן שרייבט צ״אַ:

„...איר זענט דער ערשטער מענטש, פאַר וועמען עס גלוסט זיך מיר אויסגיסן מיין צעבראָכן האַרץ. היינט, מיט שעהן צוריק, האָב איך זיך אומגעקערט פון בית־עולם, וווהין איך האָב באַגלייט מיין פרוי צו איר אייביקער רו. זי האָט זיך אַזוי פיל אָנגעליטן, אַזוי פיל אויסגעפּייניקט געוואָרן — ביז זי האָט אויס־געהויכט איר נשמה. איצט בין איך געבליבן אַליין און דערשלאָגן מיט מיין פאַר־יתומט קינד, אין אַזאַ שרעקלעכן עלנט"...

ס׳איז מיר אין דער רגע שווער געווען ווייטער צו לייענען: די אויגן זענען

מיר פאַרלאָפן געוואָרן מיט אַ טרער. אין דמיון האָב איך געזען יענץ בוידעם־שטיבל אין בוכאַרע. דער הונגער איז אַ בן־בית... די קראַנקע ליגט אינעם אָרעמען אויסגעקעלטערטן בעטגעוואַנט. נעבן איר באַברעט זיך איר קליין בלאַס נפשל.ביידע וואַרטן זיי אויף אים — אויפן מאַן און טאַטן — וואָס איז אוועק מיטן קעסעלע זוכן איבער די „סטאָלאָוואַיאַס" אַ ביסל וואַרעמע זופּקע פאַר זיי... אין שטיבל איז קאַלט, אומהיימלעך... דלות! דלות!...

נאָך אַ הפסקה לייען איך ווייטער. וואַלדמאַן דערציילט מיר, אַז נאָך נעכטן, אין טאָג פון איר שטאַרבן, האָט זי מיך נאָך דערמאַנט — אין שייכות מיט מיין בריוו צו זיי.

צום סוף אַ זייטיק שורהלע, אַז ער האָט שוין געשריבן צו צ. ז. מיין אַדרעס; אַז צ. ז. גופא איז צופעליק אויך מגולגל געוואָרן פון גוזאַר אין טשקאַלאָווער אָבלאַסט׳, אין בורטינסקער ראַיאָן, אין קאָלכאָז „8ער מאַרט". אַגב שיקט ער מיר אויך דעם אַדרעס פון משה גראָסמאַן אין סאַמאַרקאַנד.

ווי דער גורל האָט אונדז צעיאָגט איבער די אומענדלעכע שטחים! אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז הויבן מיר אָן ווידער צונויפנעמען די איבערגעריסענע פעדים.

מיט אַ שווער געמיט האָב איך זיך אומגעקערט קיין אַק־בולאַק.

אין אַק־בולאַק האָב איך באַלד צומאָרגנס אָנגעשריבן פיר בריוו:

צו וואַלדמאַנען — אַ פאַר דערמוטיקונג־ווערטער; צו זיידעמאַנען אין דער פוילישער אַמבאַסאַדע; צו צ. ז.; צו משה גראָסמאַנען.

כ׳קלאַמער זיך אָן די אַדרעסן, אָן די פאַרבינדונגען. כ׳האָב אַלעמען מודיע געווען מיין נייעם אַדרעס. עס רעדט זיך אַזוי: „נייער אַדרעס"... ווייל אויך מיין נייער אַדרעס איז דאָך געווען אָן אַ דירה. מיין אמתער דאַך איז דאָך געווען — דער הימל... האָב איך אַלעמען געהייסן אַדרעסירן: אַק־בולאַק, פּאָסט־רעסטאַנט.

צו זיידעמאַנען קיין קויבישעוו האָב איך געשריבן מיין אַלטן אַפּעל: צו העלפן מיר אַרויספאָרן קיין איראַן!... אָן אילוזיע, וואָס בערנאַרד זינגער האָט אין מיר אָנגעצונדן...

## 12

## אין קאָלכאָז „טשערוואָנאַ בורטאַ"

אַז פון מיינע אַלע זוכענישן אין שטאָט גופא האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, האָב איך ווידער געזען פאַר זיך דעם איינציקן אויסוועג — קאָלכאָז. ווי נישט־

ניחאדיק עס זאָל פאַר מיר נישט זיין, ווי דערווידער מיין געמיט — מיין דער־פאַרונג האָט דאָך מיך שוין עפּעס געלערנט... — אָבער נישט געווען קיין אַנדער ברירה. מען מוז זיך דאָך ערגעץ אַנידערזעצן אויף אַן אָרט. סוף־כל־סוף וואָס זוך איך דען? — מינימאַלע מענטשלעכע באַדינגונגען, צו קאָנען אויסהאַלטן, אויסדויערן — ביז...

איז אפשר וועל איך עס דאָ ערגעץ אין אַ קאָלכאָז יאָ געפינען? דאַן ווער איך פּטור פון די וואָגלעניש, פון די פּלאָגעניש. ווו געטאָגט — נישט גענעכטיקט. אויס באַזאַרן... „סטאָלאָוואַיאַס"... „דאָם קאָלכאָזניקאַ"...

אַז קיין אַנדער וועג איז פאַרט נישטאָ.

געטראָפן זיך ביי דער „סטאַנציע" מיט אַ פּאָר ייִדישע יונגעלייט — פּוילישע. אַזעלכע „בראָדיאַגעס" ווי איך. אַזעלכע דאַכלאָזע און הונגעריקע. ריידן מיר זיך צונויף, אַז עס וואָלט כדאַי געווען צו מאַכן אַ פּרווו און צופאָרן קיין „טשערוואָנאַ בורטאַ" — אַן אוקראַינישער קאָלכאָז. אַ 45 קילאָמעטער פון אַק־בולאַק. מ׳דער־ציילט, אַז דאָרט הונגערט מען נישט; אַז מען קאָרמעט דאָרט נישט שלעכט די אַרבעטער.

געמאַכט שוין אַזוי פיל „פּרוּוון", איז נאָך אַ „פּרווו". זענען אַלע מסכים.

זענען מיר אַוועק אין „ראַיאיספּאָלקאָם", אַרויסבאַקומען אַ „נאַפּראַוולעניע" און זענען שוין גרייט צו פאָרן. מיר דערפרעגן זיך צום „קאָלכאָזני דוואָר", וווהין עס פאָרפאָרן די קאָלכאָזניקעס פון „טשערוואָנאַ בורטאַ". דאָס איז אויף דער דעמיאַן ביעדני־גאַס. פּונקט טאָקע געטראָפן דאָרט עלטערע קאָלכאָזניקעס מיט עטלעכע „בעסטאַרקעס" (תבואה־וועגענער), וואָס האָבן געבראַכט תבואה צום היגן „עלעוואָטאָר"*). מיר ווייזן זיי די „נאַפּראַוולעניע" און בעטן זיי, זיי זאָלן אונדז מיטנעמען. אדרבה ואדרבה. קיין אַרבעט, זאָגן זיי, פעלט נישט אין קאָלכאָז. די „מושטשינעס" (מאַנסביל) האָט מען דאָך צוגענומען אויפן פראָנט. עס אַרבעטן דאָס רוב „זשענשטשינעס" מיט „פּאַצאַנעס" (פרויען מיט יוגנטלעכע). מען איז שטאַרק הינטערשטעליק אין דער אַרבעט. אָט איז שוין אָנהויב אויגוסט און פון גרעסטן טייל פעלדער איז נאָך די תבואה נישט אַראָפּגענומען געוואָרן. עס פעלן הענט. אַגב, דערציילן אונדז די קאָלכאָזניקעס, זענען שוין פאַראַן ביי זיי אַ ביסל פון אונדזערע לייט, פּוילישע הייסט עס.

און אַזוי זענען מיר פאַרנאַכטלעך אַרויסגעפאָרן מיט די „בעסטאַרקעס" קיין „טשערוואָנאַ בורטאַ". געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט. קיין שאָסיי איז דאָ נישטאָ. אַ

---

*) מאַגאַזיניר־פּונקט פון די תבואות פון אַלע קאָלכאָזן אין ראַיאָן פאַר דער מלוכה. דאָרט ווערן די תבואות אויך מעכאַניש געוווייעט און גערייניקט.

פּראָסטער דאָרפישער וועג צווישן סטעפּעס. דאָס רוב סטעפּעס זענען פּוסטע, ווילדע, ווי אין אַ מדבר, פּאַרוואָקסענע מיט בוריאַן. קיין אַקער איז נאָך קיינמאָל נישט אַדורך איבער זיי. די אָקסן זענען געקראָכן פּאַמעלעך. זיי האָבן שטענדיק צייט. און די אַלטע לייט, די אַנטרייבערס, וואָס צו קיין שווערער אַרבעט טויגן זיי שוין נישט, האָבן אויך צייט. זיי נעמען זיך גאָרנישט איבער דערמיט, וואָס די אָקסן קריכן אַזוי פּאַמעלעך. וואָס ווען זיי פּאַרשפּעטיקן?...

פונעם שמועס מיט די אַלטע שווימט אַרויס אַ בלעטל געשיכטע:

נאָך אין די צאַרישע צייטן האָט מען געמאַכט פּרווון צו באַזעצן מיט פּויערים די דאָזיקע ווילדענישן. מ'האָט ווערבירט כאַכאָלן פון די אָרעמע דערפער אין אוקראַינע, ווו ס'איז געווען ווייניק ערד פאַר אַלעמען. מ'האָט די פּאַראָרעמטע פּויערים צוגעזאָגט אונטערשטיצונג: אומזיסטע ערד, אינווענטאַר, אַ בהמה. האָבן זיך געפונען נישט ווייניק בעלנים, וואָס האָבן איבערגעוואַנדערט אין אומזיסטע עשאַלאָנען מיט ווייב און קינד, מיט דעם גאַנצן ביסל אָרעמשאַפט. אַזוי איז אויך געבוירן געוואָרן דאָס דאָרף ביים טייך בורטאַ, וואָס איצטער ביי די באָלשעוויקעס איז עס געוואָרן „טשערוואָנאַ בורטאַ" — די „רויטע בורטאַ". אַגב: זינט דער באָלשעוויסטישער הערשאַפט קומען צו אין דער דאָזיקער געגנט פּויערים פון פיל אַנדערע טיילן רוסלאַנד: דאָס זענען די „ספּעץ־פּערעסעלענצעס" (פאַרשיקטע), די „ניעבלאַגאָנאַדיאָזשניע" — די נישט־זיכערע עלעמענטן. די יעניקע, וועלכע האָבן זיך געבונטעוועט קעגן דער קאָלעקטיוויזאַציע אין די דערפער, צי פאַר אַנדערע חטאים קעגן מלכות — אמתע און צוגעטשעפּעטע. מ'וואַרפט איבער אַהער גאַנצענע פאַמיליעס, אַמאָל גאַנצענע גרופּעס. דעריבער, דערציילן די פּויערים, קאָן מען דאָ זען אין די אַלע קאָלכאָזן — אַ חוץ, דער עיקר, אוקראַינער — אויך מענטשן פון וואַנען איר ווילט. „טשערוואָנאַ בורטאַ" איז אָבער כמעט אַ ריין־אוקראַינישער קאָלכאָז.

דער דאָזיקער שמועס האָט זיך געצויגן, מיט קליינע הפסקות, כמעט דעם גאַנצן וועג. אויפן מיטן וועג, ס'איז שוין געווען אַ שטיק העט אין דער נאַכט, האָט מען געמאַכט אַ „פּריוואַל" (אָפּרו). מ'האָט אויסגעשפּאַנט די אָקסן און זיי געלאָזט זיך פּאַשען. די קאָלכאָזניקעס האָבן אויפגעלייגט אַ קאָסטער און זיך אויסגעלייגט אַרום פייער. עס האָט געכאַפּט אַ קילקייט אין דער אויגוסט־נאַכט. אַגב, זאָגן די פּויערים, מוז מען פייער מאַכן צוליב די וועלף. דאָ ווייזן זיך אָפּט וועלף. בין איך אויך געלעגן מיט די פּויערים ביים פייער, איינגעגנורעט זיך אין מיין פּוטער און געפּלוידערט מיט זיי.

— הונגערט מען כאָטש נישט ביי אייך אין קאָלכאָז? — פרעג איך זיי.

— איצט אין סעזאָן פון אַרבעט הונגערט מען זיכער נישט. מ'וויל דאָך, אַז

די מענטשן זאָלן אַרבעטן, אַראָפּנעמען פון די פעלדער: דער „עלעוואַטאָר" אין אַק־בולאַק וואַרט דאָך אויף „בעסטאַרקעס". פאַר „גאָסודאַרסטוואָ".

איך זע, די פויערים זענען אַלע אַרעם אָנגעטאָן, אין שמאַטעס ממש. פרעג איך זיי:

— נו, און אויף אַ בגד, אויף שטיוול קלעקט נישט?

— פון וואַנען זאָל קלעקן? אָפּט פעלט אויס אין מיטן ווינטער אויך ברויט. נישט שטענדיק זענען די „טרודאָדני" אַזעלכע גראַטעווע.

— סטייטש? די ערד איז דאָך אייערע, אייגענע... זי געהערט דאָך צום קאָלכאָז... נישט צו קיין פּריצים... און קיין ערד פעלט דאָך דאָ נישט. זעט, אַזעלכע גרויסע סטעפּעס!

טייטשט מיר אויס דער סאַמע עלטסטער:

— ניין, די ערד איז נישט אונדזערע. זי געהערט טאַקע דעם קאָלכאָז, אָבער דער קאָלכאָז איז דאָך — „גאָסודאַרסטוואָ". פאַניאַטנאָ? פריִער פאַר אַלץ נעמט צו די מלוכה פון „אוראָזשאַי" (גערעטעניש) וויפל זי דאַרף און וויפל זי וויל. פאַר די קאָלכאָזניקעס גופא; פאַר די, וואָס באַאַרבעטן די ערד, ווערט צעטיילט דאָס רעשטל. און דאָס רעשטל איז זעלטן ווען אַ גענוגנדיקס. שטענדיק פעלט שוין אויס. און גראַד איז דאָ פאַראַן אַ סך גוטע ערד. אמתער „טשערנאָזיאָם" (שוואַרץ־ערד). מ׳דאַרף זי גאַרנישט באַמיסטיקן. אונדזערע כאַכאָלן האָבן דאָ געהאַט אַמאָל נישט קיין שלעכט לעבן... נישטאָ איצט יענע צייטן...

כאַטש דעם דאָזיקן „פשט" האָב איך שוין געהערט, נישט איין מאָל געהערט; אָבער הערנדיק איצט פונעם מויל פון אַ קאָלכאָזניק, אַן עלטערן, דערפאַרענעם פויער, איז עס מיר נאָך בולטער קלאָר געוואָרן. נישט אומזיסט גייען די קאָל־כאָזניקעס אומעטום אין טראַגטעס. פונקט ווי פריִער, אַזוי איצט: פריִער האָט די ערד געהערט צו די רייכע פּריצים, צום רייכן באַלעבאָס; איצט געהערט זי צו אַן אַנדער באַלעבאָס — צו דער מלוכה. און די מלוכה זויגט אויס דעם פויער נישט נאָר נישט ווייניקער, נאָר נאָך מער פונעם פּריץ... איצט פוצט זיך די עקספּלואַ־טאַציע אין אַנדערע פעדערן... אין שיינע „לאָזונגען"...

די פויערים אַרום קאָסטער האָבן זיך צעוואַרעמט, זיך איינגענורעט אין זיך אַריין און אַנטשלאָפן געוואָרן. איך האָב זיך פאַרקוקט אין דער אומהיימלעכער טונקלקייט, וואָס האָט אַרומגענומען די סטעפּעס. עס שלאָפט זיך נישט. יאָ, מחשבותן. עס מישט זיך אויף אין דמיון אַן אַנדער בלעטל. אָט אַ דאָ טאַקע, אויף די דאָזיקע סטעפּעס, אויף דער־זייט פון ברויזנדיקן אוראַל, אויף דער־זייט פון אָרענבורג, האָט זיך דאָך אַמאָל, אַמאָל אויך אַ מאַן צעברויזט מיט מרידה — פוגאַטשאָוו. ער האָט זיך פאַרמאָסטן קעגן דער צאַרינטע יעקאַטערינאַ. זענען אָנגעקומען די רוי־

סישע פּאָלקן פון ריאַזאַן און די סטעפּעס מיט בלוט פּאַרפּלייצט. העט, העט ביים לויף פון דער בורטאַ און אילעק. העט, העט אין קאַזאַכסטאַן, אַריבער אַקטיו־בינסק. אָרעם פּאָלק איז צעשניטן געוואָרן און נאָך מער פּאַרקנעכטעט געוואָרן אונטער דער צאַרינטעס בייטש...

איצט הייסט עס: באַפּרייטע פּויערטום. אָבער ווי זעט אויס דאָס דאָזיקע „באַפּרייטע פּויערטום"?... אומשטיינס־געזאָגט די „גליקן" פון די קאָלכאָזניקעס! דאָס „גליק" שיינט אַראָפּ פון זייערע טראַנטעס.

אַזוי האָב איך אַריינגעטראַכט אין די נאַכטיקע סטעפּעס אַריין, ביז די פינצ־טערניש איז שיטערער געוואָרן, דער שייטער איז אויסגעגאַנגען און אַ באַגינענ־דיקע קילקייט האָט די פּויערים אויפגעוועקט.

— היידאַ! ווייטער געפאָרן!

מ'האָט צונויפגעפּירט די אָקסן פון דער פּאַשע און זיי צוריק איינגעשפּאַנט אין די „בעסטאַרקעס".

אין פרימאָרגן זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף. אַ היפש, צעוואָרפן דאָרף, וואָס ליגט האַרט ביי דער בורטאַ. דער טייך שטראָמט דאָ צווישן בערגיקע ברעגעס.

## 13

## „רעדט וואָס ווייניקער"...

מיר קומען אַריין זאַלבעדריט אין דער קאַנצעליאַריע פון קאָלכאָז. לכתחילה איז דער „פּרעדסיעדאַטיעל" אַליין ביי זיין טיש אויבן־אָן. ער קוקט אַריין אין דער „נאַפּראַוולעניע" פון „ראַיאיספּאָלקאָם". ער קוקט, קוקט, ווי איינער, וואָס איז בלינדלעך אויף „עברי"... ער רעדט מיט אונדז האַלב־רוסיש, האַלב־אוקראַיניש. זיינע קליינע אויגעלעך נעמען אונדז דורך מיט אַ כיטרע שמייכעלע:

— פּאָליאַקן ?

— פּאָליאַקן.

— לויט נאַציאָנאַליטעט זענט איר יידן?

— יאָ, יידן. — ענטפער איך, — אייגנטלעך וואָס איז דער אונטערשייד?

— נייץ, נישט קיין אונטערשייד. — ענטפערט דער „טאָוואַרישטש פּרעדסיע־דאַטיעל". אָבער לויט זיינע שמייכלדיקע אויגעלעך דערקען איך, אַז עס איז אים יאָ אַן אונטערשייד. ווען נישט, וואָלט אים דאָך נישט איינגעפאַלן צו פרעגן.

באַלד קומען אַריין אין קאַנצעליאַריע דריי פּאַרשוינען — זעט אויס, פון

„יחוס". צוויי מענער און אַ יונגע פרוי. איינער פון די מענער טראָגט אַ קאַזיאָנע היטל. דער צווייטער האָט אַ ייִדיש אויסזען. זיכער אַ ייִד. דאָס דערציילט אויך דער אויסדרוק פון זיינע אויגן. ייִדישע אויגן קוקן אַנדערש. די פרוי איז אָנגעטאָן אַ ביסל בעסער ווי עס טוט זיך אָן אַ קאָלכאָזניצע. אַלע דריי מאַכן דעם איינדרוק פון שטאָט־מענטשן. הגם באַשיידן, זענען אָבער אַלע אָנגעטאָן זויבער, נישט־אָפּגעריסן. דער מאַן מיטן קאַזיאָנעם היטל טראָגט אַפילו נישט קיין שלעכטע שטיוול, אַפילו מיט אַ גלאַנץ. ביי זייער אַריינקומען האָט זיך דער „פּרעדסיעדאַטיעל" גלייך אויפגעשטעלט — אַ הויכער ווי אַ ריז — און איז זיי געגאַנגען אַנטקעגן. די דריי געסט האָבן זיך ברייטלעך אויסגעזעצט ביים גרויסן פּראָסטן קאַנצעליאַריע־טיש.

— איר זעט? — זאָגט ער גלייך צו די געסט, — די מענטשן זענען געקומען צו אונדז אויף אַרבעט.

מיר זיצן אָן אַ זייט פון טיש, וואַרטנדיק, ווי שעמעוודיקע אורחים.

— ווער זענט איר? — ווענדט זיך צו מיר דער מאַן אין קאַזיאָנעם היטל. ער האָט געקוקט אויף מיר, ווייל איך בין געזעסן נענטער, ווי אַ ראש המדברים.

— „ביעזשענצעס" פון פוילן. מיר קומען פון דער פוילישער אַרמיי. — ענטפער איך.

— ווו זענט איר געווען אין דער אַרמיי?

— אין גוזאַר, הינטער בוכאַרע.

— פאַרוואָס זענט איר נישט אויפן פראָנט?

— ווייל מ'האָט אונדז נישט אָנגענומען אין דער אַרמיי.

— וואָס הייסט „נישט אָנגענומען"?

— כ'ווייס נישט... — שטאַמל איך. — נישט אָנגענומען... מחמת קראַנקייט...

כ'בין געווען אין פאַרלעגנהייט: גיי דערצייל אים אַ מעשה, אַז די פּאָליאַקן האָבן אונדז נישט אָנגענומען, ווייל מיר זענען ייִדן.

— און אין לאַגער זענט איר געווען? — פאַלט פּלוצלונג אַ פראַגע.

— געווען.

— פאַרוואָס ?

— כ'ווייס נישט.

— איר ווייסט נישט ? !

— ניין... מיר זענען „ביעזשענצעס"...

אין מיטן מיינע האַלב־שטאַמלענדיקע קאַרגע תשובות האָט דער צווייטער פאַרשוין, וואָס איז פונקט געזעסן נעבן מיר — דער וואָס מיטן ייִדישן אויסזען — ווי צופעליק עפּעס געצייכנט אויפן ראַנד פון אַ שטיקל אַלטער צייטונג. אין

## אויף שליאַכן פון הפקר

אַ געוויסער רגע האָט ער דאָס שטיקל צייטונג ווי צופעליק געגעבן אַ שאַר צו צו מיר און מיינע אויגן האָבן דערויף דערזען די אָנגעשריבענע פראַזע:

„ווי פּאַמענשע גאַוואָריטיע"... (רעדט וואָס ווייניקער...).

כ'בין גלייך שטום געוואָרן אַ געפּלעפטער.

— לאַדנאָ, — זאָגט דער פּאַרשוין אין קאַזיאָנעם היטל צום „פּרעדסיעדאַטיעל", — קאָנטראָלירט זייערע דאָקומענטן.

יעדער פון אונדז לייגט דאָן אַרויס זיינע פּאַפּירן. דעם פּוילישן פּאַס ווייז איך נישט דאָס מאָל. עס קוקט אַריין אין די פּאַפּירן דער „פּרעדסיעדאַטיעל", דאָן דער „טשיקאַווער" אויספרעגער.

— נו, וואָס זאָגט איר? — פרעגט אים דער „פּרעדסיעדאַטיעל", — מ'קאָן זיי צונעמען צו דער אַרבעט?

— פּאַזשאַלוי, — האָט יענער באַוויליקט אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— זאָלן זיי אַרבעטן, אויב זיי ווילן אַרבעטן „דאָבראָסאָוויעסטנאָ"... (געוויסנהאַפט).

דער „פּרעדסיעדאַטיעל" האָט אונדז דאָן געהייסן אונטערוואַרטן אויף דרויסן. ער מוז זיך דאָך איצט פּאַרנעמען מיט זיינע דריי באַזוכער.

זענען מיר אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פרעג־צייכן: „ווער קאָנען זיי זיין, די דאָזיקע לייט?"

פאַר דער קאַנצעליאַריע איז געשטאַנען אַ געשפּאַן. אַ מין פּריצישע בריטשקע. אַן עלטערער פּויער האָט אונטערגעטראָגן דעם פּערד אַ הויפן היי צום קייען.

— ווער זענען עס די געסט? — פרעג איך אים.

— איר ווייסט דען נישט? דער פּראָקוראָר פון ראַיאָן מיט זיין סעקרעטאַרקע און דער „זאַשטשיטניק" (אַדוואָקאַט).

ס'איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן. אין דער רגע האָב איך געהאַט ממש אַ קולט פאַר דעם „זאַשטשיטניק", דעם ייִד, וואָס האָט מיך געוואָרנט נישט צו דברן צו־פיל. פּאַרט אַ ייִדישע נשמה...

שפּעטער בין איך אין קאָלכאָז געוואָר געוואָרן, אַז ער איז טאַקע אַ ייִדישער פּליט פון לענינגראַד; אַן אַדוואָקאַט, וואָס דערפילט דאָ איצט אין ראַיאָן די פונק־ציעס פון אַן אַמטלעכן פּאַרטיידיקער אין געריכט.

ווען די געסט זענען אין גיכן אַוועקגעפאָרן, האָט זיך דער „פּרעדסיעדאַטיעל" גענומען מיט אונדז מטפל זיין: ער האָט אונדז פּאַרשריבן. נאָכדעם אַריינגעפירט אין קאָלכאָזנעם מאַגאַזין און איינגעמאָלדן ביים „זאַווכאָז", ער זאָל אונדז יעדן טאָג אַרויסגעבן ברויט — אַ קילאָ אויף אַ מענטשן.

— פון מאָרגן אָן, — זאָגט אים אָן דער „פּרעדסיעדאַטיעל".

— מיר זענען דאָך היינט אויך הונגעריק... — רופט זיך אָפּ ווער פון אונדז.

— איר האָט דאָך היינט נישט געאַרבעט, קומט אייך נישט קיין ברויט.
— מיר זענען דאָך אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן.
איז ער לסוף מסכים. אומעטום מוז מען דאָ אויסבעטלען דאָס שטיקל ברויט...
ערגער איז געווען מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. אין וועלכער קיביטקע מ'האָט אונדז נישט אַריינגעפירט, האָבן זיך די „כאַזייקעס" אַרויסגעדרייט מיט כלערליי תירוצים: „ס'איז ענג". „אַ גרויס געזינדל"... „נישטאָ ווו צו לייגן אַ פרעמדן מענטשן..." מ'איז אַזוי אַדורכגעגאַנגען אַ גאַנצע שורה הייזער. קוים, קוים, מיט דינגעניש, מיט זידלעניש האָט מען אונדז ווי עס איז לאָקירט. דער „פּרעדסיעדאַ־טיעל" האָט צוגעזאָגט צו געבן די „כאַזייקעס" דערפאַר אַ ביסל קאַלכאָזנעם „קיזיאַק".
איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ קליין ליים־הייזל, ווו ס'איז געווען אַ „כאַזייקאַ" מיט צוויי קינדער: אַ „פּאַצאַן" פון אַ יאָר 10 און אַ שיקסל פון אַ יאָר 7.
— זייט נישט אומצופרידן פון מיר, — האָב איך איינגערעדט מיין באַלע־באָסטע, — אָט וועל איך אייך אונטערהעלפן אַ ביסל אין באַלעבאַטישקייט: ברענ־גען אַן עמער וואַסער וכדומה.
— אָבער ווו וועל איך אייך ביינאַכט לייגן? זעט די ענגשאַפט. מיר אַליין שלאָפן דאָך אויף דער „גאַלאַנקע" (פּיעקעליק).
כ'קוק זיך אַרום — טאַקע נישטאָ ווו אין דער ענגשאַפט פון דעם איין און איינציקן חדר. גאָט מיינער, ס'אַראַ דלות!
— נישקשה, איך וועל מיך איינאָרדענען אָט דאָ אויף דער באַנק ביי דער וואַנט — זאָג איך.
— ס'איז דאָך אַ שמאָלע באַנק. ווי וועט איר קאָנען דאָ שלאָפן?
— ס'שאַדט נישט, כ'וועל ליגן פאַרזיכטיק.
— איר וועט דאָך אין שלאָף אַראָפּפאַלן.
— מילא, כ'וועל ווייט נישט פאַלן... איבעריקנס, אין ערגסטן פאַל וועל איך שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. שוין געוווינט דערצו.
כ'האָב מיך אַנידערגעזעצט אויף „מיין" באַנק און זיך גענומען צו מיין אָקאָרשט באַקומענעם ברויט. די קינדער האָבן געקוקט אויף מיר מיט זשעדנע אויגן.
— איר ווילט אַ שטיקל? — פרעג איך זיי.
זיי האָבן שמייכלענדיק געשאָקלט מיט די קעפּלעך אויף יאָ.
כ'האָב אָפּגעבראָכן צוויי שטיקלעך ברויט און זיי מכבד געווען. זיי האָבן עס גלייך גענומען פאַרצערן.

— זאָגט כאַטש דעם „דיאַדיאַ“ אַ „ספּאַסיבאַ“... (אַ דאַנק) — זאָגט זיי די מוטער, קענטיק אַ געריךטע פון מיין כיבוד.

אַזוי־אַרום האָבן זיך באַלד פון דער ערשטער רגע איינגעשטעלט ביי אונדז פריינטלעכע באַציִונגען.

איך קוק זיך היימישער אַרום אין דער כאַטע. אין איין ווינקל, זע איך, הענגט אַן איקאָנע: די הייליקע בתולה מיטן קינד.

— פּראַוואָסלאַוונע? — פרעג איך די „כאַזייקאַ“.

— יאָ, פּראַוואָסלאַוונע. אַז מ׳האָט גאָט פאַרלאָזן, איז געוואָרן שווער צו לעבן אויף דער וועלט...

— מ׳שטערט דען צו „מאָליען“ זיך?

— אַז קיין צערקווע איז נישטאָ... קיין פּאָפּ נישטאָ... נאָר אין שטוב פאַר דער איקאָנע קאָנסטו זיך צלמען.

— מילא, — טרייסט איך זי, — גאָט הערט זיינע גלויביקע פון אומעטום.

עס האָט מיך געחידושט די פרומקייט פון דער פויערטע, די אַלטע אָפּגע־בליאַקעוועטע איקאָנע אויף דער וואַנט. די פרוי איז דאָך נאָך נישט קיין אַלטע. אפשר נאָך קיין פערציקער נישט — פון וואַנען איר צוגעבונדנקייט צו דער איקאָנע? שפּעטער האָב איך זיך אויפגעהערט צו וווּנדערן: כמעט אין אַלע דאָר־פישע כאַטעס — און נישט נאָר אין דאָרפישע — האָב איך געזען הענגען איקאָ־נעס אין די ווינקלען פון די כאַטעס. דאָס פּשוטע פאָלק, דער המון, איז זייער גלויביק און גלויבט נישט נאָר אין גאָט, נאָר אַפילו אויך אין אַלדי רוחות. די יינגערע נעמען עס איבער פון די עלטערע. מיטן פאַרמאַכן די קלויסטערס האָט מען די רעליגיע נישט ליקווידירט.

געענדיקט מיט אונדזער „טעאָלאָגישן“ שמועס, פרעג איך ווייטער:

— ווו איז אייער מאַן?

— ווו זאָל זיין איצט אַ מאַן? דאָרט, ווו אַלע מענער — אויפן פראָנט.

— און וואָס שרייבט ער פון פראָנט?

— שוין לאַנג נישט געשריבן... גאָט ווייסט... געלאָזט מיך אַליין מיט די קינדער.

זי האָט זיך אָפּגעקערט און אויסגעווישט מיטן פאַרטוך די אויגן.

— אַלץ דער גערמאַן... — זאָג איך.

— ווער ווייס, צי דער גערמאַן, צי אַן אַנדער טייוול...

— מסתמא ווי אַ ווייב פון אַ רויטאַרמייער באַקומט איר איצט שטיצע פון „גאָסודאַרסטוואָ“? — פרעג איך.

— אַ שיינע שטיצע... זעט, ווי די קינדער זעען אויס. אָבאַדראַנצי. (אָרומ־געריסענע). אַט וואַרפט מען אַמאָל צו אַ „באַרישקייט" פאַר די קינדער.

— איר האָט כאַטש אַ בהמהלע?

— ווען איך וואָלט געהאַט אַ בהמה, וואָלט שוין נישט אַזוי שלעכט געווען. וואָלט דאָך געווען אַ זאַטקייט אין שטוב. וואָלט מען אָפּגעשפּאָרט אַ גראָשן אויף אַ שוך.

די „כאַזייקאַ" איז אַרויסגעגאַנגען זיך פאַרען אַרום דער כאַטע. די קינדער האָבן זיך אַלע ווילע געקריגט און געשלאָגן. כ'בין געווען מיד פון דער נאַכט, האָב איך זיך געפּרוווט אויסציִען אויף „מיין" געלעגער — אויף דער שמאָלער באַנק, מיטן פויסט צוקאָפּנס. אָבער שווער געווען צו כאַפּן אַזוי אַ דרימל.

פאַרנאַכט בין איך אַרויס אין דאָרף זיך אַרומקוקן. די סטאַדע האָט זיך שוין אומגעקערט פון פעלד. די לופט איז געווען אָנגעפּילט מיט אַ שטויב־נעפּל. בין איך אַרויס אַ ביסל אויסערן דאָרף, דורך אַן אַנדער וועג. ס'איז געווען אַ דופטי־קער פאַרנאַכט. פון די דאָרפישע פעלדער האָבן זיך געטראָגן אַראָמאַטן. די דאַזיקע פעלדער זענען גראָד געווען פאַרזייטע און האָבן מיר דערמאָנט אַ ווייטן, היימישן פּייזאַזש. אַ פּייזאַזש אין דער אַלטער היים... פון הימל האָבן זיך געגאָסן פאַרבן פון דער שקיעה. אַזוי פיל פאַרבן, אַזוי פיל שיינקייט... זעט אויס, אַז גאָטס וועלט קאָן אומעטום זיין שיין, קאָן אומעטום פאַרוויגן די מענטשן מיט היילִיקער שטיל־קייט, מיט זיסער מנוחה. אָבער די מענטשן, די מענטשן! ווען נישט דאָס מענטש־לעכע רשעות! אַ גן־עדן וואָלט דאָך אומעטום געווען אויף דער וועלט — — —

אין דער דאָזיקער רגע איז מיר דאָס דאָרף זייער געפעלן געוואָרן. וואָלט נאָר געווען מעגלעך דאָ צו זיין, צו געניסן אַ ביסל רו — — —

פון אַנטקעגן דערזע איך באַלד אַן אַנדער שטויב־נעפּל און דערהער אַ מעקען פון שעפּסן.

איך וואַרט איבער ביי דער זייט און קוק ווי עס קומט אָן די שעפּסן־סטאַדע. די שעפּסן גייען טאַנצנדיק, געדיכט און טוליען זיך איינע צו די אַנדערע.

פון הינטן גייט דער פּאַסטוך: אַ פאַרשטויבטער, אַ דערהיצטער, מיט אַ גרויסן שטעקן אין האַנט, באָרוועס.

פלוצלונג — אַן איבערראַשונג:

דער פּאַסטוך רופט אויס מיין נאָמען...

האַ?...

כ'קוק זיך טיפער איין אין זיין פּנים — אַ באַקאַנטער! אַ היימישער ייִד פון

לאַגער אין קאַמי... דער יונגער אַדוואָקאַט קאַצענגאָלד. דער פּליט פון סאָסנאָוויץ. אַן אינוואַליד, מיט אַ צעשעדיקטער האַנט. אין לאַגער האָט ער, אַ דאַנק זיין מום, געאַרבעט אין דער בוכהאַלטעריע פון „פּראַדסטאַל״ (באַשפּייזונגס־אַמט) — בשכנות מיט מיר.

— גאָט מיינער! איר אויך דאָ?!

— אַזוי יאָגט אונדז אַרום דער גורל.

מיר זענען ביידע, דערפרייטע, צוגעפאַלן איינער צום אַנדערן.

— איר האָט פיין אַוואַנסירט, — זאָג איך אים אין שפּאַס, — אַ רועה צאן...

— אונדזערע אָבות האָבן געמעגט זיין פּאַסטוכער?... — לאַכט ער מיט יאַשטשערקעס.

— זענט איר דאָ צופרידן?

— יאָ, צופרידן. קוקט אַן מיין חברה קונדייסים. — טוט ער מיר אַ וויַיז צו דער סטאַדע. — פאַרפאַלן, מ׳זיצט אויף אַן אָרט און מ׳וואַרט ביז דער מבול וועט אַריבער.

— דער עיקר, איר הונגערט כאָטש נישט?

— מ׳שטופּט ווי עס איז די טעג. אַ „פּייקע״ קריגט מען. מילא... אַנטשול־דיקט, כ׳וועל נאָר פאַרטרייבן די שעפּסעלעך אין זייער רו אַריין, וועלן מיר זיך זען. ווו זענט איר? איר האָט שוין אַ מקום מקלט?

— יאָ, דאָרט אין עק דאָרף, אין אַ קיביטקע. כ׳וועל אויף אייך וואַרטן דאָ ביים וועג.

— גוט, גוט, וואַרט אומבאַדינגט! מיר האָבן דאָך אַזוי פיל זיך צו דערציילן.

ס׳האָט טאַקע נישט געדויערט און קאַצענגאָלד איז צוריקגעקומען. מיר זע־נען אומגעגאַנגען אַ היפּשע צייט איבערן דאָרף. שפּעטער האָט ער מיך באַקאַנט מיט אַ גרופּע פּוילישע ייִדן־פּליטים, וואָס אַרבעטן דאָ ביים תבואה־טאָק. יונגע חברה־לייט. דריי פּאָר־פּאָלקן, אָן קינדער. מיט זיי צוזאַמען אַרבעט איינע אַ פּאָ־ליאַטשקע. זיי אַלע וווינען אין עפּעס אַ הפקרע כאַטע, אָן באַלעבאַטים. די באַלע־באַטים זענען זיי איצט דאָרט. די ווייבער פּאָרען זיך ביי דער הרובע און קאָכן וועטשערע: „גאַלושקעס״. דאָס אויסגעטרוימטע געריכט פון אונדזערע פּליטים. אי ס׳איז געקעכטס, אי ס׳איז וואַרעם, אי ס׳איז מעליק און זעטיק. עס פּילט אָן די קישקעס. קאַצענגאָלד האָט די פּוילישע ייִדן אויסגעזאָגט מיין יחוס, — זענען זיי געווען זייער גרויסמוטיק און האָבן מיך מכבד געווען מיט אַ ביסל „גאַלוש־קעס״. נישט קיין קליינִיקייט!...

— וואָס זאָגט איר? — פרעגט מען מיך, — איר ווייסט אפשר בעסער: צי וועלן מיר אַמאָל געהאָלפן ווערן? צי וועלן מיר אַמאָל אָנזען אונדזערע היימען?...

— מיר מוזן האָפן. — ענטפער איך „אויטאָריטאַטיוו“, — אָן דער האָפענונג וואָלט נישט געלוינט זיך גאָר צו פּייניקן...

דערמאָנט מען מיט בענקשאַפט די היימישע שטעט: וואַרשע... שעדלעץ... לובלין... גראָדנע... ביאַליסטאָק... דערמאָנט מען היימישע מענטשן... נאָנטע... טאַטע־מאַמע... שוועסטער... ברידער... גלאַנצן ביי די פרויען טרערן אין די אויגן...

— איך זע, — זאָג איך זיי, — איר לעבט דאָ צוזאַמען, ווי אַ משפּחה. נישט צו פאַרזינדיקן.

— אונדזערע „גליקן“! פאַר דער „פּייקע“ מוזן מיר פּראַצעווען פון פינצטער ביז פינצטער. מ׳לעבט דאָ ווי די חיות. מ׳זעט נישט אָן די וועלט.

שפּעטער האָט מיך קאַצענגאָלד צוגעפירט ביז צו מיין קיביטקע.

— פאַרפאַלן, — זאָגט ער מיר ביים געזעגענען זיך, ווי אַ גרויסער בעל־בטחון, — מיר מוזן מאָביליזירן אַלע אונדזערע כוחות און אויסדויערן. דאָ בין איך אַ פּאַסטוך. איר וועט מסתמא אויך טאָן אָן ענלעכע אַרבעט... אַז מיר וועלן זוכה זיין צו זען די היים, וועל איך ווידער פירן מיין אַדוואָקאַטן־קאַנצעליאַריע און איר וועט ווייטער זיצן אין אייער רעדאַקציע...

— הלוואַי!

— מיר האָבן כאָטש אַ האָפענונג אויסגעלייזט צו ווערן, — גיט ער נאָך צו, — נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר... אָבער זיי, די רוסן... אָך און וויי איז צו זייער דאָליע. אַרבעטן ווי אייזלען, און וואָס האָבן זיי פאַר זייער פּראַצע? דלות... נישטאָ וואָס מקנא צו זיין אַזאַ פאָלק... אָבער... ביז מאָרגן... אַ גוטע נאַכט!

— אַ גוטע נאַכט!

אָפּגעוואָלגערט זיך אַ נאַכט אויף דער שמאָלער באַנק אין דער קיביטקע. געלעגן אין הוילער שרעק נישט אַראָפּצופּליִען אויף דער פּאָדלאָגע. ס׳וואָלט שוין גלייכער געווען, טראַכט איך, זיך לכתחילה צו לייגן אויפן דיל. אָבער ס׳איז אַן ערדענע פּאָדלאָגע און אַ קאַלטע. וואָס אונטערצולייגן האָב איך אויך נישט. און אפשר מיין פוטער? מיין גוזאַרער פוטער? אפשר? אַ כפּרה דער פוטער פאַר אַ ביסל ביינאַכטיקער מנוחה.

אָבער די נאַכט איז אַדורך מיט נסים. געכאַפּט אויך אַ דרימל, אַ נערוועזן דרימל, און נישט אַראָפּגעפלויגן.

באַגינען בין איך שוין אַרויס צו דער אַרבעט. כ׳בין צוגעגאַנגען צו דער קאָלכאָז־קאַנצעליאַריע און פון דאָרט האָט מען מיך שוין מיטגענומען אין סטעפּ.

# 14

## גייען טעג פון אַרבעט

זענען אַוועק טעג פון אַרבעט. אַרבעט אין די סטעפּעס.

די ערשטע טעג האָב איך געאַרבעט ביי די „אַמיאָטן" (סטויגעס). דאָס רוב האָבן דאָ געאַרבעט ווייבער און „פּאַצאַנעס", צוזאַמען מיט געציילטע אַלטע לייט און האַלבע אינוואַלידן. וועגענער, געשפּאַנטע אין אָקסן, פלעגן צונויפנעמען די תבואות פון די פעלדער און זיי ברענגען צו פירן צום באַשטימטן פלאַץ — פאַר די „אַמיאָטן". איך האָב אויך געאַרבעט צוזאַמען מיט אַ פויערטע ביי אַזאַ וואָגן. דאָס צונויפנעמען די צעזייטע קופּקעלעך נאָכן קאָמביין איז צוגעגאַנגען נאָרמאַל. נישט קיין שווערע אַרבעט. ערגער איז געווען ביים אַרויפדערלאַנגען די תבואה אין דער הויך צום סטויג. מ'האָט געדאַרפט אָננעמען אויף דער „ווילע" (היי־גאָפּל) אַ פולע זשמעניע און אַ וואָרף טאָן אויבן צום פויער, וואָס איז דאָרט געשטאַנען און איינגעלייגט דעם „אַמיאָט". דאָ האָט מען געדאַרפט אַרויסווייזן אי כוח, אי בריהשאַפט ביים אַרויפשלײדערן אין דער לופטן. איך האָב עס נישט גע־טאָן ווי אַ פּאַכמאַן. עס האָבן מיר פּשוט געפעלט כוחות אָנצונעמען אויף מיין „ווילע" אַ גרויסע בכבודיקע קופּע און שליידערן ווי די געניטע פויערים טוען עס. פלעגן די באַבעס לאַכן פון מיר:

— שעם זיך, מושטשינאַ... זע ווי אַ זשענשטשינאַ דערלאַנגט אַ „ווילע"...

נישט קיין גרעסערע בריהס זענען געווען אויך אַנדערע פּוילישע יִדן אין דער בריגאַדע, ביי די אַנדערע „אַמיאָטן", הגם זיי זענען געווען ייִנגער פון מיר. מיר זענען אַלע גלייך געווען אויסגעמאַטערטע, צעבראָכענע פון די פּלאָגענישן אין די לאַגערס, אין נע־ונד...

— צו אייך האָט מען אויך טענות? — פרעג איך איינעם פון די פּוילישע.

— הערט זיי ווי דעם קאָטער! — באַקום איך אַן ענטפער, — מיר אַרבעטן ווי מיר קאָנען. קנאַפּ כוחות האָבן מיר שוין דאָ אַוועקגעלייגט?

דער גרעסטער מזיק ביי די „אַמיאָטן" איז געווען איינער אַ יונגער פויער, אַן אוקראַינער, אַ בלינדער אויף איין אויג. יענער פלעגט אָננעמען אויף דער „ווילע" אַ ריזיקע קופּע און זי אַ שליידער טאָן ווי אַ פעדערל אין דער הויך צום „אַמיאָט". קיינער אין דער בריגאַדע האָט מיט אים נישט געקאָנט קאָנקורירן אין כוחות און געשיקטקייט.

— מאָלאָדיעץ, אַנדריי! — פלעגן די באַבעס אים געבן קאָמפּלימענטן.

פלעגט זיך אַנדריי נאָך מער פלייסן און ווייזן זיינע גבורות ביים וואַרפן זיינע קופּעס ווי באַלאַנען אין דער לופטן.

אַנדריי האָט טאַקע אויך געהאָלפן אויסליידיקן אַלע וועגענער, וואָס פלעגן צוברענגען די קופּעס פון פעלד צום „אַמיאַט". פאַרוואָס ער האָט אַזוי געברענט ביי דער אַרבעט? סיידן מסתמא כדי זיך אויסצופּיינען פאַר די שיקסעס מיט זיין גבורה — ווי אַ „רעקאָמפּענסאַטע" פאַר זיין מום. טאַקע מיט איין אויג — אָבער דערפאַר מיט אַזאַ ווילדן כוח! ס'איז ווייניקער צו גלויבן, אַז דאָס האָט ער געוואָלט אַריינכאַפּן מער „טרודאָדני", ווייל סיי־ווי־סיי, ווי מען זעט דאָך, האָבן אים די „טרודאָדני" געבראַכט קנאַפּע עשירות: זיין בלוזע און הויזן זענען באַ־שטאַנען פון בלויז לאַטעס. און צי זיינע שטיוול זענען גוטע און גאַנצע קאָן מען אויך נישט וויסן, ווייל ער איז געגאַנגען באָרוועס...

צו די „אַמיאַטן" פלעגט צוקומען אויף זיין קאַליאַסקע דער „פּרעדסיעדאַ־טיעל" מיט עפּעס אַ נישט יונגער פרוי. כ'וועל באַלד געוואָר, אַז דאָס איז די „אופּאָלנאָמאָטשעננאַיאַ" (באַפולמעכטיקטע) פון אָבלאַסט', פון טשקאַלאָוו. זי האָט עס דאָ אַן אויג אויף דער אַרבעט אין קאָלכאָז; זי טרייבט צו, אַגיטירט מ'זאָל אַרבעטן פלייסיקער, אינטענסיווער און אָניאָגן מיטן פאַרשפּעטיקטן שניט. און צו אונדז, פּוילישע, רעדט זי מיט אַ מילדערן טאָן. זי זאָגט אַ־נדז צו, אַז אויב מיר וועלן אַרבעטן פלייסיק, וועט זי אַליין פאַר אונדז צוגרייטן אַ גוטן „אָביעד". זי הייסט אונדז טאַקע קומען נאָך דער אַרבעט, אין אָוונט, צו איר אין כאַטע, אין הויפּל פון „פּרעדסיעדאַטיעל". עס געפעלט די פּוילישע איר מענטשלעכער טאָן. און יעדער באַזונדער באַמיט זיך טאַקע נושא חן צו זיין אין אירע אויגן. איך פּרוּוו אויך זיך אָנשטרענגען, כ'נעם אָן אַ שווערערע „ווילע". איין מאָל געלינגט מיר, עס גייט דורך; אָבער ביים צווייטן מאָל איז דער שליידער שוין נישט געווען אַזאַ פעסטער, ווי עס געהער צו זיין, און די זשמעניע האָט נישט דערגרייכט דעם ציל אין דער הויך און זיך צעשאָטן אונטן ביים „אַמיאַט". ס'האָבן מיר פאַר־פעלט כוחות.

נאָך זון־אונטערגאַנג האָט זיך די אַרבעט געענדיקט. מיר, פּוילישע, זענען אַוועק צום צוגעזאָגטן „אָביעד". געקומען זענען מיר אַהין, אין הויפּל פון „פּרעד־סיעדאַטיעל", מיט אונדזערע „פּייקעס", געפּאַסטע אין קאָלכאָז־מאַגאַזין. זי האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט, די „אופּאָלנאָמאָטשעננאַיאַ". זי האָט אונדז אַליין סערווירט אין גערטל ביי אַ טישל. לאַפּשאַ! אַ געדיכטע לאַפּשאַ! מיר האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט, צוגעביסן נאָך מיט ברויט. נאָכן אויסליידיקן די שיסעלעך האָט זי דערלאַנגט נאָך אַ „דאָבאַווקע" (צולאָג). מ'האָט נישקשהדיק אָנגעפּילט דעם מאָגן.

צום סוף איז געקומען אַפּילו דעסער — קאַוואַן. יעדער האָט באַקומען צו היפּשן חלק. מיר האָבן זיך געקוויקט מיט דער פרישער רויטער זאַפטיקייט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז אין קאָלכאָז איז עס אַ קנאַפּע מציאה. עס פעלט נישט דער מין אין דער געגנט. יעדער קאָלכאָז האָט דאָ אַ „באַכטשאַ״ *). די ערד איז דאָ שפּעדיק פאַר דעם מין זריעה. די גערעטעניש פון קאַוואַנעס איז תמיד אַ גרויסע. דעריבער זעען מיר טאַקע אין דאָרף, ווי קליין און גרויס גריזשעט די קאַוואַנעס. אומעטום אויף דער גאַס וואַלגערן זיך די גרויסע דיקע און גרינע שאָלעכצער.

נאָך דעם „אָביעד״ האָב איך אויסגעזוכט קאַצענגאָלדן. מיר האָבן ווידער באַזוכט די „אָבשטשעזשיטיע״ פון די פּוילישע, וואָס אַרבעטן אויפן „טאָק״. פאַרבראַכט אַ ביסל צווישן ייִדן, מיט ייִדן. דאָס מאָל איז ביי זיי געווען מיט אַ באַזוך נאָך אַ ייִדישע פרוי — אַ ביאַליסטאָקערין. אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט בלויע, פאַרטראַכטע אויגן. זי אַרבעט דאָ אויך ביים „טאָק״. איר ליטוויִשער ייִדיש האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן מיט אַ גרוס פון מיין היימישן גראָדנע. דעם מאַן האָט זי פאַרלוירן אין דער מלחמה־מהומה. זי האָט אויך פאַרזוכט דעם טעם פון אַ סאָוועטישן קאָנצלאַגער אַרום אַרכאַנגעלסק.

איך רייד מיט איר גערן, פרעג זי אויס אויף באַקאַנטע נעמען. אויף שרייבער, זשורנאַליסטן. זי קען טייל נישט פערזענלעך, נאָר פון הערן, פון לייענען. אויך גוט. זי ווערט מיר היימישער.

מיר האָבן זי שפּעטער באַגלייט ביז איר קוואַרטיר. זי האָט געוווינט ביי אַן אַלט פּאָר־פאָלק אין אַ „זעמליאַנקע״. ממש אין אַ קעלער. זי איז אַראָפּ אויף שטיינערנע טרעפּ אין דער נידער און פאַרשוווּנדן געוואָרן אין אונטערערדישן „פּאַלאַץ״.

אַז כ׳בין געקומען צו זיך אין כאַטע אויף נאַכטלעגער, האָב איך געטראָפן אַ בראָך אין מיין קעסטל: אַרויסנעמענדיק פון דאָרט מיין גוזאַרער פוטער צום אונטערבעטן זיך, האָב איך באַמערקט אונטן אין דעק אַ גרויסע לאָך. די בריוו פון מיין מוטער און שוועסטער צעמישט, טייל צעריסן. דערנעבן ביים קעסטל האָט זיך געוואַלגערט מיין קליין נאָטיץ־ביכעלע, וואָס כ׳האָב געהאַט נאָך פון לאַגער און עס אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ: אַ ים צרות זענען געווען אין אים היעראָגליפן־מעסיק פאַרנאָטירט. די ערשטע פּאָר בלעטלעך זענען שוין געווען אָפּגעפליקט.

האַ, וואָס איז דאָס?

די באַלעבאָסטע האָט זיך נאָך געפּאָרעט ביי עפּעס אַן אַרבעט, פרעג איך זי.

---

*) פאַרזיי־פעלד פון קאַוואַנעס, דיניעס, זון־בלומען.

— דאָס איז וואָלאָדיאַס אַרבעט. ער האָט געזען אַ פֿאַרשלאָסן קעסטל, האָט ער געמיינט ווער ווייס וואָס דאָרטן געפֿינט זיך. ער האָט שוין געכאַפּט פֿון מיר אַ פּאַרציע.

— ווי אַזוי האָט ער עס געקאָנט ביי זיך פּועלן צו טאָן? צעברעכן אַ פֿרעמדע זאַך!

— אָט אַ ווילד קינד. ער האָט זיך דאָ פֿון וועמען צו לערנען?

— ער גייט גאָר נישט אין קיין שולע?

— ער גייט אין „סעלסאָוועט", אין קאָרפּאָווקע. אַ טאָג גייט ער, אַ טאָג זיצט ער אין שטוב. און אַז עס קומט ווינטער מיט די גרויסע פֿרעסט און בוראַנען זיצט ער כמעט שטענדיק אין דער כאַטע. ער האָט דען וואַרעמע מלבושים? גאַנצע שטיוול אויף די פֿיס, צי וואַליקעס?

וואָלאָדיאַ גופֿא איז שוין געלעגן אויף דער „גאַלאַנקע" און זיך נישט אָפּ־געריפֿן מיט קיין וואָרט, הגם ער איז נאָך נישט געשלאָפֿן און האָט גוט געהערט מיין שמועס מיט זיין מאַמען.

— וואָלאָדיאַ! — רוף איך צו אים, — האָסט דאָך מיר געקאָנט זאָגן, וואָלט איך דיר אַליין געוויזן וואָס אין קעסטל ליגט.

יענער אָבער האָט בכיוון געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און זיך געמאַכט שלאָפֿנדיק. גיי טענה זיך אויס מיט דער ווילדקייט!

קוים נאָכדעם אויסגעזוכט אַ שטיקל ברעטל מיט אַ פּאָר טשוועקלעך, כדי צו פֿאַרקלאַפּן די לאָך אין מיין קעסטל. דאָס ביכעלע — מיט מיינע צרות... — האָב איך שוין זאָרגעוודיק געהאַלטן אין אַ קעשענע.

***

אַזוי זענען געגאַנגען טעג. ביי טאָג אין סטעפּ, ביי דער אַרבעט מיט די פּויערים, מיט די וועגענער און אָקסן. אונטער אַ גליִענדיקער זון, וואָס ציט אַרויס דאָס חיות פֿון די ביינער. די אָוונטן פֿלעג איך פֿאַרברענגען אין געזעלשאַפֿט פֿון די היימישע, פֿון די פּוילישע. אַ קורניקל האָט געוואָרפֿן שאָטנס אויף די ווענט. אַמאָל פֿלעגט מען זיצן פֿאַר דער „אָבשטשעזשיטיע", זיך קוויקנדיק מיט דער קילער דאָרפֿישער נאַכט. יעדער האָט אונטערגעקרעכצט, דערמאָנענדיק די ווייטע היים. יעדער האָט זיך גאַרנישט געקאָנט אויסדערציילן זיינע צרות פֿון לאַגער: ווער אַזוי ווי איך — אין קאָמי, ווער אין אַרכאַנגעלסק, ווער אין אַלטייסקי קראַי, ווער אין אַנדערע וויסטעניש פֿון ריזיקן רוסלאַנד. די אָוונטן זענען צו קורץ פֿאַר די אַלע מעשיות.

געווען אין דער געזעלשאַפֿט תמיד די ביאַליסטאָקערין, מיט די בלויע פֿאַר־

טראַכטע אויגן. געווען אויך די פּאַליאַטשקע, די שכנה. אַ גאַנץ סימפּאַטישע, מיט אַ חנעוודיקן שמייכעלע אויף די גריבלדיקע באַקן. זי האָט זיך דאָ גוט איינגעלעבט מיט די ייִדן און געפילט זיך מיט זיי ווי פון איין משפּחה.

— קומט אַרויף אין אָוונט, — זאָגט מיר איין טאָג די ביאַליסטאָקערין, אַז איך האָב זי צוגעפירט צו איר קעלער־שטיבל.

— אייגנטלעך דאַרפט איר נישט זאָגן „קומט אַרויף“, נאָר „קומט אַראָפּ“...

— גערעכט, גערעכט. — לאַכט זי. — איז קומט זשע אַמאָל אַראָפּ.

— אפשר מאָרגן.

אַז כ׳בין אָבער צומאָרגנס צו איר אַראָפּגעקומען, איז זי געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע — אויף איר נעבעכדיקן געלעגער — אין גרויס פיבער. עס האָט זי געכאַפּט די מאַליאַריע. און גראָד האָט זי קיין כינין נישט געהאַט. דער פעלד־שער פון „סעלסאָוועט“ — פון קאַרפּאָווקאַ — האָט געזאָגט, אַז אין זיין אַפּטייקל איז נישטאָ דער מין. ער וואַרט דערויף פון ראַיאָן. ברענט זי, די ביאַליסטאָקערין, ווי אַ פייער.

— וואָס זשע קאָן מען טאָן פאַר אייך? — פרעג איך זי.

— איר קאָנט נאָר זאָגן תהלים... — לאַכט זי.

איך קוק אָן אינעווייניק דעם קעלער און עס כאַפּט אָן אַ שוידער: אָפּגעצופּטע, חושכדיקע ווענט, אַ ברודיקע טונקעלע, צעקרישלטע געוועלבונג פון אויבן אי־בערן קאָפּ. אין איין ווינקל — אָן איקאָנע, באַדעקט פון איין זייט מיט אַ שפּינ־וועבס־נעץ. דאָס אַלטע פּאַר־פּאַלק, די באַלעבאַטים, זיצט ביי אַ קליין טישל איבער אַ שיסל מיט עפּעס אַ טונקעלן געקעכטס.ביידע עסן פון דעם איינעם שיסל מיט הילצערנע לעפל. די לופט איז פייכט און טוכלע. אַ קורניקל יאָגט פון זיך אַ רויכל און דעמפּט אויס טשאַד. עס נעמט מיך איבלען אין האַלדז.

— נישט געדאגהט, — פּרווו איך זי טרייסטן. — מיר וועלן נאָך אַמאָל צוריקפאָרן קיין ביאַליסטאָק...

זי האָט טרויעריק געשמייכלט און גערעדט ווי צו זיך אַליין:

— מיין ביאַליסטאָק... מיין דירה אויף ליפּאָווע... אין מיינע דריי צימערן איז מיר נאָך צו ענג געווען... געהאַט שטענדיק טענות צו מיין מאַן... אַלץ, אַלץ פאַרזינדיקט . . .

— אָבער איצט זעען מיר, אַז צו שלעכטס האָט גאָר נישט קיין גרענעץ... נישט אמת? . . .

— און גראָד דאָרט, וווּ מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס גליק אַליין שיינט... אָט

זעט, קוקט אָן דאָס „גליקלעכע לעבן“... — טוט זי אַ ווייז טעאַטראַליש צו די קעלער־ווענט.

טאַקע נישט נויטיק געווען קיין בעסערע „ראיה“ — — — —

***

אַ צווייטן אָוונט זיך אַריינגעכאַפּט צו אונדזער פּאַליאַטשקע — צו דער פּאַני זאָפיאַ. יענע האָט געלעבט אַ ביסל בעסער. אַ לייטישערע כאַטע, נישט אַזוי פאַרחושכט, אָפּגעלאָזן. געווען אויך אין חדר אַן אימפּראָוויזירטע בעטל, קאָמבינירט פון ברעטער אויף אַ פּאָר בענקלעך. בעת איך בין צו איר אַריין האָט זי זיך געפּאָרעט ביי דער הרובע, געקאָכט זיך אויף אַ דרייפוס עפּעס צו וועטשערע.

פּאַני זאָפיאַ האָט אויך געהאַט אַ גרינגער געמיט.

— נישקשה, — זאָגט זי, — מיר וועלן נאָך זיין צוריק אין פּוילן. פריער צי שפּעטער. פאַרפאַלן, באַשערט אונדז אַ ביסל זיך צו מוטשען. אָבער איצטער וועלן מיר וויסן ווי אַזוי צו שעצן די אייגענע „אָיטשיזנאַ“... (פאָטערלאַנד...).

„די אייגענע אָיטשיזנאַ“... — טראַכט איך. — „צי קאָנען מיר ייִדן אויך אַזוי ריידן? מיר, — פאַר וועמען פּוילן איז געווען אַ שטיף־מאַמע?“...

שמועסנדיק אַזוי מיט דער פּאַני זאָפיאַ, באַמערק איך, אַגב, אין חדר, אַז זי פאַרמעגט אַ גאַנץ שיינעם רעזערוו פּראָדוקטן: מעל, הירזש, קאַרטאָפל. ס׳איז מער ווי זיכער: זי קאָמבינירט... זי „גיט זיך אַן עצה“ ביי איר אַרבעט אויפן „טאָק“, ביי די קופּעס ווייץ. וואָרום ווי קאָן עס דען אַנדערש זיין?...

— כ׳זע, איר זענט אַ גוטע באַלעבאָסטע, — זאָג איך איר.

— פּאַניע, מיר מוזן אויסדויערן פּאַר יעדן פּרייז. מען מוז זיך האַלטן און אָפּהיטן דאָס געזונט. קנאַפּ כוחות גיבן מיר „זיי“ אָוועק?...

אירע רייד באַשטעטיקן מיין השערה, אַז זי „גיט זיך אַן עצה“... זי איז גערעכט, ווי אַלע זענען גערעכט, וואָס טוען דאָס זעלבע. אַ גוטע „פילאָזאָפיע“ דאָ, אַ געזונטע. נישטאָ דאָ קיין אַנדער ברירה. אַז „זיי“ אַליין, די באַלעבאַטים פון לאַנד, האָבן גורם געווען אַזאַ מצב, אַזאַ „סיסטעם“...

בעת די פּאַני זאָפיאַ האָט זיך געזעצט עסן איר וועטשערע האָב איך שוין געהאַט בדעה צו גיין. געוואָלט נאָך באַזוכן די „אָבשטשעזשיטיע“.

— בלייבט נאָך אַ ביסל, — זאָגט זי, — וועל איך אייך מכבד זיין מיט טיי.

— מיט טיי?! מסתמא מיט „קיפּיאַטאָק“?

— ניין, מיט טיי. איר וועט זען.

— טשיקאַווע.

און פּאַני זאָפיאַ האָט מיך טאַקע מכבד געווען מיט אמתן טיי. נישט אין אַ גלאָז, נאָר אין אַ „קרוזשקע״. אַבי טיי. שמעקעדיקער טיי. און נישט סתם טיי, נאָר טאַקע טיי מיט צוקער.

— טיי מיט צוקער?! פּאַני זאָפיאַ, איר זענט אַ העלדין!

— כ׳האָב ליב צו לעבן ווי אַ מענטש. ביי אונדז אין פּוילן איז אַ גלאָז טיי געווען אַ טאָג־טעגלעכע זאַך פון יעדן מענטש, אַפילו פון גרעסטן אָרעמאַן. דאָ אָבער...

— יאָ, יעדע נאַרישקייט איז דאָ אַ פּראָבלעם. וואָס „זיי״ האָבן געמאַכט פון אַ גרויס, רייך לאַנד!

כ׳האָב געטרונקען דעם טיי, צוגעביסן מיט פּיצעלעך צוקער פון דער „קאָסט־קאַ״, וואָס די פּאַני זאָפיא האָט מיר געגעבן, און כ׳האָב זיך ממש דעלעקטירט. שוין לאַנג נישט געשפּירט דעם טעם פון טיי.

— כ׳טרינק און דער טעם דערמאָנט מיר — פּוילן... — פאַל איך אַריין אין סענטימענטאַלן טאָן.

— ענדיקט, וועל איך אייך אָנגיסן נאָך אַ „קרוזשקע״ טיי.

— דזיענקויען באַרדזאָ, פּאַני זאָפיאַ!

בין איך זיך שוין אַזוי פאַרזעסן ביי דער פּאַני זאָפיאַ, און טרינקענדיק דעם טיי, דערמאָנט די וואַרשעווער צייטן...

פאַרן אַוועקגיין לייג איך איר פאָר:

— מאָרגן איז זונטיק, „וויכאָדנאָי״. מיר גייען אַלע זיך באָדן אין דער בורטאַ. אפשר ווילט איר מיטגיין „פּלאַזשעווען״?

— איר האָט פאַרגעסן, אַז מיר זענען נישט אין פּוילן. אַז קיינער פון אונדז האָט דאָך נישט קיין באָד־קאָסטיום... דאָ מוזן מיר גיין באַזונדער: מענער באַזונד־ דער, פרויען באַזונדער.

— יאָ, גערעכט. גאָר פאַרגעסן ווו מיר זענען... אַז אייער טיי האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן... דאָבראַנאָץ, פּאַני זאָפיאַ!

— דאָבראַנאָץ!

האָבן מיר טאַקע צומאָרגנס, זונטיק, באַלאַגערט אַלע די בורטאַ. מיר זענען אַוועק ווייטער אַ ביסל פון דאָרף, אויף אַ פּלאַץ ווו דער טייך שטראָמט צווישן ביימלעך און קוסטעס. אין די שטראָמיקע וואַסערן האָט מען זיך גוט אויסגעבאָדן פאַר אַלע צייטן. נאַקעטערהייט, נישט אין די „לאַכעס״, האָט מען זיך געפילט פּונקט ווי דאָרטן... מ׳האָט געשווומען, געמאַכט „קונצן״ אינעם קלאָרן וואַסער. ווי תמיד אין אַזעלכע פאַלן, האָט, אַגב, יעדער אויך אויסגעוואַשן זיין העמד פון לייב און אויסגעשפּרייט אויפן גראָז טריקענען. אין דער צייט פון אונדזער

באָדן זיך האָט די זון דערוויל געטאָן דאָס איריקע. פאַרן אַהיים גיין איז שוין דאָס העמד געווען אויסגעטריקנט און אויסגעוואַרעמט.

„אייגנטלעך — טראַכט זיך — וואָלט איך שוין דאָ איבערגעוואַרט אַזוי עד יעבור זעם. כאָטש מ׳לעבט דאָ ווי די חיות. פון פינצטער ביז פינצטער ביי דער אַרבעט אין סטעפּ. אַ כאָטע מיט אַ שמאָלער באַנק אָדער פּאָדלאָגע צום שלאָפן. דאָך אַלע טאָג אַ „פּייקע״. אין אָוונט פּאַראַן אויך מיט וועמען אויסצורײדן אַ וואָרט. נו, און זונטיק, אין „וויכאָדנאָי״ — אַ הימל, אַזאַ בלויער אויסגעשפּרייטער הימל. אַ שטראָמיקער טייך... קיין בעסערן „פּאָסטן״ וועל איך שוין, דוכט, אין רוסלאַנד נישט געפינען״...

יאָ, אַזוי האָט זיך מיר געטראַכט, ליגנדיק נאַקעט ביים טייך, פאַרריסן דעם קאָפּ צום הימל מיט די בליקן אין דעם לופטיקן בלויען אָקעאַן.

## 15

## די „אַוואַריאַ״ *) ביים קאָמביין

מ׳טראָגט מיך איבער צו אַן אַנדער אַרבעט — ביים קאָמביין. אויף אַ ווייצן־פעלד. ס׳איז דאָרט געגאַנגען דער שניט. דער קאָמביין איז געפאָרן אַרום אַ ריזיקן פעלד, געמאַכט כסדר אַזעלכע „רונדקעס״ און געשוירן די ווייץ־זאַנגען. אַזאַ קרייז פון שיינע קילאָמעטערס האָט היפּשלעך געדויערט. דער מאָטאָר האָט אוימאויפהערלעך געררושט און פאַרגרילצט די לופט.

מיין אַרבעט איז געווען אויף דער הינטערשטער „פּלאַשטשאַדקע״ (פּלאַט־פאָרמע) פון קאָמבייך, ווו עס פלעגן כסדר מעכאַניש אַרויספאַלן די זאַנגען און אַלע ווילע האָט מען געדאַרפט אַראָפּשמייסן די קופּעס אויפן פעלד. מיט מיר צוזאַמען האָט געאַרבעט נאָך אַ יונג פּויערים־מיידל. די אַרבעט איז אין גרונט נישט געווען קיין שווערע; אָבער דאָך האָט מיך געמאַכט דאָס כסדרדיקע וואָך־זיך, דאָס אָפּהיטן אַלע ווילע אַראָפּצושמייסן די אָנגעזאַמלטע קופּקעס אויף אונ־דזער קליינער פּלאַטפאָרמע. דערצו האָט דער קאָמביין אָנגעמאַכט אַרום זיך אַ שטויב, וואָס איז געקראָכן אין מויל, אין די נאָז־לעכלעך און געררייצט די אָטעם־אָרגאַנען.

די דאָזיקע אַרבעט, ווי אַלע אַרבעטן אין קאָלכאָז, האָט געדויערט פון באַגי־נען ביז זון־אונטערגאַנג. דער טאָג האָט זיך געצויגן אומענדלעך לאַנג. נישט

*) אקסידענט.

וויניק האָט אויך געמאַטערט די גליִענדיקע זון, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שווייס איבערן גאַנצן קערפּער. אויפן פּנים האָט דער שווייס זיך אויסגעמישט מיטן שטויב און ס׳האָט זיך באַקומען אַ שיטערע בלאָטע.

נישטאָ קיין גרינגע אַרבעט אין קאָלכאָז. די „פּייקע" ברויט האָב איך כשר פאַרדינט.

די מיטאָג־הפסקה האָט געדויערט אַ שעה צייט. אין דער דאָזיקער שעה פלעגן די מענטשן זיך אויסלייגן אין שאָטן פון הילצערנעם פעלד־געצעלט און זיך נעמען צו זייער מיטגעבראַכטן עסנוואַרג: ברויט, אוגערקעס, קאַוואָנעס.

מיר, די פּוילישע, האָבן זיך געקלאָגט פאַר דער „אופּאָלנאָמאָטשענאַיאַ", אַז מיר קאָנען נישט וואַרטן אויפן „אָביעד" ביז נאָך דער אַרבעט, ביזן אָוונט; אַז מיר הונגערן און האָבן נישט קיין כוח צו דער אַרבעט. האָט זי מסכים געווען, אַז מ׳זאָל אונדז באַזאָרגן דעם „אָביעד" אין פעלד אַריין צו דער מיטאָג־הפסקה. דאַמאָלס קומט זי סיי ווי סיי אַרויס מיטן „פּרעדסיעדאַטיעל" אין סטעפּ, וועט זי אויף דער קאַליאַסקע שוין מיטנעמען דעם „אָביעד" פאַר אונדז.

— אָבער געדענקט, רעביאַטאַ! — האָט זי געוואָרנט דערביי, — איר זאָלט גוט אַרבעטן. זעט, וויפל ווייץ עס איז נאָך געבליבן אויף די פעלדער.

— לאַדנאָ, לאַדנאָ, זעט מיר זאָלן נאָר נישט הונגערן.

זי איז באמת געווען אַ זעלטן־ערנסטע פרוי, מיט אַ סך איינזען פאַר די אַרבעטער. זי איז כלל נישט געווען קיין טיפּ פון סתם אַ פּאַרטייאישער בלינדער פאַנאַטיקערין. אין איר באַנעמונג צו אונדז האָט נישט געפעלט קיין מיטלייד, האַרץ. דאָס האָט איר גאָרנישט געשטערט זי זאָל טראָגן ערלעך איר התחייבות פאַר דער אָנפאַרטרויטער מיסיע. זי איז טאַקע אויך געווען איבערגענומען מיט דער געפאַר, אַז אַ סך תבואה זאָל גיין לאיבוד מיטן אָנקומען פון דעם שאַרפן ווינטער, און ברויט דאַרף דאָך האָבן דער פראָנט, די הונגעריקע מענטשן אין גרויסן לאַנד...

און ווייל די דאָזיקע פרוי האָט גערעדט צו אונדז מיט מענטשלעכע טענער, האָט זיך באמת געגלוסט אָנטקעגן קומען איר רוף צו אַרבעטן ווי ווייט מעגלעך מיט מער פלייס — הגם איך פלעג נאָכן טאָג אַרבעט פאַלן ווי אַ סנאָפּ. דער שטויב און דער בענזין האָט מיך שיער נישט דערשטיקט. כ׳בין אינגאַנצן געווען אַ דורכגעווייקטער פון שווייס.

אַמאָל פלעגט די דאָזיקע פרוי מאַכן אונדז, פּוילישע, אַ סיורפּריז צום „אָביעד":

— כ׳האָב פאַר אייך היינט געמאַכט „וואַרעניקעס", — פלעגט זי אונדז אָנזאָגן די בשורה ביים פעלד־געצעלט בעת דער מיטאָג־הפסקה.

זי האָט יעדן אויסגעטיילט זיין פּאַרציע. פּריִער אַ שיסעלע הירזש, דאַן די „וואַרעניקעס“ — אַזעלכע מיני קעז־קרעפּלעך — און צום סוף נאָך צו שטיקער קאַוואָן. נאָך אַזאַ „אָביעד“ האָט מען איר, פאַרשטייט זיך, געמוזט אָפּדאַנ־קען מיט נאָך גרעסערער התמדה ביי דער אַרבעט.

איך האָב זיך אַלע טאָג צוגעקוקט בעת דער מיטאָג־הפסקה צו די קאָלכאָזנע ווייבער: נאָכן פאַרצערן זייער מיטגענומענעם באַשיידענעם „אָביעד“ האָבן זיי תמיד געהאַט איין „צייט־פאַרטרייב“ — לויזן זיך... זיי פלעגן זיך אויסזעצן פאַר־וויז און לויט דער ריי לייגן די קעפּ איינע דער אַנדערער אויפן שויס. דאָס „געיעג“ איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון אַ האָר־קעמל און מעסער. מיט איין האַנט פלעגט די „יעגערין“ צעשאַרן ביי דער פאַרטנערין די האָר אויפן קאָפּ און מיט דער אַנדער האַנט פלעגט זי אונטערשטעלן דאָס מעסער און דערויף אַ קנאַק טאָן מיטן קעמל די אויסגעפּאַשעטע חיהלע. אַזוי איינע דער אַנדערער. פלינק, געשיקט. נאָך אַזאַ „עקזעקוציע“ באַקומט דאָס מעסער דאָס אויסזען ווי די אויבערפלאַך פון אַ יאַטקע־קלאָץ. ווי נאָר די ווייבער פלעגן זיך אויסזעצן, פלעגן איינע די אַנדערע אַ זאָג טאָן:

— קלאַדי גאָלאָוו... (לייג דעם קאָפּ...).

פלעגן זיך צעלייגן די קעפּ אויף די שויסן און מ׳האָט זיך גענומען צו דעם „געיעג“. זיי האָבן זיך גאָר נישט זשענירט פאַר קיינעם, גלייך ווי עס וואָלט געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, ווי, אַ שטייגער, אַ טרונק וואַסער.

יאָ, נישטאָ קיין „גלעזערנע הייזער“ אין די קאָלכאָזן... נישטאָ קיין וואַנע־צימערן... אַ שטיקל זייף איז אַ זעלטנקייט... גענוג וועש צום טוישן איז אויך נישטאָ... און דאָס אָרעמע העמד וואָס מען וואַשט, וואַשט מען אָן זייף, נאָר מיט אַש... איז אַ חידוש, וואָס אַ גאַנץ פאָלק איז פאַרלייזיקט! איז אַ חידוש אָט דער „געיעג“ מיט האָר־קעמל און מעסער? — — —

זינט איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביים קאָמביין פלעג איך זיך ווייניקער זען מיט מיינע פוילישע אין זייער „אָבשטשעזשיטיע“: כ׳בין געווען אַ צו אויסגע־מאַטערטער, אַן אויסגעשעפּטער פון דער אַרבעט. כ׳האָב שוין אין אָוונט נישט געהאַט קיין חשק און קיין כוח זיך אַריינצוכאַפּן צו זיי. כ׳פלעג אַריינפאַלן אין דער קיביטקע, אין מיין אָרעם ווינקל, פלעג זיך קוים אַרומוואַשן פונעם שטויב און אַ פאַל טאָן אַ צעבראָכענער אויף דער באַנק. ס׳איז מיר אַזוי אַרום אויך נישט אויסגעקומען צו זען אין די טעג נישט מיין לאַגער־פריינט קאַצענגאָלד, נישט די ביאַליסטאָקערין (ווי האַלט זי מיט איר מאַליאַריע?...), נישט די פאַני זאָפּיאַ.

„אומשטיינס געזאָגט — טראַכט איך אַזוי איינמאָל, ליגנדיק אויף דער באַנק — וואָס פאַר אַ זין האָט דאָ אַזאַ חיהש לעבן? אַרבעטן אַזוי שווער פאַר דער

„פּייקע" ברויט — אַפילו אַמאָל אויך פאַר אַ פּאָרציע „וואָרעניקעס"... — און בלייבן לחלוטין אויסגעשעפּט און אויסגעליידיקט, און נישט האָבן מער קיין כוח און קיין געמיט צו גאָרנישט, גאָרנישט... נישט אַפילו קיין האָר, קיין פּיצל פאַר דער נשמה, נישט פאַר אַ בוך, פאַר אַ געדאַנקען־אויסטויש, פאַר עפּעס אַ שיינקייט אין לעבן... נאָר — „ראַבאָטאַי! ראַבאָטאַי!"... (אַרבעט! אַרבעט!). צי איז שוין נישט בעסער צו זיין אַ הונגעריקער וואַגאַבונד, — אָבער אַ פרייער מענטש? מעג עס זיין אָן אַ שמאָלער האַרטער באַנק אין אַ קיביטקע? די נשמה ווערט דאָך אויסגעליידיקט, פאַרטעמפּט, פאַרדאַרט ווי אַ גרוגרת דרב צדוק"...

אַזוי האָט זיך מיר געטראַכט אין דער קיביטקע אויף מיין האַרטן געלעגער אין די נעכט. דער חושך האָט קיין תשובה נישט געגעבן. כ'בין צו מיד געווען צו אַנטשליסן זיך אויף עפּעס. איידער כ'האָב זיך צו עפּעס דערטראַכט האָט אין די קליינע פענצטערלעך אָנגעהויבן גרויען דער נייער טאָג פון פּראַצע, פון גליַענדיקער זון, פון שטויב און פון שווייס...

און היות ווי איבער מיר האָט געוועלטיקט צופאַל און צופאַל האָט געפירט מיך סיי צום גוטן און סיי צום שלעכטן, — האָט אויך דאָס מאָל מיט מיר פּאַסירט אַ צופאַל, וואָס האָט מיר געבראַכט אַן ענדערונג:

אַן „אַוואַריאַ"! אַן „אַוואַריאַ" ביים קאָמביין.

געשען איז עס אין מיטן אימפּעטיקן קרייזן איבערן גרויסן ווייץ־שטח. איך מיט דער שיקסע זענען, ווי געוויינלעך, געשטאַנען פון הינטן אויף אונדזער פּאָסטן און געטאָן אונדזער אַרבעט: ווי אַ זייגער אַלע ווײַלע אַראָפּגעוואָרפן די קופּקעס זאַנגען. פּלוצלונג, גאָר אומגעריכט, האָט אין פּאָדערשטער ראָד פון קאָמביין געגעבן אַ פאַל אַריין אין עפּעס אַ גרוב און דער גאַנצער ריזיקער קאָמביין־מאַסיוו האָט זיך אַזוי האַסטיק אַ טרייסל געטאָן, אַז איך בין כהרף עין גע־פלויגן ווי אין כף־הקלע. כ'בין האַסטיק אַראָפּגעפאַלן מיטן ברוסט־קאַסטן צו דער ערד, אונטערן סאַמע הינטערשטן מאַסיוון ראָד. אַ נס איז געשען, וואָס דער קאָמ־ביין איז תיכף שטיין געבליבן; ווען נישט, וואָלט איך צעמורשט געוואָרן אויף פּיצלעך. פון האַסטיקן פאַל און קלאַפּ האָט מיר אַ בליץ געטאָן אַ שטיק פייער אין די אויגן און דער קלאַפּ אָן דער ערד איז געווען אַזוי שאַרף ווייטיקלעך, אַז כ'בין געבליבן ליגן אָן באַוועגונג. כ'בין זיכער געווען בעת־מעשה, אַז דער ברוסט־קאַסטן האָט געכאַפּט אַ בראָך. בלויז דער מוח האָט נאָר געאַרבעט און כ'האָב פאַרנומען אַ קוויטשעריי פון דער שיקסע. אויך זי, הייסט עס, איז ערגעץ גע־פאַלן. עס זענען צוגעקומען די טראַקטאָריסטן און האָבן מיך אַרויסגעצויגן פון אונטערן ראָד. רירן זיך אַליין האָב איך נישט געקאָנט. אַ שרעקלעכער ווייטיק האָט מיך אינגאַנצן געליימט. בין איך אַזוי געבליבן ליגן אָן באַוועגונג אַ צייט.

עס איז צו מיר צוגעקומען די שיקסע — זי איז אַרויס, הייסט עס, אומבאַשעדיקט — און זיך איבער מיר איבערגעבויגן:

— ניע פּאַמער? ווסטאַן! (ביסט נישט געשטאָרבן? שטיי אויף!) — זאָגט זי מעשה גולם.

— דוראַ! (שוטה!). כ׳קאָן זיך נישט רירן פון ווייטיק.

די טראַקטאַריסטן האָבן זיך געפּאָרעט מיט דרענגער ביים אַראָפּגעזונקענעם ראָד, געמייסטרעוועט, זיך געקליגלט מיט קאָמבינאַציעס און איינפאַלן און לסוף אים אַרויסגעהויבן אַ ביסל.

— גאַטאָווע, ס׳וועט שוין גיין, — הער איך, ווי זיי ריידן.

ווידער קומט צו צו מיר איינער פון זיי און פרעגט מיך:

— קריכסט אַרויף?

— ווי אַזוי? אַז כ׳קאָן מיך נישט אַ ריר טאָן פון יסורים.

— לאַדנאַ, פּראַשטשאַי... (גוט, זיי געזונט...).

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער קאָמביין זיך ווידער צערוישט און זיך דער־ווייטערט. כ׳בין געבליבן ליגן איינער אַליין מיט מיינע ווייטיקן אין סטעפּ. דאָס רוישן איז געוואָרן אַלץ ווייטער און ווייטער. עס האָט היפּש געדויערט ביז וואַנען כ׳האָב ווידער דערהערט זיך דערנענטערן דעם קאָמביין. די „רונדקע״ איז נאָך אַלץ געווען גרויס אין שטח. דער קאָמביין איז דורכגעפאָרן פאַרביי מיר און קיינער פון די מענטשן האָט מיך שוין אַפילו נישט געפרעגט וואָס מיט מיר איז, ווי איך פיל זיך... ליגנדיקערהייט, אין איין פּאָזיציע, האָב איך זיך פּאַוואָליע און פאָרזיכטיק גענומען באַטאַפּן די געגנט פון ברוסט־קאַסטן. די בגדים זענען טרוקן. נישטאָ קיין בלוט פון אויסן. אָבער דער מינדסטער ריר מיט דער האַנט פאַרגרעסערט נאָך דעם ווייטיק. כ׳האָב זיך געפּרוּווט אויפזעצן און נישט געקאָנט. די מינדסטע אָנשטרענגונג פון די מוסקולן האָט געשניטן ווי מיט מעסערס.

אפשר אַ שעה צווייַ בין איך אַזוי אָפּגעלעגן אין סטעפּ אָן הילף. ס׳איז גע־וואָרן פאַרנאַכט. די זון האָט זיך שוין געזעצט. צום גליק איז פון ערגעץ אָנגעפאָרן דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ אויף זיין קאָליאַסקע. כ׳האָב אים אַלץ דערציילט. יענער האָט געשמייכלט מיט זיינע קליינע אייגעלעך און נאָך געחוזקט:

— ווען מען ברענגט דיר „וואָרעניקעס״, וואָלסטו זיך שוין אויפגעהויבן...

זיין „חכמה״ האָט מיך געקרענקט. עס האָט געמיינט, אַז איך סימוליר. האָב איך שוין בעסער געשטומט, כדי נישט אַריינגיין מיט אים אין אַ קריגעריי.

— נו, הויב זיך אויף! — זאָגט ער.

— כ׳קאָן זיך דאָך נישט רירן.

ער האָט דאַן באַוויליקט אַראָפּצוגיין און מיר געהאָלפן זיך אויפצושטעלן.

כ׳האָב בעת־מעשה אַזש געקריצט מיט די ציין פון יסורים. אָן אויסגעצויגענער, מיט לאַנגזאַמע טריט, בין איך קוים צוגעגאַנגען צו דער קאָליאַסקע. זיך איינ־בויגן ביים אָרויפזעצן זיך האָט מיר ווידער געקאָסט מוראדיקע ווייטיקן. אַזוי האָט ער מיך אָפּגעפירט אין דאָרף אַריין, ביז מיין כאַטע.

אין קיביטקע האָט מיר די „כאַזייקאַ" געגעבן אַ נאַסע שמאַטע צוצולייגן צום ברוסט־קאַסטן. כ׳בין געלעגן אויף דער באַנק ווי אַ געשמידטער, אָן אַ באַוועגונג מיט אַן אבר. אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט אויף איין מינוט כאָטש אַנטשלאָפן ווערן.

באַגינען קומט אַריין דער בריגאַדיר מיך רופן צו דער אַרבעט. געזען, אַז כ׳בין נישטאָ, האָט ער געמיינט, אַז כ׳האָב פאַרשלאָפן.

— כ׳בין קראַנק. כ׳קאָן זיך נישט רירן. — זאָג איך אים.

— דוראַקאָ וואַליאַעש... ( האַקסט אַ טשייניק...), — חכמהט זיך יענער.

— טי דורני טשעלאָוויק... (ביסט אַ נאַרישער יונג...) — מישט זיך אַריין מיין אוקראַינישע באַלעבאָסטע. — זעסט נישט, ער איז קראַנק. אַ גאַנצע נאַכט געקרעכצט.

שפּעטער איז זי אַוועק אין קאָלכאָז־מאַגאַזין און מיר געבראַכט מיין פּאַרציע ברויט. כ׳האָב עס גאָר נישט געקאָנט טועם זיין און עס צעטיילט די קינדער אין שטוב.

צומאָרגנס באַגינען איז ווידער געקומען מיך רופן דער בריגאַדיר.

— כ׳קאָן נישט. — זאָג איך. — ס׳איז מיר נאָך אַלץ אוממעגלעך צו באַ־וועגן זיך.

— טאָ גיי צום „וראַטש" נאָך אַ „ביולעטין" *). ווען נישט, וועסטו קיין ברויט נישט באַקומען.

יאָ, צום „וראַטש" וועל איך סיי־ווי־סיי גיין. מען מוז דאָך זען וואָס מיט מיר איז געשען? אָבער ווי דערשלעפּ איך זיך צו אים? דאָ, אין „טשערוואָנאַ בורטאַ", איז קיין שום מעדיצינישער פּונקט נישטאָ. די אַמבולאַטאָריע איז דאָך אין „סעלסאָוועט" — אין שכנישן דאָרף קאַרפּאָווקאַ — אַ 4—5 קילאָמעטער פון דאַנען.

דעם דריטן טאָג האָב איך געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען און זיך גע־לאָזט גיין פּאַמעלעך אין „סעלסאָוועט". כ׳בין געגאַנגען מיט קאָרגע באַוועגונגען, אויסגעצויגן ווי אַ שטעקן, ווייל יעדער בויג פון קאָרפּוס האָט געשניטן דאָס אַנגעווייטיקטע אָרט. קיין שום פור אויפן וועג מעשה־שטן נישט באַגעגנט און

*) באַפרייאונגס־צעטל מחמת קראַנקייט.

האָב אַזוי געמוזט קריכן צו פוס. בעטן ווידער אַ פור ביים „פּרעדסיעדאַטיעל״ האָב איך גאָרנישט געפּרוווט: ס׳וואָלט געווען אַרויסגעוואָרפענע רייד.

זיך קוים דערשלעפּט צו קאַרפּאָווקאַ, צו דער אַמבולאַטאָריע. עס האָבן נישט געפעלט דאָרט קיין חולאים מכל המינים: ווער מיט ווונדן, ווער מיט געשווירן, ווער מיט אינערלעכע מחלות. עס זענען געזעסן באַבעס מיט קראַנקע קינדער — מיט ענגלישער קרענק, מיט צרעת וכדומה. דער „וראַטש״ — אייגנטלעך אַ פעלדשער — אַן עלטערער רוס, האָט יעדן חולה אָפּגעפטרט מיט אַ פּאָר „פּראָש־קעס״, צי אַ שמירעכטס אין אַ רונדן הילצערנעם שאַכטעלע און — הולך געגאַנגען.

אַז די ריי איז געקומען צו מיר, האָב איך אים דערציילט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. ער האָט אַנטבלויזט מיין לייב, געטאַפּט, געטאַפּט און עפּעס אָנ־געטאַפּט.

— דאַ, אושיב (יאָ, אַ קלאַפּ). — באַשטעטיקט ער. און גלייך נעמט ער מיר אַריינשטעקן אַ טערמאָמעטער אונטערן אָרעם.

אין עטלעכע מינוט אַרום ציט ער אַרויס דעם טערמאָמעטער:

— קיין היץ האָסטו נישט, קאָן איך דיר נישט געבן קיין „ביולעטין״.

— סטייטש? — קוק איך אים אָן פאַרחידושט. — ווי זשע וועל איך אַרבעטן, אַז איך קאָן זיך נאָך נישט איינבויגן?

— נישטאָ קיין עצה. — דריקט ער מיט די אַקסלען.

— גיט מיר אַ „ביולעטין״ כאָטש אויף צוויי־דריי טעג.

— איך קאָן נישט. זאַקאָן! (געזעץ!).

ער גיט מיר אין אַ פלעשעלע עפּעס אַ פליסיקייט צום באַשמירן דאָס קראַנקע אָרט — און יוצא. ער עפנט שוין די טיר און רופט אַריין אַן אַנדער חולה.

כ׳בין צוריק אַוועקגעקראָכן פון „וראַטש״ אַן אויפגערעגטער. היתכן? ווי קאָן מען זיך אַזוי באַגיין מיט אַ לעבעדיקן מענטשן? מיט אַן אַרבעטער אין אַ „סאָ־ציאַליסטישן״ לאַנד?... צו וועמען ריידן? פאַר וועמען באַקלאָגן זיך?

— נו, — פרעגט מיך די „כאָזייקאָ״ — געקריגן אַ „ביולעטין״?

— ווייס איך וואָס! דער „וראַטש״ האָט געפּרוווט ביי מיר די טעמפּעראַטור און דאָס גאָר.

— אַזעלכע הינטישע זין! — שיסט זי אַרויס מיט פאַרדרוס. עס פאַרדריסט איר, ווייל זי ווייס דאָך, זי זעט דאָך מיינע ליידן. זי ווייס דאָך, אַז איך קאָן זיך נישט איינבויגן.

— כ׳וואָלט עס מיר אין לעבן נישט געגלויבט. — זאָג איך, — מ׳זאָל זיך דאָ אַזוי באַגיין מיט אַן אַרבעטער.

— אָ, איר קענט זיי נישט. וואָס האָט איר געמיינט?

— איך האָב געמיינט, אַז דאָ, ווו עס זענען נישטאָ קיין בורזשויען, איז דעם אַרבעטער און פויער בעסער...

— יאָ, בעסער... פרעגט בעסער וויפל טעג זיצן מיר אַמאָל ווינטער־צייט אָן ברויט אין כאַטע? גלייכער שווייגן, ווייל...

דעם „ווייל" האָט זי שוין נישט געדאַרפט ענדיקן: כ׳האָב עס גוט פאַר־שטאַנען...

— אייך, פרעמדע אַרבעטער... — רעדט פון איר ווייטער אַרויס, — אייך גיט מען כאָטש יעדן טאָג אייער „פייקע". מ׳קאָכט אייך אָפּ אַ זופּ. איך ווייס עס זייער גוט. מיר אָבער, די קאָלכאָזניקעס... פון אונדזערע „טרודאָדני", פון אונ־דזער שווערער פּראַצע, קלעקט אונדז זעלטן ברויט אויף אַ גאַנץ יאָר. ווען נישט דאָס ביסל גרינוואַרג פון גערטל, וואָלט מען געדאַרפט פּגרן פון הונגער.

— פאַראַן דאָך אַזעלכע גרויסע אַזעלכע ריזיקע ווייץ־פעלדער. — באַ־מערק איך.

— פאַראַן, פאַראַן, אָבער נישט פאַר אונדז...

כ׳זע, איין פּזמון פון אַלע קאָלכאָזניקעס אין אַלע קאָלכאָזן. געהערט עס שוין נישט איין מאָל. מעגן עס זיין די בלי׳ענדיקסטע קאָלכאָזן, ווו ברויט וואַקסט בשפע. אויב אַ „כאַזייקאַ" האָט אַ קו, ראַטעוועט זי זיך נאָך; העלפט זי זיך אַרויס ווי עס איז. מיין באַלעבאָסטע האָט אָבער נישט קיין בהמה, פּייפט טאַקע דער דלות אין אַלע ווינקעלעך, און ביי די קינדער זענען די באַקן אַזעלכע בלאַסע און די אייגלעך קוקן תמיד מיט לעכצעניש און הונגער. דערפאַר טרעטן זיי נישט אָפּ פון מיר, ווען זיי זעען מיך עסנדיק ברויט. דערפאַר שלינגען זיי מיט אַזאַ זשעד־נעקייט די שטיקלעך, מיט וואָס איך בין זיי מכבד.

מיט אַ טאָג שפּעטער קומט שוין אַ פּרוי מיך רופן צו דער אַרבעט.

— אָבער איך קאָן נאָך נישט אַרבעטן.

— וועסט אַרבעטן מיט אונדז ביים „טאָק". אַ גרינגע אַרבעט.

פּרוּוו איך גיין. פאַרפאַלן. מ׳קומט צו צום „טאָק". כ׳טרעף דאָ אויך אונ־דזערע פּוילישע. די אַרבעט באַשטייט היינט אין אָנשיטן דעם ווייץ אין אַ „בעס־טאַרקע". יעדער נעמט אָן אַן עמער ווייץ פון דער קופּע און שיט עס אַריין. איך פּרוּוו זיך עס נאָכטאָן. איך שיט אָן אַן עמער ווייץ. ביי מיר דויערט עס צו לאַנג, ווייל ביים איטלעכן איינבויגן זיך שטעכט מיך נאָך אַלץ אין ברוסט־קאַסטן. אָבער דאָס ערגסטע איז געווען דאָס אויפהויבן די משא פון עמער. כ׳האָב עס בשום אופן נישט געקאָנט. נישט נאָר קיין פולן עמער, נאָר אַפילו קיין האַלבן און קיין דריטל אויך נישט: די מינדסטע משא האָט אַרויסגערופן שניידיקע ווייטיקן. האָב איך באַלד ביים ערשטן עמער רעזיגנירט און זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט.

— איר זעט דאָך, איך קאָן נישט... — זאָג איך צו אַלעמען אַרום.

— לאָכט זיך אויס פון זיי! — זאָגט מיר איינער פון די פּוילישע, — גייט אַהיים און לייגט זיך בעסער. איר זענט דאָך קראַנק.

און אַזוי האָב איך טאַקע געמוזט טאָן. אָבער צומאָרגנס, אַז איך בין געגאַנגען אין קאָלכאָז־מאַגאַזין נאָך מיין „פּייקע" ברויט, האָט מיר דער „זאַווכאָז" דערקלערט, אַז מ'האָט אים געהייסן מיר מער קיין ברויט נישט אַרויסגעבן...

— ווער האָט אייך געהייסן?

— ווער קאָן מיך הייסן? דער „פּרעדסיעדאַטיעל".

— סטייטש? ער האָט דאָך אַליין מיך אָפּגעפירט אַ צעקלאַפּטן פון סטעפּ.

— אַ „ביולעטין" האָסטו פון „וראַטש"? — פרעגט ער מיך.

אַט דאָ ליגט דער הונט באַגראָבן. איך האָב נישט קיין „ביולעטין", ווייל איך האָב דאָך נישט קיין הויכע טעמפּעראַטור. בין איך אַוועק אָן ברייט פון קאָלכאָז־מאַגאַזין. בין איך אַזוי געווען אַ גאַנצן טאָג אָן אַ ביסן ברויט.

אין אָוונט האָב איך געפּרוווט אַריינגיין צום „פּרעדסיעדאַטיעל" מיט אַ טענה:

— איר ווייסט דאָך. איר האָט דאָך אַליין געזען ווי איך בין געלעגן אַ צעקלאַפּטער. איך קאָן מיך נאָך אַלץ נישט איינבויגן.

אָבער מיין טענה האָט נישט געהאָלפן. „ביולעטין"!... גיב אים אַ „ביולעטין"!...

— ווען מענטשן, — זאָגט ער, — וועלן זיך קאָנען באַפרייען פון אַרבעט אָן אַ „ביולעטין", דאַן וועט דער גאַנצער קאָלכאָז זאָגן, אַז ער איז קראַנק...

— אָבער איר ווייסט דאָך, אַלע וויסן, וואָס מיט מיר איז געשען ביים קאָמביין.

— לאַדנאָ. טאָ ברענג אַ „ביולעטין"...

ס'איז גראָד דערביי אויך געזעסן די „אופּאָלנאָמאָטשעננאַיאַ". האָב איך אויך צו איר זיך געווענדט. אדרבה, זאָל זי זאָגן איר וואָרט.

איך האָב אָבער די תמיד גוטע פּרוי נישט דערקענט: זי האָט מיך שטום אויסגעהערט און געדריקט מיט די אַקסלען.

— פאַרוואָס גיט אייך נישט דער „וראַטש" קיין „ביולעטין"? — פרעגט זי לסוף.

— ווייל איך האָב נישט קיין טעמפּעראַטור.

— נו, ער האָט דאָך זיינע פאַרשריפטן.

— יאָ, אָבער וואָס בין איך שולדיק, מ'קאָן דאָך אַמאָל נישט קאָנען אַרבעטן

אויף אַן געהעכערטער טעמפּעראַטור. ס׳האָבן דאָך אַלע געזען ווי כ׳האָב זיך צעקלאַפּט.

זי האָט ווידער געשוויגן. כ׳זע, נישטאָ צו וועמען צו ריידן; צו אַפּעלירן. בין איך אַוועק מיט גאָרנישט.

אויף דער גאַס באַגעגן איך אַ קליינעם „פּאַצאַן״ פון אַ יאָר צוועלף־דרייצן, וועלכער חוזקט מיר אין פּנים אַריין מיט אַ נאָכקרימערישער שטים, אַקצענטירנ־דיק שאַרף די „ריש׳ן״:

— אַב—ראַם! אַב—ראַם!!...

יאָ, די קליינע נאַשן פון די גרויסע. מסתמא הערט דאָך אַזאַ קליינער נפש וואָס די גרויסע קייען. אַז אַזאַ „פּרעדסיעדאַטיעל״ איז דאָ דער מוסטער פון „מאָראַל״.

אין אָוונט בין איך אַריין צו דער פּאָלקע, צו דער פּאַני זאָפיאַ. גראָד האָב איך זי געטראָפן אין גאַס, האָט זי מיך פאַרבעטן. זי האָט שוין געוווּסט פון מיין צרה. זי האָט געוויזן אַ זשעסט פון פריינטלעכקייט און מיך פאַרבעטן מיטצועסן איר „קאָלאַציע״ (אָוונט־ברויט): „גאַלושקעס״ און נאָכדעם טיי מיט אַ „קאָסטקע״ צוקער. כ׳האָב איר צוגעזאָגט דערפאַר צו פאַרבעטן אויף אָוונט־ברויט אין וואַרשע...

פון מיין „פּריצייטיקער״ איינלאַדונג איז זי געווען זייער גערירט. אירע אויגן האָבן זיך בעת־מעשה צעגלאַנצט און זי האָט אָפּגעזיפצט:

— עך וואַרשאַוואַ... נאַשאַ וואַרשאַוואַ...

צומאָרגנס האָב איך זיך ווידער אָפּגעמוטשעט אַ טאָג אָן ברויט. כ׳האָב זיך נאָכגעפרעגט ווען עס גייט דער טראַנספּאָרט „בעסטאַרקעס״ קיין אַק־בולאַק צום עלעוואַטאָר. כ׳ווער געוואָר, אַז ער גייט אָפּ באַגינען.

כ׳בין גרייט. פאַרפאַלן. מען מוז פון דאַנען עוקר זיין.

אין אָוונט האָב איך אויסגעזוכט קאַצענגאָלדן — דעם רועה צאן.

— כ׳בין געקומען צו אייך זיך געזעגענען...

— סטייטש? פאַרוואָס?

כ׳האָב אים אַלצדינג דערציילט.

— מען מוז אַוועקגיין פון די רשעים. — פאַרענדיק איך מיין דערציילונג.

— און ווו וועט איר דאָ געפינען די צדיקים?

— טאַקע ביטער. נישטאָ אָבער קיין ברירה. כ׳בין שוין צוויי טעג אָן ברויט.

— יאָ, — גיב איך צו אין אַ ווײַלע אַרום, — געמיינט, ווי עס זאָל דאָ נישט זיין, אַז כ׳וועל שוין דאָ זיצן עד יעבור זעם... אָבער... איר זעט דאָך... מ׳קאָן נישט...

מיין לאַגער־פריינט אַדוואָקאַט קאַצענגאָלד האָט מיך מכבד געווען מיט אַ

העלפט פון זיין „פּיקע" — ווי אַ „צידה לדרך" — און מיך צוגעפּירט ביז צו דער טיר פון מיין כאַטע. מיר האָבן זיך רירנד געזעגנט.

— אפשר, — זאָגט ער סענטימענטאַל און ווי אַן עכטער גלויביקער, — אפשר וועט אונדז נאָך דער רבונו של עולם העלפן און מיר וועלן נאָך אין אונ־דזערע היימען אַלץ דערציילן אין פריידן... זייט נישט פאַרצווייפלט!

— חזק ואמץ! — רופט ער נאָך אויס, שוין אַ ביסל דערווייטערנדיק זיך פון מיר.

— און איר אויך... ביי אייערע שעפסן... צום ווידערזען אין וואַרשע! — ענטפער איך מיט אַ האַנט־פאָכען.

„צום ווידערזען אין וואַרשע!" — דאָס איז געווען דער סאַמע לאַקאַנדיקסטער גרוס, די בעסטע ברכה ביי אונדזערע פּליטים.

## 16

## כ׳אַנטלויף פון די רשעים...

אויפגעהויבן זיך פאַרטאָג; גענומען מיין קעסטל מיטן גוזאַרער פוטער דערין און זיך געזעגנט מיט מיין „כאַזייקאַ". זי האָט מיר אָנגעווינטשעוועט צו טרעפן ערגעץ אַנדערש בעסערע מענטשן, נישט אַזעלכע ווי דער היגער „פּרעדסיעדאַ־טיעל", דער „סאַבאַקע"...

כ׳בין אַרויס אויפן וועג, וווּ עס דאַרפן זיך ווייזן די פולע „בעסטאַרקעס" פון קאַלכאָז. ס׳איז אַ העל־לעכער באַגינען. די זון איז שוין אויפגעגאַנגען און באַגאָסן דעם הימל מיט אַ העלער ראָזקייט. אויף די פעלד־גראָז איז נאָך געלעגן ביינאַכטיקער טוי, וואָס האָט אויפגעלויכטן אַנטקעגן דער צעשמייכלטער זון. ווי קאַלאַמוטנע מיר איז נישט געווען אויפן האַרצן, האָט זיך מיר אין קאָפּ גע־באַמבלט עפּעס אַ ניגון פון אַ ליד — אַ מונטער ליד וועגן טאָג, וואָס שטייט אויף; וועגן זון, וואָס גייט אויף...

קיין סך וואַרטן איז מיר נישט אויסגעקומען. באַלד האָבן זיך פון „טאָק" באַוויזן פינף „בעסטאַרקעס". די אָקסן זענען פּאַוואָליע געגאַנגען ווי אויף אַ שפּאַציר, טריט נאָך טריט, צ׳יענדיק די שווערע משא. פון דער ווייטנס האָב איך שוין דערהערט די שטימען פון די אַנטרייבערס: „צאָפּ!" „העי, צאָפּ!"...

אַז די ערשטע „בעסטאַרקע" האָט זיך אויסגעגלייכט מיט מיר, האָב איך גע־נומען מיטגיין מיט איר און געזאָגט דעם אַנטרייבער, אַן עלטערער קאַלכאָזניק,

אַז איך פֿאָר צום דאָקטער אין ראַיאָן. יענער האָט מיר גלייך געהייסן אַרויפֿקריכן אויף דער „בעסטאַרקע". האָב איך מיר אויסגעצויגן אויבן אויפֿן קאָרן, צוקלייבנ־דיק זיך אַזאַ פּאָזיציע עס זאָל ווייניקער ווי טאָן דער ברוסט־קאַסטן פֿון דער טרייסלעניש איבער דאָרפֿישן נישט־געפּלאַסטערטן וועג. כ'האָב מיך געטוליעט אין מיין פּופּייקע, וועלנדיק כאַפּן אַ דרימל. דער פֿויער האָט מיך אָבער אַלע ווײַלע איבערגעריסן מיט קשיות. הערנדיק, אַז איך בין אַן „אינאָזיעמיעץ", פֿון אַ פֿרעמד לאַנד, איז ער געוואָרן זייער טשיקאַווע.

— גוטע קאָלכאָזן פֿאַראַן ביי אייך אין פּאָלשאַ?... — פֿרעגט ער מיך תמע־וואַטע. זעט אויס, עס פֿעלן דאָ אויך נישט אַזעלכע נאַיִווע...

— ביי אונדז זענען לחלוטין נישטאָ קיין קאָלכאָזן.

— ניע ברעשיש? (דו לייגסט נישט?).

כ'קוק אים אָן, דעם תם, און ענטפֿער נישט.

— אויב אַזוי, לעבט זיך דאָך נישט שלעכט אין די פּוילישע דערפֿער... — זאָגט ער אין אַ ווײַלע אַרום, נאָכטראַכטנדיק.

— און ווּו זענט איר געווען פֿאַר דער רעוואָלוציע? — פֿרעג איך אים.

— אויך אָט אַ דאָ, אין זעלבן דאָרף. מיין באַטקאָ איז אַמאָל געקומען אַהער פֿון הינטער כאַרקאָוו. כ'בין נאָך דאַן אַ „פּאַצאַן" געווען.

— איז ווי זשע האָט זיך אייך דאַמאָלס געלעבט?

— העי, טשעלאָוויק... — טוט ער אַ זיפֿץ. — אַנדערע צייטן אַמאָל געווען... ערד וויפֿל דו ווילסט, וויפֿל דו קאָנסט באַאַרבעטן. ערד פֿאַראַן דאָך דאָ אין דער געגנט דאָ טשאָרטאַ... ברויט האָט קיינמאָל נישט געפֿעלט... עס איז געווען צו פֿאַרקויפֿן אין שטאָט און עס האָט געקלעקט אויף אַלצדינג — אויף אַ קלייד און אויף אַ שוך...

איך מייד אויס מיט אים איבעריקע רייד; איך קען שוין גוט די אַלע טענות און תרעומות. ס'איז מיר שוין אַלץ קלאָר. געגנוג זיך שוין אָנגעהערט. אַפֿילו פֿון די היגע קאָלכאָזניקעס. קוק איך זיך בעסער צו צו די ווילדע סטעפּעס, וואָס מיר פֿאָרן פֿאַרביי; צו די אָרעמע קיביטקעס פֿון אַ קאָלכאָז ווו־נישט־ווו אויפֿן וועג. דאָ און דאָרט רוישט אַ קאָמביין אויף אַ תבואה־פֿעלד. אומעטום, זעט אויס, איז דער שניט אַ פֿאַרשפּעטיקטער. איז עס נאָר מחמת מלחמה? מחמת עס פֿעלן אויס הענט צו דער אַרבעט? אפֿשר ווייל עס פֿעלט דער ברען ביי די מענטשן צו דער אַרבעט? ווייל, אומשטיינס־געזאָגט, וואָס בלייבט זיי פֿון זייער אַרבעט? אַז זיי האָבן געהאַט אייגענע ערד, אייגענע שייערן, האָט זיי די אַרבעט געלאָקט.

אין העלפֿט וועג האָט מען אויסגעשפּאַנט די אָקסן און זיי אַרויפֿגעפֿירט אויף דער פּאַשע. ס'איז געווען אַ גוטע לאָנקע, מיט געדיכטן גראָז, ביי אַ „באַלקע"

(ראַוו), ווו ס׳האָט געריזלט אַ קליין וואַסערל. די פויערים האָבן זיך צונויפגע־נומען אין אַ געזעמל, געקייט ברויט מיט קאַוואָן און נאָכדעם געכאַפּט אַ דרימל.

איך האָב שוין אויך געהאַט אויפגעגעסן דאָס שטיקל ברויט, וואָס כ׳האָב באַקומען פון מיין לאַגער־פריינט אויף מיטצונעמען אין וועג אַריין. אַ הונגער האָט מיך אַלץ גענאָגט. האָב איך זיך אומגעדרייט איבער דער לאָנקע, זיך צוגע־קוקט ווי די אָקסן פרעסן מיט אַזאַ זשעדנעקייט דאָס גראָז. ס׳האָט זיך געטראַכט: פאַרוואָס איז דער מענטש — דער קליגסטער פון אַלע ברואים — אַזוי פאַר־שאָלטן? פאַרוואָס געפינט ער אויך נישט אַזוי לייכט זיין שפייז? פאַרוואָס מוז דער קליגסטער, דער שענסטער פון די ברואים געפּלאָגט ווערן פון הונגער? פאַרוואָס קומט אים אָן אַזוי שווער און ביטער זיין ביסן ברויט? פאַרוואָס איז דער מין מענטש אַזוי אומבאַהאָלפן, אַזאַ שלימזל? ער קליגלט זיך, קליגלט זיך — און מאַכט זיך נאָך ערגער ווי די שטומע חיות...

כ׳האָב זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטיין, איבערן וואַסערל און נישט דער־קענט אינעם וואַסער־שפּיגל מיין אייגן פּנים; אַזוי פאַרוואַקסן, אַזוי פאַרעלטערט... וואָס וועט פאַרט זיין דער תכלית? וואָס טוט מען מיט זיך? כ׳האָב אין דער רגע געהאַט דאָס געפיל, ווי איך וואָלט אַריינגעפאַלן צווישן ווילדע, אין ערגעץ אַ וויטן דזשונגל, און קאָן זיך בשום אופן נישט אַרויסראַטעווען...

כ׳האָב בעת מעשה געקייט די קערנדלעך פון הויפן, וואָס איך האָב אָנגע־נומען אין דער „בעסטאַרקע"; אָבער עס האָט מיך זאַט נישט געמאַכט... האָב איך זיך אויסגעצויגן דערנעבן אויפן בערגל, מיטן פּנים אין דער הויך צום הימל, צו דער בלויקייט. עס גלוסט זיך נישט אָנקוקן דעם גאַנצן אַרום. ווילט זיך ווערן ווי איינער פון אָט יענע וואָלקנדלעך און אַוועקשווימען מיט זיי צוזאַמען וויית, וויית צו די האָריזאָנטן...

די פויערים האָבן אַזוי אָפּגעכראָפּעט אַ שיינע פּאָר שעה. ערשט שפּעט אין טאָג אַריין, ווען די זון איז שוין געווען העט, העט אויף איר צווייטער העלפט וועג פון הימל, האָט מען איינגעשפּאַנט די אָנגעפרעסענע אָקסן און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג אַריין. די אָקסן, הגם שוין נישט קיין הונגעריקע, האָבן זיך אַלץ נישט געאיילט. זיי האָבן אייביק צייט. זיי ווייסן אפנים אויך פונעם כלל, אַז קיין זאַך וועט זיי נישט אַנטלויפן. צו וואָס פּטרן כוחות? אַפילו די שטעקנס איבער זייער פעל האָבן כמעט נישט פאַרגיכערט זייערע אָקסישע טריט.

ס׳איז שוין צוגעפאַלן דער אָוונט. מעשה־שטן איז אין איין „בעסטאַרקע" קאַליע געוואָרן דער „יאַרמאָ". אַלע זענען געבליבן שטיין און געהאָלפן פאַרריכטן.

— אַז אַלץ פּליקט זיך, צום טייוול! אַלץ איז אַלט, כאָטש באַגראָב עס! — האָט איין קאָלכאָזניק בעת־מעשה געוואָרטשעט.

ס׳האָט היפּש געדויערט. ס׳איז געוואָרן גוט טונקל. פון איין זייט האָבן אין דער ווייטנס אַ לייכט געטאָן אַ פּאָר העלע פונקען.

— איר זעט? וועלף!

— וועלף! וועלף!

איין פויער האָט אָנגעצונדן טרוקענעם בוריאַן און עס אויפגעהויבן צום אָפּשרעקן די וועלף. עס האָט טאַקע געהאָלפן. די וועלפישע אויגן — פונקען אין דער ווייטנס — זענען פאַרשוווּנדן. נאָר דאָס האָט אונדז געפעלט — וועלף!

מ׳האָט לסוף ווי עס איז צורעכט געמאַכט דעם „יאַרמאָ״, פאַרשנורעוועט אים מיט אַ שטריקל און ווייטער אין וועג אַריין.

מיר זענען שוין אַריבערגעפאָרן די בריק איבערן אילעק. נאָך אַ פיר קילאָמעטער אָקסישע קריכעניש און מיר זענען שוין אין אַק־בולאַק — ביים הילצערנעם פאַרקאַן פון עלעוואַטאָר. דער עלעוואַטאָר האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. תמיד האָבן געטרוישט די מאָטאָרס. תמיד האָט מען געווייעט און גערייניקט די פאַרשיידענע מינים תבואות. תמיד האָבן „סמענעס״ (שיכטן) אַרבעטער אויפגענומען די טראַנספּאָרטן פון די קאָלכאָזן. דער גאַנצער פּלאַץ אַרום עלעוואַטאָר איז שטענדיק געווען באַלאַגערט פון די טראַנספּאָרטן, געקומענע פון נאָנטע און ווייטע קאָלכאָזן אינעם ראַיאָן. עס האָט אויסגעזען ווי אויף אַ גרויסן יאַריד. די „בעסטאַרקעס״ זענען געשטאַנען אין „אָטשערעד״, די אָקסן האָבן געדרימלט און אויך די מענטשן זענען געלעגן אויסגעצויגן אויבן אויפן „זיערנאָ״ (קערנער). קאָלכאָזנוויַיז זענען די „בעסטאַרקעס״ געוואָרן אַרייַנגעלאָזט דורכן טויער אין הויף פון עלעוואַטאָר. אין טויער איז יעדע „בעסטאַרקע״ געוואויגן געוואָרן אַהינוועגס און צוריקוועגס — אַ פולע מיט תבואה און אַ ליידיקע. די מענטשן ביי דעםביידל פון דער וואָג האָבן נאָטירט די ציפערן אויפן חשבון פון יעדן קאָלכאָז באַזונדער.

שעהן האָט געדויערט ביז עס איז דערגאַנגען צו אונדזער ריי. כ׳האָב אייגנטלעך שוין געקאָנט אַוועקגיין; אָבער איך האָב געוואָלט שפּעטער מיטפאָרן מיט די ליידיקע „בעסטאַרקעס״ אין „קאָלכאָזני דוואָר״ אויף דער דעמיאַן ביעדני־גאַס. דעריבער האָב איך אויך געוואַרט. דעריבער האָב איך אויך מיטגעמאַכט די וואָך־נאַכט.

מיר זענען קוים פאַרטיק געוואָרן אין מיטן נאַכט. ס׳איז שוין געווען זייגער צוויי. ערשט דאַמאָלס זענען מיר צוגעפאָרן אין דער קאָלכאָז־אַכסניה. אַ פאַרשלאָפענע „כאַזייקאָ״ האָט אונדז געעפנט דאָס טויערל פון הויף. צוזאַמען מיט אַלע פינף קאָלכאָזניקעס האָב איך זיך אויך אַנידערגעלייגט אויף דער נאַרע. דער ווייטיק אין ברוסט־קאַסטן איז נאָך געוואָרן מער אויפגערייצט פון דער טרייסלע־

ניש אַ גאַנצן טאָג אויפן תבואה־וואָגן. ס׳איז מיר שווער געווען צוצוקלייבן אַ באַקוועמע פּאָזיציע אויף די האַרטע ברעטער. כ׳האָב מיך איינגענורעט אין מיין פּופּייקע איבערן קאָפּ און געחלשט נאָך אַ ביסל שלאָף און פאַרגעסנקייט אין דער פינצטערניש פון חדר.

אויפגעריסן פון שלאָף האָבן אונדז אין שפּעטן פרימאָרגן די קולות פון די שטוב־מענטשן אין שכנותדיקן חדר. דאָס האָט זיך די באַלעבאָסטע געקריגט מיט אירע קינדער. ס׳האָט דאָרט אפּנים געהאַלטן ביי קלעפּ. אַ פּאָר מאָל איז זי אַריינגעלאָפן אַן אויפגערעגטע אין אונדזער חדר עפּעס נעמען, נישט איבעררייסנדיק דערביי אירע קולות און זידלערייען.

איז שוין איבעריק געווען דאָס ליגן אַן שלאָף אויף דער פּריטשע. די פּויערים פון טראַנספּאָרט זענען אַוועק אויפן באַזאַר און איך — אויף דער פּאָסט.

איך האָב גוט געטראָפן: עס האָט שוין געוואַרט אויף מיר פּאָסט־רעסטאַנט אַ טעלעגראַפישע איבערווייזונג פון 500 רובל, פון קויבישעוו, פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע. בערנאַרד זינגער, הייסט עס, האָט אַן מיר נישט פאַרגעסן פאַר זיין אַוועקפאָרן קיין איראַן. און ווי גוט דאָס געלט האָט מיר איצט אַריינגעטראָפן! געהאַט שוין די לעצטע פּאָר רובל אין קעשענע...

כ׳האָב גלייך אָנגעשריבן אַ קבלה־בריוול צו זינגערס פּאַרטרעטער, צו זיידעמאַנען, און דערביי ווידער געפרעגט וועגן עיקר — וועגן דעם אַרויספאָרן קיין איראַן.

אַ ביסל דערמוטיקט, בין איך באַלד אַוועק אויפן באַזאַר און זיך געלאָזט „וווילגיין” מיט אַ גוטן פרישטיק: געקויפט זיך אַ היפּשע „לעפּיאָשקע” מיט אַ פלאַש מילך און אַזוי, שטייענדיקערהייט, עס אויפגעגעסן.

פון באַזאַר בין איך אַוועק אין אַמבולאַטאָריע צו לאָזן זיך קאָנטראָלירן מיין צעקלאַפּטן ברוסט־קאַסטן. גראָד אַ צוגענגלעכע זאַך דאָ די אַמבולאַטאָריעס — עס קאָסט גאָר קיין געלט נישט די מעדיצינישע אונטערזוכונג. מען דאַרף נאָר פּטרן אַ סך צייט איידער מען קומט אָן צו אַ דאָקטער. אַזוי פיל קראַנקע! אַזוי פיל קראַנקע!... אָבער צייט האָב איך דאָך. איך אייל זיך שוין נישט אין ערגעץ צו קיין אַרבעט. בפרט איצט, ווען מיין טאַש איז שוין נישט ליידיק און דער מאָגן לאָזט מיך אויך צו רו נאָך דער סעודה אויפן באַזאַר.

איז לסוף אויך געקומען מיין ריי. דער דאָקטער — גראָד אַ פּוילישע עלטערע פרוי, אַ סאָוועטישע בירגערין, אַן עוואַקואירטע פון כאַרקאָוו. וואַסילעווסקאַ הייסט זי. כ׳האָב מיט דער דאָקטערין עקסטראַ גערעדט פּויליש און זי האָט מיר דעריבער געשענקט מער אויפמערקשאַפט. אייגנטלעך, קיין גרויסע ישועה, אַ חוץ דעם פאַרשרייבן עפּעס אַ זאַלב, האָט זי מיר נישט געבראַכט. ס׳איז מיר

אָבער געגאַנגען אין דער פעסטשטעלונג, צי ס׳איז נישטאָ ביי מיר קיין אָרגאַ־נישע באַשעדיקונג. איך האָב איר דערציילט, אַז ווייל איך קאָן נישט אַרבעטן צוליבן קלאַפּ, האָט מיך דער קאָלכאָז אויפגעהערט צו „סנאַבזשאַיען" (אַרויסגעבן די שפּייז־ראַציע).

— איך וואָלט אייך אויך נישט געקאָנט געבן קיין „ביולעטין", — דערקלערט זי מיר, — אויב איר האָט נישט קיין געהעכערטע טעמפּעראַטור. אַזוי איז דאָס געזעץ.

— איז וואָס זשע זאָל טאָן אַזאַ מענטש אין אַזאַ פאַל ווי ביי מיר?

— מ׳דאַרף אייך געבן אַזאַ פונקציע, וואָס איר קאָנט יאָ אויספירן.

— למשל?

— די פונקציע פון אַן „אָכראַנניק" (שומר).

— האָט מען עס דאָך מיר נישט פאַרגעלייגט.

— טאַקע אַן עוולה. וואָס האָט געזאָגט דער „פּרעדסיעדאַטיעל"?

— האָטענטאָטן... — זאָג איך איר איין וואָרט.

— אויב איר ווילט, — זאָגט זי מיר, — קאָן איך אייך אַרויסגעבן אַ צעטל צום קאָלכאָז מ׳זאָל אייך אין משך פון צוויי וואָכן געבן אַ לייכטע אַרבעט.

— ניין, אַ דאַנק! כ׳וויל שוין גאָרנישט פאָרן צו אַזאַ „בעל־יושר".

— יאָ, מען מוז זיין אַ ביסל עלאַסטישער, — איז זי מודה.

— אַז מען איז אָבער אַ רשע, קאָן מען נישט זיין עלאַסטיש.

זיך אַראָפּגערעדט אַ ביסל פון האַרץ פאַר דער דאָקטערין, בין איך אַוועק כאַפּן אַ בליק אין מיין אַכסניה. דער טראַנספּאָרט איז צוריקגעפאָרן און איך בין געבליבן אַליין נעכטיקן אין „קאָלכאָזני דוואָר". כ׳בין באַגאַנגען אַ שטיקל „שווינדל": דער „כאַזייקאַ" האָב איך געזאָגט, אַז איך מוז דאָ זיין אין שטאָט אַ 8—10 טעג צוליב הייל־צוועקן. האָט זי עס אָנגענומען פאַר נאַטירלעך. עס פּאַסירן אַזעלכע פאַלן.

פאַר דער צייט זיך געזען מיט מיינע באַקאַנטע: מיט ר., מיט דער יידישער פאַמיליע פ. פון קיִעוו; געטראָפן זיך מיט פּליטים אויפן באַזאַר. איך האָב רויִק „גוליאַעט": איך האָב דאָך אין טאַש אַ ביסל געלט און קאָן זיך פאַרגינען צו זיין אַ שטיקל צייט „אומאָפּהענגיק", אָן קאָלכאָז, אָן ביקעס און אָן „פּרעדסיעדאַ־טיעלעס" . . .

איין טאָג ברענגט מיר די פּאָסט צוויי בריוו: פון צ. ז. און משה גראָסמאַן. כ׳בין זייער דערפרייט. ווידער אַ שטיקל קאָנטאַקט מיט שרייבער.

צ. ז. שרייבט מיר פון זיין קאָלכאָז „8טער מאַרט", אַז ער אַרבעט איצט טייל־ווייז ווי אַן „אוטשאָטשיק" און ער הונגערט נישט. „דאָ, אין טשקאַלאָווער אָבלאַסט, זענען שרעקלעך די בוראַנעס; אָבער דאָרט, אין אוזבעקיסטאַן — דערמאָנט ער מיר — איז נאָך שרעקלעכער דער „נאַן יאָק"... (קיין ברויט איז נישטאָ...). „פּרעסט האָבן מיר שוין אַדורכגעמאַכט אויפן צפון (געמיינט: אין לאַגער, אין קאָמי־אַסס"ר) און מיר האָבן אויסגעהאַלטן. דעם הונגער, דעם הונגער האָבן מיר אין קאַגאַן, בוכאַרע נישט אויסגעהאַלטן. ווי אַזוי קאָנען זיי אונדז געבן ברויט, אַז זיי האָבן נעבעך אַליין נישט"... „איך האַלט אין איין אַריינקלערן ווי קאָן מען צופירן, מיר זאָלן זיין צוזאַמען". „איך וויל אין די נאָענטסטע וואָכן, נאָכן שניט, זיין אין טשקאַ־לאָוו. איך גיי פּשוט נאַקעט. איך וויל זיך דאָ קויפן הויזן, שיך. אַז עס וועט מיר סטייען געלט, וועל איך זיך אַראָפּכאַפּן צו אייך".

עס רירט מיך זיין היימישקייט, זיין ציִען צו מיר...

משה גראָסמאַן, פון סאַמאַרקאַנד, שרייבט מיר צ"אַ:

„איבער דער צייט האָב איך זיך אַ סך מאָל נאָכגעפרעגט אויף אייך: ראשית, האָט מיך אינטערעסירט דער גורל פון די קאָלעגן און באַקאַנטע, והשנית — דאָס איז שוין אייער פּאַרדינסט: איר, אַ שטילער און איידעלער מענטש, פאַרדינט, אַז מען זאָל טראַכטן וועגן אייך. האָב איך דעריבער געקלערט, ווי אַזוי וועט איר דאָס אַלץ איבערטראָגן?!"

„איך האַלט, אַז דאָס זיין צוזאַמען האָט אַ סך, אַ סך מעלות. נאָר ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? ביי אונדזערע באַדינגונגען? נישט נאָר דאַרף מען זיין צוזאַמען, נאָר מען דאַרף זיין דאָ, אין סאַמאַרקאַנד, וווּ ס'זענען דאָ אַ סך ייִדן, פּוילישע, אַ שטיקל צענטער, וווּ מען קאָן הערן עפּעס נייעס און אַמאָל טאַקע נישט בלויז הערן. פון טשקאַלאָוו אַהער איז דאָך פּאַרט 2.000 קילאָמעטער. עס איז דאָך נענ־טער פון דאַנען אָפּפאָרן (געמיינט: קיין איראַן...). דאָ קומען אָן אַ סך בריוו פון ארץ־ישראל, אַ ייִדישע צייטונג פון קויבישעוו, פון אַנטיפאַשיסטישן ייִדישן קאָ־מיטעט, — אַזוי אַז איך האַלט, אַז מען וואָלט אומבאַדינגט באַדאַרפט זיין צוזאַמען. נאָר נויט צעשיידט דאָך! ס'זאָל כאָטש איינער האָבן אַ שטוב, עפּעס אַ געזיכערט שטיקל ברויט — ליידער..."

„געוועזן שוין מיט הענט און פיס, מיט לייב און לעבן ביים מלאך־המות אין האַנט; געוועזן שוין אָנערקענט דורכן דאָקטער פאַר געשטאָרבן; נאָר זעט אויס, אַ זכות איז בייגעשטאַנען — צי פון מיין אומשולדיק מיידעלע, צי פון מיין אַלטער אויסגעווייינטער מאַמען"...

„קוטשער אַרבעט אַלס וועכטער אין אַ סאַד. וועגן זיינע שוואָגערס ווייסט איר

דאָך: זישע קאַץ*) מיט אַ שטריקל אין ביאַליסטאָק און פּנחס קאַץ**) — אַזוי אויסגעגאַנגען. אויך מ. קיטאי געמאַכט די זעלבע חכמה"...

„דאָ איז דאָ בערלינסקי (אויף צרות) און עטלעכע סאָוועטיש־יידישע שרייבער, מיט וועלכע איך זע זיך לגמרי נישט און האָב נישט מיט זיי קיין שום באַציִונג".

„איך אַרבעט דאָ אַלס „סטשאָטאָוואָד" (בוכהאַלטער) אין אַ קאָלכאָז, פאַרדין 200 רובל אַ חודש און לעבן לעב איך דערפון, וואָס מיינער אַ חבר גיט מיר. אַזוי אַז די לעצטע 3־4 חדשים האָב איך שוין נישט געהונגערט".

„דאָ זענען לעצטנס געווען קלאַנגען, אַז אָט, אָט פאָרט מען" (קיין איראַן).

גראָסמאַנס בריוו האָט אויפגעוועקט אין מיר אַן אומרו. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אין דער ערשטער רגע, אַז איך פאַרשפעטיק עפּעס. בייטן מיין קאָלכאָז אויף צ. ז.'ס, וועט גאָרנישט געבן. די זעלביקע צרה, צי דאָס הייסט „טשערוואָנאַ בורטאַ", צי „8ער מאַרט"... דאָס גלייכסטע איז טאַקע צו לאָזן זיך קיין סאַמאַרקאַנד, פון וואַנען מ'וועט אפשר גיכער קאָנען פאָרן... אָבער פאָלג מיך אַ גאַנג — 2.000 קילאָמעטער. אַגב, שוין שווערער געוואָרן דאָס פאָרן אָן בילעטן. און קיין בילעטן אָן אַ „קאָמאַנדיראָווקע" פאַרקויפט מען דאָך נישט.

אין מיין אומגעדולדיקייט שרייב איך נאָך דעם זעלביקן טאָג צו צ. ז. וועגן דעם פּלאַן צו לאָזן זיך צוזאַמען קיין סאַמאַרקאַנד. און גראָסמאַנען שרייב איך, אַז אין פּרינציפּ בין איך גרייט; אַז איך וואַרט נאָר אויף אַ גוטער געלעגנהייט. אַ „גוטע געלעגנהייט" האָט געמיינט — אַ צופעליקער עשאַלאָן מיט עוואַקויִרטע, מיט וועמען מ'קאָן זיך אַמאָל מיטכאַפּן.

## 17

## איינע אַ נאַכט...

איין נאַכט האָט אויך געגעכטיקט אין „קאָלכאָזני דוואָר" די ביאַליסטאָקערין פון „טשערוואָנאַ בורטאַ". זי איז געקומען אַהער, כדי צו גיין אין אַמבולאַטאָריע מיט איר מאַלאַריע. איצט איז איר שוין בעסער; אָבער עס כאַפּן איר די אָנפאַלן פון צייט־צו־צייט און קיין כינין האָט זי נישט. וויל זי עס באַקומען דאָ אין ראַיאָן.

קיינער אַ חוץ אונדז איז נישט געווען. נאָר מירביידע זענען געווען אויף

*) אַקטיאָר, **) פעליעטאָניסט פון וואַרשעווער מיטאָג־בלאַט „ראַדיאָ".

דער פּריטשע. זי איז געלעגן אין איין עק, איך — אין אַנדערן. אונדז ביידן האָט אָפּגעטיילט די פינצטערניש.

איר פּנים האָב איך דאָך נישט געזען. איך האָב נאָר געהערט איר וואַרעמע שטימע. זי האָט גערעדט אַלץ מיט בענקשאַפט וועגן איר ביאַליסטאָק, וועגן איר סביבה, וועגן אירע נאָנטע, וועגן איר פאַרלוירן לעבן — — — —

אַ ראָמאַנען־שרייבער פון אַ געוויסן זשאַנער יוואָלט דאָ געהאָט אַ געלעגנהייט אָנצושרייבן אין דעם מאָמענט אַזאַ מין „ער״־און־„זי״־סצענע:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— איר זענט שוין לאַנג אַליין? — שיקט ער צו איר אַ פראַגע אין דער פינצטערניש.

ער קוקט אָנגעצילט אין איר זייט, הגם ער זעט זי נישט, פונדעסטוועגן פילט ער, ווי זי דרייט אויס דעם קאָפּ אין זיין ריכטונג.

און ער פאַרנעמט איר ענטפער:

— זינט איך האָב אין דער מלחמה־בהלה מיין מאַן פאַרלוירן. איך גלויב שוין נישט, אַז ער לעבט...

— זענט איר, הייסט עס, נאָכן צעשיידן זיך מיט אייער מאַן די גאַנצע צייט אַליין?

— די גאַנצע צייט אַליין... — קומט אַן ענטפער.

— גאַרט איר נישט אַמאָל נאָך אַ פריינט? נאָך אַ נאָנטן?...

— פאַר אַ פרוי איז אַ סך שווערער צו זיין אַליין... — קלינגט מיט ווייטיק איר תשובה.

— יאָ, זיכער שווערער... — האַלט ער אונטער, — בפרט אין אַזעלכע באַדינגונגען ווי מיר לעבן... אַ פרוי אַליין קאָן אומקומען אינעם וויסטן נע־ונד...

— שוין נישט איין מאָל געמיינט, — איז זי מודה, — אַז דאָס לעבן ענדיקט זיך... הונגער... קראַנקייטן... די מאַליאַריע צעברעכט מיך אינגאַנצן...

פויזע. ער האָט בעתן ריידן זיך צו איר עטוואָס דערנענטערט.

— מיר שטערן אפשר מיט אונדזער ריידן די באַלעבאַטים הינטער דער וואַנט... וועלן מיר ריידן אַ ביסל שטילער... — זאָגט ער „אומשולדיק״ און רוקט זיך צו נאָך נענטער...

— איר וויסט? — רעדט ער שוין מיט אַ שטילערער, פליסטערנדיקער שטים, — בעת מ׳איז צוזאַמען... אַ מאַן מיט אַ פרוי... אַלצאיינס: צי אָפּיציעלע מאַן־און־ווייב, אָדער אַזוי נאָנטע פריינט... דאַן... דאַן קומען דאָך אויך רגעס פון פאַרגעסן זיך... נישט אמת?... און אָט די דאָזיקע נאָכטיקע רגעס לינדערן, מאַכן גרינגער די שטענדיקע צרות און פּלאָגן פון בייטאָג... נישט אמת?... זיי ברענגען אויסלייזונג...

## אויף שליאַכן פון הפקר

ער איז שוין אינגאַנצן געשפּאַנט און פלאַטערט ווי אַ בלאַט. זיין שטים ציטערט.

— אויסלייזונג? — פרעגט זי איבער, — אָבער ווי לאַנג דויערט דען די אויסלייזונג ? . . .

— אמת, דאָס זענען נאָר רגעס... — ציטערט נאָך מער זיין שטים, — אָבער די דאָזיקע קורצע אויסלייזונג...

עס פאַרפעלט אים אָטעם און ער ענדיקט נישט די פראַזע. ער איז שוין אַזוי נאָענט פון איר אויף דער פּריטשע, אַז ער וואָלט זי שוין געקאָנט באַרירן מיט דער האַנט. אָבער ער טוט עס נאָך נישט. זאָל איר נישט איינפאַלן, אַז זיין דערנענטערן זיך צו איר איז אַ פּועל יוצא פון אַ שלעכטער כוונה... ליגט ער איינגעהאַלטן, באַהערשט. ער איז אויסגעדרייט צו איר און דרינגט זי דורך מיטן גאַנצן אָנגעזאַמלטן פייער... אויך איר פּנים, זעט ער שוין, איז אויסגעדרייט צו אים. ער זעט זי שוין אַלץ קלערער, אויף וויפל מ׳קאָן נאָר זען און פילן אינעם חושך.

— אָך, דאָ זענט איר שוין.... — כאַפּט ער זיך, ווי צופעליק באַרירנדיק מיט דער האַנט איר נאַקעטן אָרעם. — איצט קאָנען מירריידן נאָך שטילער און נישט שטערן די באַלעבאַטים אין זייער שלאָף...

ער האָט שוין די האַנט פון איר נאַקעטן אָרעם נישט געקאָנט צוריקנעמען. ער ווייס ווייל, אַז ער וואָלט עס געדאַרפט, אָבער נישט געקאָנט...

פון אָרעם איז ער אַריבער צו אַן אַקסל. און פּלוצלונג — ווי אַן אָפּגעריסענער שטורעם — האָט ער זיך צו איר צוגעטוליעט מיטן גאַנצן קערפּער. ער איז צוגעפאַלן צו אירע ליפּן... ער האָט זיך איינגעביסן אין זיי מיט שגעון...

זי האָט אים נישט געשטערט. אויך זי האָט געפלאַטערט אין דער שטילער שרפה. זי האָט נאָר, אַן אונטערגעגעבענע, ציטערדיק געשעפּטשעט:

— וואָס טוט איר?... וואָס טוען מיר?...

— גאָרנישט, טייערע... מיר זענען דאָך אַזוי עלנט... אַזוי עלנט... עס קומט אונדז . . .

— אָבער... גאָט מיינער!...

ער האָט איר נישט געלאָזט ענדיקן. ער האָט זיך ווידער איינגעביסן אין אירע ליפּן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינעם חושך האָט זיך געוועבט אַ מיסטעריע פון צוויי עלנטע, צופעליק אויסגעשפּיגענע דורך אַ שיפבּרוך אויף אַ וויסטן אינדזל...

## 18

# איך ווער אַ האַלץ־העקער

איין טאָג באַקען איך זיך אין דער אַק־בולאַקער „סטאָלאָוואַיאַ״ מיט אַ היימישן — מיט אַ שוואָגער פונעם שרייבער לעאָ פינקעלשטיין, מ.; ער איז דאָ אויך אַליין. זיין פרוי און אַ טעכטערל געבליבן אין דער היים, אין אָטוואָצק, ביי וואַרשע. אָן דער פאַמיליע, האָט ער אויך, פונקט ווי איך, דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג — קאָנצענטראַציע־לאַגער. נאָך דער אַמנעסטיע האָט ער זיך אויך דערשלאָגן אין טשקאַלאָווער אָבלאַסט׳. אויך נישט אָנגענומען געוואָרן אין דער פוילישער אַרמיי. האָט זיך נאָך באַפרייט פון טאַצקאַיע. ער האָט ביז איצט געאַרבעט אין אַ סאָווכאָז, געוווינט ביי אַ גוטער „כאַזייקאַ״ — נאָך אַ צו גוטע... — און ס׳איז אים דאָרט ווי עס איז געגאַנגען. ער האָט זיך לסוף דערשראָקן: די אינטימקייט מיט איר האָט צופיל אַוואַנסירט... ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט עס אים שפּעטער שטערן זיך אומצוקערן אַהיים צו זיין פרוי און קינד. איז ער עס לעצטנס אַוועק פון דאָרט און געקומען אַהער זוכן אַרבעט.

מ. פרעגט מיך גלייך, צי איך האָב בריוו פון זיין שוואָגער.

— פון וואַנען? איך ווייס אַפילו נישט ווו ער געפינט זיך.

— אין סיקטיווקאַר איז ער . אין דער הויפּטשטאָט פון קאָמי־אסס״ר.

— און איר האָט זיין אַדרעס?

— אַוודאי האָב איך. כ׳באַקום בריוו פון אים און פון דער שוועסטער.

אַ דאַנק דעם דאָזיקן צופאַל האָב איך נאָך דעם זעלביקן טאָג אָנגעשריבן אַ בריוו צו לעאָ פינקלשטיינען. מיין פאַרבינדונג מיט קאָלעגן־שרייבער ווערט, הייסט עס, רייכער.

פון איצט אָן האָב איך שוין אַרומגעבלאָנקעט כסדר מיט מ.. מיר האָבן נאָכ־געפרעגט איינער ביים אַנדערן אויף געמיינזאַמע באַקאַנטע. ס׳האָט זיך געשאַפן אַ פאַרוואַנדשאַפט. כ׳האָב אויך גלייך איינגעזען, אַז מ. איז פאַר מיר איצט דער בעסטער פּאַרטנער. כ׳קאָן מיט אים אינאיינעם נע־ונדעווען.

ביינאַכט האָב איך שוין מיט אים גענעכטיקט אין איין „אַכסניה״: שוין נישט אין „קאָלכאָזני דוואָר״ אויף דעמיאַן ביעדני־גאַס — אַריינפירן אַהין עמיצן אַנ־דערש האָב איך נישט געקאָנט. — נאָר אין אַלגעמיינעם „דאָם קאָלכאָזניקאַ״, וואָס איז געווען אייגנטלעך אַ מין קרעטשמע פאַר אַלע געסט, „קאָמאַנדיראָוואָטשנע״ פון דער פרעמד. דאָס נעכטיקן האָט עפּעס געקאָסט, אָבער ס׳איז געווען אַ גליק,

וואָס מ׳האָט געפונען אַ שטיקל דאַך איבערן קאָפּ. געווען אַפילו דאָרט אַ פּאָר אייזערנע בעטלעך, אָבער זיי זענען געווען פאַרנומען. האָבן מיר זיך אויסגעצויגן, ווי די „פּריצים״, אויף דער פּאָדלאָגע.

אין די דאָזיקע טעג איז מיר דאָך געווען נישט שלעכט: דאָס געלט פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע האָט מיך דאָך אַרויסגעהאָלפן. אויך מ. האָט געהאַט אַ פּאָר פאַרדינטע רובל פון סאָווכאָז. אמת, אָנגעטאָן איז ער געווען נישט אַזוי „עלעגאַנט״: אַ געלאַטעטער לאַגער־בושלאַט, ברייטע צעפּאַרענע שטיוול, אין וועלכע ער וואָלט זיכער געקאָנט אַריינגעמען נאָך אַ שכן. אַן אויסגעדייוועטע היטל מיט אַראָפּהענ־גענדיקע אויערן־שיצער. אָבער אַזאַ הולך איז שוין פּאַר אונדז פּליטים געווען נאַטירלעך.

— ווי מיינט איר? — פרעגט ער מיך שפּאַסיק, — אין דאָזיקן „פראַק״ (ער האָט בשעת־מעשה אויפגעהויבן אַ פּאָלע פון זיין בושלאַט), וועל איך קאָנען גיין אין דער וואַרשעווער אָפּערע?...

מיר האַלטן זיך אַזוי אויף אין „דאָם קאָלכאָזניקאַ״ אַ פּאָר וואָכן. דער וויטיק פון קלאַפּ איז מיר שוין לסוף אַריבער. קריכן מיר בייטאָג אַרום איבער דער שטאָט, פרעגן אויף אַרבעט. אין טייל הייזער נעמען מיר זיך אונטער צו זעגן און האַקן קלאָפּטערס האָלץ און באַקומען דערפאַר פון די „כאַזייקעס״ גוט אָפּצו־עסן מיט אַ „פּייקע״ ברויט אַ צולאָג. צוויי קלאָפּטער האָלץ האָבן מיר אַזוי אויך צורעכט געמאַכט ביי מיין באַקאַנטער ייִדישער פאַמיליע פ. פון קיִעוו. דאָרט האָט מען אונדז אָנגעקאָרמעט און נאָך געגעבן צו עטלעכע רובל יעדערן. איין טאָג האָבן מיר געהאַט דעם כבוד צו האַקן האָלץ פאַר אַ ייִדישער „כאַזייקאַ״, וואָס איר מאַן איז אַן אָפיציר פון דער „נ.ק.וו.ד.״. דאָרט האָט מען אונדז באַצאָלט צום בעסטן — פיר קילאָ ברויט! זעט אויס, אַז דער „נ.ק.וו.ד.״ פעלט נישט דער מין ברויט...

אַן אַנדער טאָג האָבן מיר געהאַקט האָלץ פאַר דער אַפּטייק. די אַרבעט האָבן מיר אויסגעפירט אין הינטערשטן הויף פון דער בעסערער געביידע. פון צייט־צו־צייט פלעגט אַרויסקומען פון שטוב צו אונדז איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ ייִדישן אויסזען. אַ דאַרער, אַ בלייכער, מיט אַ שווערן אָטעם. ער פלעגט כאַפּן אַ קוק צו אונדזער אַרבעט, געפּרווט אַפילו קריטיקירן, אַז מיר אַרבעטן נישט ווי אמתע פאַכלייט — האָלצהעקער...

— פון וואַנען זאָלן מיר קענען די מלאכה, אַז אונדזערע אבות אבותינו האָבן זיך נישט פאַרנומען מיטן דאָזיקן פאַך... — באַקומט ער אַן ענטפער.

— פון פוילן? — פרעגט ער.

— פון פוילן.

אַברהם זאַק

— וואָס האָט איר דאָרט געטאָן?
מ. רעכנט אויס מיין גאַנצן יחוס און איך שווייג. יענער ווערט איבערראַשט:
— אַ שרייבער?! אַ פּען־קאָלעגע, הייסט עס...
און ער אַליין איז גורם אַ גרויסע הפסקה אין דער אַרבעט. ער פרעגט מיך אויס פּרטים וועגן מיר, און ער אַליין דערציילט וועגן זיך. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז אַן עוואַקויִרטער פון כאַרקאָוו; אַ פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט. פריִער האָט ער מיטגעאַרבעט אין „כאַרקאָווער שטערן"; לעצטנס איז ער אַריבער אויף רוסיש. אַפילו דאָ אַרבעט ער מיט אַ ביסל אין „טשקאַלאָווסקאַיאַ פּראַוודאַ". ער שרייבט פאַר דער צייטונג באַריכטן פון ראַיאָן. קיין סך אַרבעטן קאָן ער נישט, ווייל ער איז שווער קראַנק אויפן האַרץ. ער פאַרנעמט טאַקע דאָ אַ צימער ביי דער אַפטייק. ער בעט מיך זייער איך זאָל צו אים אַריינקומען אין אַ פרייער צייט. ער וויל מיר עפּעס פאָרלייענען פון זיינע שריפטן.
— פאַרוואָס שרייבט איר נישט צו איציק פעפערן? — פרעגט ער מיך. — ער וואָלט זיכער פאַר אייך עפּעס געטאָן.
— אָ, ניין. כ'האָב שוין געפּרוווט איין מאָל שרייבן צו פּרץ מאַרקישן, מיט וועמען איך קען זיך פערזענלעך פון וואַרשע. מער טו איך עס נישט.
— פאַרוואָס ?
— ווייל ער האָט מיר אַפילו נישט געענטפערט.
— פאַרוואָס עפּעס? אַ חידוש. מאַרקיש איז גראָד זייער אַ גוטער ברודער.
— יאָ, אמת, איך ווייס עס... אָבער...
איך האָב אָפּגעהאַקט: נישט געוואָלט אים זאָגן: „ווייל איך בין געווען אין לאַגער"... צו וואָס די „אָפנהאַרציקייט" פאַר אַן אומבאַקאַנטן? אָבער יענער האָט מיך געצויגן ביי דער צונג:
— איך קאָן גאָרנישט פאַרשטיין פאַרוואָס ער האָט אייך נישט געענטפערט. און וואָס מיינט איר?
— איך מיין, אַז מאַרקישן איז אַוודאי געווען „אומבאַקוועם"...
— אומבאַקוועם? וואָס הייסט?
— ווייל איך בין געווען אין אַ סאָוועטישן לאַגער...
דערהערט פון מיר, אַז איך בין געווען אין אַ לאַגער, איז דער זשורנאַליסט אַ ווײַלע שטום געוואָרן. ער איז געוואָרן שוין קאָרג אויף ווערטער...
— פונדעסטוועגן... שרייבט, שרייבט צו פעפערן... — עצהט ער מיר פאַרן אַריינגיין צוריק אין זיין שטיבל ביי דער אַפטייק.
— ס'איז מיר גרינגער צו האַקן האָלץ איידער שרייבן אַזאַ בריוו... — זאָג איך צו מיין פאַרטנער, זעגנדיק ווייטער.

## אויף שליאַכן פון הפקר

צום דאָזיקן זשורנאַליסט פלעג איך אָבער שפּעטער יאָ אַרויפקומען פון צייט־צו־צייט. ער איז אויך געווען אָפּגעריסן פון זיין שרייבערישער וועלט און האָט גערן מיט מיר געשמועסט; געוויזן מיר אַגב עפּעס פון זיינע פּובליציסטישע אַרבעטן. כ׳בין נישט אַנטציקט געווען פון זיי צוליב זייער טענדענציעזקייט. צו־געשניטן ווי אויף באַשטעלונג. נישט איין מאָל פלעגט זיין פרוי, באַגעגענענדיק מיך אין גאַס, דערמאָנען מיר, אין מאַנס נאָמען, איך זאָל אַרויפקומען צו זיי. ביי איינעם אַזאַ באַזוך האָט ער מיר אַפילו צוגעזאָגט, אַז אויב איך אַליין וויל נישט שרייבן צו איציק פעפערן, וועט ער עס טאָן. ער איז מיט אים נאָנט. ער וועט אים אַליאַרמירן וועגן מיר, מ׳זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט מיין גורל. צי האָט ער טאַקע געשריבן ווייס איך נישט. קיין שום אָפּקלאַנג איז צו מיר נישט דערגאַנגען.

צום בעסטן איז פאַר אונדז געווען צו האַקן האָלץ פאַר דער „סטאָלאָוואַיאַ״. דער „זאַווכאָז״ איז דאָרט געווען אַ רוסישער ייִד, קאַפּלאַן. אַ פּליט פון ווייסרוסלאַנד. אַ ייִד אַ פּיפּיקער. אַ שמאָל פּנים מיט אַ שוואַרץ בערדל אַ־לאַ די אַמאָליקע רו־סישע „נאַראָדניקעס״ — רעוואָלוציאָנערן. ער האָט געטראָגן פּיינע, גלאַנציקע שטיוועלעך און אַ גוטע פּופּייקע. קענטיק, אַן אויסטויגער. בעת מיר האָבן דאָרט גענומען אַרבעטן, האָט ער געגעבן אין קיך אַ „פּריקאַז״, מ׳זאָל אונדז גוט אָנקאָר־מענען, כדי מיר זאָלן האָבן כוחות צו דער נישט־גרינגער אַרבעט. האָט מען אונדז אַנידערגעזעצט ביי אַ באַזונדער טישל און די „אָפּיציאַנטקע״ האָט דער־לאַנגט די „ראַבאָטשיע״ (אַרבעטער): איין שיסעלע זופּ, דאַן נאָך אַ „דאָבאַווקע״; דאַן אַ „וטאָראָיע״ (צווייט געריכט) — אַ היפּשע שיסעלע קאַרטאָפל. נו, און דער עיקר — ברויט! אפשר צו 300 גראַם ברויט ביי יעדן מאָלצייט. זאָט איז מען געווען, האָט מען געאַרבעט. האָט מען געהאַקט די „פּאָליענעס״ האָלץ. קאַפּלאַן פלעגט אָפּט צוקומען צו אונדז מיט זיינע דיבורים:

— ניטשעוואָ! מ׳האָט געזאָגט, אַז די פּיילישע קאָנען נישט אַרבעטן. ניטשע־וואָ! אַז זיי ווילן, קאָנען זיי. איר ווייסט דאָך, רעביאַטאַ, — גיט ער אונדז אָנצו־הערעניש — אין „סאָוועטסקי סאָיוז״ איז „קטאָ ניע ראַבאָטאַיעט, טאָט ניע יעסט״ (ווער עס אַרבעט נישט, יענער עסט נישט).

די אַרבעט ביי דער קיך איז אָבער נישט געווען קיין סטאַבילע. נישט שטענ־דיק איז דאָרט געווען אַזוי פיל „טאָפּקאַ״ (באַהייצונג). דעריבער פלעגט טאַקע די קיך אָפּט זיין געשלאָסן.

## 19

## ווידער דער טעם פון קאַטאָרגע

איינמאָל ווערן מיר געוואָר, אַז מען נעמט צו אויך פּוילישע צו אַן אַרבעט ביי דער אייזנבאַן — ביים „שלאַק": ביים אַריבערוואַרפן דעם קוילן־דרויב פאַר די לאָקאָמאָטיוון. אַ זייער שווערע אַרבעט. אָבער מיין נייער „שותף" רעדט מיך צו, ווייל די אייזנבאַנער האָבן אַ בעסערע „סטאָלאָוואַיאַ". פּרווון מיר זיך מעלדן צום נאַטשאַלניק פון די „זשעלעזנאָדאָראָזשניקעס" (אייזנבאַנער), אין זיין קאַנטאָר ביי די באַן־וואַרשטאַטן.

— פּאַזשאַלויסטאַ! — זאָגט ער. — אַרבעט פעלט נישט ביי אונדז.

און ער רעכנט אויס וואָס מיר וועלן אַלץ קריגן: 800 גראַם ברויט אַ טאָג; צוויי מאָל אין טאָג טאַלאָנען אויף „אָביעד" און „אוזשין" (מיטאָג און אָוונט־ברויט) אין זייער קיך און אַ חוץ עסן אויך אַן „אָבשטשעזשיטיע".

פיין. גאָר פיין. מיר זענען גלייך מסכים.

באַלד דערויף קלייבן מיר זיך אַריין אין דער „אָבשטשעזשיטיע": אַן אַלטע גרויסע קיביטקע, כמעט אַ מפולת מיט אָפּגעפּליקטע טירן און פענצטער. אינע־ווייניק זענען פאַראַן פּריטשעס פאַר די אַרבעטער, — אַלץ אונדזעריקע, פּוילישע ייִדן. ייִדן, וואָס האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטאָן.. באַלד אין דער ערשטער נאַכט אין דער נייער „אכסניה" האָט אַ ווילדער בוראַן געווילדעוועט הינטער די ווענט. אין דרויסן האָט ער וועלטן געקערט, געפייפט און געוואָיעט און זיך אויך צו אונדז אַריינגעריסן דורך די הפקרע פענצטער־לעכער. כ'האָב מיך געטוליעט אין מיין גוזאַרער פוטער און זיך נישט געקאָנט שיצן פון קעלט.

— שיינע באַלעבאַטים זענט איר! — מוסר איך די שכנים אויף דער פּריטשע, וועלכע געפינען זיך דאָ שוין פון פריִער. — איר האָט נישט געקאָנט מיט עפּעס פאַרשטאָפּן די לעכער?

— אַדרבה, אפשר וועט איר זאָגן מיט וואָס? זייט איר דער בריה און געפינט דאָ אַ שטיקל ברעטל. אַז ווו אַ שטיקל האָלץ אין דער חורבה האָבן שוין מענטשן צעשלעפּט אויף „טאָפּקאַ".

אינדערפרי קומען מיר צו דער אַרבעט. דער בוראַן האָט זיך שוין איינגעשטילט.

ס'איז אַ פרייער פּלאַץ, ווו עס ציִען זיך רעזערוו־ליניעס פון דער באַן־סטאַנציע. אַהער קומען צו די לאָקאָמאָטיוון אָנצונעמען דעם קוילן־דרויב. ליגן

טאַקע לענג־אויס די שינעס גאַנצענע וואַלן פון אַט דעם שוואַרצן ברען־שטאָף. אָבער די וואַלן ליגן צו ווייט פון די שינעס, און אונדזער אויפגאַבע און אונדזער אַרבעט איז — איבערצוּוואַרפן מיט רידלען דעם קוילן־דריב נענטער צו די שינעס, עס זאָל זיין לייכטער אַרויפצושיטן אין די לאָקאָמאָטיוון.

דער נאַטשאַלניק אַליין איז געקומען און איטלעכן פון אונדז אָפּגעמאָסטן צוויי מעטער פונעם וואַל — דאָס איז די נאָרמע פאַר אַ טאָג. אַ דראַקאָנישע נאָרמע. דער וואַל איז געווען הויך און ברייט. האָט מען זיך געשטעלט אַרבעטן. נאָך די ערשטע פּאָר צענדליק רידלען האָב איך באַלד דערפילט, אַז דאָס האַרץ רייסט זיך מיר אָפּ. נישט פאַר מיינע כוחות. איך ווייס נישט פאַר וועמען קאָן עס יאָ זיין מעגלעך. מען מוז דערצו זיין אַן אַטלעט... פון שטערן האָט מיר גענומען קאַפּען אַ שווייס, וואָס האָט אַריינגערונען אין די אויגן. ס׳האָט אומאָנגענעם געבייצט. כ׳האָב נישט געהאַט מיט וואָס אַ וויש צו טאָן דאָס געזיכט: די הענט ביי מיר זענען באַלד געוואָרן שוואַרץ, די אַרבל שוואַרץ, פאַרשטויבט. אויך ביי מיין פּאַרטנער זע איך ריטשקעלעך שווייס רינען איבערן פּנים. מיר זעען שוין בײדע אויס ווי די נעגער. בלויז די ציין בלאַנקען ווייס אַרויס ביים אויסריידן אַ וואָרט. ווי ביי די אמתע קוילן־גרעבער פון אונטערערדישע שיכטן.

אָפּגעהושכט אַזוי אַ גאַנצן, לאַנגן טאָג ביי דער עבודת פּרך און באַקומען דעם שכר: די 800 גראַם ברויט און אַן „אָביעד" אין „סטאָלאָוואַיאַ". אויף „וטאָראָיע" (צווייט געריכט) האָט מען היינט געגעבן עפּעס אַזעלכע דראָבנע פישלעך מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל. די פישלעך זענען געווען שאַרף, געזאַלצן מיט אַ ווידערטעם. אפשר דערפאַר אַזוי איבערגעזאַלצן, כדי מען זאָל נישט שפּירן אַזוי דעם ווידער־טעם. אָבער הונגעריק איז מען געווען נאָך אַזאַ פּראַצע, האָט מען נישט געקוקט און געגעסן. אויסגענאָגט יעדעס ביינדעלע. ביינאַכט האָט מען באַקומען נאָר אַ זופּקע. מ׳האָט עס פאַרצערט מיטן רעשט ברויט פון די 800 גראַם און אין סך־הכל נישט געבליבן צופיל זאַט... מיר האָבן נאָך געמוזט זוכן ערגעץ עפּעס צוצוקויפן, כדי נישט צו לייגן זיך הונגעריק אויף דער פּריטשע.

דריי טעג האָבן מיר אַזוי אָפּגעאַרבעט ביים „שלאַק". אויפן דריטן טאָג דערשפּיר איך זיך ביי דער אַרבעט זייער אָפּגעשוואַכט. ביים אויפהויבן יעדן רידל פיל איך אַ שטעכעניש אין האַרצן. און כ׳זאָג גלייך צו מיין „שותּף":

— איר ווייסט? דער „פּאָסטן" איז נישט פאַר מיר... אמתע קאַטאָרגע!

— און איך האָב אייך אויך געוואָלט זאָגן דאָס זעלבע. פון דאָזיקן „שלאַק" קאָן מען שנעל קריגן דעם אמתן שלאַק.

מיר האָבן קוים דערצויגן ביזן אָוונט און צומאָרגנס האָבן מיר זיך שוין צו דער אַרבעט נישט געמאָלדן. מיר האָבן אויך מוחל געווען די חורבהדיקע, צעלע־

כערטע „אַבשטשעזשיטיע״ און זיך ווידער אַריינבאַקומען אין „דאָם קאַלכאָזניקאַ״. מיר האָבן אויסגעזוכט עפּעס אַ תּירוץ פאַר דער אויפזעערין, ווייל אַפילו אין אַזאַ „אכסניה״ קען מען צופּיל נישט זיין. עס וואַרפט זיך אין די אויגן...

מיר האָבן זיך ווייטער פאַרנומען מיטן נייעם „פאַך״ — האָלץ־האַקן. דער עיקר האָבן מיר אָנגענומען אַרבעט אין דער „סטאָלאָוואַיאַ״, ווו דער „זאַווכאָז״ קאַפּלאַן האָט אונדז אַ ביסל מקרב געווען און געהייסן אין קיך מ׳זאָל אונדז גוט אָנקאָרמענען אין די טעג פון אונדזער אַרבעט. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט אונדז קיינער נישט געיאָגט. קיין „נאָרמע״ איז נישט געווען. מיר האָבן געזעגט און געהאַקט פּאַמעלעך, נישט געאיילט, לויט אונדזערע כּוחות.

איין טאָג האָט אונדז גענומען צו אַן אַרבעט די „בופעטשיצאַ״ פון דער „סטאָלאָוואַיאַ״ — שוראַ. אין דער „סטאָלאָוניע״ — ווי די פּוילישע פלעגן עס רופן — האָבן מיר דאָן פאַרענדיקט אַ פּאָר מעטער האָלץ. האָט אונדז שורא גע־הייסן קומען צו איר אין קיביטקע. מיר האָבן דאָרט פאַר איר אויסגעגראָבן אַ קעלער אין קיכל. זי האָט עס באַדאַרפט אויף קאַרטאָפל, קרויט, בוריקעס און אַנדערע פּראָדוקטן. וואָס אַריינצולייגן אין קעלער האָט שוראַן נישט געפעלט: אַז מען אַרבעט ביים בופעט אין אַ „סטאָלאָוואַיאַ״, קאָן מען זיך שוין פאַרגרייטן וואָס מען דאַרף. און שוראַ האָט זיך גוט געקאָנט „אַן עצה געבן״. דעם דאָזיקן טאָג זענען מיר שוין הונגעריק נישט געווען. מ׳האָט פאַר אונ־ אָפּגעקאָכט אַן „אָביעד״ פון „שטשי״, קאַשע און אַפילו פלייש. וועגן ברויט אי־ אָפּגערעדט. מיר האָבן זיך איינגעטיילט מיט אַ גאַנצן לעבל פון עטלעכע קילאָ.

זינט יענעם טאָג זענען מיר ביי דער דאָזיקער שוראַן געוואָרן די „פּאַוואַ־ריטן״. זי פלעגט אונדז אין דער „סטאָלאָוואַיאַ״ זייער אָפט פאַרקויפן טאַלאָנען אויף מיטאָג אַפילו דאַמאָלס, בעת די קיך האָט געקאָכט עקסטראַ פאַר אַ געוויסער אָרגאַניזאַציע, לויט אַ באַשטעלונג. שוראַ אַליין איז תּמיד געווען פריש, דיק, מיט רויטע באַקן. תּמיד אַ זאַטע, אַן אָנגעגעסענע — ווי אין אַ „סטאָלאָוואַיאַ״. אַפילו ווען די „סטאָלאָוואַיאַ״ פלעגט זיין פאַרשלאָסן — צוליבן פעלן פון פּראָדוקטן, צי פון „טאָפּקאַ״ — פלעגט שוראַן אין שטוב נישט פעלן וואָס צו קאָכן. אין דעם קעלער, וואָס מיר האָבן איר אויסגעגראָבן, איז געווען פון כּל־טוב.

אין יענער צייט זענען שוין אין אַק־בולאַק געווען אַ היפּש ביסל פּוילישע ייִדן־פּליטים. איין גרופּע האָט געאַרבעט אויפן עלעוואַטאָר ווי „גרוזטשיקעס״ (טרעגער); ייִדישע יונגעלייט פון וואַרשע, פון לובלין, פון לאָדזש. געזונטע חברה־לייט, וואָס האָבן טאַקע געקאָנט אַ הויב טאָן אַ זעקל. צוזאַמען מיט זייערע ווייבער האָבן זיי דורכגעמאַכט די פאַרשיקונג אין אַ „פּאָסיאָלעק״ ערגעץ אין די סיבירער מרחקים. איצט ווינען זיי דאָ אין אַן „אַבשטשעזשיטיע״ ביים עלעוואַטאָר

און „מאַכן אַ לעבן". מיט ברויט און אַ „סטאָלאָוואַיאַ", אָדער „סטאָלאָווניע" (ווי עס קלינגט אין זייערע מיילער) זענען זיי געזיכערט. אַ חוץ דעם פאַרנעמען זיך זייערע ווייבער מיט באַקן און פּרעגלען „בלינעס" און „לעפּיאָשקעס". צייט האָבן זיי, די ווייבער, ווייל זיי אַרבעטן נישט. די מענער ברענגען אַריין אין אַ „שעת הכושר" פון די שפּייכלערס אַ ביסל מעל, אַ ביסל „פּשענאָ" (הירזש) און שאר ירקות. קאָכט מען, באַקט מען, פּרעגלט מען. מען גיט זיך שוין אַגב אויך „אַן עצה", אַז קיין גראָשן זאָל אויך נישט פעלן. קויפט מען צו אויפן באַזאַר אייער, פּוטער, מילך. לעבט זיך זיי טאַקע גאַר נישקשה. כ׳האָב אַ פּאָר מאָל באַזוכט יענע „אָבשטשעזשיטיע" און געטראָפן דאָרט אויך די פּאָר־פּאָלקן, וועלכע האָבן געאַרבעט אין „טשערוואָנאַ בורטאַ"ביים „טאָק". אויך די פּאַני זאָפיאַ איז געווען צווישן זיי.

— פאַרוואָס האָט איר פאַרלאָזן יענעם „גן־עדן"? — פרעג איך זיי.

— וויפל איז דער שיעור צו פּטרן די כוחות פאַר גאָרנישט? — באַקום איך אַן ענטפער.

יאָ, אַזוי איז עס טאַקע. דאָ אַרבעטן זיי נישט פאַר גאָרנישט. דאָ „גיט מען זיך אַן עצה".

אַן אַנדער גרופּע פּוילישע פּליטים האָט זיך איינגעאָרדנט ביי אַ „פּאָדסאָב־נאָיע כאַזייסטוואָ" (הילפס־ווירטשאַפט) פון אַן אָרגאַניזאַציע, אין שכנות פון דער שטאָט. נאָך אַנדערע — ביים „זאַגאָט־זיערנאָ" (תבואה־פאַרגרייט). און אַלע מאַ־טערן זיך מיט פּרנסה. אַיין גרופּע יונגע חברה־לייט האָט זיך אונטערגענומען אויפצושטעלן אַ „סאַראַי" (שייער) פון „סאַמאַן" (פּשוטע נישט־געברענטע ציגל פון ליים און שטרוי) פאַר עפּעס אַן אינסטיטוציע. מ׳האָט זיי געצאָלט דערפאַר, לויט אַן אָפּמאַך, טיילווייז מיט געלט, טיילווייז מיט ווייץ. נאָך אַ גרופּע פּוילישע יידן אַרבעט אין אַ געאָלאָגישער עקספּעדיציע. דאָרט געפינט זיך אויך דער ווילנער קאהאַן, מיט וועמען איך כאַפּ געדן אַמאָל אַ שמועס — ווען איך פאַרבענק זיך נאָך דעם ווילנער ריינעם, ליטעראַרישן יידיש.

עטלעכע פּליטים — שוסטערס פון פאַך — זענען אַוועק אין אַן אַרטעל, וואָס געהערט צום „מיעל־זאַוואָד". זיי זיצן אויף אַן אָרט און גיבן זיך אויך ווי עס איז „אַן עצה".

נאָר מירביידע — איך און מ. — פּלאָנטערן זיך נאָך אַרום און קאָנען קיין תקומה נישט געפינען. מיר קומען אַרויף דאָ און דאָרט, צו באַזוכן די „אָבשטשע־זשיטיעס" פון די פּוילישע. מ׳קען אונדז זייער גוט. מיך קענען טייל נאָך פון וואַרשע, פון „מאָמענט". מ. ווידער האַלט זיך „וויכטיק" מחמת זיין נישט־דערגאַנ־גענער קאַריערע פון אַ מעדיקער. ער גיט זיך טאַקע אַן פּאַר אַ „שטיקל־ וראַטש".

ער איז געווען אין וואַרשע אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט. נאָר איבער אַ קראַנקייט האָט ער געמוזט איבעררייסן זיין שטודיום און גיין וווינען אין אָט־וואָצק. דערפאַר טאַקע האָט ער אויך אין לאַגער געאַרבעט ווי אַ סאַניטאַר אין „סטאַציאָנאַר" (שפּיטאָל); פלעגט דאָרט מאַכן איינשפּריצונגען, „פּערעוויאַזקעס" (איבערבינדן ווונדן) וכדומה. און אַז מיר פלעגן אַמאָל אין אַ זונטיק זיצן ביי מיין באַקאַנטער קיִעווער פאַמיליע אויף אָוונט־ברויט (צוליב מיר פלעגט מען שוין אויך מיין נייעם פאַרטנער פאַרבעטן), פלעגט אונדז דער גאַסטגעבער פאַרשטעלן פאַר זיינע געקומענע פריינט:

— דאָס איז אַ „פּיסאַטיעל" און דאָס איז אַ „וראַטש" פון פּוילן.

ווי איינער רעדט: קוקט נאָר אָן זייער הולך, זייער אויסזען, זייער מעמד... צו וואָס מענטשן פון אַ מדרגה קאָנען דערגיין ביי אונדז אין דער מדינה...

## 20

## אויף אַן „אינטערנאַציאָנאַלן" בית־עולם

איין טאָג האָט מען אונדז ביידן — מיך מיט מיין „שותף" — גענומען צו אַן עקסטראַ אַרבעט — גראָבן אַ קבר.

אין אַ ייִדישער פאַמיליע — אַן עוואַקויִרטע פון אָדעס — איז געשטאָרבן אַן עלטערע פרוי. דער איידעם פון דער פאַרשטאָרבענער האָט מיט אונדז אָפּגע־מאַכט, אַז מיר זאָלן גיין גראָבן דעם קבר. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט וועלן מיר באַקומען צו 50 רובל יעדערער און אַן „אוזשין" (אָוונט־ברויט) מיט ברויט.

מיר האָבן זיך גערן אָנגעכאַפּט אָן דעם „גלענצנדיקן געשעפט".

— אָבער צו דער קבורה האָבן מיר נישט קיין שייכות. — האָבן מיר זיך אויסגערעדט.

— מ׳עט זיך אַן עצה געבן אָן אייך. — זאָגט יענער. — אָבער אויב איר וועט וועלן פאַרדינען אַ מצווה און גיין אויף דער לוויה, איז פּאַזשאַלויסטאַ. איר זענט דאָך ייִדן.

— געמאַכט!

דער ייִד האָט אונדז באַזאָרגט רידלען מיט אַ קירקע און איז מיט אונדז מיט־געגאַנגען אויפן בית־עולם. ס׳איז געווען אַ היפּשער מהלך פון שטאָט. דער בית־עולם איז אַ געמישטער — פאַר אַלע נאַציאָנאַליטעטן: רוסן, קאַזאַכן און אויך ייִדן. ייִדישע קברים זענען דאָ געציילטע. אַן אָפּגעזונדערטע קליינע גרופּע קברים.

קיין מצבות זענען איבער זיי נישטאָ, נאָר בערגלעך מיט ברעטלעך צוקאָפּנס. און בלויז לויט די נעמען אויף די ברעטלעך — אין רוסיש — האָט מען געזען, אַז דאָ רוען ייִדן. ווייניק ייִדישע קברים — ווייל אין אַק־בולאַק האָבן פֿאַר דער מלחמה קיין ייִדן בדרך כלל נישט געוווינט, אַ חוץ עטלעכע פֿאַרשיקטע פֿאַמיליעס, אַזוי־גערופֿענע „ספּעץ־פּערעסעלענצעס". געהערן עס טאַקע די געציילטע קברים־בערגלעך צו די דאָזיקע צופֿעליקע ייִדישע פֿאַמיליעס.

איבער די איבעריקע קברים סטאַרטשען אַלערליי דענקמעלער: האַלבע לבֿנות, צלמים. און פֿאַראַן אויך איבער אַנדערע קברים דער סאָוועטישער שטערן און דער האַמער און סערפּ. דעם דאָזיקן כּבֿוד באַקומען אָפּנים די „פּני" — די פּאַר־טייער, די אַקטיוויסטן, די נאַטשאַלניקעס מכּל המינים. אַזאַ „אידיליע" זעט מען דאָ אין דער געגנט אויף אַלע צווינטערס, אין די שטעטלעך, אין קאַלכאָזן.

און אָט שטייען מיר ביי דער שורה ייִדישע קברים און מיר גייען זי פֿאַרמערן מיט נאָך איין ייִדישן קבֿר. די ערד איז אַ האַרטע און מיר מוזן אָנקומען אָפּט צו דער קירקע. עס גייט נישט אַזוי לייכט און אַזוי שנעל. אַ שווייס שלאָגט אַרויס אויפֿן שטערן.

— כ׳זע, איר זענט גאָר שוואַכע אַרבעטער. — קרימט זיך אונדזער „ברויט־געבער".

— שולדיק איז די סאָוועטישע „קעסט"... — כאַפּט זיך ביי מיר אַרויס.

דער ייִד האָט נישט קיין געדולד צו וואַרטן.

— איך מוז גיין. זעט מאַכט פֿאַרטיק דעם קבֿר באַצייטנס.

— גוט. גייט אייך געזונטערהייט.

— אין אַ צוויי שעה אַרום וועט אַרויס די לוויה פֿון שטוב.

— גוט.

אַ שווער שטיקל אַרבעט געווען. אַריינגעלייגט אַ סך כּוח אין גראָבן. מיר האָבן געוואָלט פֿאַרטיק ווערן צו דער צייט. כּסדר געהאַקט מיט דער קירקע און כּסדר אַרויסגעשאָטן די ערד. ביסלעכוויין איז דער קבֿר געוואָרן טיפֿער, טיפֿער. עס דויערט שוין מער ווי צוויי שעה דאָס גראָבן. שוין אַ קנאַפּער רידל די טיף. שוין באַלד. נאָך אַ ביסל אָנשטרענגונג — און פֿאַרטיק. ס׳איז שוין אַזוי טיף ווי יענער האָט פֿאַרלאַנגט — אַ גאַנצער רידל די טיף. זיכער אַ מעטער. גענוג. ס׳איז שוין כּדת וכדין. די טויטע ייִדישע פֿרוי וועט שוין קאָנען ליגן במנוחה אין דער פֿרעמדער אַזיאַטישער ערד.

— די לוויה איז שוין זיכער אין וועג.

— לאָמיר אַרויסגיין אַנטקעגן.

זענען מיר געגאַנגען מיטן זעלביקן וועג, ווי אַהער. ערשט אויפֿן מיטן וועג

איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ גרופּע מענטשן מיט אַ דאָרפישן וואָגן פֿאַרויס. דער אָנטרייבער ביי דער זייט איז טאַקע געווען דער אָדעסער ייִד, דער איידעם פון דער פאַרשטאָרבענער. אויפן וואָגן איז געלעגן דער מת איבערגעדעקט מיט אַ פּלאַנדעקע. פון הינטן איז נאָכגעגאַנגען אַ פרוי — מסתמא די טאָכטער — אַ פאַרוויינטע, מיט פאַרבראָכענע הענט. הינטער איר — נאָך אַ פיר־פינף מענטשן. קיין גאַנצער מנין נישט געווען — אַפילו מיט אונדז ביידן, די גרעבער פונעם קבר. מיר האָבן זיך אומגעקערט און באַהאָפטן מיט דער לוויה. מילא, באַשערט געווען צו פאַרדינען אויך אַ מצווה פון הלוית המת.

— קומט אַריין אין אָוונט, וועט מען אייך באַצאָלן, — זאָגט מיר דער איידעם אין דער שטיל.

— מיר וועלן בעסער אַריינקומען אין אַ פּאָר טעג אַרום, — זאָג איך. איך האָב נישט געהאַט קיין חשק אַריינצוקומען נאָך שכר טרחה אין אָבל־שטוב דעם זעלביקן טאָג פון קבורה.

— גוט. טאָ קומט מאָרגן. אין אָוונט. כ׳האָב פיינט צו בלייבן אַ בעל־חוב.
— איז יענער מסכים. — כ׳וועל שוין זען מ׳זאָל פאַר אייך אָנגרייטן אַ „אוזשין״.

אַ בקיצורדיקע לוויה געווען. אַ פּאָר ייִדן האָבן דעם מת אַראָפּגעלאָזט אין קבר, געטאָן אים זיין „רעכט״, באַדעקט מיט אַ פּאָר דאַרע אַלטע ברעטלעך — און שוין. גענומען פאַרשיטן. דער איידעם האָט פון אַ סידורל געזאָגט קדיש און די אָבלטע, די טאָכטער, האָט זיך צעכליפּעט אויפן קול. אויסגעוואָקסן גיך דאָס בערגל. דער איידעם האָט אַריינגעשטעקט דאָס מיטגעבראַכטע ברעטעלע צוקאָפּנס מיטן נאָמען פון דער פאַרשטאָרבענער — אויך אין רוסיש.

— פאַרוואָס עפּעס אין רוסיש? — פרעג איך — אַן עלטערע ייִדישע פרוי דאָך. פאַרוואָס נישט די אותיות מרובעות מיטן „פּ. נ.״?...

— וואָס פאַרשטייט איר נישט? — ענטפערט יענער — ווען מיר מאַכן עס מיט ייִדישע אותיות, קאָן אַמאָל עפּעס אַ כאַם איינפאַלן אַרויסצורייסן און אָוועק־שמייסן דאָס ברעטל פון קבר...

— זענען אויך דאָ מעגלעך אַזעלכע זאַכן?

— וואָס זשע מיינט איר, עס פעלן דאָ אַנטיסעמיטישע כאַמעס?...

געענדיקט די קבורה. נאָך אַ ייִדישער קבר אויפן „אינטערנאַציאָנאַלן״ בית־עולם אין פאַרוואָרפענעם אַזיאַטישן אַק־בולאַק.

צומאָרגנס אין אָוונט זענען מיר שווייגנדיקע אַריינגעקומען אין דער אָבל־שטוב. דער איידעם האָט אונדז גלייך געסילוקט דאָס צוגעזאָגטע געלט און פאַר־בעטן זיך זעצן צום טיש. די אָבלטע — היינט שוין אַ באַרויִקטע, אָבער אויסגע־בלייכטע — האָט אונדז דערלאַנגט צו פולן טעלער הירזש־זופּ.

— קיין ברויט אָבער האָבן מיר נישט. נישט באַקומען היינט אויף די „קאַרטאָטשקעס״. — פאַרענטפערט זיך דער איידעם. — מיר קאָנען אייך אָבער געבן „סוכאַרעס״, אויב איר ווילט.

— פאַרוואָס נישט? אדרבה.

האָט ער אונדז צוגעטראָגן צו עטלעכע שוואַרצע, שטיין־האַרטע „סוכאַרעס״.

— עסט, עסט. בעסער ווי גאָרנישט.

— אַ דאַנק! אַ דאַנק!

מיר עסן און יענער זאָגט ווייטער:

— אַז שטענדיק איז אַ צרה מיטן ביסן ברויט. איידער מ׳קריגט עס ווערט מען אויסגעריסן.

— יאָ, אמת. מיר קענען די דאָזיקע צרה שוין בעסער פון אייך.

מיר האָבן שווייגנדיק געגעסן. אַלע האָבן געשוויגן. וואָלטן אַלע שטובּיקע געגעסן, וואָלט עס נישט אַזוי שווער געווען. אָבער אַז נאָר מיר אַליין, די פרעמדע, עסן... איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען כ׳בין שוין געווען אויף יענער זייט טיר.

— איר האָט זיך ווען פאַרגעשטעלט, אַז אייך וועט אַמאָל אויסקומען זיין אַ גרעבער, האַ?... — שיקט צו מיר אַ פראַגע מ. און קוקט אויף מיר מיט אַ טרויעריקן שמייכל.

— אַ סך זאַכן האָב איך זיך נישט פאַרגעשטעלט... ווי אַ שטייגער: אַז איך וועל ווערן אַ קאָטאָרזשניק אין אַ סאָוועטישן לאַגער...

— יאָ, ווילדע זאַכן. ווער וואָלט עס געקאָנט גלויבן?

## 21

## „אַז מ׳גייט יום־כיפור דאַוונען״...

אין דער גרופּע מויערערס פון „סאַראַי״ זענען געווען עטלעכע פרומע יונגע־לייט — געוועזענע ישיבה־בחורים פון פוילן. פון זיי בין איך איין טאָג, שוין סוף סעפּטעמבער, געוואָר געוואָרן, אַז ביינאַכט איז יום־כיפור; אַז מ׳אָרדנט איין אַ מנין ביים שוחט אין שטוב. דער שוחט איז געווען אַן עוואַקויִרטער ייִד פון ווייס־רוסלאַנד. אַ ייִד שוין אַ זקן. אַנטלויפנדיק פון זיין שטעטל, ווּהין דער דייטש האָט זיך דערנענטערט, האָט ער מיטגעכאַפּט זיין קליין ספר־תורהלע, מיט וועל־כער ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבן נישט געקאָנט שיידן. דער דאָזיקער ייִד וועט

טאַקע אויך איצט זיין דער בעל־תפילה אינעם מנין ביי אים אין שטוב. מ׳בעט מיך כ׳זאָל קומען אַהין.

בין איך טאַקע געקומען. אויך מיין פאַרטנער מיטגענומען.

ס׳אַראַ אומעטיקע כל־נדרי־נאַכט איז עס געווען. אין דער קיביטקע ביים שוחט האָבן זיך צונויפגעקליבן עטלעכע מנינים יידן. רוסישע און פוילישע. עס זענען געקומען פרומע און נישט־פרומע, פון שטאָט און פון די נאָנטע קאָלכאָזן. יידן אין טליתים האָט מען געזען בלויז עטלעכע, די עלטסטע.

דער שליח־ציבור — דער שוחט — איז געווען איינגעהילט אין אַ טלית איבערן קאָפּ. ער איז געשטאַנען פאַר אַן אימפּראָוויזירטן עמוד. ביים עמוד האָבן אַפילו געברענט צוויי ליכט — נישט קיין גרויסע יום־כיפור־ליכט, ווי אין די בתי־תפילה פון דער ווייטער היים, נאָר קליינע ליכט, וועלכע וועלן קוים ברענען ביזן סוף פון יום־כיפור־ביינאַכטיקן דאַווענען. ס׳איז נאָר אַ חידוש ווי אַזוי דער שוחט האָט זיך איינגעשאַפט די צוויי קליינע ליכט... מסתמא האָט ער געגנוג לאַנג זיי פריִער אַרומגעזוכט. צו די ליכט האָט נאָך געבערענט אַ נאַפט־לעמפּל, כדי צו פאַרגרעסערן די ליכטיקייט לכבוד דער הייליקער נאַכט פון יום־הכיפורים.

אין דער פייערלעכסטער רגע האָט דער שוחט מיט דעם קליינעם ספר־תורהלע אין זיינע אָרעמס אָנגעהויבן מיט זיין זקנישן קול:

— כל נד־רי...

אַלע, יונג און אַלט, האָבן אונטערגעכאַפּט. אַלע האָבן מיטגעזאָגט מיטן שליח־ציבור כל־נדרי און די ווייטערדיקע תפילות. פון אַ סך אויגן האָבן גערונען טרערן. ס׳האָט זיך איטלעכער געזען ערגעץ אַנדערש... אין זיין פאַרלאָזענער היים... אין זיין היימישער שול... צווישן נאָענטע... איז אַ חידוש, אַז אַלע זענען געווען גרינג אויף טרערן?

אויך צומאָרגנס בין איך עטלעכע מאָל אין משך פון טאָג געקומען צו די יום־כיפורדיקע תפילות. דער אַלטיטשקער שוחט האָט זיך כסדר געציקלט ביי די ימים־נוראימדיקע ניגונים און נישט אָפּגעטראָטן פון „ברעטל". טייל האָבן כסדר אונטערגעהאָלפן, מיטגעזונגען. ער האָט געפילט אפנים, דער אַלטער שוחט, אַז אויף אים ליגט דער חוב אָפּצוריכטן פאַר אַלעמען די תפילות; אַז קיינער וועט עס דאָ נישט טאָן אַזוי ווי ער. איז זאָלן די פאַרוואָגלטע יידן אין אַק־בולאַק וויסן, אַז היינט איז יום־כיפור, און זאָל אויך נישט פאַרשעמט און פאַרשוועכט ווערן דער הייליקער טאָג פון פאַרגעבונג.

בעת איינער אַ הפסקה, בעת קריאת־התורה, איז געשטאַנען פאַר דער קי־ביטקע אַ רעדל פוילישע יידן. מ׳האָט געלופּטערט די אַלטע טעמע: היים... מלחמה... די היגע „גליקן"... און דאָ בין איך געוואָר געוואָרן, אַז עס שאַפּט זיך אַ

מעגלעכקייט צו באַקומען אַן אַרבעט אויף בעסערע באַדינגונגען: דאָס איז אין דער „געאָלאָגיש־טאָפּאָגראַפּישער פּאַרטיע" פון לענינגראַד, וועלכע איז אַהער איצט געקומען אויסצופירן אַ געוויסע אויפגאַבע און זי ווערבירט מענטשן צו דער אַרבעט.

— זעט איר — זאָג איך צו מיין פּאַרטנער. — אַז מ'גייט יום־כיפור דאַוונען, קאָן מען געהאָלפן ווערן...

באַלד צומאָרגנס זענען מיר אַהין געגאַנגען און מיר האָבן זיך טאַקע דער־רעדט. די אָנפירער פון דער „געאָלאָגיש־טאָפּאָגראַפּישער פּאַרטיע" זענען געווען דריי אינזשיניערן: אַ רוס, אַ טאָטערין און אַ ייִד. זיי האָבן אַלע געמאַכט דעם איינדרוק פון ליבלעכע מענטשן.

מ'האָט אונדז אָנגענומען צו נישט קיין שווערער טעכנישער אַרבעט: טראָגן די הילצערנע ווייזערס פאַר די מעסטונגען, דעם מעסט־אַפּאַראַט און אַריינקלאַפּן „טאָטשקעס" (הילצערנע צייכנס) ווו מ'וועט דאַרפן. די באַדינגונגען זענען געווען לפי ערך דערטרעגלעכע: 800 גראַם ברויט, אַן „אָביעד", געקאָכט פון אַן אייגענער קעכין (טאַקע אַ סאַמאָראָדנע פּאָלקע פון אַ לאַגער); געהאַלט — אַרום 250 רובל אַ חודש. דערפון וועט ווערן אַראָפּגערעכנט פאַרן ברויט און „אָביעד" — צו פעסטע פּרייזן. — אַזוי, אַז לערך אַ קנאַפּע העלפט וועט אונדז נאָך בלייבן צושטייער אויף אַנדערע הוצאות.

אַוועקגייענדיק פון דער קאַנטאָר האָבן מיר זיך גלייך געלאָזט איבער די גאַסן זוכן דינגען עפּעס אַ דירהלע. נישט געווען קיין לייכטער ענין. נישט געווען קיין בעלנים אַריינצולאָזן „ביעזשענצעס", בפּרט, אַז אומעטום האָט מען דאָ געלעבט נישקשהדיק ענג. לסוף איז אונדז געלונגען איבערצורעדן — פאַר גוט דירה־געלט — איינע אַ „כאַזייקאַ" זי זאָל אונדז אַריינלאָזן. קיין באַזונדער צימער האָט זי פאַר אונדז נישט געהאַט. זי האָט אונדז נאָר אָפּגעגעבן צום נעכטיקן דאָס קליינע קיכל. ביינאַכט וועלן מיר זיך דאָרט קאָנען אויסבעטן אויף שטרוי. מיר האָבן קיין ברירה נישט געהאַט און מסכים געווען. צום שטרוי האָט זי אונדז באַלד די ערשטע נאַכט נאָך צוגעגעבן עפּעס אַן אַלטע פלאַנדעקע פון אומבאַ־שטימטן קאָליר און אָפּשטאַם, וואָס מיר האָבן פאַרשפּרייט ווי אַ ליילאַך. פאַר אַ צודעק האָט מיר געדינט מיין גוזאַרער פוטער. געווען שוין קילע נעכט.

כאָטש ביי אַזאַ „קאָמפאָרט", אויף דער פּאָדלאָגע, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך דערפילט בעסער ווי דאָרט אין „דאָם קאָלכאָזניקאַ". פאָרט אַ פּריוואַטע שטוב. דאָס אָרעמע ווינקל איז היימישער. די ווענט זענען געווען גרוי, נאַקעט. אין דער הויף האָבן שפּינען פאַרצויגן זייערע נעצן. דער קאָפּ פון שטוב, דער „כאַזייאין", האָט געאַרבעט ביי דער אייזנבאַן, האָט אָפט געהאַט נאַכט־דינסט

און פלעגט אַריינקומען אין דער פרי ווי אַ קוימענקערער. בעת ער פלעגט זיין אַמאָל אין אָוונט פריי פון זיין אַרבעט, פלעגט ער ליב האָבן מיט אונדז צו כאַפּן אַ שמועס. אין זיין גרויסער אָרעמקייט און דחקות איז אים אָנגענעם געווען צו הערן ווי אַזוי עס לעבט זיך „דאָרטן״ — אין קאַפּיטאַליסטישן מערב, ווו אַפילו אַן אַרבעטער האָט נישט אַזאַ וויסטע מערכה ווי דאָ, „אין לאַנד פון סאָציאַליזם״. פון זיינע ערשטע רייד האָבן מיר באַלד געזען, אַז ער איז דווקא יאָ אינפאָרמירט ווי די זאַך איז אין דער אמתן, נישט ווי די אָפיציעלע פּראָפּאַגאַנדע דערציילט דאָ אַלעמען. מיר זענען, פאַרשטייט זיך, געווען קאַרג אויף רייד; געהיט זיך מיט אַ וואָרט; אָבער מיט זיין שטאַרקער נייגעריקייט האָט ער אונדז אַלץ געצויגן פאַר דער צונג און עפּעס פלעגט ער שוין פון אונדז געוואָר ווערן.

פון אונדזער געזעלשאַפט ביי דער אַרבעט זענען מיר געווען גאָר צופרידן: פאָרט איידעלע מענטשן, אינטעליגענטן. מיר האָבן געאַרבעט אין דער גרופּע פון יידישן אינזשיניער. אַ חוץ אונדז האָט דאָרט געאַרבעט נאָך אַ יידיש מיידל, אויך אַן עוואַקוירטע פון לענינגראַד, דעם אינזשיניערס אַ באַקאַנטע. די לאַנגע מאַרשן מיט די טאָפּאָגראַפישע מכשירים ווייט הינטער דער שטאָט פלעגן ביי אונדז אַוועקגיין אין שמועסן. אַמאָל אין גאַנץ אַמיזאַנטע. פּאָליטיק האָבן מיר עקסטרא אויסגעמיטן. מ׳האָט גערעדט אַלץ וועגן שטייגערישע ענינים. פעלט דען וועגן וואָס צו ריידן? רעדט מען וועגן עסן. אין קיין מדינה רעדט מען נישט אַזוי פיל וועגן עסן ווי אין רוסלאַנד. גלייך ווי דאָס וואָלט געווען דער עיקר אין לעבן. דאָס האָט גורם געווען דער שטענדיקער דוחק, דער הונגער.

אונדזערע מאַרשן זענען געווען גאַנץ היפּשע: מ׳האָט אויסגעמאָסטן די גאַנצע סביבה פון דער שטאָט אויף אַ מרחק פון נישקשהדיקע קילאָמעטערס. די געגנט אַרום איז געווען אַ וויסטע. פּוסטע סטעפּעס, פאַרוואַקסן מיט בוריאַן. מיר זענען אומגעקראָכן אין אַלע ריכטונגען, אין אַלע זייטן, איבער וועגן, סטעזשקעס און איבער ווילדקייטן. בלויז די געגנט אַרום טייך אילעק איז נישט געווען וויסט: דאָרט זענען געווען די אַלע גערטענער פון די אַק־בולאַקער „כאַזייקעס״. כמעט יעדע באַלעבאָסטע האָט דאָ געהאַט איר שטיקל ערד צו פאַרזייען ירקות. ווייל דאָ אין שכנות פונעם טייך קאָן מען דאָך אָפּהיטן דאָס פאַרזייטע פעלד, באַגיסן, ווען מען דאַרף, מיט וואַסער. און דאַרפן דאַרף מען עס נישט זעלטן. די רעגנס זענען דאָ צו קאַרג און די זריעות זענען תמיד אין סכנה פאַרטריקנט צו ווערן.

ווען אונדזער אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן איז שוין געווען נאָכן אַרויסנעמען די גרינוואַרג. דעריבער איז אויך די דאָזיקע געגנט שוין געווען פּוסט און וויסט.

אַרויסגיין צו דער אַרבעט פלעגן מיר זייגער אַכט אין דער פרי און צוריק־קומען פינף־זעקס פאַרנאַכט. טאַקע נישט קיין שווערע אַרבעט, אָבער אַ גאַנצן

טאָג אין באַוועגונג און אויף דער לופט, פלעגט מען ווערן גוט אויסגעהונגערט. אַז מיר זענען צוריקגעקומען אין קאַנטאָר, האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט די „פּייקעס" ברויט און די „גאַלושקעס". געדיכטע קניידלעך, וואָס האָבן געזעטיקט. ווער רעדט נאָך, אַז מען האָט צוגעביסן מיט אַ שטיקל ברויט. אונדזער „ראָדאַטש־קאַ", די קעכין, פלעגט אונדז קיינמאָל נישט פאַרפעלן צו געבן אַ „דאָבאַווקע" — אַזוי אַז מיר פלעגן אַוועקגיין פון „אָביעד" מיט אַ פולן בויך. אמת, קיין שום פעטס האָבן מיר נישט באַקומען; אויך וועגן פלייש איז קיין רייד נישט געווען. אָבער אַז מ'האָט געקאָנט מיט עפּעס אָנשטאָפּן דעם מאָגן, איז שוין אויך גע־ווען אַן ענין.

אונדזערע „גאַלושקעס" האָבן געקריגן אַ שם צווישן אונדזערע פּליטים. אַז עמיצער האָט געהערט פון מיר ווו איך אַרבעט, האָט ער באַלד באַמערקט:

— אָ, איר אַרבעט אין דער „געאָלאָגיש־טאָפּאָגראַפישער פּאַרטיע"? קריגט איר דאָך יענע געדיכטע „גאַלושקעס"?

אַ באַזונדערע פריינטלעכקייט האָט אונדז אַרויסגעוויזן די טאָטערין — די געאָלאָגין מאַריאַ מאַכמודאָוונאַ. איר אויפגאַבע איז געווען צו לאָזן מאַכן אויס־גראַבונגען אין געוויסע פּונקטן און אַרויסבאַקומען פאַרשיידענע מוסטערן פון די טיפע ערד־שיכטן. די אַרבעט ביי איר איז דעריבער געווען אַ שווערע. ביי איר האָבן טאַקע געאַרבעט אַ גרופּע רוסן, רוטינירטע שוואַרץ־אַרבעטער און ערד־גרעבער. מיר פלעגן נאָר אין אָוונט כאַפּן מיט איר אַ שמועס אין קאַנטאָר. זי האָט אונדז אַפילו איינמאָל אין אַ זונטיק, אין „וויכאָדנאָי", פאַרבעטן צו זיך אויף אַ גלעזל טיי. זי האָט אַגב געהאַט אַ לייטישערע דירה פון אונדז. אַ צימער אין אַ בעסערער קיביטקע, ביי בעסער סיטואירטע באַלעבאַטים. אויף דער דאָזיקער געמיטלעכער מסיבה איז זי אויך נישט געווען פריי פון דער נייגעריקייט וועגן דאָרטן, וועגן קאַפּיטאַליסטישן מערב. אויך זי האָט אונדז כסדר פאַרשאָטן מיט פראַגן ווי עס לעבט זיך דאָרטן. ווי עס לעבט דאָרט אַן אינזשעניער? וויפל, אַ שטייגער, פאַרדינט ער? אויף וואָס ער קאָן זיך פאַרגינען; ווי מ'טוט זיך אָן; ווי מ'עסט; ווי מ'טרינקט; ווי מ'וווינט. קיין שאלות פעלט איר נישט. זי איז אין „זאַפּאַד" (מערב) קיינמאָל נישט געווען. ס'האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז זי זאָל פאָרן אין אַ „קאָמאַנדיראָווקע" קיין דייטשלאַנד; אָבער ס'איז אין מיטן עפּעס קאַליע געוואָרן און פון דער רייזע איז גאָרנישט געוואָרן.

און אַז מען זיצט ביי אַ גלעזל טיי, און אַז מ'בייסט נאָך אויך צו מיט אַ „לעפּיאָשקע", און אַז אַנטקעגן איז אַ שמייכלדיק פּנים פון אַ פרוי, אמת, פון ניט גאָר קיין יונגער, אָבער באַחנטער פרוי — איז ווי זשע קאָן מען קאַרג זיין אויף

אַ וואָרט? רעדט מען, דערציילט מען. מאַריאַ מאַכמודאָוונאַ האָט געשלונגען ממש יעדעס וואָרט. אונדזערע דערציילונגען וועגן „זאַפּאַד״ — לחלוטין אַן גוזמאות! — האָבן פאַר איר, דער דיפּלאָמירטער סאָוועטישער בירגערין, געקלונגען זייער „עקזאָטיש״.

— עס גלוסט זיך מיר זייער אַ פּאָר טאָן קיין אויסלאַנד און אַ בליק טאָן מיט מיינע אייגענע אויגן. — זאָגט מאַריאַ מאַכמודאָוונאַ, פול מיט קנאה, — אָבער ווער וייס ווען עס וועט מעגלעך זיין.

— פאַרוואָס דען נישט? — פרעג איך כלומרשט נאַיוו, — בעט אַ דערלויבעניש ביי דער מאַכט...

— איר קענט נישט אונדזערע באַדינגונגען... — ענטפערט זי אומעטיק — ביי אונדז איז עס נישט אַזוי לייכט.

„איך קען שוין צו גוט די באַדינגונגען״... — טראַכט איך. — „אוי, קען איך שוין די באַדינגונגען... כ׳קען זיי שוין בעסער ווי דו, דו נאַיווע מאַריאַ מאַכמודאָוונאַ!״...

אַזוי טראַכט איך און זאָג עס נישט.

***

פון צייט־צו־צייט פלעגט מען אונדז ביידן שיקן קיין טשקאַלאָוו, כדי אָפּצופירן צו אַ צענטראַלע אַ פּאָר קעסטלעך מיט מוסטערן פון דער געאָלאָגין — פלעשער מיט פליסיקייטן, זשוויר און כלערליי מינים דראָבנע שטיינדלעך און פעלדז־שפּליטערס. מיר פלעגן באַקומען אַ „קאָמאַנדיראָווקע״ און קאָנען אויסקויפן באַן־בילעטן אַפילו צום שנעל־צוג „טאַשקענט־מאָסקוואַ״. געפאָרן מיט אַ שליחות פון אַן אָרגאַניזאַציע; געפאָרן ווי יחסנים — „קאָמאַנדיראָוואָטשנע״, פאַרנומען ערטער אין קופּע פון וואַגאָן און נישט מורא געהאַט פאַרן „פּראָוואָדניק״; געפאָרן, נישט ווי פּליטים־„בראָדיאַגעס״ אויף די טרעפּ, צי בופאָרן. קיינער האָט אונדז נישט געקאָנט איצט אָנבעמען פאַרן קאָלנער און אַראָפּוואַרפן אויף דער ערשטער־בעסטער סטאַנציע. דרך־ארץ! „קאָמאַנדיראָוואָטשנע״!...

אַז מיר פלעגן זיין אין טשקאַלאָוו, פלעגן מיר שוין אויך אַ קוק טאָן צום באַזאַר. דער באַזאַר איז דאָך דער איינציקער „טרעף־פּונקט״, וווּ מ׳קאָן באַגעגענען אַ היימישן ייִד פון פּוילן. מ׳הערט גרוסן פון דעם, פון יענעם. מ׳ווערט געוואָר נייעס, וואָס עס איז נוגע אונדזערע פּוילישע. אגב, אַז מ׳איז שוין אויפן באַזאַר, כאַפּט מען שוין „מציאות״ פאַרן אייגענעם געברויך און אַמאָל רעדט אַן דער יצר־הרע צו קויפן אַ „ווילדע מציאה״ אויף פאַר עמיצן אַנדערש. סוף־כל־סוף פאַרדינען מיר דאָך נישט אויף אַלץ, וואָס מיר דאַרפן. מיר זענען נישט אין

קיין בעסערער לאַגע פון אַלע סאָוועטישע בירגער. מוזן מיר זיך אויך „אַן עצה געבן"... עס גייט דאָך צו ווינטער. דער אָרענבורגער שאַרפער ווינטער. מען מוז זיך באַצייטנס גרייטן: וואַרעמע וועש, וואַליקעס וכדומה. און אַז מיר זענען איינמאַל צוריקוועגס פאַרבייגעפאָרן סאַל־אילעצק, האָבן מיר געזען ווי פּאַסאַזשירן פון מאָסקווער צוג כאַפּן זיך אַראָפּ און קויפן איין אין דער גיך ביי „פּאַצאַנעס" ברילעס זאַלץ פון די דאָרטיקע זאַלץ־גרובנס, — האָבן מיר עס אויך געטאָן און — ס׳האָט זיך געלוינט. פאַר אונדז האָט עס אויסגעזען ווי אַ פּאַראַדאָקס: סאַל־אילעצק ליגט אַזוי נאָנט פון אַק־בולאַק — סך־הכל 45 קילאָמעטער! — פונדעסטוועגן פלעגט אין אַק־בולאַק אָפּט זיין אַ דוחק אין זאַלץ און אויפן באַזאַר פלעגט מען זייער אָפּט „רייסן" פאַר אַ גלאָז זאַלץ 5 רובל! דעריבער האָבן מיר פון דער ברילע זאַלץ גרינג פאַרדינט אויף אַ פּאָר העמדער... און אַז מ׳האָט אַ פּאָר גראָשן אין טאַש, קאָן מען זיך שוין דערלויבן אָפּטער צוצוקויפן אַ שטיקל פּוטער, אַ פלאַש מילך. קאָן מען שוין האָבן כוח אויסצודויערן און וואַרטן אויף „בעסערע צייטן" — ווען מען וועט פּטור ווערן פון די אַלע „גליקן" מיטן דלותדיקן „מסחר" אינאיינעם...

***

נאָך אין זעלבן האַרבסט ווערן מיר געוואָר אין אַ „וויכאָדנאָי" אויפן באַזאַר, אַז ס׳איז געשטאָרבן דער אַלטער שוחט. ער איז פּלוצלונג אַוועקגעפאַלן, דער אַלטיטשקער, און — פּרחה נשמתו... אַזוי האָבן עס דערציילט די פּוילישע פרומע יונגעלייט, די „סטראַזשיטיעלעס" (בויערס) פון „סאַראַי".

הייסט עס, אַז צו דער גרופּע ייִדישע קברים אויפן אַק־בולאַקער „אינטערנאַציאָנאַלן" בית־עולם איז צוגעקומען נאָך אַ ייִדישער קבר... נישטאָ שוין, הייסט עס, דער איינציקער אַלטער שליח־ציבור פאַר דעם ביסל צונויפגעלאָפענע ייִדן אין פאַרוואָרפענעם אַק־בולאַק. ערשט נישט לאַנג צוריק, יום־כיפור, נאָך געהערט אים זיך פאַרגיין ביים „ונתנה תוקף":

— מי יחיה ומי ימות — — — —

גיי וויס...

ווי די פרומע יונגעלייט האָבן מיר דערציילט, האָבן דעם שוחטס בני־בית, די אבלים, יאָ ריזיקירט מיט די „אותיות מרובעות" אויפן ברעטל צוקאָפּנס פון זיין בערגל: „פּ. נ."... וואָרום ווי געשיקט זיך עס גוייִשע בוכשטאַבן אויפן קבר פון אַ שוחט אַ בן־תורה?... אפשר אין זכות פון זיין כשרער נשמה וועלן די „כאַמעס" אויף אַ ווייל געשלאָגן ווערן מיט בלינדקייט און נישט באַמערקן דאָס דאָזיקע קליינע ברעטעלע? אפשר?...

ווער ווייס שוין דאָ איצטער דאַוונען פאַרן עמוד, אַז ימים נוראים וועלן װידער קומען? — — —

## 22

## דרום־אוראַלער ווינטער

דער האַרבסט האָט אָפּגעטויט דעם בוריאַן אויף די סטעפּעס און די סטעפּעס האָבן באַקומען אַ מאַט־גרויען קאָליר. עס זענען אָפּטער געקומען די בוראַנען, וואָס האָבן געוואָיעט און זיך געריסן מיט טייוולאָנישן אימפּעט. אין אַזעלכע טעג איז אונדזער אַרבעט געווען אוממעגלעך. קיין מענטש איז נישט געווען ביכולת צו האַלטן זיך אויף די פיס אינעם נאַקעטן אָפענעם סטעפּ. און איין טאָג האָט אַזאַ בוראַן געבראַכט דעם ערשטן שניי. דער שניי איז נישט געפאַלן געוויינלעך אויף דער ערד, נאָר געווירבלט אין דער לופטן, און ווען ער איז געקומען נידעריק צו דער ערד, האָבן אים ווילדע רוחות געשמיסן און געדרייט, געיאָגט און געטריבן, ביז ער האָט זיך דאָ און דאָרט פאַרטשעפּעט אין טאָלעכלעך און שפּאַלטן און דאָרט שוין געבליבן ליגן. אַזוי אַרום האָבן זיך געבילדעט ווייסע קופּקעלעך, צעזייטע איבער די סטעפּעס. ווען דער בוראַן איז געוואָרן איינגעשטילט, איז דער שניי, שוין אַ באַרויִקטער, אומגעשטערט געפאַלן פּאַמעלעך און אַלץ אויסגעגלייכט אויף די סטעפּעס, אַלץ ווייס געמאַכט. די וועלט איז געוואָרן ווייס, טויט און שטיל. אַ פרעסטל האָט שטייפער געמאַכט די לופט. און אַז די זון איז אַרויס פון אונטער דער גרויקייט פון די וואָלקנס, האָט דער שניי שעמערירט מיט מיליאָסן דראָבנינקע בליצלעך.

אין אַזעלכע לינדע טעג זענען מיר געקראָכן איבער די ווייסע סטעפּעס, געטאָפּטשעט אינעם שניי און מאַניפּולירט מיט די הילצערנע ווייזערס אַנטקעגן מעסט־אַפּאַראַט. דער ייִדישער אינזשיניער האָט זיך געהאַלטן מיט געמאַכטער האָפערדיקייט און געאַרבעט מיט התמדה. דער צווייטער אינזשיניער, דער רוס, איז תמיד געווען אָנגעכמורעט, אומצופרידן, ווי עפּעס וואָלט אים כסדר געדריקט אויפן האַרצן. מ'האָט אָבער נישט געהערט פון אים קיין וואָרט, וואָס זאָל פאַרראַטן זיינע שטימונגען. בלויז עפּעס איין טאָג, ביים צוריקגיין פון דער אַרבעט, איז דער דאָזיקער אינזשיניער אַריין מיט מיר אין אַ שמועס. מיר האָבן זיך אַ ביסל דערווייטערט פון דער גרופּע און אַזוי זענען מיר ביידע אַוועק זאַלבעצווייט אויף דעם נישט־קורצן וועג ביז דער שטאָט. עס האָט מיר שטאַרק געגלוסט צו הערן וואָס עס רעדט דער שטענדיקער שתקן און פאַרשלאָסענער אין זיך.

דער אינזשיניער האָט פאַר מיר אויסגעגאָסן זיין איבערגעלאָדן האַרץ, זיין פאַרביטערונג קעגן דעם פינצטערן און אָרעמען לעבן. ער האָט פאַרלוירן יעדן אינטערעס אין דער אַרבעט; אַז אַלץ איז דעגראַדירט, אַנטווערטעט; אַז דער מענטש איז דאָ דערפירט געוואָרן צו שפלות, צו קנעכטשאַפט — מאַטעריעלער און גייסטיקער... אַז גראָד דער „מערב", וואָס ווערט דאָ פאַרשריַען פאַר אָפּגע־שטאַנען, פאַר רעאַקציע — שיינט פאַר אים ווי אַן אידעאַל. ווי אַן אידעאַל פון מענטשלעכער פרייהייט... ער האָט גראָד געהאַט די געלעגנהייט זיך נענטער צו באַקענען מיט עטלעכע אינטעליגענטן, „ביעזשענצעס" פון פוילן, האָט ער אַלץ תופס געווען; האָט ער געזען דעם חילוק פון דאָ און דאָרטן... די ביליקע פּראָפּאַ־גאַנדע האָט פאַרדעקט דעם אמת מיט אַ רויך־נעפּל... „אייך איז גוט — האָט דער אינזשיניער געזאָגט מיט קנאה — פאַר אייך אויסלענדער וועט קומען דער טאָג, ווען איר וועט זיך אומקערן צום לעבן... מיר אָבער... טשאָרט וואָזמי!"...

ערשט איצט איז מיר קלאָר און פאַרשטענדלעך געוואָרן דעם אינזשיניערס שטענדיקע אָנגעכמורעטקייט, זיין שוויַיגעוודיקייט.

געווען טעג, אַפילו לינדע טעג, ווען די זעבאַרקייט איז צוליבן פאַלנדיקן שניי געווען אַ שלעכטע („ווידימאָסט' פּלאָכאַיאַ" — האָט עס געהייסן) און די אינזשיניערן האָבן געהייסן צוריקגיין אין שטאָט אַריין. דאַמאָלס פלעג איך באַזוכן די „אָבשטשעזשיטיעס" און נאָרעס פון אונדזערע יידן־פּליטים. שוין דער אָנהויב פון שאַרפן דרום־אוראַלער ווינטער האָט זיך געלאָזט שווער פילן ביים גרעסטן טייל פון זיי. געווען אַ סך באָרוויסע, נאַקעטע, אָן אַ וואַרעמען בגד אויפן לייב. און צופיל זאָט איז מען אויך נישט געווען — אַפילו אַז מ'איז געווען אויף אַן אַרבעט. טייל האָבן געמוזט איבעררייסן די אַרבעט, אויב די אַרבעט איז געווען אויף דרויסן, נישט אין אַ לאָקאַל. און נישט אַרבעטנדיק איז זייער מצב געוואָרן נאָך טרויעריקער. זיי האָבן אַפילו נישט שטענדיק געקאָנט גיין אויפן באַזאַר, כדי כאָטש אויפן שנאָרערישן וועג זיך צו דערשלאָגן צו עפּעס אַ קיי. און אַז עמיץ פון זיי פלעגט זיך יאָ אַרויפכאַפּן אויפן באַזאַר אין אַזעלכע טעג, האָט דורכגעג־נומען אַ שוידער צו קוקן אויף אַזאַ איינעם: אויסגעמאָגערט, שוואַרץ ווי די ערד, פאַרוואָקסן, אין צעפליקטע לאַפּטשעס, דורך וואַנען עס סטאַרטשען אַרויס נאַקעטע שמוציקע פינגער, פון דער אויסגעריבענער דאַרער פופּייקע הענגען אַראָפּ צויטן, שמוציקע שטיקלעך וואַטע. אַ ציטערנדיקער פון קעלט, דרייט זיך אום אַזאַ מין געשטאַלט צווישן די וועגענער און געשטעלן אויפן באַזאַר. ער זוכט אויס אויף דער ערד אַ צעפוילטן טאָמאַט, שטיקלעך דיניע. ער בעטלט ביי די קאַזאַכן אַן אַרבוזל, אַ פּיצל „לעפּיאָשקע":

— דאַי, אַקאַ... יאַ גאַלאָדני... (גיב, ברודערל... כ'בין הונגעריק...).

די דאָזיקע שאָטנס האָבן זיך אומגעדרייט ווי די אַנזאָגערס, ווי ד׳ערמאָנערס פון טויט...

די צייטונגען פון יענע טעג האָבן געבראַכט איובס בשורות פון פוילן: מען שעכט, מען ברענגט אום אַלע טאָג ייִדן אין די טויזנטער, טויזנטער... פון די געטאָס גייט אַ געשריי איבער דער וועלט. אין די „אָבשטשעזשיטיעס" פון אונדזעריקע פרווות מען עס אויסטייטשן ווי גוזמאות: אַט, ווייס איך וואָס. רוסלאַנד איז איצט אין מלחמה מיט די דייטשן, — לוינט דער „פּראַוודאַ" און „איזוועסטיאַ" אַזוי צו שרייבן. קיין אויסלענדישע צייטונגען זעט מען דאָך נישט. אַזוי מאַכט מען זיך גרינגער, אַזוי טרייסט מען זיך...

פון פאַרן צו גראָסמאַנען קיין סאַמאַרקאַנד האָב איך שוין ענדגילטיק רעזיגנירט: ערשטנס, האָב איך שוין באַקומען אַ ידיעה — אַ דעפּעשע — פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו (אייגנטלעך פון זיידעמאַנען), אַז די עוואַקוּאַציע קיין איראַן איז איבערגעריסן געוואָרן. דאָס הייסט, אַז איך האָב שוין נישט וואָס צו האָפן אויף אַרויספאָרן איצט פון רוסלאַנד. אַזוי אַז איילן זיך קיין סאַמאַרקאַנד — כדו צו זיין נענטער צום „ציל" — איז שוין מער נישט אַקטועל. צווייטנס, לוינט מיר איצטער נישט אַוועקצוואַרפן מיין אַרבעט אין דער „געאָלאָגיש-טאָפּאָגראַפישער פּאַרטיע", ווו איך באַקום יעדן טאָג מיינע 800 גראַם ברויט. אויך צ. ז. שרייבט מיר, אַז מיר טאָרן נישט ריזיקירן און לאָזן זיך איצט צוריק קיין א״זבעקיסטאַן, ווו מיר האָבן זיך דאָך אַזוי פיל אַנגעליטן. אַזוי זיך אָנגעהונגערט.

אַגב: קורץ נאָך דער דעפּעשע פון קויבישעוו באַקומען אויך אַ בריוו פון זיידעמאַנען — פון בערנאַרד זינגערס פּאַרטרעטער אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע. ער בעט מיך איך זאָל אים תיכף צושיקן עטלעכע דאַטן וועגן מיין אַרבעט אין פוילן, אין וועלכע צייטונגען געווען טעטיק; וואָס פאַר אַ פּאָזיציע פאַרנומען אין דער ליטעראַריש-זשורנאַליסטישער וועלט; וועגן מיינע פּובליקאַציעס וכדומה. ער בעט אויך אָנצוגעבן עטלעכע נעמען, מיט וועמען כ׳האָב אין וואַרשע נענטער מיטגעאַרבעט. זיידעמאַן פאַרענדיקט, אַז ער וואָלט וועלן טאָן פאַר מיר עפּעס מער, עפּעס ממשותדיקס. דעריבער בעט ער די נויטיקע דאַטן.

כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, תיכף אַוועקגעשיקט די פאַרלאַנגטע דאַטן קיין קויבישעוו.

גאָר אין גיכן איז מיר די זאַך אויפגעקלערט געוואָרן: עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַשטימען אַ „מאַנזש זאַאופּאַניאַ" (פּאַרטרויאונגס-מאַן) פון דער טשקאַלאָווער דעלעגאַטור פאַר אַק-בולאַקער ראַיאָן, און ער, זיידעמאַן, האָט עס געוואָלט פאַרסירן מיין קאַנדידאַטור אויף דעם דאָזיקן אַמט. אָבער היות ווי מיין תשובה האָט אפנים אָנטוישט די לייט פון דער אַמבאַסאַדע, ווייל איך האָב דאָך אָנגעגעבן,

אַז איך בין אַ יידישער שרייבער און אַז איך האָב אַקטואירט אין דער יידישער פּרעסע, — האָט נישט געהאָלפן זיידעמאַנס אונטערשטיצונג... מיין קאַנדידאַטור איז אָפּגעפאַלן און עס איז אויסגעזוכט געוואָרן אין אַק־בולאַק אַ כשרער פּאָליאַק, איינער גאָדלעווסקי. די אַמבאַסאַדע — אייגנטלעך דורך זיידעמאַנס אָנרעגונג — האָט מיר נאָר געגעבן צו וויסן דורך אַ דעפּעשע, אַז איך זאָל זיך ווענדן נאָך הילף צום „מאָנזש זאַאופּאַניאַ״ גאָדלעווסקי...

זיי האָבן תמיד געהאַלטן חשבון, די פּאָליאַקן: אויב אַ ייד — איז ער אויפן צווייטן פּלאַן. קודם־כל, אויפן ערשטן אָרט, זענען די פּאָליאַקן. פּונקט ווי דאָרטן, ביי זיי אין פּוילן, איז געווען דער מנהג.

וואָס אָן אמת, האָט מיר די דאָזיקע דעפּעשע פּונדעסטוועגן געבראַכט נוצן. כ׳האָב זי געוויזן גאָדלעווסקין און יענער האָט מיך טאַקע פּאַוואָדיזירט: סיי מיט אַן עקסטראַ געלט־שטיצע, סיי מיט מלבושים־ און פּראָדוקטן־צוטיילונגען. און נישט נאָר מיר אַליין, — אויך צו מיין פּאַרטנער האָט ער צוליב מיר אַרויסגעוויזן אַ בעסערע באַציִונג, ווייל גלייך צום ערשטן מאָל בין איך שוין צו אים געגאַנגען מיט מיין פּאַרטנער. גראָד האָט גאָדלעווסקי געפּילט צו מ. אַ גרעסערע שייכות ווי צו מיר. ער האָט געזען אין אים מער פּוילישקייט, אַ בעסערן פּוילישן אַק־צענט, אַן עכטערן „פּראַשען פּאַנאַ״ און נאָך אַנדערע אייגנשאַפטן, וואָס אין פּוילן האָבן זיי געהאַט אַ געוויסע באַצייכענונג — „שמענדריקיזם״.

אַזוי האָט גאָדלעווסקיס גוטע באַציִונג צו אונדז אָנגעהאַלטן ביזן סוף פון דער דעלעגאַטור.

אַ דאַנק דער דאָזיקער הילף איז מיר מאַטעריעל געוואָרן אַ ביסל לייכטער. כ׳האָב מיך בעסער דערנערט, בעסער אָנגעטאָן. זיך איינגעקויפט וואַרעמע וועש, אַ סוועטער און אַפילו וואַליקעס, — דאָס סאַמע בויטיקסטע פּאַרן שאַרפן אָרענ־בורגער ווינטער. אין מיין גוזאַרער פּוטער, אין וואַליקעס, אין אַ גוט־אויסגעבעטן לעדערנעם היטל מיט „נאַושניקעס״ — האָב איך אויסגעזען שיער נישט ווי אַ „בורזשוי״, ווי אַ „קופּיעץ פּערוואָי גילדיאַי״ (סוחר פון ערשטער קאַטעגאָריע) אין אַמאָליקן רוסלאַנד. און בעת די הפסקות — „נאַ פּריקורקו״ (צום פּאַררויכערן) ביי דער אַרבעט אין סטעפּ — פלעג איך זיך קאָנען פּאַרגינען אויסצוציִען אַפילו אויפן פּאַרפּרוירענעם שניי. די קעלט איז צו מיר אַזוי גיך נישט דערגאַנגען.

**
*

עטלעכע טעג איז אונדז אויסגעקומען צו אַרבעטן אַרום „מעל־זאַוואָד״ (קרייד־זאַוואָד) — אַ 7־8 קילאָמעטער פון שטאָט. אונדזערע אינזשיניערן האָבן זיך גענומען אויסמעסטן די גאַנצע בערגיקע געגנט. מיר זענען אומגעקראָכן מיט

די מעסט־מכשירים איבער בערג און טאָלן, אַריינגעקלאַפּט „טאַטשקעס" ווו ס'איז געווען נויטיק, און צוגעקומען צום סאַמע אַרבעט־געביט פון די קרייד־בערג, צו די צעגראָבענע הויכקייטן, וועלכע האָבן געבלאַנקט מיט זייערע אויפגעשניטענע שניי־ווייסע אינגעווײדן. עס האָט דאָ געראַיעט מיט מענטשן — די אַרבעטער פון דער „פּראַאיזוואָדסטוואָ". מ'איז געשטאַנען ביי עבודת־פּרך. ווער ס'האָט זיך פאַרנומען מיט אָנלאָדן שווערע ברילעס קרייד אויף טאַטשקעס; ווער ס'האָט געשטופּט די טאַטשקעס־וואַגאָניעטקעס איבער קליינע שמאָלע שינעס, וכדומה. אַלע אין פאַרווייסטע „ספּעצאָווקעס"־לאַכעס אויף די גופים, מיט ווייס־פאַר־שטויבטע פּנימער, האָבן אויסגעזען ווי מילנער בעתן געלאַף פון די טראַנסמיסיע־פּאַסן און אימפּעטיקן געדריי פון די שטאָלענע רעדער, וואָס צעשפּרייטן דעם ווייסן מעל־שטויב און הילן אַלץ איין אין ווייסקייט. אויף די הויכקייטן זענען פאַראַן אויך דאָ־דאָרט וואַפנע־גריבער. אויך וואַפנע ווערט דאָ פּראָדוצירט. און אומעטום פאָרען זיך מענטשן. מען פּראַצעוועט שווער און ביטער פאַר דער „פּייקע".

כ'האָב די דאָזיקע „גליקלעכע" בירגער געזען אויך בעת דער מיטאָג־הפסקה אין דער „סטאָלאָוואַיאַ" פון „מעל־זאַוואָד". אונדזער אינזשיניער האָט אויסגע־פּועלט אין דער קאַנטאָר פון „מעל־זאַוואָד", אַז אויך אונדז, די אַרבעטער־געסט פון דער „געאָלאָגיש־טאָפּאָגראַפישער פּאַרטיע", זאָל מען פאַרקויפן טאַלאָנען אויף מיטאָג. האָבן מיר אַזוי אַרום געגעסן צוזאַמען מיט די „ווייסע" דעם מאָגערן „ראַ־סאָלניק" — אַ זויערלעך־מוטנע וואַסער, אין וועלכן עס האָבן זיך געוויקט עט־לעכע שטיקלעך געזייערטע אוגערקע, און אויף „וטאָראָיע" — דאָס צווייטע גע־ריכט — אַ קליין געפּרעגלט פישל, אַרומגעלייגט מיט געציילטע פּאַסטנע קאַרטאָפל. אויב מיר — וואָס האָבן נישט געאַרבעט אַזוי שווער — זענען געבליבן הונגעריק נאָכן עסן, האָבן די „ווייסע" אַוודאי און אַוודאי נישט געשטילט זייער הונגער. דער מאָגערער מיטאָג האָט נאָר אויפגערייצט דעם אַפּעטיט, און דאָס איינציקע, וואָס זיי האָבן געקאָנט טאָן, איז געווען נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרצערט זייער גאַנצע פאַרציע ברויט פונעם טאָג.

איך, ווי אַ געוועזענער לאַגערניק, האָב גלייך געמאַכט אַ פאַרגלייך אין געדאַנק צווישן דאָזיקן „אָביעד" און די מיטאָגן אין לאַגער. אין „מעל־זאַוואָד" איז ער זיכער בעסער נישט געווען. דערפאַר טאַקע זעט מען דאָ נישט, אַז די פּנימער פון די אַרבעטער זאָלן אַזוי שיינען פון נחת און געזונט.

איך האָב צווישן די אַרבעטער געטראָפן אויך עטלעכע פּוילישע יידן־פּליטים.

— איר אַרבעט שוין לאַנג דאָ? — פרעג איך איינעם אַ בחור ביים לאַנגן טיש אין דער „סטאָלאָוואַיאַ".

— לאַנג? איר מיינט, אַז מען קאָן דאָ לאַנג אַנצײַען?

— אָבער וווהין גייט מען? ווו איז דאָ פאַראַן בעסערס?

— טאַקע ביטער. וואָס מיינט איר? מיר זענען גוט אין פעקל.

— און ווו האָט איר פריער געאַרבעט? — פרעג איך.

— ווו נישט? אין קאַלכאָזן, ביי פאַרשיידענע „סטראָיקעס".

— נו?

— איין שוואַרץ יאָר. מ'פראַצעוועט פאַרן טייוול און מ'האָט גאָרנישט פון דער פראַצע. נישט קיין שוך, נישט קיין בגד. אַפילו דעם מאָגן אַליין קאָן מען פון דער אַרבעט נישט צופרידן שטעלן. די פאָסטנע קאַרגע עסנס מאַכן נישט זאַט. איז צו וואָס און צו ווען פטרן די כוחות? לויף איך אַזוי פון איין אָרט אין אַנדערן.

— נישטאָ קיין עצה. מען מוז אַהיים פאָרן...

— אדרבה, ווען? ווען נעמט שוין אַ סוף? איר האָט אפשר עפּעס געהערט?

— דערוויילע איז נישט גוט. דערווייל פלאַקערט די מלחמה.

— טאָ וואָס וועט זיין מיט אונדז? ווי לאַנג קאָן מען אַזוי?

איך האָב אים נישט געקאָנט ענטפערן אויף דער קשיא, גלייך ווי איך קאָן זיך אַליין נישט ענטפערן.

דערזעלבער בחור האָט מיר נאָכן עסן געוויזן זייער „אָבשטשעזשיטיע" — אַ פשוטער באַראַק, מיט געדיכטע הילצערנע שמאָלע בעטלעך איינס איבערן אַנדערן — וואַגאָן־סיסטעם.

— נישט קיין סך אַנדערש ווי אין לאַגער. — באַמערק איך.

— איר מיינט דען, אַז ס'איז אַ גרויסער אונטערשייד? אָ, איך קען גוט דעם סאָוועטישן לאַגער... אַ קליינער חילוק... מער נישט דאָ זענען נישטאָ קיין דראָט־פאַרצוימונגען און קיין וואַך־טורימלעך מיטן „סטריעלאָק". רעכן איך טאַקע נאָך די טעג צו ווערן פון דאַנען אַ האָז.

דער בחור האָט זיך מיט מיר געזעגנט. דער „גודאָק" (סירענע) האָט זיך געלאָזט הערן: מען רופט ווידער צו דער אַרבעט. מיט פאַמעלעכע מידע טריט איז ער אַוועק און זיך אויסגעמישט מיט דער מחנה אַרבעטער אויף דער „פראָ־איזוואָדסטוואָ". די ביליקע אַרבעטס־העגט פון דער „נייער סיסטעם"... אַ „סיס־טעם", וואָס קען בעסער די מלאכה פון עקספּלואַטאַציע... וואָס עקספּלואַטירט דעם אַרבעטער טויזנט מאָל ערגער פון די אַמאָליקע בורזשויען... עקספּלואַטירט, זויגט אויס דעם מאַרך און דאָס בלוט אין נאָמען פון „אידעאַלן"... עקספּלואַטירט אונטער אַ שיין „פייגנבלעטל"...

מיט אַ דערדריקט געפיל בין איך אַוועק פון „מעל־זאַוואָד", פון די „גליק־לעכע" און „פרייע" סאָוועטישע בירגער — — —

## 23

## סטאַלינגראַד — און שוואַרצע בשורות...

באַקומען דעם ערשטן בריוו פון לעאָ פינקעלשטיין — פון סיקטיווקאַר, דער הויפּטשטאָט פון קאָמי. פון דער ווייטער צפון־רעפּובליק. בעסער: פון דער לאַגער־רעפּובליק. עס האָט אַ ווייע געטאָן אויף מיר מיט אַ קאַלטן גרוס פון יענע טייגעס, ווו ס'האָט מיך געקאָסט אַ יאָר פּיין...

עס האָט מיך געחידושט פאַרוואָס פינקעלשטיין איז נאָך דער אַמנעסטיע געבליבן ווינען אין דער קאָמי־רעזידענץ און נישט געלאָפן, ווי מיר אַלע, אויף דרום. כ'האָב עס אים געפרעגט אין מיין בריוו. איצט איז מיר עס שוין קלאָר:

„ווען דער עולם האָט זיך גערירט פון די ערטער — שרייבט לעאָ — האָב איך געמוזט בלייבן אויפן אָרט, מחמת איך בין געווען קראַנק. די קרענק הייסט „פּאָוויאַק" *). געלעגן פיר חדשים. געהאַט שפּעטער פאַרשיידענע נאָכווייעענישן. אַ סך איבערגעלעבט. זיך שטאַרק אַנטוישט אין אייגענע. געמוזט דעריבער בלייבן אין צפון, ווייל דער וועג איז שוין געווען געשלאָסן". — „גלויבט מיר, ליבער אברהם, אַז פון גאַנצן האַרצן גאַר איך זיין מיט אייך בייזאַמען. ס'לעבן וואָלט געווען גרינגער און וואַרעמער". — „מען איז עפּעס אַזוי אַנגעפּראָפּט מיט איבערלעבונגען, אַז ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט אַן אייגענעם וועלן זיך אַלע קראַנגען אויפדרייען און ס'וועט זיך שיטן אַ שפע". — „אין סיקטיווקאַר זענען פאַראַן אַ סך מענטשן פון וואַרשע. פון אייגענע איז נאָר פאַראַן פטאַשקין **). לעצטנס איז דאָ פאָרגעקומען אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן די נאַציסטישע אַכזריותן אין פּוילן"...

— „ווי מ'גיט איבער, איז פערל ווייסנבערג שוין אַן אלמנה"... ***).

ווי איך זע פון דאָזיקן בריוו, איז אויך דאָס גרויסע רוסלאַנד פאַר אונדז אַ „קליין שטעטל". סוף־כל־סוף שאַפן זיך צווישן אונדזעריקע קאָנטאַקטן. מ'ווערט געוווירּ אַלע נייעסן. אָט ווייס מען שוין אומעטום וועגן זעליק אַקסעלראָדס אַכזריות־דיקער „ליקווידירונג". נישטאָ קיין סודות...

דאָס ערגסטע, וואָס מיך באַטריבט — דאָס איז די ידיעה וועגן די נאַציסטישע אַכזריותן אין פּוילן. אפשר איז טאַקע אמת אַלצדינג, וואָס די רוסישע

---

*) באַקאַנטע תפיסה אין וואַרשע. אַ רמז אויף אַרעסט.

**) יונגער דיכטער, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין סיקטיווקאַר.

***) געמיינט י. מ. ווייסנבערגס טאָכטער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן סאָוועטיש־יידישן פּאָעט זעליק אַקסעלראָד פון מינסק, וועמען די „נ.ק.וו.ד." האָט דערשאָסן.

ציטונגען גיבן לעצטנס איבער? דאַן — צו וואָס האָבן מיר זיך געראַטעוועט? וואָס טויג אונדז שוין איבערהויפּט דאָס לעבן? — — — — — — — —

אין אַלע מסיבּהס צווישן פּוילישע רעדט מען וועגן דעם גרויסן אומגליק. יעדער דערציילט אַנדערע פּרטים, אַנדערע ווערסיעס. אומעטום אַ דערדריקטע שטימונג. מ׳הערט אויס קרעכצנדיק, אָכצענדיק. ביי פרויען גלאַנצן טרערן אין די אויגן . . .

און אָט שטיי איך אויף דער סטאַנציע ביי אַ סאַניטאַר־צוג. פאַרווונדעטע פאַרן עס פון פראָנט. איך כאַפּ אַ שמועס מיט סאַניטאַרן, מיט אַ פּאָר לייכט־פאַר־ווונדעטע, וואָס כאַפּן זיך אַרויס אויף דער סטאַנציע עפּעס קויפן. אויך זיי דער־ציילן גרויל־געשיכטעס, וואָס די דייטשן טוען אַלץ מיט יידן. מ׳שעכט אויס גאַנ־צענע שטעטלעך. מ׳צעשיסט פרויען און קינדער. אומעטום — מאַסן־קברים: אין פּוילן... אין אוקראַינע... אין ווייסרוסלאַנד... אומעטום, ווו דער דייטש שטעלט נאָר אַריין אַ פוס... אומעטום גיסט זיך בלוט... בלוט... בלוט...

איך הער — און עס כאַפּט מיך אָן אַ קאָשמאַר. איך לויף אום אַ גאַנצן טאָג ווי משוגע. איך געפין זיך קיין אָרט נישט. פאַרוואָס גייט דאָ דאָס לעבן נאָרמאַל? פאַרוואָס שווייגט די וועלט? — — —

ביינאַכט ליג איך אַ שלאָפלאָזער אויף דער פּאָדלאָגע אין אונדזער נייער „דירה". אויך מיין פאַרטנער שלאָפט נישט. עס לאָזט אונדזביידן נישט שלאָפן און מיר ריידן כּסדר אין דער שטיל וועגן יענער זייט...

— מען מוז עפּעס טאָן! — רופט אויס מ. אימפּולסיוו.

— נאָ?וועט מענטש, וואָס קאָנען מיר טאָן?

— מען מוז אַרויס מיט געווער. מ׳טאָר נישט בלייבן פּאַסיוו.

— וואָס רעדט איר? ווער? ווו? איר פאַרגעסט ווו מיר זענען?

— טאָ לאָמיר זיך ווענדן צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע. פאַרוואָס האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס ווערבירן אין דער פּוילישער אַרמיי?

— מסתמא איז נישט די אַמבאַסאַדע שולדיק דערין... פּאָליטיק!... סאָוועטישע פּאָליטיק!

— מיר מוזן שרייבן אַ מעמאָריאַל צו דער אַמבאַסאַדע. מ׳טאָר נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, ווען דאָרטן שעכט מען אויס אונדזערע נאָנטע...

— אַ מעמאָריאַל? אדרבה!

כ׳האָב געקוקט דערויף סקעפּטיש. מ׳דאַרף זיין נאַיוו צו גלויבן אין דערפאָלג פון אַ מעמאָריאַל. פונדעסטוועגן בין איך צוזאַמען מיט אים צומאָרגנס, אַ גאַנצן זונטיקדיקן טאָג, געווען פאַרנומען ביים רעדאַגירן אַ פלאַם־פייערדיקן מעמאָריאַל צו דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין קויבישעוו. נאָך דעם זעלביקן אָוונט

זענען מיר געקומען מיטן אָנגעשריבענעם מעמאָריאַל צום „מאַנזש זאַאופּאַניאַ״ — צו גאָדלעווסקין. יענער האָט גאָר געקריגן קעלבערנע התפעלות. ער האָט געליי־ענט דעם מעמאָריאַל מיט פּאַטאָס. איין מאָל אַליין, נאָכדעם פאַר זיין פרוי.

— דאָסקאָנאַלע! (אויסגעצייכנט!) — רופט ער אויס. — באַלד מאָרגן אין דער פרי שיק איך עס איבער קיין קויבישעוו.

— גלויבט איר טאַקע, אַז עס לוינט דאָס איבערצושיקן? — פרעג איך אים.

— בעזוווזגלענדניע! (אומבאַדינגט!) — ענטפערט ער מיט אַזאַ קאַטעגאָ־רישקייט.

אויך ער, דער פּאָליאַק, האָט עס גענומען ערנסט. איך האָב אָבער אינערלעך געשמייכלט פון זייערביידנס נאַיִווקייט. מ׳האָט דאָך שוין געוווּסט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק מיט די באַציִונגען צווישן דער סאָוועטן־מאַכט און דער פּוילישער שיקאָרסקי־רעגירונג אין לאָנדאָן. ס׳איז דורכגעלאָפן עפּעס אַ שוואַרצע קאַץ. ניט אומזיסט האָט מען אָפּגעשטעלט דאָס פאָרן פון די פּוילישע קיין איראַן. ווער ס׳האָט פריִער באַוויזן זיך מיטצוכאַפּן מיט די רעשטלעך פון דער אַנדערס־אַרמיי, האָט געהאַט גליק. וויטער גייט עס שוין נישט...

אין גיכן ווערט עס טאַקע אויפגעקלערט אַפילו דורכן „טאַס״ אין ראַדיאָ און אין די רוסישע צייטונגען: אין שייכות מיט דער גוטער ענדערונג אויף די פראָנטן די לעצטע צייט און צוליב די כסדרדיקע מפּלות פון די נאַצישע אַרמייען, האָט די פּוילישע שיקאָרסקי־רעגירונג אין לאָנדאָן אַרויסגערוקט אירע פאָדערונגען צו רוסלאַנד, אַז תיכף נאָכן ליקווידירן די מלחמה זאָל זי אָפּטרעטן פּוילן די אָקו־פּירטע מערב־געביטן... נו, איז דער קרעמל באַליידיקט און ברוגז...

„די פּוילישע רעגירונג — זאָגט „טאַס״ — וויל נישט אָנערקענען די היס־טאָרישע רעכטן פון אוקראַיִנישן און ווייסרוסישן פאָלק צו לעבן פאַראייניקט אין זייערע נאַציאָנאַלע מלוכות. די דאָזיקע שטעלונג פון דער פּוילישער רעגירונג ווייזט קלאָר אירע אימפּעריאַליסטישע טענדענצן״...

צוליב דער נייער סיטואַציע אויף די פראָנטן, צוליב די אָפּגעהאַלטענע נצחונות פון דער רויטער אַרמיי, איז דער קרעמל געוואָרן האָפערדיקער און פאַרגינט זיך שוין צו ריידן שאַרפער מיט אַזאַ פאַרבינדעטן ווי ס׳איז אַצינד פּוילן... די רויטע אַרמיי גייט איצט פון נצחון צו נצחון. ראָקאָסאָווסקי האָט פאַר־צויגן די שטריק אַרום האַלדז פון די נאַציס אַרום סטאַלינגראַד. סטאַלינגראַד איז שוין באַפרייט. די נאַציס פאַרטיליקט. די גאַנצע פרייע וועלט האָט אָפּגעאָטעמט גרינגער. דער עכאָ פון סטאַלינגראַדער נצחון האָט פאַרקלונגען אין דער ברייטער וועלט.

גלייכצייטיק קומען אָן פריילעכע ידיעות וועגן נצחונות פון די אַליאירטע אין עגיפּטן, אין ליביע, אין צפון־אַפריקע און אַנדערע פראָנטן. ראָמעלס צע־קלאַפּטע אַרמייען ווערן געיאָגט און פאַרפּאָלגט דורך די מדבריותן אָן אָפּהאַלט.

די וועלט, די פרייע וועלט פרייט זיך. די וועלט — אָבער נישט יידן... ווייל מיט יעדן טאָג ווערט מען געוואָר פּרטים וועגן די מעשים תעתועים פון די דייטשישע רוצחים איבער יידן... פון איין זייט פרייען זיך טאַקע די יידן איבער די וויסטע מפּלות פון די תלינים; פון דער אַנדער זייט אָבער ווערן זיי באַטריבט פון די שוואַרצע בשורות...

די צייטונגען — דער עיקר די „אייניקייט" — דערציילט שוין וועגן די נאַצישע טויט־לאַגערן אין פּוילן... וועגן מאַידאַנעק און טרעבלינקע... וועגן גאַז־קאַמערן, ווו יידן ווערן אומגעבראַכט מאַסנווייז, אין די הונדערטער טויזנטער. מען שרייבט שוין אויך, אַז טויטע קערפּערס פון יידן ווערן באַנוצט צו מאַכן פעטס און פון זייערע ביינער פאַבריצירט מען קינסטלעכע באַמיסטיקונגס־מיטלען... אַז די וואַרשעווער געטאָ האַלט שוין ביים ליקווידירט ווערן... קליין און גרויס ווערן אַרויסגעשלעפּט פון געטאָ און ווערן אויסגעשאָסן...

אַזוי שיטן זיך די שוואַרצע בשורות — איינע שוואַרצער פון דער אַנדערער — איבער די קעפּ פון די פאַרוואָגלטע יידן.

צווישן אונדזערע פּליטים הערשט אַ צעמישונג. מענטשן גייען אַרום ווי די שאָטנס. אַלעמענס פּנימער זענען באַטריבט, פאַרצויגן מיט אַ טרויעריקן וואָלקן. האָט דאָך יעדער איינער איבערגעלאָזט אין די היימישע שטעט די משפּחה, די נאָנטסטע... זאָל זיין, אַז אַלץ איז טאַקע אמת?...

מיט יעדן טאָג ווערן ווייניקער די סקעפּטיקער, די נישט־גלויבער, וואָס פלעגן זיך תמיד טרייסטן מיטן אויסרייד: „ווייס איך וואָס, אַ וועלט שעכט מען נישט"... איצט גייען שוין אַלע אַרום מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. און אַז מ'רעדט אין געזעמ־לעך, און אַז מען דערציילט איינע די אַנדערע געהערטע פּרטים, געבראַכטע ביי־עסן פון סטאַנציע, פון רויטאַרמייער אין די פאַרבייפאָרנדיקע מיליטערישע עשאַ־לאָנען, אָדער סאַניטאַר־צוגן, — שוידערט מען ממש, מען ווערט צעטרייסלט און פון די אויגן גיסן זיך טרערן. נישט נאָר ביי פרויען — אויך מענער קאָנען זיך נישט באַהערשן און צעכליפּען זיך ווי קליינע קינדער.

גאָטעניו, איז עס טאַקע אמת? אַזאַ בלוטיקער אמת? — — — — — — — — — —

## 24

## „פינצטערע נאַכט"...

דער ווינטער ווערט שאַרפער. קנאַקנדיקע פרעסט האַלטן אָן לאַנגע טעג. די שנייען ליגן שוין אומעטום געדיכט און פאַרגליווערט און הילן אַלץ איין אין ווייסקייט — ישובים און סטעפּעס.

אונדזער אַרבעט ווערט באַשווערט. עס קומען איבעררייסן. אין די הפסקות שיקט מען אונדז קיין טשקאַלאָוו מיט די געאָלאָגישע מוסטערן. אויפן טשקאַלאָווער באַזאַר זעט מען שוין זיך אַרומדרייען אַ היפּש ביסל מלחמה־אינוואַלידן אין מיליטערישע קליידער. עס בלאַנקען ווייסע מאַרלע־בינטן אויף צעפּליקטע אברים. ווער אָן אַ האַנט, ווער אויף קוליעס, ווער מיט אַ באַנדאַזשירטן קאָפּ. צווישן די המונים מענטשן אויפן באַזאַר זעען די דאָזיקע אינוואַלידן ווי אַ דערמאָנונג, אַז ערגעץ ווייט, אויף די פראָנטן גיסט זיך בלוט... אַז דער טויט שניידט מיט זיין קאָסע...

אין מיטן באַזאַר, אויף אַ געראַומערן פלאַץ, שטייט אַ היפּשער רעדל מיט פאַרגאַפטע פּנימער. אין מיטן רעדל זינגט אַ בלינד מיידל. נעבן איר שטייט אַן אַלטער מאַן אין טראַנטעס, מיט אַ היטל אין האַנט, און נעמט צונויף די אָרעמע קליינע מטבעות, וואָס טייל באַוויליקן אים צו דערלאַנגען.

איך הער זיך אויך צו — אַ שיין שטימעלע. אַ רירנדיקע מעלאָדיע. דאָס זינגט זי דאָס פּאָפּולער־געוואָרענע מלחמה־ליד „טיאָמנאַיאַ נאָטש" („פינצטערע נאַכט"):

טיאָמנאַיאַ נאָטש, טאָלקאָ פּולי סוויסטיאַט באַ סטעפּי,
טאָלקאָ וועטער פּאַיאָט וו׳פּראָוואָדאַ,
טאָלקאָ זוויאָזדי סווערקאַיוט — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
(פינצטערע נאַכט, נאָר די קוילן עס פייפן אין סטעפּ,
נאָר דער ווינט זינגט אין דראָט,
נאָר די שטערן זיי פינקלען — — —).

דער רעדל ווערט געדיכטער. דער אומעט פון דער מעלאָדיע, דער ווײ פון די ווערטער ציט זיך אַרויף אויף די פּנימער. באַבעס שאָקלען צו מיט די קעפּ און ווישן אָפּ אַ טרער... די בלינדע זינגערין „פּאַרקוקט" זיך זינגענדיק צום הימל און פון דער בלינדער בלויקייט פון אירע אויגן פלייצט מיט טרויער...

דער מלחמה־געשפּענסט קריכט אַזוי אַרום פון די שלאַכט־פעלדער, דורך די ווייטע סטעפּעס, אין די שטעט, צווישן אַלע געזעמלעך...

— — — — סיאַמנאַיאַ באָטש

שווער צו באַהאַלטן זיך פון אַזאַ אומעט. ער פּאַקט דיך אומעטום. ער פּילט אויס די גאַנצע וועלט, דער דאָזיקער אומעט. דער גאַנצער חלל צווישן הימל און ערד איז אָנגעפּילט מיט דעם גרויסן אומעט, וואָס קומט פון די בלוטיקע פראָנטן, פון די חרובע שטעט — — — — — — —

*****

אין די דאָזיקע טעג דערהאַלטן אַ צווייטן בריוו פון לעאָ פינקעלשטיין. ער שרייבט וועגן טרויעריקע זאַכן; אָבער ער האָט אויך אַקאָרדן פון טרייסט. דאָס איז אַדאַנק די נצחונות פון די אַליאירטע אויף אַלע פראָנטן — סיי אין מזרח, סיי אין מערב.

פינקעלשטיין שרייבט, אַז אין סיקטיווקאַר געפינט זיך אויך ש. טראַנק פון לאָדזש. אַז „ער איז איצט אַ יושב־אוהל״ *) צוליב אַ מעשה־נורא, וואָס מ׳דאַרף איבערגעבן בפה... פּטאַשקין פילט זיך שטאַרק דערשלאָגן״... „אויף קיין איין מי־נוט פאַרליר איך נישט די האָפענונג, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן בכי טוב״. — „שלעכטס קאָן נאָר במשך פון אַ געוויסער צייט ברויזן, אָבער קאָן נישט האָבן קיין קיום. איר ווייסט דאָך, אַז איך גלויב נישט, אַז געשיכטע איז עפּעס אַ גע־פלעכט פון אומזיניקע צופאַלן. ניין! דער אויסגעוויינקסטער פּלאַנטער פון גע־שעענישן האָט אַן אינעווייניקסטן זינען. אמת, דאָס שלעכטס שלינגט איין אַ סך קרבנות, אָבער ס׳איז קיין ספק נישט, אַז דאָס שלעכטע מוז ענדגילטיק אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד־פּלאַך. מיר דאַרפן זיך שטאַרקן, כדי איבערצוהאַלטן ס׳געווי־טער, עד יעבור זעם. אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין וואַרשע, צי אין ניו־יאָרק, וועלן מיר דאָס אַלץ דערציילן אין פריידן״.

צום סוף אַן אָנפראַגע:

„צי ווייסט איר ווו ס׳זענען אַהינגעקומען טאַף, סעמיאַטיצקי, באַגיש, אָקרוטני? ווו געפינט זיך ד״ר א. גליקסמאַן? בזשוסטאָווסקי? בראָדערזאָן? זייער גורל אינ־טערעסירט מיך זייער״.

גיי ווייס וווּהין דער שטורעם האָט זיי אַלעמען פאַרטראָגן!

פינקעלשטיינס מעדיטאַציעס אינעם בריוו זענען געווען אַ המשך פון אונדזע־רע פילמאַליקע שמועסן אין ביאַליסטאָק, אין 1940, פאַרן צעשיקן אונדז אין די

---

*) ס׳מיינט: אין תפיסה.

לאַגערן. אויך דאַמאָלס האָט ער באַנוצט די ווערטער „דאָס שלעכטע", „שלעכטס". און געזען האָט ער דאָס שלעכטס אין ביידע דיקטאַטורן — סיי אין מזרח, אין רוסלאַנד, סיי אין דייטשלאַנד... אַזוי האָט ער נאָך דאַן געמיינט. און איצט — נאָך אונדזער טרויעריקער דערפאַרונג מיט די לאַגערן — אַוודאי און אַוודאי...

די דאָזיקע ווערטער פון בטחון לייען איך פאַר דאָ־דאָרט פאַר היימישע פוילישע ייִדן. עולם כאַפּט אונטער מיט אַ זיפץ: „ווער ווייס... אפשר..."

— וואָס איז די פּעולה, — זאָגט אַ שוואַרץ־זעער, — איידער די דייטשן וועלן איינעמען אַ מיתה משונה, שעכטן זיי דערווייל אויס אונדזער פאָלק — —

## 25

## דער דראַמאַטישער אַפּריל

דער אַפּריל 1943 האָט צערודערט איטלעכן פּוילישן ייִד אויף דער רוסישער ערד. די איוב־בשורות פון פּוילן האָבן אָנגעיאָגט אַ קאָשמאַר. די קויבישעווער „איינִיקייט" *) פון ייִדישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט איז שפּעדיק אין די באַשריי־בונגען פון די דייטשישע גרויזאַמקייטן איבער ייִדן. דער ציל פון די דייטשן איז — אויסצוראָטן פיזיש אַלע ייִדן פון אייראָפּע! די גרויסע מפּלות האָבן זיי נאָך מער צערייצט און פאַרן פאַרלאָזן די אָקופּירטע שטעט אין אוקראַינע און ווייס־רוסלאַנד שעכטן זיי אויס די ייִדן ביזן לעצטן. גאַנץ פּוילן, ווו די רוצחים וויל־דעווען נאָך, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין ריזיקן שחיטה־פּלאַץ פאַר ייִדן. טאָג־טעגלעך מאָרדן, פּאָגראָמען, אויסראָטונג פון געטאָס. די צייטונג דערציילט, אַז די נאַציס האָבן שוין „ליקווידירט" די געטאָס אין קראָקע, לאָדזש, לובלין, ראַדאָמסק, קאָלאָמייע און פיל אַנדערע. איצט האָבן זיי זיך גענומען צו „ליקווי־דירן" די גרעסטע געטאָ — געטאָ וואַרשע. עס ווערט איבערגעגעבן אַ פאַר־צווייפלטער רוף פון די לעצטע וואַרשעווער ייִדן צו דער וועלט: „צי קאָן באמת די וועלט אונדז נישט העלפן?" — — —

דאָס בלוט ביי יעדן צאַפּלט, ברויזט:

פאַרוואָס שווייגט זי, די וועלט? פאַרוואָס איז זי טויב? פאַרוואָס פאַרשיט מען נישט מיט דינאַמיט גאַנץ בערלין — די חיהשע נעסט פון׳עם שלעכטס? — —

ווייניק, זייער ווייניק „אָפּטימיסטן" זענען שוין איצט געבליבן צווישן די

---

*) די „איינִיקייט" האָט זיך עוואַקוירט אויף אַ געוויסע צייט פון מאָסקווע קיין קויבישעוו.

פוילישע ייִדן־פּליטים. ייִדן האָבן פאַרלוירן די רו בייטאָג און דעם שלאָף ביי־נאַכט. ס'האָט יעדערער געזען פאַר די אויגן זיינע נאָנטסטע אונטערן חלף פון נאַצישן מלאך־המות...

און ווען אין דער לעצטער וואָך פון אַפּריל האָבן זיך באַוויזן אין די צייטונגען ידיעות וועגן אויפשטאַנד פון די רעשטלעך ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן די הערצער ביי ייִדן געקלאַפּט אַזוי אומרויִק, אַזוי צאַפּלדיק, אַזוי אומרויִק, אָבער אויך מיט פרייד און שטאָלץ, מיט נקמה!... יאָ, די ידיעה קלינגט אויטענטיש. מ'גיט עס איבער פון לאָנדאָן, ווו די פוילישע רעגירונג האָט אויפגעכאַפּט אַ מעלדונג פון דער פוילישער געהיימער ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט" אין וואַרשע. ס'איז אמת, ס'איז אמת!... ס'איז אמת דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ! ייִדן זענען אַרויס מיט געווער אין אָפענעם קאַמף! — — — — — — — — — — —

די דאָזיקע נייס איז אויך באַקרעפטיקט געוואָרן פון „טאַס". אויך פון דער סאָוועטישער זייט האָט מען אויפגעכאַפּט אַן ענלעכע ידיעה. עס ווערן איבערגעגעבן קאַרגע פּרטים וועגן בלוטיקע קאַמפן אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ — — —

ייִדן זענען אומגעלאָפן איינע צו די אַנדערע, געטראָגן פּונעם אומרו, גע־טיילט זיך מיט דער בשורה פון אויפשטאַנד.

— איר האָט געהערט? ייִדן קעמפן...

— ייִדן מיט געווער אין די הענט...

— ייִדן — העלדן...

— עס פאַלן דייטשן פון ייִדישע קוילן...

— דייטשישע פּגרים אין געטאָ...

עס האָט זיך אין די רגעס פאַרגנבעט אַ טרייסט: אפשר... אפשר וועלן איצט אויך די פּאָליאַקן צושטיין צום אויפשטאַנד און צוזאַמען קעמפן קעגן געמיינזאַמען בלוטיקן שונא? אפשר וועלן זיך אַזוי אַרום ייִדן ראַטעווען? ווער ווייס?...

אַזעלכע אָפּטימיסטן זענען אָבער געווען גאָר ווייניק. „ווייס איך וואָס — האָבן דאָס רוב ייִדן געטענהט — מיר קענען דען נישט די פּאָליאַקן? דאָס אויס־שעכטן די ייִדן קאָן זיי נאָר פאַרשאַפן שאַדן־פרייד" — — —

אין דעם זעלביקן אַפּריל, אין מיטן דער גרויסער צערודערונג, איז פאַר די פוילישע ייִדן אונטערגעקומען מעשה־קאַטין. די מעשה נורא וועגן דער דערשי־סונג פון צען טויזנט פוילישע אָפיצירן הינטער סמאָלענסק. די דייטשן זענען אַרויס מיט אַן אַליאַרם, אַז דאָס איז געווען אַ באָלשעוויסטיש „שטיקל אַרבעט"; אַז די באָלשעוויקעס האָבן „ליקווידירט" דעם גאַנצן לאַגער דורך אַ מאַסן־עקזעקוציע. די פוילישע שיקאָרסקי־רעגירונג אין לאָנדאָן איז געניגט געווען צו גלויבן אין

דער דייטשישער ווערסיע און האָט זיך געווענדט צום אינטערנאַציאָנאַלן „רויטן קרייץ" ער זאָל מאַכן אַן אויספאָרשונג אויפן אָרט — אין קאַטין.

די סאָוועטישע „פּראַוודאַ" איז אַרויס מיט אַ גרויסן ירגזון קעגן די פּאָליאַקן, „די פּוילישע פירער, וועלכע זענען אומפּאַרציילעך אַריינגעפּאַלן אין געבעלסעס פּראָוואָקאַציע און אַזוי אַרום פּאַקטיש געשטיצט דעם שווינדל פון די זשוליקעס און ליגנס פון די תּלינים פון דעם פּוילישן פּאָלק". — „איצט איז גאָר קיין חידוש נישט, וואָס אויך היטלער האָט זיך געווענדט צום אינטערנאַציאָנאַלן „רויטן קרייץ", ער זאָל אויספאָרשן דעם דאָזיקן הויפן שקרים. ס'גייען זיך צונויף די וועגן פון די דייטשישע פּראָוואָקאַטאָרס און זייערע פּוילישע העלפּערס".

אַלע פּוילישע — ייִדן, צי פּאָליאַק — האָבן אין די דאָזיקע טעג פּאַרלוירן די קעפּ. וואָס קאָן מען דאָ שוין איצט דערוואַרטן?...

און טאַקע באַלד נאָך דעם דאָזיקן אַרויסטריט איז אין עטלעכע טעג אַרום געקומען דער פּועל־יוצא: סאָוועט־רוסלאַנד האָט איבערגעריסן די באַציִונגען מיט דער פּוילישער שיקאָרסקי־רעגירונג. מאָלאָטאָוו אין זיין לעצטער נאָטע צום פּוי־לישן אַמבאַסאַדאָר ראָמער האָט אויסגעטייטשט די האַנדלונג פון דער פּוילישער רעגירונג ווי „אַ פּאַררעטערישן קלאַפּ פּאַר סאָוועט־רוסלאַנד. מיט דער דאָזיקער פיינטלעכער קאַמפּאַניע וויל זי אויספּרעסן טעריטאָריעלע הנחות צום שאָדן פון די אינטערעסן פון אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד און ליטע" אאַז"וו.

די פּוילישע פּליטים אויף דער רוסישער ערד האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט לחלוטין אַן שוץ. ווידער אויפן באַראָט פון „זיי" — אונדזערע „באַפרייער"... אויב מ'האָט אונדז אַרויסגעלאָזט פון די לאַגערן אַ דאַנק שיקאָרסקין, קאָנען „זיי" דאָך מיט אונדז ווידער טאָן וואָס זייער האַרץ גלוסט...

די פּוילישע האָבן זיך געקליבן אין געזעמלעך. מ'האָט גערעדט שעפּטשענ־דיקערהייט. אין די אויגן איז געווען פאַרגליווערט שרעק. מ'האָט נאָר געהערט: „וואָס וועט איצטער זיין"? „וואָס וועט איצט מיט אונדז ווערן?" „וואָס וועט מען מיט אונדז טאָן"? מ'האָט זיך ווידער דערפילט ווי ביים וואָלף אין די ציין...

טראָגט מען ווייטער מפּה אל פּה אין די געזעמלעך:

— מ'וועט זיכער אַנולירן די שיקאָרסקי־אַמנעסטיע.

— מ'וועט אונדז שיקן אַהין פון וואַנען מיר זענען געקומען... צו די „ווייסע בערן".

— אַ קשיא אויף בעריאַן, אויף סטאַלינען...

— מיר זענען דאָך שוין אויס „יחסנים", אויס „פּריווילעגירטע".

און ווער פון די פּוילישע עס האָט אין יענע טעג באַגעגנט אין גאַס אַן „נ.ק.וו.ד.־יסט", האָט דערשפּירט אַ שווידער; אין האַרצן האָט אַ זעץ געטאָן דאָס

בלוט: „ווער ווייס, צי דער דאָזיקער מחבל וועט ווידער נישט ווערן דער האַר איבער מיין לעבן?" — — — — —

***

ס'איז שוין מאַי.

די „אייניקייט" ברענגט ווייטער פּרטים פון פּוילישן עמק־הבכא: אין וואַר־שעווער געטאָ דויערט נאָך דער יידישער אויפשטאַנד. די קליינע רעשטלעך יידן, גרויס און קליין, שטעלן אַ העלדישן ווידערשטאַנד די דייטשישע בעסטיעס... דער אויפשטאַנד האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אַנדערע געטאָס...

געוואַלטיקע שפּאַנונג ביי די פּוילישע יידן. מיט האַרץ־צאַפּלעניש קאָמענטירט מען די ידיעות. די צייטונג ווערט געטראָגן פון האַנט צו האַנט. ביי אַ סך ביילן זיך פויסטן. עס ברענט און בריט די נקמה... אָבער איטלעכער ווייס, איטלעכער פאַרשטייט, אַז דער פאַרצווייפלטער אויפברויז אין וואַרשעווער געטאָ איז נאָר אויף דערווייל... אַז דער חיהשער שונא וועט אַלץ פאַרטרינקען אין בלוט און אין שרפה...

און ווער עס האָט געהאַט זיינע נאָנטע אין וואַרשעווער געטאָ, ברעכט ער זיך אײַן פון יאוש: ער ווייס שוין ווייל, אַז זייער גורל איז אַ געחתמעטער... איז דען מעגלעך זיך צו ראַטעווען פון אַזאַ בלוטיקן מבול? — — —

ברענגען טאָקע איין טאָג די צייטונגען אַ ידיעה, אויפגעכאַפּט פון דער גע־היימער פּוילישער ראַדיאָ־סטאַנציע „שוויט", — אַז „דער אויפשטאַנד אין וואַר־שעווער געטאָ איז געבראָכן"... אַז „פיל טויזנטער יידן זענען אומגעקומען אין די פלאַמען פון געטאָ"... אַז „ביים דערשטיקן דעם געטאָ־אויפשטאַנד האָבן די דייטשן פאַרלוירן 1.200 מאַן"...

אויס... געענדיקט... נישטאָ שוין מער קיין האָפענונג... די דייטשישע בעסטיעס וועלן איצט אויסשעכטן אַלעמען, אַלעמען, ביזן לעצטן ייד אין געטאָ — — — —

אינעם גרויסן טרויער, אין דער גרויסער פּיין — אַ קליין בליצל פרייד פון נקמה: כאָטש 1.200 דייטשישע פּגרים... האָבן דאָך אונדזערע פאַרצווייפלטע ברי־דער נישט געלאָזט זיך שעכטן ווי שאָף — — — — — — —

בלויז דאָס זאָל זיין די טרייסט? ניין, דער חשבון איז נישט פאַרענדיקט — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

***

אין די זעלבע טעג, ווען ס'איז אָנגעגאַנגען אין די סאָוועטישע צייטונגען די אַנטי־פּוילישע קאַמפּאַניע, האָט זיך באַוויזן אין „איזוועסטיאַ" אַן אַרטיקל פון דער פּוילישער ראַדיקאַלער שרייבערין וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ. אויך זי האָט זיך

געלאָזט הערן אין כאָר און צוגעשאָטן אַ רידל ערד אויף די איבערגעריסענע באַציונגען מיט דער שיקאָרסקי־רעגירונג אין לאָנדאָן. אויך זי האַלט, אַז מעשה־קאַטין איז אַ בלבול אויף די סאָוועטן.

וואַנדאַ וואַשילעווסקאַס אַרויסטריט האָט אַרויסגערופן אַ סך רייד, אַ סך קאָמענטאַרן ביי די „ראָדאַקעס״, ביי די פּוילישע. קיין סך לויב האָט זי זיך נישט פאַרדינט... רעדט מען, דיסקוטירט מען, קאָמענטירט מען אין קרייזלעך פון פּוילישע. קאָמענטירט מען מעשה־קאַטין. מ׳רעדט בלחש, אַז קיין „זייטיקע״ זאָלן נישט הערן:

— ווער איז עס זיכער, אַז קאַטין איז נאָר אַ בלבול?... אַז ס׳איז טאַקע נישט קיין באָלשעוויסטיש „שטיקל אַרבעט״?...

— טאַקע גאַרנישט זיכער. אמת, די דייטשן זענען דאָך פּעזיק אָפּצוטאָן — און טוען אָפּ — נאָך גרעסערע רציחות. איז דאָך קאַטין אַ שפּילעכל אין פאַרגלייך מיט די גרויל־אַקטן און רציחות איבערן יידישן פאָלק. אָבער די „נ.ק.וו.ד.״־לייט זענען אויך נישט קיין צדיקים. אויך זיי האָבן שוין אויף זייער אומריינעם געוויסן הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע לעבנס... אויך זייערע הענט זענען דאָך איינגעטונקט אין בלוט...

— עס לאָזט זיך גלויבן. אַ „נאַטירלעכע״ זאַך געווען פאַר די באָלשעוויקעס: צו וואָס „צערעמאָניען זיך״ מיט די פּוילישע געפאַנגענע אָפיצירן? מיט די שונאים פון ראַטנפאַרבאַנד?... יעדער פּוילישער אָפיציר איז דאָך אַ שונא... מ׳קאָן דאָך קיינמאָל נישט וויסן וואָס עס קאָן זיך מאַכן... די צייט נישט קיין זיכערע... איז דער בעסטער אויסוועג — „ליקווידירן״!...

און נאָך איינער באַקרעפטיקט די טעזע מיט אַנדערע אַרגומענטן:

— אָט זענען מיר אַליין, געוועזענע „זע־קאַ״, געווען עדות ווי די סאָוועטן האַנדלען לגבי זייערע אייגענע בירגער. כ׳מיין די קאָנצלאַגערן. וויפל מיליאָנען בירגער שמאַכטן אומשולדיקערהייט אין די אומצייליקע קאָנצלאַגערן? מיליאָנען פאַרמשפּטע צו אַ לאַנגזאַמער גסיסה. פיינקט זיי דען דאָס געוויסן פאַר די דאָזיקע מיליאָנען לעבנס?... היינט וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילט עס ביי זיי צו געבן אַ צעשיס אַ צען טויזנט פּוילישע אָפיצירן — די „ביעלאָפּאָליאַקי״, — די „ווייס־גוואַרדייאישע פּאָליאַקן״, זייערע אייביקע שונאים? — — — אַי, ס׳איז קעגן דער מאָראַל, קעגן דער עטיק? קעגן די אינטערנאַציאָנאַלע פּרינציפּן? — איז וואָס זשע גייט זיי אָן די „פאַרמשפּטע וועלט״, דער „צעפוילטער מערב״? — — —

קומט עמיץ אַנדערש מיט אַן אַנדער באַלייכטונג:

— זיי, די באָלשעוויקעס, שפּילן די ראָל פון „באַליידיקטע״... די שיקאָרסקי־

רעגירונג האָט באַליידיקט זייער „אומשולד״ מיט דער פאָדערונג מ׳זאָל צולאָזן דעם אינטערנאַציאָנאַלן „רויטן קרייץ״ קיין קאַטין, כדי אויסצופאָרשן אויפן אָרט דעם ענין. ווי זשע פאַררייבט מען פאָרט אַזאַ פאַרברעכן? עס קלינגט דאָך שוין די וועלט. די עפנטלעכע מיינונג וואַרט אויף אַן אויפקלערונג. שיטן די באָלשעוויקעס דער גאַנצער וועלט זאַמד אין די אויגן: אַנשטאָט דעם נייטראַלן „רויטן קרייץ״ האָבן זיי אינסצעניזירט אַן אויספאָרש־קאָמיסיע פון אייגענע מענטשן. איז דאָך קלאָר דער רעזולטאַט פון אַזאַ „אויספאָרשונג״... פון זייערע אויסגראָבונגען און „זאַכלעכע באַווייזן״...

דערמאָנען זיך מענטשן, וואָס קומען פון אַ לאַגער אין קאָמי:

פאַר דעם פאַרלאָזן יענעם עמק־הבכא, נאָך דער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע״, האָט אַ פריש־געקומענער געבראַכט אין לאַגער די ידיעה, אַז היינטער מורמאַנסק, וואָס איז שוין געווען באַדראָט פון די דייטשן, האָט מען בעת דער עוואַקואַציע פון אַ לאַגער דערשאָסן דריי טויזנט פּאָליטישע „זע־קאַ״. אין דעם דאָזיקן בלוטיקן אַקט האָט מען געזען אַ „לאָגיק״: נישט איבערלאָזן קיין שונאים ביי די דייטשן אין די הענט. די רוסן אין לאַגער האָבן דערין הייליק געגלויבט: זיי קענען גוט זייערע „פּאַפּענהיימער״...

די השערות, הייסט עס, פון אונדזערע פּליטים וועגן קאַטין זענען געווען גאָר נישט קיין גינסטיקע פאַר דער „באַליידיקטער אומשולד״ פון די באָלשעוויקעס. וואָס מער זיי האָבן געשאָטן מיט זלזולים קעגן די לאָנדאָנער פּאָליאַקן, אַלץ מער האָט מען זיי נישט געגלויבט. אַלץ מער האָט מען אַרויסגעפילט זייער קאַטינער עובדה.

אין סאַמע ברען פון די קאַטינער אָפּקלאַנגען אין רוסלאַנד — און מסתמא אויך אין דער וועלט — אַ נייע ידיעה:

די פּאָליאַקן אין רוסלאַנד — די אידייאישע ברידער פון וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ — אָרגאַניזירן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע אַ דיוויזיע א״נ פון טאַדעאוש קאָשציושקאָ. קאָמאַנדיר פון דער דאָזיקער דיוויזיע איז דער פּוילישער פּאָלקאָווניק זיגמונט בערלינג. דער זעלבער בערלינג לאָזט זיך באַלד הערן אין דער עפנטלעכקייט אויך מיט זיין פּזמון, וואָס האַלט אונטער די העץ־קאַמפּאַניע:

„דער גענעראַל אַנדערס איז אַ שפּיאָן און די אַלע קאָמאַנדירן פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס איז אַוועק קיין איראַן, זענען אַ באַנדע פאַשיסטן״.

די העצע איז אַזוי אָנגעגאַנגען און אַלע פּוילישע — ייִד, צי פּאָליאַק, — האָבן געפלאָנטערט אין דער שטיל פון פחד... וואָס וועט ברענגען דער מאָרגן?...

## 26

# אויף אייגענעם באַראַט

שוין זינט עטלעכע חדשים ווי מיר זענען ווידער אַרבעטלאָז. די לענינגראַ־דער טאָפּאָגראַפּישע גרופּע האָט איר אַרבעט געענדיקט און זיך מיט אונדז צע־חשבונט. זענען מיר, הייסט עס, ווידער אויף אייגענעם באַראַט. די לעצטע וואָכן פאַרן אַוועקגיין פון דער אַרבעט איז שוין סיי־ווי־סיי געווען אַ צרה מיטן „פּאַיאָק״: די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אונדז „סנאַבזשאַיעט״, האָט אָפּגעשטעלט איר צוטיי־לונג פון פּראָדוקטן. עס האָט איר פּשוט פאַרפעלט. איז געוואָרן ביי אונדז אויס מיט די באַרימט־געוואָרענע געדיכטע „גאַלושקעס״. אונדזער קאַנטאָר פלעגט שוין שיקן אין דער שטאָטישער „סטאָלאָוואַיאַ״ נאָך שיטערע זופּקעס פאַר די אַרבעטער. ברויט פלעגט מען שוין אויך נישט קריגן פּינקטלעך. איז וואָס זשע טויג עס אונדז? זענען מיר צופרידן געווען, וואָס די אַרבעט האָט זיך לחלוטין געענדיקט. געבליבן איז נאָר ווייטער די געאָלאָגישע גרופּע פון דער אינזשיניערין מאַריאַ מאַכמודאָוונאַ.

— אייך קאָן איך צו דער דאָזיקער אַרבעט נישט נעמען, — האָט זי זיך פאַר אונדז ווי פאַרענטפערט, — ס׳איז נישט פאַר אייך. אַ צו שווערע אַרבעט. מ׳מוז בויערן, גראָבן טיפע גריבער. איר וואָלט זיך דען אונטערגענומען?

— ניין! — האָבן מיר געענטפערט קאַטעגאָריש. — מיר דאַנקען אייך זייער. קאַטאָרזשנע אַרבעט האָבן מיר שוין געהאַט אין לאַגער...

— איך האָב טאַקע אַזוי פאַרשטאַנען... — שמייכלט זי פריינטלעך.

אָבער ביי די סאָוועטישע באַדינגונגען איז נישט אַזאַ טראַגעדיע, אַז מען פאַרלירט אַ פּאָסטן. אומשטיינס־געזאָגט, וואָס די אַרבעט גיט דעם אַרבעטער! בפרט אין אונדזער פאַל, ווען ס׳איז געוואָרן אַזוי צרהדיק מיט דער דערנערונג. איז למה זה אנוכי?... אַרבעט יאָ, אַרבעט נישט — מ׳איז דאָך סיי־ווי־סיי דער זעל־בער קבצנזאָן און הונגערמאַן...

און גראָד איז עס נאָך געווען אין מערץ, אין סאַמע אָרענבורגער ווינטער. געווען טעג, ווען די משוגענע שניי־בוראַנען האָבן געמאַכט אוממעגלעך די נאָז אַרויסצושטעקן פון קיביטקע. מ׳איז מיטן לעבן נישט געווען זיכער. גאַנצענע בערג האָבן די ווינטן אָנגעיאָגט און אַ סך קיביטקעס ביז די דעכער פאַרשאָטן מיט שניי.

בעת די קעלטן זענען נישט געווען אַזעלכע שאַרפע, פלעגן מיר זיך אַרייַנ־

כאַפּן אין דער „סטאָלאָוואַיאַ“, ווו מ׳האָט אונדז שוין געקענט פונעם האָלץ־האַקן און ווו אויך די „בופעטשיצע“ שוראַ פלעגט אונדז מקרב זיין מיט פאַרקויפן אַ טאַלאָן. נישט שטענדיק איז אָבער געווען אָפן די „סטאָלאָוואַיאַ“. עס האָבן אויך דאָרטן פאַרפעלט פּראָדוקטן. נישט געווען דאָרט פשוט וואָס צו קאָכן. איין וואָך האָט די קיך ביים וואָקזאַל געקאָכט ווייץ. פּשוטן ווייץ מיט וואַסער. דער הונגער אין שטאָט, דער עיקר צווישן די אָנגעפּאָרענע, די עוואַקוי:רטע, איז געווען גרויס. איז ווייץ אויך געווען אַ גליק. מענטשן מיט די טעפּ און מיט קעסעלעך האָבן באַלאַגערט דאָס קיך־פענצטערל. איין טאָג האָב איך מיט מיין „שותף“ אויך געגעסן פון דאָזיקן מאכל. מיר האָבן געפּאַקט צוויי פולע קעסעלעך אויסגעקאָכטן ווייץ. אויף דער גאַס איז געווען אַ שאַרפע פראָסטיקע דורכנעמענדיקע קעלט. מיר זענען געווען דאַן אַזוי הונגעריק, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און וואַרטן מיטן עסן ביזן אַהיים קומען. האָבן מיר זיך געשטעלט הינטערן וואָקזאַל, ביי דער וואַנט, אַרויסגעצויגן פון טאַש דעם לעפל און זיך גענומען שטילן דעם הונגער. אַ לעפל אין טאַש האָט איטלעכער שטענדיק געהאַט ביי זיך — „נאַ אַוואָס׳ ״ — אויף טאָמער... טאָמער פאַרקויפט מען עפּעס ערגעץ אין אַ „סטאָלאָוואַיאַ“... אַז מיר האָבן אויסגעליידיקט די קעסעלעך, האָבן מיר געפּרוווט צוגיין נאָך אַ מאָל צום קיך־פענצטערל פון דער דרויסנדיקער זייט. און ווידער איז די „אָטשערעד׳ ״ צו אונדז דערגאַנגען און מיר האָבן צום צווייטן מאָל באַקומען קעסעלעך ווייץ. מיט דער דאָזיקער פאָרציע זענען מיר שוין געגאַנגען אַהיים.

וואָס פאַר אַ טעם דאָס האָט געהאַט? — אַזוי ווי אויסגעקאָכטער ווייץ מיט וואַסער — אַפילו אָן זאַלץ. אָבער נאָר זאַטע טראַכטן וועגן טעם. הונגעריקע פרייען זיך ווען זיי האָבן אַ געלעגנהייט נישט צו פילן די פּלאָג פון נאָגנדיקן הונגער. אַבי אַ זאַטער טאָג.

אין די לינדערע טעג האָבן מיר זיך געלאָזט איבער דער שטאָט זוכן אַרבעט ביי „כאַזייקעס“. אפשר ווידער צעהאַקן אַ מעטער האָלץ? אָבער קיין פרישער האָלץ איז שוין איצטער ביי קיינעם נישט געווען. אַ צו טייער אַרטיקל אין אַק־בולאַקער סטעפּעס, ווו קיין וועלדער וואַקסן נישט. נאָר יחידי סגולה האָבן זיך פאַרן ווינטער געקאָנט פאַרזאָרגן מיט אַ ביסל האָלץ. אומעטום האָט מען גע־הייצט מיטן „שמעקעדיקן“ „קיזיאַק“. אַרבעט אין די גערטענער הויבט זיך אָן פרילינג־צייט, אין אַפּריל, ווען די שנייען צעגייען. האָבן מיר געמוזט אין די דאָזיקע וואָכן לעבן פון נסים...

„פרייע פייגל“, האָבן מיר צייט געהאַט אָפּטער צו באַזוכן אונדזערע באַקאַנטע פוילישע אין די „אָבשטשעזשיטיעס“: דעם שוסטער־אַרטעל; די חברה פון

עלעוואַטאָר, ווען עס האָט זיך געלעבט נישט שלעכט, ווייל ביי תבואה קאָן מען זיך לייכט „אַן עצה געבן"... פלעגן מיר זיין אומעטום אָנגעלייגטע געסט. מ׳פלעגט אונדז אָפט מכבד זיין מיט אַ שיסעלע „לאַפשאַ" און אַמאָל מיט אַ פּאָר „בלינעס", וואָס זייערע ליידיקגייערישע וויבער פלעגן אַליין מאַכן, נאָכטוענדיק דעם רוסישן שטייגער.

אגב: אין איין „אָבשטשעזשיטיע" פון עלעוואַטאָר איז געווען אַ חנעוודיק, בלוי־אויגיק, צאַרט־שמייכלענדיק ווייבל. רענאַ האָט זי געהייסן. די דאָזיקע רענאַ האָט געשריבן לידער אין פּויליש. אַז איך פלעג אַהין אַריינקומען, פלעגט זי מיט פאַרשעמטער רויטקייט אויף די באַקן מיר ווייזן איר לידער־העפט אויף מבינות. געווען טאָקע נישט קיין שלעכטע שורות אויך; אָבער ווי אַ גאַנצקייט איז קיין איין ליד נישט רייף געווען. איך האָב עס איר דערקלערט מיט איבער־געטריבענעם געדולד: עס האָט מיר אימפּאָנירט, וואָס אין אַזאַ מצב, ביי אַזעלכע באַדינגונגען, האָט אַ פרוי נאָך געמיט צו שרייבן לידער... האָב איך נישט גע־שוינט קיין פרטים אין מיינע אויפקלערונגען און אָנווייזונגען; איר מסביר געווען די כללים פון ריטמיק, פון פערזנמאָס, וואָס איז איר לחלוטין פרעמד געווען. אין מיין גרויסער מילדקייט צו איר שרייבן האָב איך איר געראָטן צו מאַכן ווייטער־דיקע פרווון, און רענאַ איז דערפון געווען איבערגליקלעך. די רויטקייט האָט זיך נאָך מער צעשפּרייט איבער איר יונג פנים. פאַר מיין מבינות האָט זי אָפּגעדאַנקט מיט אַ הירזש־זופּ און מיט אַ גאַנצער „לעפּיאָשקע"...

אויך צווישן די שוסטער זענען געווען זייער ווילע און נישט קיין פּראָסטע בחורים. אַ פּאָר פון זיי זענען לגמרי קיין שוסטער נישט געווען פון דער היים; געווען גאָר סוחרים; פאַרמעגלעכע יונגעלייט. בלויז דאָ אין רוסלאַנד האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז מיט שוסטעריי קאָן מען זיין אַן „אַריסטאָקראַט" און נישט זיין זשעדנע אַ שטיקל ברויט. האָבן זיי זיך צוגעשאַרט צו אַן אַרטעל, זיך „דעקלאַ־רירט" פאַר שוסטער. אַ גוטער ברודער אין אַרטעל האָט צוגעוויזן ווי אַזוי צו מאַכן אַ דראַטווע און זיי האָבן אָנגעהויבן לייגן לאַטעס. קיין נייע שיך מאַכט מען דאָך סיי־ווי־סיי נישט אין אַרטעל; נאָר לאַטעס, לאַטעס און לאַטעס. קיין נייע לעדער האָט גאָרנישט דער אַרטעל. אַז עס פלעגט אַהין אַריינקומען אַ קליענט מיט אַ פּאָר שיך צום פאַרריכטן, האָט ער דעריבער מיטגעבראַכט אויך אַ שטיקל לע־דער פון עפּעס אַ פאַרוואַלגערטן אָפּפאַלעכץ־שטיוול אויף אַ מיסט־קאַסטן.

אַזאַ מין שוסטער האָב איך אויך געקענט פון אַן אַנדער אַרטעל: דאָס איז געווען אַ מענטש מיט הויכער בילדונג, אַ דיפּלאָמירטער; מיינער אַ באַקאַנטער פון לאָגער, אַ יונגער אַדוואָקאַט פון קראָקע. נאָך אַ ריי פרווון צו אַרבעטן אויף פאַרשיידענע „פּראָאיזוואָדסטוועס", צי אין קאָלכאָז, האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז

דאָס בעסטע איז דאָ — שוסטעריי. האָט ער זיך „פּאָ בלאַטו“ (אויף לינקס) אַריינבאַקומען אין אַן אַרטעל און זיך דאָרט „ספּעציאַליזירט“ אין לייגן לאַטעס אויף וואַליקעס. איך גופא בין שוין ביי אים אַ פּאָר מאָל געווען מיט מיינע צעריסענע וואַליקעס און דער „פּאַן מעצענאַס“ (אַדוואָקאַט) האָט זיי געגעבן אַ „תיקון“...

אין דעם שוסטער־אַרטעל פלעגן מיר איצטער אַריינקומען כמעט יעדן אָוונט. זיי האָבן געאַרבעט געגוג שפּעט. ווייל אַ חוץ וואָס זיי פלעגן מוזן ליפערן זייער „נאָרמע“ אַרבעט פאַרן „מעל־זאַוואָד“ — צו ווענען דער אַרטעל איז געווען „פּריקרעפּליעט“, אַנגעהעריק — האָבן זיי דאָך געמוזט אויך אויסענדיקן די אַרבעטן פון זייערע פּריוואַטע קליענטן, — און דאָס איז דאָך פאַר זיי געווען דער עיקר. פון זיי האָבן זיי דאָך געהאַט די עיקר־פּרנסה.

שפּעט אין אָוונט פלעגן די שוסטערס אָפּקאָכן אַ גרויסן טאָפּ מיט געדיכטע „גאַלושקעס“ און אויך אונדז, די „אָנגעלייגטע געסט“, פאַרבעטן צו דער סעודה בציבור.

און אַ שיסעלע „גאַלושקעס“ ביי די שוסטערס איז אונדז פיל בייגעשטאַנען אין אונדזער אַרבעטסלאָזיקייט.

אין „וויכאָדנאָי“ האָבן אונדז די שוסטערס מיטגענומען אין אַ שכנישן קאָלכאָז, וואָס ליגט נישט ווייט אויף יענער זייט אילעק. דאָרט האָט געוווינט אַן עוואַקוירטע יידישע פאַמיליע פון ריגע. געווען דאָרט אַן עלטערע פרוי און עטלעכע דערוואַקסענע קינדער. אַ זון און צוויי טעכטער. איין טאָכטער, ראַכיל, איז געווען אַ גאַנץ סימפּאַטיש מיידל. זי איז נישט געווען אַזוי שיין, ווי גוט און גאַסטפריינטלעך. און זי, ראַכיל, איז עס אייגנטלעך געווען דער אָביעקט, וואָס האָט צוגעצויגן די חברה פון אַרטעל.

געלעבט האָט די דאָזיקע פאַמיליע גאָר נישקשהדיק. עס האָט ביי זיי אין כאַטע גאָרנישט געפעלט. אַ סברה, אַז דער זון, וואָס האָט געאַרבעט ביים תבואה־טראַנספּאָרט, האָט זיך געקאָנט גוט „אַן עצה געבן“... האָט מען טאַקע אין שטוב געמאַכט אַ שיין לעבן... אַלע זענען אויך געווען נישט שלעכט אָנגעטאָן. נישט אין טראַנטעס, נישט קרוע־בלויה, ווי דאָס רוב פון אונדזערע פליטים. מ'האָט געזען, אַז עס פעלט זיי נישט דער רובל. ראַכיל האָט זיך געהאַלטן שטאָטיש, אין גוטן מעמד. עס האָט איר אַפילו נישט אויסגעפעלט אַ ביסל קאַרמין פאַר די ליפּן.

געקומען אַהין זענען מיר שבת אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט. ערב „וויכאָדנאָי“. ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זענען עס געקומען צו אַ סעודה — אַ גרויסע סעודה לכבוד ראַכילס געבוירן־טאָג. אויפן טיש איז געווען אָנגעשטעלט כיד המלך. געווען פון פייגל־מילך: ברויט, הערינג, אוגערקעס — עסט, קינדער, וויפל איר ווילט! דאָן אַ זופּ. אַ פליישיקע, פעטע זופּ פון „פּשענאָ“ (הירזש), דאַן פלייש!

יעדער האָט געקריגן אַ היפּשן חלק. אָנשטאָט קאָמפּאָט איז געקומען אוריוק. און אַ פלאַש „מאָסקאָווסקאַיאַ" האָט אויך נישט געפעלט אויפן טיש. מ'האָט געמאַכט אַ כוסה איין מאָל און נאָכאַמאָל. עולם איז געוואָרן הייטערער, פריילעכער. ווי לאַנג שוין נישט געווען אויף אַ שמחה? ווי לאַנג נישט געגעסן פאַרגעסן זיך?... האָט זיך חברה משמח געווען, געזונגען יידישע לידער — וואָס ווער עס האָט געקענט. ס'איז גע־ווען ליהודים. פאַרשטייט זיך, אַז די בעלת־שמחה — ראַכיל — איז געזעסן אין צענטער און האָט אַלעמען אונטערגערוקט נאָך אַ ביסל און נאָך אַ ביסל צום עסן, צום טרינקען.

צעשרייט זיך ווער שוין מיט אַ בגילופינדיק קול:

— איך טרינק פאַר ראַכיל! זאָל לעבן ראַכיל!

— פון היינט איבער אַ יאָר טרינקען מיר אין ריגע! — ענטפערט ראַכיל.

— אין ריגע! אין ריגע!

ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען זיך משמח געווען ביים יום־טובדיקן טיש.

איין „לחיים" אָבער האָט איבערגעריסן די פריילעכקייט: ס'האָט זיך איינער פון די געסט ביים טיש אויפגעשטעלט און געהאַלטן אַזאַ „טאָסט":

— איך טרינק פאַר אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע ראַנגלען זיך אין די געטאָס... איך טרינק פאַרן נצחון איבער די מערדער פון אונזער פאָלק! — — — — — — —

אַלע זענען פּלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן. אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט טרויעריק די קעפּ... קיין מונטערע לידער האָבן זיך שוין מער נישט געהערט. עס האָט ווער פאַרצויגן און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט:

הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן,
פריי באַהערשט די וועלט;
רייסט די ביימער, ברעכט די צווייגן,
טוט וואָס אייך געפעלט — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מ'האָט פאַרן גאַנצן עולם „אימפּראָוויזירט" געלעגערס: ווועמען אויף דער „גאַלאַנקע", וועמען אויף אַ באַנק. מ'האָט זיך שוין ווי עס איז „פּאָמיעשטשעט". די קיביטקע האָט זיכער נאָך קיינמאָל נישט אויפגענומען אויף נאַכטלעגער אַזוי פיל מענטשן.

אויך צומאָרגנס, זונטיק, האָבן מיר אַלע גענאָסן פון דער גאַסטפריינטשאַפט און פאַרבראַכט אין אכילה ושתיה.

און אַלץ דערפאַר, ווייל דער ברודער ראַכילס האָט ביי זיין אַרבעט זיך געקאָנט „געבן אַן עצה"...

***

געוויינלעך האָב איך יעדן זונטיק פאַרנאַכט רעזערווירט פאַר מיין באַקאַנטער פאַמיליע פון קיִעוו. שוין כמעט אַ מנהג געוואָרן. כ׳פלעג אַהין אויך מיטנעמען מיין פאַרטנער. איטלעכן זונטיק האָבן זיי אונדז פאַרבעטן צום „אוזשין״, פריִער מיך אַליין, לעצטנס אויך מיין פאַרטנער. דאָרט פלעגן מיר שוין פאַרברענגען דעם גאַנצן אָוונט מיטן אַראָפּריידן זיך פון די הערצער וועגן אַלץ, וואָס האָט אונדז געדריקט — סיי אונדז, פוילישע, סיי זיי, די סאָוועטישע בירגער. און זיי האָט דאָך אַ סך, אַ סך געדריקט. און פאַר אונדז זענען זיי שוין געוואָרן זייער אָפנהאַרציק. און נישט נאָר זיי — אַפילו זייערע באַקאַנטע, וואָס פלעגן אויך אַריינקומען אין אָוונט נאָך אָוונט־ברויט, האָבן אונדז שוין געקענט און פלעגן פאַר אונדז ריידן אויך אומגעשטערט, „וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג״...

אַזוי האָט אונדז איין עלטערער ייִד, אַ כאַרקאָווער, ווען ס׳איז געגאַנגען אַ רייד וועגן די סאָוועטישע קאָנצלאַגערן, דערציילט אַזאַ מין ביטערן „קוריאָז״:

ער, דער דאָזיקער כאַרקאָווער ייִד, האָט מיט אַ געוויסער צייט צוריק געאַר־בעט אויף אַ גרויסער „פּראָאיזוואָדסטווע״ ווי אַ דירעקטאָר. איינמאָל קומט צו אים אין קאַנטאָר אַן אָפיציר פון דער „נ.ק.וו.ד.״ און פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל פאַר אים צונויפשטעלן אַ רשימה פון 70 „ניעבלאַגאָנאַדיאָזשנע״ מענטשן אין זיין „פּראָאיזוואָדסטווע״...

— סטייטש?! — האָט ער אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן אויפן אָפיציר. — ביי אונדז זענען נישטאָ אַזעלכע. אַלע זענען לאָיאַלע אַרבעטער.

— ניטשעוואָ... אַז דו וועסט אַ זוך טאָן, וועסטו שוין געפינען...

— אָבער נישטאָ גאָר וועמען וואָס פאַרצוואַרפן. אַלע אַרבעטן געוויסנהאַפט.

דער „נ.ק.וו.ד.״־אָפיציר האַלט זיך אָבער ביי זיינס:

— ניטשעוואָ... וועסט שוין וויסן וועמען אַריינצושטעלן אין דער רשימה... ביז מאָרגן מוזן מיר שוין האָבן די רשימה אין אונדזער קאַנצעליאַריע... די מענטשן מוזן אָוועקגעשיקט ווערן אויף אַרבעט... פאָניאַטנאָ?... דאָ סווידאַניאָ!

דער כאַרקאָווער ייִד, דער דירעקטאָר פון דער „פּראָאיזוואָדסטווע״, איז גע־ווען ממש פאַרצווייפלט. וואָס טוט מען? ווי קריכט מען אַרויס פון דעם אומגליק? ער האָט זיך מיישב געווען מיט נאָנטע פריינט; אָבער קיינער האָט אים נישט געקאָנט געבן קיין אַנדער עצה, ווי נאָר „נאָכקומען״ דער פאָדערונג פון דער „נ.ק.וו.ד.״... זייער באַגרינדונג איז געווען אַזאַ: די 70 מענטשן וועלן זיי דאָך סיי־ווי־סיי שוין צונעמען. ביי „זיי״ שפּילט מען זיך נישט... געזאָגט — איז געזאָגט... איז אויב ער וועט זיי נישט צושטעלן די רשימה, ווי זיי פאָדערן פון אים, קאָן עס אים קאָסטן טייער... דאַן וועט ער זיין איינער פון די 70...

— וואָס האָט זיי געטויגט דאָס פֿאָדערן פֿון אײַך? אַז דווקא איר זאָלט פֿאַר זיי מאַכן די רשימה? — פֿרעג איך.

— גאָר פּשוט. זיי האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל די בעסערע מענטשן, די פּעיִקערע, איבערלאָזן פֿאַר דער „פּראַאיזוואָדסטוואָ". די 70 מענטשן האָבן זיי אפֿנים געפֿעלט צו אַ קאָנטינגענט, וואָס זיי האָבן געמוזט צושטעלן פֿאַר אַן עשאַ־לאָן אין לאַגער אַריין...

— עס ווערט מיר אַזש קאַלט... — זאָג איך.

— מיר זענען שוין צוגעוווינט צו די דאָזיקע מעשׂים. מיר ווערן שוין נישט נתפּעל... — באַמערקט מײַן גאַסט־געבער.

## 27

## מען מוז זיך „געבן אַן עצה"...

ווידער שטייט די פֿראַגע אין איר גאַנצער האַרבקייט: „וואָס טוט מען?" ווי קומט מען צו פֿאָרט צו אַ שטיקל „תּכלית"? הוצאות גייען: דירה־געלט, אַ „פּײַקע", אַמאָל אַ טאַלאָן אין „סטאָלאָוואַיאַ". מען מוז זיך „געבן אַן עצה"; ווען נישט, זענען מיר פֿאַרלוירן. פֿאַרלירן מיר אויך דעם דאַך איבערן קאָפּ. אמת, אַ שלימזלדיקע דירה: אַ ווינקל אין קיך אויף דער פּאָדלאָגע. אָבער דאַך נישט אונטערן פֿרײַען הימל.

די איניציאַטיוו איז איצט געווען בײַ מײַן „שותּף".

— פֿאַרפֿאַלן, — זאָגט ער מיר, — צי מיר ווילן יאָ, צי מיר ווילן נישט, מוזן מיר אַ ביסל אונטערמסחרן. מען צווינגט אונדז דערצו. איר זעט דאָך שוין צום ווײַפֿלטן מאָל, אַז פֿון אַרבעט קאָן מען נאָר אויסציִען די קאָפּיטעס...

האָבן מיר ווידער גענומען פֿאָרן קיין טשקאַלאָוו — שוין נישט מיט געאָ־לאָגישע מוסטערן פֿון דער טאָטערין מאַריאַ מאַכמודאָוונאַ, נאָר פֿון אייגענער אי־ניציאַטיוו. מיר זענען געפֿאָרן צום טשקאַלאָווער גרויסן באַזאַר. אַ ביסל געלט האָבן מיר נאָך געהאַט פֿון גאָדלעווסקיס שטיצע, און אויף אַ סאָוועטישן באַזאַר קאָן מען מיט אַ דרײַ־פֿיר הונדערט רובל כאַפּן „מציאות" און האָבן אויף אַ „פּײַקע" ברויט... וואָס שייך, אַז מען גייט אַרויס אויפֿן באַזאַר בלויז מיט איין „סעליאָדקע" (הע־רינג), קאָן מען אויך דערפֿון מאַכן אַ „מאַיאָנטעק"...

כאָטש מיר האָבן דאָך שוין נישט געאַרבעט אין דער „געאָלאָגיש־טאָפּאָג־ראַפֿישער פּאַרטיע", פֿונדעסטוועגן האָט אונדז דער אינזשיניער — גראָד נישט

דער ייִד, נאָר דער רוס — עטלעכע מאָל אויסגעשריבן „קאָמאַנדיראָווקעס“ קיין טשקאַלאָוו. אייגנטלעך האָבן מיר געקאָנט פאָרן מיטן „פריגאָראָדנעם“ צוג אָן אַ „קאָמאַנדיראָווקע“; אָבער די מעלה פון אַ „קאָמאַנדיראָווקע“ איז געווען וואָס מ׳האָט געקאָנט פאָרן באַקוועמער און גיכער מיטן מאָסקווער שנעל־צוג; שנית, קאָנען „קאָמאַנדיראָוואָטשנע“ באַקומען אין טשקאַלאָוו אַ טאַלאָן אויף מיטאָג אין דער ספּעציעלער „סטאָלאָוואַיאַ“ פאַר געקומענע פון די ראַיאָנען. נישט קיין שלעכטער מיטאָג געווען פאַר יענע באַדינגונגען. לכל הפחות אַ סך אַ בעסערער פון יענע מיטאָגן, וואָס עס באַקומען די אַרבעטער אין „מעל־זאַוואָד“... שוין בלויז צוליב דעם מיטאָג אַליין האָט געלוינט צו פאָרן קיין טשקאַלאָוו מיט אַ „קאָמאַנדיראָווקע“. דערצו נאָך אַ מיטאָג אין אַ רייַנערן לאָקאַל, מיט אַ פּאָר יונגע שמייכלדיקע „אָפיציאַנטקעס“ (קעלנערקעס)...

דעם איידעלן אינזשיניער האָבן מיר נאָך יעדער נסיעה באַדאַנקט, ווי תמיד, מיט אַ פּעקל טיי: אַ ליידנשאַפטלעכער טיי־טרינקער געווען.

פלעגן מיר אַזוי אַרום ברענגען „מציאות“ (און וואָס איז אין רוסלאַנד נישט געווען קיין „מציאה“?...). פון איין „יאַזדע“, אַ שטייגער, האָבן מיר איינמאָל אַראָפּגעבראַכט טרינק־סאָדע און גערדיכטע קעמלעך: ביידע טייערע אַרטיקלען און „זיבערע“ פאַרדינסטן. טרינק־סאָדע האָבן אַלע „כאַזייקעס“ גענוצט אַנשטאָט הייוון, וואָס מ׳האָט שוין לאַנג נישט אָנגעזען פאַר די אויגן. אַז מ׳פלעגט אין טייג פון אַ „לעפּיאָשקע“ אַריינטאָן אַ ביסל סאָדע, פלעגט זי אַרויסקומען צוויי מאָל אַזוי גרויס. גערדיכטע קעמלעך ווידער — דאָס איז געווען אַ זאַך, אין וואָס גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך זייער שטאַרק גענויטיקט... כמעט יעדער קאָפּ — ביי מאַן, צי פרוי — האָט געמוזט האָבן אַ גערדיכטן קעמל... פרויען נאָך מער ווי מענער... נו, האָבן מיר נאָך יענער „יאַזדע“ געקאָנט עטלעכע וואָכן לעבן במנוחה. ברויט געגעסן ממש איטלעכן טאָג!...

מיטן אָנקומען פון פרילינג, ווען די שאַרפע קעלטן און פרעסט זענען פאַרשוווּנדן, די שנייען צעגאַנגען און די בלאָטעס האָבן זיך אויסגעטריקנט, האָבן מיר זיך געקאָנט פרייער באַוועגן אין שטאָט און מיר האָבן זיך אויסגעזוכט אַ בעסערע דירה: איינע אַ „גראַזשדאַנקאַ“ מיט דריי קינדערלעך, וואָס איר מאַן איז אויפן פראָנט און זי איז אויף גרויסע צרות, האָט אונדז פאַרדונגען אַ בעט צום שלאָפן. אַן אַלט, הילצערן, ברייט בעט, ווו מיר האָבן געקאָנט ליגן ברחבות זאַלבענאַנד. זי אַליין מיט די קינדערלעך האָט זיך איינגעאָרדנט אויף דער ברייטער גערוימער „גאַלאַנקע“. אַ חוץ דעם ביסל געלט, וואָס זי פלעגט פון אונדז באַקומען, פלעגט זי נאָך אויך געניסן פונעם טאָפּ זופּ, וואָס זי פלעגט פאַר אונדז

קאָכן. די זופּן פלעגט זי קאָמבינירן פון די פּראָדוקטן־קאָנסערוון, וואָס מיר האָבן געהאַט באַקומען פון צייט צו צייט פון פּוילישן „מאָנזש זאַאָפּאַניאַ".

די דאָזיקע פרוי — יעלענאַ גריגאָריעוונאַ — איז נאָך געווען אַ יונגע און אַ גאַנץ באַחנטע. זי האָט געהאַט וויכע מאַנדל־אויגן און אַ זיסן שמייכל. אָבער נישט אַזוי אָפּט פלעגט יעלענאַ שמייכלען — דער דלות האָט זי דערדריקט און זי האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די דריי קליינע, תמיד הונגעריקע קינדער. די קאַרגע צוטיילונגען, וואָס זי פלעגט קריגן פאַר זיי אין „לאַראָק", זע־נען געווען ווי אַ שפּיי אין ים. דערצו קינדער רייסן דאָך, פליקן דאָך. כסדר ניי, כסדר לייג לאַטעס. לאַטעס איינע אויף דער אַנדערער. אַ ביסל פלעגן אויך צו־וואַרפן פאַר די קינדער די זיידע־באָבע, די עלטערן פון איר מאַן, וואָס „פּאָזשי־וויען" זיך פון אַן אייגענעם גאָרטן; אָבער אַניך די דאָזיקע נישטיקע הילף האָט זיי קיינמאָל נישט געקאָנט זאַט מאַכן...

אַ פיל שווערערע צייט האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן מיטן מאָמענט, ווען סאָוועט־רוסלאַנד האָט איבערגעריסן מיט דער לאָנדאָנער פּוילישער רעגירונג. אַלע דעלעגאַטורן אין די אָבלאַסטן זענען פאַרמאַכט, ליקווידירט געוואָרן. אויב עס זענען געווען געוויסע רעזערוון פון מלבושים און פּראָדוקטן ביי פּוילישע פּאַרטרויאונגס־מענער אויף די ערטער, אין די ראַיאָנען, האָבן זיי „געמאַכט אַ שווייג". זיי האָבן עס כמעט אַלץ געירשנט פאַר זיך און די פליטים האָבן זיי דערקלערט, אַז זיי האָבן גאָרנישט, קיין פאָדים נישט. אַזוי האָט מען אויך גע־רעדט אויף אונדזער „מאָנזש זאַאָפּאַניאַ". ער האָט געטענהט, אַז אים איז גאָר־נישט געבליבן; אַז ער האָט אַלץ פאַנאַנדערגעטיילט; אָבער דער און יענער האָבן געמורמלט, אַז מ'האָט געזען זיין ווייב פאַרקויפנדיק זאַכן און פּושקעס קאָנסערוון.

אָבער ווער האָט שוין דאַן געקאָנט רופן די פּוילישע פּאַרטרויאונגס־מענער לדין? ווער און צו וועמען? האָבן זיי זיך טאַקע פאַרזאָרגט מיט „פּרנסה" פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס אויף לאַנג, לאַנג, און קיין הונגער און נויט האָט זיי שוין נישט געקוועלט אין די האַרטע סאָוועטישע באַדינגונגען.

## 28

## שטימען פון אַלע וויייטן

אין די דאָזיקע שווערע טעג פאַר אַלע פּוילישע זענען צו מיר דערגאַנגען בריוו פון קאָלעגן־שרייבער אין אַלע וויטן, אין אַלע עקן רוסלאַנד. דאָס זענען

געוועזן שטימען, אָפּרופן, דורכגעדרונגען און דורכגעטרערט מיט אונדזער אַלע־מענס „איכה"...

שרייבט מיר משה גראָסמאַן פון סאַמאַרקאַנד:

..."איר האָט אַוודאי געלייענט די „פריילעכע" ידיעות וועגן אונדזערע אַלטע היימען? אונדז איז באַשערט, זעט אויס, צו זיין דער דור המדבר"... „נאָר וואָס וועלן מיר זיך קעגנזייטיק שאַבן די וווּנדן"...

„עס איז דאָ ד"ר י. צינעמאַן, מיך געבעטן אייך גריסן. מ. אָלעי'ן גייט פאַר־העלטנישמעסיק גוט. אַ המשמח בחלקו. אים געטראָפן היינט מיט אַ גמרא אין גאַס, אַמאָל מיט אַ חומשל, אַ סידורל, און מער אינטערעסירט אים כמעט שוין נישט... קוטשער האָט געאַרבעט אין פּוילישן פּונקט אַלס וועכטער... לעצטנס האָט ער געקריגן אַ פּעקל צוגעשיקט פון זיינס אַ באַקאַנטער פרוי. איך האָב נאָך גאָרנישט געקריגן. ווען איך האָב געשריבן צו מיינע קרובים אין א"י האָב איך אייך כסדר דערמאָנט. געקריגן עטלעכע בריוו פון יחיאל האָפּערן. ער האָט געאַרבעט אין פערגאַנאַ אַלס „מאָנזש זאַאופּאַניאַ" אין דאָרטיקן פּוילישן פּונקט. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אייך. אַ שאָד, וואָס מיר זענען דאָ אַלע אַזוי צעוואָרפן. קאַגאַנאָווסקי, גראַדע, ש. י. גאָלדשטיין שרייבן פון צייט צו צייט. לעאָ (פינקעלשטיין) און פּטאַשקין שרייבן אָפּטער. אויך וואַלדמאַן. צוויי מאָל געקריגן בריוו פון ב. מאַרק. שלמה שיינבערג איז געשטאָרבן אין קויבישעוו. אין תל־אביב איז אין פאָריקן יאָר געשטאָרבן יאושזאָן. די קברים, זעט אויס, זענען צעעפנט און גאָרן נאָך רויב... שוין אַ סך מאָל געשטאַנען איבערגעבויגן איבער דער ערדישער שויס און זיך אַרויסגעגליטשט. און וואָס איז מיט אונדזערע קינדער, פרויען?... אייזן איז דאָך פּאַפּיר קעגן אונדז... יעדן טאָג פאַלן אַזוי פיל קרבנות, די וועלט איז אויסגעשמירט מיט בלוט און מיר לעבן נאָך דערוויילע פאָרט. אולי!..."

שרייבט מ. וואַלדמאַן פון בוכאַרע:

..."עס האָבן מיך אויפגעטרייסלט ביז אַלע מיינע טיפענישן די ידיעות וועגן וואַרשע... די חורבות פון אונדזערע היימען, די שענדונג פון אונדזערע הייליקייטן, דאָס אומברענגען אַזוי מערדעריש־סאַדיסטיש אונדזערע נאָענטע מאַכט דאָך משוגע"...

„איר פרעגט פּרטים וועגן דער טעלעגראַמע, וועגן וואָס כ'האָב אייך דער־ציילט אין פאָריקן בריוו. עס האַנדלט זיך וועגן אַ דעפּעשע, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן אין תל־ אביב (ווי אַזוי וויס איך אַליין נישט) פון וואַרשע, פון ד"ר רינגעלבלום, ד"ר בערמאַן און נתן בוק (בוקסבוים). זיי האָבן געבעטן הילף, גלייכ־צייטיק זיך געזעגנט"...

אַ צערודערט בריוול איז מיר אויך אָנגעקומען פון ל. לענעמאַן, פון פער־גאַנאַ. אַלע שרייבער דאָרט זענען זייער דערשלאָגן פון די לעצטע ענדערונגען אין די סאָוועטיש־פּוילישע באַציִונגען.

א. צפנת עצהט מיר צו קומען קיין פערגאנא און זיין צוזאַמען מיט דער דאָרטיקער גרופּע שרייבער, נישט פאַרוואָרפן איינער אַליין און איינזאַם אין אַק־בולאַק.

יאָ, גרינג צו זאָגן: אונטערנעמען איצט, אין אַזעלכע טעג, אַזאַ נסיעה!

אַ דערדריקנד בריוול — אַ העפט־זייטל אויפגעלייגט אין אַ דריי־עק — איז מיר אויך אָנגעקומען פון צ. ז., וואָס שטעקט נאָך אַלץ אין קאַלכאָז „8ער מאַרט". די שוואַרצע בשורות פון די געטאָס אין פּוילן האָבן אים לחלוטין צעבראָכן. זיין גרינגע אַרבעט אַלס „אוטשאָטשיק" האָט ער שוין דאָרט פאַרלוירן. איצט אַרבעט ער שוין געַנוג שווער אין אַ קוזניע ווי אַ „מאַלאָטאָבאָיעץ" (שמיד־פּועל). ער זעצט מיטן שווערן האַמער גאַנצענע טעג — אַבי נישט צו בלייבן אָן אַ שטיקל ברויט. ער געדענקט נאָך גוט, עס ליגט אים טיף אין די ביינער יענע צייט פון אונדזער געמיינזאַמען נע־ונד און הונגער אין אוזבעקיסטאַן. ער איז אויך דעפּרימירט פון די לעצטע נייעסן פאַר די פּוילישע. ער ריכט זיך אויף דאָס ערגסטע... ער האָט מורא צו ברענגען עס אויפן פּאַפּיר און שרייבט מיט אַ סך פּינטעלעך...

גערירט האָט מיך באַזונדערס אַ פּאָסט־קאַרטל, געשריבן אין רוסיש, פון יונגן דיכטער א. פּטאַשקין, פון ווייטן סיקטיווקאַר. דאָס איז געווען דאָס ערשטע און לעצטע בריוול פון אים. ער שרייבט:

„געלייענט אייער בריוו צו ל. פינקעלשטיין. כ'האָב זיך זייער דערפרייט, וואָס עס האָט זיך געפונען נאָך אַ גליד פון אונדזער משפּחה. גוט, וואָס איר פאַרלירט נישט די האָפענונג. כ'ווינטש אייך אויך אויף ווייטער זיך צו האַלטן ווי ביז איצט. איר האָט אַ סך איבערגעלעבט, אָבער אויך מיר דאָ לעבן איבער נישט ווייניק. איך אַרבעט ווי אַ „זאַווכאָז" אין אַ באָד־וועשעריי־קאָמבינאַט; אָבער מיין אַרבעט איז אַ זייער שווערע און איך באַמי זיך, אַז מען זאָל מיך באַפרייען. די לעבנס־באַדינגונגען זענען נישט קיין לייכטע. ווי לעבט זיך אייך און ווי אַרבעט איר? ס'איז פריידיק אין אונדזערע שווערע טעג צו לייען די שורות פון אונדזערע היימישע. שרייבט אָפטער און בפרטיותדיק. אייער אברהם פּטאַשקין".

פון זעלבן סיקטיווקאַר שרייבט מיר לעאָ פינקעלשטיין ווידער:

„די ידיעה וועגן די וואַרשעווער קדושים האָט מיך אינגאַנצן צעבראָכן. זאָל דאָס טאַקע זיין אמת? איך וויל אין דעם גאָרנישט גלויבן. עס איז דאָך פּשוט משוגע צו ווערן. אַ שטיקל טרייסט געפינט מען אין די לופט־אָנפאַלן אויף בער־לין. זאָלן זיך די אָנפאַלן מערן".

„צופעליק איז מיר צום ערשטן מאָל אַריינגעפאַלן אַ נומער „איינִיקייט“ מיט ערנבורגס בריוו וועגן דעם ייִדישן חורבן־אוקראַינע. ס׳איז דאָרט אויך פאַראַן אַ רעצענזיע וועגן דער ייִדישער מלחמה־דיכטונג. עפּעס אַ מאָדנער קער צו חומש־„טראַמטאַדראַטיק“. עס ווימלט מיט חדר־נעמען און קאַבצאַנסקער „תמר“־וויזיע. דאָס איז שטאָף פאַר אַ פּסיכאָלאָגיע־סטודיע. מען קאָן זיך וועגן דעם אונטער־האַלטן ביי אַ זשעמיאַנסקע־טישל“...

„פון וועמען באַקומט איר בריוו? דערהאַלטן בראָדערזאָנס קאַרטע. איך האָב זיך דערמיט זייער דערפרייט און אים באַלד געענטפערט. אויך באַקומען אַ קאַרטע פון גראָסמאַנען. ער איז מיין הויפּט־אינפאָרמאַטאָר. פון אים ווער איך געוואָר אַלע נייעסן“.

„כ׳בין זייער נייגעריק צו וויסן וואָס איז געוואָרן מיט באַגישן, סעמיאַטיצ־קין, טורקאָ (אָקרוטני), זאַקאַליקן, זאַראָמבן. מען שמועסט פערלע און קאַציזנע זענען ערגעץ פאַרפאַלן געוואָרן. ווו זענען אַהינגעקומען גליקסמאַן און פּרילוצקי?“

און קורץ נאָכדעם — נאָך אַ בריוול פון לעאָ פינקעלשטיינען:

„די צייט — שרייבט ער — איז געווען אַן אומבאַשטימטע. איין טאָג האָט ווידערגעשפּראָכן דעם צווייטן. חוץ דעם האָבן מיר איבערגעלעבט ווייטיקלעכע מאָמענטן. ישראל טראַנק איז שוין אויפן עולם האמת... לעצטנס האָט זיך פּטאַש־קין געזעגנט מיט דער וועלט אויפן זעלביקן אופן ווי פּערלעס פרוי... (ד״ה, זיך אויפגעהאנגען... אַ. ז.) — אַזוי אַז עס אָטעמט זיך איצט שווערלעך“...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דעם יונגן דיכטער א. פּטאַשקין האָט פאַרפעלט כוח אויסצוהאַלטן, אויסצו־דויערן דעם שווערן גלות אויפן ווייטן צפון. וויפל פעלט עס אפשט איטלעכן פון אונדז צו אַזאַ שריט?... אָבער ניין! צולהכעיס דעם גורל מוזן מיר זיך אַלע האַלטן! מיר מוזן וואַרטן ביז אַ פינאַל פון דער טראַגישער עפּאָפּייע — — —

און אָט אַן ערשט בריוול פון משה בראָדערזאָן. ער געפינט זיך ערגעץ הינ־טער די הרי חושך. אין זיין ערשטן פּאָסט־קאַרטל, אין פעליעטאָניסטישן נוסח, שרייבט ער:

... „דערוויס איך זיך, אַז איר זענט לעבפעיִק און שרייב־פעיִק. דער דאָזיקער פאַקט (און נישט בלויזער קלאַנג) האָט מיך זייער דערפרייט. אַז מעט לעבן — עט מען עסן, און אַז מעט עסן, וועט מען נישט פאַרזעסן. דער עיקר: נישט פאַר־געסן וואָס די קולטור־וועלט, פּראָמיסיאָן, האָט מיט אונדזער פאָלק און מיט אונדז גופא אָפּגעטאָן פאַר אַ שפּיצל“...

צום סוף וועגן זיך:

„מיין לעצטע גלות־געשיכטע לייענט זיך בקיצור אַזוי: דעם 22סטן יוני 1941 בין איך מיט דער שרייבער־גרופּע פון ביאַליסטאָק אַרויס קיין נאָוואָ־זענסק, סאַראַטאָווער קאַנט, און פון דאָרט, סוף אָקטאָבער 1941, בין איך מגולגל געוואָרן אָט דאָ, ווו איך געפין זיך איצט, ד״ה, אין קאַראַקאַלפּאַקיע, אין טורטקול — אַ כמו שטאָט, וואָס ווערט האָסטיק אַראָפּגעשווענקט פון דער אַמו־דאַריאַ. איך געפין זיך דאָ — אויב נישט אין אַ בעריש, איז אין אַן אייזליש ווינקל, און איך דאַר פון דער היץ און פון קנאַפּער אַכילה. רירן זיך פון אָרט קאָן איך נישט, ווייל איך געפין זיך דאָ מיט מיין מוטער, שוועסטער, פרוי, טאָכטער, איידעם, אייניקל. הויל און נאַקעט. כ׳וואָרט אויפן ייִדישן שטייגער — אויף נסים. אָט־אָט״...

„שרייבן האָב איך די ערשטע צייט אַ סך געשריבן. איצט האָט זיך עס אָפּגעשטעלט״...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די דאָזיקע אַלע בריוו — די שטימען פון אַלע וויטן — האָבן מיך נישט באַרויִקט, נאָר פאַרגרעסערט מיין פיבער, מיין אומרו אין די דאָזיקע אומבאַשטימטע טעג. עס וואָלט זיך איצט, אין די דאָזיקע פינצטערע שטימונגען, געוואָלט זיין כאָטש צוזאַמען מיט חברים־שרייבער, די „משפּחה־גלידער״ — ווי פּטאַשקין האָט מיר ערשט נישט לאַנג געשריבן אין זיין ערשטן און לעצטן בריוול... ווען עס וואָלט געקאָנט זיין אַזאַ מין קיבוץ־גלויות פון אונדזערע אַלע היימישע פּען־מענטשן, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער די רוסישע אומענדלעכע מרחקים!

## 29

## אַ שוואַרצער טאָג

אַ שוואַרצער טאָג איז אָנגעקומען פאַר די פּוילישע:

— פּאַספּאָרטיזאַציע!

ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג האָט עס אונדז אַלעמען געטראָפן.

מיליציאָנערן זענען געגאַנגען איבער די כאַטעס, לויט די איינמעלדונגס־קאַרטעס, און פאַנאַנדערגעטראָגן צו די פּוילישע די „איינלאַדונגען״ אין דער מיליץ. אויפן „ערשטן פייער״ איז גערופן געוואָרן דער „מאָנזש זאַאופּאַניאַ״ פון דער שוין געשלאָסענער פּוילישער דעלעגאַטור אין טשקאַלאָוו.

זענען אַלע פּוילישע געוועזן אויפגערעגט, געשפּאַנט.

גאָדלעווסקין — דעם פּוילישן פאַרטרויאונגס־מאַן — האָט מען אָפּגעהאַלטן

אין דער מיליץ אַ שײנע פּאָר שעה. געווען שוין קלאָנגען, אַז ער איז הינטער די קראַטן. די פּוילישע זענען אומגעלאָפן צעמישט מיט די „איינלאַדונגען" זיך אַן עצה צו האַלטן. וואָס טוט מען? ווי פאַרהאַלט מען זיך? זאָל מען יאָ נעמען אַ סאָ־וועטישן פּאַס? אָדער זיך אָפּזאָגן? יאָ נעמען — איז שוין אַדיע מיטן אַרויספאָרן אַמאָל פון סאָוועטישן „גן־עדן". נישט נעמען — מיט וואָס זשע שמעקט עס?...

אין אָוונט בין איך מיט מ. געווען ביי גאָדלעווסקין. ער איז ערשט נישט לאַנג צוריקגעקומען פון דער מיליץ — אַ צעבראָכענער. לכתחילה האָט ער נישט געהאַט קיין מוט צו ריידן. אַ ביסל האָט ער זיך אויף פּאָר אונדז צוגעשעמט, וואָס ער איז נישט געווען קיין „העלד" אין דער מיליץ און האָט זיך אונטערגעגעבן. שפּעטער, אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַרויִקט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ראַדאַצי, נישטאָ וואָס צו מאַכן. מען מוז אַרויסנעמען אַ סאָוועטישן פּאַס.

ער האָט אונדז דערציילט די פּרטים: מ'האָט אים כּלל נישט געפרעגט, צי ער וויל אַ סאָוועטישן פּאַס אָדער נישט. ביי זיי איז עס קיין פראַגע נישט... אַלע פּוילישע פּאַפּירן זיינע האָט מען פון אים צוגענומען און מ'האָט אויסגעפילט אויס־פירלעכע אַנקעטעס. אַז ער האָט געפרעגט: „צו וועלכן ציל?" האָט מען אים פּראָסט און פּשוט געזאָגט, אַז פון איצט אָן איז ער שוין מער נישט קיין פּוילישער בירגער, נאָר אַ סאָוועטישער; אַז ער וועט באַקומען אַ סאָוועטישן פּאַס. מ'האָט אים נאָר געהייסן ברענגען צוויי קליינע פּאָטאָס, נישט מער.

ווי גאָדלעווסקי דערציילט, האָט ער זיך לכתחילה יאָ געפּרוּווט אָפּזאָגן פון נעמען אַ סאָוועטישן פּאַס; אָבער אַן אָפיציר פון דער „נ.ק.וו.ד." האָט אים באַלד אָפּגעלאָשן דעם קוראַזש.

— אין אַ סאָוועטישער תּפיסה זענט איר שוין געווען?... — האָט ער אים אַ פרעג געטאָן.

גאָדלעווסקי האָט פאַרשטאַנען די „קאַפּוליער אַנצוהערעניש" און האָט געשוויגן.

— ענטפערט! איר זענט געווען? — חזרט יענער איבער די פראַגע מיט אַ געבייזער.

— געווען... — האָט ער שוין געענטפערט.

— נו, וועט איר נאָכאַמאָל פאַרזוכן דעם טעם פון תּפיסה... — איז געקומען אַ צינישער זאָג פון „נ.ק.וו.ד."־אָפיציר.

ער האָט באַלד איינגעזען, אַז ער וועט זיין קאַמף פאַרשפּילן און ער האָט זיך אונטערגעגעבן.

— טו ניעמאַ ראַדי, ראַדאַצי! (דאָ איז נישטאָ קיין עצה, לאַנדסלייט!) — האָט ער זיך פאַר אונדז אַ זשענירטער ווי פאַרענטפערט, כּדי מיר זאָלן נישט

אויסטייטשן, אַז ער — וואָס האָט געדאַרפט ווייזן אַ מוסטער פון עקשנות, פון שטאַנדהאַפטיקייט — האָט געהאַנדלט ווי אַ פּחדן...

דאָס רופן דעם ערשטן גאַדלעווסקין איז מצד דער „נ.ק.וו.ד." געווען אַ פּאָ־רויסגעזעענער „טריק": זיי האָבן געוווּסט, אַז ווי נאָר זיי וועלן איינברעכן גאַד־לעווסקין און ער וועט נעמען אַ פּאַס, וועלן שוין נאָכדעם אַלע פּוילישע נעמען אָן איבעריקע טענות ומענות... און אַזוי איז טאַקע געווען: ייִדן, פּאָליאַק — יעדער, ווער ס'איז גערופן געוואָרן אין דער מיליץ, האָט זיך שוין גאָרנישט געפּרוּווט קעגנשטעלן. צו וואָס זיך „נאַריש מאַכן"?...

די פּוילישע ייִדן האָבן נאָר געהאַלטן, אַז ביים פאַרשרייבן די פּערסאָנאַליען לויִנט בעסער אין דער רובריק „נאַציאָנאַליטעט" אָנצוגעבן נישט „ייִד", נאָר „פּאָליאַק". דער חשבון איז געווען אַזאַ: ייִדן מיט סאָוועטישע פּעסער וועלן שוין זיכער קיינמאָל נישט קאָנען אַרויספאָרן פון דאַנען און פּאָליאַקן האָבן נאָך יאָ אַ שטיקל האָפענונג: סוף־כל־סוף וועט דאָך פּוילן צוריק אויפגעשטעלט ווערן, וועט דאָך זיין ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר די פּאָליאַקן; אָבער ווער וועט זיך עס אין פּוילן איינשטעלן פאַר ייִדן מיט סאָוועטישע פּעסער? אַדרבה, די קומענדיקע פּוילישע רעגירונג וועט נאָך זיין צופרידן, וואָס פּוילן וועט פּטור ווערן פון אַ ביסל ייִדן.

אַזוי האָבן מיר, פּוילישע ייִדן, אויסגעפּשטלט. אָבער די „נ.ק.וו.ד." האָט געמאַכט איר אייגענעם „פּשטל"... מ'האָט איטלעכן איינציקן ייִד גענומען אויפן פאַרהער און אויסגעדרונגען, אַז ער איז נישט קיין פּאָליאַק, נאָר דווקא אַ ייִד, און זיי האָבן דווקא פאַרשריבן אין די אַנקעטעס, און שפּעטער אין פּאַס: „נאַציאָנאַל־נאָסט׳ — יעווריי".

געלונגען איז עס נאָר מיין פּאַרטנער צו ווערן פאַרשריבן ווי אַ פּאָליאַק. מ'האָט אים דערביי גענוג אויסגעפּייניקט מיט פאַרשיידענע פראַגן וועגן זיין ייִדן און טאַטן; לסוף האָט ער זיך געראַטעוועט מיט אַ ליגן.

— איז אייער טאַטע געגאַנגען אין סינאַגאָגע?

— יאָ. — האָט ער דאָך געמוזט ענטפערן.

— און איר?

— איך ניין.

— און אין קאָשטשאָל זענט איר געגאַנגען?

— יאָ! — איז ער אַרויס מיטן ליגן.

— אַ קאַק עטאָ? אייער טאַטע אין סינאַגאָגע און איר אין קאָשטשאָל?

— אין פּוילן איז געווען דערלויבט איבערצוגיין צו אַן אַנדער רעליגיע.

## אויף שליאַכן פון הפקר

— זענט איר, הייסט עס, אַריבער צום קאַטאָליציזם?

— יאָ.

— צוליב איבערצייגונג אָדער צוליב פאַרפאָלגונג?

— צוליב איבערצייגונג.

— זענט איר אַ גלויביקער קאַטאָליק?

— יאָ... אַמאָל... איצט בין איך נישט פרום...

און ער האָט אויסגעפירט. מ'האָט אים פאַרשריבן: „פּאָליאַק".

דערפון זענען געוואָר געוואָרן אַלע פּוילישע ייִדן אין אַק־בולאַק און דעריבער האָט מען אים זינט דאַמאָלס גערופן מיט איראָניע: „מאיר קאַטאָליק"...

אַז ס'איז געקומען אין דער מיליץ מיין ריי, האָב איך נאָר אויטאָמאַטיש, כלומרשט תמעוואַטע, אויף דער פראַגע „נאַציאָנאַלנאָסט'?" געענטפערט: „פּאָליאַק"...

באַלד נעמען זיך שיטן די אַלע פראַגן: „און אייער זיידע?" „אייער פאָטער?" „צי גייט איר אין סינאַגאָגע?"... „אאַז"וו. זאָגן, אַזוי ווי מ., אַז איך בין אַ משומד — דאָס האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט. האָב איך סתם געשטאַמלט.

בעת מיין פאַרהער איז אויך געזעסן אָן אַ זייט דער ייִדישער אָפיציר פון „נ.ק.וו.ד.", ביי וועמען מיר האָבן אַמאָל געהאַקט האָלץ. האָט ער זיך גלייך אָפּגערופן:

— ווי אַזוי זשע זענט איר אַ פּאָליאַק? אָט איך... מיין פאָטער איז געווען אַ ייִד, בין איך אויך לויט נאַציאָנאַליטעט אַ ייִד.

אַוודאי איז ער דאָך גערעכט. אַזוי איז עס דאָך טאַקע. אָבער גיי דערצייל אים אַ מעשה פאַרוואָס איך וויל מ'זאָל מיך פאַרשרייבן ווי אַ „פּאָליאַק"...

איך פרווו אים „קלאָר מאַכן":

— כ'מיין צו זאָגן, אַז איך בין אַ פּוילישער בירגער...

— דאָס ווייסן מיר, אַז איר זענט אַ געוועזענער בירגער פון געוועזענעם פּוילן. איצט איז שוין נישטאָ קיין פּוילן. איצט זענט איר אַ סאָוועטישער בירגער. פּאָניאַטנאָ? . . .

וואָס צו ענטפערן האָב איך געהאַט אַ סך, אַ סך דעם „נ.ק.וו.ד."־אָפיציר; אָבער גיי דיסקוטיר מיט אַ „נ.ק.וו.ד.'ניק" — מעג עס זיין אַ זון פון אַ ייִד... מעג ער פאַרשריבן זיין אין זיין פּאַס: „נאַציאָנאַלנאָסט' — יעווריי"... איז שוין גלייכער צו שווייגן, אַלץ אויפנעמען שווייגנדיק. אַ שאָד איז מיר נאָר געווען אָוועקצוגעבן דעם פּוילישן פּאַס, דעם פּאַס אין דריי שפּראַכן, וואָס איך האָב געקריגן

אין טשקאַלאָוו, אין דער פּוילישער דעלעגאַטור, און וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר אַ „פּריווילעגיע״: דאָס האָבן דאָך געקריגן נאָר די געוועזענע לאַגערניקעס, די „זע־קאַ״.

אין משך פון איין וואָך צייט זענען אַלע פּוילישע — אַפילו פון די ווייטסטע קאָלכאָזן אין ראַיאָן — גערופן געוואָרן אין מיליץ און אַלע ווי איינער האָבן געמוזט אַרויסנעמען סאָוועטישע פּעסער.

שפּעטער זענען אָנגעקומען ידיעות פון אַנדערע קאַנטן, אַז אַ סך פּוילישע, וואָס האָבן זיך איינגעעקשנט, האָט מען טאַקע אַרעסטירט און זיי זיצן גאַנץ פעסט הינטער די קראַטן. בלויז אין געוויסע פּונקטן אין אוזבעקיסטאַן האָט די מיליץ געהאַט אַן אַנדער טאַקטיק: דאָרט האָט מען די עקשנים אַרויסגעגעבן שטאַטלאָזע־דאָקומענטן. דאָס זענען אָבער געווען קליינע אויסנאַמען.

האָבן די פּוילישע געוואָרנט איינע די אַנדערע:

— איצט מוז מען שוין היטן די ביינער. אויס יחסנים!

— מ׳וועט שוין אויף אונדז קוקן ווי אויף סאָוועטישע בירגער: פאַר יעדער קלייניקייט — תפיסה, לאַגער.

— מ׳מוז שוין זיין אין אָרדענונג מיט דער אַרבעט. נישט קריכן צופיל אויפן באַזאַר. מיר וועלן שוין שטענדיק האָבן אַן אויג אויף זיך...

דאָס ערגסטע פאַר אונדז, פּוילישע ייִדן, איז געווען — די פאַרלוירענע האָפענונג... די האָפענונג צו פאַרלאָזן אַמאָל דאָס דאָזיקע אומגליקלעכע לאַנד...

און ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל האָט מען איינע די אַנדערע דערמאָנט וואָס די רוסן אין לאַגער פלעגן אונדז שטענדיק אַריינזאָגן, צעקלאַפּן אונדזערע „אילו־זיעס״, שיטנדיק זאַלץ אויף די ווונדן:

— „דיין לינק אויער זעסטו? אַזוי וועסטו אָנזען דיין וואַרשע״...

— אָבער פאַרוואָס וואַרפן זיי זיך אַזוי מיט זייער בירגערשאַפט? — האָבן פּוילישע געטענהט אין די געזעמלעך צווישן זיך. — ביי לייטן, אין אַלע לענדער, איז נאַטוראַליזאַציע, ווערן אַ בירגער — אַ שווער פּראָבלעם. יאָרן דאַרף עס דויערן אין בעסטן פאַל ביז וואַנען אַ „גרינער״ דערשלאָגט זיך צו אַזאַ פּריווי־לעגיע. און דאָ... ממש מ׳צווינגט דיך, מ׳שטופּט דיר מיט געוואַלט דעם סאָוועטישן פּאַס, כאָטש מ׳איז זיי מוחל די נישט־געבעטענע „פּריווילעגיע״...

— דער בעסטער סימן, — קומט אַ קאָמענטאַר, — ס׳אַראַ „גליקלעך״ לאַנד דאָ איז... אַז יעדער וויל זיין וואָס ווייטער פון דאַנען... וואָס ווייטער, ווייטער...

## 30

## ווידעראַמאַל — קאָלכאָז!

מיט דעם בלויען סאָוועטישן פּאַס אין טאַש, האָט מען שוין געמוזט נעמען טראַכטן „מיט אַנדערע קאַטעגאָריעס״... מיין רעכטלעכער מצב — „אַן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג״ — איז געוואָרן פאַר מיר אומזיכער. דעם פּאַסוס „אַן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג״ געדענק איך גוט פון מיין קאַרטאָטעקע אין גראָדנער תפיסה — הגם איך האָב יאָ געאַרבעט (אין יידישן טעאַטער־קאָלעקטיוו). איצט קאָן איך זיך שוין מער נישט דעקן מיטן שטענדיקן תירוץ: „ביעזשעניעץ״... כ׳בין שוין אויס „ביעזשעניעץ״. כ׳בין שוין אַ סאָוועטישער בירגער, און ווי אַ סאָוועטישער בירגער מוז איך זיך נוהג זיין ווי אַלע, ווי דער כלל. מוז איך שוין געדענקען אַלץ, וואָס מ׳טאָר און וואָס מ׳טאָר נישט. קורץ — מ׳מוז היטן די ביינער. קודם־כל מוז איך זיך דעקן מיט אַ „ספּראַווקע״ פון אַן אַרבעט־פּלאַץ.

האָב איך ווידער גענומען נאָכפרעגן ביי אַלע מייגע באַקאַנטע וועגן אַ פּאַסיקער אַרבעט אין אַ שטאַטישער אינסטיטוציע, וואָס זאָל געבן כאָטש אַ מינימום עקזיסטענץ. אָבער אַלע נאָכפרעגענישן האָבן צו גאָרנישט געבראַכט. די אייגענע, אַלטע געשיכטע: אַרבעט האָט מען יאָ געקאָנט געפינען; אָבער נאָר דאָרט, וווּ מ׳האָט פאַר דער אַרבעט כמעט גאָרנישט באַקומען.

אין די דאָזיקע טעג פון זוכענישן באַקען איך זיך גראָד אין דער „סטאָלאָוואַיאַ״ מיט איינעם אַ פּוילישן ייִד, אַ קראָקעווער, וועלכער אַרבעט אין אַ קאָלכאָז, אין קאָלכאָז „פּאָליאַנאַ״. געהייסן האָט ער האָרוויץ. אַ מענטש אין די פערציקער. מיר זענען געזעסן בשכנות ביים טיש און גלייכצייטיק געזופּט דעם שיטערן „ראַסאָלניק״. מיר האָבן זיך צעשמועסט. אוז אַז האָרוויץ איז געוואר געוואָרן ווער איך בין, האָט ער זיך שוין צו מיר צוגעקלעפּט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז כמעט צופרידן פון זיין קאָלכאָז. וואָס שייך צופרידן? צופרידן זיין אויף אַן אמת איז נישטאָ פון וואָס. ער קומט אָפּ מיט קאַרגע פּאָסטנע עסנס, מיט ברויט און אַ זופּקע און אַ סך טעג בלויז מיט ברויט און „קיפּיאַטאָק״. דערצו זעט ער קיינמאָל נישט קיין מענטש פאַר די אויגן, מיט וועמען צו קאָנען כאַפּן אַ שמועס. ער זעט נאָר פּויערים און ביקעס. אָבער דאָך האָט ער זיך שוין איבערצייגט, אַז דאָס וואַנדערן און דאָס אַרומוואַלגערן זיך וועט אים דאָ גאָרנישט געבן; אַז עס וועט אים סוף־כל־סוף אָוועקליינן. איז שוין בעסער צו זיצן רויק אויף אַן אָרט און אָפּקומען גלות, און אויסדויערן. פּאַרפאַלן, זאָל זיין מיט פּויערים, זאָל זיין מיט ביקעס...

אברהם זאַק

ער האָט גערעדט מיט לאָגיק, אָט דער האַרוויץ.

— וואָס זשע טוט איר אין קאַלכאַז? — פרעג איך אים.

— אַ נפקא־מינה וואָס... כ׳בין אַן „אָכראַניק״ (שומר) אויף „פּאַלעוואָי״.

— וואָס איז אַזוינס „פּאַלעוואָי״?

— דאָס איז אַ קיביטקע אין סטעפּ, בשכנות פון אַ גרויסן תבואה־מאַגאַזין. מיין אויפגאַבע איז טאַקע צו האָבן אַן אויג אויף דעם מאַגאַזין. אַ חוץ דעם טרינק איך אָן פון דערבייאיקן ברונעם די אָקסן, וואָס קומען אַהין זייער אָפּט צו פאָרן מיט די „בעסטאַרקעס״ נאָך תבואה פאַרן עלעוואַטאָר.

— איך ראָט אייך, — עצהט מיר לסוף האַרוויץ, — וואַרפט אַוועק אַלע אייערע „גליקן״ אין אַק־בולאַק און פאָרט מיט מיר אין „פּאַליאַנאַ״. וועלן מיר דאָרט זיין צוזאַמען. דאָרט, אין שויס פון דער נאַטור, וועט איר אַפילו האָבן שטימונג צו שרייבן לידער...

ס׳האָט אויף מיר געמאַכט אַ נישט קיין שלעכטן איינדרוק נישט אַזוי דער קאַלכאַז ווי דער באַריידעוודיקער האַרוויץ. ער האָט, קענטיק, געהאַט אַ גוטע אָריענטאַציע און אַ היפּשע דאָזע הומאָר. פאַר דער צייט, וואָס מיר זענען געזעסן ביים „ראַסאָלניק״, האָט ער שוין באַוויזן מיר צו דערציילן אַ האַלבע טוץ וויצן פון זיין שוויגער.

— אין פּרינציפּ בין איך גרייט מיט אייך מיטצופאָרן; אָבער איר מוזט דאָך פריִער ריידן מיט אייער „פּרעדסיעדאַטיעל״ וועגן מיר. ווען וועט איר דאָ ווי־דער זיין?

— גוט, כ׳קאָן קומען אין עטלעכע טעג אַרום. כ׳וועל טאַקע איבערריידן מיטן „אדון״. נישט קיין שלעכטער גוי. אַגב קריגט ער פון מיר אַמאָל אַ מתנה אויך... אָט פיר איך אים איצט אַ פּאָר הויזן... (דערביי טוט ער אַ וויז אויף זיין אויסגעפּילטן רוקזאַק). עס קומט צונויף, אַז מען לעבט גוט מיט אים...

— געמאַכט! — זאָג איך.

און כ׳רייד אָפּ מיט האַרוויצן צו טרעפן זיך אין עטלעכע טעג אַרום אין „קאַלכאָזני דוואָר״ פון „פּאַליאַנאַ״, וואָס נעבן באַזאַר.

מיין דאָזיקער באַשלוס האָט אויך גורם געווען, אַז איך זאָל זיך שיידן מיט מיין איצטיקן פּאַרטנער — מיט מ. שוין רייף געוואָרן ביי מיר אַזאַ פאַרלאַנג. צופיל סתירות געווען אין דער מענטאַליטעט צווישן מיר און אים מיט זיין פּוי־לישן „שמענדריקיזם״.

כ׳האָב אים געזאָגט אין גוטן מוט, אַז עס מאַכט זיך מיר אַ פּאַסיקע אַרבעט אין אַ קאַלכאָז און יענער האָט גאָרנישט איבערגעפרעגט: ער איז געווען גענוג

אַמביציעז. איך האָב אים אויך געראָטן ער זאָל זיך אויסזוכן ערגעץ אַ בעסערן קאָלכאָז און שלאָגן כפרות מיט אַק־בולאַק און מיטן באַזאַר.

— שוין נישט איצט די צייט פאַר אונדז צו גיין אויפן באַזאַר. אויף אונדזערע פּליטים וואַרפט מען שוין אַן אַנדער אויג.

אין די דאָזיקע עטלעכע טעג האָב איך נאָך באַוויזן דורכצופירן אַ „טראַנזאַקציע": איך האָב פאַרקויפט מיין גוזאַרער פוטער. ער איז שוין סיי־ווי געווען צופיל אַן אויסגענוצטער. דער אויבערשטאָף האָט זיך שוין געהאַלטן אין צעשיטן. אָפּגעקויפט דעם פוטער האָט טאַקע מיין „כאַזייקאַ" — יעלענאַ גריגאָריעווּנאַ. זי האָט אויסגעחשבונט, אַז פון „ווערך" (אויבערשטאָף) קאָן זי נאָך אויסקאָמבינירן אַ „יובקאַ" אויף ווינטער און די פעלכלעך פון פוטער וועט זי פאַרקויפן אויפן באַזאַר. ווייל אויך זי האָט זיך לעצטנס אָפּגעבומען מיט מסחר, מיט קויפן און פאַרקויפן. אויך זי מוז זיך דאָך „אַן עצה געבן", כדי צו קאָנען ווי עס איז אויסצוהאַלטן אירע דריי קינדערלעך.

דער דאָזיקער „מסחר" קלינגט ווי אַ קוריאָז:

אין גוזאַר האָב איך פאַרן פוטער באַצאָלט דעם פּוילישן זעלנער כמעט גראָשנס, ד"ה, דאָן, ווען ער איז נאָך געווען אין גאָר אַ גוטן צושטאַנד; און איצט, בעת ער האָט זיך שוין ביי מיר היפּש אויסגענוצט און אויסגעדינט, האָב איך פאַר אים באַקומען 200 רובל... די דאָזיקע סומע האָט מיין „כאַזייקאַ" אַליין מיר פאַרגעלייגט און איך האָב שמייכלענדיק מסכים געווען. און דערביי האָט זיך אויך מיין „כאַזייקאַ", פאַרשטייט זיך, נישט אָפּגענאַרט. בכלל נאַרט מען זיך נישט אָפּ אין סאָוועט־רוסלאַנד מיט קיין שום מסחר. אַלץ איז גוטע סחורה. אַפילו אַ באַנקע פון קאָנסערוון איז אויך אַן עניז. דאָס דינט פאַר אַ כלי צו „קיפּיאַטאָק" אַנשטאָט אַ גלאָז.

פאַרן געלט האָב איך מיר איינגעקויפט אויפן באַזאַר נאָך אַ פּאָר נויטיקע „שמאָכטעס" פאַר מיין גאַרדעראָב. אין עטלעכע טעג אַרום בין איך טאַקע מיט מיין נייעם באַקאַנטן קראָקעווער ייד אַוועקגעפאָרן אין אַ „בעסטאַרקע" אין קאָלכאָז „פּאָליאַנאַ", וואָס איז געלעגן אַ 30—35 קילאָמעטער פון דער ראַיאָן־שטאָט, אויף יענער זייט פון טייך אילעק.

ס'איז צו מיר דערגאַנגען, אַז אויך מ. איז אַוועק אין אַ נעענטערן קאָלכאָז, אין אַ „סעלסאָוועט". דאָרט האָט ער געאַרבעט ביים טראַנספּאָרט. ער איז געפאָרן מיט די „בעסטאַרקעס" תבואה צום עלעוואַטאָר. כ'בין צופרידן געווען, וואָס אויך ער האָט געפונען אַ שטיקל תקומה.

## 31

## אין קאָלכאָז „פּאָליאַנאַ"

פאַרפאָרן גלייך צו אים, אין האָרוויצעס קיביטקע אויף „פּאָלעוואָי", ווו די אויסגעליידיקטע „בעסטאַרקעס" זענען פאַרבייגעפאָרן.

קיינער חוץ אים איז אין קיביטקע ניט געווען. פאַראַן דאָ צוויי חדרים. פּוסטע, הוילע ווענט. אין איין חדר — אַ נאַרע, אַ רוסישער אויוון. כמעט אין אַלע פענצ־טערלעך האָבן געפעלט שויבן. ס'איז שוין געווען פאַרנאַכט. האָרוויץ האָט מיך געפירט ווייזן דעם אַרום. עס ציִען זיך פעלדער, סטעפּעס. טייל פעלדער זענען פאַרזייט מיט תבואה. די זאַנגען זענען נאָך נישט אינגאַנצן ווייס און טרוקן. עס איז נאָך אַ חודש לערך צום שניט.

— איר פילט ווי עס שמעקט? — זאָגט האָרוויץ, — מחיה נפשות! אָטעמט, אָטעמט אַריין טיף אין די לונגען!

און ער אַליין ציט אַריין די פרישע לופט מיט גרויס הנאה.

מיר שפּאַצירן אַרום אַ היפּשע צייט איבער די דאָרפישע וועגן און שטעגן.

— איר זעט דאָרטן אין טאָל? — ווייזט ער מיר, — דאָרט איז דאָס דאָרף. כ'בין צופרידן, וואָס איך דאַרף זיי נישט אָנקוקן, די פויערים. דאָ בין איך מיר פריי, אַליין פאַר זיך אַ באַלעבאָס. איך מאַך מיר שבת פאַר זיך.

— און ווי איז מיט דער אכילה? — פרעג איך.

— בייטאָג קומען אָפט אַהער מענטשן צו דער אַרבעט, נעמען זיי שוין פאַר מיר אין „לאַראָק" ברויט.

— און צום ברויט?

— אַז די בריגאַדעס אַרבעטן דאָ בשכנות, איז דאָ פאַראַן די פעלד־קיך. גיי איך צו מיט מיין קעסעלע און נעם מיר דעם „אָביעד".

— און אַז זיי אַרבעטן נישט בשכנות?

— מילא, איז דאַן קאָך איך מיר אַליין אָפּ אַ ביסל „פּשענאָ" (הירזש) און איך האָב שוין וואָס צו זופּן.

— דאָס אַלץ ?

— וואָס ווילט איר? אַבי איך בין אַ פרייער פויגל. אויף כּפּרות דאַרף איך זייער קיך. איר מיינט, אַז די קאָלכאָזנע קיך קאָכט מאַרציפּאַנעס? דאָס רוב טאָקע „פּשענאָ". און פעטס? — סיידן אַז עס פאַלט אַמאָל אין אַ יובל אַן אָקס. דאַמאָלס געפינט מען אין זופּ אויך אַ ביינדל. דאָס פלייש פאַלט שוין אַריין צו עמיצן

אַנדערש. פאַראַן בילכערע... נישט אומזיסט איז די קעכין אַזוי גראָב. קוים די אויגן זעט מען אַרויס ביי איר אויפן פּנים... נאָר גאָרנישט, מען דאַרף זיין אַ המשמח בחלקו... ווי פלעגט זאָגן מיין שוויגער?...

און ער נעמט מיר דערציילן אַ מעשה פון זיין שוויגער. באַמערק איך אים נאָכדעם:

— כ׳זע, איר זענט שטאַרק צופרידן פון אייער „פּאָליאַנאַ“. שיער נישט ווי, להבדיל, טאָלסטאָי פון זיין „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ“...

— טאַקע צופרידן. טוט אַ קוק ס׳אַראַ רחבות. ס׳אַראַ שטילקייט...

— טאַקע גוט, אַז מ׳קאָן זיין זאַט מיט דער נאַטור...

— אַ ברירה האָט מען? ווו איז דאָ בעסער? אַז דער דייטש וועט איינעמען אַ מיתה משונה, וועלן מיר שלאָגן מיט אַלץ כפּרות און אַהיים פאָרן.

— מיר האָבן דאָך שוין אָבער סאָוועטישע פּעסער. גלויבט איר, אַז איר וועט נאָך אַמאָל אָנזען אייער קראָקע?...

— ווייס איך! לאַכט זיך אויס פון זייערע פּעסער. נישקשה, אַמעריקע וועט נאָך אויך האָבן וואָס צו זאָגן...

— כ׳זע, צופיל גלויבט איר אין דער וועלטס יושר...

— נישקשה, זיי וועלן נאָך מוזן אָנקומען צום „אַמעריקאַנער פעטער“, די דלפנים. ווען נישט אַמעריקע, וואָלטן זיי דאָך שוין געהאַט מיט וואָס צו שיסן. מיט די בלויזע היטלען וואָלטן זיי די דייטשן נישט דערשטיקט אין סטאַ־לינגראַד. לאַכט זיך אויס פון די האָלעדריגעס... ווי האָט געזאָגט מיין שוויגער?...

אַ נייע מעשה. איך הער און איך שמייכל. ער האָט אַ סך פאָלקסטימ־לעכקייט, דער קראָקעווער ייִד. אַ קוואַל פון פאָלקלאָר. איך הער אים גערן.

אַז ס׳איז געוואָרן טונקל, האָבן מיר זיך פאַרקערעוועט צוריק צו דער קי־ביטקע. אינעווייניק איז שוין געווען פינצטערלעך.

— איר האָט דאָ וואָס אָנצוצינדן?

— ניין, מ׳דאַרף זיך טאַקע זען איינשאַפן אַ „קאָפּטילקע“.

— איז וואָס זשע טוט איר אין דער פינצטער?

— דער טאָג איז דען קליין? אַז ס׳ווערט פינצטער, גייט מען אויף דער נאַרע שלאָפן.

— פיין, פיין, מ׳דאַרף גאָר נישט בעסער... איר האָט זיך דאָ גוט אַקלי־מאַטיזירט אינעם מדבר...

— גלויבט מיר, — איז זיך האָרוויץ מתנצל. — איך בין אַזוי אויסגעפּיי־ניקט פון מיינע וואַנדערונגען איבער רוסלאַנד; ווו געטאָגט, דאָרט נישט גענעכ־

טיקט; דער דעפיציט אין שלאָפן איז אַזוי גרויס, אַז איך וואָלט איצט כסדר געלעגן און געשלאָפן. איך קאָן גאָר נישט סילוקן דעם מאַנקאָ...

אין אַ ווײַלע אַרום פרעגט ער:

— איר זענט אַוודאי הונגעריק? ס׳וואָלט זיך איצט געפּאַסט אַ גוטע וועטשערע.

— יאָ, אַ ביסל וואָרעמס וואָלט איצט נישט געשאַדט.

— גערעכט. כ׳וועל אַרויסגיין אָנקלײַבן אַ ביסל טרוקענעם בוריאַן און וועל אויפקאָכן אַ ביסל „קיפּיאַטאָק”, אָדער גאָר אַ ביסל „פּשענאָ”. כ׳מוז נאָך דאָ האָבן אַ ביסל. ברויט האָב איך נאָך אויך.

— ווי איר ווילט.

איך האָב נישט געהאַט קיין האַרץ אים צו באַלעסטיקן, כאָטש כ׳בין געווען גוט הונגעריק און פאַרשמאַכט.

— גוט! — רופט ער אויס. — לכבוד דעם גאַסט וועל איך אָפּקאָכן אַ ביסל „פּשענאָ”.

האַרוויץ איז אַרויס מיט מיר אין דרויסן, גענומען נישטערן, זוכן אויפן דערבײַיאיקן סטעפּ. אָבער איך זע, אַז אין דער פינצטער איז עס נישט קיין לײַכטער ענין.

— דאָס איז אַן אַרבעט פאַר ליכטיקן. לאָזט עס היינט אָפּ. — זאָג איך.

— יאָ, גערעכט. צו טונקל היינט. מיר וועלן שוין מאָרגן פּראַווען די סעודה. היינט וועלן מיר שוין עסן אַזוי אַ שטיקל ברויט מיט פרישינקען וואַסער גלײַך פון ברונעם.

און ער נעמט מיט זיין „קאָטיאָלאָק” און ער פירט מיך צו צום ברונעם, וואָס אויף יענער זייט קיביטקע. האַרוויץ האָט אַרויסגעצויגן אַן עמער קאַלט וואַסער, אָנגענומען אַ „קאָטיאָלאָק” און זיך באַרימט:

— נאַט, פאַרזוכט. ס׳אַראַ געשמאַק וואַסער. אמתער ווײַן...

— אַ דאַנק, כ׳בין נישט דורשטיק.

מיר זענען אַרײַן צוריק אין קיביטקע. האַרוויץ האָט אַרויסגענומען אַ שטיק ברויט פון זיין רוקזאַק, איך — פון מײַנעם און מ׳האָט געפּראַוועט די אָרעמע וועטשערע: ברויט מיטן „פרישינקן, געשמאַקן וואַסער” אָדער „ווײַן”...

— וואָס מיינט איר וועל איך טאָן אין קאָלכאָז? — פרעג איך.

— זאָרגט אייך נישט. קיין אַרבעט פעלט דאָ נישט. זאָל אַזוי קיין ברויט נישט פעלן... מ׳עט שוין געפינען פאַר אייך עפּעס אַ מלאכה. ווי פלעגט זאָגן מיין שוויגער?...

אַ פרישע מעשה... אדרבה, זאָל ערריידן, זאָל ער דערציילן. אפשר וועט ער אַזוי־אַרום דעם הונגער פאַררײדן.

נאָכן פאַרצערן דאָס ברויט מיטן „ווײַן" האָבן מיר זיך פאַרקליבן אויף דער נאַרע. אויף דער נאַרע איז געלעגן אויסגעשפּרייט שטרוי.

— טוט זיך אויס, — עצהט מיר האָרוויץ, — אַז מ'טוט זיך אויס, שלאָפט זיך גאָר אַנדערש. די הויזן לייגט אונטער צוקאָפּנס פאַר אַ קישן און מיט דער פופייקע דעקט זיך צו ווי מיט אַ פערענע. איר האָט עפּעס ליב אַ פערענע? ווי פלעגט זאָגן מיין שוויגער?...

איך האָב געשמייכלט, כסדר געשמייכלט, בעת יענער האָט דערציילט. ס'איז געוועזן גוט פינצטער. ממש וימוש חושך. כ'האָב האָרוויצן שוין גאָר נישט גע־קאָנט זען, הגם ער איז געלעגן בשכנות פון מיר. איך האָב נאָר געהערט זיין שטים. ער האָט לאַנג נאָך גערעדט, דערציילט. אַ מידקייט איז מיר באַפאַלן און כ'בין איינגעשלאָפן, אַ פאַרוויגטער פון האָרוויצעס מעשיות.

**
*

צומאָרגנס האָב איך זיך באַקענט מיטן „אדון" — ווי האָרוויץ האָט גערופן דעם „פּרעדסיעדאַטעל" פון קאָלכאָז. ער איז געקומען צו רייטן אויף אַ פערד, כדי צו כאַפּן אַ קוק דאָ און דאָרט. ער איז צוגעפאָרן גלייך צום ברונעם. האָרוויץ האָט באַלד צוגעאיילט צום ברונעם און מיך אויך אַהין גערופן. דער „פּרעדסיע־דאַטעל" איז געווען אַ הויכער פאַרשוין, אַנגעטאָן פּויעריש, אין נישקשהדיקע שטיוול. אַ טונקל געזיכט און כיטרע אייגעלעך.

— פּאָיע אָן דעם קאָשטאָן! — גיט ער ווי אַ באַפעל האָרוויצן.

האָרוויץ כאַפּט זיך שנעל אַראָפּלאָזן דעם עמער אין ברונעם. דערביי זאָגט ער:

— אָט דאָס איז דער „טאָוואַרישטש", וועגן וועמען כ'האָב גערעדט מיט אייך. ער איז נעכטן מיט מיר געקומען.

יענער האָט מיך געגעבן אַ מעסט אויס מיט זיינע כיטרע אייגעלעך. אין דעם מאָמענט האָב איך אים דערלאַנגט מיין „נאַפּראַוולעניע", וואָס כ'האָב פאַרן פאָרן אַרויסגענומען פון „ראַיאיספּאָלקאָם". דער „אדון" קוקט אַריין אין פּאַפּירל, שעפּ־טשענדיק ווי פאַר זיך:

— לאַדנאָ.

— דאָס איז אַ יידישער „פּיסאַטיעל" פון וואַרשע. — וואַרפט אַריין האָרוויץ, וועלנדיק מיך בעסער רעקאָמענדירן און ציִען דעם „אדונס" אויפמערקשאַפט.

יענער מאַכט דאַן אַ פּאָר טריט צו מיר און באַוויליקט מיר צו געבן די האַנט.

— וואָס טויג אונדז דאָ אַ פּיסאַטיעל?... — זאָגט ער האַלב אין שפּאַס, האַלב

ערנסט. — מיר דאַרפן האָבן טראַקטאָריסטן, קאָמבײַניאָרן, פּאַסטוכער, וואָדאָ־וואָזן... מ׳דאַרף דאָ קאָנען אַקערן, בראָנעווען, זייען, קאָשען...

— כ׳גלויב, עפּעס אַ פונקציע וועל איך קאָנען אויספירן... — זאָג איך אים.

— איז גוט, בלייבט דאָ מיט גאָרוויצן.

— טאָוואַרישטש פּרעדסיעדאַטיעל! — רופט זיך דאַן אָפּ האָרוויץ — מ׳דאַרף דעם טאָוואַרישטש געבן ברויט. זייט אַזוי גוט, שרייבט אָן אַ צעטל אין „לאַראָק“.

— לאַדנאָ.

דער „אדון“ האָט אויפן ראַנד פון ברונעם אָנגעשריבן אַ צעטל און מיר דערלאַנגט. ער האָט נאָך עפּעס גערעדט מיט האָרוויצן, געהייסן אים אויפרוימען אַרום מאַגאַזין וכדומה. זיין רוסיש, הער איך, איז אַ געמישטער מיט אוקראַיניש. אַ רוסיפיצירטער אוקראַינער.

האָרוויץ האָט אים נאָך געזאָגט עפּעס אין דער שטיל, ווי אַ סוד. זיי זענען ביידע געגאַנגען פאַרויס צו דער קיביטקע. דאָס פערד האָב איך שוין נאָכגעפירט פאַרן צוימל. ביי דער קיביטקע איז מען שטיין געבליבן. האָרוויץ איז שנעל אַריינגעלאָפן אינעווייניק און אַרויסגעטראָגן אַ קליין פאַרוויקלט פּעקעלע פאַרן „אדון“...

— ספּאַסיבאָ, גאָרוויץ! — האָט ער אַ זאָג געטאָן און איז צוריק אַרויפגעקראָכן אויפן פערד.

נאָך זיין אָוועקפאָרן באַמערקט מיר האָרוויץ:

— נישט קיין שלעכטער גוי, נאָר מען מוז אים פון צייט צו צייט עפּעס נתנען...

— וואָס, אַ שטייגער, האָט איר אים איצט געבראַכט?

— אַ קלייניקייט, אַ העמד...

— אָבער אַזוי אָפט? יענע וואָך האָט איר אים דאָך געפירט אַ פּאָר הויזן... פאַר וועלכע מעשים טובים?...

— פרעגט נישט קיין קשיות... עס לוינט... אָט האָב איך דאָס מאָל מיטגענומען קיין אַק־בולאַק אויפן באַזאַר אַ פּאָר זעקלעך „אָטכאָדן“ *)... ער האָט עס מיר דערלויבט. אַמאָל עפּעס אַנדערש...

— אויב אַזוי איז שוין רעכט.

ס׳איז פאַר מיר קלאָר: האָרוויץ „גיט זיך אַן עצה“ צוביסלעך און מסתמא בשותפות מיטן „אדון“. ווייל אַ פאַרזיצער פון אַ קאָלכאָז קאָן דאָך אויך נישט אומגיין נאַקעט און באָרוועס...

---

*) צוגעפוילטע תבואה, שפּייז פאַר חזירים.

— פון וואַנען מיינט איר, — רעדט ווייטער האַרוויץ, — וואָלט איך פאַר זיך גופא געקאָנט עפּעס קויפן? אַ שוך? אַ בגד?

— כ׳פאַרשטיי.

כ׳זע טאַקע, אַז ער טראָגט גאַנצע, נישקשהדיקע אַרבעט־שיך, אַ נייע בלוזע, נישט קיין שלעכטע האַקי־הויזן. עס לייגט זיך אויפן שכל. מילא, פאַרוואָס זשע נישט? גאַנץ רוסלאַנד טוט דאָך אַזוי. זאָל ער זיין אַן אומזיסטער קנעכט?

דעם זעלבן פרימאָרגן האָבן מיר ביידע געמאַכט אַ שפּאַציר אין דאָרף, צום „לאַראָק״, אַ היפּש דאָרף מיט פּרימיטיווע כאַטעס. אַלץ ליים־הייזער. איין גרויסע גאַס. אין צענטער — די „אופּראַוולעניע״ פון קאָלכאָז. דאָס דאָרף ליגט אַ ביסל אין אַ טאָל. אַרום זענען זיך געבערגלטע סטעפּעס. אין גאַס איז כמעט פּוסט. עולם איז מסתמא אין פעלד ביי דער אַרבעט. ביי די כאַטעס וואַלגערן זיך נאָר קינדער: שמוציק און נעבעכדיק. דאָ־דאָרט גייט אַדורך די גאַס איין עלטערע פויערטע, אַ צווייטע. מ׳טראָגט עמערס וואַסער פון ברונעם אין מיטן דאָרף.

אין „לאַראָק״ גיט מען מיר אַרויס ברויט אויף עטלעכע טעג. אַ קילאָ אַ טאָג. אויך האַרוויץ באַקומט פאַר זיך ברויט.

אויף צוריקוועגס רופט זיך אָפּ האַרוויץ:

— קומט, לאָמיר טועם זיין אַ ביסל מילך. דאָס האַרץ איז עפּעס פאַרחלשט.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין עפּעס אַ כאַטע. אַ כאַטע מיט אַן „איקאָנע״ אין ווינקל. אַן עלטערע פויערטע פאַרעט זיך ביים אויוון.

— כאַזייקאַ, גיט אונדז צו האַלבן ליטער מילך, — בעט האַרוויץ.

די אַלטע גיסט אָן מילך אין צוויי ערדענע שיסעלעך און דערלאַנגט אונדז.

— ס׳איז אמתע מילך אָדער „פערעגאָן״? (אָפּגעצויגענע), — פרעגט האַרוויץ.

— אמתע, אמתע, רעביאַטאַ.

— אַזאַ שנה אויף איר... — זאָגט ער מיר, פאַרזוכנדיק.

מיר עסן די מילך מיט ברויט. איך דעלעקטיר זיך, הגם ווייניק זיסקייט שפּיר איך אין טעם פון דער מילך: טאַקע נישט קיין עכטע, אָבער די געדערים זענען שוין להוט נאָך עפּעס אַ פליסיקייט.

— מילא, אַבי די מילך איז ווייס... — שפּאַסט האַרוויץ.

מיר באַצאָלן דער ערלטע און גייען ווייטער.

די נאַטור אַרום דאָרף איז גאַנץ שיין. דעם געבערגלטן וועג שניידט דורך אַ טייכל. מיר שטייען אַ ווילע אויף דער בריק.

— גוט וואָס דאָ איז פאַראַן אַ טייכל, — זאָג איך, — מיר וועלן זיך גיין באָדן. פאַר נע־ונדניקעס איז עס אַ ישועה.

— אַוודאי, אַוודאי. איך קום טאַקע אַהער אַלע וואָך. איך באָד זיך גוט אויס און וואַש מיר אויס אַ פּאָרל וועש.

— אַן אמתע אידיליע...

— קומט, לאָמיר זיך אַ ביסל צוויילן. — זאָגט האָרוויץ, — מיר קאָנען נאָך פאַרשפּעטיקן דעם „אַביעד".

— ווו איז דאָ דער „אַביעד"?

— נישט ווייט פון אונדז, נעבן דער טראַקטאָריסטן־בריגאַדע.

מיר זענען צוריקגעקומען אויף „פּאַלעוואָי", גענומען די קעסעלעך און אַוועק נאָכן „אַביעד". לערך אַ קילאָמעטער הינטער אונדזער קיביטקע איז געווען אַ ביידל. אַ לייוונטענער געצעלט. ביי דעם ביידל איז געשטאַנען אַ פעלד־קיך, וואָס האָט געררויכערט. אויף אַ קופּע שטרוי דערנעבן זענען געזעסן אַ גאַנצע גרופּע אַרבעטער, די טראַקטאָריסטן, מיט פאַרשוואַרצטע פּנימער און אין פאַרפעטסטע „ספּעצאָווקעס". מ'האָט שוין געהאַלטן אין עסן. יעדער האָט פון זיין קעסעלע געשעפּט מיט אַ הילצערנעם לעפל.

האָרוויץ האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר דער קעכין:

— אַ נייער אַרבעטער אין קאָלכאָז. גיס אָן, מאַרוסיאַ, פאַר מיר און פאַרן „טאָוואַרישטש".

האָט זי אונדז אָנגעגאָסן צו צוויי שעפּ־לעפל „שטשי".

— קיין פלייש איז נישטאָ?... — שפּאַסט האָרוויץ.

— די ביקעס ווילן נישט צעברעכן די פיס... — ענטפערט זי.

פון אַ צווייטן בעקן האָט זי אונדז נאָך צוגעוואָרפן אין די קעסעלעך צו שעפּ־לעפל הירזש־קאַשע. האָבן מיר זיך אומגעקערט מיט פולן אין אונדזער קיביטקע. מיר האָבן אויף דער נאַרע געפּראַוועט זאַלבענאַנד דעם מאָלצייט.

— פאַרוואָס אייגנטלעך גיבן זיי נישט אַריין אַ ביסל פעטס אין עסן? — פרעג איך — אויב נישט קיין פלייש, איז כאָטש אַ שטיקל פּוטער? פאַראַן דאָך דאָ אויך אַ מילך־פערמע.

— נאַיווער מענטש וואָס איר זענט! די פּוטער, פּונקט ווי די תבואות, גייט פאַר „גאָסודאַרסטוואָ". געגנוג, אַז דער „פּרעדסיעדאַטיעל" אַליין עסט פּוטער... ער מיט זיין ווייב, מיט זיין „ליובאָווניצע", די אויסגעפּאַשעטע „סטאַרשאַיאַ דאָיאַרקאַ" (עלטסטע מעלקערין). ער איז שוין מוצא דעם גאַנצן קאָלכאָז מיט אונדז אינאיינעם...

— יאָ, — ענטפער איך אין זעלביקן טאָן, — ער איז אפּנים אַ ווירדיקער פאַרטרעטער...

— אָבער לאָמיר נאָר נישט זינדיקן. — זאָגט האָרוויץ מיט אַן אומעטיקן

טאָג. — ערגער איז דאָך, בעת די בריגאַדעס אַרבעטן ווייט פון דאַנען. דאַן איז דער מאָגערער „אָביעד" אויך נישטאָ.

— און ווינטער? ווי איז מיטן „אָביעד" ווינטער, בעת מען אַרבעט דאָ לחלוטין נישט?

— טאַקע ביטער, ליבער פריינט. ווינטער איז דאָ כאָטש בערן צו טרייבן. ווער ווייס, אפשר ביז ווינטער וועט נאָך קומען פאַר אונדז אַ ישועה?

— אַ צו גרויסער מאַמין זענט איר.

— מיר מוזן גלויבן אַפילו אין נסים... אַנדערש וועלן מיר נישט אויסהאַלטן... ווי פלעגט זאָגן מיין שוויגער?...

נאָכן „אָביעד" מאַכט מיר האָרוויץ אַן אַנטדעקונג: ער האָט דאָ עפּעס אָנגעשריבן און וויל מיר איבערלייענען.

— וואָס? איר שרייבט?!

— אַזוי זיך... כ'בין דאָ איינער אַליין אויף „פּאָלעוואָי"... איז מיר עפּעס איינגעפאַלן אָנצושרייבן...

— דאָס ערשטע מאָל?

— מ'קאָן נישט זאָגן דאָס ערשטע מאָל.

— אדרבה, לייענט פאָר.

ער האָט פון ערגעץ אַרויסבאַקומען אַ העפט. כ'נעם עס אין האַנט — עס איז היפּש פאַרשריבן. אַ פיינער, קלאָרער כתב.

— לייענט!

— אָבער איר זאָלט פון מיר נישט לאַכן...

ער נעמט לייענען. טאַקע נישט ווי קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער. אַ לאַאיקער. אָבער ער פאַרמאָגט דאָ־דאָרט אָבסערוואַציע און אַ געוויסע דאָזע הומאָר. דאָס באַשרייבט ער זיין שטוב, זיין מיליע. אויפן ערשטן אָרט, פאַרשטייט זיך, זיין שוויגער... ער האָט אַריינגעפלאָכטן אַלע אירע מעשיות און ווערטלעך. אויב ס'האָט געהונקען ליטעראַריש, איז עס אָבער געווען פאָלקסטימלעך.

— נו? — פרעגט ער מיך לסוף.

כ'האָב אים אָפנהאַרציק אַרויסגעזאָגט מיין מיינונג. ער האָט זיך ווי פאַרענטפערט:

— אָט... דאָ אויף „פּאָלעוואָי" האָט זיך פאַרגלוסט עפּעס אָנצושרייבן... מחשבותן...

# 32

## פונקט ווי אונדזערע אָבות...

עטלעכע טעג נאָך מיין אָנקומען האָט זיך די אַרבעט איבערגערוקט בשכנות פון דער קיביטקע אויף „פּאָלעוואַי". מ'האָט געאַקערט פעלדער. לאַנגע, קילאָמעטערדיק־לאַנגע פעלדער. מ'האָט געאַקערט מיט טראַקטאָרס און מיט פּשוטע פּרימיטיווע פלוגן, געשפּאַנטע אין פערד און אין אָקסן. די קאָלכאָזניקעס זענען געווען עלטערע מענטשן אָדער גאָר יונגע שקצים. די אַלע אין מיליטער־עלטער אָדער רעזערוויסטן זענען אויף די פראָנטן. געווען אויך אַ בריגאַדע יונגע חברה־לייט, אָבער נישט קיין רוסן, נאָר פּוילישע ייִדן. פון אונדזער עולם „ביעזשענצעס". ייִדן, וואָס האָבן שוין דאָ פאַרזוכט דעם טעם פון די סיבירער לאַגערן... נאָר אַ דאַנק דער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע" זענען זיי אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. די דאָזיקע פּויליש־ייִדישע בחורים האָבן זיך דאָ איינגעשפּאַנט אין יאָך פון דער שווערער קאָלכאָז־אַרבעט. כ'האָב זיך צוגעקוקט און געזען, אַז די אַרבעט איז ביי זיי נישט שלעכט געגאַנגען. די פלוגן האָבן אויך ביי זיי געריסן די פאַרשלאָפענע קאָלכאָזנע ערד און געצויגן די לאַנגע, לאַנגע שוואַרצע שניטן. סיי דער „פּרעדסיעדאַטיעל", סיי דער „אוטשאָטשיק" זענען געווען צופרידן פון זייער אַרבעט. נישט צופרידן זענען אָבער געווען די אַרבעטער גופא, די ייִדישע בחורים פון פּוילן. און נישט צופרידן זענען זיי געווען פון דער מאָגערער דערנערונג, פון די פּאָסטנע „אָביעדן", וואָס פלעגן קיינמאָל נישט געבן קיין זעטיקייט. פלעגן זיי ביים עסן זידלען און שעלטן דעם קאָלכאָז מיט זיינע פּאָזשאָנדקעס":

— ווו איז עס געהערט געוואָרן, אַז מענטשן זאָלן שווער אַרבעטן און נישט באַקומען קיין עסן צו דער זאַט?

— אַן עבירה צו פּטרן דאָ די כוחות...

— איך גיי שלאָגן כּפּרות מיטן קאָלכאָז.

דאָס האָט מען גערעדט צווישן זיך אין ייִדיש, און דעם „אדון" האָט מען אויך צוגעוואָרפן די טענות:

— טאָוואַרישטש פּרעדסיעדאַטיעל, מי גאַלאָדנ:יע... (חבר פאָרזיצער, מיר זענען הונגעריק).

— פּלאָכאָ קאָרמיאַט... (מ'גיט שלעכט צו עסן).

יענער האָט געפּרווט געווינען די מענטשן מיט גוטע הבטחות; אַז ער וועט זיי אַלעמען פאַרגיטיקן נאָכן אַראָפּנעמען דעם „אוראָזשאַי"· אַז ער וועט גוט באַלוינען פאַר די „טרודאָדני". חוץ דעם האָט ער נאָך געמאַכט אַ „זשעסט" און גע־

לאָזט ברענגען אַלע טאָג צום „אָביעד" אַ גרויסן קאַן „פערעגאָן"... אונדזער עולם האָט אָבער אַזאַ אויך־מיר־מילך נישט געוואָלט פאַרזוכן:

— זאָל ער עס געבן זיינע חזירים...

אַ פּאָר בחורים האָבן טאַקע מוחל געווען די „גליקן" און עוקר געווען פון דער שווערער פּראַצע פון פינצטער ביז פינצטער.

אויך פאַר מיר האָט דער „אדון" אויסגעפונען אַ „פּאַסיקע אַרבעט": פּאַשען די בהמות... אין ערשטן אויגנבליק האָב איך זיך דערשראָקן פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. איך האָב גוט געדענקט די צרות ביי אַזאַ אַרבעט פאַראַיאָרן, הינטער סאָל־אילעצק, אין דער פערמע. כ׳וועל אָבער געוואָר, אַז כ׳בין נישט אַליין; אַז מיט מיר וועט זיין נאָך אַ פּאַסטוך — כאַזאַן. אַן עוואַקוירטער ייִד פון אוקראַינע. איז מילא, וועל איך פּרווון. כ׳האָב זיך געזען מיט כאַזאַנען — אַן עלטערער ייִד שוין — און ער האָט מיך באַרויִקט, אַז נישט געפערלעך. מ׳וועט זיך זאַלבענאַנד אַן עצה געבן מיט דער סטאַדע.

— אָבער די בהמות האַלטן דאָך אין איין אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג. קריכן אין תבואה־פעלדער. — זאָג איך אים.

— האָט קיין מורא נישט. מ׳פּאַשעט זיי אין די „באַלקעס" *). דאָרט איז געדיכט, פעט גראָז. קיין תבואה וואַקסט דאָרט נישט נאָענט. איז צו וואָס זאָלן זיי קריכן איבער די מאָגערע סטעפּעס? איר מיינט, אַז אַ בהמה האָט נישט פאַר זיך קיין שכל?...

בין איך אַזוי געוואָרן מיט מזל פּאַסטוך אין „פּאָליאַנאַ".

שלאָפן פלעג איך נאָך אַלץ אין דער קיביטקע אויף „פּאָליעוואָי". וויפל כ׳בין נישט אומגעגאַנגען אין דאָרף איבער די הייזער, זוכנדיק אַ ווינקל, האָט עס נישט געהאָלפן. אַלע „כאַזייקעס" האָבן מיר אין איין קול געענטפערט: „נישטאָ! ענג! פאַרנומען!" זיי האָבן אויך נישט געהערט דעם „פּרעדסיעדאַטיעל", וועלכער איז אַליין מיט מיר אַריין אין עטלעכע כאַטעס. פלעג איך מוזן נעכטיקן ווייטער אויף „פּאָליעוואָי" צוזאַמען מיט האַרוויצן, און דאָרט איז שוין געווען גאָר נישט אַזוי באַקוועם ווי אין די ערשטע טעג, בעת מיר זענען געווען נאָר זאַלבענאַנד. מ׳האָט שוין איצט נישט געשלאָפן אויף דער נאַרע: יענץ חדר איז שוין פאַרנומען געווען פון דער פעלד־קיך. דאָרט האָט מען געהאַלטן איצט פּראָדוקטן און קאָך־מכשירים. פלעגן מיר שלאָפן אין צווייטן חדר אויף דער פּאָדלאָגע. און נישט נאָר מיר אַליין — אויך די גאַנצע ייִדישע בריגאַדע, וואָס האָט איצט געאַרבעט אין דער געגנט, פלעגט זיך אויסלייגן אויף דער פּאָדלאָגע. אַ חוץ דעם פלעגן תמיד בלייבן אויף

---

*) פעלד־ראָוון מיט וואַסער.

נאַכטלעגער אויך אַ ביסל קאָלכאָזניקעס, מאַנסבילן און אויך שיקסעס, וועמען עס האָט נישט געלוינט שפּעט אַהיים גיין און קומען צוריק מאָרגן באַגינען. איז קיין חידוש נישט, וואָס אויף דער פּאָדלאָגע איז געווען אַזאַ געוואַלטיקע ענגשאַפט און דערדריקעניש. ס'האָט מיר דערמאָנט דעם לאַגער. ס'איז געווען פּשוט דערשטיקט צו ווערן און נישט איין מאָל פלעג איך אין מיטן נאַכט אַרויסגיין אין דרויסן אָפּצו־פרישן די לונגען. אונדזערע יונגע פּוילישע בחורים — די פריש־געבאַקענע ערד־רייסער, — וואָס פלעגן אַ גאַנצן טאָג אַקערן, פלעגן נאָך דער שווערער האָרעוואַניע דווקא זיך צעכראָפּען און אָפּשלאָפן די גאַנצע נאַכט בנשימה אחת.

באַגינען פלעגט פאַרבייגיין די סטאַדע בהמות, וואָס כאַזאַן מיט אַ „פּאַצאַן" פלעגן ברענגען צו טרייבן פון דער קאָלכאָז־אָבאָרע. כאַזאַן פלעגט מיך דאַן אַרויס־רופן און מיר פלעגן אַוועקגיין ווייטער מיט אונדזערע כשרע בהמות. ביי די „באַל־קעס" — אַ פּאָר קילאָמעטער פון „פּאָליעוואָי" — האָבן זיך די קי טאַקע אויפגע־פירט גאָר לייטיש. זיי האָבן זיך טאַקע געהאַלטן כמעט אויף איין פּלאַץ. דאָ האָבן זיי געהאַט אי אכילה, אי שתיה. פעט גראָז ביי די ברעגעס און קלאָר וואַסער אינעם ראָוו. אַזוי אַז מיר האָבן נישט באַדאַרפט אַרויסיאָגן פון זיך די נשמה, ווי דאָרטן אין דער פערמע, נישט היינט געדאַכט...

„מילא, טראַכט איך, זאָל זיין אַ פּאַסטוך. אַז נישט אין יענער פערמע, איז עס מיר ווידער אונטערגעקומען אין „פּאָליאַנאַ". זעט אויס, אַ באַשערטע זאַך, כ'זאָל פּאַשען רינדער, פּונקט ווי אַמאָל אונדזערע אָבות... פּונקט, אַ שטייגער, ווי יעקב ביי לבן הארמי"...

די צרה איז געווען, וואָס די סטאַדע פלעגט זיך פּאַשען אַ גאַנצן טאָג אין די „באַלקעס" און כ'פלעג דעריבער קיינמאָל נישט באַקומען דעם „אָביעד" פון דער פעלד־קיך.

זייגער צען־עלף פאַרמיטאָג פלעגן זיך אַראָפּכאַפּן צו אונדז אויף אַ וואָגן אַ גרופּע מעלקערינס מיט שעפּלעך און קאַנען, און זיי פלעגן עס דאָ אין סטעפּ מעלקן די בהמות. אַז כ'פלעג צוקומען אַמאָל צו דער „סטאַרשאַיאַ דאָיאַרקאַ" מיט מיין קעסעלע (אָן אַ קעסעלע טאָר מען זיך אין ערגעץ נישט אַ ריר טאָן...), פלעגט זי מיר נישט אָפּזאָגן און מיר אָנגיסן אַ היפּש ביסל מילך. אַגב איז זי טאַקע אַ בעסערע קריסטין. אַ שטאָטישע. אַן עוואַקויִרטע פון לענינגראַד. זי האָט אַ זייער געזונט פּנים. האָט זיך דאָ נישקשהדיק אויסגעפּאַשעט. וואָס פעלט איר דאָ ווי אַ עלטסטע מעלקערין? בפרט נאָך, אַז זי איז דעם „אדונס" פּלגש...

דאָס ביסל מילך פלעגט מיך טאַקע אָפּראַטעווען פון הונגער. כאַזאַן האָט אַזוי נישט געשפּירט דעם הונגער ווי איך: ער איז דאָ עוואַקויִרט צוזאַמען מיט זיין ייִדענע. גרייט זי אים צו אויף ביינאַכט עפּעס אַ וועטשערע: אַ קרופּניק, אַ „שטשי", אַ פּאָר קאַרטאָפל. אַז אַ פרוי איז אין אַ דאָרף, גיט זי זיך שוין אַן עצה.

צייט האָבן מיר געהאַט אַ סך ביי די „באַלקעס". פלעגן מיר ליגן אין ווייכן גראָז און שמועסן.

— דערציילט מיר עפּעס פון אייער קרעמענטשוג, — בעט איך אים איינמאָל, — ווי האָט זיך עפּעס געלעבט אַחינו בני ישראל?

— ביי אונדז איז „ראַוונאָפּראַוויע" (גלייכבאַרעכטיקונג), — ענטפערט ער, — ביי אונדז איז קיין חילוק נישט צווישן ייִדן און קריסטן: אַלע ליגן גלייך ניין איילן אין ארצה...

נאָך דעם דאָזיקן ענטפער האָב איך אים שוין נישט געדאַרפט קיין סך אויס־פרעגן. סוף־כל־סוף האָט ער מיר דערציילט די זעלבע פּרטים, וואָס איך ווייס שוין פון אַנדערע רוסישע ייִדן: נישטאָ אין ערגעץ קיין באַזונדער ייִדיש־געזעלשאַפטלעך לעבן. די יוגנט גייט ביסלעכווייז אַוועק פון ייִדן, ווערט פאַרגויִשט. אַז קיין ייִדישע דערציִונג איז נישטאָ. מילא, דער עלטערער דור וועט שוין בלייבן ייִדן ביזן טויט. אָבער דער נייער דור... בלויז געציילטע, יחידים, לערנען בשתיקה מיט זייערע קינ־דער אַ ייִדיש וואָרט. אָבער ס'איז ווי אַ טראָפּן אין ים.

דאָס אַלץ ווייס איך שוין אויף אויסנווייניק.

די אַרבעט איז אַזוי ביי אונדז צוגעגאַנגען כשורה. אַלע טאָג די זעלביקע בהמות. אַלע טאָג די „באַלקעס". אַלע טאָג די ברייטע, ווייטע סטעפּעס פון אַלע זייטן, די צעשפּרייטע בלויע הימלען פון אויבן.

נאָר איין טאָג איז אונדז נישט געגאַנגען. דאָס איז פּונקט געווען אין יענער צייט פון זומער, ווען די בהמות באַקומען אָפּט דעם „בזיק" — אַזאַ מין נערוון־אַטאַק. אַ סברה, אויפן סעקסועלן באָדן. דאַמאָלס פּאַררייסט פּלוצלונג די בהמה דעם עק אין דער הויך און הויבט אָן לויפן משוגענערווייז. וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן איין איינציקער בהמה, וואָלטן מיר זיך זאַלבענאַנד מיט איר אַן עצה געגעבן; אָבער אין יענעם טאָג איז עס געשען כמעט מיט אונדזער גאַנצער סטאַדע... אַלע ווײַלע פלעגט אַן אַנדער בהמה פּאַררייסן דעם עק און פלעגט זיך ווילד צעטאַנצן און פאַרשווינדן אין דער ווייטעניש. מיר זענען ביידע ממש דערשראָקן געוואָרן. אַז איך האָב זיך לכתחילה גענומען יאָגן נאָך איין בהמה און כאַזאַן נאָך אַ צווייטער, האָט דערווייל זיך צעטאַנצט אַ דריטע, אַ פערטע, אַ פינפטע... און אַזוי שיער נישט די גאַנצע סטאַדע... אַלע בהמות זענען זיך צעלאָפן איז פאַרשיידענע זייטן. אַזוי אַז אונדזער יאָגן זיך איז געווען אומזיסט. אומזיסטע טרחה. האָבן מיר באַלד רע־זיגנירט. פאַרפאַלן. קוקן מיר אַן איינער דעם אַנדערן צעשראָקן:

— וואָס טוט מען?

— אַן אומגליק!

— מיט וואָס וועלן מיר זיך אומקערן?...

אין סך־הכל האָבן מיר פאַרנאַכט צוריקגעטריבן אין קאַלכאַז בלויז פינף בהמות. פינף פון אַ גאַנצער סטאַדע... איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף „פּאַלעוואַי״ אויף נעכטיקן און כאַזאַן נעבעך האָט שוין אַליין געטריבן ביזן דאָרף די קליינע „פּאַריתומטע״ סטאַדע...

צומאָרגנס האָט געקלונגען אין קאַלכאַז. אַלע האָבן זיך געוויצלט איבער אונדז, די שלימזלדיקע פּאַסטוכער. אָבער ערנסט איז עס גראָד נישט געווען, ווייל סיי דער „פּרעדסיעדאַטיעל״, סיי אַלע מעלקערינס פון קאַלכאַז האָבן געוווסט, אַז אין דער דאָזיקער צייט פון יאָר קאָן פּאַסירן אַזעלכעס מיט די בהמות. עס באַפּאַלט זיי דער „בזיק״ און זיי צעלויפן זיך אין אַלדי רוחות. באַגינען האָט מען אַרויסגע־שיקט אַ דריי־פיר „פּאַצאַנעס״ אויף פערד, און יענע האָבן אין די סטעפּעס אויס־געזוכט און צונויפגענומען די קי אין דער אָבאָרע. מ׳האָט זיי באַלד אויסגעמאָלקן די שווערע אָנגעדראָלענע אייטערס.

דעם אַנדערן טאָג איז שוין די סטאַדע אָנגעקומען פון דאָרף, אַ חוץ מיט כאַזאַנען, אויך מיט אַ „פּאַצאַן״ אויף אַ פערד. האָבן מיר טאַקע, איך און כאַזאַן, שוין נישט געהאַט קיין גרויסע קלאָפּאָטן. אַז אַ בהמה האָט זיך נאָר צעטאַנצט איבערן סטעפּ, האָט זיך דער „פּאַצאַן״ באַלד נאָך איר אַ לאָז געטאָן אויף זיין פערדל און האָט זי צוריקגעבראַכט. מיר האָבן זיך נאָר צוגעקוקט פון דערווייטנס און זיך „אַמוזירט״ ווי צושויער צו דער צירק־אַרענע...

דער „אוטשאַטשיק״ האָט אויך צונויפגעשטעלט אַ וואַנט־צייטונג פאַר די קאַלכאַז־אַרבעטער. די דאָזיקע וואַנט־צייטונג פלעגט אויסגעהאנגען ווערן טאַקע אין אונדזער קיביטקע אויף „פּאַליעוואַי״, וואָס איז איצט געווען דער הויפּט־צענטער פון די קאַלכאַז־אַרבעטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך אויך באַוויזן אין דער דאָזיקער וואַנט־צייטונג אַ הומאָריסטישע באַשרייבונג מיט צוויי גע־צייכנטע פיגורן — פון מיר און כאַזאַנען: ווי אַזוי מיר זענען אַרויס מיט אַ פולער סטאַדע און צוריקגעקומען בלויז מיט די בייטשן...

קאַלכאַזנער הומאָר, נעבעך...

## 33

## כ׳ווער געקרוינט פאַר אַ „וואַדאָוואַז״...

שפּעטער אַ ביסל האָט זיך אין קאַלכאַז אָנגעהויבן דער „סיענאָקאָס״ (היי־קאָשען) און מ׳האָט געמאַכט איבערגרופּירונגען אין דער אַרבעט פון די בריגאַ־דעס. לכתחילה האָט מען מיך צוגעטיילט צו די „אַמיאָטן״ (סטויגן). כ׳האָב צוזאַ־

מען מיט אַנדערע אַרויפֿדערלאַנגט אויף אַ „ווילע" דעם היי צו די סטויגן. לסוף האָט מען מיך איבערגעטראָגן צו אַן אַנדער אַרבעט: מ'האָט מיך „געקרוינט" פֿאַרן „וואָדאָוואָז" (וואַסערפֿירער) פֿון דער פֿעלד־קיך. איך האָב באַקומען אַ וואָגן מיט אַ פֿאַס, איינגעשפּאַנט מיט אַ ברוינעם ביק — און היידאַ!... „צאָפּ!" „צעבע!"... די פֿעלד־קיך האָט איצט באַדינט אַ היפּשער בריגאַדע אַרבעטער וואָס ביים „סיע־נאָקאָס". די באַזע איז געווען אַ 6־7 קילאָמעטער פֿון דאָרף. פֿלעגט מיר אויסקו־מען צוויי מאָל אין טאָג צו פֿירן וואַסער פֿון דאָרפֿישן ברונעם. די דאָזיקע אַרבעט פֿלעגט פֿאַרנעמען דעם גאַנצן טאָג. צוויי מאָל אָנשעפּן עטלעכע צענדליק עמערס וואַסער, כדי פֿול צו מאַכן די פֿאַס; צוויי מאָל פֿאָרן הין און צוריק — דאָס אַלץ האָט פֿאַרנומען דעם גאַנצן טאָג. דער אָקס איילט זיך דאָך נישט. ער גייט זיך פּאַמעלעך מיט זיינע אָקסן־טריט. פֿלעג איך זיצן פֿאָרנט אויפֿן וואָגן, פֿאַרן פֿעסל, און צו־„נו"־קען דעם אָקס:

— העי, צאָפּ! צעבע!

אין די דאָזיקע פּאַמעלכדיקע „יאַזדעס" פֿלעג איך אַפֿילו האָבן אַ שעת־הכושר אַריינצוקוקן אין אַ בוך, אָדער גאָר עפּעס צו פֿאַרצייכענען אין מיין קליינ־טשיק נאָטיץ־ביכעלע. אויף איינער אַזאַ נסיעה מיטן פֿעסל וואַסער האָב איך אויך אָנגעשריבן אַ ליד „צו וועמען":

צו וועמען וועל איך קומען?
ווער וועט מיך באַגעגנען
אין מיין היים — אַ ווער?
צי וועט מען מיך מיט בלומען
זיין מקבל־פּנים,
אָדער — וויסט און לער?...
אאַז"ו *).

אַ טאָג איז דאַן געשטאַנען אַ לויטערער, אַ קלאָרער. איך האָב געקוקט אין מערב־זייט און געזען אין דמיון מיין היים — אַ חרובע, אין בראַנד — — —

אַז כ'האָב דאָס ליד געענדיקט און געפּרוווט עס לייענען אויפֿן קול, איז מיין שטים פּלוצלונג איינגעבראָכן געוואָרן: טרערן האָבן מיך גענומען שטיקן... כ'האָב זיך אַזש פֿאַרשעמט פֿאַר זיך אַליין: פֿע, געוואָרן גאָר אַ ייִדענע!... ווי נאָר איך דערמאָן זיך אָן דער היים און אָן די היימישע, נעמען מיך שטיקן טרערן... ס'איז גאָר קיינמאָל אַזוי נישט געווען מיט מיר.

---

*) זע מיין לידער־זאַמלונג „מיט אַש אויפֿן קאָפּ", פּ"ג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש 1947.

מייַן לעקטור אין יענע טעג איז געווען דער „קראַטקי קורס״*). כ׳האָב זיך געמאַכט אַ האַרץ איבערצולייענען דאָס דאָזיקע בוך, וועגן וועלכן מ׳העט ריידן רעכטס און לינקס פון איטלעכן קאָמוניסטישן אַקטיוויסט. מ׳האַלט עס תמיד אין איין ציטירן, גלייך ווי אַ רב דעם „שולחן ערוך״... אַגב האָב איך עפּעס אַנדערש דאָ פשוט נישט געהאַט וואָס צו לייענען. דעם „קראַטקי קורס״ האָט מיר אויסגעבאָרגט דער „אופּאָלנאָמאָטשעני״ (באַפולמעכטיקטער) פון אָבלאָסט׳, פון טשקאַלאָוו. פּונקט ווי אין אַלע קאָלכאָזן, איז אויך אין „פּאָליאַנאַ״ געווען אַן „אויג״ פון „אויבן״, וואָס האָט געקוקט אויף אַלץ: אויף די קאָלכאָזניקעס און זייער אויספירן די אַרבעט; אויף די זייטיקע אַרבעטער, די פרעמדע, אַזוי ווי מיר, אַ שטייגער, און אַפילו אויך אויפן „פּרעדסיעדאַטיעל״... כאָטש דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ איז געווען אַ פּאַרטייער, אַן אייגענער. געגוג געווען איין פּיפּס פון „אופּאָלנאָמאָטשעני״ אין דער „אָבלפּאַרטיע״, אַז דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ זאָל פליִען ווו דער שוואַרצער פּעפער וואַקסט. און נישט נאָר דער פּאָרזיצער — אויך אַ קאָלכאָזניק האָט געקאָנט באַקומען אַזאַ וויסטן סוף. געדענק איך טאַקע אַ גאַנצע ריי קאָלכאָזניקעס פון לאַגער, וועלכע זענען עס געפלויגן לויט דער אָנווייזונג פון באַפולמעכטיקטן . . .

דער „אופּאָלנאָמאָטשעני״ פון „פּאָליאַנאַ״ איז גראָד געווען אַ ייִד. כ׳האָב אַ פּאָר מאָל געפּרוווט מיט אים אַ רייד טאָן וועגן ייִדישע ענינים, וועגן ייִדישע קולטור־ענינים; אָבער יענער האָט אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען. ער ווייסט גאָרנישט, ער פאַרשטייט אַפילו נישט קיין ייִדיש. אַזוי האָט ער מיר געזאָגט. איך האָב אים נישט געגלויבט: ווי איז עס מעגלעך? אַז סך־הכל איז ער אַן עוואַקוירטער קאָמוניסט פון מינסק און קיין יונגערמאַנטשיק איז ער שוין אויך נישט. אָט, עס פּאַסט דאָ אַזוי צו שפּילן פאַר די רוסן די ראָלע פון אַזעלכן, וואָס איז ווייט פון ייִדן... פשוטער „שמענדריקיזם״ אין אַ סאָוועטישער אויפלאַגע!

האָב איך געלייענט אַזוי אויף מיין וואָגן דעם „קראַטקי קורס״ און אָפּט האָט עס מיך פשוט געהויבן אין דער לופטן: ווי אַזוי זיי מאַכן עס פון טראָצקין אַ זעראָ, גלייך ווי ער וואָלט גאָר קיין שום ראָלע נישט געשפּילט אין דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע; אַזוי פון טראָצקין, ווי פון דער גאַנצער אָפּאָזיציע, וועמען זיי האָבן שוין אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט... זיי גלאָריפיצירן נאָר אים אַליין, אים אַליין, דער גרויסן, דעם קלוגן, דעם אַלמעכטיקן סטאַלין. דעם „פאָטער פון די פעלקער״... אָט טאַקע דעם זעלביקן, וואָס האָט זיך אַזוי באַנאַרישט מיטן שליסן

*) קורצער קורס געשיכטע פון דער אַלרוסישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי („באָלשעוויקעס״).

דעם פּאַקט מיט היטלערן און דורכדעם געבראַכט דעם גרעסטן אומגליק זיין אייגענעם פאָלק און דער גאַנצער וועלט! ווער רעדט שוין דעם יידישן פאָלק!

יאָ, דער גרויסער און שיינער חכם האָט זיך מיאוס באַנאַרישט לעולם ועד פאַר דער אייגענער רוסישער געשיכטע!

אַז כ׳האָב דאָס בוך, נאָכן ענדיקן, צוריקגעגעבן דעם „אופּאָלנאָמאָטשעני״, האָט מיך יענער אַ פרעג געטאָן:

— שוין געענדיקט? אַזוי שנעל?

— געענדיקט. ווי לאַנג דאַרף עס דען דויערן?

— דאָס דאַרף מען נישט לייענען, נאָר לערנען אויף אויסנווייניק... — זאָגט ער, אַקצענטירנדיק די לעצטע ווערטער.

— כ׳האָב געלייענט נאָרמאַל, ווי אַ לייענער. — זאָג איך.

— זאָגט מיר אָקאָרשט, — נעמט ער מיך אויפן פאַרהער, — וואָס פאַר אַ רעזאָלוציע האָט מען אָנגענומען אויפן 7טן צוזאַמענפאָר פון דער רוסישער קאָמפּאַרטיע ?

— נאָך דאָס זאָל איך געדענקען?

— געוויס, געוויס. מען מוז אַלץ געדענקען אויף אויסנווייניק.

— אפשר איר, נישט איך.

ער האָט געזען, אַז איך בין נישט פון „זיינע״ מענטשן; דאָך פלעגט ער נישט אויסמיידן יעדע געלעגנהייט מיט מיר צו פאַרבינדן אַ שמועס. כ׳בין, פאַרשטייט זיך, געווען אין מיינע רייד מיט אים גענוג פאָרזיכטיק...

***

מיין פונקציע ווי אַ „וואָדאָוואָז״ איז פאַר מיר געווען צו דערליידן. מער־ווייניקער בין איך אַריין אין דער דאָזיקער ראָלע. אַגב, צום „אָביעד״ פלעג איך תמיד זיין אויפן פּלאַץ — נישט ווי בעת כ׳בין געווען אַ פּאַסטוך — און פלעג עסן גלייך מיט אַלעמען די פּאָסטנע מאָגערע עסנס און פאַרטרינקען מיטן „פערע־גאָן״. איך פלעג אַפילו צייט האָבן זיך אַ ביסל אָפּרוען אויף דער זון, קוקן אין הימל — ווען די זון האָט נישט געשאָטן מיט פייער...

מיטן ביק קאָן איך זיך שוין אויך אויסגעצייכנט באַגיין. כ׳נעם אים אָן לייכט און געשיקט פאַר אַ האָרן, פיר אים צו צום וואָגן און שפּאַן אים איין אין „יאַרמאָ״ (הילצערנער יאָך), פאַרציִענדיק פון אונטן די רימענס. איינשפּאַנען, אויסשפּאַנען — אַלצאיינס — כ׳קען שוין די „תורה״. כ׳קען זיך שוין גוט אויף דעם אָקס׳ קאַפּריזן. יעדער אָקס האָט דאָ זיין צונאָמען. איינער האָט געהייסן „טראָצקי״, אַן אַנדערער „גיטלער״... (צו וואָס פאַר אַ „חברים״ ליעוו טראָצקי

האָט זיך דערדינט אין סאָוועט־רוסלאַנד נאָך זיין אָקטאָבער־רעוואָלוציע!...). נאָך אַן אַנדער אָקס האָט געהייסן „בורזשוי"... מיין אָקס האָט מען גערופן „פּאַראַזיט". פּאַרוואָס ווייס איך נישט. דאַכט זיך, אַז ער האָט כשר געמאַכט ביי מיר די „נאָרמע"...

פלעג איך זיך אויף מיינע „יאַזדעס" אויסשמועסן מיטן ביק:

— העי, פּאַראַזיט, צאָפּ!

— העי, פּאַראַזיט, צעבע!...

דאָס רוב פלעגט ער מיר פאָלגן, פלעגט זיך קערן רעכטס און לינקס. איך פלעג אויף אים נאָר אַ געשריי טאָן. דעם שטעקן האָב איך וויניק גענוצט צו זיינע זייטן. סיידן, אַז ער האָט זיך אַמאָל אַנידערגעשטעלט ביי אַ באַרג־אַרויף און זיך געפּוילט צו געבן אַ פּעסטערן צי דעם געשפּאַן. דאַמאָלס האָב איך אים שוין געמוזט דערמאָנען, ער זאָל קיין דבר־אחר נישט זיין; אַז פאַראַן אַ שטעקן אויך אויף דער וועלט...

איך ווייס נישט, אָסור, צי איך וואָלט געקאָנט מאַכן געברויך פון מיין שטעקן, ווען איך וואָלט געפאָרן נישט מיטן „פּאַראַזיט", נאָר מיט „טראַצקין", נעבעך... דאַקעגן, ווען איך פאָר מיט „גיטלערן", וואָלט ער שוין, זיכער, פון מיר מיט קיין גאַנצע זייטן נישט אַרויס...

כ'האָב זיך אויך אַזוי אַ ביסל איינגעלעבט מיט דער בריגאַדע, וואָס אויפן „סיענאָקאָס". בעת דער מיטאָג־הפסקה פלעגט זיך צונויפקומען ביים לייוונטענעם ביידל דאָס גאַנצע געזעמל: אַלטע קאָלכאָזניקעס, יונגע שיקסעס און אויך אונדזערע פּויליש־יידישע בחורים. מ'האָט געגעסן צוזאַמען, געריוכערט און געשמועסט. דער טאָן־געבער, דער ראש המדברים, איז דאָס רוב געווען דער „אוטשאַטשיק". אין זיינע שמועסן מיט מיר באַמיט ער זיך תמיד מיר צו ווייזן, אַז ער איז נישט אַזוי ווי די אַלע פּויערים דאָ. ער רעדט מיט מיר אַפילו וועגן ליטעראַטור... כ'זע טאַקע, ער איז אַ ביסל אַ באַלייענטער. ער רופט אָן נעמען פון שרייבער, פון ווערק. ער איז דאָך נישט קיין קאָלכאָזניק. ער איז דאָ צופעליק, אַן עוואַקויִרטער פון לענינגראַד. אויפן פראָנט איז ער נישט, ווייל ער איז אַן אינוואַליד. זיין אויפמערקזאַמקייט שענקט ער מיר נישט פון היינט. קיין פּאַרטייער, זע איך, איז ער נישט. פלעג איך טאַקע גערן מיט אים שמועסן.

זיין אויפמערקזאַמקייט שענקט ער מיר אויך אַפילו אין דער וואַנט־צייטונג. שוין דאָס צווייטע מאָל שרייבט ער דאָרט וועגן מיר. איצט וועגן מיין ראָלע ווי אַ „וואָדאָוואָז"... ווידער האָט ער מיך אַריינגעפלאָכטן אין דעם קאָלכאָזנעם הומאָר... איך האָב אין דעם נייעם נומער וואַנט־צייטונג געזען אַ צייכענונג, ווי איך זיץ אויף אַ וואָגן מיטן פעסל וואַסער. פאַרשטייט זיך, ווען נישט די אויבער־שריפט,

וואָלט קיינער נישט געוווסט, אַז דאָס בין איך... אַן אַנדער שורה דערציילט, אַז איך זיץ פאַרטראַכט און זינג. עס קומט אונטער דער דאַזיקער שורה אַ פערז פון אַסטראָווסקין:

אודיוויטיעלני וואָפראָס:
אַטשעווּאָ יאַ וואָדאָוואָז?
פּאַטאָמו טשטאָ בעז וואָדי
ביע טודי אי ביע סיודי...

יאָ, מחשבותן... ווו „טאַלענטן" ווערן אַלץ פאַרלוירן...

## 34

## „פּאַנעם עט סירסענסעס"...

אין די זונטיקס האָבן מיר זיך געלאָזט ווילגיין. „וויבאָדנאָי". אין קיביטקע אויף „פּאַליעוואָי" איז אַ חוץ מיר און האָרוויצן קיינער נישט געווען. האָרוויץ איז דאָן אומגעגאַנגען ווי אָדם הראשון אין גן־עדן. איינגעפּאַנצן אַ נאַקעטער, אַ באָרוועס־ער, מיט עפּעס אַן אימפּראָוויזירטן שמאַטעוואַטן באָד־קאָסטיומל נאָר צו פאַר־דעקן די ערווה... אויפן קאָפּ אַ מיצל, געמאַכט פון אַ נאָז־טיכל. מיט קניפּלעך פון אַלע פיר עקן — אַ שוץ קעגן דער זון. און אַזוי האָט ער זיך אומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג אין דרויסן.

מיר זענען אַפילו פריי געווען אויך פון „אַביעד": אַז מ׳אַרבעט נישט, קאָכט מען נישט. ס׳איז איבערהויפּט נישטאָ די פעלד־קיך. מוז מען זיך אַליין געבן ווי עס איז אַן עצה. פּאָרען מיר זיך ביי אַ קאָסטיאָר און קאָכן אָפּ אין אַ קעסעלע אַ ביסל „פּשענאָ". אַז עס געלינגט ערגעץ צו פּאַקן אַ ביסל קאַרטאָפל, איז אַוודאי גוט, איז די סעודה גאָר יום־טובדיק.

אין די נאָך־מיטאָג־שעהן גייען מיר צום טייך, וואָס אַנטקעגן דאָרף. מיר באָדן זיך און גלייכצייטיק וואַשט מען שוין אויס אַ פּאָרל וועש און די נאָז־טיכלעך.

— וואָס פעלט אונדז? נישט צו פאַרזינדיקן. — שפּאַסט האָרוויץ.

— דער אמתער המשמח בחלקו...

— ווו האָט איר דאָ בעסערס?

— טאַקע בעסערס דאָ נישטאָ. איז טאַקע אָך און וויי צו אַזאַ „דאָליע"...

בעת מיר וואַשן די וועש, שרייט צו אונדז אַ פּויערטע פון אַנטקעגנאיבערדיקן ברעג, וועלכע וואַשט אויך וועש:

— הערי, רעביאַטאַ, זשעניטסיאַ נאַדאַ... (הערי, חברה, מ׳דאַרף חתונה האָבן...).
דאָס הייסט: צו וואָס זאָל אַ מאנסביל אַליין וואַשן וועש. מ׳נעמט אַן אייגענע
ווייב, וועט זי שוין וואַשן.

— וואָס זאָגט איר צו איר עצה טובה, האַ?... — פרעג איך האָרוויצן.

— מ׳האָט איר אין דר׳ערד מיט אירע מציאות... — ענטפערט ער לציש.
„פליאַזשעוועץ״ מיר נאָך אויף דער זון. מ׳ברענט זיך, מ׳בראָט זיך.

— כ׳בעט אייך, איז עס נישט קיין דאַטשע? — דעלעקטירט זיך האָרוויץ. —
זעט, ס׳אַרא רחבותדיקער הימל! ווען מען קומט פון באָד צו אַ היימישן מיטאָגל,
אַ שטייגער מיין שוויגערס אַ יאַיכל... מיט אַ מערן־צימעס צום פאַרבייסן...

— כ׳זע, איר קאָנט נישט פאַרגעסן דער שוויגערס קעסט...

קומען אויך קאָלכאָזניקעס זיך באָדן. זיי וואַרפן אַראָפּ פון זיך די מלבושים
— די טראַנטעס, די טונקעלע וועש — אין צוויטן. זיי גייען אַריין אין וואַסער
גאָר אָן באָד־קאָסטיומען. מוטער־נאַקעט. אין קאָלכאָז ווייס מען נישט פון אַזאַ
„לוקסוס״...

— קוקט אָן קאָלכאָזניקעס. זייער הלבשה. ס׳אַרא דלות! — ווייז איך האָר־
וויצן אויף זיי.

— איך קען עס שוין צו גוט. — ענטפערט ער — מלך אביונס מלוכה...
זיי פאַרמאָגן נאָר דעם אדם־קאָסטיום...

— אַ פאַלק, האַ? עס גייט אין יאָך ווי די אָקסן אין „יאַרמאָ״... צאָפּ! צעבע!...

— אַ ברירה האָבן זיי? זאָלן זיי פּרווון אַ פּיפּס טאָן, איז דאָך פאַראַן אַן
אויער, וואָס הערט און אַן אויג, וואָס זעט... איר מיינט, בחנם שיקט מען פון
דער „אָבלפּאַרטיע״ אַן „אופּאָלנאָמאָטשענני״ אין יעדן קאָלכאָז? אָ, ווּיפל קאָלכאָז־
ניקעס פון „פּאָליאַנאַ״ האַקן די וועלדער אין די לאַגערן פון קאָמי! טאָמער פּרווט
אַ קאָלכאָזניק אַ ביסל „מאַנקירן״ אין דער אַרבעט, אַ ביסל זיך צופוילן — וואָרום
וואָס לוינט אים אָוועקלייגן די כוחות אומזיסט? — טוט אים דער „פּרעדסיעדאַ־
טיעל״ אַ דערמאָן: „ס׳האָט זיך דיר פאַרבענקט אין לאַגער?״... אַליין צוגעהערט
אַזעלכע קאָפּוליער אָנצוהערעניש...

— אַן אומגליקלעך לאַנד!

— זאָגט עס נאָכאַמאָל... אַזוי איז עס...

ווי אַן איבעריקע אילוסטראַציע צו אונדזער שמועס קומט אַ קורצער דיאַלאָג
צווישן מיר מיט אַן אַלטיטשקן פויער, וועלכער האָט זיך געבאָדן בשכנות פון
אונדז. בעת יענער האָט זיך געענומען אָנטאָן, טו איך אים אַ פרעג:

— דיעדושקאַ, פאַרוואָס זשאַלעוועט איר אָנצוטאָן אַ נייע העמד? אייער העמד
איז דאָך שוין אין גאַנצן אין לעכער.

— נישטאָ, נישטאָ, סינאָק, קיין בעסערע...

— פאַרוואָס עפּעס? איר אַרבעט שוין נישט? איר פאַרדינט נישט?

— איך אַרבעט, סינאָק... אַ גאַנץ לעבן אָפּגעאַרבעט... אַמאָל, אַז מ׳האָט געהאַט אַליין אַן אייגן שטיקל ערד, האָט מען נאָך געהאַט אויף זיך אַ לייוונטענע העמד... היינט אָבער, סינאָק... דו אַרבעטסט, אַרבעטסט און... נאַ זע... האָסט נישט קיין העמד אויפן לייב... קיין גאַנצע הויזן... קיין שטיוול... פּראָקליאַטאַיאַ זשיזן... (פאַרשאָלטן לעבן...).

— פאַרוואָס, דיעדושקאָ? פאַרוואָס אַזוי?

— פרעג נישט, סינאָק. פאַר פרעגן ווערט מען פאַרפוילט אין סיביר...

— וואָס טוט איר איצט אין קאָלכאָז, דיעדושקאָ?

— כ׳בין אַן „אָכראַנניק”... איך היט דעם „טאָק”... צו אַרבעט אויפן פעלד איז שוין נישטאָ קיין כוח... שוין אַ 74ער...

— האָט איר קינדער? העלפן אייך נישט די קינדער?

— פאַראַן קינדער. אָבער וואָס קאָנען זיי מיר העלפן? זיי זענען אַליין נעבעך אָרעם. זיי דאַרפן דאָך אויסהאַלטן זייערע קינדער. גייען נעבעך אויך אַרום אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן . . .

דער זקן האָט זיך אָנגעטאָן אין זיינע טראַנטעס, אין זיינע „טאַפּאָטשקעס” און איז אַוועק אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן.

האָרוויץ, וואָס האָט זיך צוגעהערט צו מיין שמועס מיטן זקן, האָט זיך אָפּגערופן:

— נו, איצטער ווייסט איר שוין? אַזוי וועט מיט אייך ריידן יעדער איינציקער קאָלכאָזניק. כ׳קען שוין זייערע טענות און תרעומות.

— ער האָט אויך פאַר מיר נישט אַנטדעקט אַמעריקע. כ׳קען עס אויך זייער גוט.

— נישקשה, דער „פאָטער פון די פעלקער” האָט זיין לאַנד מזכה געווען מיט אַ גוטער מתנה: קאָלכאָז... אַז אַך און אַז ווי איז זיי...

***

איין זונטיק אין אָוונט האָט מען אונדז געגעבן אויף אַ פאָרשטעלונג. אַ קילאָמעטער ברייט באַקומען מיר דאָך. פעלט אונדז נאָר פאָרשטעלונג... מ׳האָט קאָנסטרואירט אַ ברייטן לייוונט אויף הויכע שטאַנגען און דעמאָנסטרירט ליכט־בילדער.

דאָס איז טאַקע פאָרגעקומען אויפן פרייען פּלאַץ נעבן אונדזער קיביטקע אויף „פּאָליעוואַי”. עס איז געקומען אַ היפּשער עולם פון דאָרף — מ׳האָט געהייסן קומען — דער עיקר ווייבער, מיידלעך און „פּאַצאַנעס”. עס האָבן אויך נישט געפעלט אונדזערע בחורים פון פּוילן.

## אברהם זאַק

אַ גאַנצער עולם איז געשטאַנען — קיין זיך־פּלעצער האָט מען נישט געמאַכט — און מ׳האָט זיך צוגעקוקט מיט גרויס נייגעריקייט.

געווען אויף דער שמחה אַלע עלטסטע פון קאָלכאָז: דער „פּרעדסיעדאַטיעל״, דער באַפּולמעכטיקטער פון טשקאַלאָוו און דער „אוטשאַטשיק״. דער באַפּולמעכטיקטער האָט אָנגעשטעלט די מאַשין קעגן לייוונט און עס האָבן זיך גענומען ווייזן בילדער. בילדער פון דער רוסישער געשיכטע. אָט שווימט אַרויס סוואָראָווס קאָפּ. נישט באַוועגלעך, נאָר סטאַטיש. די גאַנצע צייט, וואָס סוואָראָוו האָט געגרוט אויפן לייוונט, האָט דער באַפּולמעכטיקטער געגעבן דערקלערונגען. ער האָט דערציילט וועגן סוואָראָווס פאַרדינסטן ווי אַ „פּאָלקאָוואָדיעץ״ פאַר דעם פאָטערלאַנד. אַן ענלעכע לעקציע איז געקומען, בעת מ׳האָט געוויזן פּיאָטר וויעליקי, אַלעקסאַנדער ניעווסקי, מינין און פּאָזשאַרסקי א״אַ. פאַרשטייט זיך, אַז מ׳האָט אויך נישט פאַרפעלט די קעגנוואַרט: נאָך די העלדן פון דער רוסישער געשיכטע האָט מען אויך געוויזן אַלע באַלשעוויסטישע גדולים, ווי: לענין, סטאַלין, קאַלינין. און ביי יעדן זענען געקומען דרשות. די דרשות האָבן שוין אַלעמען געמאַכט איבערזאַט. עס האָט גענודעט און פאַרמאַטערט. עולם האָט גענומען געניצן. אַוועקגיין האָט מען נישט געקאָנט.

לסוף האָט דער פאַרזיצער צונויפגענומען דאָס יונגוואַרג פון קאָלכאָז. די „סאַמאָדיעיאַטיעלנאָסט׳ ״ — די קונסט־גרופּע. מ׳האָט זיך גענומען זינגען אין כאָר. דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ האָט זיי אַלע וויילע אונטערגעזאָגט וואָס מ׳זאָל זינגען און ער האָט דיריגירט מיט אַ צווייגל. מ׳האָט געזונגען דאָס רוב רויט־אַרמייאישע לידער: „טאַטשאַנקאַ״, „ריבאַלקאַ״, „מאָסקוואַ מאָיאַ״, „קאָגדאַ נאַס וו׳באַי פּאָשליאָט טאָוואַרישטש סטאַלין״ און אַנדערע. פאַרן גאַנצן אָוונט האָט מען נישט געהערט קיין איין ראָמאַנס, קיין איינציק ליד, וואָס זאָל ריידן צו די הערצער פון דער יוגנט... נישט פון קיין ליבע, נישט פון קיין בענקשאַפטן... נאָר פּאַטריאָטישן ביימאַייל דאַרף מען געבן דער סאָוועטישער יוגנט...

אויך אונדזערע פּויליש־יידישע בחורים האָבן שוין געקענט די אַלע לידער און האָבן מיטגעזונגען מיטן כאָר אינאיינעם.

אַזוי האָט מען דעם קאָלכאָזנעם עולם אין משך פון עטלעכע שעה אָנגעקאָרמעט מיט „קולטור־דערציִערישער״ שפּייז... אַ נס, וואָס „נאַטשאַלסטוואָ״ האָט זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז שוין שפּעט; אַז ס׳איז שוין צייט צו גיין שלאָפן:

— גייט, רעביאַטאַ, רוען. מאָרגן איז דאָך אַן אַרבעטס־טאָג.

איך מיט האָרוויצן האָבן זיך די גאַנצע צייט אומגעדרייט אויפן פּלאַץ ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. מיר האָבן זיך פון צייט־צו־צייט שטומערהייט איבער־

געוווּנקען, בעת עס האָבן זיך געגאָסן די פּאַטריאָטיש־ביימאַיילדיקע רייד פון ייִדישן „פּאָליטרוק" פאַר דער קאַלכאָזנער אוידיטאָריע.

אין אַ שעת הכושר, אַ ביסל אָן אַ זייט, באַמערקט מיר האַרוויץ איראָניש, האַלב־בלחש:

— אַ שיינער יום־טוב... וואָלטן זיי געבראַכט בעסער פאַר די קאָלכאָזניקעס צו דריי מעטער מאַנופאַקטור אויף אָן אָנצוג, אָדער צו פּאָר שטיוול אויף די באָרוויסע פיס... דאַן וואָלט געווען דער אמתער יום־טוב אין קאָלכאָז!...

## 35

## עס רופט דער „וואָיענקאָם"

עס האָט זיך דערמאָנט אָן אונדז דער „וואָיענקאָם" (מיליטערישער קאָמיסאַריאַט) אין ראַיאָן, אין אַק־בולאַק: ס'איז אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג אין קאָלכאָז מ'זאָל אַלע פּוילישע צושטעלן אין „וואָיענקאָם" אויף אַ מעדיציינישער קאָנטראָל. האָט מען אונדז געגעבן אַ לאַנגן דאָרפישן לייטער־וואָגן מיט אַ פּאָר אָקסן און מיר האָבן זיך באַגינען אַלע אַהין אַריינגעפּאַקט.

מיר זענען לכתחילה זיכער געווען, אַז מען נעמט אונדז שוין אַלעמען אין דער רויטער אַרמיי. מיר זענען דאָך שוין פאָרמעל אויס פּוילישע בירגער. מיר טראָגן דאָך שוין אין די טאַשן סאָוועטישע פּעסער. טייל פון אונדז האָבן שוין אַפילו מיטגענומען די רוקזעק מיטן ביסל אָרעמקייט: טאָמער נעמט מען גלייך צו.

אונדזער עולם האָט עס שטאַרק נישט געשמעקט: ס'האָט זיך בשום אופן נישט געגלוסט מסכים זיין מיט דער בגוואַלט אָנגעוואָרפענער כאָוועטישער בירגערשאַפט. און דאָס גיין אין דער רויטער אַרמיי באַקרעפטיקט נאָך מער דעם טרויעריקן פאַקט...

גייט אַ גערייד אין וואָגן:

— מ'האָט אַלץ געדאַרפט טאָן אַריינצופאַלן אין דער פּוילישער אַרמיי. וואָלט מען שוין לאַנג געווען אין איראַן... — זאָגט איינער.

— יאָ, אמת. — ענטפערט אַ צווייטער. — אָבער גיי זיי אַ חכם, אַז די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן האָבן נישט געוואָלט מער אָננעמען קיין ייִדן.

— אפשר וועט מען אונדז גאָר שיקן אין דער קאָשציושקאָ־דיוויזיע? — פאַלט איינעם איין.

— מען זאָגט, אַז אין דער קאָשציושקאָ־דיוויזיע נעמט מען אויך נישט קיין ייִדן, נאָר אמתע פּאָליאַקן. — אײַנפּאָרמירט אַן אַנדערער.

מיר זענען אָנגעקומען אין אַק־בולאַק אָוונט־צײַט און איבערגענעכטיקט אין „קאָלכאָזני דוואָר״ פון „פּאָליאַנאַ״. באַלד אינדערפרי זענען מיר שוין אַלע געווען אין גרויסן הויף פון „וואָיענקאָמאַט״. עס זענען אָנגעפאָרן פּוילישע פון אַ גאַנצער ריי קאָלכאָזן. געווען דאָ אויך אַ סך רוסן, קאַזאַכן, טאָטערן. מיר זענען שוין, הייסט עס, מיט זיי אַלעמען איין משפחה...

דאָ אויפן הויף זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז געציילטע פּוילישע ייִדן האָט מען טאַקע צוגענומען אין דער רויטער אַרמיי; דאָס רוב אָבער שיקט מען די פּוילישע אין „סטראָי־באַט״ (אַרבעט־באַטאַליאָנען) — אויף אַרבעט הינטערן פראָנט: גראָבן טראַנשייען, אָקאָפּעס; אָדער אין די אַמוניציע־זאַוואָדן פון אָרסק. מען דער־ציילט אַפילו, אַז עס זענען שוין אָנגעקומען פון פּוילישע בריוו פון „סטראָי־באַט״; אַז די אַרבעט איז דאָרט זייער אַ שווערע און מ׳ווערט דאָרט גישקשהדיק אויס־געריסן. כמעט נישט בעסער ווי אין לאַגער...

דעם גאַנצן טאָג האָבן מיר זיך אַזוי אָפּגעוואַלגערט אויפן הויף. פאַרנאַכטלעך איז אַרויסגעקומען צו אונדז דער מיליטערישער קאָמיסאַר אַליין און אויסגערופן:

— קאָלכאָז „פּאָליאַנאַ״!

מיר האָבן זיך אַלע אויפגעשטעלט פון דער ערד.

— טיעפּער וסיע ז׳ביושעי פּאָלשי...(איצטער קומען אַלע פון געוועזענעם פּוילן), — זאָגט ער מיט אַן איראָניש שמייכעלע, אויסציִענדיק דאָס וואָרט „ביושעי״ . . .

די דאָזיקע איראָניע — פון „געוועזענעם פּוילן״ — האָט אונדז אַלעמען אַ שטאָך געטאָן. דאָס האָט געהייסן, אַז פּוילן האָט שוין מער נישט וואָס צו זאָגן. איצט זענען זיי שוין די באַלעבאַטים איבער אונדז... און דער וויטיק איז נישט געווען צוליבן פּוילישן פּאַטריאָטיזם, נאָר צוליב די נייע „באַלעבאַטים״ איבער אונדזערע לעבנס . . .

מיר האָבן אויסגעפילט אַ קאָרידאָר און אײנציקווייז אַרײַן אין אַ חדר, וווּ ס׳איז געזעסן די מיליטעריש־מעדיציִנישע קאָמיסיע. אַ דאָקטער האָט אויסגע־הערט, באַאַמטע האָבן פאַרשריבן אין אַ פאָרמוליאַר די פּערסאָנאַליען פון יעדערן. מ׳האָט דאַן אַלעמען געהייסן נאָך צוואַרטן אין קאָרידאָר. שפּעטער האָט מען אַרויסגעטראָגן פיר צעטלען פאַר פיר אויסגעקליבענע פון אונדזער קאָלכאָז. אין די צעטלען איז געווען אַ דאַטע — אין 5 טעג אַרום — זיך צו מעלדן מיט די זאַכן („ס׳וויעשטשאַמי״) אין „וואָיענקאָמאַט״. וווּהין אייגנטלעך? אין דער רויטער אַרמיי, צי אין „סטראָי־באַט״? — דאָס האָט זיך אין די צעטלען נישט געזאָגט.

מיך האָט עס אויסגעמיטן. כ׳וועל, הייסט עס, ווייטער פירן וואָסער מיט מיין „פּאַראַזיט״... אויף האַרוויצן איז באַשערט געווען ווייטער צו זיצן און „קיניגן״ ווי אַ שומר אויף „פּאַליעוואַי״.

אַרויס פון „וואָיענקאָמאַט״, בין איך גלייך אַוועק אויף דער פּאָסט. אָפּגע־נומען בריוו פון פאַרשיידענע עקן: פון סאַמאַרקאַנד, פון פערגאַנאַ, פון עריוואַן.

איך לייען דורשטיק די בריוו, די ווערטער פון היימישע פּען־מענטשן, וואָס זענען אַזוי ווייט פון מיר, און עס רירן מיך ביז טרערן די טרייסט־ווערטער.

שרייבט מיר אהרן צפנת פון פערגאַנאַ צ״אַ:

...„לענעמאַן האָט מיר געוויזן אייער ערשטן בריוו און ס׳איז מיר געווען אָנגענעם צו לייענען, אַז איר שרייבט ווידער לידער, כבשנים קדמוניות. אייער צווייט בריוול קלינגט שוין ליידער פּעסימיסטישער — מיר פאַרשטייען גאַנץ גוט פאַרוואָס... (געמיינט די סאָוועטישע פּעסער...). זאָרגט נישט, איר וועט זען, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן גוט. די שווידערלעכע איבערלעבענישן פון די ערשטע צוויי יאָר אומגליקן און די אומגעריכטע גאולה (געמיינט די אַמנעסטיע פון די לאַ־גערן...) האָבן מיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָפּטימיסט. די מלחמה איז פאַר אונדז אַלעמען — אויב מיר וועלן פון איר אַרויס גאַנץ מיט די ביינער — די בעסטע לעבנס־שול״...

...„נישט מער — עס מוז נאָך געשען איינער פון די גרעסטע נסים: מיר זאָלן זיך טרעפן אין אַ גוטן אופן מיט אונדזערע פאַמיליעס! אויך איך האָב אי־בערגעלאָזט מיין פרוי און קינד — אַ יינגעלע פון 12 יאָר איז ער דאַמאָלס געווען — אין וואַרשע און... איך האָב מורא צו טראַכטן וועגן זיי „לאָגיש״. אויך דאָס האָט מיך אויסגעלערנט די מלחמה... נאָר נישט קיין לאָגיק! ס׳איז אַ קייט פון סיורפּריזן און אומלאָגישע דערשיינונגען״...

און צום סוף — אַ „תכלית״־ענין:

...„אין טעהעראַן עקזיסטירט אַ יידישער הילפס־קאָמיטעט פאַר פּליטים פון פּוילן (פון דער יידישער אַגענץ). זיין אַדרעס איז......

„אפשר וועט דאָס אייך צונוץ קומען״.

משה גראָסמאַן, פון סאַמאַרקאַנד, שרייבט צ״אַ:

.. „דאָ טרעפט מען כאָטש אַמאָל אַ נאָענטן. מען הערט אויס אַ ליד. מען זעצט זיך אַוועק אין צווייען, דרייען עסן אַ שטיקל ברויט מיט טיי, אָדער וויינטרויבן (דאָס איז דאָ נישט טייער), ווערט דער פשוטער פרישטיק — סעודה. פאַראַן דאָ אַ געשמאַקער פּאָעט פון בעסאַראַביע — מאָטל סאַקציער. אַ ווילנער יונגער פּאָעט פּרץ מיראַנסקי; מען כאַפּט איבער אַ וואָרט מיט בערלינסקין, אַזוי אַז קיין סך

דאַרף מען נישט, כאָטש אויף מינוטן, און מען פאַרגעסט דיווירקלעכקייט. עס ווערט אַ שטיקל ווינקל אין קאָרידאָר טלאָמאַצקיע 13״.

...„געקריגן אַ קלאָגעדיקן בריוו פון קאַגאַנאָווסקין. אייער „צו וועמען?״ איז אַזוי דין און רירענד״.

„דערלויבט מיר אייך איבערשיקן אַ געדיכטל. קינדער־ציינדלעך אויף דער עלטער!״...

און ס׳קומט זיינס אַ ליד „שפּיטאָל״. אַ ליד אַוודאי געוועבט פון אייגענע קאָשמאַר־איבערלעבונגען...

אַזוי האָבן זיך אונדזערע שרייבער נוהג געווען צו שיקן איינע צו די אַנדערע זייערע לידער. יעדער האָט עס געטאָן מיט דער פשוטער כוונה, אַז אויב ער, דער מחבר, וועט אינעם נע־ונד אומקומען, זאָל ביי אַ חבר כאָטש בלייבן אַ קאָפּיע פון זיינס אַ ליד...

עס האָט מיך אויך געריירט אַ דריט בריוול. דאָס האָט געשריבן — אין רו־סיש — מיינע אַ גוטע שכנה פון וואַרשע, מ., די פרוי פון ד״ר פ. אַ פריינט אויך פון לעאָ פינקעלשטיין. נאָכן באַפרייען זיך פון פאַרשיקונג אין אַ „פּאָסיאָלאָק״ איז זי איצט אין עריוואַן, אַרמעניש רוסלאַנד, צוזאַמען מיט אַנדערע משפחה־מיטגלידער. צ״אַ שרייבט זי:

„ווי האָב איך זיך דערפרייט מיט אייער אָפּרופן זיך. אַן אַלטער קלאַנג אין דער פרעמד, אין דער סביבה פון נישט־נאָענטע מענטשן, אין אַזעלכע שווערע אומשטענדן — איר ווייסט וואָס דאָס באַדייט״...

„אייער בריוו האָט אויפגערודערט אַלטע געפילן און געדאַנקען. ווי וואָלט זיך געוואָלט איצט זיין צוזאַמען מיט אַלטע פריינט. קאָן זיין, אַז מיר דאַכט זיך נאָר, אַז עס וואָלט געווען לייכטער אַלץ איבערצוטראָגן״.

דאַן קומט אַ „דיפּלאָמאַטישער״ פּאַראַגראַף בלשון סגי נהור:

„צי קאָן מען אייך לסוף באַגריסן מיט דער סאָוועטישער בירגערשאַפט? מיר זענען געוואָרן סאָוועטישע בירגער אין פאַריקן מערץ״...

„פון לעאָ (פינקעלשטיין) און פרוי שוין לאַנג נישט געהאַט קיין ידיעות. כ׳בין זייער אומרויִק און האָב זיי טעלעגראַפירט״.

יאָ, פון אַלע זייטן הער איך די גרוסן וועגן דער גרויסער „באַגייסטערונג״ מיט דער אויפגעצוווּנגענער סאָוועטישער בירגערשאַפט...

עס קומט דאַן אַ באַשרייבונג פון אַ גאַנצן פעקל צרות, פּלאָגן, מאַטערנישן, קראַנקייטן. איינער פון זייער משפחה, דער ברודער, איז שוין געפאַלן פון טי־פוס... וכדומה.

(דיגרעסיע: נישט לאַנג נאָכדעם האָט מיר לעאָ פינקעלשטיין געשריבן פון

סיקטיווקאר: „פון דער דאָזיקער גאַנצער משפחה (פיר פּערזאָן) אין עריוואַן — אונדזערע פריינט — איז געבליבן בלויז איין מיטגליד: די שנור, אַנקע. אַלע איבעריקע דריי זענען איינציקווייז אויסגעשטאָרבן: פריִער דער ברודער, דאַן זי, מיין בריוו־שרייבערין, צום סוף אויך די אַלטע מוטער. פון די שיינע ליכטיקע סאַלאָנען אין וואַרשע — געווען פאַרמעגלעכע מענטשן — אין דער אָרעמער אַזיאַטישער ערד פון סאָוועטישער אַרמעניע...).

די דאָזיקע אַלע בריוו האָבן ווידער שטאַרקער געמאַכט די פעדים מיט מיין איבערגעריסענער וועלט. זיי האָבן מיך אַ ביסל געטרייסט, אַ ביסל געוואָרעמט און נאָך מער פאַרגרעסערט מיין בענקשאַפט...

פאַרפאַלן, די בריוו זענען דערווייל די איינציקע בריק. האָב איך באַלד אויף דער פּאָסט זיך געשטעלט ביים טישל אין קליינעם וואַרט־חדר צו ענטפערן זיי אַלעמען. כ׳האָב מיך באַזאָרגט מיט אַ העפט און געריסן די בלעטלעך אויף בריוו. קיין קאָנווערטן אין לאַנד האָט מען דאָך נישט געדאַרפט. מ׳האָט איינגעלייגט דאָס בלעטל פּאַפּיר אין אַ דרייעק, ווי אַלע בירגער פון סאָוועטנלאַנד טוען, און אויפן דרייעק אָנגעשריבן דעם אַדרעס. און ס׳איז גענוג געווען. ערגער איז געווען מיט בריוו קיין אויסלאַנד. קיין אויסלאַנד האָט די פּאָסט קיין דרייעקן נישט אָנגענומען: פאַר אויסלאַנד האָט מען זיך געשעמט... וואָס וועט מען דאָרט זאָגן?... דעריבער, אַז כ׳האָב געוואָלט נאָך דעמזעלבן טאָג שרייבן קיין איראַן, צום הילפס־קאָמיטעט, האָב איך געמוזט פריִער אויפן באַזאַר אויסזוכן אַ קאָנווערטל. דאַן ערשט האָב איך געקאָנט אָוועקשיקן דעם בריוו. אין בריוו האָב איך געבעטן קודם־כל אויס־זוכן דעם אַדרעס פון מיינעם אַ קאָלעגע, אַ שרייבער, אין ניו־יאָרק. געחלומט צו פאַרבינדן זיך מיט דער שרייבער־משפחה אין דער וועלט, הגם כ׳האָב געוווּסט, אַז ס׳איז אַ פּוסטער חלום...

באַוויזן נאָך צו באַזוכן מיין גראָדנער „זעמליאַק״, דעם לאַגער־באַקאַנטן. אין דער כאַטע, ביי זיין „כאַזייקאַ״, מיט וועמען ער האָט געלעבט ווי מאַן און ווייב, איז די שטימונג געווען עפּעס אַן אָנגעצויגענע. מאַן־און־ווייב האָבן זיך אָנגעקוקט מיט נישט צופיל ליבע... עפּעס אַ שוואַרצע קאַץ, זע איך, איז צווישן זיי דורכגעלאָפן... אפנים, ר.׳ן איז דערעסן געוואָרן די „אידיליע״...

כ׳בין לאַנג דאָרט שוין נישט געזעסן און האָב זיך באַלד אָפּגעזעגנט. ר. איז אַרויס מיך באַגלייטן. אויפן וועג האָט ער מיר געזאָגט, אַז לאַנג וועט ער שוין דאָ נישט זיין אין אַק־בולאַק; אַז דער „וואָיענקאָמאַט״ האָט אים שוין גע־רופן און מ׳וועט אים שוין מסתמא אינגיכן צונעמען.

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, — פאַרטרויט ער זיך פאַר מיר, — כ׳בין צופרידן וואָס איך פאָר אַוועק פון מיין „כאַזייקאַ״... צו וואָס דאַרף איך אַרבעטן

פֿאַר איר און קאָרמענען זי?... כאַפּט עס דער רוח... אָבער כ׳בעט איך, זאָגט עס איר נישט...

— ווי קום איך איר זאָגן? איך פֿאַר דאָך נאָך מאָרגן באַגינען צוריק אין קאַלבאַז.

— כ׳וועל צו איך שרייבן. ווי אַדרעסירט מען אין אייער קאַלבאַז?

— אַדרעסירט: אַק־בולאַק, פּאָסט־רעסטאַנט.

— גוט, גוט. אָבער איר זאָלט איר נישט געבן מיין אַדרעס... אין דער אמתן: צו וואָס זיך פּאַרדרייען אַ קאָפּ מיט דער גויע? כ׳האָב דאָך אַ פֿרוי, אַ קינד...

— גלויבט איר, אַז גראָדנע איז נאָך גראָדנע?... אַז אונדזערע פֿאַמיליעס איז גאָרנישט געשען?...

— יאָ, גערעכט... ווער ווייס... ווער ווייס... נישט געוואָלט עס גאָר פֿאַר די ליפּן אַרויסברענגען... וואָס האָט איר געהערט?...

— שוואַכע האָפֿענונגען...

— אַזוי? אַזוי?... די דייטשישע מערדער, האַ?... וואָס וועט טאַקע זיין מיט אונדז ייִדן?

מיר האָבן זיך דערביי געזעגנט.

געכאַפּט אויך אַ בליק צום וואָקזאַל. אַזוי ווי אַפּט, איז דאָ איצט אויך פֿאַר־שטעלט מיט לאַנגע עשאַלאָנען. עשאַלאָנען מיט לאָקאָמאָטיוון אין ביידע ריכטונ־גען. אַהין און צוריק. אַהין אויף מערב גייען מאָביליזירטע פֿון די אַזיאַטישע דרום־רעפּובליקן: אוזבעקן, טאַדזשיקן, טורקמענער, קאַזאַכן. זיי ציִען צו די פֿראָנטן. צוריק — דאָס איז אַן עשאַלאָן, וואָס קערט זיך שוין אום צוריק פֿון די פֿראָנטן. אַ סאַניטאַר־עשאַלאָן מיט פֿאַרוווּנדעטע, מיט צעקאַליעטשעטע. מענטשן מיט מאַסאַקרירטע אברים, מיט באַנדאַזשירטע קעפּ, הענט און פֿיס. מענטשן אין ווייסע באַנדאַזשן. די דאָזיקע פֿאַרוווּנדעטע קומען עס שוין איצטער פֿון די באַ־פֿרייטע געביטן, פֿון די צענדליקער באַפֿרייטע שטעט און ישובֿים. געטאָן אַ שמועס מיט איינעם פֿון זיי, מיט אַ צווייטן. זיי דערציילן שווידערלעכקייטן פֿון די דייטשן. אמת, מ׳גיט זיי איצט גוטע קלעפּ אויף אַלע פֿראָנטן — אין אוקראַינע און אין ווייסרוסלאַנד. מען פֿאַרזייט די פֿעלדער מיט זייערע פּגרים. אָבער וואָסער חורבן לאָזן איבער די דייטשישע רוצחים אין די שטעט!

— אייערע אַלע „יעווריטשיקי״ זענען פֿון די דייטשן אויסגעקוילעט... — זאָגט מיר איינער פֿון די פֿאַרוווּנדעטע פּראָסט און פּשוט און ווייזט עס מיר בילדלעך: ער טוט אַ „כיק״ מיט דער האַנט איבער זיין האַלדז...

אין האַרצן האָט מיך בעת־מעשה אַ שניט געטאָן ווי מיט יענעם דייטשישן מעסער...

איך גיי אַוועק פון דער סטאַנציע מיט שוידער, מיט צער. און בײנאַכט אויף דער פּריטשע אין „קאָלכאָזני דוואָר" פּלאָנטערן זיך מיר אין דמיון די דײַ־טשישע שוידערלעכקייטן... צעיושעטע דײַטשן אין העלמען, מיט פאַרבלוטיקטע שטילעטן אין די פויסטן, מאַסאַקרירן פרויען, קינדער... אָט דערקען איך צווישן די געפּײַניקטע פרויען אַ היימיש פּנים... כ'דערקען אַ קינד... זיי שטרעקן די הענט צו מיר...

איך כאַפּ זיך אויף אין דער פינצטער מיט אַ געשריי, אַ באַגאָסענער מיט אַ קאַלטן שווייס...

באַגינען — צוריק! צוריק אין קאָלכאָז אַרײַן. די אָקסן ציִען פּאַמעלעך דעם לייטער־וואָגן איבער די סטעפּישע וועגן צו „פּאָליאַנאַ".

## 36

## וואָכן אויף דער פּאָדלאָגע

עס איז מיר שוין נמאס געוואָרן די האַרטע פּאָדלאָגע מיטן בידנעם ביסל שטרוי אונטערן גוף. דערצו אין ענגשאַפט און שמוץ. גוף צו גוף געפּרעסט. ס'איז נישט קיין שלאָף, נישט קיין אָפּרו. ס'איז אַ מאַטערניש. וויפל מאָל כ'פּלעג נישט פּאָדערן פון „פּרעדסיעדאַטיעל" ער זאָל מיר זען שאַפן אַ ווינקל אין אַ כאַטע אין דאָרף, האָט עס נישט געהאָלפן. ער פלעגט ציניש אַ שמייכל טאָן אונ־טער די שוואַרצע וואָנצעלעך און אַ זאָג טאָן:

— קיין האָטעלן האָבן מיר נישט אין קאָלכאָז...

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אין אָוונט נאָך דער אַרבעט פלעגט מיר אויסקומען אָפּצופירן דעם וואָגן מיטן אָקס אין דאָרף אַרײַן און כ'פּלעג זיך מוזן צוריקשלעפּן צופוס אויף „פּאָליעוואָי". באַגינען פלעג איך מוזן ווידער קריכן אין דאָרף, כדי צו נעמען דעם וואָגן מיטן פעסל צו דער אַרבעט. אַלע טאָג אַזוי די איבעריקע „שפּאַצירן".

אַ פּאָר מאָל האָב איך צופעליק יאָ גענעכטיקט אין דאָרף. גראָד געטראָפן אַ געוועזענעם „זע־קאַ", אַ ווייסרוס פון גראָדנער געגנט. אַ שטיקל „זעמליאַק", הייסט עס. ער האָט דאָ געוווינט מיט אַ פרוי און צוויי קינדער און געאַרבעט ווי אַ שמיד אין דער קאָלכאָזנער קוזניע. פאַר אים האָט דער „פּרעדסיעדאַטיעל" יאָ געשאַפן אַ חדר ביי אַ „כאַזייקאַ" אין אַ כאַטע. ווי אַ „זעמליאַק", האָט מען פאַר מיר ביי אים אין חדר אַ פּאָר מאָל געמאַכט אַ געלעגער אויף אַ באַנק. ס'האָט גראָד שטאַרק

גערעגנט, האָט מען זיך אויף מיר דערבאַרעמט און נישט געלאָזט גיין אין רעגן. פאַרן שלאָפן גיין האָט מען מיך אַפילו מכבד געווען מיט אַ שיסעלע „זאַציערו־כע״. אויף דער שמאָלער באַנק האָב איך אויך קיין סך נחת נישט געהאַט.

דעם דאָזיקן שמיד האָב איך עטלעכע מאָל געזען ביי דער אַרבעט אין קוזניע. דאָרט האָב איך זיך טאַקע מיט אים באַקענט. כ׳פלעג אַהין פאַרפאָרן, כדי צו פאַרריכטן עפּעס אין מיין שלאַבעריקן וואָגן. דאָ פלעגט אַ ראָד ווערן לויז, דאָ פלעגט אַן אַקס ווערן קאַליע. אַז אַלע וועגענער אין קאָלכאָז, אַלע מכשירים טויגן אויף שמעלץ. מ׳מוז כסדר פאַרריכטן, געבן אַ „תיקון״, „פאַרמאַצעווען״. דלות און דלפן!...

אין דער קוזניע האָט אויך געאַרבעט אַלס סטאָלער און שמיד דער געוועזענער פּאָפּ פון אַק־בולאַקער צערקווע, אַרשאַװסקי. פון צערקווע איז געוואָרן אַ קלוב, און דער פּאָפּ איז שוין לאַנג „איבערדערצויגן״ געוואָרן אין אַ קאַנצלאַ־גער... איצטער, נאָך יענער „אויסלייטערונג״, אַרבעט ער דאָ אין קוזניע. אין זיין פאַרראַצטן פאַרטוך, מיטן פאַרסאַדזעטן פּנים און קורץ־געשוירענע האָר, מיט די אויסגעהאָרעוועטע ידים, דערמאָנט ער שוין לחלוטין נישט, אַז דאָס איז אַמאָל געווען אַ לאַנג־האָריקער פּאָפּ, אין אַ שוואַרצער סוטאַננע, מיט אַ צלם פון פאָרנט אויף אַ הענגענדיקער לאַנגער קייט...

כ׳קוק זיך צו צו אַרשאַװסקין — ער אַרבעט פלייסיק. אָדער מיט דער האַק ביים פאַרריכטן אַ ראָד, צי אַן אַקס, אָדער מיטן האַמער אינעווייניק אין דער קוזניע. ער שלעפּט אַרויס פון דער האָרנע אַ רויט־גלי׳ענדיק שטיק אייזן און קלאַפּט מיטן האַמער אויף דער קאָוואַדלע, אַזש רויטע פונקען שפּריצן אין אַלע זייטן. מיט זיין התמדה, טראַכט איך, וויל ער זיך אפּנים פאַרהיטן, נישט אַריינצופאַלן נאָכאַמאָל אין לאַגער צוליב זיינע אַלטע „חטאים״....

אין קאָלכאָז דערציילט מען וועגן אַרשאַװסקיס אַ דורכפאַל:

געשען איז עס טאַקע לעצטנס, אין שייכות מיטן „זשעסט״, וואָס סטאַלין האָט געמאַכט פאַר די גלוביקע פון לאַנד — צו לאָזן ווידער עפענען די צערק־ווען. אפּנים, דאָס האָט דער „פאָטער פון די פעלקער״ אין די שווערע מלחמה־יאָרן אַזוי געהאַנדלט אויפן פאַרלאַנג פון די „אַליאירטע״. צוליב דעם איז אויך אין טשקאַלאָוו — ווי אין אַנדערע גרויסע שטעט — געעפנט געוואָרן די גרויסע צערקווע און באַלד דעם ערשטן זונטיק האָבן אַהין געגומען שטראָמען טויזנטער, טויזנטער בירגער, מענער און פרויען, דאָס רוב עלטערע און מיטליעריקע. אָבער געווען אויך פיל יוגנטלעכע און קינדער צווישן די מאַסן. איך אַליין בין גראָד צופעליק געווען אַן עדות פון אַזאַ סצענע אין אַן אַנדער זונטיק אין טשקאַלאָוו. אויף מיר האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, גלייך ווי מען וואָלט אויפגעהויבן די

זשאַלוזע פון אַ פאַרצאַמטער אַזיערע ביי אַ וואַסער־מיל און די וואַסערן הויבן זיך אָן פלוצלונג צו שפּאַרן מיט אַ געוואַלטיקן אימפּעט...

אויך אַרשאַווסקי האָט געמיינט, אַז ס׳איז ווידער געקומען זיין צייט און ער וועט לסוף קאָנען איצט פאַרבייטן זיין הובעל, האַק און האַמער אויף דער אַמאָליקער סוטאַננע און גרויסן צלם אויף דער ברוסט. האָט ער צוגעקליבן צו זיך אַ דעלעגאַציע פון אַק־בולאַקער עלטערע גלויביקע, פּראַוואָסלאַוונע, און איז אַוועק מיט איר צום נאַטשאַלניק פון „נ.ק.וו.ד." זיך משתדל זיין מ׳זאָל זיי צוריק אָפּגעבן די צערקווע, וואָס מ׳האָט געמאַכט פון איר אַ קלוב; אַ קלוב, אַנגעפירט פון דער „ק.וו.טש." (קולטור־דערציִערישע אָפּטיילונג).

דער נאַטשאַלניק פון „נ.ק.וו.ד." האָט די דעלעגאַציע אָפּגעמאָסטן מיט אַ צאָרנדיקן בליק און צו אַרשאַווסקין, דעם ראש המדברים, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אויב איר ווילט נישט גיין אַהין, פון וואַנען איר זענט געקומען (גע־מיינט: „צו די ווייסע בערן"...) — טאָ באַרויִקט אייך און גייט צו אייער אַרבעט... פּאַניאַטנאַ ? . . .

איז די דעלעגאַציע פּראַוואָסלאַוונע אַרויס אַ דערשלאָגענע, אַן אַנטוישטע, און אַרשאַווסקי איז צוריקגעקומען אין קאָלכאָז צו זיין קוזניע אַ שווייגנדיקער, אַ „באַרויִקטער" . . .

איינמאָל האָב איך אים „פּראַוואָצירט" מיט אַ „קאָפּוליער אַנצוהערעניש" וועגן זיין עבר.

בעת ער האָט פאַרריכט מיין וואָגן, האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— נו, און איצט וועט עס שוין גוט זיין? מיר דאַכט, אַז מען דאַרף זיך „מאָליען" (תפילה־טאָן), עס זאָל באַלד ווידער נישט קאַליע ווערן...

יענער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ דין שמייכעלע און מיט אַ שטי־לערן קול זיך אָפּגערופן:

— אַ גדיע טיעביע טוט מאָליטסיאַ?... (ווו וועסטו דאָ תפילה טאָן?).

אַ צו טיפע סטרונע אים, קענטיק, אָנגערירט...

בין איך מיר אַזוי ווייטער געפאָרן מיט מיין פעסל וואַסער צו דער בריגאַדע. אַלע טאָג, אַלע טאָג — „צאָפּ!" „צעבעו!" מיין „פּאַראַזיט" איז געווען געהאָרכ־זאַם. נאָר קיין עין־הרע נישט... ער פלעגט זיך אַליין גיין איבערן באַקאַנטן וועג, פּאַוואָליע, נישט געאיילט, טריט ביי טריט. האָב איך צייט געהאַט זיך אַרומצוקוקן, פאַרטראַכטן זיך אין אַ פּייזאַזש, און אַמאָל אויך אַפילו עפּעס אָנ־שרייבן פאַרנדיקערהייט. דער אָקס האָט שוין גוט געקענט אַליין דעם וועג. כ׳פלעג אים נישט דאַרפן קערעווען. איינמאָל האָב איך יאָ פאַרבלאָנדזשעט — איז עס געווען נישט צוליב זיין שולד, נאָר צוליב מיינער. כ׳בין דאַן געפאָרן פון סטעפּ שוין צו

שפּעט, ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. אַ שוואַרצע, טויבע נאַכט. מ׳האָט אַפילו דעם וועג נישט געזען. דער ביק איז אַליין געגאַנגען. צוליב דער שפּעטער שעה האָב איך געוואָלט פאַרפאָרן גלייך אויף „פּאַליעוואַי״ צו דער קיביטקע. קיין פייערלעך פון פענצטער זענען דאָך נישט געווען, האָב איך נישט געזען ווו זיך צו פאַרקערעווען אָן אַ זייט. אין איין אָרט האָט זיך דער ביק אַליין אַ קערעווע געטאָן לינקס. אָבער איך אַליין האָב אים נישט געלאָזט אַהין פאָרן און געטריבן אים ווייטער מיטן גלייכן וועג. בין איך אַזוי אָפּגעפאָרן אַ פּאָר שעה און נישט געוווּסט ווו זיך צו פאַרקערעווען. לסוף האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך בלאָנדזשע און זיך אומגעקערט צוריק. כ׳האָב זיך שוין פאַרלאָזט אויפן ביק. ערשט דאַן האָט מיך דער „פּאַראַזיט״ צוגעפירט צום ציל. ער האָט יאָ געזען אין דער פינצטער ווו מען דאַרף זיך פאַרקערעווען.

*****

פאַרנדיק אַזוי אויפן הויפּט־וועג מיט מיין פעסל פון דאָרף, שליס איך איין טאָג אַ באַקאַנטשאַפט:

ביי דער זייט פון ברייטן וועג איז געזעסן אויף אַ שטיין אַ יונגע שיינע פרוי מיט אַ שטעקן אין האַנט. דערנעבן אויפן ראַנד פון וועג אַ כאָפּטע חזירים, וואָס האָבן געפרעסן מיט אַפּעטיט פון אַ קופּע „אַטכאָדן״. זי איז, הייסט עס, די פּאַס־טוכין.

עס חידושט מיך: אַ פרוי מיט אַ לייטיש, שטאָטיש אויסזען — אַ פּאַסטוכין פון חזירים?

כ׳פאַרהאַלט מיין „פּאַראַזיט״ און שיק איר אַ פראַגע, וויצנדיק צו די חזירים:

— ס׳מוז אייך זיין אומעטיק אין זייער געזעלשאַפט?...

— וואָס קאָן מען טאָן? — ענטפערט זי מיט אַ שמייכל, — איבעריקנס, כ׳בין אין געזעלשאַפט אויך פון מיין זינדעלע... אָן דאָרט, איר זעט?

איך קוק זיך אַרום און דערזע טאַקע אָן אַ זייט אַ באָרוויס יינגל מיט אַן אויסגעבלייכט פּנים.

— פאַרוואָס איז ער אַזוי בלאַס, אייער זון?

— אַ שוואַך קינד. איז מיר קראַנק געווען אַ גאַנץ ווינטער.

— גיט אים צו טרינקען אַ סך מילך. פעלן דען בהמות אין קאָלכאָז?

— יאָ, קיין בהמות פעלן נישט; אָבער זיי גיבן נאָר „פּערעגאָן״.

— ווער? די בהמות גיבן „פּערעגאָן״? אַ בלבול!

— ניין, די קי זענען נישט שולדיק, — זאָגט זי, — די קי גיבן טאַקע מילך, אמתדיק־ריינע מילך; אָבער פּאָר אונדז, „ביעזשענצעס״, גיט מען אַרויס נאָר

„פערעגאָן“. בלויז אַ פּאָר וואָכן האָב איך פּאָרן קינד געקריגן עכטע מילך. דער דאָקטער האָט דאָן פאַרשריבן.

— כ׳מיין, אַז איר דאַרפט זיך ווידער ווענדן צום דאָקטער. אַ בלאַס קינד.

— כ׳קלייב זיך טאַקע צוצופאָרן אין ראַיאָן.

— נו, — פרעג איך, — און דער „פרעדסיעדאַטיעל“ אַליין? ער איז גראָד נישט אַזוי בלאַס ווי אייער זון, פונדעסטוועגן טרינקט ער זיכער נישט קיין „פּע־רעגאָן“... נישט אַזוי?... און דער „אופּאָלנאָמאָטשעני“ — אַוודאי נישט...

די פרוי האָט אַ שמייכל געטאָן, אַנטפּלעקנדיק אירע ווייסע ציין:

— זיי נעמען דאָך וואָס זיי ווילן...

פון די וויטערדיקע רייד ווער איך געוואָר, אַז דאָס איז אַן עוואַקויִרטע פרוי פון דניעפּראָפּעטראָווסק. איר מאַן איז אויפן פראָנט און זי מיטן קינד איז דאָ אין קאָלכאָז. מ׳האָט איר דאָ געגעבן אַ בכבודיקע אַרבעט — פּאַשען די קאָל־כאָזנע חזירים.

— האָט איר כאָטש אַ לייטישע דירה? — פרעג איך זי.

— עפּעס אַ קליינע נאָרע אין אַ קיביטקע. די מענטשן דאָ זענען נישט צופיל גאַסטפריינטלעך צו „ביעזשענצעס“. בפרט צו ייִדן...

— וואָס, איז זענט אַ ייִדין?!

— געוויס.

— כ׳וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלויבט. איר האָט אַ טיפּיש אַרישן אויסזען.

— אפשר.

— האָט איר דאָ כאָטש מיט וועמען אויסצוריידן אַ וואָרט?

— נאָר מיט מיין זון. צו די חזירים רייד איך מיטן שטעקן... צייטנווייז דאַכט זיך מיר, אַז איך וועל אינגאַנצן פאַרגעסן דאָס מענטשלעכע לשון. אַפילו נישט קיין בוך, אין וואָס אַריינצוקוקן.

— איך האָב דאָ יאָ עפּעס געקריגן צו לייענען — דעם „קראַטקי קורס“...

יענע האָט ווידער זיך צעשמייכלט מיט אירע ווייסע ציין:

— באָלשאָיע ספּאַסיבאָ... (אַ גרויסן דאַנק...). דאָס אינטערעסירט מיך נישט...

איר לייכטער טאָן, דער שמייכל פון דער פרעמדער ייִדישער פרוי אינטריגירן.

— און איר? — קוקט זי מיך אָן מיטן זעלבן שמייכל, — איר זענט אין דער־היים אויך געפאָרן מיט ביקעס?...

— פּונקט ווי איר האָט אין דניעפּראָפּעטראָווסק געפּאַשעט חזירים... דעם נייעם פאַך ווי אַ וואַסערפירער האָב איך דאָ דערוואָרבן. — ענטפער איך אין זעלבן טאָן.

— נו, וועט איר אַהיימפאָרנדיק קאָנען מאַכן אַ נייע „קאַריערע“...

— יאָ, יאָ... אויב מיר װעלן נאָר אַהיים פאָרן... װער װייס?...

אַ היפּשע װײַלע אַזוי אָפּגעשטאַנען און געפירט דעם שמועס מיט דער פרעמ־דער. איך װייס שוין װי זי הייסט — זשעניאַ — און כ׳װייס שוין אויך װוּ זי װוינט: טאַקע אין דער ערשטער כאַטע פון דאָרף.

— אַז כ׳װעל פאַרבײַפאָרן, װעל איך צו אײַך אַרײַנפאַלן, אויב איר האָט נישט דאַקעגן.

— פּאַזשאַלויסטאַ! אָבער איר זאָלט זיך נישט דערשרעקן פאַר מײַן נאָרע... מײַן גאַנצע דירה איז אַ קיכל...

— איך האָב דאָס אויך נישט. איך װאַלגער זיך אין אַן „אָבשטשעזשיטיע", אויף אַ פּאָדלאָגע.

— אַזוי זענען מיר אויס. אַ שיינער תּכלית געװאָרן פון אונדז.

די לעצטע פראַזע האָט זי געזאָגט אין ייִדיש. איך האָב זיך דערפרייט:

— איר רעדט דאָך אַ גוטן ייִדיש!

— פאַרװאָס זשע נישט? כ׳בין דאָך אַ ייִדישע.

— און אײַער קינד?

— מײַן קינד פאַרשטייט אויך ייִדיש. מיטן מאַן אין שטוב ריידן מיר אויך ייִדיש. אָבער קיין ייִדישע שולע איז בײַ אונדז נישטאָ. רעדט ער נאָר רוסיש.

ביים געזעגענען זיך האָט זי מיך געבעטן:

— אפשר האָט איר אַ פּאָר שװעבעלעך? איך האָב נישט מיט װאָס פייער צו מאַכן. אַז דאָ קריגט מען קיין זאַך נישט.

— פּאַזשאַלויסטאַ!

איך האָב איר אָװעקגעשענקט מײַן שאַכטל שװעבעלעך, װאָס איך האָב פאַרמאָגט. זי האָט זיך אַזש צעלויכטן פון פרייד:

— װי דאַנקבאַר איך בין אײַך!

— זעט, װי װייניק אַ מענטש דאַרף אַמאָל האָבן צו פרייד...

מײַן „פּאַראַזיט" איז געקראָכן װײַטער מיט זײַנע אָקסישע טריט.

הייסט עס, טראַכט איך, האָב איך שוין אויך באַקאַנטשאַפט אין „פּאָליאַנאַ" און דווקא מיט אַ שיין ייִדיש װײַבל.

אגב: צי האָב איך די באַקאַנטשאַפט ממשיך געװען? בלויז איין איינציק מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זײַן בײַ איר אין איר קליינעם אָרעמען חדרל אין דער דאָרפישער קיביטקע. ס׳איז געװען אַן אָװנט, בעת כ׳האָב זיך אומגעקערט צופוס פון דאָרף אויף „פּאָליעװאָי". מיר זענען געזעסן אויפן ראַנד פון טאַפּטשאַן, װוּ איר קינד איז שוין געשלאָפן. עס האָט געריכערט אַ פּיטשינק קורניקל. זי האָט מיך אַפילו מכבד געװען מיט כמו־קאַװע. געמאַכט פון געברענטן גערשטן. מיר

האָבן לאַנג געשמועסט. זי האָט גראָד גוט אויפגעלייגט צו זיך, די חנעוודיקע זשעניאַ פון דניעפּראָפּעטראָווסק. עס האָט זיך געגלוסט צו ריידן, דערציילן. עס האָט זיך געגלוסט צו הערן, דער טעמבער פון איר וואַרעמער שטים האָט ווי געצערטלט, איינגעוויגט די אָנגעזאַמלטע פּיינען — — —

אָבער נישט איין סימפּאַטישע באַקאַנטשאַפט ווערט איבערגעריסן באַלד אין סאַמע אָנהייב ביי די מענטשן פון נע־ונד... אונדזער וואַגאַבונדיש הפקר־לעבן צע־רייסט, צעטיילט, צעפליקט, ווי אַ געווירבל... גאָר גיך האָט עס מיך ווייטער פאַר־טראָגן אין הפקר און זי, זשעניאַ, איז נאָך געבליבן פּאַשען די קאָלכאָזנע חזירים...

**
*

דער יולי האָט זיך צעברענט. די זאַנגען אויף די פעלדער זענען רייף און ווייס געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער שניט. מיין בריגאַדע האָט זיך איבער־געטראָגן אין אַן אַנדער אָרט — נעבן עפּעס אַ שטרויענעם „באַלאַגאַן" (געצעלט). די טראַקטאָרן האָבן געראַשט, שלעפּנדיק דעם ריזיקן קאָמביין. נאָכן קאָמביין זענען די פעלדער אויסגעלייגט געוואָרן מיט קופּקעלעך זאַנגען. אַלץ איז געווען מאָביליזירט צו דער אַרבעט. יונג און אַלט. דער „אופּאָלנאָמאָטשעני" האָט גע־בוקעט, דער „פּרעדסיעדאַטיעל" האָט געטריבן. מען האָט נאָר געהערט:

— נאַזשימאַי! רעביאַטאַ! נאַזשימאַי!

עס האָבן געאַרבעט די „סקירדאַלשטשיקעס" (די סטויגן־מאַכער), עס זענען געוואָקסן די „אַמיאָטן" (סטויגן). לאַנגע, ריזיקע סטויגן אין דער פאָרמע פון שייערן, מיט שפּיצים פון אויבן, אַזוי ווי דעכער, כדי אין פאַל פון אַ רעגן זאָל דאָס וואַסער אַראָפּרינען אָן אַ זייט, נישט אַדורכנעצן די תבואות.

איך אויך מיר איז אויסגעפאַלן מער אַרבעט: אַ חוץ פאַר דער פעלד־קיך האָב איך אויך געמוזט פירן וואַסער פאַר די טראַקטאָרס.

פון די פּוילישע זענען שוין אַ טייל אַוועק אין „וואָיענקאָמאַט". ווי מען האָט דערציילט, זענען זיי אַלע אַוועק אין „סטראָי־באַט". געבליבן בלויז עטלעכע אין פעלד און איך מיט האָרוויצן. האָרוויץ האָט ווייטער „פּאַראַדירט" אין אדם־ קאָסט־יום, מיטן בלויזן פייגן־בלעטל פון פאָרנט און מיטן מיצל אויפן קאָפּ. זיין לייב איז געוואָרן טונקל־ברוין פון דער זון און זיין פּנים ווי ביי אַ ציגיינער.

— וואָס פעלט אייך דאָ, האַ? — שפּאָס איך איינמאָל מיט אים. — אַ כפּרה צאָפּאָטער פּליאַזשע.

— לאַכט נישט, — זאָגט ער אַ שמייכלדיקער, — אַז נישטאָ עפּעס בעסערס, איז עס מה טוב ומה נעים... ווי פלעגט זאָגן מיין שוויגער עליה השלום?...

און ס׳גייט שוין ווידער אַ מעשה מיט זיין שוויגער...

אָבער פּלוצלונג ווערט ער ערנסט. פון זיינע אויגן קוקט אַרויס אומעט.

— איך טראַכט אָפּט, — זאָגט ער, — מיט אַ ווייטיק אין האַרצן: גוט, צי שלעכט; זאָט צי הונגעריק... צי מען ליגט אין אַ בעט, צי מען וואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע... — קיינער שטייט נישט מיטן חלף איבער אונדזער האַלדז... אָבער זיי... דאָרטן... אונדזערע פאַמיליעס, נעבעך?... איין גאָט ווייס...

דאָ זענען מיר ביידע שטום געוואָרן. אין האַלדז האָט גענומען ווערגן...

האָבן די קאָשמאַרן פון „דאָרטן" געטריבט דעם שלאָף אין די נעכט און די רו אין די טעג. כ'ליג ביינאַכט אויף דער פּאָדלאָגע און די רעיונות זענען כסדר „דאָרטן"... כ'זע גאַסן אין פלאַמען... בהלה פון שרפה... דייטשן־רוצחים אין העלמען מיט פאַרבלוטיקטע באַגנעטן... געשריי... געיאָמער...

הימלען! — — — — — — — — — — — —

***

האָבן זיך אַזוי געצויגן די שווערע אַרבעטס־טעג. טעג לאַנגע, מאָנאָטאָנע, אין יאָגעניש, אין פּראַצע. טעג — אונטער אַ גליִענדיקער זון. תמיד מיטן פּעסל וואַסער און מיטן „פּאַראַזיט". טעג — צווישן רויע, דאָרפישע מענטשן: רוסן, אוקראַינער, קאַזאַכן. הערסט זיך אָן גראָבע רייד, וואָס שאָקירן, וואָס דענערווירן. ווי נידעריק איז דער ניוואָ פון די מענטשן! די „נייע אָרדענונג" האָט דעם פּרימיטיוון מענטש נישט אויפגעהויבן...

איז אין דער דאָזיקער מאָנאָטאָנקייט פון פּראַצע געשען אויך אַ שטיקל „אַטראַקציע", וועגן וואָס מ'האָט נאָכדעם פיל גערעדט אין קאָלכאָז:

אַ יונגע שיקסע, אַ קאַזאַכקע, מיט אַ ברייט ביינערדיק פּנים און שמאָלע שוואַרצע אויגן־שניטן, האָט ביי דער אַרבעט אין פעלד אַ זאָג געטאָן צו אַן אונדזעריקן, צו אַ פּוילישן: „— זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ!" יענער האָט איר תיכף אָפּגעענטפערט מיט אַ פייערדיקן פּאַטש אין מאָנגאָליש־ברייטן פּנים אַריין... נו, איז געוואָרן אַ קאָך. פּויערים — „קאָוואַליערן" האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר דער געפּאַטשטער קאַזאַכקע, וועלכע האָט זיך צעוויינט פאַר ווייטיק און חרפּה. עס איז שיער נישט געקומען צו אַ געשלעג צווישן די פּוילישע ייִדן מיט די שקצים. עס איז באַלד אויסגעוואָקסן דער „אוטשאָטשיק" און ער האָט ווי עס איז איינגענומען די געמיטער.

דעם זעלביקן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, האָט דער „פּרעדסיעדאַטיעל" צונויפגערופן אויף „פּאָליעוואָי" אַלע אַרבעטער פון יענער בריגאַדע און געהאַלטן אַ גאַנצע מוסר־דרשה. ער האָט געמוסרט ביידע צדדים: דער קאַזאַכקע, וואָס האָט געזאָגט „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ". „פאַר דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע — האָט

ער געזאָגט — זענען אַלע מענטשן גלייך, אָן אונטערשייד פון רעליגיע, פון נאַ־ציע". און צום פּאַטשער האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט זייער שלעכט געטאָן, וואָס ער האָט געפּאַטשט אַ „זשענשטשינאַ"...

— וואָס טוט מען אָבער, אַז די „זשענשטשינאַ" איז אַ „דריאַן"?... — טוט אַ פרעג דער יידישער בחור, דער פּאַטשער.

— פּאַרפאַלן. אַ זשענשטשינאַ פּאַטשט מען נישט. — חזרט איבער דער פּאַרזיצער. — פּאַראָן דערויף אַ געריכט. האָסט מיר געדאַרפט קומען זאָגן. פּאַ־ניאַטנאַ?

דערמיט האָט זיך די סצענע געענדיקט.

באַלד דערויף זאָגט מיר דער יידישער בחור, דער פּאַטשער:

— זאָל זי פּרוּוון מיר נאָכאַמאָל זאָגן „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ", קריגט זי פון מיר נישט איינעם, נאָר צוויי פּעטש; אָבער אַזעלכע פּעטש, אַז אַלע ציין וועלן איר אַרויספאַלן... און זאָל זי מיך גיין אָנקלאָגן אין געריכט...

די דאָזיקע קאַזאַכקע איז אָבער נישט געווען „פּאַראיינזאַמט": קודם־כל האָט זי געהאַט איר היימישע סביבה, ווו זי הערט זיכער אַזעלכע רייד וועגן יידן און פון דאָרט האָט זי זיך עס אויסגעלערנט; והשנית פעלן נישט אין קאַלכאָז קיין אַנדערע שונאי־ישראל. ביים „סיענאָקאָס", למשל, האָב איך אויך געקענט איינעם אַזאַ פּאַרשוין, אַ רוס, שוין אַן עלטערער, וואָס האָט אַ יידן נישט געקאָנט אָנקוקן פאַר שנאה. יענער פלעגט כסדר פּאַרטשעפּען די יידן אין דער בריגאַדע מיט שטעכווערטלעך. ער פלעגט טאַקע נישט זאָגן „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ", נאָר „יעווריטשיקי"; אָבער דאָס וואָרט „יעווריטשיקי" פלעגט ער אַרויסשיפּען ווי אַ שלאַנג...

אין פאָלק, זע איך, נורטעוועט נאָך די אַלטע יידן־פיינטשאַפט. די „נייע אָר־דענונג" האָט עס נישט אויסגעוואָרצלט.

נו, און דער „פּרעדסיעדאַטיעל" גופא?

ער וואָלט זייער גערעכט געווען מיט זיין „מאָראַל־דרשה", ווען ער וואָלט געווען אויפריכטיק, ערלעך. ער אַליין אָבער, דער אוקראַינער, איז געווען אַ גרויסער ציניקער און אַ פאַרבאַהאַלטענער שונא־ישראל. ער האָט זיכער זיך אויסגעלאַכט אין געדאַנק, בעת ער האָט גערעדט אַזוי שיין וועגן דער גלייכקייט פון מענטשן... איך אַליין בין שפּעטער געווען אַ קרבן פון זיינער אַן אַנטיסע־מיטישער האַנדלונג לגבי מיר, — וועגן וואָס עס וועט ווייטער זיין די רייד.

נאָר איצט, בעת עס איז געקומען צו אַן עפנטלעכער סצענע; בעת די געמי־טער ביי די אַרבעטער זענען געווען צערודערט — האָט ער געמוזט אַזוי שיין דרשנען וועגן דער קאָנסטיטוציע, וואָס מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן ראַסן. בפרט,

אַז ער האָט געמוזט אַזוי רעאַגירן, אפֿנים, אויך צוליב דעם „אויג" פֿון „אָבלקאָמ־פּאַרטיע" — פֿון „אופּאָלנאָמאָטשעננוי". לוינט עס אים אַזוי, דעם פּאַרזיצער...

יאָ, די קאָנסטיטוציע מאַכט טאַקע נישט קיין אונטערשייד צווישן ראַסן; אָבער די מענטשן — זיי מאַכן יאָ אַן אונטערשייד.

וועגן נאָך אַן „אַטראַקציע" האָט מען גערעדט אויפֿן פֿעלד ביי דער אַרבעט: דאָס איז וועגן אַרעסט פֿון איינעם אַ שאָפֿער, אַ רוס, און צוויי פּוילישע; איינער טאַקע אַן אונדזעריקער, פֿון אונדזער קאָלכאָז און אַ פֿרוי פֿון אַן אַנדער קאָלכאָז. אַלע דריי פֿלעגן איבערפֿירן תבואות אין אַ קאָמיאָן פֿאַרן עלעוואַטאָר. און אַז מען פֿירט תבואות, פֿאַרגלוסט זיך עפּעס צו „פֿאַרדינען"... אַזוי אומעטום איז דאָ דער „מנהג"... „פֿאַרדינט", „פֿאַרדינט" — ביז זיי זענען אַריינגעפֿאַלן... און איצט זיצן זיי שוין אַלע דריי הינטער די קראַטעס אין דער גרויסער תפֿיסה פֿון סאַל־אילעצק.

מ'האָט געטראָגן די נייעס פֿון מויל צו מויל. אָבער קיינער האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען צופֿיל. זענען עס דאָך געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע זאַכן... נישטאָ זיך וואָס צו חידושן. אַן אַרבעטער וויל זיך דאָך אַמאָל קויפֿן אַ פּאָר שטיוול, אַ פּאָר הויזן. וואָס זאָל ער דען טאָן? טוט ער וואָס אַלע טוען. וואָס דאָס גאַנצע לאַנד טוט.

## 37

## כ'קאָן נישט טויטן...

ווידער געהאַט אַ געלעגנהייט צו זיין אין שטאָט. דאָס איז צו פֿאַרדאַנקען האָרוויצן. ער האָט געפּועלט ביים „אדון" ער זאָל אונדז געבן עטלעכע זעק „אָטכאָדן", וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ערגעץ אין סטעפּ אויף אַ „טאָק". מיר האָבן אָנגענומען צו צוויי זעק יעדערער און געבראַכט עס מיט מיין וואָגן אויף „פּאָליעוואָי". דעם „אדונס" „זשעסטן" פֿאַר האָרוויצן זענען דאָך נישט געווען אָן גרונט: ער ווייס דאָך, אַז ווען האָרוויץ פֿאָרט אין ראַיאָן, ברענגט ער אים עפּעס...

באַגינען, ווען די „בעסטאַרקעס" פֿון טראַנספּאָרט זענען געקומען צום מאַ־גאַזין, כדי אָנצונעמען אַ לאַדונג פֿאַרן עלעוואַטאָר, האָבן מיר פֿון אויבן אַרויפֿ־געוואָרפֿן אויך אונדזערע זעקלעך און זיך אויך אַרויפֿגעכאַפּט.

מיר האָבן פֿאַר די „אָטכאָדן" אָפּגעלייזט אויפֿן באַזאַר צו 200 רובל; אָבער דאָס געלט איז סיי־ווי נישט געבליבן ביי אונדז: פּונקט דעם ערשטן זונטיק נאָך

אונדזער צוריקקומען פון אַק־בולאַקער באַזאַר האָט מען גערופן דעם גאַנצן עולם קאָלכאָזניקעס און אַרבעטער אין „אופּראַוווליעניע" פון קאָלכאָז אויף אַן עקסטראַ „דאָקלאַד" (רעפעראַט). געווען געפּאַקט דאָרט פון מענטשן. דער רעפערענט איז געווען דער „אופּאָלנאָמאָטשעננוי". ער האָט זיך צערעדט אין באַקאַנטן נוסח — אין נאָמען פון דער „גאָסודאַרסטוואָ" און אין נאָמען פון דער פּאַרטיי, וואָס אין איר שפּיץ שטייט דער גרויסער, דער קלוגער טאָוואַרישטש סטאַלין. די רעגירונג און די פּאַרטיי ווענדן זיך צום פאָלק. דאָס פאָטערלאַנד איז אין שווערן געראַנגל מיטן פאַשיזם און נויטיקט זיך אין הילף און האָט פּראָקלאַמירט אַ מלוכה־הלוואה. יעדער קאָלכאָזניק, יעדער אַרבעטער מוז זיך דעריבער באַשטייערן. אַלע ווי איינער!

דאַן האָט גענומען דאָס וואָרט דער פּאָרזיצער. ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ רשימה מיט נעמען און גענומען אויסרופן יעדן איינעם באַזונדער. יעדער האָט געמוזט אָנגעבן אַ ציפער. מ'האָט געצייכנט צו 200 און צו 300 רובל. איינמאָנען וועט מען שוין נאָכדעם. ווער עס וועט נישט האָבן קיין געלט, וועט עס גיין אויפן חשבון פון די „טרודאָדני". כמעט אַלע קאָלכאָזניקעס האָבן נישט געהאַט טאַקע קיין מזומנים און מ'האָט זייער חוב פאַרשריבן אויף די „טרודאָדני". ס'האָט יעדער אין דער שטיל אונטערגעקרעכצט: „ווער ווייס וואָס עס וועט בלייבן אָפּצונעמען"...

אויך מיר מיט האַרוויצן האָט מען פאַרשריבן צו 200 רובל — פּונקט אַזוי פיל, וויפל מיר האָבן געהאַט פון די „אָטכאָדן". מיר האָבן עס געמוזט תיכף סילוקן. אַזוי האָט געפאָדערט דער פּאָרזיצער. „איר האָט דאָך געלט פון די „אָטכאָדן"... — האָט ער גלייך אַ זאָג געטאָן.

מיר האָבן נאָכדעם קאָמענטירט:

— וואָס מ'קאָן שוין דערלעבן פון אַ קאָלכאָז... פון זייערע „מתנות"...

— וואָס מ'גנבעט נישט, האָט מען נישט...

*****

די אַרבעט האָט זיך איבערגעטראָגן אויף די פעלדער נעבן דאָרף. צוליב דעם איז די פעלד־קיך שוין נישט אַרויסגעפאָרן אין סטעפּ אַריין און מ'האָט שוין געקאָכט „אָביעד" אין דאָרף גופא. בעת דער מיטאָג־הפסקה פלעגן די קאָלכאָזניקעס און אַרבעטער צוקומען אין דאָרף צו דער קיך. און ווייל דער „אָביעד" איז צוגעגרייט געוואָרן אין דאָרף, בשכנות פון ברונעם, איז שוין נישט נויטיק געווען מיין פאַס וואַסער.

אַ פּאָר טעג איז מיר דאַן אויסגעקומען צו אַרבעטן ביים קאַמביין, וואָס

האָט אויף אַ געוויסן פּלאַץ, ביי אַ ריזיקן „אַמיאַט", געדראָשן די זאַנגען. איך האָב געאַרבעט צוזאַמען מיט עטלעכע שיקסעס ביים דערלאַנגען קופּקעס זאַנגען אין קאָמביין אַריין. די ריזיקע מאַשין האָט אַלץ איינגעשלונגען אין איר מאָגן, אין די מאָטאָריזירטע געדערים, באַוועגט און געטריבן דורך לעדערנע פּאַסן אויף שטאָלענע רעדלעך. די מאַשין האָט געראַשט, גערוישט און פון אַ שפּועדיקער לאַנגער שופלע, ווי אַן אויסגעצויגענער גאָרגל, אויסגעשפּיגן די אויסגעדראָ־שענע קערנדלעך. מ'האָט געמוזט אַזוי כסדר צודערלאַנגען די זאַנגען צום קאָמ־ביין אָן הפסקה גאָר — אַזוי לאַנג ווי דער מאָטאָר איז געווען אין גאַנג. אַז עס פלעגט צו לאַנג דויערן, פלעגט עס מיד מאַכן. אָבער זעלטן איז די מאַשין צו לאַנג געגאַנגען. אויך דער קאָמביין איז געווען אַ שטאַרק אויסגענוצטער, אַן אויסגעדינטער, האָט זיך גענויטיקט אין תיקון — ווי אַלץ אין קאָלכאָז, ווי די פּשוטסטע וועגענער. פלעגט ער שטיין בלייבן, דער קאָמביין, אויף גאַנצענע שעהן. און דאַן האָבן שוין אַלע געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אַלע — אַ חוץ די קאָמ־ביינאָרן, וואָס האָבן זיך ערשט רעכט גענומען פּאָרען און מייסטרעווען אַרום דער מאַשין.

נישט אומזיסט, אפּנים, באַווייזט נישט דער קאָלכאָז אויסצודרעשן אַלע תבואות פון גערעטעניש און עס בלייבט ליגן אין סטעפּ נישט איין „אַמיאַט" ביזן שפּעטן האַרבסט, ביז די רעגנס און אַפילו ביז די שנייען. סימן דלות!... דער קאָלכאָז, ווי אַלע אַנדערע קאָלכאָזן אין דער געגנט, איז רייך אין ערד. נישט אַלע פעלדער ווערן דאָ באַאַרבעט. נישטאָ גאָר אַזוי פּיל הענט! ער איז אויך רייך, דער קאָלכאָז, אין... „אטכאָדן"... „אטכאָדן" פון נישט־געדראָשענע צעפּוילטע תבואות, „אטכאָדן" אַפילו פון אויסגעדראָשענע, פון קערנער, וואָס זענען פאַרפוילט גע־וואָרן ווו־נישט־ווו אויף „טאָקן"...

איך האָב געפרעגט אַן עלטערן קאָלכאָזניק, אַן אוקראַינער, וועלכער געדענקט נאָך די צאַרישע צייטן:

— זאָגט מיר, דיעדושקאָ, זענען פאַר דער רעוואָלוציע דאָ אויך געווען אַזוי פּיל „אטכאָדן"?...

— אָך, טשעלאָוויק... אַפילו קיין קערנדל פלעגט נישט בלייבן ווינטער אין סטעפּ. אַ פעלד דאַרף האָבן אויף זיך אַ האָספּאָדאַר (באַלעבאָס). אַן אייגענעם מענטש, וואָס זאָל אַרומגיין אַרום אים ווי אַ טאַטע... איצט אָבער... עך־מאָ... דאָס, וואָס גייט דאָ אין ניוועץ, וואָלט דאָס דאַרף געהאַט ברויט צו דער זאַט אויף אַ גאַנץ ווינטער. אַזוי אָבער טיילט מען אונדז אויס דאָס ברויט אויפן גראַם. איז וועמען זשע גלוסט זיך אַוועקפּטרן די כוחות? מיטן קנוט (בייטש) קאָן מען ווייניק אויפטאָן, טשעלאָוויק...

און נאָך אַ פּויזע חזרט ער ווידער איבער די פראַזע, וואָס באַמבלט זיך אים אַפּנים שטענדיק אין קאָפּ:

— אַ פעלד מוז האָבן זיין אייגענעם האָספּאָדאַר...

נאָך עטלעכע טעג אַרבעט ביים קאָמביין ווידער אַריין אין מיין ראָל פון אַ וואַסערפירער. אַ וואַסערפירער שוין נישט פאַר דער קיך און נישט פאַרן קאָמביין, נאָר פאַרן קאַמף מיט די סוסליקעס — די אונטערערדישע משחיתים, וואָס פלעגן שעדיקן און צעפרעסן די תבואות אין מיטן וואַקסן.

אַ בריגאַדע פון פיר מענטשן האָט געפירט די דאָזיקע אויסראָטונגס־אַקציע און דער דאָזיקער בריגאַדע האָב איך באַזאָרגט וואַסער.

די אַרבעט איז צוגעגאַנגען אויף אַזאַ אופן:

די סוסליקעס האָבן תמיד זייער זיך־אָרט אין דער ערד, אין טיפע נאָרעס. דאָרט אין דער טיפעניש פּרוכפּערן זיי זיך און מערן זיך. מערן זיך אויף אַ גוואַלדאָוונעם אופן, אין פאַרצווייגטע „משפחות". פון די נאָרעס קריכן זיי אַרויס דורך אַ לאָך אין דער הויך און זיי „באַאַרבעטן" דאָס פעלד. זיי פרעסן זיך אָליין אָן און נעמען נאָך מיט צידה לדרך פאַר זייערע קינדער אין די נאָרעס. די דאָזיקע לעכער אויף דער אויבערפלאַך פון דער ערד פאַרראָטן די נאָרעס.

ווי אַזוי באַקומט די בריגאַדע אַרויס די סוסליקעס אין דער הויך? — גאָר פּשוט: מען נעמט אָן עמער וואַסער און מ'גיסט אַריין גלייך אין דער עפענונג. אונטן ווערט עס אַ פלוצלונגער מבול און די סוסליקעס הויבן זיך אָן צו טרינקען. וועלנדיק זיך ראַטעווען, הויבן זיי אָן איינציקווייז אַרויסצוקריכן פון די נאָרעס. ווי נאָר אַזאַ חיהלע שטעקט אַרויס דאָס קעפּל, גיט מען עס תיכף אַ נעם אָן; מ'ציט עס אַרויס און מען איז עס תיכף מקיים פּסק... מיט אַ פּאָר צוגעגרייטע שטיינער צעזעצט מען אים דאָס קעפּל. אַזוי טוט מען כסדר מיט אַלע חיהלעך. מיט אַלטע צי מיט יונגע, מיט גרעסערע און קלענערע. די אַלטע סוסליקעס זענען ענלעך צו ריזיקע שטשורעס, אָדער נאָך פיל גרעסער. גרויע, אויסגעפּאַשעטע, פעטע חיהלעך, מיט גראָבע בייכלעך.

איך פלעג זיך בעת דער עקזעקוציע אָפּקערן אָן אַ זייט. כ'פלעג נישט קאָנען קוקן אויף דער דאָזיקער מאַסאַקרע־סצענע... איך פלעג נאָר צוטראָגן די מענטשן אָן אָנגעצאַפּטן עמער וואַסער פון פעסל און פלעג זיך תיכף אָפּקערן.

געוווּן אויך אין קאָלכאָז בעלנים אויפן פעטן פלייש פון די סוסליקעס. נישט קיין חידוש: ווען זעט אַ קאָלכאָזניק אַ שטיקל פלייש?... פלעגט מען דאָס פלייש פון די סוסליקעס פּרעגלען אויף אַ סקאָוואָראָדע און עס עסן מיט ברויט. מ'האָט זיך אַזש באַלעקט מיטן אומזיסטן מאכל. פונעם פעל פלעגט מען אויך מאַכן געבראויך: מען פלעגט עס צונויפשטוקעווען פאַר פוטערס. אָדער מאַר זיך, אָדער

צו פירן פאַרקויפן אויפן אַק־בולאַקער באַזאַר. עס האָט אויך געטראָפן אַ טראַגי־שער צופאַל אין דער דאָזיקער בריגאַדע: איינער אַ יונגער שייגעץ האָט נאָך דער אַרבעט מיטגענומען אַהיים עטלעכע פעטע סוסליקעס אויף וועטשערע. האָט ער זיך צופיל איבערגעפרעסן מיטן פעטס און נאָך די זעלביקע נאַכט באַקומען מוראדיקע בויך־קראַמפן. די קישקעס זענען אים איבערגעקערט געוואָרן און ער איז „פּאַרטיק געוואָרן"...

— דאָס האָבן אפּנים די סוסליקעס נקמה גענומען... — האָט מען זיך צו־מאָרגנס געוויצלט אין דער בריגאַדע.

די מענטשן האָבן ווייטער מיט זייער גלייכגילטיקייט ממשיך געווען די אויס־ראָטונגס־אַרבעט און איך בין זיי אויך ווייטער נאָכגעפאָרן מיט מיין פאַס וואַסער. עס האָט מיך שווידערלעך געעקלט פון די דאָזיקע עקזעקוציעס; אָבער פאַרפאַלן — אומזיסט גיט מען נישט אין קאָלכאָז קיין ברויט. פלעג איך מוזן זיין כסדר אין זייערע ד' אמות און נאָך צוהעלפן מיט מיינע עמערס וואַסער.

אָבער אויך איך בין לסוף געוואָרן אַ „קרבן" פון די סוסליקעס. צוליב די סוסליקעס איז מיר אויסגעקומען צו שלאָגן כפּרות אויף מיטן קאָלכאָז „פּאָליאַנאַ"...

געשען איז עס אויף אַזאַ אופן:

איין פרימאָרגן קום איך צופאָרן מיטן פעסל וואַסער אויף דעם שטענדיקן פּלאַץ צו דער בריגאַדע. קיינער איז אָבער דאָרט נישט געווען. כ'האָב געוואַרט אַ שעה און צוויי — נישטאָ. האָב איך זיך סתם אַרומגעדרייט, אַרומגעשפּאַצירט איבער די פעלדער און באַקוקט גאָטס יצירה. די לאַנדשאַפט איז דאָ געווען אַ באַשיידענע. אָבער די רחבותן פון די סטעפּעס האָבן פאַרכאַפּט מיין אויג. דערנעבן האָט זיך געצויגן אַ וואַסערל — ווי אַ סטעזשקע — פון די „באַלקעס". עס פאַרען זיך דאָרטן עטלעכע פויערטעס. כ'דערנענטער זיך — דאָ זענען גערטענער. בייטן פאַרוואַקסן מיט גרינוואַרג. דאָס זענען די גערטענער פון די קאָלכאָזניקעס: די איינציקע ישועה זייערע... די פויערטעס יעטן די בייטן און באַגיסן מיט וואַסער פון די „באַלקעס". כ'באַגריס זיך מיט זיי און כאַפּ מיט זיי אַ שמועס:

— וואָס האָרעוועט איר אַזוי פיל? — טו איך סתם אַזוי אַ פרעג.

— ווען נישט אָט דאָס גערטל, וואָלט נישט געווען וואָס צו קייען... — ענט־פערט איינע פון זיי.

— נו, און ברויט?...

— אויף ברויט, גראַזשדאַנין, איז נישטאָ זיך וואָס צו פאַרלאָזן... אַמאָל איז עס דאָ, אַמאָל פעלט צו... דער ווינטער איז אַ לאַנגער...

— דער „פּרעדסיעדאַטיעל" זאָגט, אַז היי־יאָר וועט מען געבן נישקשהדיק אויף די „טרודאָדני"... — באַמערק איך.

— אַלע יאָר רעדט ער אַזוי... אָט ברעשעט ער... — באַקום איך אַן ענטפער. כ'זע באַשיינפּערלעך, ווי דאָס פאָלק איז „באַגייסטערט" פון די קאָלכאָזן.

אין „כאַזייקאַ" איז מיך מכבד מיט אַ פּאָר טאָמאַטן. האָב איך באַדאַנקט און בין אַוועק צו מיין וואָגן. לויט דער זון זע איך, אַז עס איז שוין שפּעט אין טאָג אַריין און אַז כ'האָב שוין נישט וואָס צו וואַרטן. שוין מיטאָג־צייט. האָב איך פאַרקערעוועט מיין „פּאַראַזיט" צוריק אין דאָרף אַריין.

נאָכן „אָביעד" בין איך אַוועק צום „פּרעדסיעדאַטיעל" אין קאַנצעליאַריע און אים געמאָלדן, אַז די מענטשן זענען נישט געקומען צו דער אַרבעט; אַז כ'בין געווען איינער אַליין אין פעלד מיטן פּאַס וואַסער.

— סטייטש?! — שטעלט ער אויף מיר אויס אַ פּאָר כעסיקע אויגן. — און דו אַליין? וואָס האָסטו געטאָן? האָסט דאָך געקאָנט אַליין כאַפּן די סוסליקעס?

— איך אַליין? כ'קאָן עס אַליין נישט טאָן.

— וואָס הייסט דו קאָנסט נישט? דו האָסט נישט געזען ווי די מענטשן טוען עס? האָסט נישט געקאָנט נעמען אַן עמער וואַסער און אַליין גיסן אין די נאָרעס ?

— יאָ. אָבער...

— וואָס אָבער ?

— כ'קאָן נישט טויטן.

— וואָס?! דו קאָנסט נישט טויטן קיין סוסליקעס?! וואָט מושטשינאַ! (אָט אַ מאַנספּאַרשוין!).

און ער צעלאַכט זיך.

— כ'קאָן נישט. — זאָג איך נאָכאַמאָל מיט אַ נעבעכדיקן קול.

— אַז מען וויל, קאָן מען. — פּאַלט ער שוין אַריין אין זיין ציניש טאָן, — פאַר שוין אין פעלד מיטן פעסל וואַסער און נעם זיך צו דער אַרבעט.

— אַליין קאָן איך נישט. שיקט מיך צו אַן אַנדער אַרבעט.

— אויב דו קאָנסט נישט, וועסטו נישט באַקומען קיין ברויט...

דאָס געזאָגט, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון קאַנצעליאַריע אַ צאָרנדיקער. כ'בין אַרויס נאָך אים. כ'האָב געזען, ווי ער איז אַריין אין „לאַראָק". כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ער מיר נישט סתם געדראָט מיטן ברויט. ער איז טאַקע געגאַנגען מקיים זיין דאָס געזאָגטע.

כ'האָב זיך אַ ביסל שפּעטער איבערצייגט, אַז אַזוי איז עס געווען. אַז כ'בין אַריינגעקומען אין „לאַראָק" נאָך ברויט האָט מיר דער „זאַווכאָז" באַלד דער־קלערט, אַז ער האָט באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון פאָרזיצער, מיר מער קיין ברויט נישט אַרויסצוגעבן...

עס האָט מיך געקרענקט אַזאַ רשעות. האָב איך אָפּגעוואָרט דעם „אדון" ביי דער קאַנצעליאַריע און אַז ער האָט זיך געוויזן, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַהערשן און אים אַ פרעג געטאָן גאַנץ שאַרף:

— איר ווילט מיך שאַנטאַזשירן מיטן ברויט?...

— אַז דו ווילסט נישט אַרבעטן, קומט דיר נישט קיין ברויט.

— גיט מיר וועלכע אַרבעט איר ווילט. טויטן קאָן איך נישט.

— כ'האָב דיר געגעבן אַן אַרבעט — כאַפּן סוסליקעס...

— כ'קאָן נישט.

— האָב איך נישט פאַר דיר קיין אַנדער אַרבעט.

— גוט. טאָ גיט מיר אַ רעכענונג מיט אַ „ספּראַווקע", אַז כ'בין פריי פון קאָלכאָז.

— באַקומסט.

כ'בין אים נאָכגעגאַנגען אין קאַנצעליאַריע אַריין. ער האָט געפרעגט דעם בוכהאַלטער וויפל „טרודאָדני" איך האָב פאַרדינט. יענער האָט גלייך נאָכגעקוקט: 72 „טרודאָדני".

ער שרייבט מיר אויס אַ סטערעאָטיפּישע „ספּראַווקע": „געאַרבעט פון... ביז... פאַרדינט 72 „טרודאָדני"... באַפרייט לויט אייגענעם ווילן".

— וויפל קומט מיר פאַר די 72 „טרודאָדני"? — פרעג איך.

— איך ווייס נישט, צי דיר וועט אַרויסקומען. האָסט דאָך באַקומען אַן אַוואַנס: אַ קילאָ ברויט אַ טאָג.

— דאָס אַלץ?

— קאָן זיין... איבעריקנס, מ'ווייס נאָך נישט. דאָס וועט מען וויסן נאָכן אַראָפּנעמען דעם גאַנצן „אוראָזשאַי".

בין איך אַוועק מיט גאָרנישט. בלויז מיט אַ שטאַרקן ווידערגעפיל.

אַוועק אויף „פּאָליעוואַי", דערציילט די גאַנצע מעשה האָרוויצן. יענער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— כ'האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז ער איז אַזאַ שונא ישראל.

און אין אַ ווײַלע אַרום גיט ער צו:

— הערט איר? מיט מיר, דאַכט זיך, איז ער דאָך גוט... אָט איר ווייסט דאָך, איך פאַרשטאָפּ אים פון צייט צו צייט מיט עפּעס דעם פּיסק... פונדעסטוועגן, אַז עס צינדט זיך אָן אין אים דער עשיו, פאַרגעסט ער אָן אַלץ און פאַלט אויף מיר אַרויף מיט די געמיינסטע זלזולים. אָבער איך שווייג, שלינג אַלץ אַראָפּ און מאַך זיך פאַר אים פאַר אַ תם. הגם אינעווייניק קרענקט עס מיר גוט. גאָטעניו, ווי לאַנג וועלן מיר נאָך זיין ביי די רשעים אין גלות?

האַרוויץ האָט זיך גאַרנישט געקאָנט באַרויקן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ווידער פון אים אַרויסגערעדט:

— און דאָס איז דאָך אַ פּאַרטיי־מענטש! מיטן פּאַרט־בילעט אין טאַש!... אַ שיינער נאַבעלער ביישפּיל... איר געדענקט די סצענע מיטן פּאַטש? ווי שיין דער דאָזיקער אַנטיסעמיט האָט געדרשנט קעגן ראַסן־האַס... ווי ער האָט ציטירט די סאָוועטישע קאָנסטיטוציע...

— זאָגט מיר, — פרעג איך האַרוויצן, — ווען איר זענט אויף מיין אָרט... איר וואָלט געקאָנט טויטן אַ בעל־חי? און נאָך ווי אַזוי? אָנכאַפּן פאַרן קעפּל און צעזעצן עס מיט צוויי שטיינער?

— ברררר! — שוידערט אויף האַרוויץ. — אַז ביי זיי שפּילט קיין ראָלע נישט דאָס זעלבע צו טאָן מיט אַ מענטשן אויך... עשיו בלייבט עשיו... ועל חרבך תחיה... איז דען מעגלעך, אַז פון דער ייִדישער גזע זאָל אַרויסקומען אַזאַ מטורף־דיקער רוצח ווי היטלער?... און אונדזערע „באַפרייער"?... וויפל אומשולדיקע לעבנס האָבן זיי אויף זייער געוויסן? און דערמאָנט זיך אָקאָרשט די לאַגערן... דאָרט, וווּ די „ווייסע בערן"... וויפל מיליאָנען מענטשן שמאַכטן דאָרט? איז עס נישט די שוידערלעכסטע רציחה איבער אַ וועלט מיט מענטשן?

איך זע, אַז האַרוויץ איז שטאַרק אויפגערעגט. זיין שטים האָט אַזש אָנגעהויבן ציטערן. מיין אינצידענט מיטן „אדון" האָט אים ממש ווי געטאָן. ער האָט אגב אויך שטאַרק באַדויערט, וואָס ער פאַרלירט מיך. ער זאָגט עס מיר באַלד אַרויס:

— איז וואָס? פאַרלאָזט איר מיך? בלייב איך דאָ ווידער אַליין מיט די כאַמעס?

— פאַרפאַלן, אַזוי איז שוין אונדזער גורל פון נע־ונד. אוממעגלעך איינצוזיצן אויף אָן אָרט.

— איר ווייסט, — זאָגט מיר האַרוויץ, — פאַר די 72 „טרודאָדני" מוז ער אייך באַצאָלן. איר זענט דאָך אָן אַרבעטער, נישט קיין קאָלכאָזניק. איר זענט נישט מחוייב צו וואַרטן.

— ער טענהט, אַז מ'וויס נאָך נישט דערוויַיל דעם רעזולטאַט פון „אוראָזשאַי".

— וואָס הייסט ער וויס נישט? פאַרוואָס האָט ער געוווסט צו באַצאָלן דעם אַק־בולאַקער שייגעץ? דעם יונגן שייגעץ, וואָס איז די טעג אַוועק פון קאָלכאָז. דער לאַנגער דראָנג, וואָס איז געשלאָפן נעבן אונדז. איר געדענקט? יענער האָט געאַרבעט בלויז איין חודש, פונדעסטוועגן האָט ער אים אויסגעצאָלט אַ קילאָ ווייץ פאַר יעדן „טרודאָדיען". יענער האָט דאָך אויך באַקומען דעם זעלבן אַוואַנס זוי מיר אַלע.

— האָט איר אַן עוולהביים דאָזיקן אַנטיסעמיט. איך האָב אַ ברירה?

— ניין, איר זאָלט אים נישט שווייגן. גייט אַריין וועגן דעם אין אַק־בולאַקער „ראַיזאַ״ (ראַיאָן־ערד־אָפּטייל). למען השם!

— כ׳ווייס. כ׳וועל אפשר פּרוּוון.

האָרוויץ צעזיפּצט זיך:

— אַ שאָד, אַ שאָד. עס ווילט זיך מיר נישט בלייבן אַליין. אפשר זאָל איך פּרוּוון אַ רייד טאָן מיטן „אדון״?

— ניין, ניין, דיינו... מיין „עפּיזאָד״ „פּאָליאַנאַ״ איז פאַרענדיקט.

צומאָרגנס באַגינען האָב איך אָפּגעהיט די צוויי וועגענער מיט די גרויסע פּעסער, וועלכע זענען געפאָרן צו דער „ניעפּטאָבאַזאַ״ פון ראַיאָן נאָך „גאָריו־טשעיע״ (ברען־מאַטעריאַל פאַר די טראַקטאָרן) און כ׳האָב זיך מיט זיי מיטגעכאַפּט.

## 38

## אַ מעשה מיט אַ „פּרה אדומה״...

אין אַק־בולאַק האָב איך זיך דאָס מאָל ווייניק אויפגעהאַלטן: דער סאָוועטישער פּאַס איז מיר געווען אַ שטענדיקער מעמענטאָ: געדענק, היט די ביינער!... דריי זיך נישט אַרום לײדיק, אָן אַ „ספּראַווקע״ פון אַן אַרבעטס־פּלאַץ... קאָנסט מיאוס אָפּשניידן...

אַ פּאָר טעג זיך אומגעדרייט אָן ציל, אָן תּכלית. ס׳איז מיר שוין נמאס גע־וואָרן דאָס הינטישע לעבן.

געטראָפן זיך אויפן באַזאַר מיט מיין געוועזענעם פּאַרטנער — מיט מ. ער איז דאָ אין שטאָט מיטן תּבואה־טראַנספּאָרט ביים עלעוואַטאָר. האָט ער זיך אַראָפּ־געכאַפּט עפּעס קויפן אויפן באַזאַר. ער דערפרייט זיך שטאַרק מיט מיר. כ׳דערצייל אים, אַז כ׳בין שוין ווידער אַ „פרייער פויגל״...

— פאָרט מיט מיר אין מיין קאָלכאָז! — טוט ער אַ זאָג ווי באַפעלעריש.

—ס׳זענען מיר שוין נמאס געוואָרן די כאַמעס. — ענטפער איך.

און כ׳דערצייל אים מיין לעצטן אינצידענט מיטן פאַרזיצער פון קאָלכאָז.

— פויער בלייבט פויער, — זאָגט ער, — מעג ער זיין אין דער „נייער אָרדענונג״.

— און ווי קומט איר אויס אין אייער קאָלכאָז?

— אָט... מ׳קומט דורך ווי עס איז. ס׳איז דאָך אַלץ אויף דערווייל. מיר וועלן דאָך סוף־כל־סוף פּטור ווערן פון זיי.

— אַזוי זיכער זענט איר דערין?

— איך גלויב, איך גלויב. דער דייטש קריגט מוראדיקע קלעפּ. די מלחמה וועט זיך דאָך ענדיקן.

— מיר האָבן דאָך שוין אָבער סאָוועטישע פּעסער... איר פאַרגעסט?

— מ׳לאַכט פון זייערע גרינגע שמאַטעס... אָבער וואָס האָבן מיר איצט אַריינצוטראַכטן? פאָלגט מיך, פּאָרט מיט מיר. וואָס וועט איר זיך דאָ אַרומדרייען? קומט, כ׳וועל אייך אַריינגעמען צו מיין „כאַזייקאַ״. די פּאַדלאָגע איז געגוג גרויס...

אין מיין איצטיקער פאַרלוירנקייט האָב איך זיך געלאָזט אָנריידן פון אַ היימישן מענטש — הגם כ׳האָב שוין געהאַט אַ נדר געטאָן מער אין קיין קאָלכאָז נישט צו פאָרן.

און אָט פאָר איך מיט מ. אין זיין „בעסטאַרקע״ אין דעם נייעם מקום — אין דעם „סעלסאָוועט״, וואָס ליגט קנאַפּע צוויי צענדליק קילאָמעטער פון שטאָט.

אָנגעקומען אין אָוונט, האָט מיך מ. אַריינגענומען אין זיין קיביטקע. ער האָט זיין „כאַזייקאַ״ געשטעלט פאַר אַ פאַקט: געקומען אַ „טאָוואַרישטש״ אויף אַרבעט אין קאָלכאָז, וועט ער דערווייל דאָ שלאָפן מיט אים צוזאַמען. די „כאַזייקאַ״ האָט געמאַכט אַ קרומע מינע.

— ניטשעוואָ, — זאָגט ער איר, — צוויי „מוזשטשינעס״ אין שטוב, וועלן זיי זיין נוצלעך. מיר וועלן אָנפירן שטרוי, אויפראַמען אין שטאַל וכדומה.

האָט זי שווייגנדיק לסוף מסכים געווען.

טאַקע אַ ברייטע פּאַדלאָגע. מ׳קאָן דאָ ליגן ברחבות. אָבער ס׳איז האַרט אונטערן זייט. קיין ביסל שטרוי לאָזט די „כאַזייקאַ״ נישט אונטערלייגן. עס ווערט אַ שמיעטניק אין כאַטע.

אין דערפרי פירט מיך מ. צום „פּרעדסיעדאַטיעל״. עפּעס אַ כמורנער, מרוקעוואַטער פאַרשוין, וואָס אַ וואָרט איז ביי אים אַ רענדל. מ. רעדט אין אים אַריין און יענער שוויגט.

— נו, וואָס וועט איר זאָגן, טאָוואַרישטש פּרעדסיעדאַטיעל?

— לאַדנאָ, — האָט יענער קוים אַרויסגערעדט אַ וואָרט.

ס׳הייסט, ער איז מסכים. מ׳האָט מיך טאַקע באַלד איינגעמאָלדן אין קאָלכאָזנעם מאַגאַזין אויף צו באַקומען ברויט. נאָכדעם האָט מען מיך איבערגעגעבן אין רשות פון אַ בריגאַדיר. דער בריגאַדיר האָט מיך צוגעפירט צו אַ גרויסער אָבאָרע און געהייסן וואַרטן. ער אַליין איז אַריין אינעווייניק, האָט גערעדט דאָרטן מיט אַ מעלקערין און איז צוריק אַרויס.

— וואַרט! — האָט ער מיר נאָכגעמאָלט אַ זאָג געטאָן און איז פאַרשוווּנדן.

אַ היפּשע צייט האָב איך זיך אַרומגעדרייט פאַר דער אַבאַרע און געוואַרט. נאָכן ענדיקן מעלקן די בהמות האָט מען די סטאַדע אַרויסגעטריבן פון דער אַבאַרע. צו מיר איז דאַן צוגעקומען די עלטסטע מעלקערין, מיך אַריינגעפירט אינעווייניק און מיר אָנגעוויזן אויף אַן איבערגעבליבענער בהמה:

— נעם כאַפּ זי!

כ'האָב נאָך נישט געוווּסט צו וואָס און צו ווען — יענער האָט עס מיר נישט געזאָגט. מילא, כאַפּן, איז כאַפּן. האָב איך זיך דערנענטערט צו דער קו, געוואָלט זי אַ נעם טאָן פאַר די הערנער, איז זי אַנטלאָפן. האָב איך זי געפּאַקט אין אַ ווינקל און נאָכגעמאָלט זי אַ כאַפּ געטאָן פאַר אַ האָרן. די בהמה האָט אָבער געגעבן אַזאַ וואָרף מיטן קאָפּ און אַ טאַנץ מיט די צעפּאָרענע פיס — און ווידער נישטאָ... אַזאַ פּרה אדומה...

— כאַפּ זי! — שרייט די פויערטע נאָך העכער.

— זעסט דאָך, אַז זי אַנטלויפט... העלף זשע!

— וואָט מוזשטשינאַ! (אָט אַ מאַנסבילן!) — רופט זי אויס. און דאַן נעמט זי מיר העלפן. עס טוט מיר הנאה, וואָס אויך איר קומט עס נישט אָן אַזוי גרינג. אויך פון אירע הענט האָט זיך דער רוח אַרויסגעדרייט און זי שיער נישט צעשטאָכן מיט די הערנער... לסוף געלינגט אונדזביידן זי צו כאַפּן — זי פאַר איין האָרן, איך — פאַרן אַנדערן. מיר פירן אַרויס די קו פון דער אַבאַרע.

— נעם שפּאַן זי איין! — טוט זי מיר אַ וויַיז אויף אַ דאָרפישן שליטן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט פון דער אַבאַרע.

— אין אַ שליטן?! — חידוש איך זיך.

— שפּאַן איין! פרעג נישט!

דריק איך מיט די אַקסלען: אַ קו אין אַ שליטן? זומער אין אַ שליטן? דערצו אַזאַ ווילדע קו?... משוגעים!...

אָבער מילא, „נאַטשאַלסטוואָ" הייסט... נעם איך דעם „יאַרמאָ", וואָס איז געלעגן אויפן שליטן און וויל אָנטאָן דער קו אויפן האַלדז. גיט זי זיך האַסטיק אַ רייס אַרויס פון אונדז ביידן און הויבט אָן לויפן.

— כאַפּ זי! שנעל!

איז ווידער אַוועק אַ גענוג נאָך דער ווילדער בהמה. נישט נאָר מיר ביידע — אונדז צו הילף זענען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר „פּאַצאַנעס" און מ'האָט זי קוים געכאַפּט. מיר אַלע צוזאַמען האָבן קוים באַוויזן אַרויפצוטאָן דעם הילצערנעם „יאַרמאָ" אויף דער בהמהס האַלדז און איינשפּאַנען זי אין שליטן.

— זעסט? — וויַיזט מיר דאַן די עלטסטע מעלקערין, — זעסט דעם וועג?

פאַר גלייך מיט דעם דאָזיקן וועג. וועסט צוקומען צו די „באַלאַגאַנען" (שטרוי־געצעלטן), דאָרט וועסטו פירן סנאָפּעס צו די „אַמיאַטן".

— היידאַ! צאָפּ!

אָפּגעפאָרן אַ קליין שטיקל וועג — די בהמה גייט נישט גלייך, נאָר ציט רעכטס צום ראָוו. שריי איך מיט אַלע כוחות:

— העי, צעבעו! צעבעו!

אַן אומגליק! מ'האָט מיר געגעבן אַ לחלוטין נישט קיין „געשולטע" בהמה... זי איז נאָך נישט קיין „געענדיקטע"... זי פאַרשטייט דאָך נאָך אַפילו נישט די אָקסישע שפּראַך. זי ווייס דאָך נישט וואָס „צעבע" איז... און זי פאָלגט נישט וואָס מ'הייסט איר. האָב איך קיין ברירה נישט און באַנוץ דעם שטעקן. נעמט זי לויפן צום אַנדערן ראָוו, לינקס. רעכטס אָדער לינקס. אָבער בשום אופן נישט מיטן גלייכן וועג. אַ משוגעת אַ ביסל פון אַ בהמה! און אַז איך לערן זי ווידער מיטן שטעקן, גיט זי פּלוצלונג אַ ווילדן שפּרונג, טוט זיך אַ ריס און דרייט זיך אויס צו מיר מיט די הערנער...

רבונו דעלמא כולה! וואָס טו איך דאָ מיט דער ווילדער, נישט געצוימטער חיה? זיכער דאָס ערשטע מאָל גענומען זי אין שפּאַן. און אין אַ שליטן... אין מיטן יולי אין אַ שליטן... טפו זאָל עס ווערן!... אַז איין קאַלכאָז איז ווילדער פון אַנדערן... נאָט איך אַ לאַנד מיט קאָלכאָזן!...

אָבער וואָס זשע טו איך פאָרט מיט דער בהמה? וואָס וועט זאָגן דער אָנגע־כמורעטער „פּרעדסיעדאַטיעל"? באַלד אין ערשטן טאָג אַזאַ צרה!

די קו האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין לויז געוואָרענעם „יאַרמאָ", אין די רי־מענס — און נישט אַהין, נישט אַהער. כ'קאָן זיך אַליין קיין עצה נישט געבן, וואַרט איך. ביז לסוף איז אָנגעפאָרן פון הינטן עפּעס אַ פויער און ער האָט מיר געהאָלפן ווי עס איז צורעכט מאַכן דעם שפּאַן. דער פויער פאָרט אַוועק און איך נאָך אים. באַלד אָבער חזרט זיך איבער די זעלבע חתונה: ווידער שטייט די בהמה צו מיר מיט די הערנער...

— העי, גראַזשדאַנין! — רוף איך דעם פויער.

יענער אָבער וויל זיך נישט אומקערן און פאָרט ווייטער. ווידער בין איך אָפּגעשטאַנען אפשר אַ שעה צייט ביז נאָך עמיצער איז אָנגעפאָרן פון הינטן. מ'העלפט מיר ווידער איינשפּאַנען די ווילדע קו. כ'בעט זיך ביי יענעם פויער ער זאָל נאָכפאָרן נאָך מיר; אָבער אויך דער דאָזיקער פאַרשווינדט איילט אַוועק פאָרויס. מיין קו האָט ווידער גענומען מאַכן אירע ווילדע זיגזאַגן איבערן וועג און געוויזן וואָס זי קאָן... איך שריי שוין נישט: „צאָפּ", „צעבעו!"... אַז זי פאַרשטייט נישט קיין וואָרט „עברי"... אַרבעט איך מיטן שטעקן... באַקומענדיק מיטן שטעקן איבער

די זייטן, האָט זי זיך פּלוצלונג צעפלויגן ווי אַ שד און אַריבערגעטאַנצט אַ פּלאַכן ראַוו — און היידאַ, איבער אַ פעלד... געמיינט, אַז איך ווער בעת־מעשה צעממיתט. נישט געקאַנט זי בשום אופן איינהאַלטן. צום גליק האָט זי זיך ווידער פאַרפּלאָנ־טערט אין די רימענס און איז שטיין געבליבן. אַ נייער אָפּשטעל אין מיטן פעלד, אַ נייע וואַרטעניש עס זאָל זיך ווייזן אַ מענטש.

די דאָזיקע קורצע נסיעה — אינגאַנצן אַ פינף קילאָמעטער — האָט געדויערט העכער דריי שעה. אָנגעקומען נעבן די סטעפּישע „באַלאַגאַנען" אַ דער־היצטער, אַ באַגאָסענער מיט שוויס. געטראָפן דאָרט דעם „אדון".

כ'האָב זיך פאַר אים פאַרענטפערט:

— מיט אָקסן קאָן איך אויסגעצייכנט פאָרן; אָבער מיט אַ קו... מיט אַ נישט־אויסגעלערנטער בהמה...

— מ'מוז זי אויסלערנען, וועט זי גיין אין שפּאַן... אַן אָקס דאַרף מען אויך פריִער אויסלערנען...

מיין גורל נעבעך... פּונקט איז מיר אויסגעפאַלן די מערכה צו קנעלן מיט אַ ווילדער קו... גיי ווער דאָ אַ „דרדקי־מלמד" פון בהמות...

ס'איז שוין פּונקט געווען די מיטאָג־הפסקה. די פעלד־קיך האָט שוין אויס־געטיילט שיסעלעך „פּשענאָ". בין איך אויך צוגעגאַנגען און באַקומען אַ פּאָרציע. כ'האָב אָסור נישט פאַרדינט היינט דעם „אָביעד" — נאָך גאָרנישט באַוויזן צו טאָן. אָבער ס'איז דאָך נישט מיין שולד. דער וועג אַליין האָט מיר געקאָסט מער כוחות ווי ביי דער אַרבעט... שולדיק איז זי דאָך, די פּרה אדומה...

נאָך דער מיטאָג־הפסקה האָבן זיך די בריגאַדעס ווידער גענומען צו דער אַרבעט: צונויפנעמען סנאָפּעס פון די פעלדער. אַלע, וועלכע האָבן געהאַט וועגענער מיט אָקסן, האָבן די אַרבעט אויסגעפירט נאָרמאַל און דער „אמיאַט" איז געוואָקסן. איך אָבער מיט מיין שליטן און קו האָב זיך סתם געפּלאָנטערט אין פעלד ווי אַ וויסטע אָנשיקעניש... אַז אַלע ווײַלע פלעגט זיך די צעטראַגענע וויל־דע באַשעפעניש אויסשפּאַנען און איך פלעג נאָך אַנדערע אַרבעטער מוזן שטערן אין דער אַרבעט. מ'האָט דאָך מיר געמוזט העלפן איינשפּאַנען. פון די ווילדע „קאָזשעלקעס", וואָס די בהמה פלעגט מאַכן, פלעגן די סנאָפּעס אַראָפּפאַלן פון פלאַכן שליטן. אַזוי אַז ביז איך פלעג ווי עס איז אָנקומען צום „אַמיאַט", איז שוין נישט געווען כמעט וואָס אַראָפּצונעמען פון שליטן... אין משך פון צווייטן האַלבן טאָג איז מיר געלונגען קוים אַ דריי מאָל צוצופאָרן צום „אַמיאַט" מיטן נישטיקן ביסל סנאָפּעס... דער פויערים־עולם האָט געלאַכט, געוויצלט זיך און ביי מיר איז דאָס פּנים געווען צעפלאַמט פון אויפרעגונג. בלויז איין אַלטיטשקער ביים „אַמיאַט" האָט געקוקט, געקוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ביעדניאַגאַ... נאָך וואָס האָבן זיי אים געגעבן אַזאַ ווילדע חיה?

נאָך פאָרן זון־אונטערגאַנג וואַקסט אויס פאַר מיר דער „פּרעדסיעדאַטיעל״.
איך זאָג אים נאָכאַמאָל, אַז מיט אָקסן אַרבעט איך גוט; אָבער מיט דער־אַ בהמה...

דער אָנגעכמורעטער פאַרשוין האָט מיט גאָרנישט רעאַגירט אויף מיינע
רייד. ער האָט נאָר קאַלט אַרויסגערעדט:

— דאָס איז אַ מעלקעדיקע קו. פאָר מיט איר אין דער אָבאָרע.

די פעלד־קיך, זע איך, קאָכט אויך „אוזשין״; אָבער נישט געווען קיין צייט
צו וואַרטן. כ׳מוז זיך ווידער לאָזן אין משוגענעם גײַעג מיט דער בהמה...

איך אויף צוריקוועגס, פאַרשטייט זיך, געהאַט די זעלבע צרה: ניט איין מאָל
האָט זי זיך אויסגעדרייט און פאַרפּלאָנטערט און כ׳האָב געמוזט וואַרטן אויף
הילף פון פאַרבייפאָרער אָדער פאַרבייגייער. אָנגעקומען אין דער אָבאָרע בין איך
שוין העט נאָכן מעלקן. די עלטערע מעלקערין האָט זיך אויף מיר געבייזערט,
וואָס אַזוי שפּעט. זי האָט נאָך טענות! זי ווייס דען נישט, די פויערטע, ס׳אַראַ
רוח דאָס איז? . . .

געקומען אין כאַטע אַ דערשעפּטער און אַ פאַל געטאָן אויף דער פאָדלאָגע,
כדי צו זיך צו קומען. שפּעט ביינאַכט האָט זיך מ. ווי בגנבה אַריינגעשאַרט אין
כאַטע. ער איז שוין צוריקגעקומען פון עלעוואַטאָר.

— נו, — פרעגט ער, — ווי איז עס אייך געגאַנגען דעם ערשטן טאָג?

— ווי דעם רשע אויף יענער וועלט...

און כ׳דערצייל אים אַלץ ווי אַ ווילדן קוריאָז. אַ קוריאָז, וואָס האָט מיך
אָבער אַזוי אויסגעפּייניקט און דערשעפּט.

— אָט דאָס איז פּאַניע!... — רופט ער אויס. — אָבער לאַכט זיך אויס
פון דעם.

— ס׳איז גאָרנישט צום לאַכן. — ענטפער איך. — איך פּטר די נערוון און
די כוחות.

די דאָזיקע „יאַזדעס״ מיט דער בהמה האָבן זיך איבערגעחזרט פינף טעג.
יעדער טאָג איז פאַר מיר געווען אַן אמתע עקזעקוציע. דערצו נאָך פלעג איך אויך
נישט עסן צו דער זאַט, ווייל דער הויפּט־מאָלצייט אין דאָזיקן קאָלכאָז איז געווען
דער „אוזשין״. צו אָוונט־ברויט פלעגט מען קאָכן אַ געדיכטע קאַשע פון הירזש.
אָבער איך פלעג דאָך מוזן אַלע טאָג אַוועקפאָרן פריער מיט דער מעלקעדיקער
קו און פלעג דעריבער קיינמאָל נישט זיין ביים עסן.

נאָכן פינפטן טאָג האָב איך באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו דער עקזעקוציע:
כ׳בין צוגעגאַנגען צום „פּרעדסיעדאַטיעל״ און אים געמאָלדן, אַז פאַר מיר איז
אוממעגלעך צו פאָרן מיט דער בהמה פון דאָרף; אַז איך וויל נעכטיקן גלייך מיט

אַנדערע אַרבעטער אין „באַלאַגאַן״; אַז איך בין קיינמאָל נישט אויף „אוזשין״ און איך הונגער; אַז די בהמה זאָל ברענגען אַהער און צוריקפירן עמיץ אַנדערש פון די היגע אַרבעטער. סיידן מ׳וועט מיר געבן אַן אַקס צו דער אַרבעט. יענער האָט מיך, דוכט זיך, אויסגעהערט, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט גאָרנישט גע־רעדט. און איך בין געווען זיכער, אַז ער איז מסכים. אין אָוונט בין איך טאַקע געבליבן אויף „אוזשין״ און גענעכטיקט אין „באַלאַגאַן״. דעם בריגאַדיר האָב איך געזאָגט, אַז עמיץ דאַרף אָפּפירן אין אַבאַרע די בהמה, וואָס פּאַשעט זיך דערנעבן; אַז אַזוי האָב איך אָפּגערעדט מיטן „פּרעדסיעדאַטיעל״. צומאָרגנס אָבער האָט מען זיך געכאַפּט, אַז די בהמה איז דורך קיינעם נישט אָפּגעפירט געוואָרן אין דאָרף צום מעלקן. האָט מען זי אויסגעמאָלקן אין סטעפּ און איך האָב מיט איר ווידער געאַרבעט — אויף וויפל עס האָט זיך געלאָזט מיט איר אַרבעטן...

בעת דער „אדון״ איז פאַרנאַכטלעך צוגעקומען צום „באַלאַגאַן״, האָט מען אים דערציילט, אַז די בהמה איז דאָ געבליבן די נאַכט אין פעלד. יענער איז צו מיר צוגעקומען מיט אַ ירגזון:

— סטייטשע, פאַרוואָס ביסטו נישט געפאָרן נעכטן מיט דער בהמה אין דער אַבאַרע?

— איך האָב אייך דאָך נעכטן פרי „דאָלאָזשעט״ (געמאָלדן)... האָב דאָך געבעטן, אַז עמיץ אַנדערש, וואָס נעכטיקט אין דאָרף, זאָל זי מיטנעמען. כ׳האָב געמיינט איר זענט מסכים. איר האָט גאָרנישט געזאָגט קעגן דעם.

— דאַ טשטאָ טי? עטאָ זשע דאָינאַיאַ קאָראָוואַ! (וואָס רעדסטו? דאָס איז דאָך אַ מעלקיקע קו!), — צעשרייט ער זיך אַזש.

אַרויסגעוואָרפענע רייד. יענער, ווייזט אויס, האָט אַפילו גאָרנישט אויסגע־הערט וואָס איך האָב צו אים נעכטן גערעדט... איך בין אָבער געווען קאַטעגאָריש: אָדער ער גיט מיר נאָך, וואָס איך פאַרלאַנג, אָדער איך שלאָג כפּרות מיטן קאָלכאָז...

— די מינוט פאָר מיט דער קו אין אַבאַרע! — באַפעלט ער מיר.

אָבער נאָך מיין אַנגענומענעם באַשלוס לאָז איך שוין פון זיין באַפעל.

— איך קאָן נישט... איך קאָן נאָר אַרבעטן מיט דער בהמה דאָ אויפן פעלד...

— ס׳איז דאָך אַ מעלקעדיקע קו! פריקאַזיוואַיו! (כ׳באַפעל!).

איך שווייג. צו וואָס אַרויסגעוואָרפענע רייד?

יענער ווערט אָנגעצונדן און רופט:

— בריגאַדיר!

עס קומט צו דער בריגאַדיר. דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ באַפעלט:

— בריגאַדיר! מאָרגן שטעל אַן אַנדער מענטש אויפן אָרט פון דאָזיקן סקיר־דאַלשטשיק! פּאַניאַטנאָ?

אויף מיר האָט עס קיין רושם נישט געמאַכט. אדרבה, כ׳האָב געהאַט אַ סאַטיספאַקציע, וואָס איך קאָן און וואָג נישט אויספירן זיין באַפעל. איך פאַרגין פון גאַנצן האַרצן דעם אַנדער „סקירדאַלשטשיק" אַרומצוטאָגן זיך מיט „מיין" בהמה...

איך האָב מיך אָפּגעקערט אַן אַ זייט, און שוין נישט וואַרטנדיק אויפן „אוזשין" זייערן — אין זין פון מיין פעסטן באַשלוס — זיך גענומען דערווייטערן. כ׳האָב מאַרשירט אויפן פאַרנאַכטיקן וועג, אַריינגעטאָטעמט טיף אין זיך די פרישע לופט, און געהאַט דאָס געפיל, ווי כ׳וואָלט באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערער צרה... איך מאַך אַ חשבון פון די אַלע קאָלכאָזן, וווּ מיר איז שוין אויסגעקומען צו זיין: אָדער מען ווערט געשוואָלן פון הונגער. מען גיט גאָרנישט פאַר דער פּראַצע. אָדער — אויב מען גיט שוין יאָ אַ קילאָ ברויט — טאָ פאַר וועלכן פּרייז? וויפל יסורים קאָסט עס דיר? וויפל פורעניותן? — — — —

— איר ווייסט? — זאָג איך שפּעטער מיין פאַרטנער אויף דער פּאָד־לאָגע, — מאָרגן געזעגענען מיר זיך. כ׳שלאָג כפּרות מיט אייער „גוטן" קאָלכאָז...

און כ׳דערצייל אים די סצענעס פון נעכטן און פון היינט אויפן פעלד.

— דאָס איז מיין לעצטער קאָלכאָז! — גיב איך צו לסוף.

— אַ מאָדנער צוזאַמענטרעף! — רופט ער אויס, — אויך איך גיי אַוועק פון קאָלכאָז.

— וואָס הייסט?

— גאָר פּשוט. געקריגן אַ מאָביליזיר־צעטל פון „וואָיענקאָמאַט". מ׳רופט מיך אין דער פּוילישער אַרמיי, אין דער דאָמבראָווסקי־דיוויזיע, אין דיוואָווע, ריאַזאַנער געגנט.

— ווערן מיר, הייסט עס, גלייכצייטיק פּטור: איך — פון דער ווילדער בהמה, איר — פון אייערע ביקעס...

דעם מאָרגנדיקן טאָג האָבן מיר נאָך ביידע פאַרבראַכט אין דאָרף שוין ווי פּרייע פויגל. מיר זענען געגאַנגען צו דער ברייטער אַזיערע, וואָס הינטערן דאָרף, זיך גוט אויסגעבאָדן און אויסגעוואַרעמט אויף דער ברענענדיקער זון, אַזוי ווי, להבדיל, „דאַטשניקעס" אויף אַ פּליאַזשע... מיר האָבן אויסגעוואַשן און אויסגע־טריקנט די וועש פון זיך און איבערגעלאָזן דעם גאַנצן קאָלכאָזנעם שמוץ... פון דאָרט זענען מיר אַוועק צום רוסישן וואָאַקוזירטן ייִד, וועלכער אַרבעט אויך אין טראַנספּאָרט, ער זאָל אונדז ביידן מאָרגן אינדערפרי מיטנעמען אין זיין „בעס־טאַרקע".

מיר זענען אויך אַריין אין מאַגאַזין נאָך ברויט. דאָס האָבן מיר געטאָן באַלד אין דערפֿרי, איידער דער „זאַווכאָז" האָט באַקומען פֿון „פּרעדסיעדאַטיעל" די פֿאַראָרדענונג מיך אויסצומעלדן פֿון דער רשימה אַרבעטער. פֿאַר דעם באַקו־מענעם ברויט — אויף צוויי טעג — האָב איך דעם קאָלכאָז דערפֿאַר אָוועקגע־שענקט מיינע פֿאַרדינטע עטלעכע „טרודאָדני"...

באַגינען האָבן מיר אָפּגעוואַרט דעם רוסישן ייִד מיט דער „בעסטאַרקע" און זיך מיטגעכאַפּט אין ראַיאָן אַריין.

אויפֿן וועג האָבן מיר נאָך אויך פֿאַרדינט אַ „מצווה":

דער ייִד האָט געהאַט צו פֿאַרקויפֿן אַ זעקל ווייץ. כשר, צי טריף — ווער ווייס?... אין רוסלאַנד פֿרעגט מען נישט... האָט ער אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן אַראָפּטראָגן דעם זעקל ערגעץ אויף אַ גאַס, אין אַ געוויסער שטוב, וואָס מיר פֿאָרן פֿאַרביי. אים גופֿא — דעם „טראַנספּאָרטניק" — איז עס נישט באַקוועם...

— איר וועט פֿאַרדינען אַ מצווה... — זאָגט אונדז דער ייִד.

מיר האָבן עס אים געטאָן. געטראַכט האָב איך: „מיר מוזן דאָך צוגיין צו דעם ייִד נישט מיט אונדזערע מערבֿדיקע קאַטעגאָריעס, נאָר מיט דער ספּעציפֿיש־סאָוועטישער... און דאָ מוז מען זיך דאָך „געבן אַן עצה"... אַנדערש ציט מען דאָ אויס די קאָפּיטעס"...

אין אַק־בולאַק האָב איך זיך מיט מ. צעזעגנט: איך בין געבליבן אין ווײַ־טערדיקן הפֿקר; ער איז אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי, אין דער דאַמבראָווסקי־דיוויזיע, צו די בלוטיקע פֿראָנטן, צו וואַרשע... איז ער דאָך פֿאַרשריבן אין סאָ־וועטישן פּאַס: „פּאָליאַק", פֿאַרוואָס אונדזערע לצים פֿלעגן זיך וויצלען איבער אים: — „מאיר קאַטאָליק"...

## 39

## נייע ראַנגלענישן

איך פּאַק אַ בעטל אין אַ קאָרידאָר פֿון „דאָם קאָלכאָזניקאַ" — אין דער כמו־אכסניה פֿון אַק־בולאַק. דער „דאָם קאָלכאָזניקאַ" איז שוין אין אַ נייער דירה, אַ פּיל קלענערע, דערפֿאַר אַ ריינערע, מיט אַ פּיר אייזערנע בעטלעך אין איינ־ציקן חדר און איין בעט אין קאָרידאָר. אין די בעטלעך שענניקעס מיט ליילע־כער און צודעקן. גאָר נישקשה פֿאַר אַזאַ מין אכסניה. די אויפֿזעערין האָט זיך אויך געביטן. די איצטיקע איז אַ ייִדישע פֿרוי, אַן עוואַקויִרטע פֿון אָדעס. זי האָט עס אַהער אַריינגעבראַכט אַ ביסל זויבערקייט, אַ ביסל היימישקייט.

ביים געבן מיר דאָס בעטל אין קאָרידאָר האָט זי אונטערגעשטראָכן, אַז דאָ איז נאָר אַן אָרט פאַר „קאָמאַנדיראָוואַטשנע״; אַז זי האָט אייגנטלעך נישט קיין רעכט מיך אַריינצונעמען; אָבער זי טוט עס מיר דעם חסד — ווי צו אַ ייִד אַ פּליט. „פאַרפאַלן, מ׳איז דאָך עפּעס ייִדן״... — זאָגט זי.

אין אָוונט זיץ איך אָפּט אין שטוב און שמועס מיט דער באַלעבאָסטע. נאָך אַ יונגע פרוי מיט אַ קליין קינד. איר מאַן איז שוין לאַנג אויפן פראָנט. דאָ אַר־בעט זי ווי אַן אויפזעערין אין „דאָם קאָלכאָזניקאַ״, האָט אַ דאָך איבערן קאָפּ, אַ נישטיקע „זאַרפּלאַטאַ״ (שכירות), אַ ברויט־קאַרטע פאַר זיך און פאַרן קינד. זי פירט דאָ אַזוי איר אָרעם לעבן אין דחקות, שלאָפט מיטן קינד אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע אין קיך, ווייל קיין בעט איז נישטאָ דאָ ווו אַריינצושטעלן.

ברענג איך אַמאָל אַ ביסל פּראָדוקטן פון באַזאַר און בעט זי אויפצוקאָכן. עסן מיר אַלע צוזאַמען און כ׳זע, זי איז צופרידן פון מיר — דעם נייעם גאַסט, כאָטש אַן אַ „קאָמאַנדיראָווקע״. שמועסן מיר אַמאָל שעהנווייז ביי איר אין קיכל און ווערן היימישער. אַז זי ווערט געוואָר, אַז כ׳בין אַ שרייבער, קריגט זי פאַר מיר אַ באַזונדער דרך־ארץ און זי דערמאָנט מיר שוין נישט מער, אַז צו לאַנג טאָרן געסט נישט וווינען אין „דאָם קאָלכאָזניקאַ״. זי איז זייער אַ באַרײדעוודיקע, די באַלעבאָסטע. זי האָט ליב צו דערציילן מעשיות — מעשיות, וואָס זי האָט געהערט און מעשיות, וואָס האָבן מיט איר אַליין פּאַסירט אין לעבן; אויך מעשיות וועגן דער שווערער „דאַליע״ אין דעם „סאָציאַליסטישן לאַנד״... „אַרבעטסט, אַרבעטסט און גייסט אַרום אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן. נישט קיין רעכטן בגד אויף זיך, קיין לייַ־טישע פּאָר טופליעס, קיין זאָק. אַ פרוי דאַרף זיך דאָך אַמאָל אָנטאָן ווי אַ פרוי. יעדע פרוי וויל דאָך מ׳זאָל אויף איר קוקן ווי אויף אַ פרוי״...

אַזוי פלעגט זי ריידן, מאָנאָלאָגירן, מיין באַרײדעוודיקע באַלעבאָסטע. און נאָך יעדער מעשה פלעגט זי נישט פאַרגעסן צוצוגעבן:

— יעי באָגו, איר ווי אַ פּיסאַטיעל קאָנט וועגן דעם עפּעס אָנשרייבן... ניע פּראַוודאַ לי ? . . . (נישט אמת?...).

איך פלעג אויסהערן אירע מעשיות כמעט אָן באַמערקונגען. כ׳בין בכלל געוווען אַ ביסל פאַרזיכטיק מיט מענטשן, וועלכע איך קען נישט צופיל. זי אַז זי רעדט, זאָל זי ריידן. איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר.

ביי־טאָג דריי איך זיך אַרום איבערן שטעטל. זוך, פרעג אויף אַרבעט. די אַלטע צרה — אַרבעט וויפל דו ווילסט, אָבער לעבן דערפון קאָן מען נישט. אָבער וואָס עס זאָל מיט מיר נישט זיין — אין קיין קאָלכאָז גיי איך מער נישט! דעם דאָזיקן נדר וועל איך שוין האַלטן וויפל מיר זאָל נאָך נישט באַשערט זיין צו זיין אויף דער דאָזיקער הונגעריקער ערד... דערווייל דאַרף מען דאָך אָבער

לעבן. פאַרן בעטל מוז מען דאַך יעדן טאָג צאָלן. אַ שטיקל ברויט, אַ „לעפּיאָש־קע" מוז מען דאַך אויך געבן דעם מאָגן. האָב איך זיך ווידער געמוזט „ראַטעווען" ווי אַלע בירגער אין דער מדינה: ווער עס קויפט און פאַרקויפט, ווער עס קויפט און טוישט. איז מיר איינגעפאַלן צו פּרוּוון מזל מיט טיי. טיי איז דאָ דער בעס־טער אַרטיקל. די קאַזאַכן גייען אויס נאָך טיי. אָן טיי פאַרלירן זיי דעם מוט, דעם כּוח, דעם קאָפּ. עס געדענקט זיך מיר תּמיד זייער זאָג: „טשאַי יאָק — גאַ־לאַווא באַליט; טשאַי באַר — גאלאווא ניע באליט"... ס'הייסט: איז קיין טיי נישטאָ — טוט וויי די קאָפּ; איז טיי פאַראַן — טוט דער קאָפּ נישט וויי"... אַ קאַזאַך וועט פאַר טיי אַוועקגעבן אַלץ אין דער וועלט, דעם טאַטן מיט דער מאַמען. ער קאָן אָפּקומען מיט אַ פּיצל „ליעפּיאָשקע", צי מיט געברענטן ווייץ, און ווער רעדט נאָך מיט אַ קליין ביסעלע „קיש־מיש" צום טיי...

טיי, טיי!

האָב איך זיך אויך געכאַפּט צום טיי. איינגעקויפט אַ צען פּעקעלעך „גרוּ־זינסקי טשאַי" ביי אַ „פּראָוואָדניק" (וואַגאָן־אויפזעער) פון צוג מאָסקווע־טאַשקענט. אַ חוץ טיי נאָך איינגעהאַנדלט ביי אים עטלעכע צענדליק ציגעלעך צוקער. כּמעט אַלע מסחרן זיי, די „פּראָוואָדניקעס", ווייל אויך זיי קאָנען דאָך נישט לעבן פון זייער „זאַרפּלאַטאַ"...

די דאָזיקע פּעקעלעך טיי מיטן צוקער בין איך נישט געגאַנגען פאַרקויפן אויפן באַזאַר.

כ'האָב געמאַכט אַ שפּאַציר צופוס אין אַ קאַזאַכישן קאָלכאָז, וואָס ליגט אויף יענער זייט פון טייך אילעק, אַ 5־6 קילאָמעטער פון שטאָט. און די כּוונה האָב איך געהאַט נישט צו פאַרקויפן, נאָר צו טוישן אויף ברויט, אויף „לע־פּיאָשקעס", אויף קעז, וכדומה.

כ'האָב פּונקט אַריינגעטראָפן. כ'בין געגאַנגען פון קיביטקע צו קיביטקע און יעדער קאַזאַך האָט צעעפנט די אויגן פון תּאווה צום טיי. איין קלייניקייט: „גרוּ־זינסקי טשאַי"! אָבער בלויז צוויי קאַזאַכן האָבן מסכּים געווען צו טוישן אויף „לעפּיאָשקעס". אַלע איבעריקע האָבן מיר געדרוקט געלט אין האַנט. און כּמעט אַלע האָבן צום פּעקעלע טיי אויך געקויפט אַ פּאָר ציגעלעך צוקער. אין משך פון איין שעה בין איך געבליבן ביי 2 פּעקעלעך טיי.

כ'האָב זיך שוין געהאַט פאַרנומען אַריינצוגיין אין נאָך אַ כאַטע, — גייט מיר אַנטקעגן אַ קאַזאַך און פרעגט מיך:

— וואָס האָסטו דאָ?

— טיי.

— לאַדנאָ. און אַ דאָקומענט האָסטו? ווייז!

כ׳וועל געפּלעפּט. איך שווייג.

— ווייז! — חזרט איבער דער קאַזאַך שטרענגער.

— ווער זענט איר? פאַרוואָס זאָל איך אייך ווייזן מיין דאָקומענט?

— ווייז, ווייז. כ׳בין דער ראַאיס (פאָרזיצער) פון קאָלכאָז... שנעל! ווייז!

ווייז איך אים מיט פאַמעלעכע באַוועגונגען מיין סאָוועטישן פּאַס און שטאָמל:

— כ׳בין אַ „ביעזשעניעץ״... כ׳פאַרקויף נישט קיין טיי... איך טויש אויף ברויט... נאָט זעט...

און כ׳ווייז אים אויך די באַקומענע „לעפּיאָשקעס״ פון מיין רוקזאַק.

— כ׳וועל איבערגעבן דעם פּאַס דער „נ.ק.וו.ד.״... — טוט ער אַ זאָג גלייכ־גילטיק און לייגט אַריין דעם פּאַס צו זיך אין טאַש. ער רוקט זיך אָפּ פון מיר און נעמט זיך עפּעס פאַרען ביי דער כאַטע.

דער מאָמענט איז פאַר מיר זייער אַן ערנסטער. וואָס בלייבט מיר דאָ צו טאָן?

ביי דער שוועל פון קיביטקע, זע איך, שטייט אַ קאַזאַכקע. מסתמא זיין ווייב, וואָס האָט אוודאי אַלץ צוגעזען. גיי איך צו צו איר און בעט זי, אַז זי זאָל פועלן ביים מאַן, ער זאָל מיר צוריקגעבן דעם פּאַס. איך חזר אויף פאַר איר איבער: „אַ ביעזשעניעץ״... דער עיקר: איך טו איר געשיקט אַ דערלאַנג אַ פּעקעלע טיי... זי האָט דאָס פּעקעלע אַריינגעשטעקט אין קעשענע פון פאַרטוך. די קאַזאַכ־קע איז דאַן צוגעגאַנגען צום ראַאיס און צו אים גענומען ריידן עפּעס געדיכט אויף קאַזאַכיש. יענער האָט אַ וואָרטשע געטאָן, האָט זי נאָך העכער גענומען וואָרטשען. לסוף האָט ער אַרויסגענומען מיין פּאַס און איר דערלאַנגט. זי האָט עס מיר גלייך צוגעטראָגן און געמאַכט מיט דער האַנט, ווי איינער רעדט: נעם שנעל דעם וועג פון דאַנען כל־זמן עס איז נישט שפּעט...

מיט פאַרגיכערטע טריט האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון קאַזאַכישן קאָל־כאָז, ווי פון אַ שרפה...

און אַז מיר פלעגט ווייטער אויסקומען זוכן בעלנים צו טוישן טיי, פלעג איך זיך באַנוצן מיט אַ פּאָר פאַרמיטלערקעס. איינע פון מיינע „אַגענטקעס״ האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט: די מיטעליעריקע קאַזאַכקע, מאַריאַ. נישט קיין שיינע, מיט אַ שטאַרק צעשטופּלטן פּנים — איז זי געווען אַ פאַרזעסענע בתולה; אָבער דאָך האָט איר פּנים נישט געשטערט איר צו האָבן אַ קינד פון אַ שכן אַ קאַזאַך. דאָס קינד האָט זי געהאָדעוועט ווי אַ געטרייע מאַמע, הגם דער געהיימער טאַטע האָט פון קינד נישט געוואָלט וויסן... די דאָזיקע מאַריאַ איז געווען זייער אַן ערלעכע און פּינקטלעכע. פלעג איך זיך אויף איר פאַרלאָזן. זי פלעגט דעם טיי

טוישן אָדער פֿאַרקויפֿן אירע פֿיל באַקאַנטע קאַזאַכן — פֿלעגן מיר ביידע פֿאַר־דינען „לעפּיאָשקעס".

האָב איך אין שטאָט געגומען אינטענסיווער זוכן נייע „פּאָסטנס". געזוכט, געפֿרעגט — אָן דערפֿאָלג.

באַקענט מען מיך איינמאָל מיט אַ קאָלכאָזניק, וועלכער זוכט אַ „שטשאָטאָ־וואָד" ווי מיט ליכט. טאַקע אמת, אַז איך האָב זיך געגעבן אַ נדר נישט צו גיין מער אין קיין קאָלכאָז; אָבער ווי אַ „שטשאָטאָוואָד" אין קאַנצעליאַריע איז עפּעס אַנדערש. דאָס איז דאָך נישט קיין אַרבעט ביי אָקסן און בהמות און נישט ביי סוסליקעס. אין קאַנצעליאַריע דאַרף על פּי שכל זיין נישט שלעכט. וואָלט אפשר געלוינט צו פּרוּוון גליק?... לאָז איך זיך אָנריידן און פֿאָר מיט מיטן קאָל־כאָזניק אַ קוק טאָן. אויפֿן וועג דערציילט ער מיר די גליקן, וואָס אַ „שטשאָטאָ־וואָד" האָט ביי זיי אין קאָלכאָז: אַ דירה ביי אַ „כאַזייקאַ"; פּראָדוקטן און אויך אַ „זאַרפּלאַטאַ".

געקומען צופֿאָרן אין קאָלכאָז, האָט ער מיך גלייך געבראַכט אין „אופּראַווו־לעניע". דער פֿאָרזיצער איז גראָד נישט געווען. בין איך דערווייל אַרויס כאַפּן אַ קוק אויף דאָס דאָרף. דערזע איך פֿאַר איין כאַטע יידישע פּנימער. יידישע פּרויען. כאַפּ איך מיט זיי אַ שמועס. דאָס זענען עוואַקוירטע יידישע פֿאַמיליעס פֿון אוקראַינע. דערהערט וועגן וואָס איך בין געקומען, רופֿט איינע אויס:

— ייִד, איר זאָלט זיך נישט דערוועגן! קריכט נישט אין אומגליק... דער „פּרעדסיעדאַטיעל" מיטן בוכהאַלטער „זיצן" שוין... וואָס טויג עס אייך?

נאָר דאָס פֿעלט מיר איצט... כ'בין אַוועק שפּעטער אין קאַנצעליאַריע און אַליין קאַליע געמאַכט. אַז דער נייער „פּרעדסיעדאַטיעל" האָט מיך געפֿרעגט צי איך נעם זיך אונטער די אַרבעט, האָב איך געגומען שטאַמלען:

— כ'ווייס נישט. כ'ווייס אַליין נישט. אין אַ קאָלכאָז־קאַנצעליאַריע האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געאַרבעט...

— נאַדאָ בי בילאָ אינסטרוקטיראָוואַט'... (ס'הייסט: מ'וואָלט מיך געדאַרפֿט פֿאַרבאַרייטן).

— קאָן זיין... כ'וועל זען אין שטאָט...

— גיי אַריין אין „ראַיזאָ". — גיט ער מיר אַן עצה.

און נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך צוריקגעפֿאָרן. אַרויס מיט גאַנצע ביינער...

עס איז אָבער פֿאַר מיר נישט געווען זיכער צו ווייגען צו לאַנג אין „דאָם קאָלכאָזניקאַ". טאַקע די אויפֿזעערין איז געווען גוט צו מיר און זי האָט מיך נישט געטריבן פֿון דאָרט; אָבער ווער ווייס, מסתמא איז דאָך פֿאַראַן „אַן אויג", וואָס כאַפּט אַ קוק אויף דאָרטן צו די געסט... איז מיט וואָס, אַ שטייגער, קאָן

באַרעכטיקט ווערן דאָס זיצן דאָרטן פון אַ מענטשן אָן באַשטימטער אַרבעט. אָן אַ „קאָמאַנדיראָווקע" פון אַן אַנשטאַלט? האָב איך גענומען נאָכפרעגן ביי אונדזערע פוילישע, ביי די פּליטים. אפשר נעבן זיי זיך ערעגץ צוטוליען? האָבן זיך טאַקע געפונען בעלנים מיך אַרויסצוהעלפן. דאָס זענען געווען די חברה „גרוזטשיקעס" פון עלעוואַטאָר, וועלכע האָבן געהאַט אַן אייגענע „אָבשטשעזשיטיע" — אַן אָפּ־געזונדערטע קיביטקע נישט נעבן עלעוואַטאָר, נאָר גאָר אויף אַ זייטיקער גאַס, פון דער אַנדער זייט אייזנבאַן־וועג. אין איין חדר פון יענער קיביטקע האָט גע־וווינט אַ יונג פּאָרפּאָלק, מיט נאָך אַ חבר זייערן, אַ רויט־פּנימדיקער האָרעפּאַש־נער בחור. האָט מען מיך אויך אַריינגענומען. דער דאָזיקער חדר איז געווען אַ היפּשער. עס האָט זיך געלאָזט אין אים מאַכן אַלערליי קאָמבינאַציעס מיט די געלעגערס; ביי איין וואַנט איז געווען קאָנסטרואירט אַ ברייט בעט פון פּשוטע ברעטער אויף צוויי געשטעלן פאַרן פּאָרפּאָלק; דער בחור איז געשלאָפן הינטער דער רוסישער „גאַלאַנקע", און מיר האָט מען ביי אַן אַנדער זייטיקער וואַנט אויסגעקאָמבינירט אַ געלעגער אויף עטלעכע ברעטער, געלענט אויף אַ ני־דעריקן געשטעל פון ציגל. כ'בין זייער צופרידן געווען פון זייער גאַסטפריינט־שאַפט. אַ גוטער אויסוועג: אי צווישן היימישע; צווישן ייִדן; אי דער קאָפּ וועט מיר מער נישט דאַרן: ווו נעמט מען אויף דירה־געלט?... די פרוי איז אגב געווען דיזעלביקע בלוי־אויגיקע רענאַ, וואָס האָט געשריבן פּוילישע לידער, און זי איז צו מיר, ווי תמיד, געווען באַזונדערס גאַסטפריינטלעך. געאַרבעט האָט זי דאָך נישט, פלעגט זי קאָנען פירן די שטוב־ווירטשאַפט, קאָכן זופּקעס, באַקן „לעפּ־יאָשקעס", מאַכן „בלינעס" וכדומה. דער חברה „גרוזטשיקעס" האָבן דאָך קיין פּראָדוקטן קיינמאָל נישט געפעלט... פלעגט די דאָזיקע רענאַ מיך זייער אָפּט מיט עפּעס מכבד זיין: אַמאָל מיט אַ „קרושקע" טיי, אַמאָל מיט „בלינעס" און אַמאָל — מיטן פאַרלייענען אירע לידער...

אין דער דאָזיקער כאַטע פלעגט זיך אָפּט צונויפקומען אין די אָוונטן אַ היימישער עולם פון אונדזערע פּליטים. מען פלעגט דערציילן, ריידן, זינגען בחבורתא. איך האָב זיך דאָרט אויפגעהערט צו פילן אַזוי עלנט, ווי אַ היימ־לאָזער הונט.

עולם זיצט אויף די בענקלעך, אויף די אימפּראָוויזירטע געלעגערס. עמיץ פאַרציט אַ ניגון און אַלע כאַפּן אונטער. זייער אָפּט האָט מען דאָרט געזונגען „דער נעגער דזשים". באַמבלען זיך מיר תמיד אין גדעכעניש די ווערטער פון יענעם ליד, געזונגען אין יענער מסיבה:

> ווייל איך בין שוואַרץ
> און דו ביסט ווייס...

אין דער דאָזיקער כאַטע האָט מען אַפּילו איין מאָל געפּראַוועט אַ חתונה. דאָס איז טאַקע געווען די חתונה פון אונדזער מיטוווינער, דעם חתן־בחור, מיט איינער אַ בעסאַראַבערין, אַ יידישע פּליטה פון קישינעוו. די דאָזיקע כלה האָט איר „כאַזייקאַ" פריִער געפּרוווט מיר צו שדכנען. די שדכנטע, די גויע, האָט מיר געשילדערט דעם „שמאַלץ־גרוב": די כלה האָט אין שטוב אַ פּוד „פּשענאַ", אַנדערטהאַלבן פּוד ווייצן־מעל, אַ זאַק קאַרטאָפל, 20 אַרבוזן און אַ 10 ריזן־דיניעס אונטערן בעט... מיט איין וואָרט: אַ גאָלדענער שידוך!... פונ־דעסטוועגן האָב איך מוותר געווען און אין דאָזיקן „שמאַלץ־גרוב" איז אַריינגע־פאַלן אונדזער שכן. און נאָך דער חתונה איז ער, פאַרשטייט זיך, אַריבער ווױ־נען צו איר, צו זיין אויסדערוויילטער. די חתונה איז אָבער געפּראַוועט געוואָרן ביי אונדז, ווייל אונדזער „זאַל" איז געווען אַ גרעסערער און מ׳האָט געקאָנט פאַרבעטן מער מענטשן. אויפן טיש האָט נישט געפעלט פון „פויגל־מילך": פּענע־צעס ברויט, „לעפּיאָשקעס", הערינג, „בלינעס" און צוויי פלעשער „מאָסקאָווס־קאַיאַ". עולם האָט זיך משמח געווען. מ׳האָט געזונגען, אַפּילו געטאַנצט און געווונטשן דעם יונגן פּאָר, אַז דער שידוך זאָל עולה ליפה זיין...

די ברכות זענען אָבער נישט מקוים געוואָרן. נאָכן אָפּוווינען מיט דער בעסאַראַבערין געציילטע וואָכן איז דער יונגער באַלעבעסל צוריקגעקומען אין אונדזער „אָבשטשעזשיטיע"... דאָס פּאָרפאָלק איז זיך צעגאַנגען... מ׳האָט נישט געקאָנט דערגיין די סיבה דערפון. גיי ווייס די סודות פון שלאָפצימער!... די בע־סאַראַבערין, אַ באַטריבטע, אַ פאַרשעמטע, איז ווייטער געבליבן מיט איר „שמאַלץ־גרוב"... אויס כלה — ווידער מויד...

**

אויף דער דאָזיקער חתונה האָב איך זיך באַקענט מיט אַ פרוי פון קריניק. אַ שטיקל „זעמליאַטשקע". קריניק געפינט זיך דאָך נישט ווייט פון גראָדנע, בשכנות פון מיין געבורט־שטעטל אמדור. זי איז נישט קיין פּליטה, ווי מיר אַלע, נאָר אַ פאַרשיקטע. אַמאָל אַ קאָמוניסטקע אין פּוילן, האָט עס זי געצויגן אין סאָוועטישן „גן־עדן". זי האָט געשמוגלט די גרענעץ ביי ניעגאָריעלאָיע און ס׳איז איר געלונגען. צופיל גליקלעך האָט זי זיך נישט דערשפּירט אין „לאַנד פון אירע טרוימען"... איר ענטוזיאַזם איז גאָר גיך פאַרלאָשן געוואָרן. אָבער קיין צוריק־קער איז שוין נישט געווען. האָט זי חתונה געהאַט און געלעבט ווי אַלע סאָווע־טישע גרויע בירגער אַ געמאַטערט לעבן... אַז ס׳איז אָנגעקומען דאָס פאַטאַלע יאָר 1937 — די גרויסע „רייניקונג", — האָט עס אויך איר נישט געמיטן. זי האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע בירגער, וועלכע זענען אַמאָל געווען אין אויס־

לאַנד. זי האָט נאָך אָפּגעשניטן מיט חסד. מ׳האָט זי נישט פאַרוואָרפן אין אַ לאַגער, נאָר פאַרשיקט אַהער אין אַק־בולאַק, אָן רעכט פון דאַנען אַרויסצופאָרן. זי מיט איר מאַן. איר מאַן האָט דער פריצייטיקער טויט „באַפרייט" און ער ליגט דאָ אויף דעם היגן בית־עולם... שטעקט זי שוין דאָ אינעם העק זינט יענעם שוואַרצן יאָר. זי אַרבעט דאָ איצט אין „דיעט־יאַסלאָ" און וועגעטירט אָן אַ סביבה, דערצו אין אייביקער דחקות. בעת זי רעדט מיט מיר וועגן איר אומעטיקער געשיכטע, ווערט זי זייער דענערווירט און זי צוקט נערוועז מיט די אַקסלען.

— איך טראַכט, — זאָגט זי, — אפשר ווען איר, פּוילישע, וועט אַמאָל צו־ריקפאָרן אין די היימען, וועל איך זיך אפשר אויך קאָנען מיט אייך מיטכאַפּן... כ׳וועל נאָך אפשר צוריק אָנקוקן מיין קריניק און מיין ביאַליסטאָק...

נאַיווער גלויבן!... ווייס זי נאָך נישט, אַז פון דאַנען „כאַפּט מען זיך נישט אַרויס" אַזוי ווי פון אַ פאַרשלאָסענער שטייג?... נאָר איך וויל נישט אָפּקילן איר האָפענונג און זאָג איר גאָרנישט וואָס איך מיין. צו וואָס שיטן זאַלץ אויף די ווונדן?

פונקט ווי זי, האָבן אויך אין לאַגער, געדענקט זיך, די פּוילישע קאָמוניסטן — אַלטע לאַגערניקעס — געטרוימט, אַז צוזאַמען מיט די פּוילישע, וואָס ווערן באַפרייט, וועלן זיי אפשר אויך געניסן פון דער „שיקאָרסקי־אַמנעסטיע" פאַר פּוילישע בירגער. אָבער פונקט ווי יענע זענען ווייטער פאַרבליבן הינטער שטע־כיקן דראָט, אַזוי וועט זי, די קרינקערין, דאָ בלייבן שטעקן אין פאַרוואָרפענעם אַזיאַטישן העק.

— מ׳קאָן גאָרנישט וויסן... מעגלעך... — זאָג איך איר סתם אַזוי.

אַ חוץ איר זענען אין אַק־בולאַק און אין די קאָלכאָזן פון ראַיאָן פאַראַן נאָך אַנדערע פאַרשיקטע. צוויי פון זיי קען איך פון זען. איינער איז אַ לערער אין אַ היגער פאָלקס־שול. אַ רוס. שוין נישט קיין יונגער מענטש. זעט אויס אַ טיפּ פון אַן אינטעליגענט. כ׳זע אים שטענדיק אַליין. ער לעבט דאָ איינזאַם. ער גייט תמיד דורך די גאַס מיט זיין אָנגעכמורעט פּנים און קוקט גאָר אויף קיינעם נישט.

כ׳קען נאָך עמיצן פון די פאַרשיקטע. דאָס איז אַ פרוי. איך וווין איצט מיט איר גראָד אין שכנהשאַפט. דאָס צווייטע הויז פון מיר. אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ. אין קאָלירטע בונטע קליידער. זי זעט אויס אַ ביסל עקסצענטריש. מסתמא אַן אָפּשטאַמיקע פון אַן אַלטער דוואָריאַנישער משפחה. כ׳זע זי שטענדיק אַן איילעוודיקע. זי גייט מיט שנעלע טריט צום באַזאַר עפּעס קויפן און איילט צוריק אַהיים — אין איר „פּאַלאַץ", וואָס איז צונויפגעקלעפּט פון ליים. און אַז עס רעגנט שטאַרק, דראָט איר דער סופיט צו פאַלן איר אויפן קאָפּ... כ׳האָב נאָכ־

געפּרעגט ביי שכנים פּאַרוואָס זי איז פּאַרשיקט און נישט געקאָנט געוואָר ווערן. פּונקט ווי איך האָב אויך נישט געוווּסט פּאַרוואָס יענער לערער איז אַהער פּאַר־וואָרפן געוואָרן. למאי נפקא־מינה? די „נ.ק.וו.ד." געפינט שוין אויס אַ „חטא" און פּאַסט שוין צו פּאַר יעדן איינציקן באַזונדער אַ געהעריקן פּאַראַגראַף... פעלן דען פּאַראַגראַפן אין סאָוועטישן שטראָף־קאָדעקס?...

די קרינקערין האָט מיך — ווי אַ שטיקל „זעמליאַק" — אַפילו איינמאָל פּאַרבעטן צו זיך אין איר חדרל, אין עפּעס אַ פּאַרלאָזן הויז, בשכנות פון דער „דיעט־יאַסלאַ". זי האָט לכבוד מיר „אויסגעקאָמבינירט" אַ כיבוד: טיי און צום טיי עטלעכע אָנגעשניטענע דינע פּענעצלעך ברויט. כ'האָב זיך צום ברויט נישט צוגערירט: כ'האָב געזען ווי ביים שניידן האָבן אירע פינגער געציטערט. דאָס איז דאָך פון איר אָרעמער ברויט־קאַרטע נעבעך (400 גראַם) — היינט ווי אַזוי וואָלט איך געקאָנט אַראָפּשלינגען דעם ביסן? האָב איך נאָר געזופּט דעם טיי, וואָס האָט אויך נישט געהאַט דעם טעם פון טיי.

— אַז גאָט וועט געבן, — זאָגט זי, — און מיר וועלן זיך אפשר אַמאָל זען אין קריניק, וועלן מיר מאַכן אַ בעסערע „וועטשערינקע"... „פּיר נאַ וועס מירו!" (אַ באַל פאַרן גאַנצן כללו!) — רופט זי אויס מיט געמאַכטן פּאַטאָס.

— הלוואי! הלוואי וואָס גיכער...

— איר גלויבט, אַז מיר קאָנען נאָך אַמאָל צוריק ווערן מענטשן? — פּרעגט זי פּלוצלונג.

— אַ ברירה האָט מען? מען מוז גלויבן... ס'איז לייכטער צו לעבן מיט דער אילוזיע.

— אָ, מען מוז שטאַרק בעטן גאָט...

ווי קאָמיש: זי רעדט כסדר מיט גאָט, די געוועזענע קאָמוניסטקע.

— זאָגט מיר, איר האָט שטענדיק געגלויבט אין גאָט? — פּרעג איך זי.

— פריִער נישט; איצט ווילט זיך מיר גלויבן... איר ווייסט נישט, אין אַן אומגליק ווערט מען אַפילו אָבערגלויבעריש. איך גיי אַפילו אויפן באַזאַר צום אַלטיטשקן, וואָס וואַרפט אויס קאָרטן.

— יאָ, געוועכט, — זאָג איך, — איצט פאַרשטיי איך שוין, פאַרוואָס אין אַזוי פיל כאַטעס הענגען דאָ איקאָנעס. יאָ, יאָ, סאָוועטישע פּאַראַדאָקסן!...

כ'בין נאָך איין איינציק מאָל געווען ביי איר, ביי דער דאָזיקער פּאַרשיקטער. אין אירע דלד אמות האָט אויף מיר געווייעט מיט טרויער, מיט האָפענונגס־לאָזיקייט . . .

* *
*

איינמאָל פּאַלט מיר איין צו פּרוּוון פאָרן אין „פּאָליאַנאַ״ נאָכן ווייץ פאַר מיינע „טרודאָדני״. עס האָט זיך נישט געוואָלט פאַרשווייגן דעם אַנטיסעמיט.

און אַזוי איז טאַקע געווען: דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ פון קאָלכאָז האָט אויך איצטער נישט געוואָלט הערן פון באַצאָלן מיר. מ׳ווייס שוין טאַקע וויפל יעדערן קומט פאַר אַ „טרודאָדיען״; אָבער מיט מיינע אַוואַנסן ברויט האָב איך כלומרשט אָפּגענומען וויפל מיר קומט. אַזוי דערקלערט ער מיר. אַז כ׳האָב אים דערמאָנט יענעם אַק־בולאַקער שייגעץ, וועמען ער האָט יאָ צוגעצאָלט צום אַוואַנס צו האַלבן קילאָ ווייץ פאַר אַ „טרודאָדיען״, האָט ער זיך נאָך צעבייזערט, אַז ער דאַרף מיר נישט אָפּגעבן קיין חשבון וויפל וועמען ער וויל געבן...

אין אַק־בולאַק האָב איך געפּרוּווט דעם פאָרזיצער אָנקלאָגן אין „ראַיזאָ״. מ׳האָט מיך אויסגעהערט און געגעבן גערעכט. אָבער סוף־כל־סוף איז ער, דער נישט־געבער, געווען דער תקיף: פאַר נישט געבן דראָט אים נישט קיין סכנה... ערגער וואָלט געווען פאַר אים, ווען מ׳קלאָגט אים אָן פאַר „ראַזבאַזאַראָוואַט׳ ״, פאַר פאַרשווענדן קאָלכאָזישע תבואה.

אגב: שפּעטער האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט אָפּצוצאָלן דעם דאָזיקן „אדון״ פון „פּאָליאַנאַ״ עין תחת עין:

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען צווישן אונדזערע פּליטים פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אַלע פּוילישע וועלן פאַר זייער רעוואַקואַציע צוריקבאַקומען די סומעס, וואָס זיי האָבן איינגעצאָלט אין זייערע אַרבעט־פּלעצער אויף דעם „זאַיאָם״ (מלוכה־הלוואה). טרעף איך דאַן אין אַק־בולאַק דעם „פּרעדסיעדאַטיעל״ פון „פּאָ־ליאַנאַ״ און כ׳בעט אים ער זאָל מיר אַרויסגעבן אַן אָפיציעלע קבלה אויף די 200 רובל, וואָס איך האָב געהאַט איינגעצאָלט אין קאָלכאָז אויף דער מלוכה־הלוואה. זאָגט ער מיר, אַז ער קאָן עס מיר נישט געבן. „סטייטש? פאַרוואָס?״ — פרעג איך. קווענקלט ער זיך און דערציילט מיר לסוף, אַז „ס׳איז געשען אַן אומ־גליק מיטן געלט״... אַז „דער „שטשאָטאָוואָד״ פון קאָלכאָז האָט פאַרכאַפּט דאָס געלט און איז אַוועקגעפאָרן אַהיים, אין אוקראַינע, און דאָרט איז ער געשטאָרבן״...

די מעשה איז מיר נישט געפעלן געוואָרן. דער „פּרעדסיעדאַטיעל״ האָט דאָ זיכער אָפּגעטאָן אַ שווינעריי מיטן געלט און וואַרפט איצט די שולד אויף יענעם, וואָס לעבט שוין נישט. כ׳וואָלט אים זיכער געקאָנט איצט אָנלערנען פאַר זיין מיאוסער האַנדלונג לגבי מיר; אָבער... נישט געוואָלט אַריינקריכן אין אַן אַוואַנטורע.

קלאָר: ער גופא, דער „אדון״, מיטן „פּארט־בילעט״ אין טאַש, האָט זיך „אַן עצה געגעבן״ אויף גאָר אַ מיאוסן אופן...

בעת כ׳בין צוריקגעקומען פון „פּאָליאַנאַ״ האָב איך געטראָפן אין דער „אָבשטשעזשיטיע״ בלויז רענאַן. די מאַנסבילן זענען נישט געווען. מ׳האָט זיי

אומגעריכט מאָביליזירט אויף אַרבעט הינטער טשקאַלאָוו אויף אַ גאַנצן חודש. רענאַ איז געבליבן אַזוי אַרום אַ „שטרויענע אלמנה". געוואָרן אַ שטילקייט אין אונדזער קיביטקע. שטילע טעג און שטילע נעכט. אין אָוונט פלעגן מיר זיצן שפּעט ביים קורניקל. פלעגן ריידן, דערציילן עפּיזאָדן. געלופטערט אויך שורות פון לידער... די שטילקייט האָט געשאַפן שטימונג. בענקעניש, לעכצעניש האָבן זיך צעצונדן אין דער נשמה — — —

## 40

## אין „סבערקאַססאַ"

שוין! איך האָב שוין געקריגן אַ פּאָסטן. געקריגן אַ פּאָסטן אין דער „סבער־קאַססאַ" *). אַ בכבודיקער פּאָסטן: אַן „אָכראַנניק"... (שומר). ס'האָט מיך עמיצער רעקאָמענדירט, בין איך געגאַנגען צום דירעקטאָר פון דעם דאָזיקן אַנשטאַלט, אויף זיין פאַרלאַנג אָנגעשריבן אַ „זאַיאַוולעניע" מיט דער „אַווטאָביאָגראַפיע" און מ'האָט מיך מיט מזל דאָרט צוגענומען.

מיין אַרבעט איז נישט קיין שווערע. איך מיט נאָך אַ צווייטן „אָכראַנניק" האָבן געדאַרפט דיזשורירן — אַ נאַכט איבער אַ נאַכט — און אָפּהיטן די „סבער־קאַססאַ" — נישט פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק, אין די חדרים. די דיזשורן האָבן געדויערט פון פאַרנאַכט, ווען דער פּערסאָנאַל ענדיקט די אַרבעט, ביז אינ־דערפרי, ווען די מענטשן קומען ווידער אין ביוראָ.

אויף דורכצולעבן, אַפילו גאָר־גאָר באַשיידן, האָט מען אויך נישט געהאַט פון אַזאַ פּאָסטן. כ'האָב באַקומען ברוטאָ 170 רובל אַ חודש געהאַלט. „זאַרפּלאַטאַ" האָט עס געהייסן און איך פלעג עס אָנרופן „צער־פּלאַטאַ"... אין זעלבן נוסח האָב איך אָנגערופן מיין אַמט: נישט „שומר", נאָר „שומר חינם"... ווייל אין דער אמתן איז עס געווען געאַרבעט בחינם... פון די 170 רובל פלעגן נאָך אַראָפּגיין 50 רובל שטייערן אויף פאַרשיידענע פּאָזיציעס. פלעגן מיר בלייבן ריינע 120 רובל אַ חודש. אין יענער צייט האָט שוין אַ קילאָ ברויט אויפן „שוואַרצן מאַרק" גע־קאָסט אַרום 80 רובל... אמת, איך האָב אויך באַקומען אַ ברויט־קאַרטע אויף 400 גראַם טעגלעך; אָבער 400 גראַם ברויט איז דאָך געווען ווייניק, אויב אַנדערע נאַרהאַפטע מאכלים האָבן נישט דערגאַנצט.

---

*) סבערעגאַטיעלנאַיאַ קאַססאַ, שפּאַר־קאַסע.

מיין פּאָסטן איז פּאַקטיש געווען נאָר צו „דעקן זיך" פאַר דער מאַכט, אַז כ'בין נישט קיין פּוסט־און־פּאַסניק... דערביי זענען געווען נאָך מעלות: ערשטנס, האָב איך געהאַט פרייע טעג און אין די טעג פלעג איך קאָנען צופאַרדינען עפּעס פון אַנדערע קוואַלן צום לעבן.

צווייטנס, איז אין „סבערקאַססאַ" געווען אַ ראַדיאָ, וואָס פלעגט איבערגעבן ידיעות פון דער מאָסקווער ראַדיאָ־צענטראַלע: די „סוואָדקעס" פון „סאָוואינפאָרמ־ביוראָ", פון „טאַס", דעפּעשן פון אויסלאַנד וכדומה. אַזוי אַז עס האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ שטיקל פענצטערל צו דער וועלט. אַמאָל פלעג איך דאָרט אויך פּאַקן אַ צייטונג, אָדער צייטונגען: אַ „פּראַוודאַ", אַן „איזוועסטיאַ", אַ „טשקאַלאָוו־סקאַיאַ פּראַוודאַ". כ'פלעג אַ חוץ דעם מיר תמיד מיטברענגען אַ בוך צום לייע־נען, גענומען פון דער אָרטיקער ביבליאָטעק.

און נאָך אַ מעלה: געווען דאָרט טינט און פעדער, מאַקולאַטור־פּאַפּיר, שרייב־טישן, — האָב איך אויך געהאַט אין די נעכט אַ שעת־הכושר צו פאַרנעמען זיך נישט צופעליק, נאָר סטאַביל מיט מיין אייגנטלעכן „פאַך" פון דער היים: מיט שרייבן. כ'בין ביסלעכוויז פּסיכיש צוריק אַריין אין מיין ראַלע... די שוואַרצע בשורות דורכן ראַדיאָ וועגן דער חרובער היים האָבן צעבראָכן דאָס האַרץ און ס'פלעגט זיך גלוסטן אויסוויינען אין פערזן — — —

צו מיין דיספּאָזיציע איז אין „סבערקאַססאַ" געווען אַ ביקס פון אַן אַלט־פרענקישער סיסטעם (מסתמא אַזש פון דער נאַפּאָלעאָניש־רוסישער מלחמה נאָך...), וואָס איך פלעג דאַרפן אַ פאָר מאָל אין וואָך פּוצן. געווען אויך צו דער ביקס אַ שאַכטל קוילן. דער דירעקטאָר האָט מיר געוויזן אַ שאַפע, ווו די ביקס מיט די קוילן געפינען זיך, כדי צו מאַכן געברויך „ווען מען דאַרף". שפּעטער האָט מען די קוילן צוגענומען: אַפנים קיין צופיל צוטרוי האָט מען נישט געהאַט צו מיר... אין יעדן „אינאָסטראַניעץ" זעט מען דאָך אַ שפּיאָן...

— צו וואָס זשע לאָזט איר מיר די ביקס, אויב אָן קוילן? ס'איז דאָך אַלץ־איינס ווי אַ פּשוטער שטעקן...

— מיר לאָזן אייך די ביקס, כדי איר זאָלט זי רייניקן...

אין דאָזיקן לאָקאַל פון פיל חדרים האָבן זיך אויך געפונען נאָך אַ פּאָר אינסטיטוציעס — דער עיקר דער „ראַיפאָ" *), אַזוי אַז דאָרט האָבן תמיד געאַר־בעט פיל באַאַמטע, בוכהאַלטאָרן, וכדומה. אַפילו אין אָוונט פלעגט אַמאָל עמיץ פון זיי זיך פאַרזעצן צו פאַרענדיקן אַ דרינגענדיקע אַרבעט. צו מיר האָבן די אַנדערע אינסטיטוציעס אין די פאַרשיידענע חדרים נישט געהאַט קיין שייכות.

---

*) פינאַנץ און שטייער־אָפּטייל פון ראַיאָן.

איך פלעג נאָר דאַרפן אָפּהיטן דעם גרויסן חדר פון דער „סבערקאַססאַ", ווו ס'איז געשטאַנען די אייזערנע קאַסע־שאַנק.

בעת איך פלעג קומען צו דער אַרבעט — זייגער 7 פאַרנאַכט — פלעג איך נאָך טרעפן די פּערסאָנאַלן: מענער און פרויען, דאָס רוב מיידלעך. אַלע רוסישע. ביסלעכווייז האָב איך זיך מיט אַלעמען באַקענט און מיט אַנדערע געוואָרן היי־מיש. מיט איינער אַ מאָרוסיאַ פלעג איך אָפטער שמועסן. זי פלעגט אָפט בלייבן לענגער ביי דער אַרבעט. זי האָט געהאַט אַזעלכע גוטע בלויע אויגן און אַ צאַרטן שמייכל אין די חן־גריבלעך אויף די באַקן — און ס'איז שוין ביי אונדז כמעט ענלעך געווען אויף אַ „פלירט"...

אַלע באַאַמטע זענען געווען אַזוי אָרעם, אַזוי נעבעכדיק אָנגעטאָן — אַלע, סיי די מענער סיי די פרויען. די נעבעכדיקע „זאַרפּלאַטאַ" (כאָטש זיי האָבן פאַרדינט מער פון מיר) האָט דאָך נישט געקלעקט צו קויפן זיך אַ מלבוש, אַ שוך. אויך זיי אַלע האָבן אַ חוץ ברויט אויף די „קאַרטאָטשקעס" גאָרנישט באַקומען. דער אַנשטאַלט פלעגט נאָר איין מאָל אין יאָר — זומער־צייט — אַרויסגעבן יעדערן אַ צוטיילונג פון טאָמאַטן — לערך אַ 20 קילאָ — צו פעסטע פרייזן. דאָס פלעגט מען קריגן צו קויפן אין אַ קאָלכאָז. אַ חוץ דעם האָט יעדער פון פּערסאָנאַל — ווער עס האָט געוואָלט — באַקומען יעדעס יאָר אַ שטיקל ערד נעבן טייך צו פאַרזייען ירקות און אַ חלק אין דער קאָלעקטיווער „באַכטשאַ" צו פאַרזייען אַר־בוזן און דיניעס. אָבער ביי די אַלע „גליקן" האָבן די באַאַמטע געהאַט אַ ביטער, געפּלאָגט לעבן. די עיקר־סיבה איז געווען דאָס, וואָס אין די דאָזיקע אינסטי־טוציעס האָט מען זיך דאָך נישט געקאָנט קיין „עצה געבן"... דאָ האָט מען דאָך נישט געמאַכט קיין אָפּעראַציעס מיט קיין שום סחורות אָדער פּראָדוקטן, נאָר מיט געלט, מיט געציילט געלט על־פּי־חשבון. און צונעמען געלט איז דאָך אָפענע גנבה, וואָס עס קאָן באַלד אויפגעדעקט ווערן דורך די קאָנטראָליערן און פאַר וואָס מען באַצאָלט געווען טייער... ווייניקסטנס מיט אַ צען יאָרעלעך...

געווען פונדעסטוועגן פאַר מיין צייט איין פאַל, ווען איינע אַ באַאַמטין פון „ראַיפּאָ" האָט אַרויסגענומען פון אַ קופערט עטלעכע הונדערט רובל. געוויינלעך טאָר מען אין לאָקאַל קיין געלט נישט איבערלאָזן. יעדן אָוונט מוז עס גיין אין „גאָסבאַנק" (מלוכה־באַנק); אָבער אין יענעם טאָג זענען די עטלעכע הונדערט רובל אַריינגעפאַלן אין „ראַיפּאָ" צו שפּעט, ווען די באַנק איז שוין געווען גע־שלאָסן. דער קופערט איז צוגעאָרגנס געווען גאַנץ און פאַרשלאָסן און דאָס געלט האָט דאָך געפעלט. דאָס האָט געקאָנט אַרויסנעמען אַ היימישער מענטש, וועלכער האָט געוווסט ווו דער שליסל ליגט. איז מען טאַקע לסוף דערגאַנגען. יענעם מיידל איז שוין נישט געווען וואָס מקנא צו זיין...

אַפילו די נאַטשאַלניקעס, די דירעקטאָרן פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס, האָבן זיך בשום אופן נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט זייערע נאַרמאַלע פאַר־דינסטן. ס׳האָט נישט געקאָנט קלעקן אויף אויסהאַלטן די פאַמיליע. ס׳איז מיר, למשל, איינמאָל אויסגעקומען צו מאַכן אַ שפּאַציר צו דער קאָלעקטיווער „באַכטשאַ“ צוזאַמען מיטן דירעקטאָר פון „ראַיפּאָ“. מיר האָבן געדאַרפט אַדורכגיין דעם אילעק. אָבער די בריק איז מחמת אַ פאַרפלייצונג געווען צעריסן און מ׳האָט גע־מוזט אַדורכגיין דורכן נישט טיפן וואַסער. ביים אויסטאָן זיך האָב איך געזען זיין אונטערוועש: לאַטעס אויף לאַטעס! לעכער אויף לעכער!... ס׳אַראַ דלות, ס׳אַראַ אָרעמקייט!

דער ניווא פון אינטעליגענץ ביי די נאַטשאַלניקעס איז אויך געווען אַ גאַנץ נידעריקער. די העכערע אַמטן האָבן פאַרנומען נישט מענטשן מיט וויסן און קענטעניש, נאָר מיט פּאַרטיי־סטאַזש. דאָס איז געווען די מאָס, מיט וועלכער מ׳האָט קוואַליפיצירט יעדן קאַנדידאַט, צי ער איז ווערט צו פאַרנעמען אַ פאַר־אַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אָדער נישט. פון אַזאַ נידעריקן ניווא איז אויך געווען דער נאַטשאַלניק פון „ראַיפּאָ“. למשל: שפּעטער, שוין נאָכן דעסאַנט פון די „אַלי־אירטע“ אין סיציליע, בעת די שלאַכטן זענען פאָרגעקומען אין איטאַליע, פאַלט ער איינמאָל אַריין אין דער פרי און פרעגט מיך:

— אַבראַם יאַקאָוליעוויטש! קאַקאַיאַ סעוואָדניאַ פּערעדאַטשאַ? (וואָס האָט היינט איבערגעגעבן דער ראַדיאָ פאַר אַ נייס?).

— די „אַליאירטע“ זענען נעכטן אַריין אין רוים! — דערצייל איך אים.

— וואָס רעדט איר! — ווערט ער איבעראַשט. — ווו איז עס? אין פראַנקרייך?...

אַן אַנדערביישפּיל פון אַן אַנדער נאַטשאַלניק אין אונדזער לאָקאַל. נאָר דאָס איז שוין אייגנטלעך אַ קוריאָז אין המשכים... דער דאָזיקער נאַטשאַלניק פון עפּעס אַן אַנדער וויכטיקער אינסטיטוציע איז געווען אַ דעמאָביליזיר־טער מיליטערמאַן פון קובאַן. אַן אינוואַליד. קומט ער אַריין איינמאָל אין אָוונט, בעת קיינער פון פּערסאָנאַל איז שוין נישט געווען, און פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס.

— איך האָב צו דיר אַ ענין, — זאָגט ער מיר, — איך דאַרף עפּעס אָנ־שרייבן, וואָס נאָר דו, ווי אַ פּיסאַטיעל (שרייבער), ווייסט עס קאָנען... ביי מיר קומט עס נישט אַרויס גוט...

— וואָס, למשל? — ווער איך פאַראינטריגירט.

און ער גייט אַרויס מיט לשון.

עס האַנדלט זיך וועגן איינער אַ „זשענשטשינאַ“... זי שפּילט צופיל אויף

זיינע נערוון... ווייל ער איר אָנשרייבן אַזאַ בריוו, וואָס זאָל איר אַ נעם טאָן פּאַר די לעבער...

— פּאַניאַטנאַ? — האָט ער פאַרענדיקט זיין דערקלערן מיר.

— פּאַניאַטנאַ.

— איך מיין, אַז נאָר דו ווייסט עס מאַכן ווי מען דאַרף. דערפאַר וועל איך דיר געבן אַ „וויפּיסקאַ" (אויסשרייב־צעטל) אין „לאַראַק": שוועבעלעך...ביימאייל... פּאַניאַטנאַ?...

איך האָב נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק אַריינצוגיין אין אַ פרעמדער „ליבע־אַוואַנטורע"... אָבער דער לעצטער אַרגומענט — שוועבעלעך... ביימאייל...

— האָט מיך איבערגעצייגט, אַז איך דאַרף עס אים טאָן... ער, ווי אַ געוועזענער קובאַנער אָפיציר פאַרטרעט אַן אינסטיטוציע, וואָס איז צוגעשריבן („פּריקרעפּ־ליעט"...) צום געוועלבל פון דער „נ.ק.וו.ד." און דערפאַר טאַקע קאָן ער טאָן אַ טובה מיט פּראָדוקטן.

— פּאַזשאַלויסטאַ! — זאָג איך אים, — איך קאָן אייך אָנשרייבן אַזאַ בריוו. דערציילט מיר אָבער אַ פּאָר פּרטים וועגן אייערע באַציִונגען.

און ער צערעדט זיך דאָן. ער רעדט זייער פּרימיטיוו, אָבער גענוג קלאָר, איך זאָל וויסן וואָס פאַר אַ טיפּ פרוי דאָס איז. פון זיינע רייד זע איך פאַר זיך אַ פרוי אַן אויסנוצערין. אַ פרוי אַ לייכטערע, וואָס וויל זיך „איינאָרדענען" דורך מענער; וואָס נוצט אויס נישט דווקא איינעם, ווייל בלויז איינער קאָן דאָך איר נישט אַריינברענגען אין שטוב אַריין אַלץ וואָס זי דאַרף און וואָס זי וויל... נו, איז ער אויך איינער פון אירע „ליובאָוויניקעס", פון אירע אַמאַנטן, וואָס ברענגט איר מתנות: פאַרשיידענע פּראָדוקטן פון „לאַראַק", אַמאָל אויך אַן „אַטריעז" (קופּאָן שטאָף) אויף אַ קלייד, אויף אַ העמד וכדומה. וואָס עס מאַכט זיך צו באַ־קומען. אַז זי האָט נאָך עמיצן און ווער דאָס איז ווייס ער נאָך נישט באַשטימט. ער האָט זי נאָך נישט געפּאַקט מיט יענעם. אָבער זי שפּילט מיט אים כסדר ווי אין קאַץ און מויז. און דאָס האָט ער נישט ליב... ער וויל איר אָנשרייבן און זאָל זי אים זאָגן אָפן, קורץ און שאַרף, אָן די „בליאַדסקע שטיק"...

האָב איך פאַרקאַשערט די אַרבל און גענומען שרייבן. איך האָב געשריבן אַ מליצהדיקן ליבע־בריוו, אַ בריוו מיט יענער זיסלעכער פּראָזעאָלאָגיע, וואָס קאָן אוודאי אימפּאָנירן אַזאַ „אָביעקט", ווי ס'איז דעם נאַטשאַלניקס „זשענשטשינאַ"... איך האָב נישט געקאַרגט און פאַרשריבן גאַנצענע פיר בלעטלעך פונעם מאַקו־לאַטור־פּאַפּיר.

— פּאַרטיק!

— לייען!

איך לייען אים פאַר פּאַמעלעך, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט.

— מאַלאַדיעץ! — רופט ער אויס. — איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט עס קאָנען מאַכן. טשאָרט פּאַבערי! אָבער פון וואַנען פאַרשטייסטו דאָס אַלץ?...

ערגער איז געווען מיטן איבערשרייבן. ער האָט דאָך אַלץ געמוזט איבער־שרייבן מיט זיין האַנטשריפט, כדי זי זאָל זיך נישט אָנשטויסן, אַז עמיץ אַנדערש האָט דאָס פאַרפאַסט דעם בריוו. דער הויך־געוויקסיקער נאַטשאַלניק האָט זיך הילפלאָז, ווי מיינער אַ שילער, נידעריק איינגעזעצט, גענומען די פעדער אין זיינע גראָבע פינגער און איך האָב געגומען דיקטירן. ער האָט געשריבן אומ־געלומפּערט און שווער. אַזעלכע „קאַטשערעס און פּאַמעלעס" האָבן זיך באַקומען אויפן פּאַפּיר. כ'האָב אים געמוזט אָפּהיטן יעדן אות. דאָס קאָמישסטע איז געווען ביי דער פּונקטואַציע. אַ חוץ אַ פּונקט איז אים אַלץ געווען פרעמד. פּונקט־קאָמאַ אָדער טירע זענען פאַר אים געווען ווילדע זאַכן און ער האָט עס גאָר נישט גע־וואָלט נאָכשרייבן. צו וואָס דאַרף מען דאָס? נאַ קאַי טשאָרט? (צו וועלכן טייוול?) דאָס ערשטע מאָל הערט ער דערפון... עס האָט אים אַזש אַ שווייס אַרויסגעזעצט אויפן שטערן ביז דער בריוו איז אין מיטן נאַכט פאַרטיק געוואָרן.

כ'האָב געמאַכט פון דעם מאקולאטור־פּאַפּיר אַ דרייעק, כנהוג, און געבעטן מיר צו זאָגן דעם אַדרעס.

— נישט נויטיק, — זאָגט ער.

— וואָס הייסט?

— אָטשען פּראָסטאָ (גאַנץ פשוט). כ'וועל איר אַליין איבערגעבן דעם בריוו...

כ'האָב זיך באַהערשט נישט אַ לאַך צו טאָן פון זיין איינפאַל.

ער האָט געהאַלטן וואָרט, דער געוועזענער קובאַנער אָפיציר, און מיר גלייך אויסגעשריבן אַ צעטעלע צום „לאַראָק" — אויף אַ ליטער ביימאייל און 10 שאַכטלעך שוועבעלעך. אַן אוצר!...

***

דאָס נישט קענען גוט רוסיש איז אייגנטלעך געווען אַ פּאָפּולערע קראַנקייט ביי אַ סך רוסישע באַאַמטע מיט די נאַטשאַלניקעס אינאיינעם. זעלטן פלעגט מען זען אַ „ספּראַווקע" פון אַן אינסטיטוציע אָן פעלערן — נישט נאָר סטיליסטישע, נאָר אַפילו פשוטע אָרטאָגראַפישע. כאָטש גיי שרייב עס צו צו די פליוסן פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. ס'הייסט: דאָס פשוטע, רויע פאָלק רעגירט מיט זיך אַליין. דאָך איז מיטן דאָזיקן פאַרשפּרייטן עם־הארצות נישטאָ זיך וואָס איבער־צוגעמען.

אַן אַנדערש מאָל איז מיר אויסגעקומען אויסצוהערן טפשותן פון אַן אַנדער

נאַטשאַלניק — טאַקע פון מיין אייגענעם, פון דער „סבערקאַססאַ“. ער איז שוין געווען מער „גראַמאַטנע“, דערפאַר אָבער דאָס וויסן זיינס, דער פּאָליטישער פאַר־נעם — ווי פון אַ שפּילקע־קעפּל...

דאָס איז געווען בעת אַ „דאָקלאַד“ (רעפעראַט). מ'האָט אָנגעזאָגט, אַז אַלע מוזן בלייבן נאָך דער אַרבעט אין לאָקאַל. איך בין שוין סיי־ווי־סיי געווען אויפן פּלאַץ, כדי צו דערפילן מיין נאַכט־דינסט. דער נאַטשאַלניק האָט אָנגעהויבן זיין „דאָקלאַד“ מיט די באַקאַנטע לויב־ווערטער אויפן חשבון פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, אונטער דער אָנפירונג פון דעם גרויסן... אאַז״וו, חבר סטאַלין. ער רעדט וועגן די דערגרייכונגען פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פאַרן אַרבעטער־קלאַס, רעכנט אויס די אַלע „גליקן“ און מאַכט דאַן אַ פּאַראַלעל צווישן ראַטנ־פאַרבאַנד און די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. ער האָט גערעדט וועגן דער שרעק־לעכער עקספּלואַטאַציע אין אַמעריקע און אין מערב־אייראָפּע. ער דערמאָנט סטאַטיסטיקעס און גייט איבער צו פּוילן. אין פּוילן, דערציילט ער, אַרבעט מען אין די פאַבריקן 14 און 15 שעה אַ טאָג... דער אַרבעטער לעבט דאָרט אין גרויס אָרעמקייט און ער זעט נישט פאַר די אויגן קיין שטיקל פלייש, קיין פּיצל פּוטער, קיין צוקער...

דער עולם באַאַמטע האָט שווייגנדיק אויסגעהערט. כ'בין זיכער געווען בעת־מעשה, אַז נישט איינער פון זיי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז ער שיט מיט ליגנס...

נאָכן „דאָקלאַד“, בעת דער עולם איז זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען, טוט מיך אַ פרעג מאַרוסיאַ, וואָס האָט זיך נאָך עפּעס געפּאָרעט ביי איר טיש:

— איז עס טאַקע אמת, אַז ביי אייך אין פּוילן איז דעם אַרבעטער אַזוי שלעכט?...

מאַרוסיאַן האָב איך נישט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת:

— ווייס איך וואָס! ס'איז ליגן פון אָנהויב ביזן סוף, באָבע־מעשיות... אַז דאָ איז דעם אַרבעטער ביטער און פינצטער, דערציילט מען, אַז דאָרטן איז נאָך ערגער...

און כ'גיב איר אַ ריי ביישפּילן פון אמתן מצב אין פּוילן: כ'דערצייל איר, אַז אין פּוילן — ווי אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד — איז דעם אַרבעטער־קלאַס אין גרונט נישט אַזוי פויגלדיק. די פאַרדינסטן זענען נישט קיין גענוגנדיקע; פאַראַן אַ היפּשע אַרבעטלאָזיקייט... פאַראַן נויט... אָבער אין פאַרגלייך מיט די סאָוועטישע באַדינגונגען איז פּוילן אַ גן־עדן...

— איר זעט גוט אונדזער אומגליק... — זאָגט זי מיט אַ טרויעריקן שמייכל.

די זעלבע מאַרוסיאַ האָט מיר, אַגב, ביי אַן אַנדער שמועס אַפילו געמאַכט אַ „פאָרשלאַג“:

— מיט אַזאַ ווי איר וואָלט איך זיך צונויפגעגאַנגען... (סאָשלאָס בי...). ווען איר זאָגט מיר אָבער צו, אַז איר וועט נישט צוריקפאָרן קיין פוילן... כ׳וואָלט דאַן איבערגערעדט מיט מיין מאַמען...

ס׳האָט מיך גערירט איר נאַאיוויטעט.

— ס׳איז מיר אוממעגלעך דאָ צו פאַרבלייבן... פאַרשטייט מיך, מאַרוסיאַ...

— יאָ, איך פאַרשטיי אייך... הלוואי וואָלט איך אויך געקאָנט פון דאַנען אַוועקפאָרן... ס׳אַראַ שווער, שווער לעבן ביי אונדז...

## 41

## ווידער אַ ווינטער

דער דרום־אוראַלער ווינטער האָט זיך צעשפּילט. שנייען האָבן זיך געשאָטן שפּעדיק. דער פראָסט האָט דעם שניי שטייף געמאַכט. פלעגן קומען אויך די משוגענע שניי־בוראַנען, וואָס פלעגן אויפדרייען גאַנצענע ווייסע טורימער. אַ סך נידעריקע קיביטקעס פלעגן שיער נישט פאַרשאָטן ווערן אינגאַנצן. די איינוווי־נער פלעגן זיך פון אינעווייניק קוים אַרויסגראָבן מיט רידלען און דורכרייסן אַ שמאָלן דורכגאַנג צווישן די בערג שניי. אין אַזעלכע טעג פלעג איך כסדר זיצן אין „אָבשטשעזשיטיע״, כאָטש ס׳איז דאָרט נישט געווען אַזוי וואַרעם. דאָס גיין פאַרנאַכט אין „סבערקאַססאַ״ און אינדערפרי צוריק איז אָפּטמאָל געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות. כ׳פלעג בעת־מעשה מיינען, אַז דער מעכטיקער בוראַן רייסט מיך אַוועק און פאַרטראָגט מיך אין די וואָלקנס... נישט געווען מעגלעך צו באַ־זאָרגן זיך דאַן מיט עפּעס צום עסן. די „סטאָלאָוואַיאַ״ איז געווען פאַרשלאָסן, דער בופעט פון וואָקזאַל האָט שוין אויך לאַנג נישט אַרויסגעגעבן קיין זופּקעס. עס האָט געפעלט „טאַפּקאַ״. עס האָבן געפעלט פּראָדוקטן. אויף צו קויפן זיך אויפן באַזאַר האָט מיר נישט געקלעקט. די 120 רובל „זאַרפּלאַטאַ״ (צער־„פּלאַ־טאַ״...) פלעגן באַלד צעקריכן. מיינע אייגענע „רעזערוון״ זענען שוין כמעט ווי אויסגערונען געוואָרן. גיין זוכן צוצופאַרדינען אין אַזעלכע פרעסט איז נישט מעגלעך געווען. האָט מיך פון ס׳ניי גענומען פייניקן דער הונגער — ווי דאָרטן, אין די מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן. דאָרטן איז כאָטש געווען וואַרעמער; דאָ אָבער...

עס האָט מיך נישט געקאָנט „איינאָרדענען״ אויך דער נאַטשאַלניק, פאַר וועמען איך פלעג שרייבן ליבע־בריוו... די פּאָר „וויפּיסקעס״ זיינע — די ביימאייל

און שוועבעלעך — האָב איך גלייך פאַרקויפט און אויף לאַנג האָט עס דאָך נישט געקלעקט. אַז אַלץ האָט געקאָסט אויפן באַזאַר אַזוי טייער.

איין אָוונט קומט דער דאָזיקער נאַטשאַלניק צו מיר אין „סבערקאַססאַ“ אַן אויפגערעגטער:

— איך מוז איבעררייסן מיט דער בליאַד׳... (זונה).

— וואָס איז דען געשען?

און ער דערציילט מיר מיט אַן אויפגערעגטער שטים, אַז דאָ נישט לאַנג, ערשט מיט אַ שעה צוריק האָט ער אָנגעקלאַפּט צו איר אין צימער און זי האָט געענטפערט פון יענער זייט, אַז מ׳קאָן נישט אַריינגיין. „אַטקראָיִ!“ (עפן!) — האָט ער געזעצט אין טיר. — „כ׳בין נישט קיין „מאַלטשישקאַ!“ (שנעק)... „ניעלזיאַ!“ (מ׳קאָן נישט!) — האָט זי געענטפערט און נישט געעפנט. לסוף האָט זי אים געזאָגט, אַז ער זאָל קומען אין אַ שעה אַרום. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי נעמט דאָרט איצט אויף עמיצן אַנדערש... איז ער אַרויס; אָבער איז נישט אַוועק. ער האָט געוואַרט אומבאַמערקטערהייט אין אַ ווינקל פון שכנותדיקן הויז, ביז ער האָט באַמערקט, ווי עמיצער אַ „שטאַטסקי“ (ציווילער) קריכט אַרויס פון איר טיר... האָט ער אַ שפּיי געטאָן און איז אַוועק...

— וואָט בליאַד׳! — פאַרענדיקט ער אַ צעקאָכטער זיין דערציילונג.

„שלעכט, — טראַכט איך, — איצט איז שוין געענדיקט מיט מיינע „ווי־פּיסקעס“...

— איז וואָס זשע טראַכט איר? — טו איך אים אַ פרעג.

— שרייבט איר אָן...

— שרייבן?... — וווּנדער איך זיך. — וואָס זאָל איך איר שרייבן?

— שרייבט איר, אַז זי איז אַ בליאַד׳... אַז איך וויל זי מער נישט קענען...

— אָבער אַזוי שרייבן פּאַסט דאָך נישט... נישט שיין...

— וואָס אַרט דיך, שרייב!...

— ניין, אויב איר ווילט, וועל איך שרייבן אַ ביסל אַנדערש... ווי איך פאַר־שטיי... מיט אַנדערע אויסדריקן...

— גוט, שרייב! אָבער גיב איר אין איר מאַמעס מאַמען אַריין...

און דערביי האָט ער געמאַכט אַ כפל־שמונהדיקן רוסישן „פּסוק“.

האָב איך ווידער אָנגעשריבן אַ בריוו. דאָס מאָל אַ מין געזעגן־בריוו. אַ לעצטן בריוו. אַ בריוו מיט פאָרוווּרף, מיט שטעך־ווערטער, מיט שאַרפערע „אַק־צענטן“ — אַזוי ווי עס קאָן שרייבן אַ טיף־באַליידיקטער, אַן אָפּגענאַרטער... אַ פאַרראַטענער... געשריבן האָב איך דאָס אַלץ, אָבער מיט איינגעהאַלטענע ווער־טער, אין אַ דעליקאַטער פאָרם, אַז ער, דער אָפּגענאַרטער, האָט שוין געעפנט די

אויגן... ער ווייס, אַז זי נאַרט אים אָפּ... אַז זי פאַרראַט אים מיט אַנדערע... אַז אַזוי האַנדלט נישט קיין אָרנטלעכע פרוי... (דער מילדסטער אויסדרוק אין דעם פאַל...)... דעריבער איז עס זיין לעצטער בריוו צו איר און מער וויל ער זי שוין נישט זען...

ביים שרייבן די דאָזיקע ווערטער האָב איך אויך געטראַכט, אַז דאָס געזעגן איך זיך שוין אויך מיט די „וויפּיסקעס"...

דאָס שענסטע איז געווען, אַז אויך דעם דאָזיקן בריוו האָט ער איר אָוועקגע־טראָגן פּערזענלעך און איבערגעגעבן אייגנהענטיק... וואָס ווייטער צווישן זיי איז געוואָרן ווייס איך נישט, ווייל מער איז ער צו מיר נישט געקומען וועגן דעם. אַפילו פאַרן לעצטן בריוו האָט ער מיר שוין אויך נישט געגעבן קיין צעטל אין „לאַראָק"... האָט צוגעזאָגט און געבליבן אַן „אָנזעצער"...

בין איך שוין געבליבן לחלוטין אָן זייטיקע פאַרדינסטן אין די דאָזיקע שווערע ווינטערדיקע טעג.

אָבער מסתמא האָב איך געהאַט זכות אבות און ס'איז געשען מיט מיר אַ נס (אַזוי פיל נסים שוין מיט מיר געשען אויף דער סאָוועטישער ערד...):

אין איינעם אַ לינדערן טאָג כאַפּ איך זיך אַריין אין אַ שכנישער רוסישער כאַטע. דאָרט האָבן געלעבט צוויי שוועסטער מיט אַן אַלטער מאַמען. די שוועסטער האָבן געמאַכט וואָליקעס און געהאַט אַ גוט לעבן דערפון. זיי האָב נישט געהונ־גערט, קיין ברויט האָט ביי זיי קיינמאָל נישט געפעלט. די אַלטע האָט יעדן טאָג געקאָכט טעפּ „לאַפּשאַ", צי „פּשענאָ" און אין די זונטיקס געמאַכט אַפילו „וואַ־רעניקעס". עס האָט זיי נאָך געקלעקט געלט אויף צו קויפן אַ מלבוש פאַר איטלעכער אין שטוב. קיין מאַנסביל איז אין שטוב נישט געווען. איין שוועסטער איז געווען אַן אלמנה, די אַנדערע — אַן עלטערע בתולה. פלעגן זיי אַרבעטן גאַנץ שווער ביי די וואָליקעס, אָבער גוט פאַרדינט. עטלעכע מאָל האָבן זיי מיך, ווי אַ „גוטן שכן", געבעטן איך זאָל פאַר זיי קויפן עפּעס אויף דער „סטאַנציע" צום אָנטאָן זיך — אַ טוך, אַן „אָטריעז" אויף אַ קלייד וכדומה און זיי פלעגן מיר נישט טאָן קיין עוולה פאַר מיין טרחה. איצט, אַז כ'בין צו זיי אַריינגעקומען, האָבן זיי מיך געבעטן איך זאָל פאַר זיי זוכן צו קויפן אַ פאָר הונדערט קילאָ ווייץ און דאָס גלייך פירן אין מיל אַריין און לאָזן מאַכן מעל. עס פעלט זיי אויס ברויט אויפן גאַנצן ווינטער. כ'האָב אַ נישטער געטאָן אויפן באַזאַר און פונקט געטראָפן אַ באַקאַנטן, אַ פּוילישן, וואָס אַרבעט אין אַ ווייטן קאָלכאָז, און פונקט זוכט ער אַ קונה אויף זיינע און זיין חברס „טרודאָדני" — 300 קילאָ ווייץ. ער האָט אַפילו דערויף געהאַט אַ צעטל פון קאָלכאָז. כשר ווייץ... כ'בין מיט אים מושווה געוואָרן און גלייך פאַרנומען זיך מיטן וואָגן צו דער מיל. עס האָט געדויערט דעם גאַנצן

טאָג ביז די „אָטשערעד" אין מיל איז דערגאַנגען צו אונדז. ערשט פאַרנאַכט זע־נען מיר פאַרפאָרן מיטן מעל צו מיינע שכנטעס. פון מיין פאַרמיטלונג זענען זיי געווען אין זיבעטן הימל...

און פון דער דאָזיקער „טראַנזאַקציע" האָב איך נאָכדעם געהאַט געלט אויף צו קויפן 15 קילאָ „פשענאָ" און 10 קילאָ קאַרטאָפל.

איז עס נישט געווען קיין נס?...

## 42

# ביי אַ כעלעמער פאַמיליע

נישט באַשערט געווען מיר צו זיצן לאַנג אויף אַן אָרט.

מ'האָט ווידער מאָביליזירט אויף אַרבעט די ביידע יונגע מאַנסביל פון מיין „אָבשטשעזשיטיע" — רענאַס מאַן און דעם שפּאָגל־נייעם גרוש. דאָס מאָל שוין נישט אויף געציילטע וואָכן, נאָר צו אַ סטאַבילער אַרבעט אין טשקאַלאָוו. דערי־בער איז שוין דאָס מאָל אויך רענאַ, די סענטימענטאַלע רענאַ, וואָס פלעגט שרייבן פוילישע לידער, אויך מיטגעפאָרן, כדי זיך איינצואָרדענען ווי עס איז בשכנות פון מאַן. די „אָבשטשעזשיטיע" איז דאַן ליקווידירט געוואָרן און איך האָב זיך געמוזט פון דאָרט תיכּף אַרויסציִען.

איז מיר געלונגען צו דינגען אַ ווינקל ביי אַ יידישן פּליט פון כעלם. ער מיט זיין פרוי און קינד האָבן געוווינט אין אַ קליינער קיביטקע, וואָס האָט גע־הערט צו אַ קאַזאַך. געווען דאָרט אַ רוסישע „גאַלאַנקע", און דאָרט אויף דער „גאַלאַנקע" איז געווען מיין מקום צום שלאָפן. ס'האָט זיך דאָרט באַקומען ווי אַ סעפּאַראַט אַלקערל.

דער כעלעמער — אויך אַ באַפרייטער פון אַ „פּאָסיאָלאָק" — האָט געלעבט גאָר נישט שלעכט, ווייל ער האָט געאַרבעט אין אַזאַ אינסטיטוציע, ווו מ'קאָן זיך „אַן עצה געבן"... דהיינו: אין אַ בעקעריי... אַ חוץ זיין נאָרמע ברויט, וואָס ער פלעגט באַקומען אויף זיינע „קאַרטאָטשקעס" — דאָס פלעגט ער קריגן אין ספּעציעלן בעקעריי־„לאַראָק" — פלעגט ער נאָך לערך איטלעכן צווייטן טאָג מיטברענגען אונטער דער פּאָלע פון זיין ברייטן אַלטן מיליטערישן שינעל אַ גאַנץ לעבעלע ברויט פון צוויי קילאָ... ער איז נישט געווען איינער אין דער בעקעריי, וואָס האָט עס געטאָן. אַזוי האָבן זיך נוהג געווען כמעט אַלע פון פּער־סאָנאַל. אַזוי האָבן זיך דאָך אויך נוהג געווען אַלע פּערסאָנאַלן פון אַלע סאָווע־

טישע אינסטיטוציעס, ווו עס איז נאָר מעגלעך געווען — אין אַק־בולאַק, ווי אין גאַנץ רוסלאַנד... וואָרום ווי האָט עס דען אַנדערש געקאָנט זיין?...

דער בעלעמער האָט שוין געהאַט פאַר די ברויטלעך זיינע אָפּנעמער. דער־מיט פלעגט זיך שוין פאַרנעמען זיין ווייב. דעריבער טאַקע האָט ער געפירט אַ בעסער לעבן. ביי דער דאָזיקער פאַמיליע אין שטוב האָט שוין גאָרנישט געפעלט. מ׳האָט געקאָכט מיטאָגן פון פלייש; מ׳האָט געגעסן אַלע טאָג אייער, פּוטער, מילך. וועגן ברויט איז דאָך נישט שייך. געווען דאָרט אין פאָדערהויז אַן אָפּגעצאַמט שפּיזשאַרניעלע, ווו עס זענען געשטאַנען פאַרגרייט אויפן ווינטער זעק פּראָ־דוקטן: מעל, היירזש, קאַרטאָפל, מערן, בוריקעס. די פּראָבלעם פון עסן האָט בכלל נישט עקזיסטירט אין דער דאָזיקער שטוב. ביי די זעלביקע בעלעמער בין איך, צוזאַמען מיט מיין פאַרטנער מ. דעם פאַרגאַנגענעם פסח געווען פאַרבעטן צו אַ סדר. ס׳איז נישט געווען קיין טראַדיציאָנעלער סדר — דער גאַסטגעבער און זיין פרוי זענען נישט געווען קיין רעליגיעזע מענטשן — אָבער אַ יום־טובדיקע וועטשערע איז יאָ געווען געגרייט. אַ וועטשערע גאָר אַ היימישע: מיט הערינג אָנ־שטאָט פיש, מיט פלייש, מיט לאָקשן און שאר ירקות... קיין מצה איז אויך נישט געווען — ווער וועט עס באַקן מצות אין אַק־בולאַק? אָבער די באַלעבאָסטע האָט עקסטראַ אויסגעבאַקט דינערע „לעפּיאָשקעס״, עס זאָל כאָטש דערמאָנען אַן „לחם הקלקל״...

ס׳הייסט: כ׳בין אַריינגעפאַלן צווישן היימישע פוילישע יידן.

געווען אָבער איין גרויסע צרה אין דאָזיקן הויז: די באַלעבאָסטע האָט גע־ליטן אויף קלעפּטאָמאַניע... מילא, אַז דער מאַן אירער שלעפּט ברויטלעך פון בעקעריי, איז עס אַ נאַטירלעכע זאַך אין רוסלאַנד: יעדער מוז זיך דאָך „אַן עצה געבן״ אָדער „איינאָרדענען זיך״... אָבער זי — וואָס איר האָט אין שטוב נישט געפעלט פון „פויגלמילך״ — זי האָט עס געקאָנט טאָן נאָר מחמת קלעפּטאָמאַניע... אַנדערש איז עס נישט צו פאַרשטיין.

בעת איך האָב זיך אַהין אַריינגעצויגן האָב איך מיינע מטלטלים איבערגע־טראָגן אין צוויי מאָל: פריִער די נעבעכדיקע פּראָדוקטן מיינע — די „פּשענאָ״ און דאָס ביסעלע קאַרטאָפל, און נאָכדעם דאָס הילצערנע גוזאַרער קעסטל. און בעת כ׳בין געקומען אַהין דאָס צווייטע מאָל מיטן קעסטל, האָב איך באַלד דערזען די בראָך: פון „פּשענאָ״ איז געבליבן אַ העלפט... ווי נאָר, הייסט עס, כ׳האָב איבער־געלאָזט די פּראָדוקטן און בין אַוועק נאָכן קעסטל, האָט זי זיך שוין נישט גע־קאָנט איינהאַלטן און תיכף „באַאַרבעט״ מיין זעקל... כ׳בין געווען געפּלעפט. כ׳האָב עס אין פלוג נישט געקאָנט משיג זיין: ווי טוט עס אָפּ אַ פרוי אַזאַ עובדה?

און ווער ביי ווערען? ביי „אַ קבצן אין זיבן פּאַלעס״?... אָבער דער תירוץ איז: קלעפּטאָמאַניע... אַ וויסטע חולאת...

ווען איך וואָלט געהאַט אין דער רגע אַן אַנדער אָרט, וווהין אַריבערצוגיין, וואָלט איך תיכף אַ נעם געטאָן מיינע מטלטלים און וואָלט אַוועק פון דאָרטן אַן אַ גוטן טאָג. אָבער וווהין? האָב איך געמוזט פאַרבייסן די ליפּן און מאַכן אַ שוויג. איך האָב נאָך געמוזט שפּילן די ראָלע פון אַ תם, פון אַ למך, וואָס כאַפּט זיך גאָרנישט אויף איר שפּיצל...

טרעפּט: מ׳זיצט אַמאָל ביים טישל צוזאַמען. דער מאַן פלעגט ליב האָבן צו ריידן מיט מיר וועגן „הויכע מאַטעריעס״. ער האָט אַפילו אַמאָל געהערט צו אַ סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. ער איז געווען טאַקע אַ ביסל אַן אַנגעלייענ־טער אויך. און בעת מיר ריידן אַזוי, טוישן זיך מיט מיינונגען, קוקט זיך די פרוי צו, הערט זיך איין מיט אַזאַ אומשולדיק פּנימל. זי וויזט מיר נאָך אַרויס גאַסט־פריינטשאַפט און איז מיך מכבד מיט אַ „קרוזשקע״ טיי מיט צוקער. אויך קיין צוקער פעלט נישט אין דער דאָזיקער שטוב. יאָ, מיט צוקער... וואָס דאָס פלעג איך זעלטן אָנזען פאַר מיינע אויגן.

וואַרף איך צו איר בליקן, באַטראַכט זי, באַדויער זי: אַ קראַנקע נעבעך... קלעפּטאָמאַניע... אויף דער דאָזיקער מחלה ליידן דאָך אַמאָל אַפילו גבירישע ווייבער, וועלכע גנבענען ערב שבת פיש פון מאַרק... עס טרעפט... און בעת־מעשה דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, וואָס האָט פּאַסירט אויף אַ וואַרשעווער באַזאַר: איינע אַ גבירנטע — מיט אָט דער מחלה — האָט געקויפט פיש אויף שבת; אָבער אַ חוץ דעם קאַרפּ, וואָס זי האָט געקויפט, האָט זי פלינק אַ שלעפּ געטאָן אַ העכטל און אַריינגעוואָרפן צו זיך אין קוישל. די פישערקע האָט עס באַמערקט און זי האָט אָן איבעריקע מחזוקות אַרויסגעריסן פון איר דאָס קוישל, אַרויסגעצויגן פון דאָרט דאָס געגנבטע העכטל און מיטן זעלבן העכטל האָט זי אויסגעפּליאַסקעט דער גבירנטעס צורה...

זע איך קלאָר יענע סצענע פאַר די אויגן, קוקנדיק אויפן כעלעמער ווייבל. דוכט זיך מיר אויס, אַז דאָס פּאַטשט מען עס איר פּנימל... איך קאָן מיך דערביי נישט באַהערשן פון אַ שמייכל. אָבער קיינער, נישט דער מאַן, נישט אפשר דאָס ווייבל שטויסן זיך עפּעס אָן... ריידן מיר ווייטער, שמועסן מיר ביים טיי טרינקען.

איר קראַנקייט פלעגט אַמאָל דערגיין ביז קאָמישקייט:

איינמאָל, למשל, האָב איך געהאַט אַ יומא דפגרא: ס׳איז מיר אַריינגעפאַלן אַ ביסל געלט און כ׳האָב נאָכגעגעבן דעם יצר־הרע און געקויפט אויפן באַזאַר אַ פעט שטיקל פלייש. יום־טוב איז יום־טוב!... די באַלעבאָסטע האָט געמאַכט פּלאַץ אויף דער פּליטע אויך פאַר מיין „קאָטיאָלאָק״. מיין „קאָטיאָלאָק״ איז דאָך

דאָס מאָל געווען פון גרויס „יחוס": ער האָט געהאַט אין זיך אי „פשענאָ", אי קאַרטאָפל, אי פלייש! דאָס ערשטע מאָל זינט ער איז אַ „קאַטיאַלאָק" ביי מיר... אַ קייזערלעכער מיטאָג וועט עס זיין!... האָב איך דאָס קעסעלע מײַנס זאָרגעוודיק אָפּגעהיט, אָפּגעשוימט און אָט איז עס שוין פאַרטיק. דאָס פלייש איז שוין אויך ווייך. כ׳פאַרזוך אַ לעפל זופּ — פעט! מעדנים! כ׳האָב עס אָפּגערוקט פון פייער. האָב זיך געגרייט צו מיין מיטאָג.

פלוצלונג פאַלט איין מיין באַלעבאָסטע מיך צו בעטן:

— איך האָב צו אייך אַ בקשה. זייט אַזוי גוט, רופט אַריין מיין מאַן. ער איז אַריינגעגאַנגען דאָ צום שכן איינמאָנען פאַר ברויט. ער האָט זיך דאָרטן אַוודאי פאַררעדט. זאָגט אים, אַז דער מיטאָג וואַרט שוין אויף אים. איך מוז דאָ אָפּהיטן דאָס טעפל...

כ׳האָב זיך נישט געכאַפּט צוליב וואָס זי איז מיך מטריח. כ׳בין אַרויסגעגאַנגען דערפילן איר בקשה. דעם מאַן אירן האָב איך נישט געטראָפן ביים שכן. ער איז דאָרט גאָרנישט געווען.

אַז כ׳בין צוריקגעקומען און געכאַפּט אַ בליק צו מיין „קאַטיאַלאָק", האָב איך דערזען אַ „חורבן": אַ דריטל פון דער זופּ, מיטן גאַנצן פעטס פון אויבן, האָט שוין געפעלט...

קלאָר, אַז דאָס איז געווען איר מלאכה. דאָס האָט זי מיך מיט אַ כיוון אַרויסגעשיקט פון שטוב, מיט אַן אויסרייד, כדי צו קאָנען אַדורכפירן אין דער גיך דעם „טראַנספער" פון מיין נעבעכדיקן קעסעלע אין איר גרויסן טאָפּ אַריין...

אַפילו אַ ביסל פעטע זופּ איז ביי איר אויך געווען אַ קרן... אַז מען שמועסט אַ מחלה אַזאַ...

איז אָט אין דער דאָזיקער קיביטקע געווען מיין נייע דירה. וואָרעם אויף דער „גאַלאַנקע" איז יאָ געווען. געווען דאָ אַ קליין קינד אין שטוב, האָבן שוין די באַלעבאַטים געזאָרגט, עס זאָל זיין מיט וואָס צו הייצן. דער רובל האָט זיי דען געפעלט?... צווישן יידן בין איך אויך געווען, — איז מילא, איז מיט אַ שטיקל „חסרון"... ווו איז דען דאָ פאַראַן אַ דירה מיט אַלע מעלות?... האָב איך מיט אַלע קאָמבינאַציעס אָפּגעהיט מיין ביסל פּראָדוקטן פון דער באַלעבאָסטעס „עין-הרע"... געמאַכט סימנים, פאַרבונדן די טאָרבעלעך מיט אַ סך קניפּלעך, עס זאָל איר נישט אָנקומען אַזוי לייכט. זאָל זי אַגב זען, אַז איך היט זיך פאַר איר...

ערגער איז געווען, בעת עס איז מיר אויסגעגאַנגען דאָס אָרעמע ביסל פּראָדוקטן: בעת איך האָב שוין נישט געהאַט וואָס אָפּצוהיטן... נישט געהאַט שוין וואָס אָפּצוקאָכן און פלעג צושטעלן בלויז אַ קעסעלע אויף „קיפּיאַטאָק". די 400 גראַם ברויט, וואָס איך פלעג קריגן אויף דער „קאַרטאָטשקע", האָבן דאָך גע־

קלעקט קוים אויף איין אָרעמען מאַלצייט — ווען דער מאַלצייט באַשטייט נאָר פֿון ברויט מיט „קיפּיאַטאָק“. דערצו איז מיר נאָך נויטיק געווען צוצוקויפֿן וואָרעמע זאַכן: אַ סוועטער, וואַרעמע אונטערוועש וכדומה. קיין הילף איז נאָך נישט געקומען פֿון קיינעם. די פּוילישע דעלעגאַטור איז דאָך שוין לאַנג געשלאָסן. דער שאַרפֿער ווינטער, די פֿרעסט און אָפּטע בוראַנען מאַכן מיר אוממעגלעך צו באַוועגן זיך, צו גיין אויף דער „סטאַנציע“, אויפֿן באַזאַר, כדי צו זוכן נעבן־פּרנסה. גיין צו עפּעס אַ היימישער אַרבעט ביי די „קאַזייקעס“ איז אויך נישט מעגלעך. אַז יעדער אַרבעט איז דאָך אין דרויסן, אויף דער קעלט — צי האָלץ האַקן, אָדער רוימען דעם שניי וכדומה. דאָס בעסטע איז צו איינקויפֿן עפּעס פּאָר מיינע שכנטעס, די שוועסטערלעך, וואָס מאַכן וואַליקעס... אָבער די פֿרעסט! די פֿרעסט!

האָב איך פּשוט געהונגערט. זעגען אַוועק אַ לאַנגע סעריע הונגער־טעג... כ'האָב פּאָר קיינעם נישט גערעדט. קיינעם נישט דערציילט. פֿלעג איך אָפּליגן גאַנצענע טעג הינטער דעם פּיעקעליק, אויף דער „גאַלאַנקע“ — אין מיין ווינקל ביי די כעלעמער — און בין ממש אויסגעצערט געוואָרן.

***

אין אָט אַזעלכע שטימונגען שרייב איך איין נאַכט אין „סבערקאַססאָ“ אַ בריוו צו משה בראָדערזאָנען. אַ לאַנגע טרויעריקע מגילה, אין וועלכער איך גיס אויס מיין האַרץ.

אויף אָט דעם בריוו באַקום איך אין גיכן אַן ענטפֿער — אויך אַ היפּשער בויגן פּאַפּיר איינגעלייגט אין אַ דרייעק.

בראָדערזאָן שרייבט מיר:

...„אַז איך האָב נעכטן באַקומען אייער בריוו, האָב איך, לייענענדיק אים דריי מאָל — דריי מאָל געוויינט. איך בין בכלל געוואָרן אַ בעל־בכי, כאָטש דעם בטחון און דעם גלויבן אין נסים האָב איך נאָך נישט אינגאַנצן פֿאַרלוירן. מיר קערט איבער די גאַל פֿון דעם שטייגער גבורה און אָפּטימיזם פֿון דער אַלטער איבערפּראָסטיטואירטער, אויף דורך און דורך פֿאַרפּוילטער, ייִדישער אָפּערעטן־פּרימאַדאָנע אין הויזן — צו אַלדע שוואַרצע יאָר (איך מיין נישט די אמתע קינסט־לערין קלאַראַ יאַנג), וואָס מאַכט זיך לב און זינגט ממזריש מיט אַ ליידנשאַפֿט־שלוקערצל: „מאַטיע, מאַך עס נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל, אוי, נאָך אַמאָל“... דאָס האָט אַמאָל געטויגט אויף קלאָג, און איצט — אַוודאי און אַוודאי!

„איז קעגן וואָס זאָג איך אייך עס? איך זאָג עס טאַקע קעגן דעם, וואָס עס איז אונדז אַלע זייער נישט גוט. און עס געפֿינען זיך דאָך אין דעם ייִדישן שבט מענטשן, וואָס מאַכן די פֿוילע הינטישע שטיק. ס'איז אָבער דאָ אַ חילוק: די

## אויף שליאַכן פון הפקר

אַלטע פרימאַדאָנעס האָבן געגלויבט אין זייער עברי, און די, ימח שמם וזכרם, דרייען גלאַט אַ ספּאָדעק (איידל גערעדט).״

„דער קאָמיקער פּאָליאַקאָוו — איר געדענקט אים אַוודאי — האָט געהאַט אַ געוווינהייט צו פרעגן ביי מענטשן: — ווי גייט עס זיי אין זייער לעבנס־לעגענדע...

„אַלזוי, וואָס שייך מיין „לעבנס־לעגענדע״, גייט עס מיר ווי יעדן צדיק אויף אונדזער זינדיקער וועלט: איך אַרבעט אַלס „קוסאָק בוכגאַלטעראַ״ אויף דער היגער פּאָסט. פאַרדין ביי די 300 קאַרבוינים ריינע אַ חודש (ביי אַ 400 פּאַרדינט מיין פרוי אַלס „מוזיקאַלני ראַבאָטניק״ אין די היגע קינדער־גערטנער) און פון דעם איז מען זיך מכלכל דעם חיים, האָבנדיק אַזוי־צוזאָגן פּרנסה ביזן מויל. אָנקוקנדיק אונדז, וואָלטן נעבעך אונדזערע שיפער און ווייכערט געזאָגט, אַז מיר שפּילן אַלט יידיש טעאַטער, ס׳הייסט קאָמעדיע־דעל־אַרטע, אָדער פּראָסט פּשוט: פּורים־שפּיל. איז ווי לאַנג דער שטייגער צו פייערן תשעה־באב און פּורים?! דאָס געדולד לאָזט זיך אויס!

„מאַכט רש״י: — זינדיקט נישט! עס האָט דאָך געקאָנט זיין נאָך ערגער — והא ראיה... טאָ וואָס זשע רעדט איר? און צו וועמען האָט איר טענות?! און רש״י איז גערעכט! רש״י איז תמיד גערעכט, וואָרום ער איז — אונדז געזאָגט — אַ קלוגער ייִד, אַ חכם עתיק!

„און איצט קומט מיר אויפן זינען, ווי איך האָב זיך מיט אייך באַקענט (דערמאָנט זיך!) אין גראָדנע, ביינאַכט אין רעדאַקציע, און דער זמן איז געווען פּונקט ערב סוף מלחמה. (1918 — א. ז.). טאָ אפשר האַלט עס איצטער ווידער אויך אַזוי און מיר האָבן זיך אויפסניי שריפטלעך צוזאַמענגעטראָפן און מיר וועלן זיך אי״ה בקרוב זען, אויב אַפילו נישט אינגאַנצן אין אַ גוטן מעמד, טאָ אַלענפאַלס — אין אַ בעסערן, און מיר וועלן זיך צעקושן און מאַכן שהחיינו מיט נאָך אַ סך נאָענטע און פריינט.

„לכתחילה, פאַר דער צייט פון דער מלחמה, האָב איך אַ סך געשריבן. איצט — איבער אַ האַלב יאָר — גאָרנישט. ווייל איך בין דאָך געוואָרן אַ בעל־חשבון. און איר?

„מיין פרוי לאָזט אייך גריסן גאָר האַרציק.

אייער בראָדערזאָן״.

צושריפט: „וועגן פּערלען האָב איך גאָרנישט געהערט. קאַציזנע זאָל שוין זיין ע״ה״...

ווי איך זע, איז אויך בראַדערזאָן אויף געהאַקטע צרות. ער פּאָלגט נאָר רש״י און מאַכט אַ שוויג... פּייניקט זיך און וואַרט אויפן גליקלעכן טאָג, ווען מ׳וועט קאָנען מאַכן: „שהחיינו״...

וועמער זוייס? ווער ווייס אָבער וואָס דער גורל פּאַרגרייט פאַר אונדז? — — —

אין די זעלבע טעג נאָך אַ בריוו פון א. צפנת, פון פּערגאַנאַ. ער שרייבט אין פעליעטאָניסטישן סטיל צ״אַ:

„ווי איך זע, האַלט ביי אונדז אָן אַ מין שטילע קאָנקורענץ אין די בריוו: אָני לדודי ודודי לי — מיר טרייסטן אייך און איר טרייסט אונדז. דאָס איז אַ באַוויז, אַז מיר זענען אַלע קראַנק אויף איינער און דערזעלבער קרענק און ס׳איז שוין די העכסטע צייט, אַז מיר זאָלן געהאָלפן ווערן״.

„מכוח דעם, ווי אַזוי אַריבערפּעקלען אייך צו אונדז, האָבן מיר זיך באַ־שטימט מיט לענעמאַגען אויף אַ ספּעציעלן „סוד חכמים ונבונים״. אויב ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין אַרויסצושיקן אייך אַ „וויזאָווו״, וועלן מיר עס טאָן מיט גרויס פאַרגעניגן. ס׳וואָלט גאַרנישט געשאַדט, ווען איר קומט אַראָפּ צו אונדז מיט אייער נייעם פּאַק לידער און ס׳וואָלט זיך געבילדעט ביי אונדז אַ חוט המשולש: ווען מיר זענען אַלע דריי צוזאַמען אין פּערגאַנאַ, וואָלטן זיך פאַר אונדז געעפנט נייע מעגלעכקייטן: צוויי זשורנאַליסטן וואָלטן צו יעדער מינוט געקענט באַ־ריידן דעם דריטן״...

...„מיר האָבן דאָ מיט אַ צייט צוריק באַקומען אַ ידיעה, אַז מ. קיטאַי, פּנחס קאַץ און ב. מאַרק זענען געשטאָרבן. ב. מאַרק האָט, זעט אויס, די דאָזיקע ידיעה נישט גענומען ערנסט. והא ראיה: אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן באַווייזן זיינע אַרטיקלען אין דער „איינזקייט״. מיט איבער צוויי יאָר צוריק האָט מען שוין אויך מיך מספּיד געווען און איך דאַרף אייך זאָגן, אַז שטאַרבן „אויף צומכלומרשט״ איז אויך נישט פון די אָנגענעמע זאַכן. איך בין שוין געווען אויפן שוועל פון „יענער וועלט״ און זיך אין די לעצטע מינוטן צור־ריקגעצויגן: מוחל! לאָמיר פריִער זען היטלערס מפּלה״.

***

אין דער זעלבער צייט פּאַסירט מיט מיר אַן אויסטערלישער פּאַל, וואָס שאַפט מיר אַ נייע פאַרבינדונג מיט אַ פּען־מענטש.

אין איינעם אַ לינדערן טאָג דריי איך זיך אום אויף דער סטאַנציע. עס שטייט אַן עשאַלאָן. פאַרן עשאַלאָן — אַ יונגער עולם. כ׳ווער באַלד געוואָר, אַז דאָס זענען סטודענטן; אַז דער צוג פאָרט עס פון פּערגאַנאַ; אַז דאָס פירט ער איצטער צוריק פון דאָרט דעם עוואַקויִרטן מאָסקווער מעד־אינסטיטוט. צווישן

די פיל נישט־ייִדישע פּנימער באַמערק איך אויך אַ ייִדיש מיידל. אַ שוואַרץ־האַריקע, אַ ייִדיש־באַחנטע. כ׳גיי צו איר גלייך צו און פרעג זי:

— זייט מוחל, איר פאַרט דאָך פון פערגאַנא. אפשר האָט איר דאָרט צופעליק געטראָפן, אפשר קענט איר די עטלעכע ייִדישע שרייבער פון פוילן?... צפנת, לענעמאַן... געהערט לעצטנס, אַז דאָרט איז אויך פאַראַן רחל קאָרן.

— יאָ, איך קען זיי און האָב זיי אַלעמען געזען... רחל קאָרן קען איך אַפילו זייער גוט — זי איז מיין מוטער...

אַזאַ צוזאַמענטראַף! ווי איבערראַשט איך בין געוואָרן.

איך האָב איר געזאָגט ווער איך בין און מיר האָבן ביידע באַוווּנדערט דעם צופאַל. כ׳האָב שוין מיט איר געשמועסט ביז אָפּגיין פון צוג. האָב אגב גענומען ביי איר איר מאַמעס אַדרעס און נאָך דעם זעלבן טאָג געשריבן צו רחל קאָרן. כ׳האָב איר, פאַרשטייט זיך, איבערגעגעבן בילדלעך דעם אויסטערלישן טראַף.

אויך רחל קאָרן אין פערגאַנא איז געווען נישט ווייניקער איבערראַשט פון דעם צופאַל און האָט מיר תיכף געענטפערט.

זי האָט צ״אַ געשריבן אין ערשטן בריוו צו מיר:

„אָט צו די אַלע ווונדערלעכע, קינאָאַרטיקע טרעפונגען, וואָס נאָר אַזאַ ווילדע, משוגענע צייט קאָן צייטיקן, געהערט אויך אייער באַקענען זיך דורך מיין טאָכטער מיט מיין אַדרעס. איך האָב זיך זייער שטאַרק דערפרייט מיט אייער בריוו. מען לעבט דאָ אַזוי אָפּגעזונדערט, אַזוי פאַרפרעמדט, אַז דער בריוו פון אַ מענטש פון „דאָרטן״ גיט אַ הויך מיט היים.

„פון אייער בריוו פילט זיך, אַז אויך אייער לאַגע איז כמעט ווי מיינע. אַ שאָד, וואָס איר ווינט נישט אַ ביסל נענטער. פון אונדזערע מענטשן איז דאָ בלויז צפנת. איך טרעף זיך מיט אים, אָבער נישט זייער אָפט. איך ווין אַ ביסל וויט־לעך פון צענטער און יעדער פון אונדז איז אַזוי פאַרנומען מיט אייגענע צרות, אַז עס בלייבט איבער ווייניק צייט. חוצדעם האָב איך צפנתן פריִער נישט געקענט און — דיכטער זענען אַזאַ פאָלק, אַז זיי האָבן ליב כאָטש אַ שמועס טאָן מיט אַ דיכטער וועגן דיכטונג, בפרט מען שרייבט אַזוי ווייניק, ווי איך די לעצטע צייט.

„איר האָט אגב געבעטן מלך ראַוויטשעס אַדרעס. אָט איז ער: .......

„מיין טאָכטער ראָט מיר איבערצופאָרן קיין מאָסקווע, נאָר אַזוי ווי איך בין בוכשטעבלעך נאַקעט און באָרוועס, האָב איך פּשוט מורא זיך צו רירן פון אָרט. איך וואָלט אַלץ לייכטער אַריבערגעטראָגן, ווען נישט די שווידערלעכע ידיעות פון דער היים, ווו היטלערס מחנה באַלעבאַטעוועט אַזוי רוצחיש. נאָך יעדן נומער „אייניקייט״, ווו עס ווערן אָנגעגעבן די איינצלהייטן פון זיינע שרעק־לעכע מעשים, גיי איך אַרום אַ לאַנגע צייט ווי געפּלעפּט. דעמאָלט וואָלט איך

וועלן, אַז מיר פֿערזענלעך זאָל זיין נאָך ערגער, כ'זאָל פֿילן אי דעם הונגער, אי די קעלט אַזוי שטאַרק, אַז כ'זאָל מיט יעדן געדאַנק זיין צוגעפּעסטיקט צו דער טאָג־טעגלעכקייט, כדי נישט צו מוזן קלערן וועגן „יענעם"...

ווי אַ „דערגאַנצונג" צו רחל קאָרנס בריוו איז צו מיר אָריינגעפֿאַלן אַ נומער „איינִיקייט", ווו עס ווערט געבראַכט אַ ידיעה מיט אַ „סך־הכל", אַז די דייטשן האָבן שוין ביז איצט אומגעבראַכט צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן פּוילישע ייִדן...

ווי טראָגט מען איבער אַזאַ קאָשמאַר? — — — — — —

נאָך רחל קאָרנס בריוו האָב איך נאָך מער דערשפּירט די ביטערקייט פֿון זיין אָן אַ שטיקל היימישער שרייבערישער סביבה. ווען איך באַקום אַ צינד פֿון פֿערגאַנא אַ „וויזאַוו", וואָלט איך זיכער זיך אַהין אַריבערגעפּעקלט. אגב איז דאָך דאָרטן אויף דרום אַ סך, אַ סך וואַרעמער. אַ גליק ממש פֿאַר נאַקעטע און באָר־וועסע... כ'וואָלט זיך מיט אַ גרינג געמיט געזעגנט מיט מיין „סבעקאַססאַ" און מיט מיין כעלעמער באַלעבאַסטע — די קלעפּטאָמאַנקע...

## 43

## די אויסגעשטרעקטע האַנט

וואָס טיפֿער אין שווערן ווינטער אַריין, אַלץ שאַרפֿער איז געוואָרן מיין נויט. הונגער און קעלט — דאָס דאָזיקע גרויזאַמע פּאָרל — זענען געוואָרן מיינע לייבלעכע ברידער. יעדן טאָג האָב איך זיי געפֿילט ווי אַן אומפּאַרמיידלעכקייט פֿון גורל.

אין יענע טעג האָט צו מיר זיך געקלעפּט איינער אַ לאָדזשער פּליט, אַ ייִד אין די מיטעלע יאָרן מיטן אויסזען פֿון אַ גייער. אַ בעסערער וואַגאַבונד, אין שטיוול און אין אַן אַלטן שטאַרק־אָפּגעניצטן שינעל. ברעגמאַן האָט ער געהייסן. ער איז געווען אַ גלויביקער ייִד, אַ מזרחיסט פֿון דער היים. פֿון דער היים — ווייל דאָ אויף דער סאָוועטישער ערד מאַכט מען דאָך נישט קיין „געברויך" פֿון אידעאַלן און איבערצייגונגען... מען האַלט עס נאָר פֿאַרבאָרגן אין די טיפֿענישן פֿון דער נשמה... דער דאָזיקער איש מאמין האָט ביי יעדער צווייטער פֿראַזע דערמאָנט גאָט. ברעגמאַן איז אויך געווען מיינער אַ קאָלעגע „פּאָ פּאָכו" (לויט באַשעפֿטיקונג) — אויך אַן „אָכראַנניק" אין אַן אינסטיטוציע און ער איז אויך געווען אויף די זעלבע צרות וואָס איך.

דער דאָזיקער ברעגמאַן האָט מיך תמיד געהאַלטן אין איין טרייסטן:

— מען טאָר נישט פאַרצווייפלען. מען קאָן נישט וויסן גאָטס וועגן. די ישועה קאָן קומען אומגעריכט.

— וועלכע ישועה! — רייסט זיך אַרויס ביי מיר, — וועט גאָט מחיה מתים זיין אונדזערע געשאָכטענע מאַמעס און שוועסטער? אונדזערע פרויען און קינדער?...

— איר מיינט טאַקע באמת, אַז אַלע אין פוילן זענען אויסגעשאָכטן?...

— און איר מיינט דען אַנדערש?

מיינע רייד האָבן אים שטיל געמאַכט. ער האָט נאָר ווי פאַר זיך אַליין גע־זיפצט: „גאָט, גאָטעניו"...

אין איינעם פון די דאַזיקע ווינטער־טעג האָט מיך ברעגמאַן באַגלייט אויף פּאָסט. כ'נעם אָפּ אַ קורץ בריוול פון טעהעראַן. דאָס איז אַ תשובה פון ייִדישן הילפס־קאָמיטעט פאַר פליטים פון פוילן ביי דער ייִדישער אַגענץ פאַר א"י, אָפּטייל אין טעהעראַן. שוין חדשים ווי איך האָב זיך געווענדט אַהין און האָב שוין אַפילו פאַרגעסן וועגן דעם. דער קאָנווערט איז פאַרזען מיט שטעמפּלען אין רוסיש און ענגליש: „עקזאַמענירט דורך דער סאָוועטיש־ענגליש־פּערסישער צענ־זור". אַ חוץ דעם אַ שטעמפּל פון דער סאָוועטישער מיליטערישער צענזור; אַ שטעמפּל פון אַ מאָסקווער פּאָסט. איז אַ חידוש, וואָס דער בריוו האָט זיך אַזוי לאַנג געשלעפּט?

אין דער קורצער תשובה שרייבט מען מיר, אַז ווי נאָר זיי האָבן באַקומען מיין בריוו האָבן זיי, אויף מיין בקשה, תיכף טעלעגראַפירט וועגן מיר קיין ניו־יאָרק, צו מיין אָנגעוויזענעם פריינט, און אַז זיי שיקן מיר אַרויס בקרוב אַ פּעקל. „דערווייל גריסן מיר אייך" — ענדיקט זיך דאָס בריוול, וואָס איז אונטערגע־שריבן פון ד"ר מ. ישי.

איך ווייז דאָס בריוול ברעגמאַנען.

— זעט איר! — טריאומפירט ער. — איך האָב אייך געזאָגט: „מען טאָר נישט פאַרצווייפלען"...

איך האָב באמת דערפילט אינעם בריוול — אַ טרייסט! אַן אויסגעשטרעקטע האַנט פון דער ווייט... עס האָט זיך מיר שוין לייכטער געהונגערט; לייכטער איבערגעטראָגן די קעלט... אָט־אָט — און איך ווער דאָך געהאָלפן... כ'פלעג אַלע טאָג גיין אויף דער פּאָסט פרעגן אינעם פענצטערל ביי דעם בלאָנדן שמייכל־דיקן מיידל:

— יעסט' פּאָסילאָטשקאָ? (פאַראַן אַ פּעקעלע פאַר מיר?).

— ניעטו... (נישטאָ...).

דערווייל בין איך געגאַנגען „פּרוּון גליק" ערגעץ אַנדערש: כ'בין געוואָר געוואָרן, אַז אין שפּיטאָל פאַר קריגס־געפאַנגענע איז בויטיק אַן עלטסטער פאַר

דער פּייערלעשער־וואַך. ס׳איז דאָך שוין געווען די צייט, בעת די דייטשישע האָרדעס זענען געשלאָגן געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אויף אַלע רוסישע פראָנטן, און אויך קיין אַק־בולאַק האָט מען אָנגעפירט אַ היפּשע צאָל פּאַרוווּנדעטע. דאָס זענען אייגנטלעך נישט געווען קיין דייטשן, נאָר רומענער און מאַדיאַרן פון די דייטשישע אַרבעטס־באַטאַליאָנען. אַ סך פון זיי זענען צעשטאַרבן אויפן לאַנגן וועג, אין די עשאַלאָנען, און מ׳האָט זיי פּשוט אַרויסגעוואָרפן פון די פּי־וואַגאָנעס, אָדער אין דער גיך פאַרגראָבן אין שניי. פאַר די, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן דעם וועג ביז דאַנען, האָט מען אויסגעליידיקט איין שפּיטאָל און זיי אָפּגעזונדערט לאָקירט. די שמירה האָט דאָרט איבערגענומען די מיליטערישע מאַכט. בלויז די פּייערלעשער־וואַך איז געווען אַ ציווילע, און פאַר דער דאָזיקער וואַך איז עס נויטיק אַן עלטסטער.

פון „מעד־פּערסאָנאַל״ פון שפּיטאָל איז מען געוואָר געוואָרן אויסטערלישע זאַכן ווי אַזוי מען קעכלט און מען פלעגט דאָרט די קראַנקע. עס האָבן אַלע געדריקט מיט די אַקסלען און זיך געחידושט: בעת אין שטאָט פעלט אויס שוואַרץ־ברויט אויף די „קאַרטאָטשקעס״, קאָרמעט מען די געפאַנגענע אין שפּיטאָל מיט ווייסע בולקעלעך... מיט קאָטלעטן...

אָבער אין עצם איז נישט געווען וואָס זיך צו חידושן. אַ קלאָרע זאַך: לשם פּראָפּאַגאַנדע טוט מען אַלץ. איז קיין זאַך נישט אוממעגלעך. דאָס זענען דאָך אויסלענדער... וויל מען זיי ווייזן ווי גוט דאָ איז... און ביסלעכווייז וועט מען זיי אויך „איבערדערציִען״...

כ׳האָב זיך געמאָלדן אין קאַנצעליאַריע פון שפּיטאָל. האָט מען מיך אָפּגעשיקט צום נאַטשאַלניק — אַ מיליטערמאַן, אַן עלטערער אָפיציר. ער האָט מיך אויסגעהערט, אויסגעפרעגט און געהייסן ברענגען — ווי דער שטייגער דאָ אומעטום — אַ „זאַיאַווּלעניע״ מיט אַן „אַווטאָביאָגראַפיע״. כ׳האָב עס טאַקע באַלד צומאָרגנס געבראַכט.

דער נאַטשאַלניק לייענט אַלץ אויפמערקזאַם. אין מיטן טוט ער מיר אַ זאָג:

— איר ווייסט? טאָמער געשעט עפּעס אין שפּיטאָל, זענט איר פאַראַנטוואָרטלעך מיטן קאָפּ...

דערביי האָט ער בילדלעך אַ פיר געטאָן מיט דער האַנט איבער זיין האַלדז: „כיק!״...

איך האָב צוגעשוויגן. צי קריך איך נישט מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט?...

— לאַדנאָ! — שאָקלט ער מיטן קאָפּ אויף יאָ. — פון מיין זייט, פּאַזשאַ־

לויסטאַ, איך האָב נישט דאַקעגן. עס מוז אָבער באַשטעטיקט ווערן דורך דער „נ.ק.וו.ד.״.

דערהערט דאָס וואָרט „נ.ק.וו.ד.״, איז מיר געוואָרן תיכף קאַלעמוטנע. ווען איך קאָן, וואָלט איך זיך תיכף צוריקגעצויגן פון גאַנצן עסק. נאָר דאָס פעלט מיר: אָנצוהויבן זיך מיט די „פיר אותיות״... אָבער דער נאַטשאַלניק האָט שוין מיינע פּאַפּירן אַריינגעלייגט צו זיך אין שופלאָד און מיר געהייסן קומען אין אַ וואָך אַרום.

בין איך דערוויייל ווייטער געגאַנגען אויף מיינע „משמורים״ אין דער „סבער־קאַססאַ״, און אַז מיין נייער באַקאַנטער, ברעגמאַן דער „מזרחיסט״ — אַ יודע ספר געוועזן — פלעגט מיך טרעפן, פלעגט ער אַ פרעג טאָן אין שפּאַס:

— שומר מה מליל?...

— אמר שומר אתא בוקר וגם לילה... — פלעג איך אים ענטפערן אין זעלבן טאָן.

— נישקשה, — טרייסט ער מיך, — אייער „פּאַסילקעלע״ פון טעהעראַן איז שוין אין וועג...

און כ׳האָב זיך טאַקע דערוואַרט.

עס האָט צו מיר דערגרייכט די אויסגעשטרעקטע האַנט פון טעהעראַן. די אויסגעשטרעקטע האַנט מיט הילף פון ברידער־יידן אין אויסלאַנד.

איין טאָג גיי איך אויף פּאָסט און די בלאָנדע שיקסע שמייכלט מיר שוין דורכן פענצטערל:

— יעסט׳ פּאַסילאַטשקאַ...

מ׳גיט מיר איבער די פאַקטורע צוזאַמען מיטן פעקל — נאָכן עפענען אין מיין קעגנוואַרט, צי דער אינהאַלט שטימט מיט דער פאַקטורע. עס שטימט גענוי: צוויי קילאָ טיי אין פיר פּאַקונגען, עלף גרויסע שטיקער זייף און איין גרויסע פּושקע מיט איבערגעפרעגלטער פּוטער.

די פּוטער מיט איין שטיק זייף האָב איך געלאָזט פאַר זיך און דעם גאַנצן טיי מיט די 10 שטיקער זייף האָב איך פאַרקויפט פראַנק און פריי אויפן באַזאַר. ווייל לויטן סאָוועטישן געזעץ מעג מען דאָך אייגענע זאַכן יאָ פאַרקויפן. האָב איך געהאַלטן אין טאַש די פאַקטורע פון פעקל ווי אַ באַשטעטיקונג, אַז דאָס איז נישט קיין געקויפטע סחורה צום האַנדלען. און פאַר אייגענע סחורה אָדער פּראָדוקטן מעג מען אויך נעמען וויפל מען וויל — נישטאָ קיין פרייזן!

אין משך פון איין טאָג האָב איך אויפן באַזאַר אַלצדינג פאַרקויפט. די קאָ־זאַכן האָבן דעם טיי געכאַפּט ווי אַ מציאה גדולה: איין קלייניקייט, טיי אַזש פון

פּערסיע! און זייף — זייף האָט „געברענט״... מ׳האָט זיך גאַרנישט געדונגען. אַזעלכע גרויסע שטיקער אויסלענדישע ריינע, העלע זייף.

אין סך־הכל: דאָס פּעקעלע האָט מיר געבראַכט 4.000 רובל! דערצו נאָך איבערגעלאָזט פאַר זיך אַליין זייף און — דער עיקר — פּוטער. צום עסן מיט ברויט און צו די זופּקעס. ווי אויסגעהונגערט עס איז שוין דער אָרגאַניזם נאָך אַ ביסל פעטס.

אין דאָזיקן טאָג בין איך ממש געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. אין איין טאָג אַזאַ ראַשע ענדערונג! איך האָב מיר שוין געקאָנט דערלויבן צו קויפן אַ וואַרעמען סוועטער, וואַרעמע אונטערוועש, וואַלענע הענטשקעס און אַנדערע קלייניקייטן. עס איז מיר נאָך איבערגעבליבן אַ סומע אויף אַ געוויסער צייט צו קויפן עסנוואַרג יעדן טאָג: מילך, אייער און אַמאָל אויך אַ שטיקל פליייש. איך האָב נאָר צוליב דעם געהאַט נישט קיין קליינע קלאָפּאָטן ווי אַזוי אָפּצוהיטן די פּראָדוקטן פון דער שטוביקער קלעפּטאָמאַנקע: זי קאָן זיי דאָך אָן „עין־הרע״ געבן...

גאָר אומגעריכט איז מיר מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אָנגעקומען אַ צווייט פּעקל. אויך פון טעהעראַן. שוין נישט פון הילפס־קאָמיטעט ביי דער יידישער אַגענץ פאַר א״י, נאָר פון „דזשאָינט״. ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך דער „דזשאָינט״ האָט שוין געהאַט אַן אָפּטיילונג אין פּערסיע און מסתמא האָט עס אים דער הילפס־קאָמיטעט איבערגעגעבן מיין אַדרעס.

דאָס פּעקל פון „דזשאָינט״ איז געווען אַ גרעסערס. אין אים זענען געווען זאַכן: אַ צודעק, אַ פּאָר נייע פעסטע מיליטערישע שיך און נאָך אַנדערע קליי־ניקייטן. דעם צודעק האָב איך פאַרקויפט ווי אַן „אַטריעז״ אויף אַ דאַמען־מאַנטל און באַקומען פאַר אים צוויי טויזנט רובל... דאָס האָט אָפּגעקויפט איינע פון מיינע באַקאַנטע צוויי שוועסטער, וואָס פאַרדינען גראָב געלט פון מאַכן וואַלי־קעס. די שיך און די איבעריקע זאַכן האָב איך געטראָגן אויפן באַזאַר און זיי האָבן מיר געבראַכט נאָך 3.000 רובל. 5.000 רובל פון איין פּעקל! אַפילו ביי דעם גרויסן יקרות איז עס אויך געווען אַ יש. איצט האָב איך זיך שוין געקאָנט פאַרגינען צו קויפן אויפן באַזאַר אַ נייע, מער וואַרעמערע פופייקע און נייע וואַ־טענע הויזן. כ׳האָב זיך אָנגעהויבן סיסטעמאַטיש דערנערן בעסער. קיין הונגער־טעג האָב איך שוין מער נישט געהאַט. דער עיקר, כ׳בין שוין נישט געצוווּנגען געווען צו פאַרנעמען זיך מיט די אביונישע „מסחרימלעך״, מיט די טוישערייען, פון וואָס ס׳האָט מיר געעקלט.

זינט יענער צייט — אין מיטן 1944 — האָט זיך כמעט געענדיקט ביי מיר די סדרה הונגער... די האַנט פון אויסלאַנד, פון אחינו בני ישראל, איז כסדר גע־ווען צו מיר אויסגעשטרעקט...

און נישט נאָר איך אַליין — אויך אַנדערע ייִדישע פּליטים פון פּוילן האָבן אָנגעהויבן באַקומען די זעלביקע הילף פון טעהעראַן: ווער מער, ווער ווייניקער. ווער נאָר עס האָט באַקומען אַ פּעקל, יענער האָט זיך ווי עס איז געראַטעוועט. די פאַרוואָגלטע פּוילישע ייִדן האָבן געהאַט אין האַרצן אַזוי פיל ברכות פאַר די ווייטע ברידער־ייִדן, וואָס געדענקען אין זייער נויט...

גאָר אין גיכן האָבן צו מיר גענומען אויך אָנקומען פון צייט־צו־צייט פּעקלעך פון ארץ־ישראל. ווי כ׳בין נאָכדעם געוואָר געוואָרן, איז די דאָזיקע הילף געווען אָרגאַנזשירט פון ניו־יאָרקער ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט דורך תל־אביב. אויף די פּעקלעך זענען פאַרמעל געווען אָנגעגעבן יעדעס מאָל אַנדערע אַפּשיקער: אַמאָל ד״ר יעזשי גליקסמאַן, אַן אַנדערש מאָל מ. צאַנין, צאַלעוויטש א״אַ.

אַזעלכע פּעקלעך פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט דורך ארץ־ישראל פלעגן באַקומען שרייבער, אַקטיאָרן, געזעלשאַפטלעכע טוער פון פּוילן.

פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע הילף איז געגאַנגען פון אויסלענדישע ייִדן פאַר די פּוילישע ייִדן — פּליטים אין סאָוועט־רוסלאַנד אין אַלע ווינקעלעך פון דער גרויסער מדינה, אין די אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן, וווהין דער נע־ונד האָט זיי פאַרוואָרפן. און אומעטום, ווו די ייִדישע הילף האָט דערגרייכט, איז זי געווען אַ גרויסע ברכה, אַ ווילטאָט: זי האָט אונטערגעהאַלטן נישט נאָר דעם גוף, נאָר אפשר נאָך מער די נשמה. דער יאוש האָט דאָך שוין אַלעמען אַזוי צעבראָכן, אַזוי צעפרעסן: מ׳האָט געמיינט, אַז מ׳איז שוין לחלוטין פאַרגעסן און פרעמד פון דער פאַרלוירענער ייִדישער וועלט... לסוף האָבן זיך גענומען אויס־שטרעקן הענט צו דיר פון דער פאַרלוירענער וועלט אין דיין פאַרוואָרפנקייט — —

זענען ווידער געבוירן געוואָרן האָפענונגען: ווער ווייס, אפשר וועט מען זיך נאָך אַמאָל אומקערן צו יענער פאַרלוירענער וועלט? טאָקע מיט דער הילף פון די ברידער־ייִדן אין אויסלאַנד? אפשר?...

שמועס איך מכוח דעם מיט ברעגמאַנען. איז ער דאָך תמיד אַ גרויסער בעל־בטחון. טענהט ער אויך אויף זיין שטייגער: אַז לא אלמן ישראל... אַז אונ־דזער גאולה מוז קומען... ושבו בנים לגבולם...

— אַי, דער סאָוועטישער פּאַס? — פרעג איך אַ ביסל סקעפּטיש.

— זאָלן אייך נישט אַרן זייערע פּעסער, — איז ער קאַטעגאָריש, — וואָס פאַר אַ ווערט האָבן ביים רבונו של עולם אַזעלכע פּאַפּירלעך, ווען ייִדן דאַרפן ווערן אויסגעלייזט?... וועלכער בן־אדם קאָן עס איצט זאָגן, ווי דער סדר וועט זיך איינשטעלן. דאָס קאָן קיין ילוד אשה נישט וויסן. איין גאָט ווייס. און מיר מוזן האָבן בטחון.

— פאַראַן אָבער איין „אָבער״... — זאָג איך.

— וועלכער „אַבער״, אַ שטייגער?

— די אַלטע פײַנלעכע קשיא: אַז מ׳וועט אונדז אַרויסלאָזן פון סאָוועטישן גלות, צי וועלן מיר האָבן צו וועמען צו קומען? — — —

ביי דער דאָזיקער „קשיא״ זענען מיר ביידע שטום געוואָרן... עס איז דער־ווייל געקומען דער פײַנלעכער „תיקו״... אַנשטאָט ריִיד איז געקומען אַ זיפצעניש. פון די בליקן האָט אַרויסגעקוקט טיפער צער — — —

***

וואָס עס איז געוואָרן פון מיין „אָפּערטע״ אין שפּיטאָל?

דער דאָזיקער ענין האָט מיך שוין איצטער ווייניק אינטערעסירט. איצט קאָן איך מיר שוין אַן עצה געבן, אַפילו אַרבעטנדיק אין דער „סבערקאָססאַ״. אָבער גיין נאָך אַ תשובה האָב איך דאָך געמוזט.

אַז כ׳בין געקומען צום נאַטשאַלניק פון שפּיטאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף זיך מעלדן צום פאָרשטייער פון דער „נ.ק.וו.ד.״ — אַן אָפיציר, וואָס אַמטירט דאָ איצט אין שכנותדיקן צימער.

ס׳ווערט מיר אַ ביסל אומהיימלעך. זינט מיין פעריאָד פון תפיסה און קאָנצ־לאַגער איז אין מיר געבליבן אַ שרעקלעכער ווידערווילן צו די מענטשן פון „נ.ק.וו.ד.״ אָבער פאַרפאַלן. כ׳בין אַריין צום אָפיציר. כ׳זאָג אים ווער איך בין און נאָך וואָס איך בין געקומען. ער נעמט אַרויס פון אַ שופלאָד מיינע פּאַפּירן און פאַרפירט מיט מיר אַ שטיקל שמועס.

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם גאַנצן אמת... זיצט, פּאַזשאַלויסטאַ!... — ווייזט ער מיר אויפן שטול.

„אַ חידוש: אַ מענטשלעכער טאָן״... — טראַכט איך בעת־מעשה.

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, — רעדט ער ווייטער, — איר זענט דאָך אַ ייִד און צו ייִדן האָבן מיר מער צוטרוי... ווען איר וואָלט געווען אַ פּאָליאַק, וואָלטן מיר מיט אייך אַפילו נישט גערעדט... מיר וואָלטן אייך גלייך אָפּגעזאָגט אייער בקשה... אָבער מיר וועלן זען. פּאָנימאַיעטיע ליִ? (איר פאַרשטייט?). ס׳איז דאָך אַ שפּיטאָל מיט קריגס־געפאַנגענע... מיר וועלן זען...

ער כאַפּט בעת־מעשה ווידער אַ בליק אין מיינע פּאַפּירן. איך פאַרשטיי גוט וואָס אים קוועטשט: אין מיין „אַווטאָביאָגראַפיע״ האָב איך דאָך געמוזט אָנגעבן דעם אמת, אַז כ׳בין שוין דאָ געווען אין אַ קאָנצלאַגער אין קאָמי־אסס״ר... נו, איז עס אַ קנאַפּער „יחוס״ פאַר דער „נ.ק.וו.ד.״...

איך פּרוּוו אַפילו מיט קיין איינציק וואָרט נישט ווירקן אויף אים, רייד

אים נישט צו ער זאָל מסכים זיין אויף מיין קאַנדידאַטור... אדרבה, ווען איך קאָן, וואָלט איך אַליין נאָך קאַליע געמאַכט, כדי עס זאָל פון דעם גאָרנישט ווערן...

דער „נ.ק.וו.ד.״־אָפיציר שטעלט מיר נאָך עטלעכע פראַגן. איך ענטפער מעכאַניש. לסוף הייסט ער מיר קומען מאָרגן. כ׳זאָל זיך ווענדן צום נאַטשאַלניק.

און ס׳האָט זיך טאַקע געענדיקט אַזוי ווי איך האָב געוואָלט:

אַז כ׳האָב זיך צומאָרגנס געמאָלדן צום נאַטשאַלניק פון שפּיטאָל, האָט מיר יענער צוריקגעגעבן מיין „זאַיאַוולעניע״, אויף וועלכער ס׳איז פון אויבן געווען אָנגעשריבן מיט רויטן טינט די רעזאָלוציע: „אָפּזאָגן צוליבן פעלן פון קוואַלי־פיקאַציעס״...

דאָס איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַ תירוץ... וואָרום אומשטיינס געזאָגט וועל־כע „קוואַליפיקאַציעס״ עס האָט געדאַרפט האָבן דער עלטסטער פון דער פייער־לעשער־וואַך: מ׳האָט נאָר געדאַרפט האָבן אַן אויג, אַז אַלע פאָרשריפטן קעגן שרפה זאָלן ווערן אָפּגעהיט. ווי, למשל: אַרום הויז זאָלן שטיין פולע פעסלעך וואַסער; די הידראַנטן זאָלן זיין תמיד גרייט אויף זייער פּלאַץ; אין די קאָרידאָרן זאָלן זיין אויף אַן אָרט די לעש־אַפּאַראַטן; טוישן די וואַכן פון די פייערלעשער וכדומה. איז וועלכער בר־דעת וואָלט עס נישט געקאָנט אויספירן?

אָבער כ׳בין באמת צופרידן, וואָס עס האָט זיך דערפון אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

## 44

## דער יצר־הרע פון אַ קלעפּטאָמאַנקע...

**איין טאָג האָב איך אַ גאַסט — צ. ז.**

עס האָט אים דערעסן די איינזאַמקייט אין זיין קאָלכאָז, אין שכנישן בור־טינסקער ראַיאָן. ס׳האָט אים אויך דערעסן די שווערע האָרעוואַניע אין דער קוזניע, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ „מאָלאָטאָבאָיעץ״. עס האָבן זיך שווער געלייגט אויף זיין געמיט די מאָנאָטאָנע קלעפּ פונעם האַמער: „הוק־האַק!״ „הוק־האַק!״... עס האָט אים געצויגן אין אַ שטאָט. ער האָט זיכער נישט געמיינט, אַז אין שטאָט וואַרטן אויף אים בעסערע גליקן. דער עיקר אָבער איז זיין קומען געווען צוליב מיר; כדי צו זיין מיט מיר צוזאַמען. אַ ביסל „טרודאָדני״ האָט ער אין זיין קאָל־כאָז ביים האַמער יאָ געמאַכט. האָט ער זיך אָפּגעשפּאָרט עטלעכע רובל אויך. אויף אַזוי פיל, אַז ער האָט מיט חדשים צוריק געקאָנט העלפן אויך אַ פּאָר חברים אין דער עת־צרה מיט עטלעכע הונדערט רובל: טאַקע מיר און ג. אין

סאַמאַרקאַנד. אפּנים זיין „פּרעדסיעדאַטיעל" איז נישט געווען אַזאַ פאַרדאַרבענער פאַרשוין און אַנטיסעמיט ווי מיין בעל־דבר פון „פּאַליאַנאַ"... זיינער האָט אים יאָ אויסגעצאָלט וויפל אים איז געקומען פאַר זיין ביטערער האַרעוואַניע.

צ. ז. איז געקומען ווי אַן אמתער „מאַלאַטאַבאַיעץ". מיט טונקעלע מאַזאָ־ליעטע הענט, אַן אויסגעהאָרעוועטער, נאָך מאָגערער ווי ער איז פריִער געווען — הגם ער האָט נישט געהונגערט פאַר דער צייט אַזוי ווי איך. יאָ, בחינם גיט נישט אַ קאָלכאָז קיין ווייץ פאַר די „טרודאָדני".

געקומען איז ער נישט אַליין. מיט אים האָבן זיך מיטגעכאַפּט נאָך צוויי יידישע בחורים — אויך אונדזערע פּוילישע, וועמען עס איז אויך נמאס געוואָרן דאָס ווינטערדיקע לעבן אין דער איינזאַמקייט פון דאָרף. פאַרפאַרן זענען זיי אַלע אין עפּעס אַ „קאָלכאָזני דוואָר". אָבער שלאָפן איז דאָרט געווען פּלאַץ בלויז פאַר צוויי. איז געבליבן, אַז איינער פון די צוויי בחורים וועט איבערנעכטיקן אַ פּאָר נעכט ביי מיר אין קיביטקע. מיין בעלעמער באַלעבאָסטע האָט מסכים געווען צו מאַכן פאַר אים אַ געלעגער אויף אַ באַנק. עפּעס האָט ער געפונען חן אין אירע אויגן... איז יענער געקומען אין אָוונט מיט זיין פּעקל זאַכן צום נעכטיקן. עס איז מיר נאָך נישט קלאָר געווען פאַרוואָס מיין באַלעבאָסטע האָט אים אַרויס־געוויזן אַ ספּעציעלע אויפמערקשאַפט... דער בחור האָט דערציילט וועגן זיין קאָלכאָז, וועגן זיין שווערער פראַצע אין משך פון אַ גאַנץ יאָר. פון זיין גאַנצער אַרבעט זענען אים געבליבן עטלעכע רובל. און כדי עס נישט אויסצוגעבן; כדי עס צו האַלטן אויף אַ „שוואַרצן טאָג" האָט ער פאַרן געלט געקויפט אויפן טשקאַ־לאָווער באַזאַר אַ גאָלדן בראַזלעטל. ער נעמט עס טאַקע אַרויס פון זיין לעדערנעם טייסטערל און ווייזט עס. אַ געוויינלעך קליין בראַסלעטל. דער באַלעבאָסטעס איי־געלעך האָבן זיך מאָדנע צעגלאַנצט. זי האָט עס גענומען אין האַנט, באַטאַפּט און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „שיין, שיין"... דער בחור האָט זיך לסוף אַרויסגערעדט, אַז ער האָט דאָס בראַסלעטל געקויפט פאַר עמיצן... ער האָט אין פּוילן איבער־געלאָזט אַ מיידל... וויל ער עס איר ברענגען אַ מתנה...

— אָבער ווער ווייס... — גיט ער דערביי אַליין צו מיט אַ זיפץ, — ווער וויס, צי עמיצער לעבט נאָך דאָרטן...

צומאָרגנס אין דער פרי — אַ חורבן: דער בחור כאַפּט זיך, אַז אין זיין טייסטערל פעלט דאָס בראַסלעטל... ער זאָגט עס מיר אין דער שטיל און עס ווערט מיר קלאָר: איר מלאכה! איצט פאַרשטיי איך שוין גוט פאַרוואָס זי האָט אים געשענקט אַזוי פיל אויפמערקשאַפט... אָבער ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען? אין יענער נאַכט איז אין שטוב געווען נאָר זי מיטן טעכטערל (דער מאַן האָט דאַן געאַרבעט ביינאַכט) און איך (נישט געהאַט דאַן קיין דיזשור אין „סבער־

קאַססאַ״). איך פרעג אויס געגנוי דעם בחור און ס׳ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס טייסטערל איז געלעגן אין זיין הויזן־קעשענע, און אַז ביינאַכט איז אים אויס־געקומען אַרויסצוציִען אויף אַ ווײַלע אין דרויסן. קלאָר... בעת ער איז אַרויס, האָט זי, די קלעפּטאָמאַנקע, אויסגענוצט דעם מאָמענט. ניין, זי איז שוין נישט קיין קלעפּטאָמאַנקע — זי איז אַ פּשוטע, נאָטאָרישע גנבטע!

איך זאָג אַרויס דעם בחור אין דער שטיל מיין השערה. אָבער מיר ביידע האָבן נישט קיין מוט זי צו נעמען אויף זיכער. זי גופא מאַכט כלומרשט אַ פּאָר־חידושטע מינע: „סטייטש און סטייטש, ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען? אין שטוב איז דאָך קיין פרעמדער נישט געווען. אפשר האָט איר ביינאַכט, אַרויס־גייענדיק, אין שניי פאַרלאָרן?״... אָבער ווו שניי, ווען שניי — דאָס בראַסלעטל איז דאָך געלעגן אינעווייניק אין טייסטערל און דאָס טייסטערל איז דאָך יאָ פאַראַן אין הויזן־קעשענע...

מיר ריידן שפּעטער מיט צ. ז. מיר זענען אַלע אין פאַרלעגנהייט. כאָטש גיי מעלד אין דער מיליץ און מאַך אַ סקאַנדאַל; אָבער דערצו האָט קיינער פון אונדז קיין מוט נישט געהאַט. האָט דער בחור נעבעך פאַרביסן די ליפּן און געמאַכט אַ שווייג. „פאַרפאַלן — האָט ער געזאָגט — זאָל עס זיין אַ כפּרה. ס׳איז גוט רבי־געלט... אָבער זעט, וואָס פון אונדזערע פּוילישע איז געוואָרן! האָבן זיך אויס־געלערנט פון די היגע זשוליקעס״...

— ניין, — זאָג איך, — זי האָט זיך דאָ נישט אויסגעלערנט; זי איז שוין געווען אַ גנבטע אין דער היים, אין איר כּעלם...

און איך באַקרעפטיק מיין זאָג מיט די אַלע „בלימעלעך״, וואָס איך ווייס פון איר. אייגנטלעך וואָלט איך אים געדאַרפט נאָך נעכטן דערציילן, וואָלט ער זיך געווען אָפּגעהיט. אָבער איך האָב מיר אַליין נישט פאַרגעשטעלט, ווי ווייט די „חולאת״ דערגייט ביי איר. געמיינט, אַז זי קאָן נישט ביישטיין דעם נסיון בעת עס האַנדלט זיך ביי פּראָדוקטן; אָבער אַז אויך חפצים גייען אַריין אין איר „געביט״ — דאָס איז פאַר מיר אַן איבעררַאַשונג.

דער בחור האָט נאָך געמוזט איבערנעכטיקן נאָך איין נאַכט און נאָכדעם איז ער אַוועק אויף עפּעס אַן אַרבעט אין אַ שכנישן קאָלכאָז — „פּאָ דאָגאָוואָרו״ (לויט אַן אָפּמאַך). אין שטאָט גופא האָט ער נישט געפונען קיין פּאַסיקע אַרבעט צו קאָנען האָבן אויף זיין אויסקומעניש. ער איז אַוועק צוזאַמען מיט זיין חבר און איבערגעלאָזט אַ קליין פּעקעלע מיט אַ קאָץ דערין.

צ. ז. האָט אַרומגעזוכט אַרבעט דווקא אין שטאָט, געוואָלט דורכויס זיין נעבן מיר, און בלית ברירה האָט ער זיך ווידער געמוזט נעמען צו זיין נייעם פאַך: איז אַריין אַרבעטן אין אַ קוזניע, וואָס נעבן באַזאַר. ווידער „מאָלאָטאָבאָיעץ״.

## אברהם זאַק

אַ זייער שווערע אַרבעט, אָבער מען האָט אים גאַראַנטירט ברויט מיט אַ ביסל געלט. האָט ער געדונגען אַ דירה נעבן באַזאַר ביי איינער אַ „כאַזייקאַ" — אַ פרוי מיט קליינע קינדער.

איז ווידער גוט. מיר זעען זיך אַלע אָוונט נאָך דער אַרבעט. בעת איך האָב נישט קיין דיזשור קום איך צו אים אָדער ער צו מיר. מיר עסן אַמאָל צוזאַמען אַ זופּקע.

איין אָוונט האָב איך געבראַכט צו אים אַ ביסל קאַקאַאָ, וואָס איך האָב באַקו־מען אין אַ פּעקל. מיר האָבן עס געגעבן דער „כאַזייקאַ" זי זאָל מאַכן קאַקאַאָ פאַר אַלעמען — פאַר אונדז און פאַר איר הויזגעזינד. האָט זי אויסגעמאָלקן איר קו און געמאַכט פון גאַנצן עמער מילך קאַקאַאָ... דאָס ערשטע מאָל אין לעבן מאַכט זי קאַקאַאָ — האָט זי נישט געוווּסט וויפל און ווי מען מאַכט דאָס... נו, האָבן מיר אַלע געהאַט אַ גאַנצן אָוונט צו זופּן און צו זופּן די שיטערע און זייער הע־לע קאַקאַאָ.

אַמאָל כאַפּט זיך צ. ז. אַריין צו מיר אויך אין „סבערקאַססאַ", אין אָוונט, בעת קיינער איז שוין נישטאָ. ריידן מיר וועגן וואַרשע... וועגן נאָענטע... חשבונען מיר די צייט פון אונדזער גלות... מיר ווייסן ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן; אָבער ווען וועט ער זיך ענדיקן?... דער ראַדיאָ גיט איבער די פריילעכע נייעסן פון די פראָנטן. אויף אַלע פראָנטן שלאָגט מען די דייטשישע רוצחים — סיי אין מזרח, סיי אין מערב. מיר ווייסן שוין באַשיינפערלעך, אַז היטלערס מפּלה איז נאָענט; אַז די רויטע אַרמיי אויף מזרח און די אַליאירטע אין מערב וועלן דערטרינקען די חיות רעות אין זייער אייגן בלוט. אָבער... דער אַלטער „אָבער": ווי וועט אויס־זען דער ייִדישער „נצחון"?... וואָס וועלן מיר געפינען אויף די חורבות?... צי לעבט נאָך עמיצער פון די נאָענטע?... שווער, שווער צו גלויבן... דאָס האַרץ זאָגט נישט קיין גוטס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

***

דיביידע בחורים, וועלכע זענען געקומען צוזאַמען מיט צ. ז., ווערן גערופן אין „וואָיענקאָמאַט". מען פאַרהאַלט זיי שוין צום אָוועקשיקן אין „סטראָי־באַט". איינער פון זיי, דער באַגנבעטער, גיט צו וויסן צ. ז., ער זאָל אים באַזאָרגן דאָס פּעקעלע מיטן קאָץ, וואָס ליגט אין מיין רשות. ער קומט צו לויפן אין איילעניש — ער איז אין מיטן דער אַרבעט — און בעט דאָס פּעקעלע. די באַלעבאָסטע זעט ווי צ. ז. איילט זיך, זאָגט זי, אַז זי וועט שוין אַליין צוטראָגן דעם קאָץ אין „וואָיענקאָמאַט". זי גייט סיי־ווי־סיי אין יענער ריכטונג. אפשר זי וויל זיך דורך

דעם אויסקויפן איר זינד... באַדאַנקט איר צ. ז. און גייט אַוועק צו דער אַרבעט. פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו דער „סטאַנציע” און נאָך געטראָפן שטיין דעם עשאַלאָן. דער בחור דרייט זיך אום אַ דענערווירטער: — „דער קאָץ! ווו איז דער קאָץ מיינער?”...

— סטייטש?! — פרעגט פאַרחידושט צ. ז., — זאַק׳ס באַלעבאָסטע האָט נישט געבראַכט דעם קאָץ?

— ניין.

— גאָט מיינער! אַזאַ גנבטע!

און פונקט אַ סיגנאַל — דער צוג רירט. דער בחור נעבעך כאַפּט זיך אַרויף אויף די טרעפּלעך און שרייט צו צ. ז.:

— שוויגט איר נישט, דער גנבטע... גייט אין דער מיליץ...

פון „סטאַנציע” איז צ. ז. געקומען אַן אויפגערעגטער צו מיר.

— ווו איז דער קאָץ? — פרעגט ער מיין באַלעבאָסטע.

— וואָס הייסט ווו? — מאַכט זי אַ נעבעך־פּנימל. — כ׳האָב דאָך איבער־געגעבן אין „וואַיענקאָמאַט”...

— ווו ? וועמען ?

— וואָס הייסט וועמען? כ׳בין אַריין אינעווייניק, האָב איך משהן נישט געזען; האָב איך דאָס פּעקעלע איבערגעגעבן עפּעס אַ ייִדן און געבעטן איבער־געבן משהן . . .

— וועלכן ייִדן? וואָס משה? ווען משה! וואָסערע בבא־מעשיות! — רעדט שוין צ. ז. אַן אויפגערעגטער.

— משה זוך מיך... — גיב איך צו.

מיין כעלעמער באַלעבאָסטע, די קלעפּטאָמאַנקע, האָט, הייסט עס, אָפּגעטאָן אַ מיאוס שטיקל. זי האָט איצט ממש געשלאָגן אַ רעקאָרד פון פאַרדאָרבנקייט: אַז צוגעגנבעט דאָס בראַסלעטל, אַז באַשווינדלט מיטן קאָץ... אַ בחור ווערט מאָבי־ליזירט אין „סטראָי־באַט” אויף שווערער אַרבעט, און זי האָט געהאַט אַ האַרץ נאָך צוצוגזלנען ביי אים דעם צודעק פון לייב... אָנשטאָט אָפּצוטראָגן דעם קאָץ אין „וואַיענקאָמאַט”, איז זי מיט אים אַוודאי אַוועק אויפן באַזאַר און פאַרקויפט... איך האָב געמאַכט דעם חשבון מיט צ. ז., צי עס לוינט אונדז איבערגעבן דעם ענין אין דער מיליץ? מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין שאַנסן זי צו דעמאַס־קירן: זי קאָן דאָך טענהן, אַז זי האָט יאָ איבערגעגעבן דאָס פּעקעלע עמיצן און אַז דער עמיצער איז דער שווינדלער... איז גלייכער נישט אַריינצוקריכן אין דער בלאָטע מיט דער מיאוסער גנבטע.

## 45

# אַ לאַנד אָן זייף...

בלייבן אין דער דאָזיקער דירה האָב איך שוין נישט געקאָנט. עס עקלט מיך ממש צו קוקן אויף דער גנבטעס פּרצוף. האָב איך מיטן גאַנצן אימפּעט גענומען זוכן אַ נייע דירה. אַ גאַנצן טאָג אומגעגאַנגען פּשוט פון קיביטקע צו קיביטקע — ביז איך האָב געפונען. באַלד דעם אַנדערן טאָג האָב איך זיך איבער־געפּעקלט צו איינער אַ רוסין, וואָס האָט מיר אָפּגעטראָטן אַ ווינקל אויף אַ נאַרע אין איר קיך. אַ פרוי מיט נישט קיין גרויס הויזגעזינד. איר מאַן איז אויפן פראָנט און זי איז זיך מפרנס פון מאַכן וואַליקעס. ווי איך זע, איז דער דאָזיקער פאַך דאָ אַ זייער גוטער, און די מלאכה ליגט אין די ליימיקע כאַטעס אין פּריוואַטע הענט. איך אַליין קען שוין אַ פינף פאַמיליעס, וואָס לעבן דערפון. אַי די מיליץ? מסתמא גיט מען זיך דאָך מיט איר אַן עצה, ווייל אויך די מיליץ דאַרף דאָך לעבן...

מיין נייע באַלעבאָסטע האָט מיר איינגעאָרדנט אויף דער נאַרע אַ באַקוועמערן געלעגער ווי דאָרט אויף דער „גאַלאַנקע". די נאַרע איז געווען אַ גרויסע, אַ גערוימע. אויף דער נאַרע האָט זי בייטאָג געמאַכט אירע וואַליקעס, און איין ווינקל, אין עק, האָט זי עס מיר אָפּגעגעבן. הגם עס האָט נישט געגלאַנצט מיט „קאָמפאָרט"; אָבער גערוימער, ליכטיקער ווי ביי דער קלעפּטאָמאַנקע הינטערן פּיעקעליק.

קיין שום באַקוועמלעכקייטן זענען דאָ, ווי אין כמעט אַלע קיביטקעס, נישט געווען. נישט געווען קיין וואַסער מיט קיין קראַן. וואַסער פלעגט מען מוזן אַריינ־ברענגען אין אַן עמער. וואַשן פלעגט מען זיך קאָנען זייער קאַרג. אָנגעשעפּט אַ קוואָרט וואַסער פונעם וואַסער און כאַפּ־לאַפּ, איבערפלעכלעך זיך אָרומגעוואַשן דאָס געזיכט און די הענט. אַזוי אין אַלע קיביטקעס. געווען נישט ווייניק מענטשן אין שטאָט, וואָס האָבן בכלל נישט געהאַט די טבע זיך אין דערפרי צו וואַשן... וואַשן פלעגט מען זיך אין באָד...

געווען איז דאָ איין באָד פאַר דער גאַנצער שטאָט. פלעגט מען זי הייצן צוויי מאָל אין וואָך — איין טאָג פאַר מענער, איין טאָג פאַר פרויען. אייגנטלעך האָט מען זי נאָר „אין פּרינציפּ" געהייצט צוויי מאָל אַ וואָך — בעת עס איז געווען מיט וואָס צו הייצן... זייער אָפט, אַז מ׳פלעגט קומען צו דער באָד, פלעגט מען אויף דער טיר איבערלייענען אַ צעטל: „באַניאַ ניע ראַבאָטאַיעט"... (די באָד אַר־בעט נישט...). האָט מען פאַרשטאַנען, אַז ווידער איז נישטאָ קיין „טאָפּקאַ"...

און אַז מען איז שוין יאָ מיט מזל אַריין אין באָד, האָט מען קיין צופיל נחת אויך נישט געהאַט: קודם־כל איז דאָרט קיין רעכט שעפל נישט געווען. דאָס געציילטע ביסל שעפלעך איז ס'רוב געווען צעבראָכן און עס האָט שטאַרק גע־רונען און נישט מעגלעך געווען זיך צו וואַשן פון זיי. דעריבער, אַז מען פלעגט פאַרבייגיין יענע ברייטע גאַס, ווען מען הייצט די באָד, פלעגט מען זען ווי עס ציט אַן עולם מיט שיסלען, טעפּ און קעסעלעך. דאָס האָט יעדער געטראָגן אייגענע „כלי־זיין" אין באָד אַריין. ביי דער באָד זעט מען אַ ריזיקע „אָטשערעד'". מ'פלעגט אַריינלאָזן נאָר צו קליינע גרופּעס מענטשן. נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַ סך. און נישט תמיד פלעגט עס דערגיין צו די סאַמע לעצטע. אויסטאָן זיך פלעגט מען אין אַ קאַלטן פאָדער־חדר; אָבער אויך אינעווייניק אין שוויץ־באָד איז נישט געווען איבעריק וואַרעם. שטענדיק איז געווען קאַרג „טאָפּקאַ". טייל מענטשן פלעגן קומען נישט נאָר זיך אַליין צום באָדן און וואַשן, נאָר אויך אויסצוּוואַשן זייערע אָרעמע העמדער און קאַלעסאָנעס. וועש אַלטע, שוואַרצע, ברודיקע, פאַרליי־זיקטע. פון דער דאָזיקער ענגשאַפט און שמוץ האָט מען נישט געקאָנט אַרויסגיין אינגאַנצן זויבער. אַמאָל האָט מען נאָך דאָרט געירשנט אַ ביסל פרעמדע לייז אויך. אָפט פלעגן די קראַנעקע אין באָד אויסגעטריקנט ווערן: נישט געווען גענוג וואַרעם וואַסער. די נאַקעטע מענטשן פלעגן שרייען, זיך דענערווירן, זיך אַרומ־רייסן פאַר אַ ביסל וואַסער, פאַר אַ שטיקל פּלאַץ אויף אַ באַנק, כדי צו קאָנען וואַשן די וועש. קריגערייען, קולות פלעגן פאַרהילכן די לופט. אין מיטן דעם באָד־יאַריד, צווישן נאַקעטן עולם, האָט זיך אומגעדרייט אַן אַלטע גויע, אַן אָרדנערין, און פלעגט זיך בייזערן וואָס מען מאַכט אַן אַ „בעזפּאָריאַדאָק" אין באָד. און מאָדנע: די דאָזיקע „זשענשטשינאַ" צווישן די נאַקעטע מאַנסבילן האָט קיינעם נישט געאַרט, גלייך ווי זי וואָלט געווען סתם אַ קעגנשטאַנד, אַ חפץ אַזאַ... מילא... צו קיין „דעמאָראַליזאַציע" וועט שוין אַזאַ זקנה סיי־ווי־סיי דאָך נישט ברענגען...

אַז מען פלעגט אַרויסגיין פון באָד אויף דער פּראָסטיקער לופט, פלעגט מען הערן פון אַלע זייטן אין דער לאַנגער „אָטשערעד"':

— ס'ליאָגקים פּאַראָם!... (מיט גרינגער פּאַרע! ס'הייסט: צו רפואה!).

— ספּאַסיבאָ, גראַזשדאַניע! (אַ דאַנק, בירגער!) — פלעגט ענטפערן דער אויסגעבאָדענער און אַוועקמאַרשירן מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער ווייטער אין שניי, מיטן שיסל אָדער טאָפּ אונטערן אָרעם.

איינע פון די פּלאָגן אין דער דאָזיקער אָרעמשאַפט איז — דער דוחק אין זייף! זעלטן אַ שטוב זאָל האָבן גענוג זייף פאַר די סאַמע נויטיקסטע באַדערפע־נישן. און נישט נאָר „גענוג" — אין אַ סך קיביטקעס איז כלל נישטאָ דער מין

זייף. וועש וואַשט מען דאָרט נישט מיט זייף, נישט מיט סאָדע, נישט מיט כלאָרעק — נאָר מיט אַש פון אויוון.

וועש! נישט אַלע פרויען אין די אָרעמע קיביטקעס האָבן אַ העמד אויפן לייב. אַ סך טראָגן אויפן בלויזן לייב נאָר דאָס נעבעכדיקע קליידל. אין זעלבן קליידל גייען זיי אַרום בייטאָג, אין זעלבן קליידל אַרבעטן זיי, אין זעלבן קליידל שלאָפן זיי ביינאַכט אין זייער קבצנישן געלעגער.

איז שוין גאָר קיין חידוש נישט, וואָס אין גאַנצן לאַנד, דער עיקר אין די קאָלכאָזן און אין די קלענערע אָפּגעשטאַנענע שטעטלעך פון דער ברייטער פּערי־פּעריע, איז פּרעהס דריטע מכה — אַ מכת מדינה.

דעריבער פלעג איך אומעטום — בפרט אין די קאָלכאָזן — שטענדיק זיין אַן עדות פון די אויסטערלישע „עקזעקוציעס": בעת יעדער הפסקה, ביי דער אַר־בעט אין פעלד, איז דער בעסטער פאַרגעניגן פון די ווייבער צו לייגן די קעפּ איינע דער אַנדערער אויפן שויס.

— הרגע מיר אַ ביסל לייז... — זאָגט איינע צו דער אַנדערער. אַלע ווייבער דאָ זענען געניטע לויזערקעס. אַלע באַזיצן זיי דערין „פּאַכקענטעניש".

אַזוי איז אין סטעפּ ביי דער אַרבעט, אַזוי איז אין די כאַטעס, ווען „קומעס" קומען איינע צו די אַנדערע. אַזוי יונג, אַזוי אַלט. אַזוי זענען זיך אויך נוהג יונגע מיידלעך, „באַרישניעס", וואָס חנדלען זיך שוין צו בחורים, אַזוי איז אין די קאָלכאָזן, אַזוי איז אויך אין די שטעטלעך. די אָפּגעשטאַנענע קאָלכאָזניצעס ווי די שטאָטישע ווייבער. די ענגשאַפט פון די כאַטעס, פון די קיביטקעס פאַרגרע־סערט נאָך די אומריינקייט.

יאָ, מחשבותן... „או נאָס אָטשען קולטורנאָ"... (ביי אונדז איז זייער קולטו־רעל) — דערמאָן איך זיך דאָ אָפט די באַרימערישע פראַזע פון די „פּאָליטרוקעס" אין די אָקופּירטע גראָדנע און ביאַליסטאָק אין 1940. און איך וואָלט נאָך איצט צוגעגעבן: ... „אי גיגיעניטשנאָ"... (און היגיעניש...).

איינמאָל בין איך אַן עדות פון אַזאַ סצענע:

כ'קום אַריין צו אַ טאָטערין אין קיביטקע — אַ שכנה פון מיין „זעמליאַק" ר'.ס „כאַזייקאַ" (אָדער ווייב...). זע איך דאָרט: אויף דער פּאָדלאָגע שפּילן זיך אין בלאָטע און שמאַטעס אַ קופּע קינדערלעך. אויפן ראַנד פון דער פּריטשע (קיין בעטן זענען דאָרט נישט געווען) זיצט דער טאָטערינס עלטערע טעכטערל, אַ מיידל פון אַ יאָר 12־13. ביי איר אויפן שויס ליגט אַ קאָפּ פון אַ קנ:ענדיקער פרוי. דאָס מיידל האַלט די „כלי־זיין" אין די הענט: אַ מעסער און האָר־קעמל... זי איז אין מיטן דער „עקזעקוציע"... ביי מיין אַריינקומען האָט די קנ:ענדיקע

פרוי עטוואָס אויסגעדרייט דעם קאָפּ און כ׳האָב דערקענט טאַקע ר׳.ס „כאַזייקאַ״...
אפנים, זי האָט געהאַט אַ ביסל צייט, האָט זי זיך אַריינגעכאַפּט צו דער שכנה
זיך אַ ביסל אויסצולויזן... יענע האָט זיך פאַר מיר פאַרשעמט און באַלד צוריק
פאַרגראָבן דעם קאָפּ נאָך טיפער אין מיידלס שויס... איך האָב זיך געמאַכט נישט
וויסנדיק און צו איר נישט גערעדט.

— ווּ איז די מאַמע? — פרעג איך ביים מיידל.

— זי איז אַוועק אויפן באַזאַר.

— וועט זי באַלד קומען?

— כ׳ווייס נישט.

— וועל איך אויפוואַרטן אויף איר.

כ׳האָב טאַקע געהאַט געוואָלט וואַרטן; אָבער באַלד כאַפּ איך זיך, אַז ס׳איז
אַ רחמנות אויף דער קנ׳ענדיקער „דאַמע״: זי וועט דאָך שוין מוזן אַזוי קנ׳ען
מיטן קאָפּ פאַרזונקען זוער ווייס ווי לאַנג... יענע ליגט אין געהאַקטע צרות, אָן
באַוועגונג... באַפריי איך פון דער צרה מיין „זעמליאַקס״ „כאַזייקאַ״ — ווייב און
כ׳גיי אַוועק:

— לאַדנאָ, כ׳וועל שפּעטער אַריינקומען.

וואָרום וואָס איז זי נעבעך שולדיק? טאַקע שוין אַ שטאָטישע, אַ „בעסערער
עלעמענט״, אַ „פאָלקס־ריכטערין״... אָבער אויך איר פעלט דאָך אויס זייף און
זי ליידט פון דער מכת־מדינה גלייך מיט אַלע בירגער.

די קאַזאַכן ווידער — וועלכע זענען מער אָפּגעשטאַנען און לעבן נאָך אין
גרעסערער שמוץ — האָבן גאָר אַן אַנדער „סיסטעם״ ביי די דאָזיקע „עקזעקוציעס״.

איך גיי איינמאָל אין אַ זומער־טאָג פאַרביי אַ זייטיקע קיביטקע אין עק
שטאָט. זע איך, ווי אַ קאַזאַך, אַ זקן אין אַ כאַלאַט, מיט אַ טוך אַרום קאָפּ, זיצט
אויפן שטיינערנעם טרעפּל ביי דער טיר און איז פאַרטיפט אין זיין „געיעג״...
איך בלייב אַ ווײַלע שטיין און אָבסערוויר: דאָס „געיעג״ קומט אים נישט אָן צו
שווער. געגנוג, אַז ער שטעקט אַלע ווײַלע אַריין די האַנט אונטערן אָרעם, צום
נאַקעטן לייב — שלעפּט ער שוין אַרויס עפּעס. אַמאָל, זע איך, טוט ער אַ שלייד־
דער; אַמאָל ווידער טוט ער אַ וואָרף אין מויל אַריין און נעמט קייען... באַלד
אַריענטיר איך זיך אין זיין „סיסטעם״: די גאָר דראָבנינקע, די קיי־און־שפּיי־
חיהלעך וואַרפט ער אַוועק און די פעטערע, די אויסגעפּאַשעטע נאַשט ער אויף...

עס האָט מיך אויפגעטרייסלט פון עקל.

— וואָס טוט איר, באַבאַי? (זיידע). — שיק איך צו אים אַ פראַגע. —
אין מויל אַריין??!

— אַ שטאָ? עטאָ מאָיאַ קראָוו... (וואָס איז? דאָס איז מיין בלוט...). — ענט־פערט ער.

יאָ, גערעכט, ס׳איז טאַקע זיין בלוט, וואָס די פּאַראַזיטן האָבן פון אים אויסגעזויגן. מעג ער, דער באַבאַי, „געזעצלעך" און „על פי יושר" קאָנסומירן...

בררררר! מיט עקל־געפיל קער איך מיך אָפּ פון דער קאַזאַכישער קיביטקע.

אומגליקלעך לאַנד! נאָך אַזאַ פינצטערניש אין דיינע געצעלטן! — — — —

אַז אין די „לאַרקעס" (געוועלבלעך) געפינט מען נישט קיין זייף, קיין וועש אויפן נאַקעטן לייב, קיין געדיכטע קעמלעך. אַז אין די „לאַרקעס" קאָן מען העכסטנס געפינען „זאַוויאַסעס" צו טירן, פּראָסטע סערפּן צום שניידן, צום קאָשען.

יאָ, למען האמת: אין „לאַראָק" האָב איך איינמאָל געקריגן צו קויפן אַ שאַכטל ציין־פּולווער. אָבער אָן אַ ציין־בערשטעלע. אַזעלכע „לוקסוס"־זאַכן זעט מען דאָ נישט... דאָך האָב איך דעם פּולווער געקויפט און פלעג אים נוצן, איינ־רייבנדיק מיטן ווייז־פינגער די ציין. גראָד אויפן ציין־פּולווער זענען נישט געווען אַזוי פיל בעלנים. דעריבער האָט ער זיך פאַרוואַלגערט אויף אַ פּאָליצע אין „לאַראָק".

אַ צווייט מאָל — אַן אַנדער „סענסאַציע" ביים „לאַראָק". כ׳גיי פאַרביי און זע אַן „אָטשערעד׳". שטעל איך זיך אויך גלייך אַנידער.

— וואָס פאַרקויפט מען? — פרעג איך מיינע שכנים אין דער ריי.

— מיר ווייסן נישט...

— טאָ וואָס זשע שטייט איר?

— אַזוי ווי איר האָט זיך געשטעלט, נישט ווויסנדיק, אַזוי האָבן מיר זיך אויך געשטעלט.

טאַקע גערעכט. ס׳איז דאָך דאָ אַן אַלטער כלל: אַז מ׳זעט אַן „אָטשערעד׳", דאַרף מען זיך שטעלן: „אַטפּוסקאַיוט"... מ׳גיט עפּעס... מ׳פאַרקויפט עפּעס...

אין דער „אָטשערעד׳" זענען פאָרויס געשטאַנען אַ צען פאַרשוין און איך בין דער עלפטער. פון הינטן איז די ריי ביסלעכוויַז אויסגעוואַקסן ביז אַ פערציק.

— קעמעלעך! — ווייזט איינער אַ בירגער, וואָס איז שוין אַרויס פון אי־נעווייניק.

טאַקע אמתע מענערישע טאַשן־קעמעלעך. אויך גוט. עס פעלט מיר טאַקע. מיינער איז שוין אַ שברי־כלי, אָן אַ העלפט ציינדלעך. צי וועט עס אָבער דערגריין צו מיר?

די ריי רוקט זיך, און אָט בין איך אינעווייניק און כ׳פּאַק אַ קעמעלע. סך־הכל איין רובל קאָסט עס. טאַקע דאָס לעצטע קעמעלע.

— ניעטו! (נישטאָ מער!). — דערקלערט דער פאַרקויפער די פריש־אַרייַנ־קומענדיקע, צענעמענדיק די הענט.

— טאָוואַרישטש, טו אַ זוך... — בעטן זיך די קונים.

— ניעטו, גראַזשדאַניע! — בעט זיך דער פאַרקויפער.

— רייד נישט קיין סך און פאַרקויף... — הערן זיך שטימען. — ווו האָסטו זיי באַהאַלטן, די קעמעלעך?...

אָבער דער עולם האָט זיך געמוזט צעגיין מיט גאָרנישט. איינער אַ גאָר ברוגזער פאַרשוין האָט זיך צעדרשנט:

— מיר קענען זיך שוין אויף די קונצן. ער האָט פאַרקויפט אַ צענדליק קעמעלעך און דאָס רעשט וועט ער פאַרקויפן הינטן־אַרום „פאָ בלאַטו"... אין זיין מאַמען אַריין!...

די גרעסטע פּלאָג איז דאָס פעלן פון זייף. און נישט נאָר אין פּריוואַטע דייזער — אַפילו אין אַנשטאַלטן, ווו עס מוז זיין זייף. אַפילו אין דער פאַבריקמאַ־כעריי, ווו מען קאָן דאָך אָן זייף נישט אויסקומען. נישט איין מאָל, אַז כ'בין געווען אין שערעריי, האָט מען מיך באַנעצט די באָרד בלויז מיט וואַסער.

— אויב איר ווילט איינרייבן די באָרד מיט מידלינעס, טאָ ברענגט אַ שטיקל זייף... — פלעגט דער פאַבריקמאַכער מודיע זיין איטלעכן קליענט.

נו, פלעגט מען פילן דעם אמתן טעם, בעת ער פלעגט פירן דעם נישט שטענדיק גוט אָנגעשלייפטן גאָל־מעסער איבערן נישט איינגעזייפטן פנים...

וואָס אָן אמת, אַ פּיצל זייף פלעגט דער פאַבריקמאַכער יאָ האָבן ערגעץ־ווו פאַרשטעקט. אָבער דאָס האָט ער אָפּגעהיט פאַר „יחידי סגולה" — פאַר אַ נאַ־טשאַלניק, פאַר אַ „נ.ק.וו.ד."־אָפיציר... מילא, דאָס איז שוין אָבער אַ פאַרשטענד־לעכע זאַך... מען מוז עס אים נישט נעמען פאַר אומגוט...

אַזוי זעט אויס דאָס וואַשן זיך, דאָס באָדן זיך. אַזוי זעט אויס דאָס לעבן אָן זייף...

און וואָס איז מכוח „אובאָרנאַיאַ"? (קלאָזעט).

זעלטן אַ קיביטקע זאָל פאַרמאָגן אַ ביידל — אָן „אובאָרנאַיאַ". פאַר אָן „אובאָרנאַיאַ" האָט אומעטום גענוצט די הינטערשטע בלינדע וואַנט. דאָרט האָט מען דערליידיקט אַלע פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן — אין רעגן, אין קעלט, אין שניי און אין פראָסט. עס איז שוין געווען אַ נאַטירלעכע זאַך צו אָנקוקן דאָס דאָ־זיקע בילד, ווי עס זיצן אומעטום ביי די ווענט יונג און אַלט, מאַן און פרוי, און טוען וואָס זיי טוען. אַמאָל קאָן מען אַפילו טרעפן זיצנדיק בשכנות ביידע גע־שלעכטער אויף אַ גאַנץ קליינער דיסטאַנץ... אַזוי איז מען שוין דאָ צוגעוווינט דערצו. מען ווערט שוין נישט נתפעל דערפון.

אַז כ׳האָב איינמאָל, זוכנדיק אַ דירה, געפרעגט אַ „כאַזיאַאין״, צי די קיביטקע האָט אויך אַן „אובאָרנאַיאַ״, האָט מיר יענער געענטפערט:

— זיכער פּאַראַן.

און ער פירט מיך אַרויס הינטער דער בלינדער וואַנט און טוט אַ ווייז:

— פּאַזשאַלויסטאַ, וואָט אובאָרנאַיאַ...

דער גאַנצער פּלאַץ ביי דער וואַנט האָט טאַקע געגנוג עדות געזאָגט דערויף...

אין די צייטן, ווען דער שניי צעגייט, ווערט אוממעגלעך אַדורכצוגיין צווישן די הייזער אין שטאָט — אַזוי פיל שמוץ, אַזוי פיל אומריינקייט רינט און צעקריכט פון אומעטום, פון אַלע זייטן. און די קיביטקעס, וואָס פּאַרמאָגן שוין יאָ אַן „אובאָרנאַיאַ״, האָבן אויך ווינציק נחת פון איר. ווען עס שטעלן זיך די פרעסט, הויבט אַן אינעם לאָך פון דער „אובאָרנאַיאַ״ צו וואַקסן אַ „פּיראַמידע״ — אַזוי אַז זייער גיך הויבט זיך די דאָזיקע פאַרפרוירענע „פּיראַמידע״ אַרויף, איבערן לאָך. זי וואַקסט אַלץ העכער מיט יעדן טאָג ביז ס׳ווערט שוין אוממעגלעך צו מאַכן אַ געברויך פון דער „אובאָרנאַיאַ״. קריכן שוין די בירגער הינטער דער וואַנט, אין שניי און אין פראָסט, בייטאָג צי ביינאַכט. אַזוי פייניקט מען זיך אָפּ ביז פרילינג, ווען אַלץ צעגייט, צערינט. דאַמאָלס צעטראָגן זיך מיאוסמען, פּאַס־קודנע ריחות, וואָס פאַרסמען די לופט. דאַמאָלס קומט אַ גוטע „קאָניונקטור״ פאַר די „גאָלד־ראַמער״. מ׳גילדט זיי אָפּ ממש, זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיטן אָפּרייניקן דעם סם־המות פון שטאָט.

יאָ, די „גאָלד־ראַמער״...

אַזוי טרעף איך איינמאָל, אַנהויב זומער, אונדזערן אַ פּוילישן, אַ פּליט פון שעדלעץ, אַן אויסגעפּוצטן אין פיינע שטיוועלעך, אין אַ נייער פיינער בלוזע, מיט איין וואָרט — אין עסיק און אין האָניק.

— פון וואַנען און פון וואָס? — פרעג איך אים פאַרחידושט. ווייל מיט אַ געוויסער צייט צוריק האָב איך אים געטראָפן אין אַ גאָר קלאָגעדיקן מצב. ממש קרוע־בלויה.

— איך האָב געפּאַקט אַ „גאָלדענע״ אַרבעט אין טשקאַלאָוו. — ענטפערט ער מיר, — אַ חודש צייט אָפּגעאַרבעט ביי דער אַסעניזאַציע און געמאַכט אַ ביסל געלט. אויב איר ווילט, קאָנט איר אויך געהאָלפן ווערן. כ׳קאָן אייך געבן דעם אַדרעס.

— מוחל טובות...

— עס שמעקט טאַקע נישט... — זאָגט ער ווייטער. — מ׳קאָן זיך נישט ווייזן צווישן מענטשן. אפילו די קליידער ווערן דורכגענומען מיט שלעכטע

ריחות. אָבער די צייט לויפט דורך און מען ראַטעוועט זיך. איר ווייסט דאָך: אין רוסלאַנד לעבט מען נישט, נאָר מען ראַטעוועט זיך...

איך קוק אויף דעם פּליט פון פּוילן און טראַכט: אין דער היים איז ער געווען אַ סוחר, געפירט אַ פיין הויז. דאָ איז ער „פּראָלעטאַריזירט" געוואָרן... און ביי וואָס פאַר אַ „פּאַך"! וואָרום ביי קיין אַנדער אַרבעט האָט ער קיין פּרנסה נישט געהאַט.

און נאָך האָב איך געטראַכט: „אָרעמע רוסישע שטעט! די גרויסע ווי די קליינע. די פאַרוואָרלאָזטע דלותדיקע קיביטקעס מיט די אָרעמע מענטשן נע־בעך... ווו זענען דאָ זייערע גליקן?... ווו זענען די „גלעזערנע הייזער", וועגן וואָס עס האָבן געחלומט די בעלי־חלומות, די רעוואָלוציאָנערן, די וועלט־איבערקע־רער?... וואָס האָט מען צוגעזאָגט דעם פאָלק און וואָס האָט מען אים געגעבן?... דלות! גרויסער דלות!"...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# 46

## אַ פאָלק אין עשאַלאָנען...

איין טאָג, אין מיטן ברען פון ווינטער, זע איך שטיין ביי דער סטאַנציע אַ ריזיקן עשאַלאָן. פון די „טיעפּליושקעס" קריכן אַראָפּ „עקזאָטישע" פאַרשוינען: שוואַרץ־האָריקע און שוואַרץ־אויגיקע מאַנסבילן אין דינע כאַלאַטלעך און אין „טאַפּאַטשקעס". זיי ציטערן פון קעלט און לויפן אַהער־אַהין מיט קעסעלעך אין די הענט. דאָס זוכן זיי ביים וואָקזאַל „קיפּיאַטאָק". די „טיעפּלושקעס" זענען גע־פּאַקט מיט ווייבער און קינדער — אַזוי ווי די ציגיינער. לענג אויס דעם עשאַלאָן דרייען זיך אום עטלעכע שומרים פון דער „נ.ק.וו.ד.".

איך ווער באַלד געוואָר, אַז דאָס זענען טשעטשענצעס. דאָס וואָרפט מען זיי איבער אַלעמען ערגעץ אין די עקסטרעמע פּונקטן פון קאַזאַכסטאַן, הינטער אַלמאַ אַטאַ. מען דערציילט, אַז די טשעטשענצעס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. נו, איז איצט, נאָך דער באַפרייאונג פון יענע שטעט, רעכנט מען זיך אָפּ מיט זיי. אין משך פון געציילטע טעג האָט מען ביינאַכט די באַפעלקערונג פון די בעטן אַרויסגענומען און אַריינגעוואָרפן אין עשאַלאָנען. די „נ.ק.וו.ד.׳יסטן" זענען ספּע־ציאַליסטן צו אָרגאַניזירן אַזעלכע „פאָלקס־אַקציעס"... דער דאָזיקער עשאַלאָן איז נישט דער ערשטער. זינט נעכטן, דערציילט מען, גייען כסדר עשאַלאָנען מיט טשעטשענצעס. אַלע אַהין, אַהין, אין יענער ריכטונג.

אויך איך אין די ווייטערדיקע טעג האָב איך אַלץ געזען אַדורכגיין נאָך אַנדערע עשאַלאָנען מיט די טשעטשענצעס. זעט טאַקע אויס, אַז דאָס גאַנצע פאָלק טשע־טשענצעס גייט אַוועק מיט די עשאַלאָנען. איין עשאַלאָן נאָכן אַנדערן, איינער נאָכן אַנדערן. בייטאָג און ביינאַכט. שוין די לאַנגע נסיעה אַליין דורך שניי און פראָסט איז שוין קיין קליינע אָפּקומעניש פאַר זייער זינד...

עס איז טאַקע צו גלויבן, אַז די טשעטשענצעס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די נאַציס — אַזוי ווי די אוקראַינער, אַזוי ווי די טאָטערן, אַזוי ווי די לאַטישן און ליטווינער... („דרוזשבאַ נאַראָדאָוו"... — פעלקער־פריינטשאַפט...). און וויפל סאָ־וועטישע דיוויזיעס אין אוקראַינע האָבן זיך אין אָנהייב מלחמה איבערגעגעבן צו די דייטשן?... און עס פאַרדינען זיכער נישט די אַלע עלעמענטן מען זאָל אויף זיי מלמד זכות זיין... בפרט אַז זייערע הענט זענען אויך איינגעטונקט אין יידיש בלוט... זיי אַלע האָבן דאָך צוגעהאָלפן די דייטשן אין דער אויסראָטונג פון יידן...

עס פרעגט זיך נאָר: פאַרוואָס? פאַרוואָס האָט דער סאָוועטן־רעזשים געגעבן די פעלקער אַזאַ „גליקלעך לעבן", אַז זיי זאָלן באַדאַי אין די נאַציס זען די „דער־לייזער"?... און פאַרוואָס טאַקע האָט מען פון זיי נישט אויסגעוואָרצלט דעם גיפ־טיקן יידן־האַס? אויף אַזוי ווייט נישט אויסגעוואָרצלט, אַז אין די מאָמענטן פון די נאַצישע רציחות איבער יידן זענען אויך די סאָוועטישע פעלקער פון יענע געביטן אויף אַ האָר נישט אָפּגעשטאַנען פון די רוצחים?... פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

און נישט נאָר די קליינע און קלענערע פעלקער. צי ווייניק רוסן, גרויס־רוסן, האָבן געהאָפּט און געוואַרט אויפן „גערמאַן"? דאָס האָב איך אַליין אַרויס־געפילט אין די שמועסן פון נישט ווייניק רוסן. און אַז איך פלעג זיי אויפווייזן, אַז דער „גערמאַן", די דייטשן זענען באַנדיטן, רוצחים, פלעגן זיי מיר ענטפערן: „אָבער קיין קאָלכאָזן זענען אין דייטשלאַנד נישטאָ"...

יאָ, גרויס איז די טראַגעדיע פון אַ פאָלק, וואָס שטייט פאַר אַזאַ אָפּ־גרונט! — — —

## 47

## מען רויכערט די ביבליאָטעק

איך האָב איצט צייט בייטאָג, אין די אָוונטן — אַפילו בעת איך בין ביי דער אַרבעט אין „סבערקאַססאַ". וואָרום וואָס איז דען די אַרבעט פון אַן „אָכ־ראַנניק"? ער דאַרף נאָר זיין אויפן פּלאַץ, אָבער טאָן טוט ער דאָך גאָרנישט. האָב איך אויך ביי דער אַרבעט אויסגענוצט די צייט פאַר מיר. לייען איך, שרייב איך.

לייענענדיק די ביכער פון דער אָק־בולאָקער ביבליאָטעק, שטויס איך זיך אָן אויף אַן אויסטערלישער דערשיינונג: כמעט אין אַלע ביכער — אַפילו אין די נייערע — פעלן זייטן. אין טייל עטלעכע זייטן, אין אַנדערע — אַ צענדליק און מער.

פרעג איך איינמאָל די ביבליאָטעקאַרין:

— זאָגט מיר, גראַזשדאַנקאַ, פאַרוואָס פעלן זייטן כמעט אין יעדן בוך?

— אָטשען פּראָסטאָ, וויקוריוואַיוט... (גאָר פשוט, מ׳רויכערט אויס...). — ענטפערט זי מיר מיט אַ שמייכל.

זי פאַרענטפערט זיך דערביי, אַז זי איז דאָך נישט ביכולת צו קאָנטראָלירן די זייטן פון יעדן בוך, בעת אַ לייענער ברענגט עס אָפּ. זי וואָלט דאָך דאַן גע־מוזט פירן אַ גאַנצע קאַרטאָטעקע פון יעדן בוך באַזונדער — וויפל זייטן עס האָט ביים אַרויסגעבן עס צו יעטוועדן לייענער באַזונדער און וויפל עס האָט בעת מען ברענגט עס אָפּ...

אַוודאי איז זי נעבעך נישט שולדיק, די ביבליאָטעקאַרין. שולדיק איז דער גרויסער דוחק אין פּאַפּיר אין גאַנצן לאַנד. אַז עס פעלט פּאַפּיר אויף די סאַמע עלעמענטאַרסטע באַדערפענישן אין יעדן הויז, ביי יעדן בירגער. אין די קאַנ־צעליאַריעס שרייבט מען אויף מאקולאטור־פּאַפּיר. בריוו שיקט מען נישט אין קאָנווערטן, נאָר מ׳לייגט עס אויף אין אַ דרייעק. און בריוו שרייבט מען אויך אויף מאקולאטור. און אַז עס פעלט אויך מאקולאַטור, שרייבט מען בריוו אַפילו אויף צייטונגס־אויסשניטן. מען שרייבט אויף די בלויזן און צווישן די געדרוקטע שורות — און יוצא.

מיט צייטונגען איז אויך צרות. מ׳דרוקט אַ מינימום־טיראַזש און מען צע־שיקט איבערן לאַנד אין אַ זייער באַגרענעצטער צאָל עקזעמפּליאַרן. עס קלעקט נישט נישט פאַר די אמתע לייענער, נישט פאַר די רויכערער... אַז מען וויל לייע־נען אַ צייטונג, מוז מען אָנקומען צו „זכות־אָבות" — פּאָ בלאַטו". נאָר גרעסע־רע אינסטיטוציעס באַקומען אַ צייטונג. יחידים — זעלטן.

כ׳בין איינמאָל געווען אַן עדות פון אַזאַ סצענע אויפן טשקאַלאָווער באַזאַר ביי אַ קיאָסק פון „סאָיוז־פּעטשאַט'" (אָרגאַניזאַציע פאַר קאָלפּאָרטאַזש): פאַרן קיאָסק איז געשטאַנען אַ ריזיקע „אָטשערעד'" און געוואַרט, אַז דאָס פענצטערל זאָל זיך עפענען. פּלוצלונג האָט זיך עס טאַקע געעפנט און מ׳האָט פאַרקויפט די „פּראַוודאַ". בלויז אַ פופצן־צוואַנציק מינוט איז עס געווען אָפן. יעדער בירגער האָט זיך געבעטן ביים מיידל אין פענצטערל:

— נאָך איין צייטונג פאַר מיין שוואָגער...

— נאָך אַ צייטונג, גראַזשדאַנאָטשקאַ, פאַר מיין פעטער...

— גראַזשדאַנאַטשקאַ... נאָך איין צייטונג פאַר מיין ברודער... ער אַרבעט איצט און קאָן אַליין נישט קומען קויפן...

אַזוי יעדער איינער. און אַ סך פועלן טאַקע ביי איר און זי פאַרקויפט כמעט יעדערן צו צוויי עקזעמפּליאַרן. פון הינטן, פון „אָטשערעד׳ ״, טראָגן זיך קולות און פּראָטעסטן:

— ניעפּראַווילנאַ... לאָז איבער פאַר אַנדערע... גיב נאָר צו איין צייטונג...

הגם יעדער שרייער, ווען ער איז שוין אַליין ביים פענצטערל, פאָדערט אויך פון מיידל צוויי צייטונגען...

— נישטאָ מער! — דערהערט זיך באַלד דאָס פאַטאַלע וואָרט פון פענצטערל. דער גאַנצער עולם, וואָס האָט נישט באַוויזן צו באַקומען, איז אויפגערעגט. מ׳זידלט, מ׳שרייט. אָבער דאָס פענצטערל פאַרמאַכט זיך גלייך און — רייד צו דער לאָמפּ... און אין גרונט איז זי דאָך נישט אינגאַנצן שולדיק: אַז סך־הכל האָט זי געהאַט צו פאַרקויפן אַ באַגרענעצטע צאָל עקזעמפּליאַרן.

פון די אַלע קויפערס זענען טייל לייענער און טייל כאַפּן די צייטונג אויף רויכערן אָדער צו „מסחר״... טייל ווידער זענען אי לייענער, אי רויכערער. און נאָך אַ טייל — אי לייענער, אי רויכערער, אי סוחרים... אַלע דריי צוזאַמען... וואָרום אַ צייטונג איז דאָך אַ זיכערע „פּרנסה״: אַ צייטונג אין קיאָסק קאָסט אַ 20 קאָפּיקעס און אויפן באַזאַר נעמט מען פאַר אַן אַלטע צייטונג צום רויכערן פינף רובל.

מען זעט עס בפרהסיא: אויפן באַזאַר זיצט זיך רויק עפּעס אַ זקנה מיט אַלטע צייטונגען און זשעניִרט זיך נישט צו בעטן דעם אויפגעשרויפטן לעגענדאַרישן פּרייז. כ׳האָב קיינמאָל נישט באַמערקט, אַז אַ מיליציאָנער זאָל זי פאַרפאָלגן: אַן אומזיסטער קאַמף מיט ווינט־מילן.

נישט בחינם קורסירט אין רוסלאַנד אַ וויץ, וואָס איז שוין גאָר קיין וויץ נישט, נאָר אַ טרויעריקער אמת:

זיצן אין אַ וואַגאָן צוויי פּאַסאַזשירן און לאַנגווײלן זיך אין דער לאַנגער נסיעה. רופט זיך אָן איינער צום אַנדערן:

— אפשר האָט איר, פּעטערל, אַ צייטונג?

— ניין, כ׳בין נישט קיין רויכערער... — ענטפערט דער צווייטער.

אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַז מען זעט אַ מענטשן מיט אַ צייטונג, איז דער ערשטער געדאַנק: „אַ רויכערער״...

נו, איז שוין במילא קיין חידוש נישט, וואָס מען רויכערט אויס די ביכער אין די ביבליאָטעקן.

און וויפל פּראָפּאַגאַנדע־בראָשורן ווערן עס צעכאַפּט אין די קיאָסקן — אויך אויף רוסישע בראָשורן!
מען לייענט אַמאָל אין די סאָוועטישע ציימונגען די סטאַטיסטיקעס וועגן הויכע טיראַזשן פון געוויסע אויסגאַבן, פון פּאָפּולערע בראָשורן, פּובליקאַציעס. אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן דעם זעלבן גורל ווי די ציימונגען...
און היות איך בין נישט געווען פון די גאָר גליקלעכע, וואָס קאָנען קויפן ציימונגען, פלעג איך אָבער זיי קאָנען לייענען אין ביבליאָטעק. קום איך טאָקע זייער אָפט אַהין אַריין און קוק דאָרט איבער די „פּראַוודאַ", די „איזוועסטיאַ" און די „טשקאַלאָווסקאַיאַ פּראַוודאַ". די ציימונגען זענען דאָ אָנגעטאָן אויף שטעקע־לעך און ווערן אָפּגעהיט. מען באַקומט זיי פון דער ביבליאָטעקאַרין און איר מוז מען עס צוריקגעבן אַזוי ווי מען האָט זיי גאַנצערהייט גענומען פון איר.
די סאָוועטישע ציימונגען פאַרמאַטערן נישט צו שטאַרק דעם לייענער: פאַראַן דאָרט אַזוי פיל מאַטעריאַל נישט צום לייענען, ווי למשל: אָן אַ שיעור ידיעות און באַריכטן וועגן „נאָרמעס" פון „שלאַגלערס" אין קאָלכאָזן, וועגן „סטאַכאַ־נאָווצעס" אין די קוילן־שאַכטן צי אין די שטאָל־זאַוואָדן... לאָז איך עס אַלץ איבער, ווי אַלע טוען עס, און לייען די אינפאָרמאַציעס פון די פראָנטן; די אויס־לענדישע טעלעגראַמעס וכדומה. קוויק איך זיך מיט די כסדרדיקע דייטשישע מפּלות און ווערג זיך מיט טרערן ביים לייענען וועגן די נאַצישע גרויל־אַקטן אין מאַידאַנעק און טרעבלינקע... באַגיס איך זיך נישט איין מאָל מיט טרערן לייענענדיק וואָס די דייטשישע תליינים האָבן געטאָן מיטן ייִדישן פאָלק — — —
איינמאָל לייען איך אין דער „פּראַוודאַ" אַן „אומשולדיקע" באַשרייבונג, ווי אַזוי די אַרבעטנדיקע פון ווייטן צפון — אין וואָרקוטאַ — האָבן געפייערט דעם יום־טוב פון ענדיקן די צפון־אייזנבאַן, די „סיעוו־זשעל־דאָר".
„טרודיאַשטשיעסיאַ ליקאָוואַלי" — די אַרבעטנדיקע האָבן געיובלט — אָט אַזוי שרייבט די ציימונג. אַזאַ ציניזם האָט מיך פּשוט געהויבן אין דער לופטן. וואָרום ווער זענען עס אין דער אמתן די „אַרבעטנדיקע" אין וואָרקוטאַ? אַלץ דאָך שקלאַפן פון די לאַגערן! אַלץ דאָך די הונדערטער טויזנטער קאַטאָרזשניקעס! די קרבנות, וועמענס לעבנס עס ווערן אויסגעלאָשן אין ווינטער קאַטאָרגע, אין הונגער, אין קעלט, אין צינגאַ, אין בייזאַרטיקער בלוטנדיקער דעזינטעריע, אין טיפוס — — — — — —
און כ'געדענק עס זייער גוט: פון מיין לאַגער אין קאָמי האָט מען איינמאָל אויך געשיקט אַ היפּשע פּאַרטיע אין אַ „קאָמאַנדיראָווקע" קיין וואָרקוטאַ — צו העלפן בויען טאָקע יענע צפון־אייזנבאַן. און אויך איך האָב געזאָלט אַהין געשיקט ווערן, נאָר אַ נס איז געשען, וואָס אַ מעדיצינישע קאָמיסיע האָט מיך צוליב מיין

דאַמאָלסטיקן שוואַכן געזונט־צושטאַנד פאַרהאַלטן. ווען נישט וואָלט איך אויך געוועזן איינער פון יענע, וואָס „יובלען" איצט...

וויפל צענדליקער טויזנטער לעבנס פון לאַגער־שקלאַפן האָט עס פאַרשלונגען טאַקע אָט די „סיעוו־זשעל־דאַר"!...

און זיי, די ציניקער, פאַרגינען זיך צו שרייבן: „די אַרבעטנדיקע פון וויטן צפון האָבן געיובלט" — — — — — —

## 48

## דאָס גרויע לעבן

און אַז קיין צייט פעלט מיר נישט, קום איך אָפטער אַריין צו שכנים. איך האָב דאָך שוין קאָנטשאַפט. איך האָב דאָך אויך נישט ווייניק אָפּנעמערס פון די זאַכן אין מיינע פעקלעך, וואָס איך באַקום. שמועס איך מיט דעם און מיט יענעם. ווער איך געוואָר די פּרטים פון איטלעכנס לעבן. מיט דער צייט האָב איך אַזוי־אַרום באַקומען אַ קלאָר בילד ווי עס לעבן — בעסער: ווי עס ראַנגלען זיך די סאָוועטישע בירגער, די היגע איינוווינער; ווי אַזוי מ׳ברענגט צונויף אַן עק מיט אַן עק. אין קיין פאַל האָב איך נישט געזען, אַז מענטשן זאָלן לעבן בלויז פון זייער אַרבעט אויף אַ פּאָסטן. אויב אַפילו מען אַרבעט ערגעץ ביי דער מלוכה, מוז מען אויך עפּעס טאָן מן הצד, ביי זיך אין דער היים, כדי צו האָבן אויף דעם מינימאַלסטן אויסקומעניש. ווער עס מאַכט וואַליקעס, ווער עס לאַטעט שיך, שטיוול; ווער עס פלעכט פון צווייגן פּרימיטיווע שטולן, טישלעך. פּרויען שטריקן זאָקן, סקאַרפּעטקעס, וואָלענע הענטשקעס. טייל ווידער האַנדלען אונטער בשתיקה מיט וואָס עס לאָזט זיך.

די מער גליקלעכע זענען די יעניקע, וואָס פאַרמעגן אַ בהמה אין שטאַל, — פאַרקויפן זיי אויפן באַזאַר די מילך אָדער קעז און פּוטער. אַ געוויסן פּראָצענט פון מילך מוז מען אָפּגעבן ווי אַ שטייער דעם „מאָסלאָפּראָם". פאַר זיך אַליין פאַרגינט מען זיך זייער ווייניק צו געניסן פון מילך. פאַרן געלט, וואָס מ׳האָט פון מילך, קויפט מען אויפן באַזאַר דאָס נויטיקסטע צום אָנטאָן זיך. אַז עס קלעקט נישט פאַרן גאַנצן הויזגעזינד, איז טאַקע ביטער. קרעכצט מען, ווי אַלע בירגער קרעכצן.

אַ גרויסע הילף זענען די גערטענער. מיט די גערטענער ראַטעווען זיך אַ סך „כאַזייקעס". אַז מען באַקומט אַ שטיקל ערד ביים טייך, פאַרזייט מען קאַרטאָפל,

בוריקעס, מערן וכדומה. מען מוז אָבער אין גאָרטן אַריינלייגן אַ סך, אַ סך האָרע־וואַניע. די גאַנצע פאַמיליע, קליין און גרויס, מוז אָפּליגן גאַנצענע טעג ביים יעטן, ביים ארומגראָבן און באַגיסן די בייטן. די געגנט לײַדט דאָ פון אָפּטע טריקעניש. און אַז דער פּאַרזיי געלינגט, און אַז עס וואַקסט גוט, ראַטעווען שוין די ירקות אַ גאַנץ יאָר. מילא, איז אָן פליייש, איז אָן פעטס — אַבי אָנגעפילט דעם מאָגן. אמת, נישט שטענדיק איז מען זאַט פון די מאָגערע, פאָסטנע עסנס. דער הונגער נאָגט צו אָפט אין די אינגעווייידן. די קינדער מאָנען: ברויט! אָבער ברויט איז פאַראַן אין שטוב קאַרג. מער ווי 400 גראַם טעגלעך אויף אַ נפש קריגט מען נישט אויף די „קאַרטאָטשקעס".

כמעט אין יעדער משפּחה איז פאַראַן איינער אָדער צוויי מענטשן, וועלכע „דעקן זיך" מיט אַרבעט אין אַ „אוטשרעזשדעניע". יענע ברענגען אַריין אין שטוב די נישטיקע „זאַרפּלאַטאַ", וואָס קלעקט כמעט אויף גאָרנישט. די רעשט משפּחה־מיטגלידער — די זקנים, קינדער, יוגנטלעכע — לעבן שוין ווי „איזש־דעווענצעס", ווי נישט אַרבעטנדיקע, און זיי האָבן צייט עפּעס אַריינצובאַזאָרגן אין שטוב אַריין דורך אַנדערע וועגן. צי דורך אַרבעט אין גאָרטן, צי דורך שטילע מסחרימלעך.

יאָ, איך האָב איצט צייט אַלץ צו זען, אַלץ צו אָבסערווירן מיט די אייגענע אויגן און הערן מיט די אייגענע אויערן. זע איך טאַקע טאָג־טעגלעך דאָס גרויע לעבן פון די סאָוועטישע בירגער — אין די שטיבער, אין גאַס, אויפן באַזאַר.

אויפן באַזאַר קומט מיר אויס צו זיין כמעט יעדן טאָג. אַ דאַנק די פּעקלעך, וואָס איך באַקום פון אויסלאַנד, קאָן איך מיר דאָך פאַרגינען אַלע טאָג צו קויפן עפּעס צום עסן. אַ חוץ דעם האָב איך דאָך אָפט צום פאַרקויפן די „שמאָכטעס" פון די פּעקלעך. בין איך אויפן באַזאַר נישט נאָר אין די זונטיקס, נאָר אויך אָפט אין די וואָכן־טעג. פון „דזשאַינט" אין טעהעראַן שיקט מען אַמאָל זאַכן: אַמאָל פּראָדוקטן; פון תל־אביב נאָר זאַכן: דאַמען־וועש, שאַרפן, טריקאָ־לייבלעך, קלעצ־לעך גאָרן, נאָדלען, זייף מיט דער מאַרקע „שמן". דער דאָזיקער זייף האָט אונ־דזערע פּוילישע באַזונדער געלאָקט: פון איין זייט העברעיִשע אותיות „שמן"; פון דער צווייטער זייט — אַ יִידישע מנורה... עס האָט גערירט ווי אַ ווייטער גרוס פון יִידן, פון יִידישן לאַנד... איין שטיק זייף האָב איך פאַרהאַלטן פאַר זיך און זיך אַליין געוואַשן דערמיט מיר כוונה... אויפן באַזאַר האָט דער „שמן"־זייף געהאַט זייער אַ הויכן „קורס". טאַקע געווען פון בעסטער קוואַליטעט. מ'זעט עס גאָר־נישט אין רוסלאַנד אַזאַ מין.

היות ווי איך האָב זיך אויפן באַזאַר נישט זשענירט און נישט געשראָקן צו פאַרקויפן מיינע אייגענע סחורות — כ'בין דאָך געווען געשיצט מיט דער

פאַקטורע אין טאַש, — האָב איך רויִק געקאָנט אָבסערווירן דעם האַנדל־וואַנדל. געזען ווער אַלץ און מיט וואָס יעדער האַנדלט. אַלץ האַנדלט. יונג און אַלט, מאַנס־בילן, ווייבער. און אַלץ איז דאָ אַ סחורה — פון אַ פּופּייקע ביז אַ באַדל; פון וואַלי־קעס ביז אַ קנעפּל; פון אַ שעפּסן־פּעלץ ביז אַ זשילעטקע צום ראַזירן זיך. אַלץ האַנדלט, אַלץ וואַנדלט. אויף געשטעלן פאַרקויפן „כאַזייקעס" מילך, זויער־מילך, קעז, פּוטער. עס קאָסט טייער, נאָר מען קויפט. ווי אומעטום דאָ, קויפן די, וואָס פאַרדינען — כשר, צי טריף; וואָס גיבן זיך „אַן עצה"... קאָלכאָזניקעס פאַרקויפן ווייץ, „פּשענאָ" — פאַרדינטע פון „טרודאָדני" און אויך געלקחנטע. ווער קאָן עס דערקענען? עס שטייט אויף דעם גאָרנישט אָנגעשריבן... קאַזאַכן אין די יאַט־קעס פאַרקויפן פערד־פלייש און קעמל־פלייש. די דאָזיקע פערד און קעמלען זע־נען געניזוקט געוואָרן ביי דער אַרבעט אָדער זענען שוין געווען אַזוי אַלט און קראַנק און אויסגעדינט און מ'האָט זיי שוין געמוזט „ליקווידירן" איידער זיי כאַפּן אַליין די פגירה. די קאַזאַכן כאַפּן דאָס פערד־פלייש און באַלעקן זיך. קיין חזירים עסן זיי נישט. אויך ביי זיי איז „טשוטשקאָ" (חזיר) טריף.

זעט מען אויפן באַזאַר אויך אונדזערע ייִדן, די פּוילישע. יעדער טראָגט עפּעס צו פאַרקויפן. ווער טאַקע פון די „דזשאָינט"־פּעקלעך, ווער אייגענע „שמאָכ־טעס" — אויב עמיצער האָט נאָך עפּעס; ווער עס מסחרט סתם: פאַרקויפט גע־קויפטע מציאות... אַזוי גוט ווי אַ סך היגע, רוסן און קאַזאַכן, אויפן באַזאַר. זע איך תמיד אויפן באַזאַר זלאַטען פון וואָלאָמין, פון הינטער וואַרשע. אַ ייִדענע מיט דריי קליינע קינדערלעך נעבעך. דער מאַן איז שוין לאַנג אַוועק אין „סטראָי־באַט". מוז זי אונטערהאַנדלען און זי טראָגט עס אַ גאַנץ פּעקל „באַראַכלאָ" (שמאָכטעס) אויפן אָרעם און אַקסל: העמדער, קאַלעסאָנען, ליילעכער, האַנטיכער, „פאָרטיאַנקעס", יאַקעס וכדומה.

דרייט זיך אום אין געטומל דער לאָדזשער גדליה מיט אַן „אָטריעז" שטאָף אויף אַן אָנצוג און אַ פּאָר „גאַליפע"־הויזן צום פאַרקויפן. ער אַרבעט אויפן עלע־וואַטאָר, האָרעוועט זייער שווער ביים שלעפּן די זעק פון די „בעסטאַרקעס" און קאַמיאָנען! אָבער זיינע פאַרדינסטן זענען אים צו ווייניק אויף אויסצוקומען פאַר זיך און זיין יונג ווייבל. אויף אָנצוטאָן זיך קלעקט זיי נישט.

און נאָך אַנדערע „סוחרים" זעט מען דאָ, וואָס אין דער היים, אין פּוילן, זענען זיי געווען אַזוי וויט פון מסחר ווי הימל פון ערד. אלא וואָס דען? מען מוז דאָך... מען מוז זיך ווי עס איז ראַטעווען...

קומט צו מיר צו אויך אַן עלטערער פּאַליאַק, יוזעף, פון הינטער וואָלקאָ־וויסק. ער אַרבעט לעצטנס ווי אַ באַגרעבער אין מיליטערישן שפּיטאָל פאַר גע־פאַנגענע. ער אַרבעט דאָרט „פּאָ דאָגאָוואָרו" — לויט אַן אָפּמאַך: פאַר יעדן גע־

שטאַרבענעם קריגט ער פינף רובל קבורה־געלט. היות ווי די שטאַרביקייט אין דאָזיקן שפּיטאָל איז אַ גרויסע, „גייט ער ממש אין גאָלד"... כמעט אַלע טאָג פירט ער אַרויס אויף אַ שליטן עטלעכע שטיק פּאַראַמאָל. ער פירט זיי אַרויס אַ 5—6 קילאָמעטער הינטער דער שטאָט און באַגראָבט זיי אויפן פעלד אין איין פלאַכן גרוב, אונטערן שניי.

— וואָס פאַרקויפט איר, פּאַניע יוזעפּיע? — פרעג איך אים.

— ציין, — ענטפערט ער. — גאָלדענע ציין...

און ער טוט מיר אַ ווייז אַ קליין לייוונטן בייטעלע מיט גאָלדענע ציין. ער האָט דאָס בייטעלע אָן עפן געטאָן און מיר געוויזן: ציין! מאַסיווע גאָלדענע ציין און „קאָראָנעס". די „קאָראָנעס" זיצן נאָך אויף די ציין־וואָרצלען...

— פון וואַנען האָט איר עס?

— טאַקע פון די טויטע... איידער איך באַגראָב זיי, רייס איך זיי אַרויס די גאָלדענע ציין פון די מיילער...

עס האָט מיך דורכגענומען אַ קאַלטער שוידער. כ׳האָב זיך פון אים באַלד דערווייטערט. פון אים און פון זיין „סחורה"...

— פּאַניע! פּאַניע! — שרייט מיר נאָך דער אַלטער פּאָליאַק.

— וואָס איז?

ער גייט צו צו מיר גאָר נאָענט און נעמט ריידן גאָר שטיל:

— אפשר ווייסט איר, ווער עס דאַרף האָבן „חזירימלעך"? *). פאַראַן דאָ אַ רוס, וואָס האָט פאַרגראָבן אין דער ערד אַ גאַנצן אוצר מיט גאָלד־שטיקלעך... פינפערלעך... צענערלעך... ער האָט עס נאָך פון די צאַרישע צייטן. ער וויל איצט פאַרקויפן אַ ביסל. אפשר האָט איר אַ קונה? פּאַניע, מיר קאָנעןביידע פיין פאַרדינען.

„נאָך דאָס פעלט מיר: גאָלד! — טראַכט איך — איך בין אַ „סוחר" על פּי נויט. ווען דער חלף ליגט מיר אויפן האַלדז... איצט אָבער, אַז איך באַקום שוין פעקלעך און קאָן מיר ווי עס איז אַן עצה געבן, בין איך אויס „סוחר".

— ניין, פּאַניע יוזעפּיע! — ענטפער איך אים — איך ווייס נישט פון אַזאַ קונה.

און גיי מיר ווייטער מיין וועג. עס שוידערט מיך אַלץ פון דאָזיקן גוי מיט זיין טאָרבעלע גאָלדענע ציין אין טאַש...

אין איין עק באַזאַר בלייב איך שטיין ביי אַ רעדל מענטשן. דאָס רוב ווייבער. יונגערע, עלטערע. אין מיטן רעדל זיצט אַ בלינדער טרעפער. ער טאַפּט

*) אויפן מסחר־לשון: צאַרישע גאָלדענע מטבעות.

מיט די פינגער אין אַן אָפענעם בוך מיט רעליעפער בלינדן־שריפט. ווייבער, איינע נאָך די אַנדערע, וואַרפן אים אַריין אין היטל אַ פּאָר מטבעות, פרעגן אויף מאָגען, אָדער זין, וואָס אויפן פראַנט, וועלכע שרייבן שוין לאַנג נישט קיין בריוו. דער בלינדער „לייענט", טאַפּנדיק מיט די פינגער די אותיות אין זיין בוך. ער „לייענט" אויפן קול:

— איך „זע" אַ „דאָם קאַזיאַנני"... ער ליידט, אָבער ער לעבט...

„דאָם קאַזיאַנני" טייטשן אויס די ווייבער: שפּיטאָל... ער איז פאַרוווּנדעט און איז אין שפּיטאָל. רינען טרערן ביי די דאָזיקע ווייבער, אָבער זיי טרייסטן זיך, וואָס ער לעבט כאָטש. וועט ער דאָך אפשר צוריקקומען...

אַזוי טוישן זיך די ווייבערביים בלינדן טרעפער און ער איז כסדר אַרום־גערינגלט.

יאָ, אויך דער אָבערגלויבן ביים המון איז נישט קלענער געוואָרן אין רוס־לאַנד אין משך פון דעם פערטל יאָרהונדערט נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע... דער זעלבער אָבערגלויבן, אָבער נאָך אַ גרעסערע אָרעמקייט! יעדן בירגער, אין יעדער שטוב פעלט דאָך דאָס סאַמע נויטיקסטע, דאָס סאַמע עלעמענטאַרסטע. אַז אַ קנעפּל איז אַ קרן, אַ נאָדל — פון גרויסער חשיבות, אַ שטיקל זייף — אַ פּראָבלעם!

נישט אומזיסט די רירנדיקע סצענעס, בעת איך נעם אָפּ אַ פּעקל אויף דער פּאָסט. אַז דאָס פּאָסט־מיידל עפנט פאַר מיר דאָס פּעקל צום קאָנטראָלירן, צי עס שטימט מיט דער פאַקטורע, — דאַן בין איך איר שוין מיט עפּעס מכבד: אַמאָל מיט עטלעכע נאָדלען, אַמאָל מיט אַ ביסל מילך־פּולווער, מיט אַ ביסל נישט־צעמאָלענער קאַווע. אירע אויגן צעשטראַלן זיך בעת־מעשה פון שמחה און זי רופט אויס פול מיט התפּעלות:

— קאַק וואַם כאַראָשאָ! (ווי גוט איז אייך!) מען געדענקט אָן אייך...

איינמאָל האָב איך אויף דער פּאָסט מיט עפּעס אויך מכבד געווען אַ צווייטער יונגער „גראַזשדאַנקאַ", וועלכע דערליידיקט דאָרט די ענינים פון „סאָיוז־פּעטשאַט'". דערפאַר האָט זי מיר צוליב־געטאָן און מיר צוגעטיילט דעם אַבאָ־נאָמענט פון דער „איניקייט". סך־הכל קומען אָן אין ראַיאָן צוויי עקזעמפּליאַרן פון דער יידישער צייטונג. כאָטש דאָ וווינען יידן־פּליטים, רוסישע און פּוילישע, אין די הונדערטער. בין איך עס געוואָרן איינער פון די צוויי אַבאָנענטן. עס זענען וועגן דעם געוואָר געוואָרן היימישע באַקאַנטע יידן און די צייטונג פלעגט פון מיר כסדר גיין פון האַנט צו האַנט. פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן איבערלייענען האָט זי געמוזט צו מיר צוריקקומען, ווייל אויך איך בין דאַן געווען אַ רויכערער...

**
*

און אַז איך האָב געענוג צייט, ציט עס מיך אַמאָל אין אַ מילדערן טאָג סתם אַ שפּאַציר צו טאָן איבער די אויסגעטראָטענע שנייאיקע גאַסן. זע איך אַזוי איינמאָל, פאַרבייגייענדיק, ווי ביי דער באָד שטייט אַ גרעסערע גרופּע געפאַנגענע, באַוואַכט פון „נ.ק.וו.ד."־שומרים. די געפאַנגענע האָבן אַ שוידערלעך אויסזען: ממש סקעלעטן! אויסגעדאַרטע, פאַרוואָקסענע, איינגעהויקערטע, אין צעקנאַדערטע בלויע שינעלן, די פיס אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס. די שיך האָט מען פון זיי אפּנים אַראָפּגעצויגן... פון צווישן נייגעריקן עולם טיילן זיך אויס אַ פּאָר פּוילישע — פון אונדזעריקע ייִדן — און שיקן פרעגן צו איינעם אַ געפאַנגענעם, אין וועמען זיי האָבן דערקענט אַ ייִד. מ'פרעגט אים אין ייִדיש:

— אַ ייִד, האַ? אַ ייִד?...

— אַ ייִד... אַ ייִד... — ענטפערט יענער אַ דערפרייטער, מאַכנדיק מיט דער האַנט.

— פון וואַנען זענט איר?

— פון קאַרפּאַטן־געגנט... פון אונגאַרן...

צו דעם דאָזיקן סקעלעט שאַרן זיך צו נאָך אַנדערע סקעלעטן־ייִדן.

— פון וואַנען קומט איר? — גייען צו זיי ווייטער פרעגן.

— ווי קומט איר אין דער דייטשישער אַרמיי?

קומען קורצע ענטפערס:

— מיר זענען נישט געווען אין דער אַרמיי... נאָר אין די אַרבעט־באַטאַליאָנען...

ס'איז קלאָר. אַזוי איז עס טאַקע געווען. די אונגאַרישע ייִדן האָט מען נישט איינגעגלידערט אין דער אונגאַרישער אַרמיי, נאָר מ'האָט זיי געשיקט אין די אַרבעטס־באַטאַליאָנען הינטערן פראָנט, דאָס רוב אין אוקראַינע. דאָרט האָבן זיי געגראָבן אָקאָפּעס, טראַנשייען, און דאָרט טאַקע זענען זיי פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אין געפאַנגענשאַפט. אַ סך ייִדן, — דערציילן זיי ווייטער, — זענען געשטאָרבן אויפן לאַנגן וועג... פון הונגער און שטאַרקע פרעסט... און די אַלע, וואָס האָבן זיך דערשלעפּט ביז אַהער, זענען קראַנקע, צעבראָכענע, טייל מיט הויכער טעמפּעראַטור. דאָס האָט מען זיי געבראַכט גלייך פון עשאַלאָן צו דער באָד פאַרן אַרייננעמען זיי אין דעם שפּיטאָל פאַר געפאַנגענע.

שווער צו גלויבן, אַז די דאָזיקע סקעלעטן וועלן נאָך ווערן נאָרמאַלע געזונטע מענטשן. דאָס רוב פון זיי זענען זיכער קאַנדידאַטן אין יוזעפס שליטן... און ווער פון זיי עס האָט גאָלדענע ציין אין מויל, וועט שוין אַוודאי ספּעציעל באַהאַנדלט ווערן נאָכן טויט פונעם מאַקאַברישן „דענטיסט"...

פלוצלונג נעמט אַרויס איינער פון די געפאַנגענע ייִדן אַ ספרל פון טאַש און שטרעקט עס אויס צו די פוילישע:

— נאַט, ייִדן... ווער וויל אַ סידורל?... דאָס האָב איך צוגענומען פון אַ געשטאָרבענעם אין וועג... איך האָב אַן אַנדערן...

איינער פון די פוילישע האָט, אומבאַמערקט פאַר דער וואַך, שנעל צו אים אַ שפרייז געטאָן און אַ נעם געטאָן דאָס סידורל.

איך האָב שפּעטער אויך געהאַלטן דאָס סידורל אין מיינע הענט און געבלע־טערט עס. ס׳איז געווען אַ שוואַרץ געבונדן סידורל — אַ „כל־בו". געדרוקט בק"ק לעמבערג. אַלץ איז אין אים געווען. אַלע תפילות. אַפילו גאַנץ תהלים צום סוף. און אַוודאי האָט דער פריִערדיקער אייגנטימער פונעם ספרל נישט איינמאָל זיך געטרייסט מיט די תפילות, מיט די מזמורים פון דוד בן ישי... דאָך איז ער נעבעך אומגעקומען בגיא צלמות... אונטער די טיפע שנייען פון די רוסישע סטעפּעס — — — — —

אין אַלע אַרמייען פאַלן זיי, די ייִדן... אויף אַלע פראָנטן פון דער וועלט... פאַר וואָס? פאַר וועמען? . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 49

## דער פריילעכער און... טרויעריקער זומער

אַוועק שוין דער שווערער דרום־אוראַלער ווינטער. געקומען אַ פרילינג מיט צעגאָסענע לוזשעס איבער די אַק־בולאַקער נישט ברוקירטע, ברייטע דאָרפישע גאַסן. די קיביטקעס האָבן זיך באַפרייט פון די פעסטונגען שניי און האָבן זיך געטריקנט אונטער די וואַרעמע שטראַלן פון דער זון. טירן האָבן זיך צעעפנט און די אָרעמשאַפט האָט זיך אַרויסגעשאָטן אויפן פרייען, ליכטיקן דרויסן.

דורך דער לופט האָבן זיך געטראָגן פריילעכע בשורות. בשורות טובות פון אַלע פראָנטן. אין אַ סך הערצער האָבן זיך אויפגעוועקט האָפענונגען...

און נאָך דעם פרילינג איז געקומען אַ זומער — אַ גאָר פריילעכער: עס האָט זיך געעפנט דער „צווייטער פראָנט" אין נאָרמאַנדיע. די מחנות, מחנות פון די „אַליאירטע" אַרמייען אויף מערב און אויף מזרח פאַרטרינקען די דייטשישע בעסטיעס אין זייער אייגן בלוט... מען יאָגט זיי, מען פאַרפאָלגט זיי, מען דער־שטיקט זיי ווי די ווילדע שרצים. אין אַלע זייטן, אויף אַלע פראָנטן. מען מאַכט אַלץ ענגער זייער שטח, זייער רוים — היטלערס „לעבנס־רוים"! — אין שרפות

און ווײסטער בהלה... בערלינער גאַסן, גיט איבער דער ראַדיאָ, זעען שוין באַלד אויס ווי פּאַמפּעאַ...

אַ פרײלעכער זומער האָט זיך געשטעלט.

אַ פרײלעכער, אָבער אויך — אַ טרויעריקער... אַ זײער טרויעריקער פאַר ייִדן...

אויב עס האָבן זיך נאָך געפונען ביז איצט געוויסע ייִדן גלויביקע, בעלי־בטחון, וועלכע האָבן אין דער שטיל געגלייבט די האָפענונג, אַז אפשר האָט דער ביטער־ער גזר פון אומקום אויסגעמיטן זייערע נאָנטסטע אין פּוילן; אפשר האָבן זיי אויסגעמיטן דעם גורל פון די פאַרגאַזטע אין די טויט־פאַבריקן, — איז שוין איצט — אין זומער 1944 — די מינדסטע האָפענונג זייערע פאַרשוווּנדן, גע־פּלאַצט ווי אַ זייפן־בלאָז... עס זענען שוין דערגאַנגען געגויע גרוסן, די צייטונגען האָבן שוין געבראַכט קאָנקרעטע ציפער, סטאַטיסטיקעס וועגן די מיליאָנען אומ־געבראַכטע ייִדן אויף דער פּוילישער ערד... עס האָבן זיך שוין אומגעקערט קיין אַק־בולאַק פאַרוווּנדעטע רויטאַרמייער פון די באַפרייטע שטעט אין ווײסרוסלאַנד, אין אוקראַינע און אויך שוין אין פּוילן, אַלע, אַלע שטעט, דערציילן די פאַר־וווּנדעטע, זענען איצט ייִדן־ריין... עס האָבן זיך נאָר געראַטעוועט ייִדן־יחידים, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, ביי פּאַרטיזאַנער, אָדער אין גרי־בער און מעלינעס אויף דער „אַרישער זייט"... די אַלע ייִדן פון די געטאָס זענען ליקווידירט, פאַרגאַזט געוואָרן אין טרעבלינקע, אין מאַידאַנעק, אין אָשוויענטשים, אין בירקענאַו, אין בעלזשיץ און אַנדערע טויט־לאַגערן. מען ווייס שוין איצט געגויע די נעמען פון די אַלע לאַגערן. פאַראַן שוין די עדי־ראיה, די צייטונגען ברענגען טייל נעמען פון אַזעלכע עדות, גיבן איבער וועגן די אכזריותן מיט די מינדסטע פּרטים.

אַ פאָלק, אַ גאַנץ פאָלק איז אויסגעשאָכטן געוואָרן!...

אויסגעשאָכטן געוואָרן פאַר די אויגן פון אַ וועלט... די טויט־פאַבריקן האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט. די אויוונס האָבן געברענט, די קוימענס גערויכערט און — דער תליון האָט געשאָכטן...

פאַר די אויגן פון אַ וועלט...

און די ערד האָט זיך נישט געטאָן קיין טרייסל, דער הימל האָט געקוקט אַ בלויער און די זון האָט געשיינט — — —

אַ פרײלעכער זומער געווען, דער זומער 1944; אָבער אויך אַ שוואַרצער, אַ טרויעריקער פאַר די אַלע איינזאַמע ייִדן אין דער פרעמד, צעשפּרייטע און צעזייטע אויף דער פרעמדער ערד... עס האָט זיי נישט געטרייסט דער געדאַנק, וואָס זיי האָבן זיך געראַטעוועט, וואָס זיי האָבן אויסגעמיטן די גאַז־קאַמערן —

האָבן זיי דאָך אין דער חרובער היים אַלעמען, אַלעמען פאַרלוירן... היינט וואָסער זין האָט שוין ווייטער זייער בידנע לעבן?...

ייִדן זענען אין דאָזיקן פרייַלעכן זומער אומגעגאַנגען ווי די שאָטנס און זיך קיין אָרט נישט געפונען, נישט געקאָנט געפינען קיין ברעקל נחמה אין דער רשעותדיקער וועלט.

די אַק־בולאָקער „פּאָלאָניאַ" איז שיטערער געוואָרן. אַ סך זענען שוין אַוועק אין דער נייער פּוילישער אַרמיי, וואָס שלאָגט זיך שוין לעבעדיק אויף די פראָנטן, ביי דער באַפרייאונג פון די פּוילישע שטעט — פון די פּוילישע שטעט אָן ייִדן... לעצטנס איז אַ ביסל געענדערט געוואָרן דער קורס: מ'האָט גענומען אין דער פּוילישער אַרמיי אַפילו די יעניקע ייִדן — די גרויסע מערהייט — וועלכע האָבן געהאַט אין זייערע סאָוועטישע פּאַספּאָרטן די באַצייכענונג: „נאַציאָנאַלנאָסט' — יעוורעי"; נישט דווקא „פּאָליאַק" — ווי מ., למשל, האָט „אַדורכגעשמוגלט" אין דער מיליץ.

אויך צ. ז. איז שוין מאָביליזירט געוואָרן. ער האָט מיר געשריבן פון וועג, אַז מען שיקט אים אין באַפרייטן לובלין; אַז אין גיכן וועט ער האָבן די מעגלעכקייט צו זען מיט זיינע אייגענע אויגן דעם גרויסן ייִדישן חורבן.

אויך מיין גראַדנער „זעמליאַק" ר. איז שוין לאַנג נישטאָ. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער געמאָלדן זיין „כאַזייקאַ", אָדער וויב, אַז דער „וואָיענקאָמאַט" רופט אים; אַז ער גייט אין דער רויטער אַרמיי. אַוועק און — ווי אין וואַסער אַריין. ער שרייבט איר גאָרנישט און זי ווייס אַפילו נישט ווו זיין געביין איז אַהינגעקומען. בעת זי טרעפט מיך אין גאַס, פרעגט זי מיך:

— איר מוזט וויסן ווו ער איז, האַ?...

— פון וואַנען ווייס איך?

— איר ווייסט, איר ווילט מיר נישט זאָגן. אייך שרייבט ער.

זי האָט טאַקע געהאַט אינטואיציע: אין עטלעכע טעג אַרום באַקום איך פון אים אַ פּאָסט־קאַרטל פון טשקאַלאָוו. ער שרייבט מיר, אַז ער אַרבעט דאָרט אין אַ מיליטערישער „שוואַלניע". ער בעט מיך, איך זאָל למען השם נישט דערציילן וועגן דעם פּאָסט־קאַרטל זיין „כאַזייקאַ" און נישט געבן איר זיין אַדרעס. מילא, נישט מיין זאַך צו מישן זיך אין „פאַמיליע־ענינים" פון צעריסענע פאַרפאַלקן: אמתע, כדת משה וישראל, אָדער על פּי „זאַגס"... האַלב־פיקטיווע, צונויפגעקלעבטע מיט ניכטערן שפייעכץ.

איז קלענער, איינגעשרומפּענער געוואָרן דער קרייז פון די פּוילישע.

טאָג־טעגלעך פאַרנעם איך דורכן ראַדיאָ אין „סבערקאַססאַ" דעם באַקאַנטן

נוסח פון דער „סוואָדקאַ", איבערגעגעבן פון „סאָוואינפאָרמביוראָ": ... „אי שטור־מאָם אָוולאַדיעלי גאָראָדאָם..." (און מיט שטורעם האָט מען באַהערשט די שטאָט...).

אַלץ נייע שטעט באַפרייט, אַלץ נייע געביטן, אַזוי אויף אַלע פראָנטן, וואָס ציִען זיך אויף טויזנטער, טויזנטער קילאָמעטער... פראָנטן איבער גרענעצן, אי־בער לענדער...

אויך מיין היימיש גראָדנע איז שוין באַפרייט. גראָדנע און די אַלע שטעט און שטעטלעך אַרום. אויך מיין געבורט־שטעטל אמדור — אינדורא — איז דערמאָנט געוואָרן אין דער „סוואָדקאַ" צווישן די באַפרייטע „נאַסיעליאָנני́ע פּונק־טי"... (באַפעלקערטע פּונקטן). פלאַטערט איז מיר דאָס האַרץ... איך ציטער אינ־גאַנצן ביי דעם געדאַנק: „וואָס איז מיט מיין גרויער מאַמען?... וואָס איז מיט מיין שוועסטער?" — — —

האָב איך גענומען שרייבן בריוו. אָט סתם אַזוי געשריבן, הגם איך האָב נישט געהאַט קיין שום אילוזיעס. איך האָב געשריבן אויף די אַלע אַדרעסן פון מיינע נאָנטע — מאַמען, שוועסטער, אַלע פיר פּלימעניקעס. געשריבן צו פריינט און היימישע באַקאַנטע: צום זשורנאַליסט דוד בערעזאָווסקי (רעדאַקטאָר פון געוו׳ „גראָדנער מאָמענט"), צום געזעלשאַפטלעכן עסקן נח באַס, צו ד"ר בריזמאַן, צום לאַוזניק צבי טאַרלאָווסקי און צו אַנדערע. געפּרוּווט אויך שרייבן צום „ייִדישן קאָמיטעט" — הגם כ׳האָב נישט געגלויבט, אַז דאָרט איז גאָר פאַראַן אַ וועלכע נישט איז קערפערשאַפט. אַ חוץ דעם האָב איך זיך געווענדט צום „גאָראיספּאָל־קאָם" און צו דער מיליץ.

אויסער קיין גראָדנע האָב איך אויך געשריבן קיין אמדור: צו אַ מומע מיי־נער (פּרוסאַק), צו אַ גוטן פריינט — דעם אַפּטייקער יתום — און צום „גאָראיס־פּאָלקאָם".

און כ׳האָב געוואַרט...

אויף וואָס געוואַרט?...

דאָס זענען געווען בריוו צו — מתים — — — —

## 50

## ווען פּוילישע שטעט ווערן באַפרייט

און אַז פּוילישע שטעט ווערן יעדן טאָג באַפרייט דורך דער רויטער אַרמיי, ווערט רירעוודיקער די פּוילישע גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן.

און אָט הערט מען שוין וועגן אַ באַזוך פון פּוילישן פּרעמיער־מיניסטער

מיקאַלאַיטשיק אין מאָסקווע. ווערט ווידער געבוירן אַ האָפענונג ביי די פּוילישע אין סאָוועט־רוסלאַנד: אפשר?... אפשר וועט מען דאָך קאָנען אַרויספּאָרן אַמאָל, כאָטש מ׳האָט אונדז מזכה געווען מיט סאָוועטישע פּעסער?

אָבער דער קרעמל איז אין שטייפן רעזערוו צו דער לאָנדאָנער פּוילישער רעגירונג. דער קרעמל שענקט איצט מער אויפמערקשאַפט דעם געשאַפענעם פּוילישן נאַציאָנאַלן רעטונגס־קאָמיטעט אין באַפרייטן לובלין, וואָס ער אַליין, דער קרעמל, האָט געהאָלפן שאַפן. דאָרט זיצן דאָך און דאָמינירן אייגענע מענטשן.

דער קרעמל איז אויך פאַראינטערעסירט אין דער אויפגעקומענער אָרגאַניזאַציע „ז.פּ.פּ.״ („זוויאָנזעק פּאַטריאָטוו פּאָלסקיך״ — פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן) אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע. אויך אין דאָזיקן פאַרבאַנד זענען ביי דער אָנפירונג דאָס רוב אייגענע מענטשן. אין סאַמע שפּיץ — וואַנדאַ וואַשיליעווסקאַ. איז הערט מען אין קרעמל מיקאַלאַיטשיקן, זיינע טענות און תביעות — ווי דעם קאָטער... פאַרט ער אַוועק מיט דעם וואָס ער איז געקומען...

— „ז.פּ.פּ.״ —

אויך אין טשקאַלאָוו איז שוין פאַראַן אַ צענטראַלע פון דאָזיקן פאַרבאַנד פאַרן גאַנצן אָבלאַסט׳. פאַרשטייט זיך, אויך מיט קאָמוניסטן פון פּוילן בראש: אינזש׳ סרעברעניק — פאַרזיצער; קרופּקאַ — גענ׳־סעקרעטאַר. זייער ערשטע אַרבעט, כדי צו געווינען די פּוילישע, איז געווען — הילף־צוטיילונגען. רעזערוון מלבושים און פּראָדוקטן האָט די סאָוועטישע מאַכט געהאַט דאָך צוגענומען פון אַלע ליקווידירטע פּוילישע דעלעגאַטורן. האָט מען איצט די אַלע קאָנפיסקירטע, פאַרשלאָסענע מאַגאַזינען אומעטום געשטעלט אין רשות פון דער לייטונג פון „ז.פּ.פּ.״ — ווי די נייע פאַרזאָרגער און ווי די יורשים פון יענע ליקווידירטע. די הילף איז גיך אויך דערגאַנגען אין די ראַיאָנען.

אין אַק־בולאַק זענען נאָמינירט געוואָרן צוויי יידישע בחורים — קאָמוניסטן פון פּוילן — ווי די פאַרטיילער פון דער הילף פאַר די פּאָליאַקן אין ראַיאָן. עס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מלבושים — מאַנטלען און קאָסטיומען. מאַנטלען אַ צענדליק, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן צו „אייגענע״... קאָסטיומען זענען געווען מער און מ׳האָט זיי צעטיילט אין אַ גרעסערער צאָל. דאָס זענען געווען מיליטעריש קאָסטיומען פון גרינעם קאָליר, פון ענגלישער אָפּשטאַמונג. דאָס האָט די פּוילישע רעגירונג געכאַפּט אין לאָנדאָן די „מציאה״ און איצט איז עס דערגאַנגען אַהער צו אונדז. אָבער אויך גוט ווען קיין אַנדערע, קיין בעסערע זענען נישטאָ. כמעט אַלע פּוילישע האָבן זיך מיטאַמאָל אויסגעפּוצט אין גרינס, אין איין אוניפאָרם: שמאָלע בלוזעס און ברייטלעכע הויזן, וואָס האָבן זיך אונטן

ביי די פיס פאַרקנעפּלט. דער שטאָף איז געווען אַ סאָלידער, אַ דיקער וואָל. אַז די רוסן פלעגן איצט זען אין גאַס אַזאַ „גרינעם", האָבן זיי שוין געוווּסט: „עטאָ פּאָליאַק"... די פּוילישע האָבן אויסגעזען ווי אַן אוניפאָרמירטע גרינע אַרמיי... אָבער יעדער פּוילישער האָט „פּאַראַדירט" אין דאָזיקן קאָסטיום נישט אָן אַ געפיל פון צופרידנקייט: כאָטש דורך דער אַנדערשקייט פון דער הלבשה האָט ער געקרן אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז נישט קיין דאָאיקער, נישט קיין סאָוועטישער מענטש, נאָר אַ פרעמדער, אַן אויסלענדער.

פלעגן שוין אויך דערגיין קיין אַק־בולאַק די פּוילישע אויסגאַבן „נאָווע ווידנאָקרענגי" און „וואָלנאַ פּאָלסקאַ" — די אָרגאַנען, וועלכע זענען אַרויס ביים צ"ק פון „ז.פּ.פּ." אין מאָסקווע. עס האָט אין די דאָזיקע זשורנאַלן זיך געהערט איבער אַלעמען די שטים פון וואַנדאַ וואַשיליעווסקאַ. די ביידע זשורנאַלן האָבן באַצייטנס שוין צוגעגרייט דעם באָדן און דעם קלימאַט פאַר דעם „נייעם פּוילן"... עס איז געווען אין זיי אַ געמיש פון פּאַטריאָטיזם מיט קאָמוניזם...

אין איינעם אַ טאָג איז קיין אַק־בולאַק אַראָפּגעקומען דער גענ׳־סעקרעטאַר פון „ז.פּ.פּ." אין טשקאַלאָוו, קרופּקאַ, כדי אויך אין אונדזער ראַיאָן צו אָרגאַניזירן אַן אָפּטיילונג פון דער אָרגאַניזאַציע. פאַרשטייט זיך, פאַרזען אויך מיט אַן אייזערנעם בריוו פון דער סאָוועטישער מאַכט. קרופּקאַ איז אַ ייִד, אַ ייִד פון לאָדזש; אָבער ער איז געווען זייער אָפּגעהיט אין די שמועסן מיט ייִדן צו לאָזן פאַלן אַ ייִדיש וואָרט. דער לאָדזשער יונגערמאַן, אַ דערצויגענער מסתמא אויפן לאָדזשער באַלוט, האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אַז ער קען נישט קיין ייִדיש... אַ פּאָר טעג האָט ער זיך געפּלאָנטערט אין שטאָט, פאַרשטענדיקט זיך קודם־כל מיט דער אָרטיקער מאַכט; גערעדט מיט דעם, מיט יענעם; מיט פּאָליאַקן, מיט ייִדן; נאָכגעפרעגט זיך ביי איינעם אויפן אַנדערן וועגן זיין „אַני מאמין", וועגן זיין „כשרות"... און לסוף איז גערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די אַלע פּוילישע — ייִדן און פּאָליאַקן. אויך פון די נאָנטע קאָלכאָזן האָט מען אַראָפּגעבראַכט די פּוילישע — מיט דער „גוטהייסונג" פון מלכות.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין בנין פון „פּאָססאָוויעט" (פּאָסיאָלקאָווי סאָוועט — ישובישער ראַט) און ווי אַ פאָרשטייער פון דער מאַכט איז אויך איינגעלאַדן געוואָרן דער נאַטשאַלניק פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. דאָס האָט די „ראַיקאָמפּאַרטיע" באַשטימט.

געקומען אַ היפּשער עולם. אַלע לאַנגע בענק זענען געווען באַזעצט.

מיר האָט מען געמאָלדן, אַז איך דאַרף עפענען די פאַרזאַמלונג: מ׳האָט קרופּקאַן מן הסתם אינפאָרמירט, אַז איך דאַרף על פּי שכל קאָנען די מלאכה... צום האַרצן איז עס מיר נישט געווען; אָבער פאַרפאַלן. האָב איך געמוזט אָננעמען

די דאָזיקע מיסיע. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, געמוזט ראשית באַגריסן אין רוסיש דעם פאָרשטייער פון דער מאַכט און בין באַלד אַריבער צו פויליש. כ׳האָב זאַכלעך אינפאָרמירט אין וואָס עס האַנדלט זיך, וועגן דעם צוועק פון דער פאַרזאַמלונג און האָב גלייך איבערגעגעבן דאָס וואָרט דעם גאַסט פון טשקאַלאָוו. קרופּקאָ האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט אין פויליש וועגן די פּערספּעקטיוון פון „נייעם פּוילן", וועגן די „גליקן" פאַר פּוילן, ווען עס וועט גיין האַנט ביי האַנט מיטן גרויסן, מעכטיקן מזרח־שכן — מיטן ראַטנפאַרבאַנד. ער האָט שטאַרק אָנגעגריפן די לאָנ־דאָנער פּוילישע גלות־רעגירונג ווי אַ נעסט פון פינצטערער רעאַקציע און גערופן די פּאָליאַקן צו האַלטן זיך פעסט ביי דער אמתער פריינטשאַפט, וואָס עס ווייזט אַרויס דעם פּוילישן פאָלק דער „פאָטער פון די פעלקער", יאָסיף וויסאַריאָ־נאָוויטש סטאַלין...

ס׳איז דאָך נישט שייך געווען קיין שום דיסקוסיע אַרום רעפעראַט — דאָס האָב איך שוין צו גוט געוווּסט... האָב איך, ווי דער פאָרזיצער פון דער פאַר־זאַמלונג, גאָרנישט געפרעגט ביי דעם עולם ווער עס וויל אַ וואָרט... האָב איך גלייך געמאָלדן, אַז מיר גייען איבער צום צווייטן פּונקט פון סדר־היום: וואַלן פון אַ ראַיאָן־קאָמיטעט פון „ז.פּ.פּ.".

דאָ דערלאַנגט מיר גלייך קרופּקאָ אַ רשימה פון דריי קאַנדידאַטן: לעאָנאָוויטש — פאָרזיצער, גראָנאָטשטיין — סעקרעטאַר און גאָדלעווסקי. דאָס הייסט: צוויי פּאָ־ליאַקן און איין ייִד... הגם אין גאַנצן ראַיאָן איז אַ באַדייטנדיקע מערהייט ייִדן... כ׳זע אין דעם אַ מין „מה יפית" פאַר די פּאָליאַקן. באַדאַי אַ פּאָליאַק ווי גאָד־לעווסקי, וואָס איז דאָך פריִער געווען אַ „מאָנזש זאַאופאַניאַ" פון דער ליקווידיר־טער „דעלעגאַטור".

קרופּקאָ בעט אַ וואָרט און דערקלערט, אַז די דאָזיקע דריי מענטשן פאַר־דינען געוויילט צו ווערן, ווייל זיי צייכענען זיך אויס ווי „סטאַכאַנאָווצעס" אויף זייערע אַרבעטס־פעלצער.

ס׳הייסט: אַ טאָפּלטער „מה יפית": לגבי די פּאָליאַקן און לגבי דער סאָוועַ־טישער מאַכט...

און אַזוי איז עס געבליבן. קיינער איז נישט אַרויסגעטראָטן קעגן דעם פאָרגעלייגטן צוזאַמענשטעל פון קאָמיטעט. דערמיט האָט זיך די פאַרזאַמלונג געשלאָסן. עכט סאָוועטיש...

מען מוז עס פאַרצייכענען: הגם צווישן די פּוילישע אין גאַנצן ראַיאָן זענען קאָמוניסטן געווען ווייניקער ווי פינגער אויף איין האַנט, פונדעסטוועגן האָבן זיך אַלע ווי איינער אָנגעשלאָסן אָן „ז.פּ.פּ.". דאָ איז אין גרונט נישט געווען קיין שום פראַגע פון איבערצייגונג. די איינציקע סיבה איז געווען די, וואָס אין דער

דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָט מען געזען אַ קליין, שמאָל טירל, דורך וואַנען מ׳וועט זיך מיט דער צייט אפשר קאָנען אַרויסבאַקומען פון רוסלאַנד... נאָך דער דעפּרי־מירטער שטימונג ביי די פּוילישע צוליב די סאָוועטישע פּעסער איז איצט ביי אַלעמען געבוירן געוואָרן אַ נייע האָפענונג, און די דאָזיקע האָפענונג האָט אַלע־מען צוגעבונדן צו דער אָרגאַניזאַציע.

נישט עפּעס אַנדערש...

## 51

# אַ פרוי אין שאָטן

צווישן דער „פּאָלאָניאַ ראַדזיעצקאַ״ (סאָוועטישע פּאָלאָניאַ) אין אַק־בולאַק איז געווען איינע אַ ייִדישע פרוי, אַ וואַרשעווערין, וואָס האָט געלעבט אַזוי ווי מן הצד, אין שאָטן. אין די „אָבשטשעזשיטיעס״, אָדער אין די פּריוואַטע קיביט־קעס, ווו פּוילישע האָבן געוווינט ביי „כאַזייקעס״, האָט מען זי אויך קיינמאָל נישט געטראָפן. זי האָט געלעבט פאַר־זיך, אָפּגעזונדערט — אַ פרוי אין שאָטן.

באַקענט מיט איר האָט מיך איינמאָל איר מאַן, וואָס האָט שווער געאַרבעט ביי עפּעס אַ שוואַרצער אַרבעט, און אַז איר מאַן איז שפּעטער מאָביליזירט גע־וואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי, האָב איך זי אַ לאַנגע צייט מער נישט געטראָפן. פאַרשוווּנדן, גלייך ווי אויך זי וואָלט ערגעץ־ווו מאָביליזירט געוואָרן.

איינמאָל טרעף איך זי צופעליק אויפן באַזאַר. כ׳האָב זי באַמערקט לכתחילה פון דערווייטנס. איר אויסזען האָט מיך אינטריגירט: עפּעס האָט זי אָפּגעהיט איר פּרוויאַנישן שיק, איר גאַנג, איר האַלטונג. איך זע, זי טראָגט נאָך אַ קלייד פון פּוילן — כאָטש ווייט נישט קיין נייע. אויך אירע פאַנטאָפּל זענען זיכער וואַר־שעווער. און פאַרקעמען פאַרקעמט זי זיך אויך מיט פּרוויאַנישער פּעדאַנטיש־קייט. אויף אירע אַקסלען איז פאַרלייגט אַ זיידענער שאַרף — אויך נישט פון דאַנען... קורץ — קיין סימן נישט פון דער אָפּגעלאָזנקייט אינעם אָנטאָן זיך, וואָס מ׳זעט שוין איצט ביי כמעט אַלע פרויען פון פּוילן: דאָס שווערע לעבן אין רוסלאַנד האָט אַלעמען פאַרמאַטערט, צעבראָכן. איבעריקנס, די בעסטע מלבושים זענען שוין ביי אַלעמען אויספאַרקויפט געוואָרן אין די ביטערע יאָרן פון וואָגל און הונגער. שוין אַלץ, אַלץ ביי אַלעמען פאַרטאַכליעוועט, אויסגעביטן געוואָרן אויף ברויט, אויף „לעפּיאָשקעס״, כדי דעם אויסגעפּייניקטן גוף צו דערהאַלטן.

זי, די וואַרשעווערין, זע איך, האַלט זיך נאָך מעשה־מענטש און מעשה־פרוי... אַ חידוש!

איך דערנענטער זיך צו איר און גריס זיך מיט איר.

— גוט, וואָס כ׳האָב אייך געטראָפן, — זאָגט זי מיר אין פויליש, — כ׳האָב צו אייך אַ בקשה: העלפט מיר פאַרקויפן אַ ביסל ווייץ.

— וואָס פאַר אַ ווייץ? ווי קומט צו אייך ווייץ?

— דאָס האָב איך באַקומען פאַר אַרבעט אין אַ סאָווכאָז.

און זי דערציילט מיר נאָך אַ פּאָר פּרטים: זי האָט געאַרבעט ווי אַ שניי־דערין עטלעכע וואָכן אין אַ סאָווכאָז ביי אַן עלטסטן פּריוואָט. מ׳האָט איר גע־צאָלט מיט פּראָדוקטן. וויל זי עס פאַרקויפן אַ 30 קילאָ ווייץ.

— גוט, כ׳וועל אייך העלפן.

זענען מיר אומגעגאַנגען איבערן באַזאַר ווי שפּאַצירנדיקע, הין און צוריק, און כ׳האָב אָפּגעשטעלט דעם און יענעם און טאַקע באַלד געפונען אַ בעלן. זענען מיר צוזאַמען מיטן קונה אַוועק צו איר — אין אַ שכנותדיקער גאַס, נישט ווייט פון באַזאַר, אין אַ ווינקלדיקער קיביטקע — און דער מסחר איז געמאַכט געוואָרן.

— רעכנט אַראָפּ 10 פּראָצענט פאַר אייך. — לייגט זי מיר פאָר.

— אָ ניין, אַ דאַנק! כ׳בין איצט נישט קיין סוחר און נישט קיין מעקלער...

— אויב אַזוי, וועט איר כאָטש מיר העלפן עסן קאַרטאָפל, וואָס כ׳האָב מיר אָפּגעקאָכט.

— דערויף בין איך מסכים...

זענען מיר געזעסן ביי איר אין באַשיידענעם חדר — אַ מין פאָדער־צימער פון אַ וווינונג; אָבער ביי אַ טישל מיט בענקלעך. און געגעסן האָט מען אויך נישט פון קיין קעסעלע, ווי אונדזערע פּוילישע פּליטים זענען שוין צוגעוווינט, נאָר פון טעלער, מיט לעפלען. איז עס אַ חידוש! און נאָך אַ חידוש: איר דירהלע — דער פאָדער־צימער — איז גוט אויסגעקאַלכט, ווייס; איר געלעגער, אַ טאַפּטשאַן — זויבער פאַרבעט, מיט אַ צודעק און אַ „יאַשעק״ (קליין קישעלע) צוקאָפּנס.

— פון וואַנען ביי אייך אַזאַ אָרדענונג, אַזאַ ריינקייט? — פרעג איך זי.

— איך מאַך מיר אַליין אַ „סאַן־אָבראָבאָטקאָ״... — לאַכט זי. — ווען איך וואָלט געדאַרפט לעבן אין שמוץ, ווי מ׳לעבט דאָ, וואָלט איך שוין לאַנג געשטאָרבן.

— יאָ, אָבער ווי איז עס מעגלעך? אין אונדזערע באַדינגונגען?

דערציילט זי מיר נאָך פּרטים:

— אין מיין וואַרשעווער רייכער שטוב בין איך קיינמאָל קיין שניידערין נישט געווען. כ׳בין בכלל געווען צעקריגט מיט דער נאָדל... דאָ אָבער... פּרוּ׳ער זיך געגנוג אָנגעפּייניקט: צוערשט אויף פאַרשיקונג, אין אַ „פּאָסיאָלאָק״, אין קאַלטן סיביר... ביי וואַלד־אַרבעט... קוים מיטן לעבן אַרויס... איבערגעלאָזט דאָרט אַ קבֿרל פון אַ קינד...

דאָ רייסט די דערציילערין איבער און ווישט זיך די אויגן. אַז זי באַרויִקט זיך, ציט זי ווייטער דעם פאָדים פון איר דערציילונג:

— שפּעטער... דאָ אויף דער אַזיאַטישער ערד האָבן מיר געפּרוווט אַרבעטן אין אַ קאָלכאָז, אין „קראַסנאַיאַ זוויעזדאַ“. מיין מאַן האָט געאַרבעט מיט אָקסן און איך האָב געאַרבעט ווי אַ קעכין... גאַנצענע טעג פאַרשוואַרצט געוואָרן ביי דער פעלד־קיך אין סטעפּ. האָב זיך נישט געקאָנט צופּאַסן צו די פּויערים, צו די קאָלכאָזניקעס מיט זייערע אָקסן. נישט איך, נישט מיין מאַן. זענען מיר געקומען אַהער, אין דער „סטאָליצאַ“ אַק־בולאַק. דער מאַן האָט זיך נעבעך געפּייניקט ביי שווערער שוואַרצער אַרבעט און פאַרדינט האָט ער... איר ווייסט דאָך אַליין וויפל מען פאַרדינט דאָ פון אַרבעט... איבעריק אייך צו זאָגן... נו, זענען אַוועק ביי אונדז וואָכן און חדשים פון הונגער... פון חדשים זענען געוואָרן יאָרן... מיר האָבן שוין ביידע אויסגעזען ווי די סקעלעטן... געזען, אַז מיר קומען אום, האָב איך זיך געפּרוווט נעמען צו דער נאָדל... פאַרקויפט אַ היפּשן ברילאַנטל פון דער היים און איינגעהאַנדלט אין טשקאַלאָוו אויפן באַזאַר אַ ניי־מאַשין — אַן אַלטן „גראַט“, וואָס מ׳דאַרף כסדר דרייען און אונטערשטופּן מיט דער האַנט... אַנדערש גייט זי נישט... און שטעלט אייך פאָר, אַז דאָס האָט אונדז געראַטעוועט...

— ווי איז עס מעגלעך? — פרעג איך — איר קענט דאָך נישט דעם פאַך!

— ביי זיי דאַרף מען דען קענען? מען דאַרף נאָר זאָגן, אַז מען קען... איבעריקנס, וואָס פאַר אַ קונץ איז עס צו לאַטן, צו ניצעווען... מען מאַכט דען דאָ נייע זאַכן, נייע פאַסאָנען? דאָ טראָגט מען זיך לויט פאַריזער מאָדע?... איבערנייען, פאַרלאַטן אַן אַלט העמד, אַן אַלט קליידל, צי אַ פאַרטוך קען איך אויסגעצייכנט! איר וועט דאָך לאַכן, האַ? איך האָב שוין געפּרוווט איבערמאַכן פאַר אַ קאָלכאָזניק פון אַ שינעל אַ מאַרינאַרקע...

— נו, איז עס גוט אַרויסגעקומען?

— אַ נפקא מינה... — לאַכט זי, — אַבי אויפגענייט... די אַרבל זענען דאָך געווען די זעלבע. כ׳האָב זיי נאָר אַ ביסל געקירצט. אויך די לענג פון שינעל האָב איך געקירצט. נאָר איין צרה האָב איך געהאַט — קעשענעס. די קעשענעס זענען געווען צו נידעריק אין שינעל און אין דער מאַרינאַרקע זענען זיי אַרויסגעפאַלן. דער קאָלכאָזניק איז געווען מעשה־שטן פון זייער נידעריקן וווּקס. און קיין נייע קעשענעס האָב איך נישט געקענט מאַכן. נישט געכאַפּט נאָך דעם שניט... נו, האָב איך געמאַכט אַ מאַרינאַרקע אָן קעשענעס... אַז דער בעל־דבר האָט נאָכדעם געפרעגט: „סטייטש, ווו זענען די קעשענעס?“ — האָב איך אים געענטפערט: „קאַרמאַני טיעפּער ביע וו׳מאָדיע“... (קעשענעס זענען איצט נישט אין דער מאָ־

דע...); אַז אין פּאַריז טראָגט מען רעקלעך אָן קעשענעס... און זאָל ער מיך פירן קיין פּאַריז און באַוויזן, אַז איך זאָג אַ ליגן...

— אַן אשת־חיל! — באַוווּנדער איך זי.

— די נויט איז אונדזער לערער... — באַמערקט זי.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, — פרעג איך זי ווייטער, — פאַרדינט איר טאַקע אויף פּרנסה?

— איצט, ביי דער נאָדל, זיכער! עס פעלן מיר נישט אין שטוב קיין פּראָדוקטן און כ׳בין קיינמאָל נישט הונגעריק. פון צייט צו צייט פאָר איך צו מיט מיין ניי־מאַשין „אויף גאַסטראָלן" אין זעלבן סאָווכאָז — כ׳האָב דאָרט אַ פּאָר קליענטן — זיך אָפּ דאָרטן אַ פּאָר וואָכן און ברענג צוריק אַ גאַנצן רעזערוו: קאַרטאָפל, מעל, „פּשענאָ"... איך פאַרגין מיר אַפילו צו קויפן אָפט אַ ביסל מילך, קעז, צי גאָר אַ שטיקל פלייש אויף אַ קאָטלעט... אדרבה, קומט צוגיין, באַרדזאָ פּראָשען, כ׳פאַרבעט אייך זונטיק אויף מיטאָג.

— אַ שיינעם דאַנק! כ׳בין זייער גערירט פון אייער איינלאַדונג און קאָן מיר נישט אָפּזאָגן.

— באַרדזאָ פּראָשען.

— און, זאָגט מיר, ווי איז עס ביי אייך מיט ייִדיש? סטייטש, פאַרוואָס רעדט איר גאָרנישט קיין ייִדיש? איר קענט נישט, צי איר ווילט נישט?... — פרעג איך זי אין דעליקאַטן טאָן.

— איך רייד שלעכט ייִדיש. פאַר אייך שעם איך זיך. איר וועט זיכער לאַכן פון מיר.

— פאַרוואָס עפּעס לאַכן?

— ביי אונדז אין שטוב איז אַזוי געווען ווי אין אַ סך ייִדישע הייזער: טאַטע־מאַמע האָבן טאַקע גערעדט ייִדיש. אָבער די טעכטער זענען געגאַנגען אין אַ פּוי־לישער גימנאַזיע, האָבן זיך דערצויגן אויף מיצקעוויטשן און סלאָוואַצקין און זיך געשעמט מיט ייִדיש.

— יאָ, קלאָר. אַזוי איז עס, צום באַדויערן, געווען ביי אַ סך וואַרשעווער ייִדן.

***

צו זונטיק איז שוין געווען נישט ווייט — אַ פּאָר טעג סך־הכל.

און אָט זיץ איך ווידער ביי פעלען (אַזוי האָט געהייסן מיין וואַרשעווערין). דאָס מאָל ביים מיטאָג־טיש. דער טיש איז פאַרשפּרייט מיט אַ ווייס סערוועטל, סערווירט מיט גאָפּל און לעפל. אַ מעסער איז געווען נאָר איינער... געווען אַ מיטאָג מיט אַ פאָרשפּייז — הערינג!

— ווו האָט איר געפּאַקט די „סיעליאַדקאַ״?...

— אַלץ ביים צוג „מאָסקוואַ־אַלמאַ אַטאַ״... נישקשה, פּאַר געלט קאָן מען זיך נאָך ווי עס איז אַן עצה געבן. איר האָט דאָך מיר פאַרקויפט ווייץ. פאַרגעסן?

נאָך דער פאַרשפּייז קומט אַ זופּ. נישט קיין זופּ, ווי מ׳פלעגט קאָכן אין דער היים: אַ ביסל, קוים ביזן מיטלסטן ראַנד פון טעלער, כדי נישט אָנצוגיסן אַ פולן בויך. דאָ מוז מען קאָכן אַזוי עס זאָל זעטיקן: אַ סך און געדיכט, ביזן אויבערשטן ראַנד, ווייל עס האָט דאָך תמיד געשראָקן דער הונגער. דערצו איז דאָך דאָ זופּ דער הויפּט־עסן. האָט פעלע שוין אויך געקאָכט איר זופּ לויטן דאָזיקן שטייגער. אַ קרויט־זופּ מיט קאַרטאָפל אינעווייניק, מיט שווימענדיקע שטיקלעך פעטס.

— פעטס? פון וואַנען האָט איר פעטס?

— אַלץ פון סאַווכאָז. געקריגן דאָרט אַ שטיק „סאַלאָ״ (חזיר־פעטס).

— אַלץ די נאָדל?

— אַלץ די נאָדל. דאָס אַלץ וואָס איר זעט דאָ אויפן טיש, איז דער נס פון דער נאָדל.

נאָך דער זופּ איז געקומען דאָס דריטע געריכט: קאָטלעטן, פּרעפּאַרירט אויפן היימישן שטייגער. ברויט האָט אויך נישט געפעלט: דאָס האָב איך שוין באַזאָרגט. אָנשטאָט בלומען, אָדער ווייַן, האָב איך געבראַכט אַ פּאָר פרישע „לעפּיאָשקעס״ פון באַזאַר. איך האָב אויך געבראַכט לכבוד דער געמיינזאַמער סעודה מיט דער וואַרשעווערין אַ ביסל אוריוק, געקויפט ביים צוג „טאַשקענט־מאָסקוואַ״.

קורץ — אַ היימישער מיטאָג, אַ סעודה כיד המלך, וואָס כ׳געדענק שוין נישט ווען איך האָב אַזוינס געגעסן.

און נאָך מיטאָג — אַ סיורפּריז: קאַווע! שוואַרצע קאַווע איז גלעזער, אָנגעגאָסן אין דער העלפט.

— פון וואַנען אַזאַ „לוקסוס״? — בין איך נייגעריק.

— דאָס איז שוין פון ארץ־ישראל. פון אַ פּעקל.

דער אַראָמאַט פון דער קאַווע האָט גערייצט און דערמאָנט די פאַרשווונדענע צייטן...

— איר ווייסט, פעלע, עס דאַכט זיך מיר איצט, אַז איך זיץ אין וואַרשעווער „זשעמיאַנסקאַ״...

זי שמייכלט און ענטפערט מיט אַ בענקשאַפט אין דער שטים:

— מיר מוזן אָבער פאַרמאַכן די אויגן און נישט אָנקוקן דעם אַרום...

פאַלט פעלע אַריין אין סענטימענטאַלקייט. נעמט זי אונטערברומען, ווי מיט גרויס כוונה, קענטיק, איר באַליבט לידעלע:

# אברהם זאַק

קאַכאַי מניע,
יאַ בענדען טוואַיאַן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זינט יענער צייט איז די דאָזיקע קיביטקע געוואָרן פאַר מיר אַ סטאַבילער ווינקל, וווּהין איך פלעג כמעט יעדן אָוונט אַריינקומען.

— כ׳בין געקומען קיין וואַרשע... — פלעג איך שפּאַסן, אַריינקומענדיק צו פעלען.

זייער אָפט פלעג איך פעלען טרעפן אין אַן אַנדער „שיק", אין אַן אַנדער קליידל פון דער היים.

— אַ וווּנדער, ווי איר האָט עס אַפּגעהיט אייערע קליידער! — זאָג איך.

— אַ, גענוג שוין פאַרקויפט. איצט טו איך עס שוין מער נישט.

איך זע אויך אויף איר פינגער אַ רינגל מיט אַ בריליאַנטל און באַמערק איר:

— אויך דאָס האָט איר אָפּגעהיט. מאַלאַדיעץ!

— דאָס איז אַ מתנה, און מיט אַ מתנה צעשיידט מען זיך נישט...

— גרינג צו זאָגן! אָבער אַז מען מוז?

— איצטער מוז איך נישט.

אויפן טישל פלעגן זיך שפּיגלען צוויי גלעזער טיי. אין אַ טעלערל פלעגן ליגן אויך קיכעלעך, וואָס פעלע פלעגט אַליין אויסבאַקן.

— ווי אין „זשעמיאַנסקאַ"... — פלעג איך תמיד איבערחזרן. דאָס איז פאַר פעלען געווען דער גרעסטער קאָמפּלימענט.

— עך... צי וועלן מיר נאָך אַמאָל זיין „דאָרטן"... אין וואַרשע?... — פלעגט זי אָפּזיפצן.

— זיין וועלן מיר אפשר יאָ; אָבער וואָס וועלן מיר דאָרטן געפינען?... איצט ווייסן מיר דאָך שוין וואָס די תלינים האָבן געמאַכט פון אונדזערע נאָענטע...

איך זע: פעלעס אויגן צעגלאַנצן זיך. אויך זי האָט דאָך איבערגעלאָזט אַזוי פיל נאָענטע משפּחה־מענטשן אין איר געבורט־שטאָט — אין איר וואַרשע.

— אַ קאָשמאַר! — רופט זי אויס — אַ סך מאָל צעשריי איך זיך אין מיטן נאַכט פון שלאָף און די „כאַזייקאַ" כאַפּט זיך אַריין און וועקט מיך אויף.

אַמאָל נעמט זיך פעלע ציילן. זי ציילט און רעכנט וועמען אַלץ זי האָט איבערגעלאָזט אין וואַרשע, אין לאָדזש, אין קאַליש... צענדליקער, צענדליקער משפּחה־מענטשן... אַזוי פיל טייערע, וואָס זענען איינגעבאַקן אין איר האַרצן...

— איר ווייסט, — זאָגט זי מיר בעת מעשה, — עס שרעקט מיך יענער מאָמענט פון צוריקקער: ווי וועט דאָס האַרץ קאָנען איבערטראָגן און נישט פּלאַצן

ביים בילד פון חורבן?... ווען דו ועסט דערזען, אַז קיינער און גאָרנישט איז געבליבן? — — —

אין אַזעלכע רגעס פלעגט זיך דאַכטן, אַז אַלץ, וואָס געווען — דאָס גאַנצע לעבן, די היים, די נאָנטע געשטאַלטן — אַלץ, אַלץ איז ווי אַ ווייטער חלום... געווען און פאַרשוווּנדן און וועט זיך שוין מער נישט אומקערן — — — — — — —

אין מיטן, צווישן דעם פאַרגאַנגענעם און דעם איצטער, ליגט אַן אָפּגרונט, אַ טיי־פער אָפּגרונט — — — —

כאַפּסטו זיך אָן אַן אַ וואַרעמען בליק, אָן אַ שטומען האַנט־דרוק, אָן דעם צערטלעכן טעמבער פון דער שטים — ווי אַ זיך טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי... פון דיין גאַנצן וועזן שרייט אַרויס דאָס גרויסע עלנט און זוכט אַן אויסלייזונג אין די רגעס פון פאַרגעסונג — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַז איך פלעג אַוועקגיין פון יענער קיביטקע איבער די נאַכטיקע טויטע גאַסן פלעג איך פאַרנעמען די שטים פון מאָסקווע דורכן ראַדיאָ־הילכער, וואָס איז מאָנטירט אויפן דאַך פון דער לאָקאַלער ראַדיאָ־סטאַנציע:

... „אי שטורמאָם אָוולאַדיעלי גאָראָדאָם...‟

אַזוי ווערן זיי באַפרייט, די פוילישע שטעט, איינע נאָך די אַנדערע: לעמבערג, סטאַניסלאַוואָוו, ביאַליסטאָק, בריסק, שעדלעץ, מינסק־מאַזאָוויעצק... עס רוקט זיך שוין דער שטורעם אויף וואַרשע.

ווי וועט עס זיין? ווי וועט עס טאַקע אויסזען? עס ציטערט דאָס האַרץ, עס קאָרטשעט זיך די נשמה אין יסורים — — — — —

## 52

## צווישן רוסישע יידן

מיט מיין „כאַזייקאַ‟ איז געשען אַ שטיקל „מכשול‟:

פון אירע וואָליקעס האָט זי פאַרדינט נישט שלעכט, פלעגט זי אַלע זונטיק מאַכן ביי זיך אין שטוב הוליאַנקעס. פלעגן קומען שכנים, שכנטעס. הוליאַנקעס מיט „סאַמאָגאָנקאַ‟ און טענץ. מיין „כאַזייקאַ‟ האָט געקענטביידע זאַכן: אי מאַכן גוט אַ כוסה, אי טאַנצן. זי איז געווען פון הויכן וווּקס, פלעגט זי מיט די לאַנגע פיס מאַכן ווילדע העוויות ביי די פרימיטיווע פאָלקס־טענץ. אָבער אַזוי טאַנצנדיק און אַזוי טרינקענדיק אין די זונטיקס האָט זי זיך אפּנים פאַרגעסן און זי איז

„פאַרגאַנגען אין טראָגן״... איר בויך איז געוואָקסן — אַזוי אַז איך האָב שוין דערקענט, אַז מיט איר איז „נישט גלאַטיק״... טאַקע ווי וועט עס זיין? איר מאַן איז אויפן פראָנט... און אַז ער וועט צוריקקומען?... אמת, קיין בריוו שרייבט ער שוין נישט לאַנג; אָבער קיין שום ידיעה, אַז ער איז טויט האָט זי אויך נישט באַקומען. איז זי געוואָרן מער שווייגעוודיק און איז ווייניקער ווי תמיד פון כאַטע אַרויס. איך האָב באַמערקט, אַז איינער אַ שכן, שוין נישט קיין יונגער, אַ ביסל אַ הינקענדיקער אויף אַ פוס, פלעגט כמעט אַלע אָוונט צו איר אַריינקומען. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ער דער שולדיקער אין איר „מכשול״...

איין טאָג דערקלערט מיר מיין „כאַזייקאַ״ מיט אַ נישט דרייסטער שטים:

— אַבראַם יאַקאָווליעוויטש! איך וויל אייך עפּעס בעטן. די נאַרע, אויף וועלכער איר שלאָפט, איז מיר נויטיק צו מיין אַרבעט. צו די וואַליקעס. איר זעט דאָך, ס׳איז צו ענג ביי מיר. בעט איך אייך, זוכט זיך אויס אַן אַנדער דירה.

כ׳האָב זי תיכף פאַרשטאַנען; מסתמא איז זי שוין ווייט אַוואַנסירט אין איר שוואַנגערשאַפט. עס דערנענטערט זיך די אויפלייזונג. איז איר אומבאַקוועם פאַר אַ פרעמדן מענטשן אין שטוב...

— פאַזשאַלויסטאַ, נאַטאַליאַ מיכיילאָווּנאַ! — ענטפער איך איר גלייך — כ׳גיי נאָך היינט אַרויס זיך אומקוקן. אין אַ פּאָר טעג אַרום צי איך זיך אַרויס.

— ספּאַסיבאַ, אַבראַם יאַקאָווליעוויטש! איר ווייסט דאָך, איך האָב צו אייך גאָרנישט. איר זענט זייער אַ ליבער מענטש. אָבער... מיין אַרבעט...

— כ׳פאַרשטיי, כ׳פאַרשטיי... איר דאַרפט זיך גאָרנישט באַאומרויקן וועגן מיר. כ׳וועל מיר זיכער אויסזוכן אַן אַנדער ווינקל.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך שוין איבערגעצויגן אין אַן אַנדער דירה, אויף דער דעמיאַן ביעדני־גאַס. דאָס מאָל ביי אַ יידישער פאַמיליע — אויך פּליטים. ער, דער באַלעבאָס מיינער, איז געוועזן פון האָמעל און זי, די פרוי זיינע, פון דניעפּראָפּעטראָווסק. ער איז שוין אַ געקומענער פון פראָנט, אַן אינוואַליד. ער האָט גלייך געכאַפּט אַ קויל אין האַנט און איז געוואָרן אַ קאַליקע. זי ווידער, דאָס ווייבל, איז געקומען אַהער קיין אַק־בולאַק שוין ווי אַ יונגע אלמנה; מיט אַ יונג טעכטערל. איר ערשטער מאַן האָט געהאַט אַן ערגערן גורל. אים האָט אַ קויל געבראַכט דעם טויט אויפן אָרט. זי האָט געקריגן אַן אָפיציעלע ידיעה פון זיין פּאָלק, אַז איר מאַן, דער רויטאַרמייער פלוני בן פלוני „איז געפאַלן מיט אַ העלדישן טויט, פאַרטיידיקנדיק אונדזער פאָטערלאַנד״. האָט זיך דער מיליטערישער אינוואַליד, סאַשאַ, פאַרבונדן דאָ אין אַק־בולאַק מיט דער דאָזיקער אלמנה — מיט סאַראַ דאַווידאָווּנאַ. און פון דעם דאָזיקן מלחמה־זיווג איז שוין געבוירן געוואָרן אַ ניי נפשל — אַ בן־זכר. ווען איך האָב זיך אַהין

אַריינגעצויגן האָט דאָס דאָזיקע נפשל — אַ גערעאָטן שיין יינגעלע — שוין גע־ציילט ביי די דריי חדשים. גערעאָטן, אָבער אַ גרויסער שרייער, דער עיקר אין די נעכט... בייטאָג פלעגט ער זיך דווקא שפּילן אינעם אימפּראָוויזירטן וויגעלע, נאָר ביינאַכט פלעגט ער זיך צעלאָזן אויף די גאָר הויכע אָקטאַוועס: „אוּ־האַ, אוּ־האַ"... גלייך ווי מ׳וואָלט אים געקוילעט.

די קיביטקע איז געווען מער ווי פּרימיטיוו. אַן אַלט, האַלב־חרוב ליים־הייזל, מיט אַן אויסגעקרימטער שטיינערנער פּאָדלאָגע, מיט אָפּגעבליאַקעוועטע ווענט. אין דער אמתן איז דאָרט געווען אינעווייניק נאָר איין גרויסער חדר, אָבער אין מיטן שטוב איז געשטאַנען אַ לאַנגער, גרויסער רוסישער אויוון, וואָס האָט דעם חדר פאַנאַנדערגעטיילט און געשאַפן אַזוי אַרום ווי צוויי חדרים. געווען אויך אַ היפּשע פאָדער־הויז, וואָס האָט געדינט פאַר אַ שטאַל.

מיר האָט מען אָפּגעגעבן אַ ווינקל אין לעצטן חדר, וואָס האָט נאָך געהאַט אויך אַן אַריינגאַנג צו אַ היפּשער אַלקאָווע. די אַלקאָווע איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ האַלב ווענטל, נישט ביזן סאַמע סופיט, און דאָרט איז געלעגן אָנגעוואָרפן אַ היפּש ביסל „באַראַכלאָ" — אַלטוואַרג, גראַטעס, כלערליי מטלטלים, וואָס קיין גוטע ריחות האָבן זיי פון אָפּגעגעבן, טייל צו מיר נישט פאַרטראָגן... דערפאַר איז מיין געלעגער געווען צו דערליידן: כ׳האָב שוין געהאַט אַ שעגניק, אַ ליילעך, אַ קישעלע, אַ צודעק און בין געשלאָפן מעשה־מענטש.

אין אַנדער חדר, אויף יענער זייט אויוון, איז געשלאָפן דאָס פאָרפאָלק, סאַ־ראָס טעכטערל און דאָס בשותּפותדיקע ווענז, דער ביינאַכטיקער קוויטשערל... האָב איך געהאַט וואָכע נעכט צוליב דעם קינדס „קאָנצערטן"... פלעג איך זיך טרייסטן דערמיט, וואָס איך ליג פאָרט „ברחבות" איינער אַליין אינעם חדר, בעת זיי, די באַלעבאָטים, זענען אַזש זאַלבעפערט. אַגב, האָב איך דאָך געהערט די ביינאַכ־טיקע „קאָנצערטן" נאָר אַ נאַכט איבער אַ נאַכט: אַ העלפט נעכט פלעג איך דאָך דיזשורירן אין „סבערקאַססאַ". איז מילא. נישט געפונען עפּעס בעסערס. און וואָס איז עס ווערט וואָס כ׳בין צווישן יידן?

צו לאַנג האָט אָבער מיין „רחבות" נישט געדויערט: איין אָוונט, אַז כ׳בין אַהיים געקומען, האָב איך קעגנאיבער ביים אויוון דערזען נאָך אַן אימפּראָווי־זירטן געלעגער: מ׳האָט אַריינגענומען נאָך אַ שכנה. אַן אַלטע יידענע, אויך אַ פּליטה, פון אָדעס. די דאָזיקע אַלטע פרוי זיצט אַלע טאָג אויפן באַזאַר מיט איר סחורה, אויסגעלייגט אויף אַ שטיק „רעדנע": נאָדלען, קלעצלעך פּאָדים, קליינע פענעצלעך זייף, אַ פּאָר געניצטע געדיכטע קעמלעך, אַמאָל אויך אַ פּראָשעקל סאָדע, אַ פּאָר ציטונגען צום רויכערן וכדומה. אַזאַ יידענע פירט איר מסחר אויפן באַזאַר פראַנק און פריי: וועלכער מיליציאָנער וועט עס גיין האָבן צו טאָן מיט

אַ זקנה מסתמא שוין אַריבער די זיבעציק?... קוקט ער אַוועק פון איר „ספּעקו־לאַציע", אומשטיינס־געזאָגט...

אַז איך האָב געפּרווט „אינטערפּעלירן" וועגן דעם דאָזיקן „סיורפּריז": „היתכן? איר האָט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז דער דאָזיקער חדר געהערט נאָר צו מיר?" — האָט מיר סאַשאַ געענטפערט מיט אַ הלצהלע:

— וואָס האָט איר געוואָלט, מיר זאָלן אייך אַריינגעבן אַ יונג מיידל?

זעענדיק, אַז איך לאַך נישט פון זיין חכמה, האָט ער צוגעגעבן:

— ס'איז אונדזערע אַ באַקאַנטע. נעבעך אַן עלנטע ייִדענע. ווי גיט מען איר נישט קיין דאָך איבערן קאָפּ?

אויב דער אַרגומענט איז אַ הומאַניסטישער, איז דאָך נישט שייך. האָב איך שוין מער נישט גערעדט. מילא, אין סאָוועט־רוסלאַנד מוז מען אַלץ אָננעמען פאַר ליב: עס קאָן דאָך דאָ שטענדיק זיין נאָך ערגער...

נישט קיין נאַרישע ייִדענע געווען, אָט די אַדעסערין, די אַלטע שכנה מיינע. לאהקע האָט זי געהייסן. מעשיות האָט זי געקענט אַ שלל. אויף יעדער זאַך האָט זי געהאַט אַ משל. זי האָט תמיד גערעדט מיט גלייכווערטלעך, אַפילו מיט תורה־ווערטלעך. זי איז טאַקע געווען אַ פרומע אויך און אַלע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין פלעגט זי מורמלען קריאת־שמע. לאהקע איז געווען אַן אשת־חיל פון די אַמאָ־ליקע ייִדישע דורות. הגם שוין אַריבער די זעבעציק, איז זי שטענדיק געווען זשוואַווע, רירעוודיק. נישט אַדורכגעלאָזט כמעט קיין טאָג זי זאָל נישט גיין מיט איר פּעקל סחורה אויפן באַזאַר. פונעם פּאָרפאָלק — די באַלעבאַטים אונדזערע — האָט זי וויניק געהאַלטן. זיי האָבן זיך אָפט אַרומגעקריגט און זיך אַריינ־געזאָגט. סאָרע פלעגט דערביי אַמאָל אויסברעכן אין אַ געוויין.

— וואָסער האָפּט האָבן די דאָזיקע חתונות! — פלעגט לאהקע מיר זאָגן אויף זייער חשבון, בעת זיי זענען נישט געווען אין שטוב. — ווייס איך וואָס! אַ חתונה אין „זאַגס" איז נאָר צוגעקלעפּט מיט ניכטערן שפּייעכץ... איר וועט זען, אַז דאָס קליינע שרייערל וועט נאָך אַוועק סוף־כל־סוף אין „דיעט־דאָם"... (קינדערהיים).

פונדעסטוועגן, זע איך, גייט יאָ דאָס לעבן ווי עס איז אין דער דאָזיקער שטוב. מ'קריגט זיך טאַקע, אָבער מ'בעט זיך איבער... אַזוי כסדר. סאַשאַ איז געווען אַ גרויסער אויסטויגער אין פּרנסה. ווי אַן אינוואַליד איז ער נישט געווען מחויב צו אַרבעטן, צו „דעקן זיך" מיט אַ „ספּראַווקע" פון אַן אַרבעט־פּלאַץ. אים האָט שוין „געדעקט" זיין „ספּראַווקע" פון פּאָלק אויפן פראָנט. ער איז דאָך נאָך, אדרבה, אַ יחסן: פאַרגאָסן בלוט פאַרן פאָטערלאַנד. האָט ער דאָך געהאַט אַ סך צייט. און אַז מען האָט צייט, „גיט מען זיך אַן עצה"... האָט ער געמסחרט אויף רעכטס און אויף לינקס, האָט געהאַנדלט מיט אַלץ, וואָס עס האָט זיך גע־

לאָזט. די קיביטקע אויף דער דעמיאַן ביעדני־גאַס איז געווען גאָר נאָנט פון אײַזנ־באַן־פּלאַנט, ביי דער סטאַנציע. ווי נאָר עס פלעגט זיך דאָרט ווייזן אַ צוג אָדער עשאַלאָן, פלעגט שוין סאַשאַ אַוועקאײַלן אַהין. און מיט ליידיקן פלעגט ער שוין אַהיים נישט קומען. אונטער דער פּאָלע, אין אַלע קעשענעס האָט ער שוין געהאַט סחורה: אַמאָל שטיקער לעדער, צי גומי אויף פּאָדעשוועס; אַמאָל פּעקלעך טיי, זייף, אַן אויבער־העמד — וואָס נאָר ער האָט געפּאַקט פּאַר אַ מציאה ביי די פּאַסאַזשירן, אָדער ביי די „פּראָוואָדניקעס" פון די וואַגאָנעס. און אַזוי ווי ער האָט גוט געקאָנט קויפן, אַזוי האָט ער געקאָנט גוט פאַרקויפן. אויפן באַזאַר פלעגט ער זיך נישט וואַרפן אין די אויגן. ער האָט שוין געהאַט זײַנע היימישע אָפּנעמער. ער פלעגט שוין טרעפן צו זיי אין די קיביטקעס. געווען צייטן, ווען ער האָט געהאַנדלט גראָב, אויף דער ברייטער האַנט. דאָס איז געווען אין די טעג, ווען ביי דער סטאַנציע פלעגן שטיין מערער עשאַלאָנען און דער באַזאַרל דאָרט איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. מ׳קויפט, מ׳פאַרקויפט. מ׳הערט פון אַלע זייטן: „סקאָלקאָ, גראַזשדאַנין?" (וויפל, בירגער?); „פּראָשו..." (איך בעט...); „דיעלאָם..." (צו דער זאַך...) וכדומה. אין דאָזיקן יאַרידל, אין דער דאָזיקער שטופּעניש פלעגט סאַשאַ אַרײַנכאַפּן די בעסטע מציאות און פלעגט עס אָפּטראָגן צו זיך אין דער נאָנטער קיביטקע. אָפּגעטראָגן און ווידער געקומען, און ווידער געקויפט. אַזוי כסדר.

אין שטוב ביי סאַשאַן האָט טאַקע פון גאָרנישט געפעלט. זי, סאָרע, האָט אַלע טאָג געקאָכט די גרויסע טעפּ מיט די פעטע זופּן. אַלע טאָג קאָטלעטן, צי גוליאַזשן מיט קאַרטאָפל. די ריחות האָבן גערייצט די נאָזלעכער.

איין זונטיק איז סאַשאַ אַוועק אויפן באַזאַר און האָט אײַנגעהאַנדלט אַפילו אַ בהמה פּאַר זיך. אַ נישקשהדיקע קו, וואָס האָט געגעבן היפּש מילך. עס האָט געקלעקט פאַר זיך און אַ ביסל פלעגט נאָך סאָרע אויך פאַרקויפן. אויך איך גופא בין געוואָרן איר שטענדיקער קונה: אַ קליינינקייט, פרישיטשקע, עכטע, היימישע מילך. אויך די צווייטע שכנה, די אַלטע לאהקע, פלעגט ביי סאָרען נעמען אַ האַלבן ליטער מילך אַ טאָג. די זקנה האָט זיך נישט אָפּגעלאָזט. סאָרע האָט געזאָגט אויף איר, אַז זי האָט אַ וואָזשנעם „קניפּל"... נישט איין מאָל, שפּעט אין אָוונט, בעת מיר פלעגט נישט נעמען קיין שלאָף, פלעג איך הערן ווי די אַלטע ביים קורניקל שאָרכעט עפּעס. דורך אַ האַלב־געעפנט אויג זע איך, ווי זי פּאַרעט זיך ביי געלט־באַנקנאָטן. זי ציילט און ציילט און חשבונט. און שפּעטער לייגט זי עס צונויף, וויקלט עס איין אין אַ טיכעלע און פאַררוקט עס טיף, ערגעץ אין איר דאַרן, זקנהשן בוזעם... יאָ, סאָרע איז טאַקע גערעכט. זי מוז האָבן יענעם „קניפּל", די אַלטע לאהקע. אדרבה, זאָל זי טאַקע טרינקען מילך. זי ברענגט אָפּט אויך פון באַזאַר אַ שטיקל פלייש, צי לונג — ווען זי האָט אַ גוטן

באַזאַר... — און שטעלט צו צום פייער איר קליין בלעכן פענדעלע. זאָל זי עסן, זאָל זי טרינקען, די זקנה. וואָרום פאַר װעמען װעט זי איבערלאָזן ירושה?... אַז זי איז אָן משפחה, אָן אַ גואל, אָן אַ פּריינט. געבליבן נעבעך איין יינגערער ברודער אין אָדעס. אָבער וואָס האָט פון אים דער רוצח היטלער געמאַכט?...

איינמאָל האָט זי מיר פאַרטרויט, אַז זי האָט געהאַט אַ זון אין אַמעריקע; אָבער... זי האָט מורא געהאַט אים צו שרייבן אַ לאַנגע צייט. מ׳האָט איר אָנגעשראָקן. איצט ווייס זי אַפילו נישט זיין אַדרעס. זי האָט אים שפּעטער געשריבן, אָבער קיין ענטפער איז שוין נישט אָנגעקומען. ווער ווייס, צי ער לעבט כאָטש ערגעץ? און אויב ער לעבט יאָ, וועט ער דען זאָגן כאָטש אַ קדיש, ווען מען וועט דאַרפן?...

דערהערט, אַז זי האָט אַ זון אין אַמעריקע, האָב איך געפּועלט ביי איר, איך זאָל שרייבן אין איר נאָמען צו אַ יידישער אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק, כדי אויסצוזוכן איר „קדיש״. בעת איך האָב געשריבן דעם דאָזיקן בריוו און זי אויסגעפרעגט פּרטים, האָט זיך די זקנה צעכליפּעט. מ׳האָט זי גאָרנישט געקאָנט באַרויִקן. עס האָט אַרויסגעוויינט פון איר:

— געבליבן אַליין אויף די אַלטע יאָרן. קיין קינד, קיין רינד... דער רבונו של עולם האָט נישט צוגעהערט מיין געבעט: „אל תשליכנו לעת זקנה״... פאַרוואָס בין איך אַזוי געשטראָפט?

יאָ, זי האָט אויך געקאָנט באַנוצן אַ פּסוק, די אַלטע לאַהקע.

— לאַהקע, וואָס זינדיקט איר? — מישט זיך אַריין סאַרע. — איר ווייסט דען נישט, אַז אַ גאַנצע וועלט יידן איז אויסגעקוילעט געוואָרן? דאַנקט גאָט, וואָס איר האָט זיך געראַטעוועט. קיין שטיקל ברויט פעלט אייך אויך נישט ברוך השם.

***

צו סאַשאַן אין שטוב פלעגן אין די אָוונטן אָפט אַריינקומען באַקאַנטע: יידן פון ווייסרוסלאַנד, פון אוקראַינע. יידן פון האָמעל, פון וויטעבסק, פון אָדעס, פון דניעפּראָפּעטראָווסק. מיט טייל האָבן אים אפּנים געבונדן אויך געמיינזאַמע מסחרים־לעך, משא ומתנס... זיי פלעגן קומען מיט זייערע ווייבער, אַמאָל אויך מיט דערוואַקסענע קינדער. דאָס זענען אַלץ יידישע פאַמיליעס — פון די ווייניקע, וואָס האָבן זיך אין דער לעצטער מינוט באַוויזן צו ראַטעווען אין אַן עשאַלאָן פון דער היטלעריסטישער לאַווע, וואָס האָט פאַרגאָסן אַזוי געשווינדט די יידישע שטעט און שטעטלעך. ניינציק פּראָצענט יידן אָבער אין די דאָזיקע שטעט זענען געבליבן אויפן באַראָט פונעם תליון; האָבן נישט באַקומען קיין מעגלעכקייט, קיין טראַנספּאָרט, כדי צו קאָנען זיך ראַטעווען. און איצט, אין די דאָזיקע טעג, בעת

יענע שטעט זענען שוין באַפרייט, ווייס מען שוין דעם בלוטיקן סך־הכל... ווייס מען שוין, אַז אַלע, אַלע ייִדן דאָרט זענען אַוועק אין די מאַסן־גריבער...

פאַרהאַלט מען מיך אַמאָל אויך אין דער דאָזיקער מסיבה. מען באַקענט מיך מיט די אַלע געסט. מען זיצט ביי טעפּעלעך טיי מיט צובייסעכץ — סאַרעס היי־מישע מלאכה. מען רעדט, מען דערציילט. דאָס זענען אַלץ מענטשן באַלמעלאָכעס, פון אַרטעלן, פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. צווישן זיי איז פאַראַן איינער מיט אַ רוסישער פרוי. נאָך אַ יונגע, באחנטע אשת־חיילניצע. אייגנטלעך איז זי נישט קיין געזעצלעכע פרוי. יענעמס געזעצלעכע פרוי און קינדער זענען געבליבן אין אָדעס. און מיט דער דאָזיקער וויערא האָט ער זיך סתם אַזוי צונויפגעגאַנגען. אַפילו נישט על פי „זאַגס". סתם געוווינט מיט איר. אַן אויסטויגער איז ער געווען נישט קיין קליינער. אין דער הינזיכט איז ער געווען סאַשאַס אַ חבר. ער האָט געאַרבעט אין עפּעס אַן אינסטיטוציע פון „גאָרפּישטשעפּראָם" און האָט זיך געקאָנט גוט „אַן עצה געבן". דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ גוטע „עוזר כנגדו" — טאַקע די וויערא, וואָס אויסער דעם, וואָס זי האָט אים געפירט די ווירטשאַפט אין שטוב, האָט זי אים אויך אָפּט צוגעהאָלפן אין זיינע „אונטערנעמונגען". כ'האָב אים, למשל, איינמאָל, פאַרנדיק קיין טשקאַלאָוו, געטראָפן אין „פריגאָראָדנעם" צוג. זיצנדיק צוזאַמען מיט אים אויף איין באַנק בין איך פון אים געוואָר געוואָרן, אַז ער פאָרט עס אויפן באַזאַר מאַכן מסחר. ער פירט צו פאַרקויפן ווורשטן — פון אייגענער אויסאַרבעטונג. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט דאָך זיכער אַ גרויסן חלק זי, זיין „אשת חייל". אַז מ'האָט געהאַלטן ביים צובייסן האָט ער געעפנט זיין הילצערנעם טשעמאָדאַן, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט זיינע ווורשטן. ער האָט אַרויסגענומען אַן אָנגעהויבענעם ווורשט, אָפּגעשניטן אַ שטיק פאַר זיך און אויך אַ שטיקל פאַר מיר צום פאַרזוכן זיין היימישע פּראָדוקציע. טאַקע נישט קיין שלעכטער ווורשט געווען, דורכגענומען מיט ווייסע פעטס־פלעקן אין דער גאַנצער לענג פון ווורשט. איך זאָג: „אין דער גאַנצער לענג", ווייל אויפן באַזאַר גייט אָן אַן אָפּנאַ־רעריי מיט דעם פעטס. איינמאָל האָב איך אַליין געקויפט אויפן באַזאַר אין טשקאַ־לאָוו אַ שטיקל ווורשט. געזען אַן אויפגעשניטענעם ווורשט מיט ווייסע פלעקן פעטס, האָב איך געקויפט אַ האַלבן. שפּעטער, אַז איך האָב צעשניטן דעם ווורשט, איז אין ערגעץ קיין שום פעטס נישט געווען. דער גנבישער פאַרקויפער האָט בלויז אין מיטן ווורשט אַריינגעטאָן אַ ביסל פעטס און דאָרט אויף יענעם אָרט האָט ער עס אויפגעשניטן, כדי אַריינצופירן אין אַ טעות און צו לאָקן דעם קונה. דאַקעגן דעם אָדעסערס ווורשט, זע איך, איז דורך און דורך מיט פעטס. דעם קונה וועט ער זיכער נישט אָפּנאַרן. איך ווייס נאָר נישט דעם חשבון, וואָס ער האָט מיטן „גאָרפּישטשעפּראָם"... אָבער איבעריקנס, צי הייסט עס דען גנבה, ווען אַלע טוען

אַזוי? ווען דאָס גאַנצע לעבן איז דאָ אַזוי איינגעשטעלט? ווען אַז מען וויל לעבן ערלעך, לויט די אַלטע, „אָפּגעלעבטע" באַגריפן, מוז מען דאַרן פון כסדר־דיקן הונגער; מוז מען תמיד אומגיין קרוע־בלויה, אין אַלטע „טאַפּאָטשקעס", אָדער שמאַטעס, אָנשטאָט שיך. מוזן פרויען שלאָפן אין די קליידלעך, ווייל זיי האָבן נישט קיין העמד אויפן לייב. איז וועמען זשע קומט דער פאַרוואורף פאַר גנבה?... דערפאַר טאַקע הייסט עס דאָ גאָר נישט גנבה, נאָר סתם — „מען גיט זיך אַן עצה"...

אין דער דאָזיקער מסיבה איז אויך אָפּט געווען אַ מינסקער ייִד, וואָס האָט מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. אַ ייִד אַ מנגן, מיט אַ פיינער באַריטאָן־שטים. פון פאַך איז ער געווען אַ זייגערמאַכער און ער האָט דאָ געאַרבעט אין אַן אַרטעל. אין די מסיבות ביי סאַשאַן איז ער שטענדיק געווען דער „קליו" צוליב זיין שיינער נגינה. ער פלעגט זיך לאַנג נישט לאָזן בעטן און פלעגט מהנה זיין דעם עולם מיט ייִדישע לידער. דעם עולם — און אויך זיך אַליין. ווייל די גרעסטע הנאה האָט ער גופא געהאַט ביים זינגען. ער האָט זיך דאַמאָלס אויסגעלאָדן, אויס־געלאָדן זיינע אַלטע בענקענישן... אַ רעפּערטואַר האָט ער געהאַט אַ רייכן, כאָטש, אמת, אַ פאַרעלטערטן. אַ „פאַר־מבולדיקן"... אַלטע פאָלקס־לידער, וואָס זענען שוין אַריין אין אַרכיוו אין אונדזערע מקומות, ווי למשל: „אַ בריוועלע דער מאַמען" און ענלעכע. ער פלעגט אָבער אויך זינגען אַזעלכע מאָטיוון, וואָס מ'הערט זיי תמיד גערן: „אויפן פּריפּעטשאָק", פון גאָלדפאַדנס „שולמית", פון דער „כישופמאַכערין" וכדומה. זיין באַריטאָן איז באמת אַ וואַרעמער, מיט אַ סך ליריזם. ביי אַ ביסל מוזיקאַלישער אויסבילדונג וואָלט דער דאָזיקער סימפּאַ־טישער ייִד מיטן קאָפּ שוואַרץ־געדיכטע האָר זיכער פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט אויף דער עסטראַדע.

איך כאַפּ מיט אים אַ שמועס אָן אַ זייט. ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז טאַקע פון אַ קינסטלער־פאַמיליע. זיינער אַ ברודער איז אַן אַקטיאָר אין דער „הבימה".

— איז ער נאָך איצטער אויך אין דער „הבימה"? אין ארץ־ישראל?

— אפשר יאָ.

— ער שרייבט אייך גאָרנישט?

— ער פלעגט מיר אַמאָל יאָ שרייבן. אָבער... איר ווייסט דאָך מסתמא... שוין לאַנג אים נישט געענטפערט.

— יאָ, איך קען שוין די בראָך... — זאָג איך אים — אַזוי זענען עס צעריסן געוואָרן ייִדישע משפחות. אַפילו אַ בריוול פאַרבינדט זיי נישט מער.

— איך מיין, — זאָג איך אים נאָכדעם, — אַז איצט איז שוין אַ ביסל אַנ־

דער׳ש. איצטער איז דאָך רוסלאַנד אַ פאַרבינדעטער מיט די „אַליאירטע״. כ׳מיין, אַז איצט קאָנט איר דרייסט שרייבן צו אייער ברודער קיין ארץ־ישראל.

— אפשר זענט איר גערעכט. מ׳דאַרף טאַקע פּרווון אָנשרייבן. ווייסט איר גאָר וואָס? כ׳האָב צו אייך אַ בקשה.

— וואָס, אַ שטייגער?

— איך וויל אייך בעטן, אַז איר זאָלט פריִער אָנשרייבן צו עמיצן און נאָכ־פרעגן אויף מיין ברודער.

— געמאַכט!

— בעט איך אייך זייער, קומט צו מיר אויף מיטאָג. ס׳וועט מיר זיין זייער אָנגעלייגט. וועלן מיר שוין צוזאַמען מאַכן דעם בריוו. גוט?

— מסכים.

מיר האָבן אָפּגערעדט אויף זונטיק — „וויכאָדנאָי״. איך האָב געהאַלטן וואָרט און געקומען צו דער פאַמיליע פון זייגערמאַכער. ער האָט אַ פרוי, צוויי אונ־טערוואַקסנדיקע קינדער. עס האָט מיר אימפּאָנירט וואָס אַלע רײדן ייִדיש, אַפילו די קינדער. פאַרט מינסקער ייִדן. די אַמאָליקע שטאָט פון די רייזענס.

דער מיטאָג איז געווען אַ גאַנץ באַשיידענער. מסתמא איז דעם דאָזיקן ייִד שווערער זיך אָן „עצה צו געבן״ — הגם ער אַרבעט אין אַ זייגערמאַכער־אַרטעל. געהערן דאָך זייגערלעך צו די יקר־המציאותן אין היינטיקן רוסלאַנד... זייער ווייניק בירגער באַזיצן דעם דאָזיקן „לוקסוס״ און מוזן זיך באַנוגענען מיטן „גודאָק״ (סי־רענע) פון זאַוואָד צו מעסטן די צייט.

מיר נעמען זיך צום בריוו. דער זייגערמאַכער זאָגט מיר דעם פּסעוודאָנים פון זיין ברודער, דעם אַקטיאָר פון דער „הבימה״. איך שרייב צו דער ייִדישער אַגענץ קיין ירושלים. איך בעט צו אינפאָרמירן זיך אין דער „הבימה״ וועגן יענעם אַקטיאָר; צי אַרבעט ער נאָך דאָרט? אויב יאָ — אים פאַרבינדן מיט זיין ברודער אין אַק־בולאַק. אויב ער אַרבעט שוין נישט אין דער „הבימה״ — ווו איז ער איצט? איך האָב דערביי אָנגעגעבן דעם צוריק־אַדרעס פון זייגערמאַכער: אים לסוף איבערגעצייגט, אַז ער דאַרף שוין איצט מער נישט מורא האָבן.

וואָס פון מיין בריוו איז געוואָרן?

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט דער זייגערמאַכער באַקומען אַ דעפּעשע פון זיין ברודער, וואָס געפינט זיך איצט אין לאָנדאָן. אין דער דעפּעשע דריקט יענער אויס זיין גרויסע פרייד און זאָגט אָן וועגן אַן אַרויסגעשיקטן בריוו. און נאָך אַ ביסל שפּעטער האָט דער זייגערמאַכער אויך באַקומען אַ פּעקל פון „דזשאָינט״ אין טעהעראַן.

אַזוי איז שוין אָפּנים געווען איינגעפירט: אַז די ירושלימער ייִדישע אַגענץ

האָט באַקומען אַן אַדרעס פון אַ ייִדן אין רוסלאַנד, האָט זי קודם כל צו וויסן געטאָן צום „דזשאָינט" אין פּערסיע, מ'זאָל אים אַרויסשיקן אַ פּעקל.

וויפל ברכות האָבן עס די ייִדן־פּליטים דערפאַר געהאַט פאַר אחינו בני ישראל אין אויסלאַנד!

## 53

# די אָרעמע „עסקולאַפּקעס" נעבעך...

צו מיינע באַלעבאָטים פלעגן פון צייט צו צייט אויך אַריינקומען עטלעכע דיפּלאָמירטע אינטעליגענטקעס: די צוויי ייִדישע דאָקטאָרקעס, אַננאַ דאַווידאָוונאַ און קלאַראַ איסאַקאָוונאַ, און די פאַרמאַצעווטקע סאָפיאַ אַבראַמאָוונאַ. אַלע פּליטהס פון אוקראַינע. די דאָקטאָרקעס האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל און האָבן געהאַט „וואַסער אויף קאַשע"... פון זייערע פאַרדינסטן האָט זיי נישט געקלעקט אַפילו אויף עסן צו דער זאַט, שוין נישט רײדנדיק וועגן אָנטאָן זיך. אַ ביסל פלעגן זיי זיך אַרויסהעלפן פון פּריוואַטער פּראַקטיק, וואָס איז כלל נישט געווען דאָ אין דער מאָדע. אַלע חולאים זענען געגאַנגען אין דער שטאָטישער אַמבולאַטאָריע, ווו עס קאָסט דאָך גאָרנישט. און ווער איז עס דען ביכולת צו גיין קורירן זיך פּריוואַט, ווען כמעט אַלע זענען אויף צרות? סיידן אין אַ נויט־פאַל, ווען עמיצער ווערט ערנסט קראַנק און מוז ליגן צו בעט, און אויב מען קאָן זיך אַן עצה געבן, רופט מען שוין דאַן אַ דאָקטער פּריוואַט. דאָס רוב אַפילו אין אַזאַ פאַל וואַרט מען אויך געוווג לאַנג, ביז וואַנען עס „יאַוועט" זיך דער באַשטעלטער קהלשער דאָקטער פון דער אַמבולאַטאָריע.

צו סאַשאַן פלעגן די דאָקטערקעס אַריינקומען צוליבן קינד. סאַשאַ האָט זיך דאָך געקאָנט דערלויבן... פלעגט מען אָפּט פאַרבעטן צום קינד אַמאָל איינע, אַמאָל די צווייטע. פון צייט צו צייט פלעגט איינע פון די דאָקטערקעס זיך אַליין אַרייַנכאַפּן, כלומרשט פאַרבייגייענדיק. זי איז פּונקט געווען אין דער דאָזיקער געגנט, וויל זי כאַפּן אַ בליק וואָס עס מאַכט דאָס קינד. שוין פשוט מחמת פריינטשאַפט, מחמת איבערגעגעבנקייט.

קיין געלט פאַר די וויזיטן פלעגן די דאָקטערקעס גאָר נישט וועלן נעמען: „אָט, מען וועט שוין דורכקומען"... עס האָט געהייסן: וואָס טויגן די עטלעכע רובל? וואָס קאָן מען דען קויפן פאַר דעם? בעסער עפּעס פון פּראָדוקטן. פלעגט סאַרע מאַקע אַריינבאַזאָרגן די דאָקטערקעס אַמאָל אַ שטיקל פּוטער, אַמאָל אַ קעזל. און דאָס איז ביי זיי געווען אַ סך חשובער, אָנזעעוודיקער אין זייערע פאַמיליעס.

די פאַרמאַצעווטקע האָט זיך גרינגער געקאָנט „געבן אַן עצה". עס האָבן אויסגעפעלט אין דער אַפּטייק די סאַמע נויטיקסטע מעדיקאַמענטן, און אַז זי פלעגט עמיצן „פּאַוואָריזירן" מיט עפּעס אַ מעדיצין, האָט מען איר עקסטראַ באַ־דאַנקט... אַ שטאַרקע נאָכפראַגע איז שטענדיק געווען אויף כיניִן קעגן דער שטאַרק־פאַרשפּרייטער מאַליאַריע און אויך אויף סולפידין — קעגן אַ געוויסער נישט־ווייניקער פאַרשפּרייטער ווענערישער קראַנקייט. די דאָזיקע מעדיצינען פלעגן אָפּט אויספעלן. און אַז סאָפיאַ אַבראַמאָוונאַ פלעגט, נישט קוקנדיק אויפן גרויסן דוחק, יאָ „געפינען" די דאָזיקע טאַבלעטן, איז דער „דאַנק" פאַר איר געווען אַ קענטיקער, אַ ממשותדיקער... און היות ווי זי איז געווען איינע אַליין, אַן עלטערע בתולה שוין, איז זי מיט פרנסה ווי עס איז אויסגעקומען. אָנגעטאָן האָט זי זיך זייער באַשיידן. אָט ווי עס איז: אַ „יובקע", אַ בלוזע, אַ שאַרף אויפן האַלדז — און פאַרטיק. האָט איר דערויף געקלעקט.

מיט דער דאָקטערקע אַננאַ דאַווידאָוונאַ האָב איך זיך נאָך פריִער באַקענט — ביי פעלען. זי, די דאָקטערקע, פלעגט איבערנייען, איבערניצעווען אירע קלייד־לעך אין פעלעס „מאָדע־מאַגאַזין"... פעלע איז עס געווען איר שניידערין — פעלע, וואָס האָט קיין אַנונג נישט געהאַט ווי אַזוי צו מאַכן אַ קעשענע... נאָר מילא, אַבי איבערגענייט, אַבי איבערגעדרייט אויף דער אַנדער זייט, אַבי ווי עס איז צורעכט געמאַכט אַן אַלט קליידל, אַן אַלט זשאַקעטל. וועגן נייע קאָן דאָך דאָ אַ דאָקטערין, בפרט אַ פליטה, זיכער נישט חלומען. בפרט, אַז זי האָט נאָך אויף איר אויס־האַלטונג אין שטוב אַן אַלטע מאַמע און אַ קינד. דער מאַן אירער, אַן אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי, איז ערגעץ אויף די פראָנטן. ליידט זי נעבעך נויט אין דער שטיל. מ׳דערקענט אירע ליידן אויף איר סימפּאַטישן אויסגעבלייכטן פּנים. זי רעדט אָבער גאָרנישט, זי באַקלאָגט זיך גאָרנישט. פעלע האָט פאַר איר אַרבעט ביי איר גאָר קיין געלט נישט געוואָלט נעמען: אָט, אפשר וועט זי אַמאָל קראַנק ווערן און וועט מוזן אָנקומען צו איר...

עס איז מיר איינמאָל איינגעפאַלן — בעת אירן אַ באַזוך ביי פעלען — צו קאָנטראָלירן מיין בלוט־דרוק: כדאי עס צו וויסן נאָכן לאַגער, נאָך די אַלע מיינע וואָגלענישן און הונגער־יאָרן... האָב איך וועגן דעם געבעטן אַננאַ דאַווידאָוונאַן.

— איך אַליין האָב נישט אַזאַ אַפּאַראַט... — דערקלערט זי מיר — אָבער פאַר אייך וועל איך עס טאָן... כ׳וועל אויסבאָרגן דעם אַפּאַראַט אין שפּיטאָל...

צומאָרגנס, אין דער אָפּגערעדטער שעה, איז זי געקומען צו פעלען מיטן אַפּאַראַט. איך האָב שוין אויף איר געוואַרט. זי האָט מיר אָפּגעמאָסטן דעם בלוט־דרוק מיט גרויס כוונה. איין מאָל און נאָך אַמאָל קאָנטראָלירט.

— ניין, איר האָט נישט קיין הויכן בלוט־דרוק. אדרבה, נאָך אַ ביסל אַ צו נידעריקער.

איך האָב איר געפּרווּווט צו באַצאָלן ווי פאַר אַ וויזיט.

— ניעט, ראַדי באָגאַ... (ניין, אום גאָטעס ווילן...), — האָט זי זיך אָפּגעזאָגט.

— ביי אַ געלעגנהייט וועלן מיר זיך אויסרעכענען.

און די „געלעגנהייט" איז טאַקע געקומען.

איינמאָל, ווען איך האָב שוין געוווינט ביי סאַשאַן, דעם זעלבן ווינטער, בין איך קראַנק געוואָרן אויף גריפּע. די פאַרמאַצעווטקע, וואָס איז דאָרט אין אָוונט געווען צו גאַסט, האָט צונויפגערופן דערציילט וועגן מיין קראַנקייט די בײדע דאָק־טערינס. זענען זיי ביידע נאָך דעם זעלבן טאָג ביי מיר געווען. פריִער איז געקומען אַננאַ דאַווידאָווונאַ און שפּעטער קלאַראַ איסאַקאָווונאַ. כ׳האָב זיי, פאַרשטייט זיך, געוואָלט באַצאָלן; אָבער ביידע האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו נעמען פון מיר האָנאָראַר.

אַננאַ דאַווידאָווונאַ האָט מיר אָפּגעהאַרציק און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— איך האָב געהערט, אַז איר באַקומט גוטע פּעקלעך פון אויסלאַנד. ווער איר מיר געבן אַ ביסעלע קאַווע. שוין לאַנג קיין עכטע קאַווע נישט געטרונקען...

— פּאַזשאַלויסטאַ! מיטן גרעסטן פאַרגעניגן! — האָב איך אויסגערופן, אַ צופרידענער וואָס איך קאָן מיט עפּעס אָפּדאַנקען.

כ׳האָב געבעטן סאַרען זי זאָל פון מיין קעסטל אַרויסנעמען דאָס פּעקל קאַווע און די פּושקע מיטן מילך־פּולווער. כ׳האָב פון ציטונגס־פּאַפּיר צונויפגעוויקלט צוויי בייטעלעך און אָנגעשאָטן אין איינעם קאַווע, אין צווייטן מילך־פּולווער.

— פּאַזשאַלויסטאַ! — בין איך דערמיט מכבד די דאָקטערין.

אירע אויגן האָבן ממש אויפגעלויכטן.

— באָלשאָיע וואַם ספּאַסיבאָ!

זי איז אַוועק אַ צעשטראַלטע מיט די צוויי פּאַפּירענע בייטעלעך.

אַזוי האָב איך אויך געטאָן, בעת עס איז געקומען צו מיר די צווייטע דאָק־טערין, קלאַראַ איסאַקאָווונאַ.

און ווען איך פלעג דערנאָך באַגעגענען די דאָקטערקעס — צופעליק אויף דער גאַס, אָדער אין שטוב ביי אונדז, בעת זייערן אַ וויזיט ביים קינד — פלעג איך פון זיי רק הערן „קאָמפּלימענטן":

— ס׳אַראַ וווּנדערבאַרע קאַווע! ס׳אַראַ געשמאַקער אַראָמאַט!

אַז דאָס אַרעמע לעבן האָט באַרויבט פון די רוסישע מענטשן דאָס סאַמע עלע־מענטאַרסטע, דאָס באַשיידנסטע — דעם אַראָמאַט פון אַ גלעזל עכטער קאַווע...

## 54

# די איינציקע בריק

ווידער זענען צו מיר דערגאַנגען די לעצטע וואָכן אַ ריי בריוו פון קאָלעגן־שרייבער.

שרייבט מיר לעאָ פינקעלשטיין פון סיקטיווקאַר צ״אַ:

„די ידיעות, וואָס קומען פון אונדזער אַלטער היים, זענען שווידערלעכע. פונדעסטוועגן פאַל איך נישט אין מוט. דוכט זיך, ס'דערנעענטערט זיך דער טאָג פון אומקער. זאָל ער קומען וואָס גיכער".

„ווי איר וואָלט עס אַלע אָפּגעמאַכט צו זיין נאַכט־שומרים *), וואָס אייגנטלעך היט איר?..."

„איך האָף שוין, אַז ס'זאָל קומען די מינוט ווען מיר וועלן זיך טרעפן און זיך גוט אויסשמועסן וועגן אַלעם. דוכט זיך, אַז די ווייבער וועלן אונדז נישט דעריאָגן"...

אַ פּאָסט־קאַרטל פון בער מאַרק, פון מאָסקווע. ער שרייבט חבריש צ״אַ:

„היינט זיך צופעליק דערוווּסט אייער אַדרעס. וואָס מאַכט איר אין געזונט? וואָס טוט איר? ווי איז אייער יורידישע לאַגע? **) מיט וואָס קאָן מען אייך באַהילפיק זיין?"

„די יידישע שרייבער־משפחה אין וואַרשע, ווילנע, לעמבערג איז אומגעקומען. מיר זענען געבליבן געציילטע עלנטע מענטשן. דאַרף מען זיך האַלטן איבאיינעם און פעסט".

צוויי בריוו פון רחל קאָרן: איין בריוו — פון פערגאַנאַ. זי שרייבט, אַז זי קלייבט זיך שוין אין וועג. זי פאָרט קיין מאָסקווע אויף אַ „וויזאָוו" צום פּלענום פון יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט.

אַ צווייטער, שפּעטערדיקער, בריוו פון רחל קאָרן איז שוין טאַקע פון מאָסקווע. זי שרייבט, אַז זי האָט זיך דאָרט געטראָפן מיט די שרייבער אפרים קאַגאַנאָווסקי, יוסף רוביגשטיין, דוד ספאַרד, וועלכע מ'האָט אויך אַרויסגערופן צום פּלענום פון יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט.

„איך בין נאָך אַלץ נישט צוגעשריבן — שרייבט זי — און האָב נישט וווּ צו וווינען. דאָס איז איינע פון די שווערסטע פראַגן אין מאָסקווע. שרייבט מיר,

---

*) געמיינט מיין „דזשאַב" ווי אַן „אָכראַנניק" אין „סבערקאַססאַ".

**) געמיינט אפנים: צי בין איך איינגאַנצן „כשר" באָכן לאַגער?...

צי האָט איר אַ מיטגלידס־בילעט פון שרייבער־פּאַריין? אייגנטלעך איז מיר אין דער רגע קלאָר געוואָרן, אַז איר קענט אַזאַ בילעט נישט האָבן, ווייל איר זענט דאָך געווען אין לאַגער. איך וועל אַ שמועס טאָן מיט מאַרקישן, צי וועט זיך נישט איינגעבן צו באַקומען פאַר אייך פון היגן ליט׳ פאָנד אַ ביסל געלט. שרייבט אָן אַליין צו מאַרקישן, נישט געקוקט אויף מיין אינטערווענץ. זיין אַדרעס: גאַרקאַווא 64/67״.

כ׳בין געווען זייער געריררט פון רחל קאָרנס באַמיאונגען פאַר מיר. פון דער אַנדער זייט האָט מיך אָנגעגריפן וואָס זי שרייבט מיר: „איר קאָנט אַזאַ בילעט נישט האָבן, ווייל איר זענט דאָך געווען אין אַ לאַגער״...

אין מיין ענטפער האָב איך דעריבער צו רחל קאָרן צ״אַ געשריבן:

„איך בענק אַבסאָלוט נישט נאָך דער לעגיטימאַציע פון סאָווי׳ שרייבער־פאַריין. אין וואַרשע האָב איך געהאַט דריי לעגיטימאַציעס: פון ליטעראַטן־פּאַריין, פּען־קלוב און זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, וואָס די „נ.ק.וו.ד.״ אין גראָדנע האָט ביי מיר צוגענומען. מוחל! אָנשטאָט די לעגיטימאַציעס — וואָלט איך בעסער געוואָלט זען מיין מאַמען״...

צו פרץ מאַרקישן האָב איך, פאַרשטייט זיך, לגמרי נישט געשריבן: איך האָב נאָך גוט געדענקט זיין שטילשווייגן, בעת כ׳האָב אים געהאַט געשריבן פון בוכאַרע קיין טאַשקענט אַ פאַרצווייפלטן בריוו אין נאָמען פון עטלעכע שרייבער־פּליטים, וואָס האָבן זיך דאָן געפונען אין דער גרעסטער נויט.

שפּעטער אַ ביסל האָט מיך אָבער רחל קאָרן, אָן מיין וויסן און ווילן, גע־שטעלט אין אַזאַ לאַגע, אַז איך האָב שוין געמוזט יאָ שרייבן צו מאַרקישן. און נישט נאָר צו מאַרקישן, נאָר אויך צו איציק פעפערן. זי, פון איר זייט, האָט דערביי געמיינט מיין טובה. און געווען איז עס אַזוי:

איך באַקום אינגיכן אַ ווייטערדיק פּאָסט־קאַרטל פון רחל קאָרן, אין וועלכן זי איז מיר מודיע:

„איך האָב פאַר אייך אַ פריידיקע נייס: איר וועט באַקומען קליידונג. דאָ האָט מען אָנגענומען מיטלען, כדי צו באַקליידן און באַשוכן די שרייבער מיט די אַמעריקאַנער מתנות. איך האָב זיך געווענדט צו מאַרקישן און פעפערן און זיי האָבן עס דורכגעפירט, אַז אויך איר (נישט קיין מיטגליד פון שרייבער־פּאַריין) וועט געניסן פון דער דאָזיקער הילף גלייך מיט אַלע. איר וועט עס באַקומען דורכן ליט׳ פאָנד״.

„עס וואָלט געווען זייער פּאַסיק, איר זאָלט אָנשרייבן אַ דאַנק פעפערן און מאַרקישן״.

הגם ס׳איז געווען מצד פעפערן און מאַרקישן אַ זאַך פון עלעמענטאַרן יושר

— די אַמעריקאַנער ייִדן, שיקנדיק די מתנות, האָבן זיכער נישט פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אויסשליסן פון זייער הילף די יעניקע שרייבער, וועלכע זענען געווען אין אַ סאָוועטישן לאַגער... — פונדעסטוועגן האָב איך געהאַלטן פאַר אַ חוב צו דאַנקען זיי. האָב איך זיי אָוועקגעשיקט, צו יעדן איינעם באַזונדער, אַ קורץ דאַנק־בריוול און דערביי נאָך אָנגעגעבן אַ ריי אַדרעסן פון אַנדערע שרייבער־פּליטים, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער רוסלאַנד, וועלכע פאַרדינען אויך צו געניסן פון דער הילף, וואָס איז דערהאַלטן געוואָרן פון די אַמעריקאַנער ייִדן.

אָבער אפנים פון צוזאָגן ביז מקיים זיין איז אַ שטיקל מהלך. מסתמא זענען געווען „סיבות״ און „פאַקטאָרן״, וואָס האָבן געשטערט מאַרקישן און פעפערן צו דערפילן דעם חברישן חוב... אַזוי אַז שפּעטער האָב איך — שוין נאָר צו מאַרקישן — געשריבן אַ קורץ איראָניש בריוול, ער זאָל מיר צוריקשיקן מיין דאַנק...

ס׳איז אויך כאַראַקטעריסטיש: רחל קאָרן — ווי נאָך אַ פּאָר אַנדערע שריי־בער אין נע־ונד — האָט געהאַט מיינעם אַ ציקל לידער. האָט זי זיך באַמיט זיי איבערצושיקן קיין אויסלאַנד דורך דער פאַרמיטלונג פון אַנטי־פאַשיסטישן קאָמי־טעט. אָבער אויך דאָס איז איר נישט געלונגען: אפנים מיין „פּלעק״ — סאָוועּ־טישער לאַגער!... — האָט דערין געשטערט.

איך האָב זיך אויך דערפון נישט געגומען צום האַרצן. איך האָב אַליין געמאַכט אַ פּרווו און געשיקט אַ ציקל לידער קיין טעהעראַן צו דער ייִדישער אַגענץ מיט דער בקשה, מ׳זאָל זיי פון דאָרט איבערשיקן ווייטער — צו ייִדישע צייטשריפטן אין אַמעריקע. און די לידער זענען טאַקע דערגאַנגען צו דער ייִדישער אַגענץ. מיט דער דאָזיקער פריינטלעכער פאַרמיטלונג האָב איך זיך שוין נאָכדעם באַנוצט נישט איין מאָל. כ׳האָב שטענדיק געקריגן פון טעהעראַן אַ באַשטעטיקונג, אַז די לידער זענען דערהאַלטן געוואָרן און אַז מ׳האָט זיי גלייך איבערגעשיקט ווייטער. ס׳האָט זיך געגלוסט, אַז די לידער זאָלן ערגעץ דערגיין צו דער ייִדישער עפנט־לעכקייט — ווי אַ ליטעראַרישער גרוס צו דער שרייבער־משפּחה אין דער וועלט, ווי אַ צייכן פון לעבן...

דיגרעסיע:

איצט, שוין מיט יאָרן שפּעטער, בעת איך שרייב דידאָזיקע שורות, ווייס איך פון מלך ראַוויטשן, אַז אויך צו אים אין מאָנטרעאַל זענען דערגאַנגען עטלעכע פון יענע לידער, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „קענעדער אָדלער״.

אַ בריוו פון בער מאַרק, פון מאָסקווע, אין יענער צייט האָט פאַר מיר גע־וואָרפן אַ פאַס ליכט אויף דער באַציִונג צו די ייִדישע שרייבער פון פּוילן. ב. מ. שרייבט צ״אַ:

„... מיר געפינען זיך דאָ אַדאַנק דעם, וואָס אונדז האָט אַהער אַרויסגערופן דער ייִדישער אַנטי־פאַשיסטישער קאָמיטעט. אָבער מער ווי דעם אַרויסרוף („ווי־זאָוו״) האָט ער גאָרנישט געקאָנט געבן. וואַלגערט מען זיך אין „אָבשטשעזשי־טיעס״, אָבער עס איז אונדז אָן אַן ערך בעסער ווי אייך. פריִער בין איך, למשל, געווען אַ צייט אין אַ „ראַבאָטשי באַטאַליאָן״ און דערנאָך אויך געאַרבעט אין אַ קאָלכאָז אַאַז״וו. מיר האָבן דאָ גלייך געגומען זיך משתדל זיין וועגן די חברים־שרייבער, אָבער מיר זעען, אַז דער ייִדישער (אַנטי־פאַשיסטישער) קאָמיטעט וועט אונדז גאָרנישט העלפן. דעריבער האַלטן מיר, אַז מען דאַרף זיך נעמען אָריענטירן אויפן פאַרבאַנד פוילישע פאַטריאָטן״.

„איך וויל אייך אַרויספירן פון אַ טעות — נישט איך, נישט ספּאַרד, נישט קיין אַנדערער פון אונדזערע שרייבערישע באַקאַנטע שפּילן נישט אַצינד קיין ראָל איז „ז.פ.פ.״ און אויך נישט אין ייִדישן (אַנטי־פאַשיסטישן) קאָמיטעט. פאַר די ערשטע זיינען מיר ייִדן, פאַר די צווייטע — פּוילן. אָבער חבריש קאָנען מיר אפשר עפּעס העלפן״.

„פון גראָסמאַנען וועט איר מסתמא אַזוי גיך קיין בריוו נישט האָבן. ער איז געוואָרן אַ יושב בסתר. דאָס זעלבע — ראַקאָווסקי״ *).

„אַ גרוס האָב איך געהאַט פון לעאָ פינקעלשטיין. מיט די לעצטע צוגן פון סיקטיווקאַר איז ער אויך אַוועק די טעג אויף דרום אין אַ נייעם, פרייען ווינאָרט צוזאַמען מיט זיין פרוי״.

„אַלעי טראָגט אַ לאַנגע רביישע באָרד און איז אַ שטיקל רבל אין סאַמאַר־קאַנד ביי די בוכאַרער ייִדן״.

„פעלד, דער מחבר פון „מיכל קוליק״, איז געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט אין וואַרשע אויף די קעמפנדיקע פאָזיציעס פון געטאָ״.

„אידאַ קאַמינסקי און מעלמאַן מיט זייער קינד (יאָ! יאָ!) זענען אין מאָסקווע און וואַרטן״.

„מאָרעווסקי איז אין אַקטיובינסק און אַרבעט אין אַ קאַזאַכישן טעאַטער״.

„ד״ר זאַמערשטיין איז אין מאָסקווע, אָבער לייגט נישט אויף אים קיין צו גרויסע האָפענונגען — דערוויילי״.

„אונדזערע דערנענטערן זיך צו אונדזערע היימען — דאָס האַרץ צאַפּלט מיט פרייד, אָבער דאָס האַרץ קאָרטשעט זיך אויך אין ווייטיק — צי וועלן מיר עמיצן טרעפן ?״...

---

*) ד״ה,ביידע זענען אַרעסטירט: דער שרייבער משה גראָסמאַן און דער איבער־זעצער מאַרק ראַקאָווסקי.

די דאָזיקע אַלע אינפאָרמאַציעס האָבן מיך דערנענטערט אויף טויזנטער מײַלן צו מענטשן, צו געשעענישן. גלײַך ווי אַ פענצטער וואָלט זיך פאַר מיר געעפנט צו די ווײַטענישן.

איז שוין, הייסט עס, משה גראָסמאַן ווידער געוואָרן אַ „יושב בסתר"... זיך טאַקע געוווּנדערט, וואָס ער שרײַבט נישט אַזוי לאַנג. איצט איז מיר שוין קלאָר. אפנים, כל זמן מען איז אויף דער סאָוועטישער ערד איז מען קיינמאָל נישט זיכער פון „סיורפריזן" מצד די „פיר אותיות"... די דאָזיקע געפאַר הענגט תמיד ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד איבערן האַלדז פון איטלעכן בירגער, בפרט פון אונדז פוילישע, געוועזענע „זע־קאַ"... אויף אונדז האָט מען דאָך אַ ספּעציעל אויג... דערפאַר טאַקע הערט מען לעצטנס כסדר וועגן נײַע אַרעסטן פון די פרײַער־אַמנעסטירטע פוילישע... אַזוי פיל שוין צוריק הינטער די קראַטן! פאַר יעדע נאַרישקייט, פאַר יעדע קלייניקייט... ווי קאָן מען גאָר זײַן באַוואָרנט פון די „פיר אותיות"?...

זײַער אָנגעשפּאַנט די נערוון „אויפן אויבערהעכסטן, איבערנאַטירלעכן גראַד" זענען ביי משה בראָדערזאָנען אין זײַן פאַרוואָרפענעם העק ביי דער אמו־דאַריאַ. ער גיסט פאַר מיר אויס אין אַ בריוו דאָס האַרץ אין האַלב־פּאָליעטאַנישן נוסח. צ״אַ שרײַבט ער:

„... אַזוי, ברודער־לעבן, בורעט זיך און בוראַנעוועט זיך אויף דער גאַנצער וועלט און, ווי דער סוף פון וויזט זיך נישט אויס צו זײַן נאָנט, נעמט נאָך אַלץ נישט קיין סוף צו דער מוראַדיקער וויווגע, צו דער וויסטער זאַווערוכע, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדזער לייב און לעבן. עס איז שוין נישטאָ קיין כוח צו טראַכטן: עד מתי — ביז וואַנען וועט עס אַזוי געדויערן דער באַלד־פינפיאָריקער הינערפלעט־צושטאַנד?"

„און דאָך — אויף ווי ווײַט מיר זענען און מיר בלײַבן ייִדן, טאָרן מיר נישט פאַרלירן אונדזער ייִדישן ספּעציפישן קען־צייכן, וואָס מע רופט אים גע־ווײַנלעך — בטחון, און וואָס ער איז „פּאַכאַזשע", נאָר איז דאָך עפּעס אַנדערש, ווי דער געפיל, וועלכן אומות העולם רופן „אָפּטימיזם". אָט דער דאָזיקער אָפּטי־מיזם אין אונדזער צײַט קאָן זיך נעסטיקן נאָר אין די מוחות נישט דאָ־וועלטיקע, אָדער אין די געמיטער פון שוטים שאינם מרגישים (ליידער — אַסאָציאירט זיך דער שאינם מרגישים מיט שהם מאַרקיש'ים, וואָס אַזוי קאַלאַמבורירט מיין באַליי־דיקט געפיל), און ייִדישער בטחון איז דאָך עפּעס אַנדערש — אַזוי, למשל, אַנ־דערש, ווי די צוויי בלאָז־אינסטרומענטן — אַ שופר און אַ וואַלדהאָרן"...

„דוכט זיך מיר אויס — אין מײַנע, אַזוי צו זאָגן, גוטע מינוטן, אַז ערגער ווי מיר ווייסן (ווי מע מאַכט אונדז וויסן) קאָן שוין בשום אופן נישט זײַן, און דערי־

בער — אויב מיר וועלן לעבן בלייבן — וועלן מיר דערלעבן גליקלעכערע איבער־ראַשונגען. הלוואי אָבער — וואָס גיכער, וואָרום די נערוון זענען אָנגעשפּאַנט אויפן אויבערהעכסטן איבערנאַטירלעכן גראַד. אָט־אָט, דאַכט זיך, זאָגן מיר אַ גוטן טאָג — ברוך שפּטרני. אָפּגעהיטן זאָלן מיר אָבער ווערן פאַר נאָכגעבן אָטאָ דער שוואַכקייט".

„בעסער טאָן ווי איר טוט: זיין אַ שומר חינם*) — ווי איר זאָגט — און היטן די אַבסטראַקציע, אויב דאָס ממשותדיקע איז נבזהדיק, שלעכט, ווערטלאָז".

„מען דאַרף טאָן — אויף אייער אַרט — ווי איר טוט; שרייבן לידער (דאָס גיט צו אַמאָל מער כוחות, ווי אַ דורכשניטלעכער „פּאַיאַק"!) און — איך טו לעצטנס אויך אַזוי, כאָטש דאָס טרעפלעכסטע וואָרט איז ס'רוב סטראַטאָספערישוויט פון דערווירקלעכקייט".

די דאָזיקע אַלע בריוו אין דער צערודערטער צייט מאַכן נאָכקלערן, נאָכטראַכטן. איך פיל, ווי אַלע, אַלע פּנים־מענטשן אין די צעשפרייטקייטן פיבערן, קאַרטשען זיך אין דעם גרויסן מוראדיקן אומרו, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם צעפּייניקטן ייִדישן מענטש ווו ער זאָל נישט זיין; וווהין דער גורל זאָל אים נישט האָבן פאַרוואָרפן אינעם נע־ונד — — —

## 55

## דער הייסער ווינטער

אַ הייסער ווינטער איז עס געווען. דער ווינטער פון 1945. אַ ווינטער אָנגעלאָדן מיט דינאַמיט, מיט שטורעם, מיט בראַנד. אָבער דאָס זענען געווען פרייַלעכע שרפות. שרפות פון דייטשישע שטעט און ישובים. די אויפגעהויבענע פלאַמען פון די דאָזיקע שרפות האָבן געוואַרעמט און אָנגעפילט מיט פרייד די פאַרשמאַכטע מענטשן אין אייראָפּע, באַפרייטע פון אונטער דער נאַצישער האַק...

עס האָבן נאָר נישט געקאָנט טריאומפירן די ייִדן אין פּוילן: זיי זענען שוין נישט געווען... זיי זענען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד... אַלע פאַרגאַזט, אַלע פאַרוואַנדלט אין אַש דורך די קרעמאַטאָריעס, דורך די אומצייליקע מאַסן־אויטאָ־דאַ־פעס . . .

דער ייִדישער צענטראַל־קאָמיטעט אין באַפרייטן לובלין האָט שוין געהאַט צעשיקט איבער דער וועלט די טראַגישע סטאַטיסטיק: בלויז 30 טויזנט ייִדן

---

*) געהאַט אים געשריבן איראָניש, אַז כ'בין אין „סבערקאַססאַ" אַ „שומר־חינם"... (ווייל מ'צאָלט דאָך נישטיקע גראָשנס).

זענען געבליבן לעבן אין גאַנץ פוילן!... מען ציילט שוין די ייִדישע קרבנות אין מיליאָנען... מען מאַכט שוין דעם גענויען חשבון: העכער דריי מיליאָן פוילישע ייִדן, איין מיליאָן סאָוועטישע ייִדן און נאָך צוויי מיליאָן ייִדן פון גאַנץ אייראָפּע...

דער שווידערלעכער סך־הכל פון בלוטיקן שניט — — — — — —

האָבן ייִדישע הערצער אין דער גאַנצער וועלט געצאַפּלט פון פּיין און נקמה... זענען ווי אַ באַלזאַם געווען די ידיעות וועגן די שרפות און פאַרוויסטונגען אין דייטשלאַנד; וועגן די טויזנטער, טויזנטער טאָנען דינאַמיט אויף בערלין — אויף דער נעסט פון די רוצחים־מטורפים, די משוגענע בעסטיעס.

שוין אין יאַנואַר האָבן זשוקאָווס אַרמייען פאַרנומען וואַרשע — נאָך אַ לאַנגן, „דיפּלאָמאַטישן" וואַרטן אויף פּראַגער זייט ביי דער ווייסל: אפנים די פּאָליאַקן האָבן אויך געדאַרפט באַצאָלן אַ בלוט־שטייער פון אַ פּאָר הונדערט טויזנט בירגער... (צום אומגליק: צווישן זיי אויך אַ פּאָר צענדליק טויזנט ייִדן אויף „אַרישע פּאַפּירן"... אַ צוגאָב צו די מיליאָנען געשאָכטענע...).

יאָ, וואַרשע, אַ חרובע, אַ צעשאָטענע אין ציגל, איז באַפרייט.

באַפרייט זענען שוין אויך די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ. עס דערגייט שוין פריי צו אונדז אין די רוסישע מרחקים דער קאַלטער שווידער פון יענע חורבות... דער קאַלטער שווידער פון טויט און פאַרניכטונג — — —

און אָט אַ פּאָליטישע סענסאַציע:

דער פוילישער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־קאָמיטעט אין לובלין האָט זיך דערקלערט ווי אַ רעגירונג פון דער פוילישער רעפּובליק און האָט זיך שוין איי־בערגעקליבן אין באַפרייטן וואַרשע. איצט זענען שוין אַפילו בלינדע פאַרוואָס די רויטע אַרמיי האָט זיך אַ לאַנגע צייט צוגעקוקט גלייכגילטיק פון פּראַגער זייט צום „ספּעקטאַקל" פון וואַרשעווער אויפשטאַנד: „אנו, זאָל ער באַווייזן, דער דאָזי־קער שליאַכטשיץ באָר־קאָמאַראָווסקי, צו באַפרייען וואַרשע!"... און אַז די דייטשן האָבן ליקווידירט דעם דאָזיקן „נאַראַדאָוון" — „נאַציאָנאַליסטישן" — אויפשטאַנד; און אַז די פּאָליאַקן זענען שוין גענוג אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און געוואָרן פאַר־שליידערט פון דער וואַרשעווער אַרענע, — דאַמאָלס איז געקומען די גינסטיקע צייט פאַר זיי, פאַר די אמתע „באַפרייער" פון אָקופּירטן וואַרשע. סטאַלין האָט אַזוי אַרום ביטרע אויסגעמיטן די איבעריקע „דיסקוסיעס" מיט די באָר־קאָמאַ־ראָווסקיס און זייער גלייכן וועגן טיילן די מאַכט אין נייעם פוילן... אויך מיט מיקאָלייטשיקן פון דער לאָנדאָנער גלות־רעגירונג זענען געוואָרן איבערגעריסן די איבעריקע רייד... צו וואָס? אַז אין לובלין איז שוין צוגעגרייט געוואָרן באַ־צייטנס אַ פּוילישע רעגירונג פון אייגענע מענטשן, פון מאַריאָנעטקעס, וואָס טוען וואָס מ'הייסט זיי... וואָס רײדן וואָס מ'זאָגט זיי אונטער... מ'דאַרף דען אַ בעסערן

פוילישן פּרעמיער־ און אויסערן־מיניסטער ווי אָסובקאָ־מאָראַווסקי? זיין רעגי־רונג האָט תיכף באַשלאָסן איבערצורייסן יעדע מגע ומשא מיט דער פּוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. און וואָס האָט סטאַלין מער געדאַרפט אין די דאָזיקע טעג?...

דערליידיקט מיט וואַרשע, איז די רויטע אַרמיי אַוועק ווייטער אין איר טריאומפאַלן מאַרש — אויף בערלין!

דער פיבער, דאָס צאַפּלעניש ביי די פּוילישע יידן אין רוסלאַנד איז געוואָרן שטאַרקער. מ׳קומט איינע צו די אַנדערע, מ׳רעדט, מען דיסקוטירט: וואָס וועט איצ־טער זיין מיט אונדז? אפשר וועט קומען די צייט, מ׳זאָל אויך אונדז אַרויסלאָזן פון דער רוסישער שטייגז?... אמת, נישטאָ שוין צו וועמען איצט צו קומען... אָבער פונדעסטוועגן האָט געררייצט די פרייע וועלט... וועט זיך עמיצער דערמאָנען וועגן אונדז?... אפשר וועלן יידן אין דער וועלט זיין אונדזערע שתדלנים?... אונדזערע גואל׳ס ?...

הערט מען אַזעלכע רייד, אַזעלכע „ווונטשן" צווישן אונדזעריקע אין די חברותאַ׳ס :

— איך וואָלט כאָטש וועלן קומען אין וואַרשעווער געטאָ אויף קבר־אבות...

— כאָטש זעצן זיך שבעה אויף די ציגל פון מיין הויז...

— כאָטש מאַכן אַן „אל מלא רחמים"...

ווער עס וויל כאַפּן אַ בליק אויף זיין וואַרשע, ווער אויף זיין ווילנע, ווער אויף זיין לעמבערג, קראָקע.

און נאָך אַזעלכע ענלעכע „ווונטשן"...

נישט געווען דאָך קיין איינציקער צווישן אונדזערע פּוילישע יידן, וואָס זאָל נישט האָבן איבערגעלאָזט דאָרט, אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, עמיצן אַ נאָענטן, אָדער נאָענטע. דער גרעסטער טייל פּליטים איז באַשטאַנען פון איינזאַמע: די משפחות זייערע זענען געבליבן „דאָרטן"... אַזעלכע האָבן „פאַנטאַזירט" כאָטש עמיצן, כאָטש איינעם פון דער משפחה צו געפינען צווישן די לעבעדיקע... זענען דאָך געבליבן לעבן ביי די 30.000 יידן אין פּוילן — איז ווער זשע קאָן וויסן ווער עס איז דער גליקלעכער? ווער עס האָט דאָס גליק צו געפינען עמיצן צווישן יענע געראַטעוועטע 30.000?...

איז ווייטער אָנגעגאַנגען דאָס שרייבן בריוו. יעדער איינציקער האָט פאַר־וואָרפן מיט בריוו זיין באַפרייטע שטאָט. מ׳האָט געשריבן סתם אין דער וועלט אַריין. מ׳האָט געשריבן אויף אַדרעסן פון מענטשן, וואָס זייער אַש איז שוין צעשפּרייט איבער די פּוילישע פעלדער. מ׳האָט געשריבן צו קאָמיטעטן, וואָס זענען גאָרנישט בנמצא. דער עיקר האָט מען פאַרוואָרפן מיט בריוו דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין לובלין.

פאַר דער צייט האָב איך שוין דערהאַלטן תשובות פון גראָדנע און פון אמדור. פון גראָדנע האָט מיר דער „גאָראיספּאָלקאָם" געענטפערט, אַז קיינער פון די אָנגעגעבענע מענטשן זענען לויט די אַדרעסן נישט געפונען געוואָרן. פון אמדור האָט דער „ראַיאיספּאָלקאָם" געענטפערט: „אַרויסגעפירט געוואָרן"... אַ באַקאַנט געוואָרענער נוסח שוין אין די אַלע תשובות צו די פּליטים: „אַרויסגעפירט געוואָרן"... וווהין פאַרשפאַרט מען שוין צו פרעגן... דאָס איז שוין פאַרשטענדלעך פאַר אַלעמען... אַלע ווייסן דאָך שוין פון מאַידאַנעק, טרעבלינקע, אָשוויענטשים — — —

איז ווידער געקומען טרויער און געוויין צווישן די ייִדן־פּליטים... אַלע האָפענונגען: „טאָמער?" „אפשר?" זענען אויסגעלאָשן געוואָרן.

גיי איך אַרום אין מיין טרויער ווי אַ שאָטן, און וווּ איך טרעף אַ פּוילישן ייִד — זע איך אין אים דעם זעלבן טרויער, וויינט אַרויס פון זיינע אויגן דער זעלבער צער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַקום איך איינמאָל אַ פּאָסט־קאַרטל פון מיין געוועזענעם פּאַרטנער אין אַק־בולאַק — פון מ., איצט אַ פּאָרוטשניק אין דער פּוילישער אַרמיי. מ. שרייבט מיר פון אָטוואָצק — זיין וווינאָרט ביז דער מלחמה. ער איז איצט געקומען אַהין זוכן די שפּורן פון זיין פרוי און קינד; אָבער, פאַרשטייט זיך, נישט געפונען. „אין אָטוואָצק, שרייבט ער מיר, איז קיין איין לעבעדיקער ייִד נישט געבליבן. אַלע דעפּאָרטירט... פון איין זייט פּלאַנט — אַ חרוב ייִדיש שטעטל און פון דער אַנדער זייט — פאַריתומטע פּוסטע ייִדישע ווילעס"... ער זאָגט מיר אויך צו אין בריוול, אַז ווען ער וועט זיין אין וואַרשע, וועט ער דערפילן מיין בקשה און כאַפּן אַ קוק אויף מיין „אַדרעס": שוויענטאָיערסקע 28... אָבער וואָס קאָן ער שוין דאָרט זען ?...

עס האָט זיך אָפּגערופן דער שרייבער זאַקאַליק, וואָס געפינט זיך שוין איצט אין לובלין. אָנגעקומען פון אים אַ בריוו מיט פּרטים וועגן ייִדישן חורבן. ער אַרבעט דאָרט אין ייִדישן קאָמיטעט. ער קלייבט זיך מיט אַ קאָרטשענדיק האַרץ קיין וואַרשע אָנצוקוקן די חורבות פון געטאָ... עס שרעקט אים די דאָזיקע נסיעה...

פאַר דער צייט אויך באַקומען אַ ידיעה פון לעאָ פינקעלשטיין — שוין פון זיין נייעם וווינאָרט אויף דרום — פון כערסאָן. אַ נס, אויסגעמיטן נאָך אַ ווינטער אין קאַמי.

דאָס זעלבע משה בראָדערזאָן מיט זיינע אַלע משפּחה־מענטשן האָבן זיך שוין אַרויסגעריסן פון דעם פאַרוואָרפענעם העק אין קאַראַקאַלפּאַקיע. אַזוי שרייבט ער מיר אין אַ קורץ בריוול. זיי זענען שוין איצט אין זאַפּאָראָזשער געגנט, אין

אַ סאָווכאָז אויפֿן נאָמען פֿון דימיטראָוון. „אַ וויסטעניש, — ווי בראַדערזאָן שרייבט — ווו די איינציקע קעפּ, מיט וועלכע מ׳קאָן כאַפּן אַן אינטימען שמועס, זענען קעפּ קרויט״. „אַ מקום, ווו טאַראַס בולבאַ האָט געיאַנקלט, און ווו די נאַטור איז ממשיך אין יעדער היגזיכט איר אַנומלטיקן גאַנג״.

ביידע, סיי לעאָ פינקעלשטיין, סיי משה בראַדערזאָן, זענען אַרויס פֿון זייער פאַרוואָרפנקייט מיטן חסד פֿון „ז.פּ.פּ.״. הייסט עס, אַז מען מוז זיך טאַקע אַריענ־טירן אויף „ז.פּ.פּ.״: אפשר וועט מען טאַקע אויך אין זייער זכות אַרויס אין דער פרייער וועלט?...

די דאָזיקע השערה איז געווען אַ ריכטיקע. די צייט האָט עס באַוויזן.

די צייט ברענגט אויך מיר אַ סיורפריז:

אין אַ שיינעם פרימאָרגן באַקום איך דורך טשקאַלאָווער „ז.פּ.פּ.״ אַ „וויזאָווו״ פֿון מאָסקווע. אַ בריוו פֿון בער מאַרק — שוין דער צווייטער בריוו וועגן דעם ענין — טייטשט עס מיר אויס, אַז משה בראַדערזאָן, לעאָ פינקעלשטיין און איך זענען צוקאָאָפּטירט געוואָרן צום ייִדישן קאָמיטעט ביי „ז.פּ.פּ.״ אין מאָסקווע און אַז צו אַלע דריי זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן „וויזאָוון״ צו קאָנען קומען קיין מאָסקווע. „מיר האָבן גרויסע פּלענער פֿאַר אונדזער פֿאָלק. גענויער וועלן מיר וועגן אַלץ שמועסן שוין אין מאָסקווע״. — אַזוי שרייבט ער. אָבער עס חידושט מיך זיין אויסדרוק: „פֿאַר אונדזער פֿאָלק״... פֿאַר וועלכן פֿאָלק? אונדזער פֿאָלק אין פּוילן איז דאָך שוין אויסגעשאָכטן...

בער מאַרק שרייבט זיך איצט אונטער: „צייטווייליקער סעקרעטאַר פֿון אָרג׳־קאָמיטעט פֿון פּוילישע ייִדן אין ר״פּ״. פֿאָרזיצער פֿונעם קאָמיטעט איז ווייטער, ווי ער אינפֿאָרמירט מיך, ד״ר ע. זאָמערשטיין, וואָס איז איצטער אין לובלין.

בכן, אַן ערנסטער ענין. מ׳דאַרף זיך פּעקלען. מאָסקווע איז דאָך אגב נענ־טער צו פּוילן. דערצו: זיין צווישן שרייבער. שרייבער פֿון פּוילן; סאָוועטיש־ייִדישע שרייבער. אדרבה ואדרבה.

אָבער זעט אויס, אַז דער שטן אַליין האָט זיך אַריינגעמישט און צוליב שלימזלדיקע טעכנישע שטערונגען האָב איך נישט באַוויזן צו פֿאָרן אין באַ־גרענעצטן טערמין פֿון „וויזאָוו״ און — בין געבליבן ווייטער אין מיין אַק־בולאַקער „רעזידענץ״. און אפשר נישט נאָר צוליב „טעכנישע שטערונגען״. אפשר אויך צוליב פּסיכאָלאָגישע טעמים זענען מיינע הכנות נישט געמאַכט געוואָרן אין גוי־טיקן שנעלן טעמפּאָ; אַ ביסל האָט מיך אָפּגעשראָקן רחל קאָרנס בריוו. כ׳מיין דעם פּאַסוס וועגן מיין אויסנעמלעכן מצב צוליב דעם וואָס איך קאָן נישט האָבן קיין בילעט פֿון שרייבער־פֿאַריין, ווייל איך בין דאָך געווען אין לאַגער... יאָ, טאַקע אַזוי. אפשר קאָן איך אין מאָסקווע אַריינפֿאַלן אין איבעריקע עגמת נפשן?...

און פאַרוואָס אייגנטלעך האָט מיר פּרץ מאַרקיש נישט געענטפערט אויף מיין ווענדונג פון בוכאַרע און לעצטנס אויף מיין בריוו אין שייכות מיט רחל קאָרנס שרייבן? זענען מיר דאָך אַמאָל אין וואַרשע, אויף טלאָמאַצקיע 13, געווען אין פּריינטלעכע באַציִונגען. אלא וואָס? כ'בין געווען אין לאַגער... איז גלייכער משום פאָרזיכטיקייט נישט צו האָבן קיין שריפטלעכע מגע ומשא מיט אַזאַ „באַ־פלעקטן"... און מסתמא אויך אין מאָסקווע גופא קאָן איך זיך אָנשטויסן אויף אַזאַ „פאָרזיכטיקייט" מצד דעם און יענעם שרייבער... היינט צו וואָס קריכן „מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט"?... אפשר טאַקע גלייכער שוין זיצן ביזן סוף אין שאָטן, אין מיין פאַרוואָרפענעם אָק־בולאַק, ווו קיינער טייטלט נישט אויף מיר: „ביסט געווען אין לאַגער"?... הגם נישט איך שעם זיך דערמיט — עס דאַרפן אַנדערע פנימער פלאַמען פאַר חרפה צוליבן לאַגער...

אַזוי האָט זיך געטראַכט, ווען איך בין געשטעלט געוואָרן פאַר דער מעג־לעכקייט צו פאָרן קיין מאָסקווע.

אַזוי, צי אַנדערש — איך האָב פאַרשפּעטיקט און נישט געקאָנט פאָרן.

אין גיכן האָב איך באַקומען ידיעות, אַז סיי משה בראָדערזאָן, סיי לעאַ פינקעלשטיין זענען שוין אין מאָסקווע — זיי האָבן נישט פאַרשפּעטיקט אַזוי ווי איך.

שפּעטער האָט מיך פאַרדראָסן אויף זיך אַליין און כ'האָב זיך געמאַכט פאַר־ווורפן פאַרוואָס איך האָב זיך נישט צוגעאיילט מיט די הכנות צום פאָרן. כ'האָב אַליאַרמירט און געשריבן צו דעם און צו יענעם — אויך שוין צו לעאַ פינקעל־שטיין און צו משה בראָדערזאָן — מ'זאָל זיך באַמיִען און באַנייען מיין „וויזאָווי"; אָבער דער ענין איז שוין געווען קאָמפּליצירט.

בראָדערזאָן האָט מיך „געטרייסט" אין אַ בריוו:

„איך האָב זיך נישט געריסן צו פאָרן און איך בין געווען גערעכט. דערפון איז, פאַרשטייט זיך, געדרונגען, אַז די אַלע, וואָס איילן זיך, טוען אַ גרויסע נאַ־רישקייט. נישטאָ וואָס און צו וואָס! אָט וואַלגער איך זיך דאָ (די משפחה איז געבליבן אין זאַפּאָראָזשע) אין קעלט און ווידערוויליקייט שוין העכער צוויי חדשים און סע קלייבט זיך נישט וועסנעדיק צו ווערן אין דעם לעבן און אין די שטי־מונגען".

„וואָס שייך אייער ענין. טראָץ ספּאַרדס און מאַרקס און פינקעלשטיינס באַ־מיאונגען איך אַהערצובריינגען — קאָנען זיי עס נישט אַדורכפירן. איר זענט אָבער רעגיסטרירט אין דער ערשטער גרופּע שרייבער, וואָס דאַרפן אַרויספאָרן *)

---

*) געמיינט: קיין פוילן.

(קאַגאַנאָווסקי, אָליצקי, רובינשטיין, קאָרן, יאַנאַסאָוויטש און איר), און דאָס זאָל בקרוב געשען. הלוואי זאָל גוט זיין!"

אַ צושריפט צום דאָזיקן בריוו פון יוסף רובינשטיין:

„איך אײל זיך צו שרייבן, ווייל איך וואָלט זיך געוואָלט באמת מיט אייך וואָס שנעלער זען און איך מיין, אַז ס׳וועט בקרוב געשען. דאָ אין מאָסקווע איז אונדז נישט אַזוי לייכט אין אַלע שטייגערישע זאַכן. איך פאַרשטיי אייערע שטי־מונגען. איך האָב אויך אַזוי געמיינט. און איצטער קומט מיר אויס זיך אַרומצו־וואַלגערן און זוכן תמיד אַ ווינקל. נאָר נישט געדאגהט. עס איז שוין נענטער ווי ווייטער. אַ ביסעלע בטחון און איך מיין, אַז מיר וועלן זיך בקרוב זען. איר זענט אויפן ערשטן צעטל און ס׳דאַרף גאָר אין קורצן קלאָר ווערן ווען מיר פאָרן. איך בין זייער צופרידן וואָס מיר פאָרן צוזאַמען".

די דאָזיקע בריוולעך פון בראָדערזאָנען און רובינשטיינען האָבן מיך באַ־רויִקט און אָפּגעקילט מיין אויפגעוואַכטן ברען צו פאָרן קיין מאָסקווע.

אַ באַרויִקטער, אין אַ בעסערער שטימונג, בין איך יענעם אָוונט אַוועק אין מיין „זשעמיאַנסקאַ" — צו מיין באַקאַנטער פעלען... — אויף אַ שפּיגלדיק גלעזל טיי מיט היימיש־געבאַקטע קיכעלעך.

## 56

## מיין נייע שכנה...

דער ווינטער איז אַריין אין זיין שטייגער. קנאַקעדיקע פרעסט און פאַרפרוי־רענע שניי־בערג. משוגענע בוראַנען האָבן זיך אָפּט געריסן פון די אָפענע סטעפּעס.

אין כאַטע איז נישט געווען איבעריק וואַרעם. די בוראַנען האָבן אַריינגע־דרונגען דורך די מינדסטע שפּאַרעס פון טיר און פענצטער.

עס איז מיר אויך געוואָרן נישט ניחאדיק אינעם חדר, די לופט שטיקנ־דיקער: אויסער דער אַדעסערין — די אַלטע לאהקע, די הענדלערקע פון באַזאַר מיטן „קניפּל" אין איר אַלטן בוזעם — איז אין אונדזער „פּאַלאַץ", אין דער אַלקאָווע הינטערן האַלבן ווענטל, צוגעקומען נאָך אַ שכנה: די בהמה... מ׳האָט זי אַהין אַריינגעפירט צו פראַוּוען „קימפּעט"... זי האָט זיך געדאַרפט קעלבן און אין אַזעלכע פרעסט איז אין שטאַל געווען צו קאַלט פאַר איר. איז דאָך דער סאַמע צוגעפאַסטער אָרט די אַלקאָווע. האָב איך אין די נעכט געמוזט פאַרנעמען דער אַלטער לאהקעס זקנהשע קרעכצערייען און דער בהמהס מו׳קען ערב איר

מוטערשאַפט. די לופט בײנאַכט פלעגט אַמאָל װערן אַזױ איבלדיק, אַז ס׳פלעגט מיר פאַרפעלן אָטעם.

אין שטוב האָט זיך כסדר גערודערט. ביי דער בהמה איז עס נישט צוגעגאַנגען כשורה מיטן געבורט. מ׳האָט געהאַלטן ביי דער סוגיא: „בהמה המקשת ללדת״... מ׳האָט געזוכט עצות, תחבולות. אַלע שטוביקע זענען געװען דענערװירט. סאַשאַ האָט גערודערט; סאַרע איז אומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ. אַ קלייניקייט אַ קו! אַ שפּייזערין!... מ׳האָט גערופן שכנות, „קומעס״, זאַכקענער. מ׳האָט געגעבן כל־ערליי מיטלען. און די בהמה האָט געקרעכצט, גע׳מו׳קעט פון יסורים.

אײן אָװנט קום איך אַהיים און זע, אַז די פּנימער ביי די שטוביקע זענען שוין אױסגעלייטערט: שוין, מזל־טוב, די קו האָט זיך שוין אָפּגעקעלבט. מ׳דערציילט מיר װאָס פאַר אַ סגולות מ׳האָט אַלץ געטאָן.

— אַבראַם יאַקאָװליעװיטש, איר װייסט װאָס מ׳האָט מיר געהייסן אייַנגעבן דער קו? — זאָגט מיר סאַרע.

— װאָס, אַ שטייגער?

— צװיי לייז...

— װאָס?!

— דאָס װאָס איר הערט... צװיי לייז... דאָס איז די בעסטע רפואה פאַרן „אָרט״ ביים געבוירן...

— נו, האָט איר אַזױ געטאָן?

— זיכער! כ׳האָב גענומען צװיי לייז, אַריינגעװאָרפן אין עמער װאַסער און געגעבן עס דער קו אויסצוטרינקען.

— און װוּ האָט איר גענומען די „מעדיצין״?...

— פּש... אויך אַ מציאה... — לאַכט סאַרע. — װען פעלט דען ביי אונדז לייז?... מ׳טוט אַ פיר דעם גערדיכטן קעמל איבערן קאָפּ — און ס׳פעלט נישט ב״ה.

— אויסגעצייכנט! — לאַך איך. — זאָגט מיר, סאַראַ דאַװידאָװנאַ, און איר גלויבט טאַקע אין אַזאַ „מעדיצין״?

— קאָן זיין. װער קאָן װיסן?... אפשר העלפט עס טאַקע? איר זעט דאָך. די קו פילט זיך גאַנץ גוט.

— נו, און דאָס קעלבל?

— אויך דאָס קעלבל איז אַ װאַזשנער חברה־מאַן...

אין מיטן דערהערט זיך פון דער אַלקאָװע אַ דראָבנע מרוקען פונעם קעלבל.

— איר הערט? — זאָגט סאַרע — דאָס איז ער טאַקע, דער ניי־געבוירענער...

— מילא, זאָל זיין מיט מזל...

— הלוואי, גאָטעניו...

— נישקשה, — פֿאַרענדיק איך דעם דיאַלאָג מיט סאַרען, — ביי אייך אין קאָמוניסטישן לאַנד בליט נאָך זייער פֿיין דער אָבערגלויבן.

איז שוין געקומען, הייסט עס, די העכסטע צייט צו טוישן מיין „פּאַלאַץ" אויף אַן אַנדערן. האָב איך ווידער גענומען זוכן אַ דירה און נישט געקאָנט געפֿינען. איין ווינקל איז מיר געווען יאָ מער צום געשמאַק; אָבער...

דאָס איז געווען אין אַ קאָלעקטיוו גרויס געמויערט הויז פֿון אייזנבאַן־באַאַמטע. דאָרט האָט פֿאַרנומען אַ דירה — איין צימער מיט אַ קליין קיכל — אַ פֿרוי, וואָס האָט געאַרבעט אין דער „סטאָלאָווקע" ביים וואָקזאַל. האָט זי געוואָלט אָפּטרעטן אַ „ווינקל" פֿאַר אַ קוואַרטיראַנט. כ'בין געקומען אַהין לויט עמיצנס אַ רעקאָמענדאַציע, אַ בליק געטאָן — אַ לייטישערער צימער. אַפֿילו מיט אַ פּאָר וואַזאָנעס ביים פֿענצטער. די באַלעבאָסטע, אַ מיטליעריקע פֿרוי, אַ רוסין, האָט מיך צופֿיל גענומען אויספֿרעגן. דער עיקר האָט זי אַקצענטירט די פֿראַגע, צי ווי אַ „פּאָליאַק" רעכן איך נישט צוריקצופֿאָרן „נאַ ראָדינו"?... (אַהיים).

— אַז ס'וועט קומען די צייט, וועל איך פֿאָרן... — זאָג איך איר, — אָבער מ'ווייס נאָך נישט ווען דאָס וועט געשען...

זי האָט מיר געקוקט אין די אויגן אַריין, צוגעשמייכלט און געקווענקלט זיך:

— כ'ווייס אַליין נישט. כ'וועל זיך מיישב זיין מיט מיין קומאַ. איר ווייסט דאָך, מ'נעמט אַריין אַ מאַנסביל אין שטוב...

— זייט רויִק, איר וועט פֿון מיר קיין זאָרגן נישט האָבן. איך טו פֿאַר מיר אַליין יעדע זאַך.

— קומט אַריין מאָרגן.

יענע האָט אָבער געמיינט עפּעס אַנדערש... צומאָרגנס איז עס מיר אינגאַנצן קלאָר געוואָרן. כ'האָב געטראָפֿן ביי איר זיצן אויך איר „קומאַ", און דאָס מאָל האָט שוין יענע גערעדט:

— גוט, מיר האָבן געהערט, איר זענט אַ סאָלידער מענטש... אָבער... ווי וועט עס זיין? איר זענט זאַלבענאַנד אין איין וווינונג... ביינאַכט... אייך איז אומעטיק אַליין אין אייער בעט... איר איז אויך אומעטיק אין איר בעט... פּאַני־מאַיעטיע ? . . .

— וואָס זשע מיינט איר, גראַזשדאַנקאָ?... — מאַך איך זיך תמעוואַטע, כאָטש איך האָב זיך שוין אָנגעשטויסן אויף איר כוונה.

— כ'מיין, עס קאָן דאָך אַנדערש נישט זיין... עס וואָלט גוט געווען ווען איר וווינט דאָ ווי אַן אייגענער... נו, ווי אַ מאַן... מיין חברטע איז זייער אַ ווילע... אַ זעלטענע פֿרוי... איר וועט זען...

## אויף שליאכן פון הפקר

„אָט דאָ, הייסט עס, ליגט דער הונט באַגראָבן"... — טראַכט איך — זי רעדט מיר פּשוט אַ שידוך, די „קומאַ"...

— יאָ, מ'זעט, אַז זייער אַ ווילע... — זאָג איך שטאַמלענדיק, — אָבער איר ווייסט דאָך... ראַדינאַ... ווען נאָר מען וועט קאָנען, וועל איך פאָרן אַהיים... אפשר וועל איך נאָך געפינען מיין פרוי...

— ווו וועט איר געפינען אייער פרוי?... — שלאָגט מיך אָפּ די „קומאַ", — דער „גערמאַן" האָט אַלעמען אין פוילן אומגעבראַכט...

— ווער קאָן וויסן?

די „דיסקוסיע" האָט אָנגענומען פאַר מיר אַ נישט געשמאַקן טאָן, און כ'האָב זיך אויפגעהויבן צום אַוועקגיין.

— איטאַק? (בכן?) — פרעג איך.

— קומט אַריין מאָרגן אין אָוונט, — ענטפערט די „כלה", וואָס האָט די גאַנצע צייט כמעט געשוויגן. — מאָרגן וועל איך אייך געבן אַן ענטפער.

כ'האָב אייגנטלעך שוין גאָר קיין חשק נישט געהאַט צו גיין נאָך דער תשובה; אָבער די שווערע שטיקנדיקע נאַכט אין מיין דירה האָט מיך געצוווּנגען צו פאַרקוקן אויף מיין אומווילן צו גיין אַהין. בין איך אין אָוונט ווידער אַריין צו דער „כלה"... זי איז איצט שוין געווען אַליין.

— נו, וואָס וועט איר מיר זאָגן? — פרעג איך גלייך ביים אַריינקומען.

יענע האָט ווידער צו מיר געשמייכלט. געקוקט מיר אין די אויגן און גע־שמייכלט. דער שמייכל האָט נאָך טיפער געמאַכט די קנייטשן דאָ־דאָרט אויף איר אַלט־בתולהשן פּנים. כ'האָב זי גוט פאַרשטאַנען: זי האָט זיכער געמיינט, אַז איבער נאַכט וועל איך זיך איבערלייגן און אפשר מסכים זיין אויפן „שידוך"... זעענדיק אָבער, אַז איך בין אין מיין רעזערוו און קאַרג אויף אַ וואָרט, האָט זי זיך לסוף אָפּגערופן:

— צום באַדויערן קאָן איך אייך נישט אַריינעמען צו מיר אין וווינונג. פאַנימאַיעטיע?... וואָס וועט מען זאָגן?... אַריינגענומען אַ פרעמדן מאַנסביל... די שכנטעס וועלן מיך זיכער באַריידן... פאַנימאַיעטיע?...

— אויב איר רעכנט זיך דערמיט... ווי איר פאַרשטייט, גראַזשדאַנקאַ...

און אַזוי איז פון דער נייער לייטישערער דירה מיט די וואַזאָנעס ביים פענצטער גאָרנישט געוואָרן. פון דער דירה אַזוי ווי פונעם „שידוך"...

האָב איך זיך ווייטער געמוזט שטיקן אין מיין „פּאַלאַץ" — צוזאַמען מיט מיין נייער שכנה הינטערן האַלבן ווענטל — אויף דעמיאַן ביעדני־גאַס, אָן לופט און אָן לעבן...

## 57

# וואָס וואַרט אויף אונדז אין פוילן?...

אַ סענסאַציע פאַר אַלע פּוילישע:

אָפּטאַציע! עס האָט זיך לסוף אָנגעהויבן די אָפּטאַציע פאַר די פּוילישע. אין טשקאַלאָווער אָבלאַסט׳, ווי אין אַלע געביטן פון ברייטן רוסלאַנד. און אָט איז שוין אויך דערגאַנגען צו אונדזער ראַיאָן, אין דער אָרטיקער מיליץ. אַלע ווי איינער האָבן אָפּטירט פאַר פּוילן, פאַרן צוריקקער אין די היימען.

די שטימונג ביי די פּוילישע איז געוואָרן אַ הייטערע. פלוצלונג, אין איין טאָג, איז פאַרשווונדן די מורא פאַר די סאָוועטישע פּעסער, וואָס האָט איטלעכן דערשלאָגן. וואָס מען האָט געטראָגן אין די טאַשן ווי אַ שונא. ווי אַ שלאַנג, וואָס ווען איר פאַרגלוסט זיך, קאָן זי אַרויסלאָזן איר גיפט. מיטאַמאָל האָט די דאָזיקע שלאַנג פאַרלאָרן איר כוח...

אין דער מיליץ האָט מען יעדן איינעם אויסגעפרעגט, אויסגעפילט אַנקעטעס. פון איטלעכן האָט מען דערביי צוגענומען דעם רוסישן פּאַס. ס׳האָט אים יעדער אָפּגעגעבן מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג.

די פרייד ביי די פּוילישע איז געווען גרויס. ביי פּאָליאַקן מער ווי ביי ייִדן. די פּאָליאַקן ווייסן דאָך צו וואָס און צו וועמען זיי פאָרן; אָבער מיר, ייִדן... וואָס וואַרט אויף אונדז אין פּוילן, אויסער חורבות? — — — ביי ייִדן איז געווען די פרייד דער עיקר צוליבן אַרויספאָרן פון רוסלאַנד — — —

הייסט עס, אַז „ז.פּ.פּ.״ האָט עפּעס יאָ אויפגעטאָן פאַר די פּוילישע. אמת, עס האָט געקאָנט געשען נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס רוסלאַנד האָט אפּנים שוין אויפגעהערט צו קוקן אויף פּוילן ווי אויף אַ פרעמד לאַנד... אַזוי צי אַנדערש — עס איז געשען. עס ווערט אַ פאַקט. דעריבער טאַקע האָבן זיך אַלע פּוילישע נאָך מער גענומען קלאַמערן אָן „ז.פּ.פּ.״.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך די ראַיאָן־פאַרוואַלטונג פון „ז.פּ.פּ.״ רעאָר־גאַניזירט. גאָדליעווסקין האָט מען שוין מאָביליזירט אין דער פּוילישער אַרמיי. האָט מען מיך אויסגעוויילט אויף זיין אָרט. כ׳בין פון איצט אָן געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער ראַיאָן־פאַרוואַלטונג. אין טשקאַלאָוו האָט מען מיר אַרויס־געגעבן אַן אָפיציעלע „ספּראַווקע״, אין פּויליש און רוסיש, וואָס באַשטעטיקט מיין אַמט פאַר דער מאַכט. די דאָזיקע „ספּראַווקע״ האָט געעפנט פאַר מיר נייע מעגלעכקייטן: קודם כל האָט זי מיך „געדעקט״ ווי אַ „ספּראַווקע״ פון אַן אַרבעט־פּלאַץ. אַ דאַנק דעם האָב איך זיך תיכף באַפרייט פון מיין אַרבעט אין „סבער־

קאַססאַ". וויפל איז דער שיעור צו זיין אַ "שומר חינם"?... צו לעבן פון "צער־פלאַטאַ"?...

מען קאָן נישט זאָגן, אַז איך האָב ווי אַ סעקרעטאַר פון "ז.פּ.פּ." נישט געהאַט אויך קיין קלאַפּאָטן. מיט אַלע ענינים פלעגן די פוילישע קומען צו מיר: ווער — צו שרייבן "זאַיאַוויליעניעס"; ווער — וועגן הילף; ווער — וועגן אינפאָרמאַציעס אין שייכות מיט דער אַפּטאַציע. מ׳פלעגט קומען צו מיר פון שטאָט גופא און פון קאָלכאָזן.

איינמאָל האָט מען מיך אַפילו געבעטן קומען אין דער מיליץ, כ׳זאָל צו־העלפן דער באַאַמטין, וואָס האָט געאַרבעט איבער די רשימות פון די פוילישע. היות ווי זי האָט זיך נישט גוט אָריענטירט אין די דאַטן פון טייל פוילישע דאָקו־מענטן, האָב איך איר אַרויסגעהאָלפן. בעת עס פלעגן אָנקומען פרישע פּאַפּירן פון די פוילישע אין די קאָלכאָזן, פלעגט שוין די באַאַמטין אַליין קומען צו מיר אין שטוב מיך בעטן אַריינצוקומען אין דער מיליץ, כדי איר צו העלפן.

פון צייט צו צייט פלעגט מיר אויסקומען צו פאָרן קיין טשקאַלאָוו: אַמאָל אויף אַ קאָנפערענץ פון דער אָבלאַסט׳־פאַרוואַלטונג פון "ז.פּ.פּ.", אין שייכות מיט דער רעפּאַטריאַציע; אַמאָל צוזאַמען מיט אַ פאָרשטייער פון דער "אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ" (פאַרזאָרגונגס־אָפּטיילונג ביי "ז.פּ.פּ.") מכוח צוטיילונגען פון הילף. אין די שווערע ווינטער־חדשים, בעת די שנייען און בוראַנען האָבן באַשווערט דעם נאָרמאַלן טראַנספּאָרט, פלעגן די הילפס־פּעקלעך פון אויסלאַנד אָנקומען נישט רעגולער, מיט גרויסער פאַרשפּעטיקונג. בכלל פלעגן זיי אָנקומען שוין נישט אַזוי אָפט ווי אין אָנהויב, ווייל מ׳האָט שוין איצט געשיקט פּעקלעך צו מערער פוילישע ייִדן, אויף אַ סך אַדרעסן — האָט מען שוין נישט געקאָנט שיקן אַלעמען אַזוי אָפט. עס האָט אַפּנים נישט געקלעקט. זענען טאַקע דעריבער די צוטיילונגען פון "ז.פּ.פּ." איטלעכן שטאַרק צונויף געקומען — סיי די זאַכן, סיי די קאָנסערוון.

תמיד, ווען קרופּקאַ זעט מיך, זאָגט ער מיר מוסר. ער זאָגט עס מיט אַ צומיש פון אַ טראָפּן חניפה:

— אַ ייִדישער פּאָעט! דאָס חנדל פון אַק־בולאַקער "פּאָלאָניאַ"! פאַרוואָס פירט איר נישט קיין קולטור־דערציִערישע אַרבעט? איר דאַרפט צונויפנעמען באָטש איין מאָל אין וואָך די פוילישע און ריידן פאַר זיי און פאָרלייענען פאַר זיי.

כ׳האָב אויסגעהערט און נישט רעאַגירט. וואָס מיינט ער זאָל איך פאַר זיי ריידן? פאָרלייענען? דעם "קראַטקי קורס"?... אָדער עפּעס ענלעכס? זיכער מיינט ער נישט סתם ליטעראַטור... איז גלייכער זיך צו מאַכן פאַרגעסן ביז אַ צווייטן "מוסר־זאָגן"...

און אַז איך פלעג שוין זיין אין טשקאַלאָוו, פלעג איך מעשה פרייער מענטש קאָנען פאַרברענגען דאָרט אַ פּאָר טעג. פלעג איך זיך אויך פאַרגינען אַריינצו־כאַפּן אין אַ קינאָ, אין אַ טעאַטער. בין אַפילו איינמאָל אַריינגעפאַלן אין דער אָפּערע אויף „קאַרמען". דאָרט האָט געשפּילט דער עוואַקויִרטער אַנסאַמבל פון דער לענינגראַדער אָפּערע.

אַז כ'פלעג קומען קיין טשקאַלאָוו, פלעג איך כמעט אַלע מאָל זיין דער גאַסט ביי רענאַן. מיין אַמאָליקע מיטוווינערין אין דער עלעוואַטאָר־„אָבשטשע־זשיטיע" אין אַק־בולאַק. די, וואָס פלעגט „אונטערזינדיקן" מיט שרייבן פּוילישע לידער. איר מאָביליזירטן מאַן איז געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין אַ מיליטע־רישער „שוואַלניע" — און דאָס איז זיין „סלוזשבאַ" (דינסט). וווינען זיי דאָ אין אַ צימער ביי אַ רוסישער פאַמיליע. ער, דער מאַן, אַרבעט סיי אין „שוואַלניע", סיי ביי זיך אין שטוב, פּריוואַט — און פון דער דאָזיקער האַרעוואַניע מאַכן זיי ווי עס איז אַ לעבן. די אויסגעפּיעשטשעטע רענאַ אַרבעט ווייטער נישט. פירט זי אַ שטיקל ווירטשאַפט אין שטוב. קאָכט, באַקט — ווי פריִער אין אַק־בולאַק. פאַרבעט מען מיך אויך צום אָוונט־ברויט. זיצט מען, רעדט מען, טיילט מען זיך מיט נייעסן. די הויפּט־טעמע איז, פאַרשטייט זיך, די רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן. חשבונט מען די חדשים, ווען עס וועט שוין מעגלעך זיין צו געזעגענען זיך מיט די היגע „גליקן"...

איינמאָל זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען אין אָוונט אויף עפּעס אַ פייערונג פון „ז.פ.פ.". ס'איז פאָרגעקומען אין אַ טעאַטער־זאַל. דאָס טעאַטער איז געווען געפּאַקט פון דער גאַנצער טשקאַלאָווער „פּאָלאָניאַ". אַכציק פּראָצענט פּוילישע ייִדן, פאַרשטייט זיך. אויף דער טריבונע איז געווען אויסגעזעצט דער גאַנצער פּרעזידיום פון „ז.פ.פ." — צווישן זיי, אין צענטער, סאָוועטישע מונדירטע געסט. די רעדנער — דער פאָרזיצער, דער גענ'־סעקרעטאַר און אַנדערע — האָבן אָפּט געמאַכט אויסרופן לכבוד דעם „גרויסן, דעם קלוגן" אַאַז"וו טאָוואַרישטש יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאַלין, און דער גאַנצער פּרעזידיום האָט זיך בעת מעשה אויפגעשטעלט און גלייכצייטיק, ווי לויט אַ צייכן פון אַ דיריזשאָר, צוגעפּאַטשט מיט די הענט. עס האָט זיך מיר אין די מינוטן אויסגעדאַכט, אַז אויף דער טרי־בונע שטייען עס נישט קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר ליאַלקעס, מאַריאָנעטקעס, וואָס עמיצער קוועטשט אָן אין זיי עפּעס אַ מעכאַניזם — און עס פּאַטשט זיך... אַלע גלייך, אַלע גלייך... ראַז! דוואַ!... ראַז! דוואַ!...

און ווי דער פּרעזידיום — אַזוי דער זאַל.

נישט ווייניק מענטשן אין זאַל — אַפילו צווישן די פּאַטשערס — האָבן געזען

און געפילט דעם קאָמיזם פון דער סיטואַציע. די מענטשן אויף דער סצענע האָבן אויסגעזען ווי קאָמיקער פון אַ סקעטש.

יאָ, מען דאַרף נאָר קענען די קונץ פון אַ דריק טאָן, פון אַ קוועטש טאָן ווו מען דאַרף — און די מאַריאָנעטקעס — אַמאָל אַפילו אַ מאַסע, אַ ריזיקע מאַסע! — פּאַטשן שוין מיט די הענט.

אַט דאָס איז אייגנטלעך אויך דאָס היינטיקע רוסלאַנד! — — —

***

צו די יידישע פּליטים־קרייזן אין טשקאַלאָוו איז פון מאָסקווע לעצטנס דערגאַנגען אַ פּאַרשפּעקטיקטע, אָבער זיכערע, ידיעה:

אין קויבישעוו, אין די קעלערן פון דער „נ.ק.וו.ד.", זענען אויף אַ מערדערלעכן אופן אומגעבראַכט געוואָרן די פּאָפּולערע יידישע אַרבעטער־טוער און פּובליציסטן הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער.

די דאָזיקע ידיעה האָט די פּוילישע יידן אויפגעשוידערט. מ'האָט זי מיט צער און פאַרביטערונג געטראָגן פון מויל צו מויל.

האָט מען אין דער שטיל קאָמענטירט:

— אַפילו דער גרויסער נסיון פון מלחמה האָט „זיי" נישט אויסגעבעסערט.

— וואָס פאַר אַ זינד האָבן דאָ געקאָנט באַגיין ערליך און אַלטער? זיי האָבן נאָר געטראַכט אַנדערש ווי סטאַלין...

— מען מוז טראַכטן ווי „זיי"; ווען נישט — איז „צום ווענטל"...

— דער מענטש לעבט דאָ ווי אין אַ לייבן־שטייג: אין יעדער רגע קאָן זיך דער לייב וואַרפן מיט די נעגל און פּיסק...

— ווי ווערט מען שוין פּטור פון „זיי", פון אונדזערע „באַפרייער"?...

## 58

## שטימען פון „דאָרטן"...

לסוף האָט זיך צו מיר אָפּגערופן אַ שטים פון יענער זייט, פון „דאָרטן"...

אַ שטים פון גראָדנע.

געווען איז עס אַזוי:

אויף איינעם אַן אַלגעמיינעם צוזאַמענקום פון „ז.פּ.פּ." אין אַק־בולאַק אין שייכות מיט דער אָפּטאַציע האָב איך זיך באַקענט מיט איינעם אַ פּאָליאַק, אַ שלאָסער־מעכאַניקער, און ס'האָט זיך פון שמועס אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ

גראָדנער: אַז ער איז דאָ אַליין, ווייל נאָר אים אַליין האָבן די באָלשעוויקעס פאַר־שיקט אין אַ לאַגער און זיין פאַמיליע, אַ פרוי מיט קליינע קינדער, איז געבליבן אין גראָדנע. ער דערציילט מיר, אַז ווי נאָר גראָדנע איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער גלייך געשריבן אַהין און ביז איצט האָט ער שוין באַקומען צוויי בריוו פון זיין פרוי.

קלאָר: כשרע אַריער. האָבן די דייטשישע רוצחים זיי געלאָזט לעבן...

איז מיר באַלד איינגעפאַלן זיך צו ווענדן צו זיין פרוי, זי זאָל פּריוואַט פּרוּוון אַ זוך טאָן מיינע נאָנטע און פריינט. אפשר וועט איר יאָ געלינגען עמיצן פון זיי אויסצוגעפינען. איך זאָג עס דעם פּאָליאַק און ער איז מסכים: אדרבה, ער וועט צושרייבן צו מיין בריוו אַ פּאָר ווערטער צו זיין פרוי זי זאָל עס אויף זיך נעמען.

און ער גיט מיר זיין אַדרעס אין גראָדנע.

אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן. אָנגעשריבן צו דער אומבאַקאַנטער פּאָלקע אַ בקשה־בריוו, אָנגעגעבן איר אַ גאַנצע רשימה אַדרעסן און געבעטן זי זאָל זיך נאָכפרעגן, אינפאָרמירן זיך אויפן אָרט ביי וועמען מ׳קאָן נאָר, ביי שכנים פון די געזוכטע, ביי געראַטעוועטע ייִדן און ווו זי וועט אַליין געפינען פאַר נויטיק. גע־נומען אויך אַ צושריפט פון איר מאַן, און דער בריוו איז אַוועק.

זעט אויס, אַז מיט גראָדנע איז שוין געווען איינגעשטעלט אַ גוטע פּאָסט־פאַרבינדונג. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט — אפשר אַ וואָך דריי — און כ׳באַקום אַ דעפּעשע. אַ זייער פאַרגרייזטע דעפּעשע פון גראָדנע. אַנשטאָט גראָדנע איז געווען „גראָזני״, און דער טעקסט גופא, געשריבן מיט אַ בלייפעדער איז אויך געווען פאַרגרייזט. איך האָב אָבער לסוף אַלע ווערטער דעשיפרירט. ס׳איז אַ דעפּעשע מיט אַן אונטערשריפט „חיהלע״. מיין פלימעניצע חיהלע. די פרוי פון מיין פלימעניק, דעם יונגן אַדוואָקאַט אפרים ליוביטש. ביי זיי טאַקע, אויף קי־ראָוואַ (ליסטאָווסקיעגאָ) 39 האָב איך עס געוווינט ווי אַ פּליט, און אין זייער וווינונג האָט מען מיך עס דעם 3טן יולי 1940 אַרעסטירט.

חיהלע! זי לעבט! אָבער חיהלע שרייבט אין דער דעפּעשע: „כ׳בין געבליבן איינע אַליין. קיינער אַ חוץ מיר האָט זיך נישט געראַטעוועט. וועגן מאַניען און אַלעקן ווייס איך גאָר נישט. אַ בריוו איז אין וועג״.

קלאָר: אַלע אומגעקומען... אַלע, אַלע... מיין מאַמע, מיין שוועסטער, אַלע פלימעניקעס...

איך שטיי נאָך פאַר אַ רעטעניש: וואָס איז מיט מיינע נאָנטע אין וואַרשע?... ווען זיי וואָלטן געלעבט, וואָלט שוין דערגאַנגען זייער גרוס צו חיהלען. וואָלט זי נישט געשריבן אין איר דעפּעשע: „וועגן מאַניען און אַלעקן ווייס איך גאָר

נישט״... און אפשר ווייס זי שוין יאָ, נאָר זי וויל מיר נישט אָנזאָגן די שוואַרצע בשורה וועגן מיין פרוי און קינדז?...

אַזוי, צי אַנדערש — די גראָדנער שחיטה איז דאָך אַוודאי אַ זיכערע...

פון מיינע אויגן טרעטן נישט אָפּ מיין גרויע מאַמע, מיין איינציקע שוועס־טער... זיי באַגלייטן מיך כסדר... זיי גייען האַרט נעבן מיר... איך פיל זיי... איך פיל זייער באַריר — — — — — — —

כאָטש איך האָב אַנדערש נישט משער געווען מיטן קאַלטן שכל, כ׳האָב זיך דאָך געריכט אויף דעם — פונדעסטוועגן, אַז כ׳האָב דערזען שוואַרץ אויף ווייס, האָבן מיך ספּאַזמען געצומען שטיקן אין האַלדז... כ׳בין פון דער פּאָסט אומגע־לאָפן ווי אַ משוגענער איבערן ליידיקן פּלאַץ ביז מיין כאַטע... כ׳בין געלאָפן צוזאַמען מיט מיין מאַמען, צוזאַמען מיט מיין שוועסטער — — —

אַ גאַנצן טאָג זיך קיין אָרט נישט געפונען. נישט געהאַט גאָר אַזאַ כוח אויס־צווויינען דעם גרויסן צער — — —

אין אָוונט אַוועק צו פּעלען — מיין נענטסטער מענטש אין אַק־בולאַק. איך קאָן נישט ריידן. איך ווייז איר שטום די דעפּעשע. זי ווערט אומעטיק־בלאַס. לסוף זאָגט זי מיט אַ געבראָכענער שטים:

— וואָס מיינט איר, איר זענט דען איינער? מיר זענען אַלע אבלים.

כ׳האָב אויך ביי פּעלען לאַנג נישט געקאָנט איינזיצן. עס האָט מיך געיאָגט פון אומעטום מיין טרויער...

קורץ נאָך דער דעפּעשע זענען צו מיר דערגאַנגען פון גראָדנע אַ בריוו און דריי פּאָסט־קאַרטלעך, געשריבן אַ טאָג נאָך אַ טאָג.

אין איר ערשטן בריוו קלאָמערט זיך חיהלע אָן מיר ווי אָן דעם איינציקן נאָענטן, וואָס איז איר געבליבן אויף דער וועלט.

„...אויסער דיר, — שרייבט זי צ״אַ, — האָב איך אין איצטיקן מאָמענט קיינעם נישט. כ׳האָב אַלעמען פאַרלוירן: מיין טייערסטן מאַן, מיין זיס קינדעלע, מיין אומשאַצבאַרן פאָטער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס. איך ווייס נישט, צי זיי איז באַשערט געווען דאָס גליק אומצוקומען, אָדער מיר — דאָס אומגליק צו בלייבן לעבן, צו פּייניקן זיך״.

אין די קאַרטלעך שרייבט זי מיר איילעווודיק, אַז זי קלייבט זיך שוין איבער קיין ביאַליסטאָק*). היינט־מאָרגן פאָרט זי שוין אַרויס. זי בעט מיך הייס, אַז איך זאָל נישט פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט איר; אַז אין גראָדנע בלייבט ד״ר

*) ד״ה, אויף דעם פּוילישן געביט, לויט דער אָפּטאַציע (פרייער אויסוואַל).

וואַרשילסקי און פאַמיליע, וואָס ווערט שטענדיק וויסן ווו זי וועט זיין; אַז וועט איך וועל קומען קיין פוילן, זאָל איך זי תיכּף זוכן אין ביאַליסטאָק.

אגב: אין איינעם פון די קאַרטלעך דערציילט זי מיר וועגן אַ פּילבאַרער אבדה: מיינע אַלע מאַנוסקריפּטן, וועלכע זענען ביי זיי געבליבן נאָך מיין אַרעסט, האָט אפרים ע״ה אָפּגעהיט ווי אַ רעליקוויע. פאַרן אַנטלויפן פון געטאָ האָט ער זיי פאַרגראָבן אין קעלער צוזאַמען מיט זייערע און מיינע פאַרבליבענע זאַכן. אָבער בעת זי, חיהלע, איז באַלד נאָך דער באַפרייאונג אַריין אין יענעם „סכראָן" (באַהעלטעניש), האָט זי גאָרנישט געפונען: עמיצער פון די שכנים־פּאָליאַקן האָט אים אויסגעליידיקט און אַפילו פון מיינע מאַנוסקריפּטן איז דאָרט קיין זכר נישט געבליבן. דאָס הייסט: אי מאַראָדערן, אי וואַנדאַלן.

די צייט האָט מיך אויך נישט געלאָזט צו לאַנג וואַרטן אויף דער שוואַרצער בשורה פון וואַרשע...

און דאָס אויף אַזאַ אופן:

אין בוכאַרע האָט זיך געפונען אַ שוועסטער פון מיין פרויס אַ חברטע — די מאָלערין דאָראָטע שיינפעלד. אַ היימישער מענטש, הייסט עס, פון וואַרשע. געווען איז זי אין בוכאַרע צוזאַמען מיט איר מוטער; אָבער די מוטער איז אין די הונגער־יאָרן אויסגעגאַנגען און געפונען איר אייביקע רו אין דער וויטער אוזבעקישער ערד. וואַלדמאַן האָט מיר געהאַט איינמאָל וועגן איר געשריבן און זינט דאַמאָלס בין איך געווען מיט דער דאָזיקער דאָראָטען אין שריפטלעכן קאָנטאַקט. נאָך דער באַפרייאונג פון וואַרשע האָט זי, גלייך ווי אַלע פּוילישע, פאַרוואָרפן מיט בריוו דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, — ביז עס האָט זיך טאַקע ווער אָפּ־גערופן —

איינע פון אירע שוועסטער — מיין פרויס חברטע, ליובע. איר איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט צוזאַמען מיט אַ טעכטערל. דאָראָטע שרייבט זיך שוין מיט איר צונויף (יענע וווינט איצט אין לאָדזש) און וויס שוין אַלץ וועגן אירע אַלע אבדות...

אין איינעם אַ בריוו, וואָס איך האָב דערהאַלטן פון דאָראָטען, איז פאַראַן אַ ציטאַט פון איר שוועסטער ליובעס אַ בריוו וואָס איז נוגע מיר. דער נוסח פון דער שוואַרצער בשורה איז אַזאַ:

„אברהם זאַק'ס פאַמיליע האָט זיך נישט געראַטעוועט. זיין זון איז זייער טראַגיש אומגעקומען אין לובלין, און מאַניע איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין מאַי־דאַנעק און דאָרט איז זי אומגעקומען. איך וויס נישט, צי קאָן איך שרייבן אויף אַזאַ אופן וועגן טויט, ווייל מיר ריידן וועגן דעם זייער געווינלעך".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַן שום אילוזיעס, הייסט עס... נישטאָ שוין וואָס צו וואַרטן אויף נסים... נאָר 30 טויזנט לעבעדיקע ייִדן געבליבן אין פוילן... ס'איז אַזוי ווי אַ לאָטעריע: 30 טויזנט געווינסן אויף 6 מיליאָן נומערן... קאָנען דען אַלע זוכה בגורל זיין?...

אויס אילוזיעס... נישטאָ קיין נסים... און וואָס קאָנען העלפן טרערן?...

הער איך ווי אַ שטים אין מיין אומגעשטילטן צער און אבלות:

„גיי אַרויס, בן־אדם, אין וויסטן שנייאיקן סטעפּ. וויין זיך גוט אויס אין דער ווייסער עלנטקייט, אונטער די שטומע ווינטערדיקע הימלען. זאָל קיינער נישט זען, זאָל קיינער נישט הערן" — — — — — — — — — — — — — —

יאָגט מיך דער טרויער איבער פאַרשנייטע סטעפּעס, ווייט הינטער דער שטאָט. שלינגט מיך איין די ווייסע איינזאַמקייט. דוכט זיך מיר, אַז איך שפּרייז צווישן קברים... אומעטום, וווּ איך שטעל נאָר מיינע טריט — קברים!... אַזוי פיל קברים! אַ פולער סטעפּ מיט קברים! — — — — — — דוכט זיך מיר, אַז מיינע טריט פּלאָנטערן זיך אין תכריכים — — —

יאָגט עס מיך איבער דער תכריכים־ווייסקייט, וואָס האָט נישט קיין אָנהויב און קיין סוף... און הינטער מיר, פיל איך, גייען נאָך שאָטנס... שאָטנס היימישע... שאָטנס נאָנטע... זיי קלאַמערן זיך אַלע און גייען נאָך מיר, אין מיינע טריט — — —

פאַרנעם איך מיטאַמאָל פון ערגעץ ווייט, פון הינטער די ווינטערדיקע ווייסע, טויטע האָריזאָנטן, — און אפשר גאָר פון מיינע אייגענע טיפסטע טיפענישן פון דער נשמה — ווי אַן עכאָ פון אַ וויינענדיקן קול:

אל מלא רחמים שוכן במרומים — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 59

## אין די טעג פון נקמה...

דער פרילינג איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ סך פרייד, מיט אַ סך עמאָציעס פאַר די פאַרשמאַכטע מענטשן...

דער פרילינג 1945. די בלעטלעך פון קאַלענדאַר זענען פאַרשריבן געוואָרן מיט געשיכטלעכע פּאַסירונגען.

די בשורות פון די פראָנטן זענען געגאַנגען מיט איבעראַשנדיקער שנעל־קייט. יעדער נייער טאָג האָט בלאַסער געמאַכט דעם נעכטיקן טאָג, האָט אים איבערגעשטיגן מיט גרעסערע סענסאַציעס, מיט שטאַרקערע עמאָציעס. דער איי־

זערנער רינג פון די אַליאירטע אַרמייען אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשישער ערד ווערט אַלץ ענגער, מער איינגעשלאָסן. היטלער מיט זיינע ווילדע האָרדעס ווערגן זיך אין זייער אוממאַכט. דער אויבער־אויבער־תליון און מטורף ראַנגלט זיך אין זיין היסטעריע און פרוּווט נאָך פאַרשרייען זיין נאָנטן סוף...

עס איז שוין נאָך דער קרימער קאָנפערענץ. די „דריי גרויסע" — רוזוועלט, טשערטשיל, סטאַלין — האָבן שוין דערווייל אָנגעצייכנט די גרענעצן פון דער נייער אייראָפּע — פון אייראָפּע אָן דער „ברוינער פעסט"...

די ביז אַהער פאַרשקלאַפּטע פעלקער האָבן שוין פרייער אָפּגעאָטעמט. עס זענען שוין באַפרייט פון די נאַציס אַלע אָקופּירטע לענדער — פראַנקרייך, בעל־גיע, לוקסענבורג, טשעכאָסלאָוואַקיע, יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע, גריכנלאַנד, נאָר־וועגיע, דענעמאַרק, די באַלטישע לענדער; עס איז שוין אָפּגערייניקט פון די טמאים־רוצחים גאַנץ פוילן... נאָכמער: אויך דער גרעסטער טייל פון „דריטן רייך" איז שוין אין רשות פון די „אַליאירטע". די „ברוינע בעסטיע" ווערט דער־שטיקט אין איר אייגענער נאָרע.

די אַפּריל־טעג ברענגען אַלץ מער שפּאַנונג. הערצער פלאַטערן, צאַפּלען פון נקמה — — —

די פוילישע דיוויזיעס — דערציילן די ציַיטונגען — שלאָגן זיך אויך ביי דרעזדן און בערלין. נישט איין ייִד צווישן אונדזערע פוילישע איז מקנא די ייִדישע זעלנער, וואָס האָבן איצט דאָס גליק נקמה צו נעמען אָן די מערדער פון אונדזער פאָלק... וואָס זעען אַליין פון דער נאָנט, מיט די אייגענע אויגן, ווי אונדזערע בלוטיקע שונאים — די נעכטיקע „הערן־ראַססע" — ווערן פאַר־ניכטעט אין בראַנד און רויך... עס איז אַ גליק, אַ גרויסער זכות איבערצולעבן אַזאַ נקמה פון דער נאָנט. צו קאָנען צוּוואַרפן מער פולווער צו די שרפות.

ברענגט איין טאָג די בשורה: אויפן רייכסטאַג אין בערלין פלאַטערט שוין אַ רוסישע פאָן!

ברענגט אַ צווייטער טאָג אַ ידיעה: געפאַנגען מוסאָליניַן!

און אַ דריטער טאָג: דערשאָסן מוסאָליניַן!

און שוין אין מאַי, מיט עטלעכע טעג שפּעטער: געפאַלן בערלין! היטלער — טויט!

און דעם 6טן מאַי דערציילט די „סוואָדקאַ" פון „סאָוואינפאָרמביוראָ":

„אָפּגעשטעלט אַלע קריגס־אָפּעראַציעס אויפן מערב־פראָנט"...

און דעם 8טן מאַי: דייטשלאַנד קאַפּיטולירט! קאַפּיטולירט אומקאָנדיציאָנעל...

פון די צייטונגען ריידן אַראָפּ גרויסע „קעפּ":

„געקומען דער סוף פון נאַציזם"...

## אויף שליאַכן פון הפקר

„שלום אין אייראָפּע"...

דער 9טער מאַי!

ס'איז דער טאָג פון נצחון! דער נצחון פון דער פרייער מענטשהייט, פון די באַפרייטע פעלקער אין אַלע טיילן פון דער וועלט...

היינט, דעם 9טן מאַי, לכבוד דעם גרויסן יום־טוב, ווערט נישט געאַרבעט. אַלע „אוטשרעזשדעניעס" זענען געשלאָסן. אויף אַלע הייזער — רויטע פאָנען. דער טאָג איז אַ לויטערער. די זון שיינט אַראָפּ פון אַ רחבותדיקן, בלויען הימל אויף אַזאַ יום־טובדיקע, אַזאַ צעשמייכלטע און צעשטראַלטע.

ביי דער לאָקאַלער ראַדיאָ־סטאַנציע, אויף דער ברייטער דאָרפישער גאַס, האָט זיך אויפגעקליבן אַ היפשער עולם, דאָס רוב אונדזעריקע, פּוילישע. דער פאַרשטאַרקטער ראַדיאָ־הילכער גיט איבער כסדר פון מאָסקווער ראַדיאָ־צענט־ראַלע די אָפּקלאַנגען פון דעם יום־טוב אין דער גאַנצער וועלט, אין אַלע לענדער, אין אַלע רעזידענצן. אומעטום קומען היינט פאָר פייערונגען. דאָס פאָלק יובלט. די קלאַנגען פון ראַדיאָ־הילכער טראָגן זיך ווייט, ווייט איבער אַלע צעוואָרפענע גאַסן. דער עולם וואַקסט אַלץ. מ'קלייבט זיך אין רעדלעך. יידן גיבן זיך אָפּ מזל־טוב. אַנדערע ווערן שטאַרק עקזאַלטירט און כאַפּן זיך קושן איינע מיט די אַנדערע.

מ'זעט אָבער אויך צווישן עולם יידישע פּרויען, וואָס ווישן זיך די אויגן... הערט מען אַזעלכע רעפּליקעס צווישן די רעדלעך יידן:

— וואָס וויינט איר? אין אַזאַ יום־טוב?!

— עס פעלט נישט אויף וואָס צו וויינען...

— יידן וועלן ערשט איצט דערפילן דעם חורבן...

— די שמחה איז נישט פאַר אַלעמען...

און פון עטלעכע רוסן אָן אַ זייט כאַפּ איך אויף אַזעלכע רייד:

— מ'זאָגט, אַז אַמעריקע וועט מאַכן אַ שטיקל טאָלק ביי אונדז...

— יאָ, זיכער... אַמעריקע וועט האָבן ביי אונדז אַ גרויסע דעה...

— ווען נישט אַמעריקע... ווי וואָלטן מיר אויסגעזען...

— פערוואָם דאַלגאָם איז דאַלאָי מיט די קאָלכאָזן... אַמעריקע וועט זיכער פאָדערן אָפּצושאַפן די קאָלכאָזן...

— אפשר... אפשר וועט פאַר אונדז אויך זיך אָנהויבן אַ בעסערע צייט... אַזוי „טרייסטן" זיי זיך, די רוסן...

די אַלע ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן ווערן איבערגעגעבן מיט הפסקות. בעת די הפסקות ווערט געגעבן מוזיק, רויט־אַרמייאישע לידער, פריילעכע מאַרשן לכבוד די זיגרייכע, באַפרייערישע אַרמייען.

טראַנסמיטירט מען אויך דערהויבענע רעדעס. דערמאָנט מען אויך אין די

רעדעס דורכן ראַדיאָ די קרבנות, די מיליאָנען נאַצי־קרבנות, וואָס האָבן נישט דערלעבט דעם טאָג פון נצחון...

און די ייִדן, וואָס הערן זיך צו צו די יובלען און צו די אַלע רייד דורכן ראַדיאָ, טראַכטן בעת־מעשה וועגן אונדזער חלק אינעם ים פאַרגאָסענעם בלוט — — — וועגן אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים — — — און עס דוכט זיך אין די דאָזיקע רגעס, אַז אויך זיי, די געשאָכטענע, זייערע שאָטנס, שוועבן דאָ אַרום און קרייזן אין דער לופטן, און הערן זיך צו צו די שטימען דורכן ראַדיאָ, צו די קלאַנגען פון די נצחון־לידער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פיל איך זיי, די געשאָכטענע, זייערע שאָטנס, ווי זיי שוועבן דאָ אַרום... ווערן די רגעס דערהויבן און הייליק... גלוסט זיך ריידן צו זיי, זיך מצרף זיין מיט זיי... גלוסט זיך זינגען מיט זיי צוזאַמען אַ נצחון־ליד... פלעכטן זיך, ווי פון זיך אַליין, די שורות, וואָס קומען פון נשמה־טיפעניש:

איר אַלע ברידער מיינע, וואָס פאַריתומט און פאַראַבלט,
איר אַלע שוועסטער מיינע, וואָס אין שוואַרצער קרעפּ! —
עס איז דער גרעסטער יום־טוב הייַנט, טוט אויס די טרויער־קליידער,
הויבט אויף צום הימל די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

ס'איז אַלע מענטשנס שמחה הייַנט, נישטאָ הייַנט קיין אבלות.
מיט טויזנט זונען האָט דער הימל זיך צעלאַכט.
אַלץ יובלט הייַנט און זינגט. די גאַנצע וועלט איז מלא שמחה.
אין שטויב און דרויב צעשטויסן ליגט דעם שטנס מאַכט.

הייַנט יובלען אויך אַפילו אונדזערע מיליאָנען קדושים,
פון קופּעס אַש, פון מאַסן־גריבער דרינגט געזאַנג — — —
אַ זעט, ביים שייַן פון שרפות הייליקע — בקמה־פלאַמען! —
ווי ס'קאַרטשעט זיך דער שונא אין זיין אונטערגאַנג! — — — *)

*) „דאָס ליד פון נצחון", אין מיין לידער־זאַמלונג „מיט אַש אויפן קאָפּ", פ"ג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש 1947.

## 60

## און ווידער — גרויע וואָך

נאָך די יום־טובדיקע טעג איז געקומען גרויע וואָך. גרויע, וואָכעדיקע טעג ווי שטענדיק. טעג, וואָכן, חדשים פון אַרבעט, פון שווערער פּראַצע. יעדער בירגער איז ווייטער געווען איינגעשפּאַנט אין זיין יאָך, אין זיינע זאָרגן. דער נצחון איבערן שונא האָט אין לאַנד דערוויייל גאָרנישט געענדערט. אַלץ ווי געווען. אַלץ ביים אַלטן. דאָס זעלבע שווערע לעבן פאַר די בירגער.

אויפן באַזאַר — דער זעלבער יקרות. פאַר אַ קילאָ ברויט האָט מען נאָך אַלץ געצאָלט פון 80 ביז 100 רובל. אין די „לאַרקעס" זענען די פּאָליצעס פּוסט, ווי געווען. ווי תמיד האָט מען דאָרט געקאָנט זען אויף די פּאָליצעס נאָר אַזעלכע פּאַרלעגענע אַרטיקלען, וואָס קיינער זוכט זיי נישט, וואָס קיינער דאַרף זיי נישט. די נויטיקסטע זאַכן פון טעגלעכן געברויך פאַר אַ היגן בירגער — אַ געדיכט קעמל, אַ קלעצל פאָדים, אַ קנעפּל, אַ נאָדל וכדומה — דאָס איז דאָרט נישט געווען בנמצא. ווער רעדט נאָך וועגן לייוונט אויף אַ העמד, וועגן שיך, וועגן אַ מלבוש — דאָס אַלץ האָט ווייטער געפעלט. אויב עס איז עפּעס פון דעם מין יאָ געווען אין אַ מיקראָסקאָפּישער מאָס, איז עס, ווי תמיד, אַריין אין די „לאַרקעס" פון די פּריווילעגירטע: פון דער „נ.ק.וו.ד.", פון „פּאַרט־אַקטיוו" און פון אַנדערע קאַטעגאָריעס פּאַרדינסטפולע בירגער. די גרויע מאַסע האָט, ווי שטענדיק, געשטעקט אין גרויסן דלות, אין דער פינצטערער אָרעמקייט אָן אַ סוף, אָן אַ ברעג... דער גרויער מענטש פון אַרבעט האָט ווייטער געקרעכצט אונטער זיין יאָך. די אילוזיע, אַז נאָך דער מלחמה וועט באַלד קומען די ישועה פון גרויסן און רייכן „סאָיוזניק" (פּאַרבינדעטן) — פון אַמעריקע — איז ביי די לייכטגלויביקע ביסלעכווייז אויסגערונען... דער חלום, אַז עס וועלן קומען שנויים אין לאַנד: אויס מיט קאָלכאָזן וכדומה אַזעלכע איינריידענישן — אַלץ האָט געפּלאַצט. עס איז אַלץ ווייטער אַזוי ווי געווען.

און אַוודאי זענען אומגעגאַנגען אַנטוישטע די יעניקע בירגער — נישט ווייניק געווען זייער צאָל... — וועלכע האָבן אין דער שטיל געגערט די האָפענונג, אַז דער „גערמאַן" וועט קומען; אַז היטלער וועט קומען ווי אַ „משיח", ווי אַ „דערלייזער"... אַז ער וועט צוריקגעבן די פּויערים די ערד; אַז ער וועט צוריק עפענען מאַגאַזינען מיט סחורות, מיט אַלדאָס גוטס, און יעדער איינער וועט קאָנען קויפן וואָס נאָר זיין האַרץ גלוסט... פאַר די יעניקע איז די אַנטוישונג געקומען

שוין פון לאַנג — נאָך סטאַלינגראַד, ווען די היטלעריסטישע „דערלייזער" האָבן אָנגעהויבן צו גיין פון מפּלה צו מפּלה.

עס זענען שוין דערגאַנגען פון די מיליטערישע טיילן די גענויע ידיעות וועגן די אומגעקומענע אויף די פראָנטן. אין די כאַטעס ווייס מען שוין גענוי ווער עס פעלט; ווער עס וועט זיך שוין צוריק נישט אומקערן... צענדליקער מי־ליאָנען קרבנות האָט געקאָסט די מלחמה דעם גרויסן לאַנד — צענדליקער מיליאָנען הערצער זענען געבליבן באַטריבט, צעבראָכן...

די קליגערע, די פאַרנינפטיקערע בירגער האָבן בשתיקה געמאַכט דעם אויס־פיר: ווען נישט דער היסטאָרישער, דער קאַטאַסטראָפאַלער פעלער פון סטאַלינען — דאָס שליסן דעם פּאַקט מיט היטלערן! ווען אָנשטאָט דעם וואָלט מען בעסער פריִער דורכגעקומען מיט אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך — וואָלט איצטער גאָר אַן אַנדער סך־הכל געווען... קודם כל וואָלט רוסלאַנד נישט געקאָסט אַזוי פיל מיליאָנען קרבנות. דאָס לאַנד וואָלט פאַרשפּאָרט אַזוי פיל חורבנות. די אָרעמקייט וואָלט נישט געווען אַזוי גרויס. די סאָוועטישע פעלקער וועלן יאָרן פילן דעם גרויסן אומגליק — — —

פונדעסטוועגן האָט דער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט ווייטער טאָג־טעגלעך געלאָזט אין גאַנג דורך אַלע וועגן — דורך פּרעסע און ראַדיאָ — די עפּיטעטן אויפן חשבון פון סטאַלינען: „דער גרויסער", „דער קלוגער", „דער פאָטער פון די פעלקער"... וכדומה. גלייך ווי גאָרנישט געווען...

די פּוילישע האָבן געלעבט אין כסדרדיקן אומרו. קיין אַנדער טעמע איז ביי זיי נישט געווען: „ווען וועט מען שוין פאָרן?" „פאַרוואָס דויערט עס אַזוי לאַנג?"... עס האָט זיך טאַקע צופיל פאַרשלעפּט אונדזער ענין. קיינער ווייס נישט פאַרוואָס, פאַרוועןָ. אַנדערע האָבן שוין אָנגעהויבן צווייפלען אין דער גאַנצער זאַך... ווער ווייס? אַ קשיא אויף אַ מעשה... אין „ז.פּ.פּ." זענען קיין קאָנקרעטע ידיעות נישט געווען. אַלץ קלאַנגען.

זע איך איין טאָג אויף דער סטאַנציע אַ צוג, וואָס קומט פון מיטלאַזיע. עס קומען אַרויס פון די וואַגאָנעס פּוילישע. ייִדן און פּאָליאַקן. איך כאַפּ אַ שמועס מיט איינעם, מיט אַ צווייטן — ווייזט זיך אַרויס, אַז דער צוג גייט צו דער פּוי־לישער גרענעץ; אַז די פּאַסאַזשירן זענען — דער „פּאַרטאַקטיוו"... קאָמוניסטישע טוער פון פּוילן, דאָס רוב ייִדן. איצט איז געקומען זייער צייט. איצט שיקט מען זיי עס צו העלפן פאָרמירן דאָס נייַע פּוילן.

כ'באַקען זיך אויך מיט איינעם פון זיי, אַ קאָמוניסטישן טוער און זשורנאַ־ליסט. איך שענק אים אַ נומער „אייניקייט", פון וואָס ער ווערט שטאַרק גערירט. ער גיט מיר דערפאַר אַ ביסל אינפאָרמאַציעס וועגן פּוילן — וועגן וואָס מ'שרייבט

נישט... דאָרט גייט עס נישט צו אַזוי לייכט מיטן איינשטעלן אָרדענונג. עס גייט אַן אַ קאַמף מיט די רעאַקציאָנער־נאַראָדאָווע עלעמענטן. דעריבער אפנים האַלט מען אָפּ דערוויל די רעעוואַקואַציע פון די פּוילישע פון סאָוועט־רוסלאַנד. מ׳טאָר זיך נישט איילן.

די דאַזיקע רייד לייגן זיך טאַקע אויפן שכל. נישט אַזוי פריילעך, הייסט עס, דאָרטן, אין נייעם פּוילן...

מען טרעפט נאָך אויך אויף דער סטאַנציע סאַניטאַר־צוגן, וואָס קומען פון מערב. דאָס פירט מען איבער אינוואַלידן, טייל נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעהיילטע, אויף דרום, אין מיטלאַזיע, נענטער צו זייערע היימען.

עס ווייזן זיך אויך עשאַלאָנען פון רעעוואַקוירטע מיליטער־טיילן, וואָס פאָרן פון דייטשלאַנד. יעדער וואַגאָן זעט אויס ווי אַ מעבל־מאַגאַזין... פול אָנגע־פּאַקט מיט פּליושענע זאָפעס, לעדערנע פאָטעלן, שפּיגלען וכדומה. אַלץ גענו־מענע פון די דייטשישע שטיבער. כ׳זע ווי רויטאַרמייער זיצן בהרחבהדיק אין די ווייכע לעדערנע פאָטעלן און פּליושענע זאָפעס, די פיס אויסגעצויגן, פאַנאַנדער־געשפּרייט. זייערע אבות אבותיהם האָט זיך נישט געחלומט אַזאַ רחבות...

און עס גייט אַ מסחר! מענטשן באַלאַגערן די וואַגאָנעס. די רויטאַרמייער פאַרקויפן פון כל־טוב: קאָסטיומען, מאַנטלען, שיך, זאָקן, זייגערלעך... און וואָס נישט? מ׳כאַפּט די מציאות פון די הענט. קיינעם, פאַרשטייט זיך, קימערן נישט די אויסגעפּלינדערטע דייטשישע היימען. דאָס דייטשישע פאָלק האָט עס אַזוי פאַרדינט. אדרבה, מ׳האָט נאָך אַ געפיל פון נקמה.

אַזוי פאָרט עס דער דאָזיקער עשאַלאָן — די אומצייליקע באַוועגלעכע מעבל־מאַגאַזינען — פון סטאַנציע צו סטאַנציע און אומעטום גייט דער מסחר. די אַלע דייטשישע חפצים ווערן אַזוי־אַרום צעשפּרייט איבער די ווייטע שטחים, איבער די שטעט און ישובים פון ריזיקן רוסלאַנד, צווישן די אויסגעהונגערטע בירגער, וואָס זענען אַזוי להוט נאָך די אַלע שיינע זאַכן, וואָס לאָקן, וואָס רייצן אַזוי דאָס אויג... די אַלטע בירגער האָבן שוין כמעט ווי פאַרגעסן ווי אַזעלכע לוקסוסדיקע חפצים זעען אויס און די יונגע בירגער, געבוירענע שוין בעת דער סאָוועטישער הערשאַפט, האָבן עס גאָר קיינמאָל נישט געזען.

אַ באַזונדער רייץ האָבן דאָ די זייגערלעך. מענער־זייגערלעך, דאַמען־זייגער־לעך. זילבערנע, גאָלדענע. ס׳אַראַ פּראַכט. ס׳אַראַ איידעלע, ס׳אַראַ שיינע בראַס־לעטלעך. ס׳אַראַ דעליקאַטע אויערן־רינגען. די אויגן ביי די רוסישע פרויען ווערן אַזוי גרויס און צעצונדן, קוקנדיק אויף די אַלע שיינע זאַכן: גאָט, ס׳אַראַ רייכקייט פאַראַן אין דער וועלט!...

רויטאַרמייער דרייען זיך אַרום צווישן עולם נייגעריקע און קויפערס און

אַפּישירן די זייגערלעך: „אָמעגאַ"... „לאָנזשין"... „דאָכאַ"... (אַנשטאָט „דאָקסאָ" זאָגן זיי „דאָכאַ": דעם „איקס" לייענען זיי ווי אַ רוסישן „כ"...). די פּרייזן פון די זייגערלעך זענען דאָ נישט אַזעלכע קליינע. פון בערלין ביז אַהער זענען די רויט־אַרמייער שוין געוואָרן קליגער און פאַרקויפן נישט קיין „מציאות". אַזוי פיל דערפאַרונג שוין באַקומען אין די אַלע שטעט אויף זייער מאַרשרוט.

אויף דער סטאַנציע זע איך אויך אַ פיינלעכן קוריאָז: אַ „זשעלעזנאָדאָראָזש־ניק" (אייזנבאַן־אַרבעטער) גייט פאַרביי מיט אַ טלית אַרומגעוויקלט אַרום האַלדז... איך קוק זיך גוט צו: יאָ, בפירוש אַ יידישער טלית... יענער האָט אַוודאי געמיינט, אַז דאָס איז אַ „בורזשויסקע" פיינע טוך, — האָט ער עס אַרומגעוויקלט אַרום האַלדז און ער פירט עס אַוודאי ווי אַ מתנה פאַר זיין ווייב.

ס'איז פאַר מיר אַ טרויעריקער גרוס פון יידישן חורבן...

צי האָט נישט אַמאָל דער דאָזיקער טלית דורכגעמאַכט דעם וועג דורך מאַידאַנעק? — — — —

## 61

## אוונטן אויפן פּיעקעליק

מיט מזל אויסגעזוכט זיך אַ נייע דירה.

איך וווין שוין זינט אַ פּאָר חדשים ביי אַן אַנדער רוסישער „כאַזייקאַ", בשכנות פון דער דעמיאַן ביעדני־גאַס. אַ ביסל אַ ריינערע כאַטע, מיט מער באַקוועמלעכקייט פאַר מיר.

דאָס הויזגעזינד: מיין באַלעבאָסטע ליזאַ, איר שוועסטער שוראַ, זייער אַלטע מוטער און ליזאַס צוויי קינדער, אַ יינגל און אַ מיידל אין שול־עלטער. ליזאַס מאַן איז אַוודאי אומגעקומען אויפן פראָנט; אָבער קיין באַשטעטיקונג וועגן זיין טויט איז נאָך נישט אָנגעקומען. טראַכט ליזאַ, אַז אפשר איז ער אַריינגעפאַלן אין „פּלען", און איצט, נאָך דער באַפרייאונג, האַלט מען אים, ווי אַלע געוועזענע „פּלעניקעס", אין אַ ספּעציעלן לאַגער?

וועגן שוראַס מאַן איז שוין לאַנג אָנגעקומען אַ ידיעה פון זיין פּאָלק, אַז ער איז געפאַלן אין אַ שלאַכט ביים דניעפּר.

אין דער כאַטע, אין רעכטן ווינקל, איז פאַראַן אַן איקאָנע. איז דאָ איינגע־פירט, אַז נאָך יעדן עסן גייען צוביידע קינדער צום ווינקל און צלמען זיך פאַר דער איקאָנע, אָפּזאָגנדיק דערביי דעם שטענדיקן נוסח, וואָס די „באַבושקאַ" האָט זיי אויסגעלערנט:

— אַ דאַנק דיר, גאָט, פאַר ברויט, פאַר זאַלץ. גיב, גאָט, אַז דער טאַטע זאָל קומען און דער פעטער אויך...

אַזוי יעדן טאָג, יעדן טאָג, נאָך יעדן עסן...

כ׳בין שוין צוגעוווינט צו די איקאָנעס, וואָס מען זעט אין גרעסטן טייל כאַטעס; כ׳בין שוין צוגעוווינט צום איבערטריבענעם אָבערגלויבן פון פאָלק. אין אַלץ גלויבן זיי, די רוסישע פּרימיטיווע ווייבער — אין יעזוסן, אין גאָטס מוטער, אין רוחות, אין חלומות, אין קאָרטן... אין חלומות גלויבן כמעט אַלע — יונג און אַלט. אינדערפרי, איידער מען הויבט זיך נאָך אויף פון די געלעגערס, נעמט מען זיך דערציילן איינע די אַנדערע וואָס עס האָט זיך די נאַכט געחלומט. יעדע איינע דערציילט איר חלום. יעדע זאַך, וואָס מ׳זעט אין חלום, האָט איר באַטייט, איר רמז.

— אַבראַם יאַקאָווליעוויטש! — זאָגט צו מיר איינמאָל ליזאַ, — כ׳האָב היינט געזען אין חלום אַ קו. אַ רויט־געפּלעקטע קו. זי איז אַריין אין וואַסער. אפשר ווייסט איר וואָס באַטייט עס?

— דאָס באַטייט, אַז די קו איז געווען דורשטיק.

— ניין, אָן שפּאַס, אַבראַם יאַקאָווליעוויטש.

— קיין אַנדער באַשייד האָב איך נישט, ליזאַ וואַסילעווּנאַ.

אַזוי יעדן פרימאָרגן מיט די חלומות.

איך פלעג שטענדיק זיין אַן עדות פון די דאָזיקע רייד וועגן די חלומות, ווייל מיר זענען געשלאָפן אַלע אין דעם איין־איינציקן גרויסן חדר. יעדער אין זיין ווינקל: איך אויף אַ טאַפּטשאַן אין איין ווינקל פאַרנט; ליזאַ מיטן טעכטערל אין אַ בעט אין אַנטקעגנדיקן ווינקל, לינקס; שורא אַנטקעגן איר אין צווייטן ווינקל; די „באַבושקאַ" מיטן יינגל אויף דער ברייטער „גאַלאַנקע".

נו, איז קיין חידוש נישט, וואָס יעדן פרימאָרגן פלעג איך פאַרנעמען אַלע־מענס חלומות:

— מיר האָט זיך געחלומט אַ שרפה. אונדזער שטוב איז געווען אין פלאַמען. איך האָב געשריען, געליאַרעמט... — דערציילט, אַ שטייגער, שוראַ.

— טאַקע געהערט ווי דו האָסט געשריען. האָסט מיך אויפגעוועקט. — זאָגט ליזאַ.

— וואָס פאַר אַ סימן איז אַ שרפה?

— אַ שרפה באַטייט הונגער.

„דאָס האָט זי גראָד געטראָפן"... — טראַכט איך. — „ווען איז דאָ נישט קיין הונגער?"...

— און איך האָב געזען, —דערציילט נאָכדעם שורה, — אונדזער שכן אַנדריי אַ שיכורן אויף דער ערד, ווי אַ חזיר.

און אַזוי כסדר. איז מסתמא ביי זיי אויך די דיקטאַטור אין לאַנד אַ בייזער חלום...

יאָ, דער אָבערגלויבן בליט נאָך דאָ גאָר פעסט...

איינמאָל איז איבער דער שטאָט פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, — און דער־ציילט צום ערשט האָט עס מיר טאָקע ליזאַ, — אַז אין איין כאַטע, ביי דער אַלטער יעוודאָכע, וואָס וווינט נעבן באַזאַר, האָט זיך די איקאָנע איבער נאַכט באַנייט... („וואָזאָבנאָווילאָס׳״...). די אַלטע, אָפּגעבליאַקעוועטע, אָפּגעקראָכענע, פון פליגן באַפּינטלטע איקאָנע, האָט זיך פון זיך אַליין פאַרצויגן מיט אַ זילבערנער ליכטיקייט... די ראָם פון הייליקן בילד איז געוואָרן אָפּגעפּרישט, ווי אָקאָרשט געמאָלט, און די הייליקע מאַמע מיטן זון האָט אַראָפּגעקוקט מיט אַ העלער, נייער לויטערקייט...

זי האָט זיך באַנייט!...

מ׳האָט די ידיעה וועגן נס געטראָגן פון מויל צו מויל, פון כאַטע צו כאַטע. ס׳האָט יעדער „כאָזייאַין״ נאָכגעקוקט זיין איקאָנע און געוואַרט, אַז אויך אין זיין ווינקל זאָל געשען דער זעלבער נס.

— פון וואָס האָבן די שוועסטער געלעבט?

היות שורה איז געווען אַ „פרייער פויגל״, אָן קינדער, האָט זי געאַרבעט אין אַ „סטאָלאָווקע״. אַ פּלאַץ, ווו מ׳קאָן שוין נישט זיין הונגעריק. הונגעריק קאָנען נאָר בלייבן די געסט, די עסער אין דער „סטאָלאָווקע״, אָבער נישט דער פּער־סאָנאַל... ליזאַ ווידער, אַ מאַמע פון צוויי קינדערלעך, האָט געהאָט אַ געמאָטערט לעבן. שטענדיק איז זי געווען אַ פאַרזאָרגטע, אַ פאַרהאָרעוועטע. געאַרבעט האָט זי ערגעץ נישט; אָבער דאָך איז זי שטענדיק געווען פאַרנומען אין אירע אייגענע דלד אמות. די הויפּט־פּרנסה־געבערין אין שטוב איז געווען די בהמה. נישט קיין גאָר וואָזשנע בהמה, נישט קיין גרויסע מילך־געבערין, — דערפאַר פלעגט ליזאַ קאַרגן צו געבן אָן איבעריק ביסל מילך די קינדער. זי פלעגט די מילך פאַנאַנדערגיסן אין פלעשער און טראָגן פאַרקויפן אויפן באַזאַר, אָדער אויף דער סטאַנציע צו די עשאַלאָנען. זי פלעגט דאָך מוזן פאַרן געלט איינשאַפן זיך אין שטוב אַריין אַ ביסל מעל, אַ ביסל קאַשע; פאַדים צו לאַטן די מלבושים וכדומה. עס האָט איר געראַטעוועט — ווי אַ סך „כאָזייקעס״ אין שטאָט — דאָס שטיקל גערטלביים אילעק, וואָס די שטאָט האָט צוגעטיילט. פלעגט זי דאָרט פאַרזייען די בויטיקסטע ירקות. אָבער דאָס שטיקל גערטל האָט ביי איר צוגענומען וואָכן

און חדשים צייט און פּראַצע. איז קיין חידוש נישט, וואָס ליזאַ איז תמיד געווען אַ פֿאַריאָגטע, אַ פֿאַרקויפֿטע צו אירע זאָרגן און מאַטערנישן.

— אַבראַם יאַקאָווליעוויטש! — פלעגט זי זיך קלאָגן פאַר מיר, — אפשר ווייסט איר ווען וועל איך זיך שוין אַ ביסל אויסרוען? איך פיל, אַז איך פאַל פון די כוחות.

אַ נס, וואָס די אַלטע פלעגט איר אַ ביסל אַרויסהעלפן אין שטוב — ביים רוימען, ביים קאָכן, ביים לאַטען די אַלטע מלבושים פונעם הויזגעזינד.

דאָס לאַטען און צירעווען פלעגט פאָרקומען אין די אָוונטן. אַלע שטוב־מענטשן, קליין און גרויס, פלעגן זיך פאַרקלייבן אויף דער „גאַלאַנקע". ווער מיט נאָדל, ווער מיט שפּיזלען, ווער מיט אַ שפּין־רעדל. די גאַנצע „אילומינאַציע" איז געווען דאָס קורניקל, וואָס פלעגט קאַרג באַלייכטן אַ פּאָר איילן אַרום זיך. דערפאַר האָבן זיך אַלע געשטיקט אויף דער „גאַלאַנקע". אַז מיר פלעגט אויסקו־מען צו זיין אין אָוונט אין שטוב און כ'פלעג וועלן אַריינקוקן אין אַ צייטונג אָדער בוך, פלעג איך זיך מוזן צווענגען צום געזעמל אויף דער „גאַלאַנקע". ס'האָט שיער נישט אויסגעזען ווי אַן „אידיליע". אַן „אידיליע" אויפן פּיעקעליק.

— אַבראַם יאַקאָוולעוויטש, — בעט ליזאַ ביים שפּין־רעדל, — דערציילט עפּעס ווי עס לעבן פרויען אין אייער פּאָלשאַ. ביי איך טראָגט מען אויך אַזעל־כע שמאַטעס?

ליזאַ האָט געהאַט שיינע בלויע אויגן. בעת זי פלעגט ריידן וועגן אירע צרות, אַפילו אין לייכטן טאָן, פלעגן אירע אויגן פאַרצויגן ווערן מיט אַ טרערן־גלאַנץ. עס פלעגן מיך רירן אירע פייכטע בליקן. ווען ליזאַ וואָלט זיך אָנגעטאָן ווי מ'טוט זיך אַן ערגעץ אַנדערש, אין „פאַרפוילטן מערב", וואָלט זי באמת גע־צויגן אויפמערקשאַפט. אַזוי אָבער... ווי נעבעכדיק זי זעט אויס, ווי אַ בעט־לערקע. איר גאַנצער פרויאישער רייץ איז דערשטיקט אין אירע שמאַטעס.

מ'האָט מיך אויף דער „גאַלאַנקע" אַזוי כסדר פאַרשאָטן מיט פראַגן. די ווייבער זענען תמיד געווען נייגעריק צו מיינע רייד. מיינע ענטפערס האָבן פאַר זיי געקלונגען ווי אַ ווייטע לעגענדע.

— נישטאָ נאָך אַזאַ שווער לעבן ווי ביי אונדז. — קרעכצט שוראַ.

— מיינט נישט, זאָג איך, — אַז ביי אונדז איז שוין אַ גן־עדן. פאַראַן גענוג אָרעמע. פאַראַן אויך בעטלער, וואָס שטרעקן אויס די האַנט נאָך אַ נדבה. אָבער...

עס נעמט אויף אַ וואָרט די אַלטע. יענע נעמט דערציילן וועגן איר זאָט לעבן אין די „אַלטע, גוטע צייטן"... נישט איין מאָל פלעגט זי אַ פּאָר טאָן אַזש קיין טאַשקענט איינקויפן זיך ביי די אוזבעקן שיינע זאַכן. דאָרט זענען געווען בעסערע און ביליקערע שטאָפן ווי אין אָרענבורג.

— איך געדענק נאָך אויך זייער גוט יענע צייט. — זאָגט ליזאַ, — כ׳בין דאָך שוין געווען אַ „באַרישניאַ״. ווער האָט עס דאַן געוווּסט פון אַזעלכע צרות? פון נישט האָבן קיין שוך, קיין קלייד, קיין העמד אויפן לייב.

ליזאַ האָט עס געזאָגט בלי גוזמא: זי האָט טאַקע נישט געהאַט קיין העמד און פלעגט שלאָפן אין איר אַלט, געלאַטעט קליידל, וואָס זי טראָגט אויף זיך אַלע טאָג.

— אַפילו איך געדענק נאָך, — רופט זיך אָפּ די אַ ביסל ייִנגערע שוראַ, און זי נעמט פון איר זייט דערציילן עפּעס פון „יענע גוטע צייטן״...

— אַ שלעכטע וועלט געוואָרן. — זיפצט די אַלטע. — שווער געוואָרן אונדזער דאָליע.

— אַנשטאָט צו מאַכן אונדז גרינגער דאָס לעבן האָט מען אונדז געמאַכט שווערער... — באַמערקט ליזאַ.

אַזוי גייט צו דאָס גערייד אויפן פּיעקעליק: אַזוי גיסט מען זיך אויס די הערצער — ביז ביי די אָרעמע, פאַרהאָרעוועטע ווייבער נעמען זיך קלעפּן די אויגן־לעדלעך פון מידקייט און מ׳פאַרקלייבט זיך אויף די געלעגערס.

איך ליג נאָך לאַנג מיט אָפענע אויגן. עס נעמט נישט קיין שלאָף. עס טראַכט זיך:

„ווי מענטשן קאָנען עס זיין געדולדיק אין יאָך. ווי אַ פאָלק קאָן עס דולדן די בייזע כוחות, וועלכע ווילן עס מיט געוואַלט „באַגליקן״; וועלכע שליידערן עס אין אַזאַ שוידערלעכער אָרעמקייט״ — — —

## 62

## אַ לעבעדיקער גרוס פון אַ טויטער שטאָט

איינמאָל האָבן מיר געהאַט אַ לעבעדיקן גרוס פון וואַרשע: אַ לעבעדיקן גרוס פון אַ טויטער שטאָט.

דעם גרוס האָט געבראַכט טאַקע איינער פון אונדזערע פּליטים אין אַק־בולאַק, שפּיגעל. שפּיגעל איז מיינער אַ באַקאַנטער נאָך פון לאַגער, אַ הויכער, געזונטער, יונגער בחור, וואָס איז דעם לאַגער איבערגעקומען אַ סך גרינגער ווי איך, און שפּעטער נאָך דער אַמנעסטיע האָט אים דער שטראָם אויך געבראַכט אַהער פון מיטלאַזיע, אַזוי ווי מיך. דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט אַ ייִדיש מיידל, אַן עוואַקויִרטע פון אוקראַינע, און זייער באַקאַנטשאַפט האָט זיך געענדיקט מיטן פאַרשרייבן זיך אין „זאַגס״.

בעת עס זענען געשאַפן געוואָרן די פּוילישע דיוויזיעס שוין פונעם „נייעם קורס" איז שפּיגעל מאָביליזירט געוואָרן. דאָס יונגע ווייבל, שוין אין „אַנדערע אומשטענדן", איז געבליבן וווינען מיט אַן עלטערער שוועסטער אין אַק־בולאַק. זיי האָבן זיך „אַן עצה געגעבן" דורך צוהאַנדלען אַ ביסל מיט „באַראַכלאָ" אויפן באַזאַר — אַזוי ווי אַלע בירגער טוען... פאַר דער צייט האָט שפּיגעלס פרוי שוין געבוירן אַ קינד, אַ בן־זכר. די עלטערע שוועסטער האָט איר אַרויסגעהאָלפן און זיי האָבן זיך ווי עס איז געהאַלטן.

און אָט איז שפּיגעל, נאָכן סוף פון דער מלחמה, געקומען אויף אורלויב קיין אַק־בולאַק צו זיין פאַמיליע: צו זיין יונג ווייבל און שוועגערין און צו זיין גרויסן נחת — דעם ניי־געבוירענעם זינדל. געקומען איז ער פון באַפרייטן וואַרשע.

דערוויסנדיק זיך וועגן זיין קומען, האָבן באַלד צומאָרגנס געמומען שטראָמען צו אים פּוילישע, דער עיקר וואַרשעווער. איך בין געווען פון די ערשטע — ווי אַן אַלטער באַקאַנטער נאָך פון לאַגער. יעדער איינציקער האָט געברענט פון נייגעריקייט. מ'האָט שפּיגלען פאַרשאָטן מיט פראַגן:

— האָט איר געזען מוראַנאָווסקע?

— ווי זעט אויס מיין שוויענטאָ־יערסקע?

— און נאָוואָליפּקי?

— און זאַמענהאָפאַ?

יעדער איינער האָט געפרעגט אויף זיין גאַס...

שפּיגעל האָט אויסגעהערט, שאָקלענדיק טרויעריק מיטן קאָפּ, און געענטפערט:

— נאָאיווע מענטשן... געבליבן דען גאַסן אין געטאָ?...

— טאַקע גאָרנישט? ממש גאָרנישט?...

— דאָס וואָס איר הערט: ממש גאָרנישט! געבליבן נאָר חורבות... בערג ציגל...

— איר האָט אַליין געזען?

— כ'בין דאָרט עטלעכע מאָל געווען. געקראָכן איבער די קופּעס ציגל... מען אַרבעט דאָרט איצטער ביים אָפּרייניקן געוויסע דורכגענג...

אַזוי האָט מען שפּיגלען אויסגעפרעגט און ער האָט דערציילט די שוידער־לעכע פּרטים. יעדער האָט זיך איינגעהערט אין זיינע רייד, געשלונגען יעדעס וואָרט און ביי אַלעמען זענען די אויגן פייכט געוואָרן.

— פאַראַן איצט ייִדן אין וואַרשע?

— עס קומען זיך צונויף ביסלעכווייז רעשטלעך ייִדן פון די באַהעלטענישן, פון די לאַגערן... אַ שרעק צו קוקן אויף זיי... ווי די סקעלעטן... דער ייִדישער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט אויף פּראַגע גיט אַרויס הילף... עס איז שוין אָנגעקומען

דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט״... מ׳טיילט מלבושים, פּראָדוקטן. דאָס ביסל ייִדן לעבט אין פּראַגע. פּראַגע איז דאָך וויניקער צעשטערט.

הויבט זיך אָן דאָן צו שיטן פון אַלע זייטן אָן אַנדער סעריע פראַגן:

— אפשר האָט איר זיך אָנגעשטויסן אָן אַ פאַמיליע גרינשפּאַן?

— ניין.

— אפשר קרוין?

— ניין.

— אפשר גרינפעלד? פון דזיקע?

— ניין.

— אפשר גלאַזמאַן? פון טוואַרדע?

— ניין.

און אַזוי כסדר. אַלץ „ניין״ און „ניין״... עס וואָלט שפּיגעל געדאַרפט ענט־פערן זעקס מיליאָן מאָל „ניין״...

— נו, און די פּאָליאַקן? וואָס זאָגן איצט די פּאָליאַקן? אונדזערע „טייערע פריינט״?

— די פּאָליאַקן האָבן זיך געגנוג אָנגעראַבעוועט מיט ייִדיש האָב און גוטס... דער אַנטיסעמיטיזם איז איצט נאָך ערגער ווי פאַר דער מלחמה. זיי קריצן מיט די ציין, וואָס דאָס קליינע ביסל ייִדן האָט זיך געראַטעוועט. גלויבט מיר, קוקנדיק אויף די חורבות פון דער „אַרישער זייט״, אויסערן געטאָ, טראַכט זיך: „אַ מצווה אויף זיי, די אַנטיסעמיטן״... וואָס מיינט איר, קנאַפּ פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן די דייטשן מאָרדן ייִדן?

און וויטער דערציילט שפּיגעל:

— כאָטש צווישן חורבות, פונדעסטוועגן גייט אָן דאָס לעבן וויטער. אויף די וויניקער צעשטערטע גאַסן — פון יערוזאַלימסקע און העכער — שפּילן שוין רעוויעס, זענען אָפן קינאָס, קאַפּייען. ס׳איז געפּאַקט אומעטום. ווינען ווינט מען ווו עס לאָזט זיך. אין די האַלב־חרובע הייזער נוצט מען אויס געוויסע ווינק־לען; מען „פּאַרלאַטעט״ צימערן און מען מאַכט פּראָוויזאָרישע וווינונגען, קראָמען. אין יעדן לאָך — אַ וווינונג. צווישן די בערג ציגל שטעלט מען צונויף קיאָסקן, געשטעלן אויף סחורות. און מען האַנדלט, מען וואַנדלט. מערקווירדיק, ווי אַלץ רייסט זיך קיין וואַרשע, אין דער חרובער וואַרשע... איין אָוונט האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ רעוויו. האָב איך דאָרט געהערט דאָס פּאָפּולער־געוואָרענע ליד „וואַרשאַווא״. אַ שיינער מאָטיוו פון פּעטערסבורגסקי. גאַנץ וואַרשע זינגט עס. אין דער רעוויו האָט עס דער גאַנצער עולם אונטערגעכאַפּט. איר קאָנט עס זען: כ׳האָב מיטגעבראַכט אַ געדרוקטן טעקסט.

און שפּיגעל גייט צו צו אַ טשעמאָדאַן אין ווינקל, נעמט אַרויס פון דאָרט אַ ליבּרעטאָ און ווייזט מיר. איך נעם אַריינקוקן אין די סענטימענטאַלע פערזן, און שפּיגעל זינגט דערביי די ווערטער מיט דער מעלאָדיע:

ווארשאַוואָ, קאָכאַנאַ וואַרשאַוואָ,
טי׳ש טרעשציאָן מיך מאַזשען, מיך סנווו...
— — — — — — — — — — — — —
אָ, וואַרשע, מיין טייערע וואַרשע,
ביסט איצטער דער תוך פון מיין טרוים...
— — — — — — — — — — — — —

שעהן האָט געדויערט דער באַזוך ביי שפּיגלען. עס האָט זיך גאָרנישט גע־גלוסט אַוועקצוגיין פון דער כאַטע. פון זיינע רייד האָב איך איינגעזאַפּט די שרעק־לעכע בילדער פון חורבן, דעם שווידער פון די קופּעס ציגל...

דער גאַסט האָט נאָך דערציילט וועגן זיינעם אַ באַזוך אין לאָדזש. אין לאָדזש זענען שוין פאַראַן מער ייִדן ווי אין וואַרשע. לאָדזש איז דאָך ווייניקער צעשטערט. בלויז באַלוט — די געטאָ — ליגט אין חורבות. פאַראַן שוין אין לאָדזש עטלעכע טויזנט ייִדן. טייל ייִדן האָבן שוין אַפילו געשעפטן אויף פּעטריקאָווער גאַס. אין לאָדזש גייט שוין אַרויס אַ ייִדישע צייטונג — „דאָס נייע לעבן״.

— איך האָב אַפילו געבּראַכט אַ נומער פון דער דאָזיקער צייטונג, און דאָס איז פאַר אייך... — זאָגט ער צו מיר, — כ׳ווייס, אַז דאָס וועט אייך ספּעציעל אינטערעסירן...

און ער גייט ווידער צו צום טשעמאָדאַן און ברענגט מיר די צייטונג.

כ׳האָב דעם נומער „דאָס נייע לעבן״ פאַנאַנדערגעוויקלט מיט ציטערדיקע פינגער. ווידער אַ ייִדישע צייטונג אין פּוילן. אַ צייטונג מיט אותיות מרובעות. כ׳האָב געשלונגען מיט די אויגן — און מיטן האַרץ — יעדעס וואָרט. איך זע פון די שורות: ייִדן זאַמלען זיך צונויף, ייִדן קלאַמערן זיך איינע אָן די אַנדערע... ייִדן גייען שאַפן אין פּוילן אַ ניי לעבן. פון וועמען? מיט וועמען? וועלן זיי עס קאָנען? . . .

די ערשטע ייִדישע צייטונג פון די ערשטע ייִדן אויף דער פּוילישער ערד... נאָך אונדזער גרויסער בראָך... אַ ייִדישע צייטונג אויף די חורבות — — —

— אין לאָדזש, — דערציילט ווייטער שפּיגעל, — איז שוין דאָס לעבן אַ גאַנץ אַנדערס. די שטאָט איז דאָך ווייניק צעשטערט, דערקענט מען כמעט גאָר־נישט דעם חורבן. די געשעפטן זענען אָפן. אויף די טראָטואַרן אַ נאָרמאַלע באַוועג־גונג. אויף דער פּעטריקאָווער איז שטענדיק לעבעדיק. טעאַטערן, קינאָס זענען געעפנט. נאָר אין די ייִדישע גאַסן, אין די אַמאָליקע ייִדישע געוועלבלעך זעט

מען איצט גויִישע פּנימער... די גויים האָבן געירשנט ייִדיש האָב און גוטס... אָבער דאָך... צווישן דעם ביסל ייִדן קומען פאָר זייער אָפּט חתונות. אַלע נאָכט חתונות. ייִדן ווילן צוריקשטעלן זייער לעבן... זייערע פאַמיליעס... אַזוי פיל איינזאַמע געבליבן נאָכן חורבן...

— און פון אייער פאַמיליע האָט זיך עמיצער געראַטעוועט? — פרעגט ווער שפּיגלען.

— קיינער נישט. כ׳בין געבליבן איינער אַליין פון אַ גרויסער משפּחה. אָט דאָס זינדעלע — ווייזט ער אויפן קינד — טראָגט דעם נאָמען פון מיין אומגע־בראַכטן טאַטן... כ׳האָב געשריבן פון וואַרשע צו מיין פרוי, אַז אויב עס וועט געבוירן ווערן אַ זון, זאָל זי אים אַ נאָמען געגעבן נאָך מיין פאָטער.

און אַן אַנדערער פרעגט:

— וועט איר איצט פאָרן מיט אייער פאַמיליע קיין פוילן?

— מ׳וועט זען. ס׳איז אַ ביסל נישט אַזוי גלאַט.

— וואָס הייסט? איר זענט דאָך פאַרשריבן אין „זאַגס״?

— יאָ, אָבער די שוועגערין? די שוועגערין וואָלט געמוזט דאָ בלייבן. און זיי ווילן זיך נישט צעשיידן. סיידן די שוועגערין וועט אויך קאָנען פאָרן.

דער עולם פוילישע אין כאַטע איז געוואָרן געדיכטער. די שעהן זענען געוועזן אָנגעלאָדענע מיט ווייטיק, מיט פּיין.

אַ לעבעדיקער גרוס פון אַ טויטער שטאָט.

— זינגט „וואַרשאַווא״, זינגט פאַר אונדז „וואַרשאַווא״... — בעט זיך עמיצער ביי שפּיגלען. — מיר ווילן עס נאָכאַמאָל הערן.

שפּיגעל האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן און האָט זיך ווידער צעזונגען. ער איז, זעט אויס, אַליין אויך דורכגענומען מיט דער מעלאָדיע פון „וואַרשאַווא״: פון די ווערטער ווייעט מיט פאַרליבטקייט און בענקעניש נאָך מאַרשאַלקאָווסקאַ, קראַקאָווסקיע און נאָווי שוויאַט; נאָך די אויאַזדאָווער אַלייען און די לאַזשענקעס; נאָך דער היימישער, רחבותדיק־צעשוווּמענער ווייסל... נאָך דער אַמאָליקער ליכ־טיקער וואַרשע, וואָס איז שוין איצט אַן אַנדערע... אַ פאַרפּייניקטע, אַ פאַרצווייפל־טע... מיט צעשאָטענע גאַסן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואַרשאַווא, קאָכאַנאַ וואַרשאַווא...

**
*

אין דער זעלבער וואָך האָב איך געזען אויף דער סטאַנציע ביי אַ צוג נאָך אַ ייִדישן זעלנער פון דער פוילישער אַרמיי. ער איז אויך געפאָרן אויף אורלויב

צו זיין פאַמיליע — קיין סאַמאַרקאַנד. זיין צוג האָט זיך פאַרהאַלטן און איך האָב מיט אים געקאָנט כאַפּן אַ לענגערן שמועס. דער דאָזיקער ייִד איז געפאָרן פון בערלין. ער האָט זיך באַטייליקט אין עטלעכע שלאַכטן אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשישער ערד. ער האָט געהאַט דאָס גליק מיט אייגענע הענט נקמה צו נעמען אָן די חיות־רעות.

ער דערציילט און איך הער מיט אַלע מיינע חושים, מיט אַלע מיינע נערוון:

— זייענדיק אין וואַרשע בין איך, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען אַ בליק טאָן אין געטאָ, ווי עס זעט אויס מיין הויז אויף זאַמענהאָף־גאַס... מסתמא האָט איר שוין געהערט ווי די גאַסן אין וואַרשעווער געטאָ זעען אויס... מער ווי ציגל און גרוז האָב איך נישט געפונען אין יענעם אָרט... די דייטשן האָבן אומגעבראַכט מיין טאַטע־מאַמע, מיינע צוויי שוועסטער, אַ ייִנגערן ברודער — פינף נפשות! דעריבער האָב איך מיר געגעבן אַ נדר: „ווי נאָר כ׳וועל אַריינגיין אין דער ער־שטער־בעסטער דייטשישער שטוב, וועל איך אַלעמען ביז איינעם אַוועקלייגן“... און אַזוי איז טאַקע געווען: ווי נאָר מיר האָבן זיך, בעת די שלאַכטן, אַריינגעריסן אין אַ דייטשיש שטעטל, איז עס אין משך פון אַ פּאָר שעה חרוב ונרחב געוואָרן... איך בין אַריינגעלאָפן מיט מיין אויטאָמאַט אין אַ שטוב און האָב דערזען פאַר זיך אַ דערשראָקן געזינדל: אַלט און יונג... „די הענט אין דער הויך!“ — האָב איך באַפוילן. זיי האָבן זיך אַלע, מיט אויפגעהויבענע הענט, גענומען בעטן איך זאָל זיי קיין שלעכטס נישט טאָן... מיין האַנט האָט אָבער נישט געטאָן קיין וואַקל. פאַר די אויגן האָב איך געזען מיין אויסגעשאָכטענע פאַמיליע: מיין טאַטע־מאַמע, מיינע שוועסטער, מיין ברודער... כ׳האָב זיי געזען ליגן אויף דער פּאָדלאָגע אין אַ קאַלוזשע בלוט... „מערדער!!!“ — האָב איך אויסגעשריִען און אַרויסגעלאָזט אַ סעריע פון אויטאָמאַט... און אַלע, אַלע ווי איינער האָבן זיך אויסגעצויגן אויפן דיל... אַזוי ווי מיינע נאָענטע אין געטאָ, אָדער אין גאַז־קאַמער...

— און איך בין געווען נישט איינער, — גיט צו דער וואַרשעווער ייִד אין פּוילישן מונדיר. — אַזוי האָבן אויך אַנדערע ייִדישע זעלנער נקמה גענומען... עס האָבן נקמה גענומען נישט נאָר ייִדן — אויך פּאָליאַקן... ווייל ווייניק פּאָליאַקן האָבן די דייטשן אומגעבראַכט?... עס האָבן נקמה גענומען סאָוועטיש־ייִדישע רויט־אַרמייער ווי די פּוילישע... די מיליטערישע מאַכט האָט אַ פּאָר טעג אַוועקגע־קוקט, געגעבן אונדז פרייע הענט. ערשט אויפן דריטן טאָג האָט מען שוין געגעבן אַ קאָמאַנדע: „דאָסיטש!“ „גענוג!“ —

דער ייִדישער זעלנער, דערציילנדיק, האָט אינגאַנצן געפיבערט. איך זע, ער לעבט נאָך איבער יענעם גרויליקן מאָמענט.

אויך איך, דער צוהערער, האָב געפּיבערט... אין מיר האָט אַלץ געציטערט... איך האָב געפיבערט פון דער דייטשישער רציחה; איך האָב געפיבערט פון דער ייִדישער נקמה — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 63

## יידן ציט אַהיים

ייִדן ציט אַהיים...

אָבער מיט דער רעעוואַקואַציע פון די רוסישע ייִדן איז עס צוגעגאַנגען אַזוי שווער ווי פון די פּוילישע. מ׳האָט נישט געגעבן קיין עשאַלאָנען, מ׳האָט בכלל דערוויַיל נישט געגעבן קיין דערלויבענישן צו פאָרן אַפילו אינדיווידועל. אַלע שטעט און שטעטלעך אויף די געוועזענע פראָנטן זענען האַלב־צעשטערט, האַלב־וויסט נאָך דער נאַצישער אָקופּאַציע און נאָך די קריגס־אָפּעראַציעס. דער עיקר האָבן זיך געריסן צו פאָרן די ייִדן פון די גרויסע שטעט — פון לענינגראַד, פון קיִעוו, פון אָדעס, פון כאַרקאָוו, פון מינסק א״אַ. ס׳איז זיי נמאס געוואָרן דער דאָזיקער פאַרוואָרפּענער העק, דער אַזיאַטישער אַק־בולאַק. די ייִדן פלעגן אָפט גיין אין דער מיליץ נאָך „פּראָפּוסקן״, אָבער זיי האָבן שטענדיק באַקומען דעם סטערעאָטיפּישן ענטפער:

— פּאָקאַ ניעט! (דערוויַיל נישט!).

שטאַרק דענערווירט האָט זיך מיין באַקאַנטע ייִדישע פאַמיליע פ. פון קיִעוו. דער עיקר האָט שוין נישט געהאַט קיין געדולד די פרוי. נאָך אַ לאַנגן איבעררייס בין איך צו זיי איינמאָל אַריַינגעפאַלן און געכאַפּט מיט זיי אַ שמועס.

— ס׳איז מיר שוין דאָ נמאס געוואָרן דאָס פּוסטע לעבן! — האָט זיך באַקלאָגט פאַר מיר די פרוי פ. — אַז די איינציקע פאַרוויַילונג איז דאָ דער באַזאַר...

— טאַקע אמת... — בין איך מיט איר מסכים. — אָבער מיינט איר, אַז אין קיִעוו איז איצט אַזוי זיכער דאָס לעבן פאַר ייִדן?... אייערע אוקראַאינער זענען געווען גאַנץ גוטע שותפים מיט די דייטשישע תלינים...

— איך זאָג איר אויך דאָס זעלבע, — רופט זיך אָפּ דער מאַן, וועמען זי מוז אפּנים כסדר „גריזשען״ צוליבן נישט קאָנען פאָרן. — אין די צייטונגען שרייבט מען עס נישט; אָבער געקומענע פון קיִעוו דערציילן וועגן אַן אמתן פּאָגראָם אויף ייִדן.

— נו, יאָ... — גיב איך צו. — נישט קיין וווּנדער: באָגדאַן כמיעלניצקיס

אייניקלעך... אַ חידוש וואָס די סאָוועטישע מאַכט האָט דערלאָזט צום פּאָגראָם אויף ייִדן.

— איר מיינט, אַז דאָס איז אַזאַ לייכטער ענין? איר ווייסט דען וואָס פאַר אַ כוליגאַנעס די אוקראַינער זענען? זייט זיכער, ווען נישט די מאַכט, וואָלט מען אונדז דאָרט שוין לאַנג אויסגעשאָכטן... נאָך פאַר היטלערן.

— נו, און ווו פעלן דען כוליגאַנעס? — גיט זיך די פרוי נישט אונטער, — ווו וואָלט מען אונדז נישט געשאָכטן?... לאָזט זיי נאָר, גיט זיי נאָר פרייהייט... קיין ייִדן־פרעסער פעלן אין ערגעץ נישט.

— אויך אמת. אָבער דאָרט, ווו היטלער איז געווען, איז דער גיפט געוואָרן געפערלעכער. גלויב מיר, נישטאָ זיך וואָס צו איילן אַהיים.

אַזוי וויל איבערצייגן דער מאַן זיין אומגעדולדיקע פרוי.

אויך מיינע אַדעסער באַקאַנטע ברענען פון אומגעדולד און וואָלטן שוין געוואָלט פליִען צו זייער שיינעם, פריילעכן אָדעס — צו דעם „פּערל ביים שוואַרצן ים". אָבער די מיליץ איילט זיך נישט צו געבן אַהין „פּראָפּוסקן". גייען אום די ייִדן דענערווירט, דערשלאָגן. טייל טראַכטן שוין מיט יאוש: ווער ווייס? אפשר וועט מען שוין מוזן פאַרבלייבן לעולם ועד אין דאָזיקן אַזיאַטישן העק?

עס איילט זיך נאָר נישט מיין געוועזענער באַלעבאָס, ביי וועמען כ'האָב פריִער געוווינט — דער פּראַקטישער סאַשאַ. איך זע אים אָפט אין גאַס, צי ביי דער סטאַנציע און כאַפּ מיט אים אַ שמועס. סאַשאַ ווייס אויסגעצייכנט, אַז נישטאָ זיך וואָס צו איילן. צו וועמען פאָרן? צו וואָס? אַז זיין האָמעל, ווייס ער, איז חרוב... קיין ייִדן נישטאָ... פאָרן צו די ייִדישע חורבות?... פאָרן צו די גוֹיים?... שוין בעסער זיצן דערוויייל אויף אָן אָרט מיט ווייב און קינדער. מילא, שפּעטער וועט מען זען. פאַראַן צייט. אַ דאַך איבערן קאָפּ איז פאַראַן; פרנסה גאָט צו דאַנקען, אויך. היינט צו וואָס לויפן?

יאָ, גערעכט. ער האָט טאַקע שיין פרנסה, דער סאַשאַ: די סטאַנציע... דער באַזאַר... די מסחרים... אויף אַלע סאָוועטישע ייִדן געזאָגט...

— זעט אויס, אַז פיל וואָקוּרטע ייִדן וועלן שוין בלייבן אַק־בולאַקער... ווי מיינט איר? — פרעג איך סאַשאַן.

— אַזוי זעט עס טאַקע אויס, אַבראַם יאַקאָוליעוויטש. נישטאָ קיין עצה. — ענטפערט ער מיט אַ זיפץ.

און אַזוי האָבן ייִדן געמוזט ווייטער צייַען זייער לעבן — אָדער „וועגעטירן", ווי די אומגעדולדיקע פלעגן טענהן, — ווייט פון זייערע חרובע היימען. היינטערן אוראַל. טעג זענען ווייטער געקראָכן מיט זייער שווערן גאַנג.

אין בופעט פון וואָקזאַל זע איך איין טאָג אַ בייס, וואָס עס שמעקט שוין

אפנים מיט שלום־צייט: עס האָבן זיך באַוויזן אונטערן גלאָז פאַרשיידענע מאכלים, ווי: געפּרעגלטע פיש, „כאָלאָדיעץ" (פּעטשאַ) און ווייסע בולקעלעך. אָבער די פּרייזן זענען געווען „קאָמערטשעסקי" — לחלוטין נישט צוגענגלעך פאַר די דורכשניטלעכע בירגער. אַ יקרות גמור! בלויז פון די שנעל־צוגן „מאָסקוואַ־טאַשקענט" אָדער „מאָסקוואַ־אַלמאַ אַטאַ" פלעגן זיך אויף דער סטאַנציע אַראָפּ־כאַפּן נאַטשאַלניקעס, דירעקטאָרן, אָדער העכערע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן, וואָס פלעגן זיך אין איילעניש דאָ פאַרגינען עפּעס צוצובייסן פון די בופעט־מאכלים.

אויך די שטאָטישע „סטאָלאָווקע" האָט אָנגעהויבן אַרבעטן נאָרמאַלער. אָבער מער ווי אַ פּאָסטנע הירזש־זופּ אָדער אַ שיטערן „ראָסאָלניק" האָט מען דאָרט קיינמאָל נישט באַקומען — ווי פריִער אַזוי איצט. איך פלעג שוין אַהין זעלטן אַריינקומען. מיר האָט שוין בעסער געשמעקט מיינע אייגענע זופּן, וואָס מיין נייע „כאַזייקאַ" ליזאַ פלעגט מיר אָפּקאָכן יעדן טאָג (אַ דאַנק די אויסלענדישע פּעקלעך און די קאַרגע „ז.פּ.פּ."־צוטיילונגען). איך פלעג זיך נאָך אָפט קאָנען פאַרגינען מכבד צו זיין מיט קאָנסערוון־פלייש אויך מיין „כאַזייקאַ". ביי זיי, ביי די אָרעמע פון די אָרעמסטע, איז עס ממש געווען אַ יום־טוב. מיט וואָס פאַר אַ צעגלאַנצטע אויגן פלעגן ליזאַ און די קינדער עסן די שטיקלעך „קאָרנעד־ביף" פון די אַמעריקאַנער קאָנסערוון־פּושקעס.

אין די זונטיקס איז שוין ביי מיר געווען אַ מנהג — פּראַווען אַ בשותפות־דיקן מיטאָג מיט פּעלען. אַ מיטאָג מיט אַלע „פּיטשעווקעס", אויפן היימישן שטייגער. פּעלע האָט געקענט די קונסט פון ברענגען דעם אַראָמאַט פון דער ווייטער, פאַרלוירענער היים אַפילו אין אַזאַ פאַרוואָרפנקייט.

נאָך אַזאַ זונטיק־מיטאָג כאַפּן מיר זיך איינמאָל אַריין אין קינאָ. מ'גיט גראָד עפּעס אַן אַמעריקאַנער פילם. אויך אַ נייס. אַ צייכן פון דער צייט. ביז איצט איז מיר דאָ נאָך נישט אויסגעקומען צו זען אַ פילם פון „צעפוילטן מערב"... מ'גיט דאָ אַלץ כסדר סאָוועטישע טענדענציעזע „מאַכערייקעס".

ציי הויבן דאָ נישט אָן אפשר צו בלאָזן „נייע ווינטן"?...

מיר האָבן באמת שטאַרק הנאה געהאַט פונעם פילם, כאָטש ער איז געווען אַ זייער פאַרעלטערטער און נישט איבעריקס גראַטענער. עס האָט אונדז אָבער פאַרכאַפּט דאָס בילד פון נאָרמאַלע מענטשן — פון מענטשן אין מענטשלעכע קליי־דער, אין לייטישע קאָסטיומען, אין עלעגאַנטע שיך, אין קאַפּעליושן... דאָס אויג האָט זיך שוין דאָ גאָר אָפּגעוווינט דערפון...

אין גאַנץ אַק־בולאַק פלעג איך פריִער באַגעגענען בלויז אין איינציקן מענטש אין אַ קאַפּעליוש, אַ רוס. דאָס איז געווען אַן עוואַקויִרטער פון ערגעץ אַ גרויסער שטאָט. נאָך אַ יונגער מענטש. אַ הויכער, אַ דאַרער. ער פלעגט אָפט זיך ווייזן אין

בופעט פון וואָקזאַל, ווו ער האָט געזוכט עפּעס אָפּצועסן. און אַלע פלעגן אים נאָכקוקן: ער האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקשאַפט מיט זיין שוואַרצן מאַנטל און דער עיקר — מיט זיין שוואַרצן רונדן קאַפּעליוש... בעת איך פלעג אים זען, דעם דאָזיקן פאַרשוין, אויף וועמען אַלע קוקן אַזוי פאַרגאַפט, פלעג איך זיך דערמאָנען אַ גראָדנער לידל:

„האָט אַ יאַלד אַ קאַפּעליוש"...

ווייל אויף פאַר מיר האָט אויסגעזען קאָמיש די סצענע: אַ קאַפּעליוש צווישן גאָלע פּופּייקעס...

פּלוצלונג איז דער דאָזיקער אויסטערלישער פאַרשוין נעלם געוואָרן פון אַק־בולאַקער האָריזאָנט. נישטאָ! ווי אין וואַסער אַריין. און צוזאַמען מיט אים איז פון שטאָט פאַרשוואונדן געוואָרן דער איינציקער קאַפּעליוש. ווו איז ער? וואָס האָט מיט אים פּאַסירט?

אין גיכן איז מען געוואָר געוואָרן, אַז מ׳האָט דעם דאָזיקן פאַרשוין אין קאַפּעליוש דערשאָסן, ווייל ער איז געווען... אַ שפּיאָן.

צי איז ער טאַקע געווען אַ שפּיאָן? צי האָט מען אים טאַקע דערשאָסן? ווייס איך נישט. כ׳בין דערביי נישט געווען. אָבער מעגלעך איז עס דאָך ביי דער „נ. ק.וו.ד."... קנאַפּ כלומרשטע „שפּיאָנען" און „פּ.ש." (פאַרדעכטיקע אין שפּיאָנאַזש) האָב איך געזען אין לאַגער אין קאָמי?

און ס׳קאָן טאַקע זיין, אַז דער דאָזיקער אפשר גאָר אומשולדיקער מענטש איז געפאַלן אַ קרבן פון זיין קאַפּעליוש?... אַז אויך די „פיר אותיות" האָבן דערי־בער געהאַט אויף אים אַן אויג? אַלץ מעגלעך אין דאָזיקן לאַנד.

אַזוי צי אַנדערש — אַק־בולאַק איז געבליבן אָן דעם איינציקן קאַפּעליוש...

דאָס אַלץ קומט מיר אויפן זינען, בעת מיר זיצן אין קינאָ; בעתן אָנקוקן דעם אַמעריקאַנער פילם; בעת אויפן עקראַן ווייזן זיך כסדר מענטשן אין קאַפּעליושן...

— זעט, זעט! — באַמערקט מיר פעלע, נישט אָן הומאָר. — קוקט ס׳אַראַ אומגליקלעך פאָלק די אַמעריקאַנער זענען: קיין איינציקער פון די מענטשן פאַר־מאָגט נישט קיין פּופּייקע...

— אַ רחמנות טאַקע... טאַקע אַן אומגליקלעך פאָלק די אַמעריקאַנער...

***

אינגיכן האָב איך די דאָזיקע יום־טובדיקע זונטיק־מיטאָגן פאַרלוירן: אויב אונדזער אַלגעמיינע רעפּאַטריאַציע איז נאָך אַלץ געווען אויף אַ טויטן

פונקט, האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַן אינדיווידועלע רעפּאַטריאַציע קיין פּוילן. ווער עס האָט געהאַט אַ „צד אין טיש", האָט געקאָנט פאָרן אויף זיינע אייגענע הוצאות, ווי אַ פּריוואַטער פּאַסאַזשיר אין אַ נאָרמאַלן צוג. און היות ווי פּעלעס מאַן איז געווען אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי, האָט ער זיך אויסגעשתדלנט פאַר איר אַן עקסטראַ דערלויבעניש זי זאָל קאָנען פאָרן קיין וואַרשע. אַזוי איז אויך געשען לעצטנס מיט דער גאַנצער פאַמיליע פון גאָדלעווסקין, דעם געוועזע־נעם „מאָנזש זאַאופּאַניאַ". אויך ער איז אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי און אויך אים איז עס געלונגען אַרויסצונעמען אינדיווידועל זיין פאַמיליע פון אַק־בולאַק.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז פּעלע אַוועקגעפאָרן. אויף איר פּנים איז נישט געווען קיין פרייד; אדרבה, אין אירע אויגן האָבן געגלאַנצט טרערן: זי פאָרט דאָך צו חורבות... צו קברים...

כ'האָב זי באַגלייט צו דער באַן — צום שנעל־צוג „טאַשקענט־מאָסקוואַ". פון וואַגאָן־פענצטער האָט זי צו מיר טרויעריק געשמייכלט, דורך טרערן, און געפּאַכט מיט דער האַנט:

— דאָ ווידזעניאַ וו'וואַרשאַוויע... (צום ווידערזען אין וואַרשע...).

מיט אַ היימישן מענטשן ווייניקער. פוסטער געוואָרן אין מיין אַזיאַטישער פאַרוואָרפנקייט.

## 64

# אין לעצטן זומער

האָבן די פּוילישע ייִדן געציילט די טעג און די וואָכן פון זומער. מ'האָט שוין געוווּסט, אַז ס'איז דער לעצטער זומער אויף דער סאָוועטישער ערד.

ווער ס'האָט נאָך געאַרבעט דערווייל רויִק אין קאָלכאָז, צי סאָווכאָז; ווער ס'האָט זיך איבערגעצויגן אין שטאָט אַריין — פון מורא־וועגן טאָמער פאַרשפּע־טיקט מען צום עשאַלאָן, ווען דער געגאַרטער טאָג וועט קומען.

צווישן די אַריבערגעקומענע אין שטאָט אַריין איז אויך געווען דער לערער שטיינבערג מיט זיין פאַמיליע. ער איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ סאָווכאָז, ווו די גאַנצע משפּחה זיינע האָט שווער געפּראַצעוועט אויפן שטיקל ברויט. שטיינ־בערג איז אַ ייִד אַ משלנודיקער. אַ ייִד, וואָס קען זיך אין די „שוואַרצע פינטע־לעך". ער שטאַמט פון בראָק ביים בוג, און ער דערציילט מיר, אַז ער געדענקט מיך פון זומער 1939, ווען איך האָב פאַרבראַכט מיין אורלויב אין בראָקער וואַלד.

דער פּאָליטישער הימל איז שוין דאַמאָלס — אין יולי — געווען שטאַרק פאַר־וואָלקנט און כ׳האָב אַריינגעכאַפּט מיין אורלויב פריִער ווי תמיד. האָב אָבער מורא געהאַט אַוועקצופאָרן צו ווייט פון וואַרשע... האָב איך אויסגעקליבן בראָק — אַ צוויי שעה רייזע סך־הכל פון דער פּוילישער רעזידענץ.

שטיינבערג האָט אין אַק־בולאַק געקריגן אַרבעט אין אַ פאָלקס־שולע. דאָס איז געווען אַ שולע פאַר קאַזאַכישע קינדער. ער האָט דאָרט געלערנט מיט די קינדער דייטש. אַ קוריאָז, וואָס שטאַמט נאָך מסתמא פון פריִער, ווען דייטשלאַנד איז געווען סטאַלינס אַ „סאָיוזניק" און מ׳האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדערן די לער־פּראָגראַם. די דייטשישע שפּראַך האָט זיך צו די קאַזאַכישע קינדער געקלעפּט ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. שטיינבערגן איז גאָרנישט געווען וואָס מקנא צו זיין...

צוגעקומען, הייסט עס, אַ היימישער מענטש אין אַק־בולאַק. פלעג איך זיך טאַקע פון צייט צו צייט אַריינכאַפּן צו דער דאָזיקער פאַמיליע אין קיביטקע און „דערהרגענען" אַ פּאָר שעה פונעם גרויסן לאַנגווייל.

אַהין פלעגט אויך אַריינקומען אַ פאַמיליע פון ווישקאָוו (ביי וואַרשע), פון רבנישן אָפּשטאַם. באַלעבאַטישע מענטשן, וואָס האָבן נאָך נישט איבערגעריסן מיטן אַלטן ייִדישן גאַט. אויך דאָ האָבן זיי זיך געפירט ווי ווייט מעגלעך ייִדיש־לעך. די ווישקאָווער פרוי פלעגט אַפילו פרייטיק־צו־נאַכט בענטשן ליכט. עס רעדט זיך אַזוי „בענטשן ליכט"... ווו זענען דאָ געווען ליכט?... זי פלעגט „בענטשן ליכט" פּשוט איבערן קורניקל...

מיט דער דאָזיקער פאַמיליע האָב איך געוווינט בשכנות, כמעט אַ כאַטע קעגן כאַטע. פלעג איך זיין דאָרט אַן אָפטער גאַסט. עס האָט מיך גערירט די ייִדישלעכע הנהגה פון די ווישקאָווער. זי, די פרוי, האָט נישט פאַרגעסן איר רבנישן יחוס, און ער, דער מאַן, האָט תמיד גערעדט און געטראַכט מיט די קאַ־טעגאָריעס פון אַ „מזרחי"־טוער אין פּוילן. ביידע האָבן אַפילו אויף דער רוסי־שער ערד ווי געצויגן דעם פּאַדים פון „דאָרטן".

ער, דער מאַן, איז דאָ געוואָרן אויך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט פון דער „אָפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ" ביי „ז.פּ.פּ." — אַזוי אַז מיר פלעגט אָפט אויסקומען אַריינ־קומען צו זיי אויך אין געזעלשאַפטלעכע ענינים. אַ פּאָר מאָל זענען מיר אַפילו געפאָרן צוזאַמען קיין טשקאַלאָוו — טאַקע אין שייכות מיט „ז.פּ.פּ." אויך ער איז איצט אַ „פרייער פויגל". פריִער זענען זיי אַלע געווען אין אַ קאָלכאָז — ער, זיין פרוי און טעכטערל און זיין שוועסטער. שפּעטער איז ער צוגענומען געוואָרן אין „סטראָי־באַט", ווו ער איז פון שווערער פּראַצע און שלעכטער דערנערונג קראַנק געוואָרן און אַ דאַנק דעם האָט ער זיך פון דאָרט אַרויסבאַקומען. זיצט

ער איצט מיט דער פאַמיליע אין אַק־בולאַק, אין אַ קליין ענג קעמערל ביי אַ „כאַזייקאַ", גיט זיך ווי עס איז „אַן עצה", ווי אַלע בירגער, בפרט ווי די, וואָס אַרבעטן נישט און האָבן צייט... — און וואַרט איצט, ווי מיר אַלע, אויף דער רעפּאַטריאַציע.

זי, די פרוי, איז געווען אַ מכניס אורחטע. פלעגט זי מיך אַמאָל פאַרבעטן אויף אַ שבתדיקער סעודה — אויף וויפל עס האָט זיך געלאָזט מאַכן שבתדיק... פלעג איך דאַמאָלס זיצן אין אַן עכט יידישלעכער סביבה. מ'האָט ביים טיש גע־רעדט וועגן אַמאָליקע היימיש־יידישע ענינים, וועלכע זענען שוין היינט גאָרנישט היימיש... די רייד זענען באַגלייט געוואָרן מיט אַ זיפץ, מיט אַ קרעכץ... איז מען אויך אַרויפגעקומען צו ריידן וועגן אונדזער גרויסן יידישן חורבן... האָבן מיר דאָך שוין אַלע גוט געוווּסט וואָס פון אונדזערע יידישע היימען איז גע־וואָרן — — — — — — —

***

האָב איך אינעם גרויסן לאַנגווייל פון לעצטן זומער ווידער געמוזט אַליאַר־מירן מאָסקווע — די וואַרשעווער קאָלעגן־שרייבער פון יידישן קאָמיטעט ביי „ז.פּ.פּ.". כ'האָב אַליאַרמירט, געקלאַפּט „טרעוואָגע": „נעמט מיך אַרויס! נעמט מיך אַרויס כאָטש איצט, בעת קיין סך איז שוין מסתמא נישט געבליבן צו זיין דאָ".

עס האָט מיך איצט באמת געצויגן קיין מאָסקווע: פאַר דער צייט האָט זיך דאָרט צונויפגעפאָרן אַ היפּשע גרופּע פון אונדזערע פּויליש־יידישע שרייבער — פון טאַשקענט, פון אַלמאַ־אַטאַ, פון פערגאַנאַ, פון קאַראַקאַלפּאַקיע, פון סיקטיוור־קאַר און אַנדער מקומות. אַ מין ליטעראַרישער קיבוץ־גלויות. אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד, וואָס אויך איך בין נישט דאָרט.

פאַר דער צייט איז עמיץ פון אַק־בולאַק — אַ קאָמיטעט־מיטגליד פון „ז.פּ.פּ.", — געפאָרן מיט אַ „קאָמאַנדיראָווקע" קיין מאָסקווע. האָב איך אויך דורך אים געשיקט אַן אַליאַרם־בריוו צו קאָלעגן־שרייבער. יענער האָט מיר געבראַכט פון מאָסקווע, פון דוד ספּאַרדן (דעם אַפּראָוויזאַציע־לייטער פון יידישן קאָמיטעט ביי „ז.פּ.פּ."), אַ שיין שפּייז־פּעקל; אָבער נישט אויף דעם האָב איך געוואַרט. גע־וואַרט האָב איך דאָך אויף אַ „וויזאַוו".

אגב האָט מיר דער זעלבער שליח געבראַכט גרוסן פון אַנדערע שרייבער־קאָלעגן פון פּוילן. ער האָט זיי געטראָפן אין יידישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט. איינער פון זיי האָט אים אַלץ אָפנהאַרציק אויסדערציילט. אויך זיי האָבן זיך אַלע פריִער געגנוג אַנגעליטן, דער עיקר אין אַלמאַ־אַטאַ. אויך זיי האָבן זיך דאָרט געמוזט „ראַטעווען" אויפן באַזאַר ווי אַלע פּליטים־„בראָדיאַגעס" — ווי איינער האָט

געקאַנט. געמסחרט, געזוכט, גענישטערט צווישן די זעק פּראָדוקטן... איצט איז זיי שוין בעסער. איצט באַקומען זיי אין מאָסקווע, אַ חוץ צוטיילונגען פון שפּייז און קליידער פון „ז.פּ.פּ.", אויך אַ „ליטערני פּאַיאָק" (עקסטרע צוטיילונג פון שפּייז), וואָס עס קריגן די רוסישע שרייבער, אַקטיאָרן און קינסטלער — די ווייניקע פּאַוואָריטן אין הייַנטיקן רוסלאַנד. אויף דעם דאָזיקן „ליטערני פּאַיאָק" באַקומען זיי אַ היפּש ביסל פּראָדוקטן — אַפּילו פליש, צוקער, ביימאייל — און עס קלעקט זיי פאַר זיך אַליין און אַפּילו אויף צו פאַרקויפן אַ טייל אויפן באַזאַר. אַזוי אַרום האַנדלען טייל אונטער. זיי, צי זייערע ווייבער...

איינעם אַ קאָמוניסטישן שרייבער פון פּוילן פלעגט מען זען אויפן באַזאַר מיט אַ גאַנץ „קרעמל": קאַלעסאַנעס, העמדער, קאָנסערוון...

הייסט עס, אַז אויך די שרייבער אין מאָסקווע זענען נישט פריי פון באַ־זאַר... הייַנט וואָס זשע זאָל איך קלאָגן אויף מיין ביטערער „דאָליע" אין פאַר־וואָרפענעם אַק־בולאַק?... וואָרום ווי קאָן עס דען אַנדערש זיין? ס'איז דאָך אַ מכת מדינה...

באַלד דערויף דערהאַלטן אַ בריוו פון בער מאַרק. ער באַרויִקט מיך, אַז גאָר אין גיכן וועלן שוין אָנקומען די וויזעס פאַר די שרייבער צו פאָרן קיין פּוילן אינדיווידועל:

„איר וועט זיכער פאָרן פון די ערשטע פון אונדזער גרופּע. זייט שטאַרק און דויערט אויס די לעצטע פּאָר וואָכן. איר וועט געוויס פאָרן דורך מאָסקווע און דאַמאָלס וועלן מיר זיך זען. אין פּוילן וואַרט אויך אויף אייך אַ סך אַרבעט. ייִדן יאָוועט זיך אַלץ מער — שוין דאָ אין פּוילן ביי אַ 100 טויזנט. אָבער עס איז אינגאַנצן נישטאָ קיין טוער, נישט קיין ווירטשאַפטלעכע, נישט קיין קולטור־עסקנים. דעריבער וואַרט מען דאָרטן אַזוי שטאַרק אויף אונדז פון דאַנען".

„פון משהן פון סאַמאַרקאַנד*) געהאַט אַ בריוו. ווי ער שרייבט, דאַרף זיך זיין אַרבעט־אַפּמאַך**) ענדיקן אין 1946, דאָס הייסט, אַז ער פאַלט אַרונטער אונטער דער אַמנעסטיע"***).

פון זיינעם אַ פריִערדיקן בריוו ווייס איך אויך, אַז פאַר גראָסמאַנען איז זיך משתדל דער ייִדישער קאָמיטעט ביי „ז.פּ.פּ."; אַז עס אינטערוועניִרט פאַר אים דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג. איך האָב עס טאַקע באַלד געשריבן צו גראָסמאַנען (דורך זיין „פאַרבינדלעריִן" ווינשענקער — זיין שפּעטערדיקע פרוי), ער זאָל זיך האַלטן און אויסדויערן.

---

*) געמיינט משה גראָסמאַנען, וואָס איז אַרעסטירט; **) זיין לאַגער־„סראָק"; ***) אַ צווייטע אַמנעסטיע.

הייסט עס, פון ב. מאַרקס בריוו זעט אויס, אַז דער „וויזאַוו" איז נאָענט. הייסט עס אויך, אַז אין פּוילן זאַמלען זיך כּסדר ביסלעך ייִדן. אַז מ'גייט טאַקע דאָרטן שאַפן, בויען... אָבער וויפל נאָך ייִדן קאָנען אָנקומען אין די פּוילישע שטעט? די העכער דריי מיליאָן אויסגעשאָכטענע ייִדן וועלן זיך שוין, נישט אומ־קערן... הײַנט וואָס זשע קאָנען שוין ייִדן אויפטאָן איצט אין פּוילן? — — —

דערווייל, ביז „וואָס־וועט", האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נײַע טרויעריקע ידיעות פון פּוילן: די פּוילישע כוליגאַנעס — די „נ.ס.ז."־באַנדעס — מאָרדן די רעשט־לעך ייִדן. מען באַפאַלט ייִדן אויף די וועגן. מ'שלעפּט זיי אַרויס פון אויטאָבוסן און מ'ברענגט זיי אום.

אַ פּאַניק האָט אַרומגענומען אונדזערע פּליטים. איז דאָס אונדזער „היים", צו וועלכער אַלע רײַסן זיך אַזוי? — — —

און נישט ווילנדיק קומט מיר אויך אין געדאַנק:

„דאַרף איך זיך פּונקט איצט אַזוי אײַלן? זײַן פון די ערשטע? איז אפשר גלײַכער צו פאָרן מיט אַלע פּוילישע גלײַך, מיטן עשאַלאָן? ס'וועט אפשר ווערן רויִקער, זיכערער?"

## 65

## אויף די אוראַל־ברעגעס

גלוסט זיך מיר איין טאָג אַ פּאָר טאָן קיין טשקאַלאָוו. אפשר וועל איך דאָרט אין „ז.פּ.פּ." געוואָר ווערן מער פּרטים וועגן איצטיקן מצב אין פּוילן, וועגן דער רעפּאַטריאַציע און וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונדז, פּוילישע. כ'בין דאָרט אָבער צופיל נישט אינפאָרמירט געוואָרן. מ'הייסט האָבן געדולד און וואַרטן.

זייענדיק אין טשקאַלאָוו בין איך אין די קרייזן פון „ז.פּ.פּ." אַגב געוואָר געוואָרן אַ ידיעה, וואָס האָט זייער באַאומרויִקט די פּוילישע ייִדן־פּליטים: אין מאָסקווע, אין ייִדישן אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט, האָט מען שוין געהאַט צוגע־שטעלט אַ פּראָיעקט „וווּ מען דאַרף", אַז מען זאָל אַלע פּוילישע ייִדן — אַנשטאָט רעפּאַטריאירן קיין פּוילן — שיקן קיין בירא־בידזשאַן... און גראָד האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן פּראָיעקט דער אויסערן־מיניסטער פון דער ניי־געשאַ־פענער פּוילישער רעגירונג. זײַן מאָטיוו איז געווען: דאָס „נײַע פּוילן" נייטיקט זיך גראָד איצט אין די ייִדן, וועלכע זענען אַ מער זיכערער עלעמענט ווי די פּאָליאַקן...

און דאָס אפנים האָט אָפּגעראַטעוועט אונדזערע ייִדן פון דער פּראָיעקטירטער גזירה...

נישט קיין קליינער נס!...

דאָס מאָל בין איך דער גאַסט ביי אַ באַקאַנטן, אַ ייִדישער בחור פון פּעט־ריקאָוו, וועלכער האָט פריִער געוווינט אין אַק־בולאַק און געאַרבעט אין אַ שניי־דער־אַרטעל. ער האָט זיך אָבער דאָרט נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט פּרנסה און האָט זיך איבערגעצויגן קיין טשקאַלאָוו. כ׳האָב אים צופעליק געטראָפן אין לאָקאַל פון „ז.פּ.פּ.״ און ער האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט: כ׳מוז זיין זיין גאַסט. דאָ אין דער גרויסער שטאָט, דערציילט ער מיר, לעבט זיך אים בעסער. אמת, דאָ אַרבעט ער אויך אין אַן אַרטעל, ווו ער פאַרדינט גאַנץ ווייניק; ער האָט אָבער אַ חוץ דעם גוטע פּריוואַטע קליענטן, „פּריווילעגירטע״ לייט, וואָס ברענגען אים „אַטריעזן״ אויף קאָסטיומען. אַרבעט ער אָפטמאָל ביז שפּעט אין דער נאַכט. דערפאַר האָט ער דאָ אַ בעסערע דירה ביי אַ פאַמיליע און לעבט לייטישער, היי־גיענישער. ער בעט מיך טאַקע אויף נאַכטלעגער צו זיך. זיינע באַלעבאַטים זענען ייִדן. אַ רוסיש־ייִדישע עוואַקויִרטע פאַמיליע, וואָס האָט געדונגען אַ גאַנצע וווי־נונג פון עטלעכע צימערן. און אַזוי ווי עס איז געווען פאַר זיי צו טייער, האָבן זיי איין צימער — דעם פאַדערשטן — פאַרדונגען צו צוויי סוב־לאָקאַטאָרן, שניי־דער פון אַרטעל.

מיין באַקאַנטער איז מיך אַפילו מכבד מיט אָוונט־ברויט — ברויט מיט טיי. דעם טיי האָט ער אַליין אויפגעקאָכט אויף אַ פּרימוס־מאַשינקע. קיין גאַז איז דאָרט נישט געווען. די משקה האָט, וואָס אַן אמת, נישט דערמאָנט דעם טעם פון טיי. אָבער מיט עפּעס איז זי יאָ פאַרפאַרבט געווען...

די נאַכט, וואָס איך האָב דאָרט גענעכטיקט, האָט מיין באַקאַנטער געשלאָפן צוזאַמען מיט זיין חבר אין איין אייזערנעם בעטל און איך — אין זיינעם.

געקומען אַהיים זענען מיר געגנוג שפּעט. לכבוד מיר האָט מיין באַקאַנטער נישט געאַרבעט היינט קיין „איבער־שעהן״ פאַר זיינע פּריוואַטע קליענטן, נאָר מיר האָבן אין אָוונט געמאַכט אַ „פּראָגולקאַ״ — אַ ראָמאַנטישן שפּאַציר ביי די ברעגעס פון אוראַל. מיר זענען נישט געווען בלויז זאַלבענאַנד. ער האָט אויך איינגעלאַדן צום שפּאַציר זיינע צוויי באַקאַנטע מיידלעך. אויך פּליטהס פון פּוילן. ביידע לאָדזשער. ער איז מיט מיר צוגעגאַנגען צו עפּעס אַ כאַטע אין אַ הינטער־גאַס און זיי געגאַנגען אַראָפּרופן. כ׳בין געווען גערירט: אַ שפּאַציר לשם שפּאַ־ציר. דערצו נאָך מיטן „שיינעם מין״. שוין אָפּגעוווינט פון אַזעלכע שפּאַצירן...

אַז די מיידלעך זענען אַראָפּגעקומען, האָב איך געהאַט אַ שטיקל אַנטוישונג: ביידע קנאַפּע יפת־תוארס... דאָס הייסט: נישקשהדיקע מיאוסקייטן...

מילא. דערפֿאַר זענען די אוראַל־ברעגעס פּרעכטיק. מיר זענען צוגעקומען צו אַ ספּעציעלן שפּאַציר־פּלאַץ. אַ סקווער אויף אַ הויכעניש, האַרט איבערן טייך. דער אוראַל איז דאָ געגנוג ברייט. אויף יענער זייט שטייען עטלעכע דאַמפּערס און גריסן מיט פּייערלעך אין אַלע זייטן. מיר שפּאַצירן לענג־אויס. דער בליק קאָן זיך נישט אָפּרייסן פֿון דער שיינער פּאַנאָראַמע. דער טונקל־בלויער הימל, די פֿולע לבנה צווישן צעשאָטענע שטערן גיבן נאָך צו מער רייץ. באמת אַ פּרעכטיקער אָוונט.

— כ׳בין אייך באמת דאַנקבאַר! — זאָג איך צום פּעטריקאָווער. — כ׳געדענק שוין נישט ווען איך האָב געמאַכט אַזאַ שפּאַציר.

— מיר קומען דאָ אַהער אַלע „וויכאָדנאָי״.

— עס לוינט טאַקע צו וווינען אין טשקאַלאָוו שוין בלויז צוליבן אוראַל...

— זאָג איך — אין אַק־בולאַק איז דאָך דער איינציקער שפּאַציר־פּלאַץ — דער באַזאַר.

מיר האָבן לאַנג אַרומגעבלאָנקעט ביי די ברעגעס און נאָכדעם זיך צוגעזעצט אויף אַ נידעריקער שטיינערנער באַריער אויפֿן ראַנד פֿון באַרג. מיין פּעטריקאָווער האָט זיך צעזונגען און מיט אים צוזאַמען איינע פֿון די מיידלעך: אַ טאַנגאָ מיט יִדישע ווערטער. ער דערציילט מיר, אַז דער טאַנגאָ איז טאַקע דאָ אין טשקאַלאָוו דורך אַן אונדזעריקן פּוילישן פּאַרפּאַסט געוואָרן. אַ טאַנגאָ וועגן אוראַל.

דער וואַנדער־וועג האָט מיך פֿאַרטראָגן,
אַ טייך אוראַל, צו דיינע ברעגן...
איך זיץ לעם דיר און טו באַקלאָגן
פֿון וייטער היים די ליבע שטעגן...

ס׳דערמאָנען מיר די ברעגן גרינע
די ווייסל צווישן פֿעלדער קאָרן...
פֿאַריאָגט האָט אונדז דער האַס, די שנאה
אין שוואַרצע טרויעריקע יאָרן...

אוראַל, אוראַל, דו צויבער־טייך!
עס איז דיין שפּיגל פֿאַרבנרייך.
אַ גרוס פֿון מיר אין וועג נעם מיט,
דערצייל ווי צו מיין היים מיך ציט...

סענטימענטאַלע ווערטער צום סענטימענטאַלן טאַנגאָ־מאָטיוו, אין דער סענטימענטאַלער לבנה־נאַכט... ווי אונדזערע פּליטים פּאַסן זיך עס אומעטום אַריין מיט זייערע שטימונגען, מיט זייער בענקעניש און וויי...

נאָך דעם טאַנגאָ האָבן די מיידלעך באַוואונדערט די נאַכט מיט „אַך” און „אָך”... איז דאַן אַוועק אַ שמועס אויף דער פֿיינלעכער טעמע: וועגן אונדזערע חרובע היימען... וועגן די אויסגעשאָכטענע מיליאָנען ייִדן... וועגן דער רעפּאַט־ריִאַציע, וואָס דאַרף זיך אָנהייבן און הייבט זיך נישט אָן... איז געקומען אַ סעריע זיפצן, ווי געוויינלעך איצט צווישן די פּוילישע ייִדן.

— זינגט בעסער! — בעט איך — צו וואָס רייצן די ווונדן?

איז ווידער אַוועק געזאַנג. מ׳האָט געלופטערט אַ גענוג גרויסן רעפּערטואַר פון ייִדישע, פּוילישע און רוסישע לידער.

גוט וואָס איינע פון די מיידלעך זינגט נישקשהדיק. אַ מין רעקאָמפּענסאַטע פאַר איר באַעוולהט פּנים...

— און איר? — פרעג איך איר חברטע. — איר זינגט נישט?

— איך האָב נישט קיין שטים.

„זייער טרויעריק. — טראַכט איך. — אַ מיאוסקייט און אַ רעקאָמפּענסאַטע”...

דער אָוונט וואָלט באמת געווען אַ פולשטענדיק־געלונגענער, ווען... ווען די מיידלעך וואָלטן האַרמאָנירט מיט דער שיינקייט פון דער נאַכט... אָבער אַלצ־דינג זאָל געלינגען איז אפּנים צופיל פאַר אונדזערע באַדינגונגען אין סאָוועט־רוסלאַנד... איז גוט, וואָס דער אוראַל מיט זיינע ברעגעס זענען שיין, וואָס די נאַכט איז בלוי, וואָס די לבנה אַזוי זילבערדיק־פאַרחלומט...

וואָס עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן איז — די ליידיקייט, די פוסטקייט ביי די אוראַל־ברעגעס. נישטאָ כמעט קיין שפּאַצירנדיקע. בלויז געציילטע איינצל־נע מענטשן זענען געווען צו באַמערקן דאָ־דאָרט אויף די שטעגן פונעם אוראַל־סקווער.

ווי אַנדערש איז עס ביי אונדז, אין אונדזערע שטעט. אַזעלכע ברעגעס וואָלטן דאָך אין אַזעלכע שעהן פאַרפלייצט געווען פון מענטשן, יונג און אַלט. אַ קליינ־קייט, אַזאַ ראָמאַנטיש ווינקל, אַזאַ לבנה־נאַכט!

אפּנים, די סאָוועטישע מענטשן האָבן נישט קיין קאָפּ, און קיין געמיט, און קיין צייט פאַר אַזעלכע „פוסטע זאַכן”... אַז די קעפּ ביי זיי זענען תמיד פול מיט שווערע וואָכעדיקע דאגות: די „פּייקע”... אַ שטיקל צוקער... אַ ביסל פעטס... אַ בגד... אַ שוך...

אויף די אַקסלען דריקט דער שווערער, שווערער יאָך — — — —

# 66

## איך קלאָג אָן די מיליץ...

אין מיטן סעפּטעמבער באַקום איך אַ קורץ בריוול פון משה גראָסמאַנען — ער איז שוין אויף דער פריי. מסתמא טאַקע אַ דאַנק דער נייער אַמנעסטיע. ער שרייבט: „יאָ, טייערער, איך בין שוין אין דער היים. עס איז באמת אַ גרויס גליק — אין פאַרגלייך מיט דעם אומגליקלעכן מצב פון פריער. עס ווילט זיך שוין אָבער שטאַרק זיך אַ ריר טאָן. און אַ מאמין בין איך אַ קנאַפּער".

ער מיינט עס: „אַ קנאַפּער מאמין" אין דער רעפּאַטריאַציע. אז מ׳וועט בכלל קאָנען אַרויספאָרן פון דאַנען. ער איז שוין אַ צו גרויסער אַפּיקורס, דער גראָסמאַן. דאָס נעמט זיך פון זיין שרעק נאָך דער איצטיקער תפיסה... אַזוי, צי אַנדערש — קיין אַנדער וועג איז דאָך נישטאָ ווי נאָר צו וואַרטן.

האָב איך אַזוי געוואַרט, מעדיטירט — ביזן סוף זומער, ביזן שפּעטן האַרבסט.

אין איינעם אַ טאָג באַקום איך אַ פּאָסט־קאַרטל פון גראָסמאַנען — פון אַק־בולאַק. כ׳בין שטאַרק פאַרחידושט. נאָכן איבערלייענען ווערט מיר קלאָר: ער פאָרט עס אינדיווידועל קיין פּוילן און איז דאָך פאַרבייגעפאָרן מיין „רעזידענץ". ווי אַזוי ער האָט געקאָנט פאָרן איז מיר שפּעטער קלאָר געוואָרן.

אינעם קאַרטל אַליאַרמירט מיך גראָסמאַן:

„מיין עצה איז, אַז איר זאָלט קיין איין מינוט נישט וואַרטן. אַנדערש וועט איר נאָך נישט איין ווינטער פרירן אין אייערע קאַלטע מקומות און העק"...

און קלאָר געוואָרן איז מיר נאָכדעם, אַז פון מיטלאַזיע פאָרן אונדזערע פּוילישע מיט געקויפטע „פּראָפּוסקן" (עס קאָסט נישט ווייניק...) קיין לעמבערג, און פון לעמבערג, ווי פון די אַנדערע ראַנד־געביטן, האָט זיך שוין די רעפּאַטריאַציע יאָ אָנגעהויבן. כאַפּט מען זיך אַזוי אַרום גרינג אַריבער מיטן שטראָם רעפּאַטרי־אַנטן קיין וואַרשע. עס זענען שוין אַרויסגעפאָרן אַזוי פון סאַמאַרקאַנד, פון טאַש־קענט און אַנדערע מקומות אַ היפּש ביסל ייִדן מיט געקויפטע „פּראָפּוסקן" און „קאָמאַנדיראָווקעס" קיין לעמבערג.

איך ווינטש אין געדאַנק גראָסמאַנען אַ גליקלעכן וועג: זאָל ער כאָטש נישט האָבן, חלילה, קיין פרישן אומגליק צוליב זיין איינשטעלעניש...

גראָסמאַנס איצטיקע איבערגעטריבענע שרעק האָט מיך נישט אָנגעשטעקט. איך האָב ווייטער געוואַרט. איבעריקנס, איך האָב דען געהאַט אַן אַנדער ברירה?...

אומגעריכט איז מיר אָנגעקומען אַ דעפּעשע פון טשקאַלאָווער „ז.פּ.פּ.": פאַר־ראַן אַ „וויזאָוו" פאַר מיר קיין מאָסקווע, צו אַ פּלענום פון „ז.פּ.פּ.".

הייסט עס, נאָך נישט קיין וויזע קיין פוילן — דאָס איז טאַקע מסתמא אַ „פאַרשלעפּטע קרענק", — נאָר טאַקע אַ „וויזאַוו" קיין מאָסקווע, אַזוי ווי איך האָב געוואָלט. לויף איך גלייך אין דער מיליץ נאָך מיין פּאַס, וואָס מ׳האָט דאָרט פאַרהאַלטן בעת דער אָפּטאַציע. אין דער מיליץ אָבער דערקלערט מען מיר, אַז מיינע אַלע פּאַפּירן, צוזאַמען מיטן פּאַס, זענען אַוועק קיין טשקאַלאָוו צום „אָוויר" — אַן אַמט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די אַלע ענינים, וועלכע האָבן אַ שייכות מיטן אַרויספאָר פון בירגער קיין אויסלאַנד.

און דאָ הויבט זיך אָן דאָס אמתע שדים־געדריי:

אין טשקאַלאָוו, אין „אָוויר", דערקלערט מען מיר פּונקט קאַפּויר, אַז מיין פּאַס איז ביי זיי נישטאָ; אַז מיין פּאַס איז אין אַק־בולאַק... פאָר איך צוריק קיין אַק־בולאַק און קום ווידער אין דער מיליץ. טענהן זיי ווידער דאָסזעלבע: ניין, נאָר אין „אָוויר"...

— אפשר קאָנט איר מיר אַרויסגעבן אַ דובליקאַט פון פּאַס? — בעט איך זיך. — איר זעט דאָך, דער פּאַס איז פאַרלוירן געגאַנגען און נישט צוליב מיין שולד.

— ניין, פאָדערט אין „אָוויר" דעם פּאַס. ער איז דאָרט.

— אָבער זיי זאָגן דאָך, אַז ער איז נישטאָ...

— ער איז יאָ פאַראַן.

— סטייטש ? !

— אין „אָוויר" !

יאָ פאַראַן — נישט פאַראַן... „אָוויר" אַהער — „אָוויר" אַהין... רייד צו דער וואַנט. עס קרענקט מיך די טעמפּע עקשנות, דאָס נישט רעכענען זיך מיט יענעמס עגמת־נפשן. ווידער פאָרן? אַליאַרמירן? וועמען?

עס איז שוין קאַלט. דער ווינטער רוקט זיך שוין אָן. שוין אַרויסגעפאַלן די ערשטע שנייען. עס איז אַ מאַטערניש דאָס פאָרן מיטן קריכנדיקן „פּריגאָראָדנעם" די שטרעקע פון 120 קילאָמעטער. אַ נסיעה אין איין זייט דויערט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. כ׳בין שוין צעבראָכן פונעם פאַרעניש אַהער און אַהין, אַהער און אַהין... אָבער דער ווילן צו פאָרן איצט קיין מאָסקווע איז אַלץ גובר און טרייבט מיך, און יאָגט מיך. פאָר איך, לויף איך ווי אַ משוגענער. דאָס מאָל קום איך שוין אין טשקאַלאָוו מיט אַן אַליאַרם אין „ז.פּ.פּ.". איך בעט דעם אינזשיניער סרעבּרעניק, דעם פאָרזיצער, ער זאָל מיך אַרויסראַטעווען פון דער סיטואַציע. ער קלינגט אין „אָוויר" און רעדט דאָרט מיט דער אָנפירערין פון יענער אָפּטיילונג. ער דערקלערט איר, אַז דער פּאַס איז נויטיק צוליב אַ דרינגענדיקער רייזע קיין מאָסקווע. זי הייסט מיר קומען, און אַז איך קום אַהין, זאָגט מען מיר ווידער, אַז מ׳האָט מיין פּאַס געזוכט און נישט געפונען.

— אפשר קאָנט איר מיר געבן אַ געוויסע באַשטעטיקונג כ׳זאָל קאָנען פאָרן?
— דאָס קאָן איך געבן די מיליץ אין אָק־בולאַק, ווו איר ווינט.
— אָבער די מיליץ טענהט דאָך, אַז אין „אָוויר״ איז מיין פּאַס?
— מיר האָבן נישט אייער פּאַס.

בין איך ווידער אַוועק אין „ז.פּ.פּ.״. סוף־כל־סוף האָט מען מיר געראָטן, אַז איך זאָל זיך ווענדן צום פּראָקוראָר. צום הויפּט־פּראָקוראָר, וואָס איז אַפּילו איבער דער מיליץ און „נ.ק.וו.ד.״... האָב איך אָנגעהויבן דעם גרוואַגטן קאַמף... האָב אָנגעשריבן אַ „זאַיאַוולעניע״ און זיך באַמיט דעם גאַנצן ענין איבערגעבן אין אַ זייער מילדן טאָן, כדי עס זאָל „נישט אויפרייצן די געגנדז״... אין מיינע אויספירונגען האָב איך געבעטן די אינטערווענץ פון פּראָקוראָר, אַז די מיליץ זאָל מיר גלייך אַרויסגעבן אַ נייעם פּאַס אַנשטאָט דעם פאַרלוירענעם. קומענדיק צום הויפּט־פּראָקוראָר מיט דער „זאַיאַוולעניע״ האָב איך געהאַט אַ שטיקל איבערראַשונג: אַ ייִד... דער הויפּט־פּראָקוראָר איז אַ ייִד. שוין אַן עלטערער מענטש. איך האָב דעריבער באַלד געקריגן מער קוראַזש. ער האָט מיר געהייסן זיך זעצן און גענומען לייענען מיין בקשה. קודם כל האָט ער מיר געמאַכט אַ שפּראַכלעכע באַמערקונג:

— איר שרייבט: „איך בעט אייער אינטערווענץ״. אינטערווענץ איז גאָר אַ מיליטערישער באַגריף. איר מיינט דאָך „כאַדאַטייסטוואָ״ (השתדלות).

— אין פּוילן באַנוצט מען דאָס וואָרט „אינטערווענץ״ אַזוי ווי השתדלות, איינגערענץ.

— לאַדנאָ.

איך גיב נאָך צו דעם הויפּט־פּראָקוראָר אַ פּאָר אויפקלערונגען בפה:

— עס האַנדלט זיך נישט אין אַ ריין־פּריוואַטן ענין, נאָר אין אַ געזעלשאַפטלעכן. „ז.פּ.פּ.״ איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער טעריטאָריע פון סאָוועט־רוסלאַנד. און אויב „ז.פּ.פּ.״ רופט מיך, אין אַ געזעלשאַפטלעכן ענין, אויף אַ פּלענום, וואָלט דאָך די מיליץ מיר געדאַרפט העלפן כ׳זאָל קאָנען אַרויספאָרן.

דער פּראָקוראָר, רייבנדיק זיך ייִדישלעך דעם שטערן, קוקט אַריין נאָכאַמאָל אין דער „זאַיאַוולעניע״, אין דער דעפּעשע פון „ז.פּ.פּ.״ וועגן „וויזאָוו״ קיין מאָסקווע און רעדט אַרויס לאַנגזאַם:

— איר זענט פולשטענדיק גערעכט.

— איז וואָס זשע טוט מען? די צייט איז דאָך שוין קורץ. כ׳וויל נישט פאַרשפּעטיקן.

— איך וועל נאָך היינט אָנשרייבן צום פּראָקוראָר אין אָק־בולאַק. כ׳וועל

אים איבערשיקן אייער „זאַיאַוולעניע" מיט מיין רעזאָלוציע. מאָרגן אינדערפרי גייט עס אַרויס מיט דער פּאָסט קיין אַק־בולאַק. אויפן דריטן טאָג ווענדט זיך צום אָרטיקן פּראָקוראָר.

— מיין בעסטן דאַנק!

כ'בין אַרויס אַ צופרידענער מיט מיין „נצחון"... מיטן יידישן פּראָקוראָר האָב איך גראָד גוט געטראָפן. אַ סאָוועטישער פּראָקוראָר מיט אַ גלייכן שכל...

דעם דריטן טאָג בין איך שוין געווען ביים פּראָקוראָר אין אַק־בולאַק. דער פּראָקוראָר איז אַ קאַזאַך און רעדט אַ שווערן רוסיש, ווי אַ שטאַמלער. ער האָט שוין טאַקע די פּאַפּירן פון טשקאַלאָוו און ער איז שוין אַפילו געווען אין דער מיליץ.

— גייט גלייך צום נאַטשאַלניק פון דער מיליץ! — זאָגט ער מיר באַלד.

„דער טשקאַלאָווער הויפּט־פּראָקוראָר איז טאַקע אַ וואָרטסמאַן און דזשענ־טעלמען" — טראַכט איך.

איך קום אין דער מיליץ און מעלד זיך צום נאַטשאַלניק. איך זע גלייך, ער איז בייז און דענערווירט. ער איז באַלד אַרויס מיט לשון:

— ווי איך זע, פאַרנעמט איר זיך ביי אונדז מיט רכילות אויף די אָרגאַנען פון דער מיליץ און „נ.ק.וו.ד."...

בעת־מעשה איז מיר דורכגעגאַנגען אַ שוואַרצער געדאַנק... ווער ווייס? אל תפתח פה לשטן... צו וואָס אַליין פאַרקאָכט די קאַשע?...

— נישט ריכטיק, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק... — פּרוּוו איך אויפקלערן. — איך האָב נאָר געבעטן דעם פּראָקוראָר ער זאָל מיר העלפן באַקומען אַן אַנדער פּאַס אַנשטאָט דעם פאַרלוירענעם.

— ביי אונדז איז דער פּאַס נישט פאַרלוירן געוואָרן, נאָר אין „אָוויר".

— אמת, איך מיין אויך אַזוי. אָבער וואָס בין איך שולדיק? איך האָב דאָך אים זיכער נישט פאַרלוירן...

— איך קלינג שוין אין „אָוויר"! — צערעדט ער זיך אין אַן אויפגערעגטן טאָן. — מיט וואָס פאַר אַ רעכט זאָגן זיי, אַז דער פּאַס איז ביי אונדז? קאַקאָיע סווינסטוואָ! (ס'אַראַ חזיריי!).

און אין מיין אַנוועזנהייט פאַרבינדט ער זיך טעלעפאָניש מיט טשקאַלאָוו, מיטן „אָוויר". ער רעדט אַריין אין טעלעפאָן־אַפּאַראַט מיט דער גאַנצער אויפ־געבראַכטקייט:

— ביי אייך! נאָר ביי אייך איז דער פּאַס. מיר האָבן אייך צוגעשיקט אַלע דאָקומענטן פון די פּאַליאַקן.

פון דער ווייטן האָב איך געהערט אַ זשומען פון דער טשקאַלאָווער שטים אין אַפּאַראַט.

— ניין! קאַטעגאָריש ניין! — שרייט דער נאַטשאַלניק. — זוכט, זוכט ביי איך!

לסוף האָט ער אַנידערגעלייגט דאָס טעלעפאָן־רערל און צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— קומט אַריין אין צוויי טעג אַרום.

— אַ דאַנק, גראַזשדאַנין נאַטשאַלניק!

כ׳בין אַוועק אין גוטן גלויבן, אַז סוף־כל־סוף וועט מיין ענין דערליידיקט ווערן. אַי כ׳וועל פאַרשפּעטיקן צו דעם פּלענום? מילא, דאָס איז דאָך זיכער געווען נאָר אַ פּרעטעקסט מיך אַרויסצורופן...

אַזוי האָב איך געטראַכט. אָבער באַלד צומאָרגנס באַקום איך ווידער אַ דע־פּעשע דירעקט פון מאָסקווע, פון „ז.פּ.פּ.״ בזה הלשון:

„פּאָרט נישט קיין מאָסקווע. דער פּלענום געענדיקט. דער „וויזאָוו״ אַנולירט״.

אונטערגעשריבן: „דאָדיוק״.

דאָדיוק איז געווען דער געשעפטס־פירער, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט די „וויזאָוס״, מיט די האָטעלן פאַר די אַרויסגערופענע, און אַז ער דעפּעשירט, איז שוין נישטאָ קיין אַפּעלאַציע.

דאָס איז, הייסט עס, דער סוף פון מיין נייער „אילוזיע״ און פון מיין „אינטערווענץ״... פאַרפאַלן, באַשערט צו וואַרטן אויף דער אַלגעמיינער רעפּאַט־ריאַציע. אַזאַ אפּיקורס ווי גראָסמאַן בין איך דאָך נישט... איך האָב זיך שוין פּשוט געשעמט פאַר די קאָלעגן — שרייבער אין מאָסקווע: יענע מאַכן כסדר באַמיאונ־גען פאַר מיר און איך בין אַזאַ שלימזל... האָב איך תיכף אַוועקגעשיקט אַ בריוו קיין מאָסקווע און זיך פאַרענטפערט. כ׳האָב זיי דערציילט די גאַנצע כעלעמער מעשה מיט מיין פּאַס. איך האָב זיי לסוף געפרעגט: „וואָס וואָלט דאָרט געאַרט אייער דאָדיוקן, ווען איך קום קיין מאָסקווע שוין נאָכן פּלענום? עס וואָלט דערפון געוואָרן אַ לאָך אין הימל?״...

אין דער מיליץ האָב איך אָבער געדאַרפט גיין אין צוויי טעג אַרום. דער באַאַמטער האָט שוין געהאַט אַ פאַראָרדענונג פון נאַטשאַלניק, מיר אַרויסצוגעבן אַן אַנדער פּאַס.

— ס׳איז מיר שוין איצטער אַלצאיינס... — זאָג איך אים, — שוין פאַר־שפּעטיקט קיין מאָסקווע.

— אַלצאיינס, פאַראַן אַ רעזאָלוציע. — ענטפערט דער באַאַמטער און שרייבט מיר אויס די פּערסאָנאַליען אין נייעם דאָקומענט.

איך האָב געהאַלטן אין האַנט דעם נייעם פּאַס ווי אַן אָפּגעקלאַפּטע הושענא נאָך הושענא־רבה...

און וואָס איז פאַרט געוועזן דער מער מיט מיין אַלטן פּאַס?

שפּעטער, האָרט פאַר דער רעפּאַטריאַציע, בעת דער „אָוויר" האָט צוריק־געשיקט די פּאַפּירן פון אַלע פּוילישע אין אונדזער ראַיאָן, איז צווישן אַלע פּעסער געלעגן אויך מיין פּאַס...

טעמפּע נאָכלאָזיקייט און ביוראָקראַטיזם!

## 67

## בינו לבינו — נאָך אַ ווינטער!

פון אַלע רייד, אַז אָט־אָט הויבט זיך שוין אָן אונדזער רעפּאַטריאַציע, אַז אָט־אָט פאַרט מען — האָט זיך דערוויַיל גאָרנישט אויסגעלאָזט. דערווייל האָט זיך פאַרנומען גאָר פעסט דער ווינטער מיט זיינע בוראַנען און פרעסט. אַזוי פיל שניי איז דעם ווינטער געווען! דער היגער הימל האָט אָנגעשאָטן שפּעדיק — ווי זיך צום געזעגענען מיט אונדז... די קיביטקעס זענען געווען איינגעקלאַמערט אין ווייסע בערג. בלויז שמאָלע אויסגעגראָבענע דורכגענג האָבן געפירט פון כאַטע צו כאַטע. נישט איין מאָל פלעגט דער באַן־וועג אַזוי פאַרשאָטן ווערן, אַז די צוגן פלעגן בלייבן שטעקן גאַנצענע מעת־לעתן אויף די סטאַנציעס און „ראַז־יעזדן". דאַן פלעגט מען מאָביליזירן מענטשן מיט רידלען פון אַלע „אוטשרעזש־דעניעס" אויף „סניעגאָבאָרבאַ" (קאַמף מיטן שניי), כדי אָפּצוגראָבן די פאַר־שאָטענע שינעס.

ביי מיר אין כאָטע איז נישט געווען אַזוי היימלעך. ס'איז פיינלעך געווען צוצוקוקן זיך צו די הונגעריקע קינדער. גרויסע קאָנען ליידן און שווייגן. אָבער קינדער שווייגן נישט... שטענדיק האָבן זיי געמאָנט: „ברויט!"... „ברויט!"... ליזאַ פלעגט זיי מוזן אויסטיילן צו שטיקלעך. עס מוז דאָך קלעקן אויפן גאַנצן טאָג. ביי איין קינד האָבן זיך די שיך אינגאַנצן צעשאָטן און מ'קאָן זיי שוין נישט פאַרריכטן. ליזאַ פלעגט לויפן אין „לאַראָק", בעטן, פאָדערן; אָבער זי פלעגט אַלץ קומען מיט ליידיקן. פלעגן ביידע קינדער מוזן נוצן איין פאָר שיך... איין קינד פלעגט גיין אין שולע און דאָס צווייטע פלעגט דאַן מוזן בלייבן אין שטוב. צומאָרגנס פאַרקערט. אַזוי אַ טאָג איבער אַ טאָג...

— אַ פינצטערע דאָליע... — קלאָגט זיך פאַר מיר די פאַרדאגהטע ליזאַ.

— ניטשעוואָ... — טרייסט איך זי. — איר זענט נאָך יונג. אייער „דאָליע״ קאָן זיך ענדערן.

— וואָס זשע מיינט איר, אַבראַם יאַקאָוולעוויטש?

— איך מיין... איך מיין, איר וועט מיט דער צייט חתונה האָבן...

— מיט וועמען? ווער וועט מיך נעמען מיט קינדער? עס קאָן מיר נאָך ווערן ערגער...

און ווי פּיינלעך איז עס מיר געווען צו קוקן, ווי אין אָוונט פלעגן די קינדער, ווי תמיד, נאָכן מאַגערן, אָרעמען „אוזשין״, צוגיין צו דער איקאָנע זיך צלמען:

— אַ דאַנק דיר, גאָט, פאַר ברויט, פאַר זאַלץ. גיב, גאָט, דער טאַטע זאָל קומען און דער פעטער אויך...

כאָטש די גרויסע האָבן שוין איצט געוווּסט באַשיינפערלעך, אַז נישט דער טאַטע און נישט דער פעטער קאָנען צוריקקומען...

* * *

אין די לעצטע חדשים איז די הילף פון אויסלאַנד פאַר די פּוילישע ייִדן געוואָרן גאָר שוואַך. זעלטן פלעגן אָנקומען פּעקלעך פון טעהעראַן. צי זיי זענען פאַרהאַלטן געוואָרן אין וועג מחמת דעם געשטערטן ווינטער־פאַרקער פון די באַנען? אָדער אפשר מיינט מען שוין אין טעהעראַן און אין ארץ־ישראל, אַז די פּוילישע זענען שוין אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד? פאַר אַ סך איז געוואָרן זייער פילבאַר דאָס פעלן פון דער דאָזיקער הילף. די הילף ווידער פון דער „אַפּיעקאַ ספּאָלעטשנאַ״ ביי „ז.פּ.פּ.״ איז שטענדיק געווען אַ מינימאַלע. אויך איך האָב דערפילט די דאָזיקע שווערע חדשים... אָבער איצט וועל איך דאָך שוין נישט גיין זוכן צו מאַכן אַ „קאַריערע״ ערגעץ אין אַ סאָוועטישער אינסטיטוציע — אויב די גאַנצע צייט איז עס מיר נישט געלונגען... האָב איך בלית ברירה, מיטן שטענדיקן געפיל פון עקל דערצו, זיך געמוזט ווידער „ראַטעווען״ — ווי אַלע אַנדערע בירגער — אויפן באַזאַר... פלעג איך ווידער זיין אַן אָפטער באַזוכער אויף דער סטאַנציע. כ׳פלעג אָפּהיטן די מיליטערישע עשאַלאָנען, וואָס פאָרן פון דייטשלאַנד. דאָרט פלעג איך קויפן „מציאות״ פאַר מיינע באַקאַנטע רוסישע הייזער — פאַר די ווייבער, וואָס מאַכן וואַליקעס. גראָד איצט, אין מיטן ברען פון ווינטער, איז פאַר זיי דער בעסטער סעזאָן. זיי האָרעווען טאַקע איצט איבער די כוחות; אָבער דערפאַר פעלט זיי נישט קיין געלט. עס קלעקט זיי אויף אַלץ. האָבן זיי מיינע „מציאות״ פון מיר גלייך אָפּגעקויפט און נאָך געבעטן צו קויפן פאַר זיי נאָך אַנדערע שיינע זאַכן: אַ זייגערל, אַ בראַש וכדומה. האָב איך זיך אַזוי אַרום

דערווייל געראַטעוועט. און אייגנטלעך לעבן מיר דאָך דאָ נאָר אויף „דערווייל״... ביז דער „מעטע״... ביזן אַרויספאָרן... און ווער פון אונדז עס האָט זיך געקוועלט, האָט ער זיך געטרייסט: אָט, אָט... שוין נענטער ווי ווייטער. די אַלע פּוילישע האָבן געהאַט אין די טעג דאָס געפיל פון אַרעסטאַנטן, וועמענס תפיסה־טערמין עס דאַרף זיך שוין ענדיקן און אָט באַלד דאַרפן זיי אַרויסגיין אויף דער פריי...

אויפן באַזאַר האָבן איצט געהאַנדלט מיט חפצים פון דייטשלאַנד אויך רוסישע ווייבער. דאָס פלעגן זיי קריגן פּעקלעך פון זייערע זין און מענער, וואָס געפינען זיך איצט אין די דייטשישע שטעט. זיי האָבן געשיקט פון כל־טוב: זיידענע וועש, קליידער, שיך, מאַנטלען, זילבער־באַשטעק, זייף, פלאַקאָנען פּערפום וכדומה. אין גרויסע שטיקער זייף האָבן די רויטאַרמייער אַריינגעפּאַקט גאָלדענע זייגערלעך. אין אַ באַזונדער בריוו פלעגן זיי שרייבן, אַז די זייף זאָל מען פאָרזיכטיק צעשניידן. אַזוי האָט מען דערציילט אַ קוריאָז: איינע אַ יידישע פּליטה פון רוסלאַנד האָט געקויפט אויפן באַזאַר אַ שטיק דייטשישע זייף. אין שטוב האָט זי עס גענומען צעשניידן אויף צוויי חלקים און דאָס מעסער האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ האַרטע זאַך — אָן אַ גאָלדענעם זייגערל... אפנים, דעם רויטאַרמייערס בריוו איז נישט דערגאַנגען פריִער צו זיינע שטוביקע, וועמען ער האָט אַרויסגעשיקט דאָס „גאָלדענע״ פּעקל...

אין טאָג קומט אַריין צו אונדז אין שטוב אַ שכנה, אַן עלטערע „כאַזייקאַ״, אין עלעגאַנטע זיידענע זאַקן... אין זיידענע זאָקן און אין צעפאָרענע אַלטע מענערשיך...

— פון וואַנען, באַבושקאַ, האָט איר גענומען אַזעלכע שיינע זאָקן?

— דאָס האָט מיר מיין אייניקל געשיקט פון בערלין...

אויך אויפן באַזאַר פלעג איך טרעפן קאָלכאָזניצעס אין טייערע מאַנטלען, אין „בורזשואַזע״ פוטערס.

אַזוי האָבן „פּאַראַדירט״ אַק־בולאַקער בירגער אין אייראָפּעיִשע קליידער ווי אויף אַ מאַסקן־באַל...

ביי איין מיליטערישן עשאַלאָן האָב איך אויך געקויפט בחצי חינם אַ ווינטער־מאַנטל פאַר מיר גופא. מ׳מוז דאָך זיין גרייט צו דער נסיעה קיין פּוילן. דער מאַנטל איז געווען צו גרויס, האָב איך אים געגעבן „צופּראַווען״ צו איינעם אַ שניידער — דעם „מינסקער שניידערל״, ווי מ׳האָט אים דאָ גערופן. דער מינסקער שניידער איז געווען אַן עוואַקויִרטער. אַן אינוואַליד, מיט אַ היפּשן הויקער. און מסתמא מיט נישט ווייניק אַנדערע מיחושן, איז ער געווען פּטור פון אַרבעטן אין אַרטעל און האָט געאַרבעט פאַר־זיך אויף זיין אייגענער האַנט־ניי־מאַשין. אַן אַלטער „גראַט״ פון מלך סאָביעסקיס צייטן. ביי דער אַרבעט פלעגט אים אויך

צוהעלפן זיין אשה, וואָס איז צוויי מאָל אַזוי גרויס געווען ווי ער. זי פלעגט אים צונייען קנעפּלעך, לייגן לאַטעס וכדומה.

דער מינסקער דערציילט מיר, אַז ער איז אַ „וואָיענער שניידער"; אַז אין מינסק פלעגט ער נייען פאַר די גרעסטע קאָמאַנדירן. אויך דאָ אין אַק־בולאַק נייט ער פאַר מיליץ־לייט. אָבער ס׳איז נישט שייך. ער קאָן אויך נייען ציווילע מלבושים.

— גיט אייך כאָטש פּרנסה די נאָדל? — פרעג איך אים.

— איצט איז אַ גרויסער יקרות. נאָר מ׳גיט זיך אַן עצה ווי עס איז. קיין אַרבעט פעלט נישט. זאָלן נאָר קלעקן כוחות. ערגער איז געווען ווען איך פלעג אַמאָל מוזן אַרבעטן אין אַ „קאָזיאָנער שוואַלניע". דאָרט פאַרדינט מען קדחת מיט כשרן פאָדים... האָרעוועסט ווי אַן עבד כנעני און מיט וואָס שבת מאַכן איז נישטאָ... קיין שטיקל פלייש, קיין שטיקל פּוטער זעט מען נישט פאַר די אויגן...

— הערט איר, איר זענט דאָך אַ ייִד... — הויבט ער אָן ריידן מיט אַ נידע־ריקערער שטים, גלייך ווי עמיצער וואָלט אונטערגעהערט. — מיט אייך קאָן מען דאָך ריידן אָפן... אַ ביטער לעבן ביי אונדז. מ׳איז אַן אייביקער קבצן...

— פאַרוואָס עפּעס? —

— איר פרעגט נאָך „פאַרוואָס"? איר ווייסט דען נישט? צו וואָס טויג דאָס אַלץ? אַז פאַרן „נאַראָד" איז געוואָרן ערגער ווי אַמאָל, אין ניקאָלייקעס צייטן... אַז פּרנסה איז געוואָרן קריעת־ים־סוף. טויג עס אויף כפּרות.

איך האָב אים געלאָזט ריידן, דעם „מינסקער שניידערל", און איך האָב אויסגעהערט. ער האָט דערציילט, אַראָפּגערעדט זיך פון האַרץ און אונטער־געקרעכצט.

— ס׳איז דאָך אַ צרת רבים... נישט נאָר פאַר ייִדן... — וואַרף איך אַריין.

דער שניידערל לאָזט זיך אָבער נישט:

— אַ גליק האָט אונדז געטראָפן. איר מיינט, אַז בציבור איז גרינגער צו הונגערן? נאָר יום־כּפּור איז גרינג צו פאַסטן בציבור... אָבער כסדר תעניתים? איך שווייג.

— און ביי אייך אין פּוילן? — פרעגט ער מיך און ענטפערט אַליין. — איר ווייסט אַוודאי נישט פון אַזאַ געמאַטערט לעבן...

— ביי אונדז איז דאָך אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד...

יענער צינדט זיך ממש אָן:

— און אַז ביי אונדז איז אַ קאָמוניסטיש לאַנד, איז אדרבה, דאַרף דאָך דעם אַרבעטער זיין ווויל ווי די וועלט... טאָ פאַרוואָס איז אים אַזוי פינצטער און ביטער?...

די דאַזיקע שמועסן מיינע מיטן „מינסקער שניידערל״ האָבן זיך אַזוי איי־בערגעחזרט עטלעכע טעג, ווען כ׳פלעג אַריינקומען צו אים פּאַסן דעם מאַנטל. יענער האָט געהאַט אַ גוטע געלעגנהייט זיך אויסצוטענהן מיט אַ מענטשן פון דאָרטן... און איך ווידער האָב געהאַט אַ געלעגנהייט אויסצוהערן — שוין צום וויפלטן מאָל! — די ביטערניש פון אַ מענטש פון דאָנען...

## 68

## אַ בינטל „בלימלעך״...

אַ בינטל „בלימלעך״ פון אונדזערע פּוילישע...

„בלימלעך״, וואָס קיין גוטן אַראָמאַט האָבן זיי נאָך זיך נישט איבערגעלאָזט... צוערשט די מעשה מכוח אַן אַרעסט:

געווען אין אונדזער „פּאָלאָניאַ ראַדזיעצקאַ״ צוויי ברידער. צוויי ייִדישע נישט יונגע בחורים פון לאָדזש. מ׳האָט זיי גערופן „די ברידערלעך״, הגם ביידע זענען געווען פון נישקשהדיקן הויכן וווקס. ביידע זענען געווען אויסטויגערס. זיי האָבן דאָ די גאַנצע צייט געאַרבעט ביי פאַרשיידענע „סטראַיקעס״ — ביי שטאַלן, שפּייכלערס וכדומה — לויט אַ „דאָגאָוואָר״ (אָפּמאַך). פאַר אויספירן אַ געוויסע בוי־אַרבעט האָט מען זיי געצאָלט אין נאַטור — מיט ווייץ. כך וכך זעקלעך ווייץ פאַר אויסענדיקן אַ געביידע. אמת, זיי האָבן דערביי שטאַרק, גאָר שטאַרק גע־מוטשעט האָרעווען: ביים מאַכן דעם „סאַמאַן״ (נישט־געברענטע ציגל) און נאָכדעם ביים בויען גופא. עס האָט דערביי געאַרבעט אַ גאַנצע גרופּע פּוילישע. זיי האָבן אויסגעפירט אַרבעטן אין שטאָט גופא און אויך אין קאָלכאָזן.

לעצטנס איז איינער פון די ברידער געפאָרן אין אַ נאָענטן קאָלכאָז זיך אויסרעכענען פאַר אַן אַרבעט און אָפּנעמען דעם פאַרדינטן ווייץ. אַז ער איז צוריק־געפאָרן שוין מיט זיין לוין — אַ וואָגן מיט אָנגעפּילטע זעק — איז אים אין וועג צופעליק אַנטקעגן געקומען אַ מיליציאָנער אויף אַ פערד. דער מיליציאָנער זעט אַ „גרינעם״ — אין גרינעם אוניפאָרם פון די „ז.פ.פ.״־צוטיילונגען — האָט ער אים גענומען קאָנטראָלירן. לויט דער „ספּראַווקע״ פון קאָלכאָז דאַרפן אין וואָגן זיין 10 זעק תבואה, אָבער געווען זענען 11.

— פון וואַנען דער 11טער זאַק? — פרעגט דער מיליציאָנער.

דער בחור האָט זיך פאַרלוירן און גענומען שטאַמלען, און דער מילי־ציאָנער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער ענין איז נישט קיין כשרער...

— פאָר מיט מיר!

דער מיליציאָנער האָט דעם וואָגן צוגעפירט אין מיליק. די זעק וויץ זענען דערוויילט קאָנפיסקירט געוואָרן און דער בחור איז אַריינגעזעצט געוואָרן הינטער די קראַטעס. מ׳האָט גענומען „אויפן צימבל״ אויך דעם „זאַווכאָז״ פון קאָלכאָז: צי איז יענער אויך נישט קיין שותף צום 11טן זעקל? דער לאָדזשער בחור איז אָפּגעזעסן עטלעכע וואָכן. פאַר דער צייט האָט דער ברודער זיינער, וואָס איז געווען אויף דער פריי, „איינגעלייגט וועלטן״, געלאָפן צום פּראָקוראָר, צו דער ריכטערין און לסוף אים טאַקע אַרויסגעצויגן פון אַרעסט: די באַפרייאונג האָט געקאָסט צוויי זעק מעל... ווייל אויך אַ ריכטער און אַ פּראָקוראָר דאַרפן דאָך לעבן... וואָרום ווי זשע אַנדערש קאָנען זיי זיך אַן עצה געבן? אַליין גנבענען וועלן זיי דאָך נישט גיין. גיט מען זיך „אַן עצה״ דערפון, וואָס אַנדערע גנבענען.

אַ דאַנק דער באַפרייאונג פון לאָדזשער בחור האָט אויך געניאָסן דער „זאַוו־כאָז״: מ׳האָט דאָך „פאַרריבן״ דעם גאַנצן ענין. ווען מען מאַכט די „דיעלאָ״ בלויז קעגן איינעם אַליין, וואָלט דאָך יענער געקאָנט פאַרקאָכן אַ מיאוסע קאַשע. ווייל אין דער אמתן איז דאָך די גנבה געווען אַ בשותפותדיקע. דער „זאַווכאָז״ האָט דאָך געזאָלט באַקומען אַ העלפט הכנסה פונעם 11טן זעקל. איז ער דאָך אַ גלייכער שותף צו דער גנבה פון „מלוכהשן ברויט״.

דער זעלבער בחור האָט געוווינט ביי אַ רוסישער „כאַזייקאַ״ — ווי מאַן און ווייב. אַזוי ווי מיין „זעמליאַק״ ר. בשעתו. זי איז זיכער געווען, אַז ער וועט שוין פאַרבלייבן מיט איר און ער וועט קיין פּוילן נישט פאָרן; אַז ער וועט זי נישט פאַרלאָזן. בעת ער איז געווען אַרעסטירט, איז זי אומגעלאָפן צוזאַמען מיטן ברו־דער זיינעם און „אָנגעשפּאַרט ווו מען דאַרף״, כדי אים צו באַפרייען. די „כאַזייקאַ״ האָט איר „פּאַליאַק״ אָפּגעהיט, געוואַשן אים די וועש, געקאָכט פאַר אים, געבאַקן, געקאָרמעט אים מיט „וואַרעניקעס״ און מיט „פּילמענעס״ (קרעפּלעך). קיין פּראָדוקטן אין שטוב האָט דאָך נישט געפעלט: ער פלעגט דאָך פאַרדינען פון זיין האַרעוואַניע, בחומר ובלבונים, ביי די „סטראָיקעס״. אַז איך פלעג אַמאָל געלעגנהייטלעך אַריינקומען צו אים, פלעגט ער מיך בעטן, איך זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט, אַז ער האָט גלייך ווי אַלע פּוילישע אָפּטירט און אַז ער וואַרט אויפן פאָרן... שפּעטער, אַז דאָס פאָרן איז געוואָרן נענטער, האָט ער שוין פון איר מער נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן און ער האָט זי גענומען איינריידן, אַז פאָרן מוז ער; אָבער ער וועט איר פון פּוילן זיכער שיקן פּאַפּירן און זי צונעמען צו זיך.

מיך האָט שאָקירט זיין האַנדלונג, פּונקט ווי עס האָט מיך שאָקירט די האַנד־לונג פון מיין גראָדנער „זעמליאַק״ לגבי זיין „כאַזייקאַ״־ווייב. איך האָב דערין געזען מיאוסן עגאָיזם, פאַרדאָרבנקייט: צוליב אייגענע באַקוועמלעכקייטן ברענגט

מען פּיין גוטמוטיקע, פּרימיטיווע, לייכטגלויבעוודיקע, רוסישע פּרויען. אַזעלכע פֿאַלן מיט אונדזערע פּוילישע זענען געווען, צו אונדזער חרפּה, נישט קיין איינצלנע...

און אַז עס רעדט זיך שוין וועגן רוסישע ווייבער, איז כדאַי אויך צו פֿאַר־צייכענען נאָך אַזאַ „בלימל":

אין דעם זעלבן פּעריאָד באַקום איך אַ פּאָר בריוו פֿון ארץ־ישׂראל — פֿון מיין אַמאָליקן „מאָמענט"־קאָלעגע און גוטן פֿריינט י. ה. — ער בעט מיך איך זאָל זיך פֿאַראינטערעסירן מיט זיין זון, — (גראָד אַ קאָלעגע פֿון מיין זון) — און אָנהאַלטן מיט אים קאָנטאַקט. איך האָב עס שוין סיי־ווי־סיי נאָך פֿריִער געטאָן. ער האָט אויך דורכגעמאַכט דעם לאַגער און איצט וווינט ער נישט ווייט פֿון מיר — אין אוראַלסק, דאָרט, וווּ אברהם מאָרעווסקי געפֿינט זיך.

אויף מיין אָנפֿראַגע ווי עס האַלט ביי זיי אין אוראַלסק מיט דער רעפּאַטריאַ־ציע האָט מיר דער בחור געענטפֿערט, אַז ער איז אין גרויס פֿאַרלעגנהייט און ער ווייס נישט וואָס צו טאָן. ערשטנס, איז אין פּוילן איצט נישט אַזוי זיכער פֿאַר יידן צוליב די אַנטיסעמיטישע באַנדעס, און, צווייטנס... און דאָ קומט דער עיקר: ער האָט זיך דאָרט פֿאַרליבט אין אַ מיידל, אַ רוסיש מיידל... און ער פֿרעגט מיך וואָס צו טאָן. כ'האָב אים תיכף געשריבן אין אַ קאַטעגאָרישן טאָן, אַז ער זאָל בשום אופֿן נישט טראַכטן וועגן בלייבן אין רוסלאַנד. אויב אַפֿילו זיינע באַציִונגען מיטן מיידל זענען פֿון ערנסטן כאַראַקטער, קאָן ער זיך פֿאַרשרייבן מיט איר אין „זאַגס" און פֿאָרן מיט איר צוזאַמען ווי מאַן און ווייב. און דאָס וועט זיין אַ קלענערער קלאַפּ פֿאַר זיינע עלטערן ווי זיין בלייבן אין רוסלאַנד.

וואָס ער האָט געטאָן? זיין זייער לייכטזיניקע האַנדלונג לגבי דעם מיידל האָט שפּעטער פֿאַרמערט די צאָל „בלימלעך", פֿאַר וועלכע מען דאַרף זיך שעמען. דער פֿינאַל פֿון „ראָמאַן" האָט זיך שפּעטער אָפּגעשפּילט אין פּוילן...

ווי אַן ערלעכער מענטש און דזשענטלמען האָט געהאַנדלט שפּיגעל, דער זעלנער פֿון דער פּוילישער אַרמיי: צוליב דעם וואָס זיין פֿרוי האָט בשום אופֿן נישט געוואָלט פֿאַרלאָזן איר איינציקע איינזאַמע שוועסטער, האָט ער באַשלאָסן לחלוטין נישט צו אָפּטירן און איז געבליבן דאָ מיט זיין נייער פֿאַמיליע.

צווישן די נישט אָפּטירטע האָט זיך אויך געפֿונען דער פֿריזירער גוטמאַן, אַ פּליט פֿון ראָוונע. ער האָט עס געטאָן צוליב דער עקשנות פֿון זיין איינציק טעכטערל, וועלכע וויל זיך בשום אופֿן נישט שיידן מיט אירע שול־חברטעס. און אפֿשר האָט אים געשטערט דערין אויך זיין תמיד קרענקלעכער צושטאַנד און ער האָט נישט געהאַט מער קיין מוט און קיין כוח צו לאָזן זיך אין וואַנדער.

— כ'האָב שטאַרק מורא פֿאַר די פּוילישע כוליגאַנעס... — זאָגט ער מיר,

ווי זיך צו פֿאַרענטפֿערן. — פֿאַרפֿאַלן, שפּעטער אַביסל וועל איך איבערפֿאָרן אין מיין ראַוונע.

ער האָט אַזוי גערעדט וועגן זיין ראַוונע, גלייך ווי ראַוונע וואָלט נאָך געווען אַ שטאָט מיט ייִדן.

— ראַוונע? — זאָג איך אים — איר ווייסט דען נישט, אַז ראַוונע איז איצט אַ ייִדישער בית־עולם? אין ראַוונע וועט איר געפֿינען נאָר אוקראַינער, נאָך גרע־סערע כוליגאַנעס ווי די פּאָליאַקן. און דער איצטיקער פּאָגראָם אין קיִעוו? איר פֿאַרגעסט? נישקשה, זיי קאָנען גוט די „מלאכה״, די אוקראַינער.

איז ער אַזוי געבליבן, דער פּריזירער, ווייטער צו שערן און ראַזירן די „פּראָ־מינענטע״ מאָרדעס פֿון „נ.ק.וו.ד.״ און פֿון צייט צו צייט פּלעגט ער, ווי תמיד, זיך אַראָפּכאַפּן אין אַ קאָלכאָז, כדי אָפּצושערן די קאָלכאָזניקעס און ברענגען פֿון דאָרט אַ ביסל פּראָדוקטן אין קיביטקע אַריין.

מיט ייִדישער „קולטור״ איז גוטמאַן שוין אויך באַזאָרגט זינט חדשים:

פֿריִער פֿלעג איך באַקומען אויף דער פּאָסט, אין „סאָיוז־פּעטשאַט׳ ״, די „איי־ניקייט״ (אַ דאַנק אַ ביסל כיבוד פֿון אַ פּעקל...). שפּעטער האָט גוטמאַן פֿון מיר „אויסגעקאָנקורירט״ די צייטונג: ער האָט אומזיסט אָפּגעשווירן די שיקסע פֿון „סאָיוז־פּעטשאַט׳ ״, האָט זי אים אָפּגעדינט מיט דער „איינקייט״, און מיר האָט זי געזאָגט אַ תירוץ, אַז די צייטונג קומט שוין מער נישט אָן. זי האָט נישט גע־ווּוּסט, די נאַרישע שיקסע, אַז פֿריִער פֿלעג איך גוטמאַנען שטענדיק אויסבאָרגן די צייטונג צום לייענען און איצטער איז פֿאַרקערט — ער באָרגט מיר אויס...

און אַז מיין באַקאַנטע פֿאַרמאַצעווטקע, וועלכע פֿלעגט מיר די לעצטע צייט שוין צו אָפֿט פֿאַרבעטן אויף אָוונט־ברויט, האָט מיר איינמאָל געעצהט:

— בלייבט דאָ, אַבראַם יאַקאָוולעוויטש; נאָך וואָס זאָלט איר פֿאָרן צו די פּוילישע כוליגאַנעס?... האָט דאָ חתונה און גאָר... —

האָב איך איר געענטפֿערט:

— איך וויל נישט באַגיין קיין זעלבסטמאָרד...

האָט זי שוין מער נישט אָפּאָנירט. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אַז נישטאָ שוין אַזעלכע אַרגומענטן, מיט וועלכע זי קאָן מיך איבערצייגן — אַפֿילו מיטן פֿאַרלייגן מיר אָפּן זיך אַליין, איר האַרץ... היינט צו וואָס זיך נאָך לעכערלעך מאַכן?... האָט זי שוין געשוויגן.

זי אַליין האָט דאַן אַרויפֿגעפֿירט דעם שמועס אויף אַן אַנדער טעמע:

— ק׳סטאַטי... אייער פּוילישן גרינעם קאָסטיום נעמט איר מיט אין וועג?

— אַנטקעגן וואָס פֿרעגט איר עס?

— אויב איר ווילט אים פאַרקויפן, בין איך אַ בעלנטע. ער איז אַ וואַרעמער און גוט אין די היגע קעלטן.

— וואָס וועט איר טאָן מיט אים? עס איז דאָך אַ מענערישער קאָסטיום.

— ניטשעווא, די בלוזע קאָן מען טראָגן אַזוי ווי זי איז און פון די הויזן

— זיי זענען זייער ברייטע — וועל איך אויסקאָמבינירן אַ יובקע...

— פּאַזשאַלויסטאַ, מיטן שענסטן פאַרגעניגן...

און כ׳האָב דער פאַרמאַצעווטקע איבערגעלאָזט דעם גרינעם מיליטערישן קאָסטיום. זאָל זי „לעבן אַ טאָג״, די זייער נעבעכדיק־אָנגעטאָענע פאַרמאַצעווט־קע. און איך האָב זיך געקויפט אַ ציווילן ספּאָרט־אָנצוג — אַ „מציאה״ ביי אַ מיליטערישן עשאַלאָן פון דייטשלאַנד.

**
*

אַזוי פיל שניי, אַזעלכע ווילדע בוראַנעס אין אונדזער לעצטן ווינטער אויף דער רוסישער ערד. אָבער אונדזערע פּוילישע האָבן זיך געוואַרעמט אינעם „ריי־זע־פיבער״ מיט די כסדרדיקע קאָנקרעטע בשורות פון „ז.פ.פ.״ אין טשקאַלאָוו, אַז שוין גאָר, גאָר אין גיכן פאָרט מען... אַז די געמישטע סאָוועטיש־פּוילישע קאָמיסיע ענדיקט שוין אויס איר אַרבעט; אַז דער טאָג איז שוין נאָנט...

געווען אויך ביי אונדז אין ראַיאָן אַן עקסטראַ דעלעגאַט פון טשקאַלאָוו, אַ פּאָליאַק. ער איז געקומען מיט אינסטרוקציעס, מיט אָנווייזונגען ווי אַזוי צו אָרגאַ־ניזירן דאָס פאָרן. מ׳האָט גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אַלע פּוילישע. דער דעלעגאַט האָט געהאַלטן אַ הייסע רעדע און דערהיצט דעם עולם מיט שיינע פראַזן וועגן דער „אָיטשיזנאַ״ (פאָטערלאַנד), וואָס וואַרט אויף אונדז... די דאָזיקע רעדע איז נאָכדעם פאַרגאָסן געוואָרן מיט „מאָסקאָווסקאַיאַ״, וואָס מ׳האָט געשאַפן ביי דער סטאַנציע. אויך ביים טרינקען האָט זיך אויסגעצייכנט דער דעלעגאַט פון טשקאַ־לאָוו, דער פּאָליאַק. ער האָט געטרונקען פאַר דריי... געטרונקען פאַר דריי און געריעדט פאַר צען...

איך האָב געהערט די רייד פונעם פּאָליאַק און בעת־מעשה געטראַכט: „יאָ, די פּאָליאַקן קאָנען זיך טאַקע פרייען מיט דער פולער פרייד... זיי קאָנען טרינקען און שיכורן... זיי פאָרן צו זייערע שטעט, צו זייערע דערפער, צו זייערע היימען... דער עיקר — צו זייערע פאַמיליעס... אָבער מיר? מיר יידן?... וואָס קאָן שוין אונדז די „אָיטשיזנאַ״ איצטער געבן?... אויף אונדז וואַרטן דאָך נאָר חורבות, מאַסן־קברים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**
*

מיט „רייזע־פיבער" זענען אויך אָנגעפילט די לעצטע בריוו צו מיר פון קאָלעגן־שרייבער: אַלע גאַרן שוין די מינוט, ווען מ'וועט זיך לאָזן אין וועג אַריין.

שרייבט מיר א. צפנת פון פערגאַנאַ:

„... פאַרפאַלן, מען מוז געדולדיק וואַרטן נאָך אַ פּאָר חדשים און דעמאָלט וועלן מיר זיך אַלע, די שארית הפליטה, האָפנטלעך צונויפטרעפן מיט העפטמאַ־נען *) און, אויסגעלייטערטע דורך די קריג־איבערלעבענישן, אָנהייבן אַ ניי, פּראָ־דוקטיוו, שעפעריש לעבן — אַ לעבן אַ פיל קליגערן, ווי דאָס לעבן אונדזערס אין פאַרמלחמהדיקן וואַרשע... וויפל קליינלעכע קנאה־שנאה! ווי פרעמד מיר זענען עס געווען איינע די צווייטע! ערשט דער מוראדיקער קאַטאַקליזם האָט אונדז אויס־געלערנט איינער דעם צווייטן צו פאַרשטיין, שעצן און ליבן. הלוואי אויף לאַנגע יאָר!"

עס רעדט מיר איצט צום האַרצן צפנתעס רמז וועגן ארץ־ישראל. דאַכט זיך, איצט איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג פאַר ייִדן, ווי נאָר — זיך אָפּשליסן באַ־זונדער, אַנטלויפן פון דער גוייִשער וועלט, וואָס האָט אַזוי אַכזריותדיק געהאַנדלט לגבי אונדזער פאָלק! דהיינו די שלעכטע גויים! מוחל אויך די „גוטע" גויים! די שלעכטע גויים האָבן אונדז געשאָכטן און די „גוטע" גויים האָבן זיך שווייגנדיק, טייל נאָך מיט שאָדנפרייד, צוגעקוקט צו אונדזער עקידה — — — — — — — — — —

אַנטלויפן, אָפּגרענעצן זיך פון זיי אַלעמען — פון די רשעים און פון די „צדיקים" — — —

און אַ צווייטער בריוו פון דוד ספארד, פון מאָסקווע:

„ס'איז באמת אויסטערליש די געשיכטע פון אייער אויסקלייבן זיך קיין מאָסקווע. מיר האָבן זיך שוין געריכט אויף אייך וויפל מאָל און שטענדיק לאָזט זיך אויס, אַז עפּעס אַ סיבה האַלט אייך אָפּ". — „פאַרשטייט זיך, אַז ביי דער ער־שטער מעגלעכקייט וועלן מיר זיך ווידער באַמזען אייך אַרויסצונעמען". — „אין לאַנד, דאַכט זיך, הויבט זיך אָן שפּינען אַ שטיקל ייִדיש לעבן, כאָטש גאָר פריי־לעך איז דאָרט נישט. מיר האָפן, אַז ווען מיר וועלן אַלע זיין, וועלן מיר מיט געמיינזאַמע כוחות עפּעס וואָס אויפטאָן. פינקעלשטיין איז שוין אַוועקגעפאָרן מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק. מאַרק פאָרט די טעג אָפּ. די איבעריקע שרייבער וואַרטן אויף דער אַלגעמיינער ריי".

דוד ספארדס בריוו האָט מיך נישט געקאָנט דערמוטיקן. דאָס „שטיקעלע ייִדישע לעבן", וואָס אין פוילן הויבט זיך אָן צו שפּינען, קאָן נישט אָנצינדן...

---

*) אַ רמז אויף ארץ־ישראל, ווו יוסף העפטמאַן וווינט.

„שוחט, קוילעט מיר די גענדז״... מיט וועמען בויען, שאַפן? אַז פּוילן איז גע־בליבן אַ לאַנד אָן ייִדן... סיידן מיט די שאָטנס פון אונדזערע קדושים? — — — —

ניין, עס רעדט צו מיין האַרץ מער צפנתעס בריוול. פּוילן, זעט אויס, קאָן פאַר אונדז איצטער זיין נאָר אַן עטאַפּ... נאָר אַ טראַנזיט־פּונקט, כדי צו פאָרן ווייטער... און אָט צו דעם דאָזיקן „טראַנזיט־פּונקט״ רייסן זיך עס איצט און עס צאַפּלען די הערצער פון אַלע פּוילישע ייִדן אינעם סאָוועטישן גלות...

## 69

## דער געגאַרטער טאָג

נאָך אין דער ערשטער העלפט מערץ האָט מען שוין געוווּסט גענוי די דאַטע ווען מיר פאָרן — דעם 23סטן מערץ! דעם 23סטן מערץ וועלן מיר באַקומען עקסטראַ וואַגאָנעס. מיר פאָרן דירעקט פון סטאַנציע אַק־בולאַק.

די מיליץ האָט צוויסן געגעבן אַלע פּוילישע אין שטאָט און אין די קאָלכאָזן פון גאַנצן ראַיאָן. מיט עטלעכע טעג פריִער קאָנען זיך שוין אַלע פּוילישע מעלדן אין דער מיליץ נאָך די נויטיקע דאָקומענטן.

אַ פריידיקע אויפרעגונג ביי אַלעמען. יעדער באַזונדער גרייט זיך. ווער ס׳ליקווידירט, פאַרקויפט איבעריקן „באַראַכלאָ״; ווער עס איז ביי אַ פּאָר רובל, קויפט זיך איין דאָס נויטיקסטע אין לאַנגן וועג.

די „ז.פּ.פּ.״ האָט אין די לעצטע טעג באַזאָרגט אַלע פּוילישע מיט אַן עקסטראַ צוטיילונג: פאַרשיידענע קאָנסערוון און וואַרעמע וועש. ס׳איז נאָך קאַלט. אַק־בולאַק ליגט נאָך אין די אָרעמס פון שניי און פראָסט.

איך האָב באַקומען אַ סוועטער. היות ווי כ׳האָב געהאַט אַן אַנדער סוועטער, האָב איך דעם באַקומענעם אַוועקגעשענקט מיין „כאַזייקאַ״, ליזאַן — ווי אַ לעצט־געלט. ליזאַ האָט זיך עס גאָר נישט געקאָנט גלויבן...

— איר גיט מיר אָפּ דעם סוועטער? אַ נייעם, שיינעם סוועטער?...

— יאָ, יאָ, ליזאַ. טראָגט אים געזונטערהייט! איך האָב דאָך אַן אַנדערן.

— באָלשאָיע וואַם ספּאַסיבאָ, אַבראַם יאַקאָוולעוויטש! גאָט זאָל געבן איר זאָלט טרעפן געזונט אייער פאַמיליע...

— צום באַדויערן, ליזאַ... איר ווייסט דאָך, כ׳האָב אַלעמען פאַרלוירן...

— פּראָקליאַטי גערמאַן! (דער פאַרשאָלטענער דייטש!).

פאַרן אַוועקפאָרן האָט אונדזער ראַיאָן־אַקטיוו פון „ז.פּ.פּ.״ באַקומען אין

מאַגאַזין פון „ראַפּישטשעפּראַמטאָרג" אַ שוין פון לאַנג צוגעזאָגטן „ליטערני פּאַיאָק *). מ'האָט אונדזערע עטלעכע מענטשן אַרויסגעגעבן פּראָדוקטן אויף די שפּייז־קאַרטעס — צום ערשטן און צום לעצטן מאָל... מיר האָבן באַקומען פאַר אַ געוויסע צאָל חדשים פעטס, צוקער, פלייש. פעטס — צו פלאַש אייל יעדערן; צוקער איז נישט געווען — האָט מען אָנשטאָט צוקער געגעבן „פּריאַניקעס" — אַזלעכע האַרטע קליינע זיסע קיכעלעך, וואָס מיט די צייַן האָט מען זיי בשום אופן נישט געקאָנט איינבייסן. מ'האָט געמוזט האָבן צו זיי כאָטש אַ האַק־מעסער... פלייש האָבן מיר יאָ געקריגן אין נאַטור. יונג שאָפּן־פלייש. אַ היפּשע פּאָרציע אויף יעדערנס חלק. מיר איז אויסגעפאַלן אַ האַלב שעפּעלע פון אַ 5 קילאָ לערך. כ'האָב עס געבראַכט אין שטוב און איבערגעגעבן ליזאַן, זי זאָל עס אויסבראָטן פאַר אַלעמען אין שטוב און פאַר מיר איבערלאָזן אַ טייל אויף מיטצונעמען אין וועג אַריין.

ליזאַ האָט פאַר מיר אויסגעבאַקן פון מיין לעצטן ביסל מעל היימיש ברויט — און מיין אָרעמער באַגאַזש איז שוין פאַרטיק געווען.

אין מיין הילצערנעם קעסטל, וואָס באַגלייט מיר נאָך פון גוזאַר, ליגן שוין איינגעפּאַקט מיינע אַלע מטלטלים: עטלעכע פּאָר וועש און אַפילו איין פיינע זיידענע אויבער־העמד — אַ געקויפטע „מציאה" ביי אַ רויטאַרמייער פון עשאַלאָן. אַ „טראָפּיי" פון דייטשלאַנד. איך האָב מיר אויך איינגעהאַנדלט אַ וועליסאָפּעד־היטל, כדי נישט אַריינצופּאָרן קיין פוילן אין מיין ווינטערדיקן קאַרטוז מיט די „נאַאושניקעס".

פון די לעצטע בריוו פון מאָסקווע ווייס איך שוין אויך, אַז אין לאָדזש איז שוין אָרגאַניזירט אַ יִדישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַריין פון דער קליי־נער שרייבערישער שארית־הפליטה. האָב איך, הייסט עס, אויך אַן אַדרעס. אַהין טאַקע וועל איך פאַרפאָרן.

אין מיין קעסטל ליגט אויך מיין וויכטיקסטער באַגאַזש — מיין פּעקל לידער, געשריבענע דער עיקר אין אַק־בולאַקער פּעריאָד. צווישן די לידער — מיין קליינטשיק נאָטיץ־ביכעלע, וואָס איך האָב נאָך פון לאַגער. דאָס נאָטיץ־ביכעלע פון אַלע מיינע פּלאָגן און פיינען... איך היט עס ווי אַן אויג אין קאָפּ. כ'האָב דאָס פּיטשיפּקע ביכעלע אַריינגעטאָן צווישן מיינע פּאַפּירן און בריוו — אַזוי אַז מיר אַליין וועט נאָכדעם נישט זיין אַזוי לייכט עס צו געפינען. די אַלע כתב־ידן און בריוו האָב איך אויסגעמישט אינאיינעם און צוגעלייגט צו זיי — ווי אַ „קמיע"... — עטלעכע נומערן פון זשורנאַל „באָלשעוויק"...

---

*) אַ מין עקסטראַ שפּייז־צוטיילונג.

צווישן די לידער — על פי רוב חורבן־מאָטיוון — איז אָבער אויך געווען אַ ציקל „טריפּהנע" לידער פון לאַגער... די דאָזיקע לידער האָב איך געמוזט מאַסקירן מיט אַ פילאָסאָפיק. כ'האָב דעם ציקל אַ נאָמען געגעבן: „אין אַ דייטשישן קאָנצענטראַציע־לאַגער"... דערביי האָב איך אויך אין טעקסט גופא געענדערט געוויסע צו קענטיקע ווערטער. אַז איך וועל שוין זיין אויף יענער זייט, וועל איך דאָך קאָנען אַלץ צוריקשטעלן.

אין טשקאַלאָוו בין איך נאָך פריִער געוואָר געוואָרן, אַז שריפטן מוזן פאַר דער גרענעץ צענזורירט ווערן. האָב איך פון טייל לידער געמאַכט קאָפּיעס און איבערגעשיקט דורכן פאָרזיצער פון טשקאַלאָווער „ז.פּ.פּ." צו קאָלעגן־שרייבער קיין מאָסקווע, אַז זיי זאָלן עס דורכפירן דורך דער גרענעץ, ד"ה, אַז איך האָב זיך אַסעקורירט אין צווייען. די אַלע מיינע מאַנוסקריפּטן האָב איך אַריינגענומען אין אַ הילע, אויף וועלכער איך האָב אָנגעשריבן אַ טיטל אין יידיש און אין רוסיש: „דער מאַרש פון תלינים" („מאַרש פּאַלאַטשעי"). מער באַוואָרענען האָב איך שוין נישט געקאָנט. און זאָל דער רבונו של עולם העלפן...

*****

שוין, איך האָב שוין אין טאַש מיין רעפּאַטריאַציע־דאָקומענט: אַ שמאָל, לאַנג פּאַפּירל, אויסגעפּאַרטיקט פון דער געמישטער פּויליש־סאָוועטישער קאָמיסיע, געשריבן אין פּויליש. יעדער איינער האָט באַקומען דאָס דאָזיקע פּאַפּירל פּערזענלעך פון מיליץ־נאַטשאַלניק, וואָס האָט עס אָפּגעריסן פון אַ ברייטערן בלאַנק, געשריבן אין רוסיש. דער נאַטשאַלניק האָט דערביי שטרענג קאָנטראָלירט איטלעכס דאָקומענט, דעם בעל־דבר פון דאָקומענט, כדי צווישן די פּוילישע זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן אַמאָל אויך אַ סאָוועטישער בירגער.

און דער געוואַרטער טאָג איז געקומען...

דער 23סטער מערץ 1946.

אַ ביסל אָפּגערוקט פון דער סטאַנציע, זענען שוין פון נעכטן אָן געשטאַנען גרייט די וואַגאָנעס. „טיעפּליושקעס" פאַר אַלע פּוילישע פון גאַנצן ראַיאָן.

מ'האָט זיך געאיילט צו פאַרנעמען ערטער אויף די נאַרעס. יעדער האָט מיט זיך געבראַכט זיין ביסל אָרעמקייט. ווער אויפן אַקסל אין אַ זעקל, ווער אויף אַ שליטעלע. ווער אַליין, ווער מיט פאַמיליעס. איינער אַ ייד, אַ בעל־הגופישער פאַרשוין מיט אַ ווייב און רויט־פּנימדיקן בחור, האָט אַפילו אַריינגעשלעפּט אין וואַגאָן אַ זעקל ווייץ — זיינע „טרודאָדני" פון קאָלכאָז...

— וואָס טויג אייך, ר' ייִד, דער זאַק ווייץ? — פרעג איך אים.

— צום עסן... — ענטפערט דער ייִד.

— איר פאָרט דאָך נישט קיין רוסלאַנד, נאָר פון רוסלאַנד...

— מ׳קאָן נישט וויסן...

מיך האָט אַרויסבאַגלייט מיין „כאַזייקאַ״ ליזאַ. אויף אַ היימישן האַנט־שליטעלע האָבן מיר ביידע געפירט מיין באַגאַזש: מיין גוזאַרער קעסטל, אַ טאָרבעלע עסנוואַרג מיטן קעסעלע און „קרוזשקע״ (טעפעלע), און פון אויבן מיין געלעגער: שעניק, ליילעך און קאָץ. איך האָב זיך איינגעאָרדנט אויף אַ נאַרע נעבן דער ווישקאָווער פאַמיליע.

כ׳האָב זיך געזעגנט מיט דער גוטמוטיקער ליזאַן. האָב זיך האַרציק צעקושט מיט איר. אירע בלויע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן.

ביי אַלע וואַגאָנעס זענען געשטאַנען באַגלייטערס. אונדזער עולם האָט זיך דאָ צוגעבונדן צו די רוסישע מענטשן. געשאַפן געוואָרן פריינטשאַפט, סענטימענטן. געווען אויך סתם נייגעריקע. „די פּאָליאַקן פאָרן אַוועק״... — האָט מען געהערט אין די רעדלעך. טייל האָבן געקוקט מיט באַהאַלטענער קנאה: זיי ווייסן דאָך, די סאָוועטישע בירגער, אַז מיר פאָרן עס קיין אויסלאַנד, און אין אויסלאַנד זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע שיינע זאַכן... אָט די אַלע זאַכן, וואָס די רויטאַרמייער ברענגען פון דייטשלאַנד אין די עשאַלאָנען, אָדער שיקן אין די פּאָסט־פּעקלעך...

ביי איין וואַגאָן האָב איך אויך געזען די „כאַזייקאַ״ פונעם לאָדזשער בחור. איר פּנים איז שטאַרק פאַרוויינט. זי ווייס אפּנים, אַז זי וועט שוין איר „פּאַסאַזשיר״ צוריק נישט אָנזען...

עס זענען געקומען זיך געזעגענען אויך אונדזערע היימישע צוויי ייִדן, וואָס בלייבן דאָ איבער: שפּיגעל און גוטמאַן. זיי זענען געקומען מיט די פאַמיליעס זייערע. איך האָב געזען זייערע אומעטיקע פּנימער און האָב געפילט זייער צער, זייער באַטריבט געמיט... זיי האָבן גערעדט ווייניק, מיט פאַרקלעמטע הערצער. קוקנדיק אויף אונדז, אויף אונדזערע „טיעפּליושקעס״, האָבן זיי זיכער געהאַט דאָס געפיל, ווי זייער שיף שווימט אָפּ פון ברעג און זיי בלייבן איבער ווי אויף אַ פרעמדן, וויסטן אינדזל אין מיטן ים...

— נישט געדאגהט! — האָב איך זיי געפרוווט טרייסטן ביים געזעגענען זיך, — מ׳קאָן גאָר נישט וויסן... אפשר וועלן אַמאָל אָפּגעווישט ווערן די גרענעצן...

דער טאָג איז גראָד געווען אַ לינדער. איך האָב אַרומגעשפּאַצירט בשכנות פון אונדזערע וואַגאָנעס, פּאַזע דעם אייזנבאַן־פּלאַנט, איבער די אויסגעטראָטענע שניי־סטעזשקעס. איך האָב מיט די בליקן אַרומגעכאַפּט די אויסגעשפּרייטע שטאָט, די נידעריקע קיביטקעס מיט די ווייסע דעכער, וואָס זעען אויס ווי ווייסע מיצן; די ברייטע דאָרפישע גאַסן, וואָס ציִען זיך ווייט אַוועק אין ווייסן אומעט... איך האָב זיך מיט אַלץ געזעגנט אין מחשבה. מיט אַלץ און מיט אַלעמען. מיט די

אַלע מענטשן, וואָס בלייבן דאָ אין טאָג־טעגלעכן שווערן עול; אין די אייביקע זאָרגן, אין געראַנגל מיט דער ביטערער אָרעמקייט...

עס איז צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט. די ווינטערדיקע שקיעה איז געווען אַ רויטלעכע. עס האָט געכאַפּט אַ פראָסט. ווען מ׳וועט אַרויספאָרן וויס מען נאָך נישט געווען. אונדזערע וואַגאָנעס דאַרפן צוגעטשעפּעט ווערן צו עפּעס אַ צוג.

מיר האָבן זיך אַלע פאַרקליבן אין די וואַגאָנעס.

אין מיטן „טיעפּליושקע" איז פאַראַן אַן אייזערנע אויוועלע מיט אַ בלעכע־נער רער דורכן אויבערשטן דעק. חברה האָט שוין פון ערגעץ אָנגעשלעפּט שטיק־לעך האָלץ, אַ היפּש ביסל קוילן פון „שלאַק" און מ׳הייצט שוין. ס׳וועט מסתמא נישט זיין קאַלט אין דער ענגשאַפט. מ׳בעט זיך אויס אויף די נאַרעס. איך צי אויס מיין שענניק, פאַרצי אים מיטן ליילעך און צודעק. עולם נעמט זיך קייען פונעם „צידה לדרך". אויפן אויוועלע שטייט שוין אַ „קאָטיאָלאָק". עמיץ קאָכט שוין אַ „פּשענאָ"...

איך ליג שוין אויף מיין געלעגער. פון איין זייט — די ווישקאָווער, פון דער צווייטער זייט — אַ פרוי מיט אַ קליין קינד, אַ געבוירענס שוין אויף דער רוסישער ערד. דער טאַטע פונעם קינד און דער מאַן פון דער פרוי איז אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי און ער וואַרט שוין ערגעץ אין פּוילן אויף זיי. עס ליגן דאָ־דאָרט אויסגעמישט מענער, פרויען. ווי אויסטערליש וואָלט עס געווען ערגעץ אַנדערש; אָבער דאָ אין די סאָוועטישע באַדינגונגען, אינעם עשאַלאָנען־סיסטעם האָבן זיך מענטשן צוגעוווינט דערצו. פרוי, מאַן — מען זשענירט זיך כמעט נישט איינע פאַר די אַנדערע נישט ביים אויסטאָן זיך, נישט ביים אָנטאָן זיך, נישט ביים ליגן אויף די נאַרעס אין צו נאָענטער שכנהשאַפט... מ׳לייגט נישט קיין אַכט דערויף. מ׳קלערט אַפילו גאָרנישט איבער. ס׳איז דאָ געוואָרן אַלץ נאַטירלעך. איז עס אויך פאַר מיר געווען נאַטירלעך, וואָס פון איין זייט אין מיין שכנות איז דאָס געלעגער פון דעם ווישקאָווערס שוועסטער — דאָס שוואַרץ־האָריקע און שוואַרץ־אויגיקע מיידל, און פון דער אַנדער זייט — דאָס יונגע ווייבל מיטן קינד. למאי נפקא־מינה... איך ציטער נאָר, אַז דאָס קינד זאָל זיך צופיל נישט צורוקן צו מיר ביינאַכט און זאָל מיר עפּעס נישט אָפּטאָן מעשה־קינד...

מיינע שכנים ליגן אין בעטגעוואַנט: זיי, ווי פאַמיליעס, זענען נישט געווען אין קיין לאַגער, ווי איך, נאָר אין אַ „פּאָסיאָלאָק", — האָט מען זיי ביים אַרעסט געגעבן צייט מיטצונעמען אַ ביסל זאַכן און בעטגעוואַנט.

דער פּאָליאַק פון דער קעגנאיבערדיקער נאַרע, דער גראָדנער פּאָליאַק, וואָס זיין ווייב האָט אויסגעזוכט מיין פלימעניקס פרוי אין גראָדנע, לאָכט צו מיר פון דער וויטנס :

— איר ליגט ווי אַ מאַהאַראַדזשאַ...

— איצטער קאָנען מיר זיך פאַרגינען... — ענטפער איך אים. — בעת מ'האָט אונדז ארויסגעפירט פון גראַדנע, איז געווען אַ ביסל ערגער... איר געדענקט?

— אוי, געדענק איך!... מ'איז געלעגן ווי די הינט אויף די האַרטע ברעטער.

און אַנדערע האַלטן אונטער:

— מיט וואָס פאַר אַ האַרץ זענען מיר עס דאַמאָלס געפאָרן צו די „ווייסע בערן"...

— ס'האָט שוין קיינער נישט געגלויבט, אַז מיר וועלן נאָך אָנקוקן די היים...

— ווי דאָס רעדעלע דרייט זיך...

פאַלט אַריין דער ווישקאָווער אין די רייד:

— ייִדן האָבן אויך איצטער נישט מיט וואָס זיך צו פרייען.

די דאָזיקע באַמערקונג האָט די ייִדן אין וואַגאָן אומעטיק געמאַכט. עס האָבן זיך פון דאָ און דאָרט זיפצן געהערט...

עס איז שטיל געוואָרן אין „טיעפּליושקע". אַלע ליגן שוין אויף די נאַרעס. ס'איז שוין גוט פינצטער. ווער עס כראָפּעט שוין, וועמען עס נעמט גאָר נישט קיין שלאָף און רעדט אין דער שטיל מיט זיין שכן.

אין מיטן נאַכט האָט דער וואַגאָן גענומען ציטערן. מ'האָט אונדז שוין צוגעטשעפּעט צו עפּעס אַ צוג. מיר פאָרן שוין לסוף.

אויפן באַגינען האָט זיך צעשפּילט אַ בוראַן. ער האָט געריסן די דינע ווענטלעך פון וואַגאָן. די אייזערנע רער פון אויבן — דער קוימען — האָט געקרעכצט. דורך די טיר־שפּאַרונעס האָט אַריינגעדרונגען דער ווינט. דורכן אויבערשטן וואַגאָן־פענצטערל זע איך ווי די שניי־פליטערלעך טאַנצן אינעם געווירבל.

מיר זענען שטיין געבליבן אויף דער קנופּן־סטאַנציע סאָל־אילעצק. דאָ האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אַ זייער לאַנגער עשאַלאָן מיט די פּוילישע רעפּאַטריאַנטן פון טשקאַלאָוו און פון פאַרשיידענע ראַיאָנען. מ'האָט אַ היפּשע צייט מאַנעווורירט מיט אונדזערע וואַגאָנעס און לסוף צוגעטשעפּעט זיי צום גרויסן עשאַלאָן.

און נאָך אין זעלבן קאַלטן פרימאָרגן האָט זיך אונדזער לאַנגער עשאַלאָן אָוועקגעצויגן אין וויטן וועג אַריין. ער האָט געשניטן די ווייסע ברייטע סטעפּעס פונעם אוראַל. די ריכטונג איז געווען — דורך אוראַלסק צו סאַראַטאָוו, דורך דער קנופּן־סטאַנציע קאַזאַטין צו אוקראַינע, דורך אוקראַינע צו פּוילן. עס האָט אונדז אַרויסבאַגלייט דער אוראַלישער ווינט מיט געוואַי, מיט ווילדן געיאָמער...

טעג און נעכט האָבן גערוישט די רעדער, האָבן זיך געוויגט די וואַגאָנעס

אינעם לאַנגן וועג. און אינעם ריטם פון די רעדער האָבן מענטשן געמאַכט אַ סך־הכל פון די פאַרלוירענע יאָרן אויף דער פרעמדער ערד... אַ סך־הכל פון צרות, פון פּיין, פון נע־ונד... איז עס אַלץ געווען אויף דער וואָר אָדער — אַ בייזער, אַ וויסטער קאָשמאַר? — — —

טעג און נעכט האָט זיך געצויגן דער עשאַלאָן, געמיטן שטעט, געמיטן ישובים — אַלץ ווייטער אויף מערב, אויף מערב... פון הינטן איז געבליבן דאָס גרויסע לאַנד פאַרקאָוועט אין שניי און אין אייז און פאָרויס האָבן מיר זיך דערנענטערט צו אַ נייעם פרילינג.

צו אַ נייעם פרילינג, אָבער אויך — צו חורבות — — —

## 70

## „ריף" און שטיינער...

אויף איינער אַ סטאַנציע מיט אַ סך סימנים פון חורבן — שוין אין אוקראַינע, נאָענט צו דער פּוילישער גרענעץ — איז אונדזער עשאַלאָן שטיין געבליבן, כדי אָנצונעמען וואַסער פאַרן לאָקאָמאָטיוו. פּונקט אַנטקעגן דער סטאַנציע איז געווען אַ באַזאַרל. מענטשן האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון די „טיעפּליושקעס" עפּעס צו קויפן. באַלד דערטראַגט זיך פון דאָרט, אַז מען פאַרקויפט שטיקלעך טואַלעט־זייף. זייער ביליק. אַ רובל אַ שטיקל זייף. לויפט מען נאָך דער „מציאה".

איך נעם אויך אין האַנט אַ שטיקל זייף — גאָט מיינער! דאָס איז עס טאַקע, וועגן וואָס איך האָב געלייענט אין די צייטונגען: „ריף"!...

די זייף מיט דער דייטשישער מאַרקע „ר.י.פ." — „ריין יודען־פעטס"...

— ייִדן! ייִדן! נוצט נישט די זייף!!! — צעטראָגט זיך באַלד, ווי אַן אַליאַרם, לענג־אויס איבער אַלע וואַגאָנעס פון אונדזער עשאַלאָן.

דער ערשטער „גרוס" פון ייִדישן אומקום — — — — — — — —

און אַ צווייטן „גרוס" האָבן מיר געהאַט שפּעטער מיט טעג, אין די ערשטע צעזוניקטע אַפּריל־טעג, ווען מיר זענען שוין געפאָרן אויף דער פּוילישער ערד. אַ „קבלת־פּנים" פון אונדזערע „ראָדאַקעס", די פּוילישע מיטבירגער: אויף איינער אַ סטאַנציע האָט זיך אויף אונדזערע ייִדישע וואַגאָנעס אַ שאָט געטאָן אַ האָגל שטיינער...

דער ערשטער „ברוך הבא" און דער ערשטער אָנזאָג, אַז די דאָזיקע ערד קאָן שוין צוריק נישט ווערן אונדזער היים — — —

בוענאָס איירעס, 1955—1954.

# אַ רויִק בוך וועגן אומרויִקע טעג

## „אין אומרו פון יאָרן" פון אברהם זאַק, פאַרלאַג „יידבוך"

עס שרייבט אין „פאָרווערטס" צבי כהן וועגן בוך פון א. זאַק:

מיר האָבן שוין איצט אַ גרויסע ליטעראַטור וועגן די טראַגישע איבערלעבונגען פון די ייִדן אין פוילן אין יענע טרויעריקע טעג, פון אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ביז נאָך דעם אויפשטאַנד פון דער געטאָ. מיר האָבן ווערק פון רעפּאָרטאַזש, ביכער פון לידער, דערציילונגען און ראָמאַנען און אַפילו דראַמען. די אַלע ווערק בילדן שוין איצט אַ היפּשע ליטעראַטור. אָבער דער טאָן פון כמעט אַלע ווערק, וואָס שרייבן וועגן דעם „דריטן חורבן" (ווי די געשעענישן ווערן שוין מיט רעכט אָנגערופן), איז אַ שטורמישער, אַ רייסנדיקער, אַ נערוועזער, ווייל ער קען, דוכט זיך, גאָר נישט אַנדערש זיין. דאָס בלוט קאָכט אין די אָדערן, ווען נאָר מען רירט זיך צו צו דער טעמע. אָבער צוליב אָט די דאָזיקע הויכע טענער האָט מען ביז איצט כמעט נישט געוווּסט פיל זאַכן, וואָס עס זענען דאָרטן פאָרגעקומען, איבערהויפּט אין סאַמע אָנהייב, און אַזוי אַרום זענען פיל קשיות געבליבן נישט פאַרענטפערט.

אָט דעריבער מאַכט דאָס נייע בוך פון דעם באַוווּסטן דיכטער און נאָוועליסט, אברהם זאַק, „אין אומרו פון יאָרן" * גאָר אַן אַנדער איינדרוק. עס איז אַ בוך וועגן יענע טעג, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן מערקווירדיק רויִק, פון איינעם, וואָס האָט שוין גאָר נישט רויִק עס איבערגעלעבט. אַ דאַנק אָט דער רויִקייט וואָס דער מחבר האָט געפונען אין זיך, ווען ער האָט זיך געזעצט שרייבן זיינע איבערלעבונגען, איז ער געווען אימשטאַנד צו געדענקען פיל פון די איינצלהייטן, וואָס די אַנדערע האָבן פאַרפעלט. ווען מען לייענט אָבער אברהם זאַקס בוך ווערן דעריבער פיל קשיות פאַרענטפערט און נישט פאַרשטענדלעכע זאַכן ווערן קלאָר.

* פרעמירט געוואָרן מיט דער מ. סטאָלאַר־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג" (בועגאָס איירעס).

„אין אומרו פון יאָרן" פון אַברהם זאַק איז אַ קינסטלעריש ווערק צונויפגעשטעלט ווי אַ מאָזאַיִק־אַרבעט דורך שטיקלעך און ברעקלעך, דורך עפּיזאָדן, אינצידענטן, דורך פאַרצייכענונגען, גרויסע און קליינע איבערלעבונגען פון זיך און אַנדערע. עס איז אַ רעפּאָרטאַזש־ראָמאַן פון יענע טעג, געשריבן דורך זאַמלען שטיקלעך און ברעקלעך, וואָס צוזאַמען גיבן זיי דעם לייענער אַ קינסטלעריש בילד. עס איז אַ קינסטלערישער רעפּאָרטאַזש.

אין דעם בוך, וואָס טיילט זיך אויף 3 טיילן („וואַרשע 1939"; „צווישן חורבן און אויפקום"; „פּרילינג און טויט") דערציילט אונדז דער מחבר באַלד אין אָנהייב, אַז עס איז געווען אַן ערבֿ חורבן. עס איז נישט געקומען פּלוצלינג. „די פּוילישע רעזידענץ — הייבט ער אָן — האָט געלעבט אין אַ שטאַרקן פּיבער. ס'איז די לעצטע וואָך פאַרן ערשטן סעפּטעמבער 1939. בייטאָג זעט מען רעדלעך פון מענטשן אויף די גאַסן, עס גייען אַרויס עקסטרא אויסגאַבן פון די צייטונגען יעדע שעה. עס פאַרשפּרייטן זיך אויסטערלישע קלאַנגען. יידן דעבאַטירן צי עס וועט זיין מלחמה צי נישט". אָט דאָס איז אַ באַקאַנט בילד פון די טעג פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַזוי איז עס אויך איצט געווען. עס זענען געווען אַפילו וואָכן פון שרעק. איידער עס איז געקומען יענער טרויעריקער טאָג פון ערשטן סעפּטעמבער. דאָס מאַכט דאָס בילד גאָר אַנדערש. עס מיינט, אַז מען האָט יאָ געקענט אַנטלויפן און זיך ראַטעווען.

אָט דער רויִקער טאָן באַגלייט זאַק אויך ווייטער. אַפילו נאָכן ערשטן סעפּטעמבער איז נאָך וואַרשע און אַפילו די נאַלעווקעס — נאַלעווקעס. צו ראַטעווען זיך איז געווען מעגלעך. אַפילו פּיל, פּיל שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן שוין געהאַט פאַרנומען וואַרשע און פּוילן.

די נאַציס האָבן נישט אַרויסגעוויזן זייערע טענדענצן באַלד אין אָנהייב, זאָגט אונדז זאַק, עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט. זיי האָבן עס געטאָן ביסלעכווייז און איינציקווייז און קיינמאָל נישט אויפגעדעקט זייערע קאָרטן. עס איז אויך אמת, אַז אָט דאָס האָט געמאַכט שווערער נאָך דאָס ראַטעווען זיך, ווייל מענטשן האָבן נישט געוואָלט אַוועקגיין פון זייערע וווינונגען און באַקוועמע געלעגערס און ווערן „בעזשענצעס". דער מחבר אַליין איז ערשט אַנטלאָפן דעם 11 אָקטאָבער 1939, און ביז דעמאָלט האָט ער נאָך אַלץ שפּעקולירט. אפשר נישט? אפשר נישט אַנטלויפן? אָבער דאָך איז דאָס בילד גאָר אַנדערש.

די דאָזיקע שילדערונגען גייען ביז דער מחבר קומט אַריבער אויף יענער זייט גרענעץ, וווּ די באָלשעוויקעס זענען און ער, ווי פיל אַנדערע האָבן געגלויבט, אַז איצט זענען זיי שוין געראַטעוועט, אַז איצט איז געקומען די „ישועה".

די אַנדערע צוויי טיילן פון בוך באַשטייען פון „צווישן חורבן און אויפקום" און „פּרילינג און טויט".

„צווישן חורבן און אויפקום" באַשטייט

פון רעפּאָרטאַזשן פון דער צייט פון באַלד נאָך דער מלחמה, ווען דער מחבר צוזאַמען מיט אַנדערע שרייבער האָבן זיך אומגעקערט קיין וואַרשע. די אָפּטיילונג נעמט אַרום ביים „אוהל פּרץ", ווו די שרייבער קומען אויף קבר אבות, נאָך זייער צוריקקער. ווען דאָס ייִדישע וואַרשע איז חרוב און נאָר דאָס טויטע איז געבליבן גאַנץ. דאָס לעבעדיקע איז טויט און דאָס „טויטע" לעבט. ער פּאָרט אויך צוזאַמען מיט די שרייבער „אויף קבר אבות קיין מאַידאַנעק" און גיט אונדז איבער אַ בילד, וואָס ער האָט דאָרטן געפונען. עס קומט אויך אַריין אַ „ליטעראַרישע נסיעה" אין די ייִדישע ישובים פון קראָקע און אויבערשלעזיע; דערנאָך אַ באַזוך אין אָשוויענטשים און בירקענאו. ער באַזוכט דערנאָך די ייִדישע ישובים פון נידערשלעזיע מיט ברעסלאו אין דער שפּיץ. שפּעטער, פון פּאַריז, באַזוכט ער מדינת ישראל, ווו דער רעשט פון דער שארית הפליטה האָט זיך געראַטעוועט. עס איז אַ סעריע פון העכסט געלונגענע רעפּאָרטאַזשן וועגן דער נייער ייִדישער מדינה און אירע איינוווינער. צום סוף קומט אַ שילדערונג פון אַ הזכרה נאָך די קדושים אין בוענאָס איירעס.

דער דריטער טייל „פרילינג און טויט" באַשטייט פון דערציילונגען, וועלכע פּאַסן זיך גוט אַהער דורך זייער טעמאַטיק פון „פרילינג און טויט". עס קומען אַריין די פאַלגנדיקע דערציילונגען: „אין שטאַטישן עלנט", „דער שאָטן פון טויט", „איינמאָל אין פרילינג", „דער טויט האָט געשפּאַסט" און „אין דעם לאַנד פון פּיראַמידן". פיינע, סובטעלע דערציילונגען אין זאַקס פיינעם רויקן טאָן.

אין אַלגעמיין — אַ גרויס בוך. אַ בוך וואָס לאָזט איבער אַ שטאַרקן איינדרוק. אַ בוך, וואָס מאַכט צו פאַרטראַכטן זיך. צו דער רייע פון 14 ביכער פון מחבר, פון לידער, פּאָעמען, דערציילונגען און ראָמאַנען איז איצט צוגעקומען אַ 15טער בוך, פון גרויסער באַדייטונג.

## ביכער פון אברהם זאַק:

אַקאָרדן (לידער); גראָדנע, 1918.

„ (צווייטע אויפלאַגע); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1921.

רגעס פון טרוים (טאַנקעס); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע 1919.

צווישן פיר ווענט (לידער); פאַרלאַג מ. י. פרייד, וואַרשע, 1920.

אונטער די פליגל פון טויט (צווייטע אויפלאַגעס); פאַרלאַג „די צייט", וואַרשע, 3־1921.

„ „ „ „ „ (דריטע אויפלאַגע); בנימין הארץ־פאַרלאַג, בערלין־ווין, 1929.

„ „ „ „ „ (רוסישע איבערזעצונג); „גאָסאיזדאַט", מאָסקווע, 1930.

אין שאָטן (נאָוועלן); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1922.

די חורבה און דער פאַלאַץ (קינדער־מעשהלע); פאַרלאַג „אַלט־יונג", וואַרשע.

אַ זומער־חלום (נאָוועלן); פאַרלאַג א. י. שאַפּירא, וואַרשע, 1923.

אונטער הײמישע הימלען (פּיעסע אין 3 אַקטן); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

שטאָט־קאַשמאַרן (לידער); פאַרלאַג ח. בזשאָזאַ, וואַרשע, 1926.

פּאַניע גנב (אַ כראָניק); פאַרלאַג א. גיטלין, וואַרשע, 1929.

די פּרוי פון שטאָט (נאָוועלן); קאָאָפּ „ביכער", וואַרשע, 1931.

מיט אַש אויפן קאָפּ (לידער); פאַרלאַג „דאָס נייע לעבן", לאָדזש, 1947.

יאָרן אין וואַנדער (לידער און פּאָעמען); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", ב.־איירעס,1949.

צווישן שאָטנס (דערציילונגען); פון דער סעריע „ביכער פון יידישן פּען־קלוב", פּאַריז, 1950.

אין אומרו פון יאָרן („וואַרשע 1939" און אַנד׳); פאַרלאַג „יידבוך", בוענאָס־איירעס, 1954.

(פּרעמירט מיט דער סטאַלער־פּרעמיע ביי „די אידישע צייטונג", ב. אַ. 1955).

פון אַלע נע־ונדן (לידער), הויפּטפאַרקויף קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס־איירעס 1955.

קנעכט זענען מיר געווען (צוויי בענד); פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", ב.־איירעס, 1956.

(פּרעמירט מיט דער סוראַוויטש־פּרעמיע פון קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1957).

אויף שליאַכן פון הפקר (צוויי בענד); פאַרלאַג „יידבוך", בוענאָס־איירעס, 1958.

## איבערזעצונגען:

פּאַר שטוב און עסטראַדע (איבערדיכטונגען).

מצירי (פּאָעמע פון מ. יו. לערמאָנטאָוו).

מאָצאַרט און סאַליערי (דראַמאַטישע פּאָעמע פון א. ס. פּושקין).

דער פאָטער (פּיעסע פון א. סטרינדבערג).

די חתנים (פּיעסע פון נ. וו. גאָגאָל).

דאָס רעכט אויף ליבע (פּיעסע פון מאַקס נאָרדוי).

רודין (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו).

די ערשטע ליבע (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו).

קלאַראַ מיליטש (ראָמאַן פון א. ס. טורגעניעוו).

## אין פאַרלאַג „יידבוך“ זענען ביז איצט דערשינען

1) י. ל. פרץ — דריי חסידישע דערציילונגען
2) ח. ש. קאַזדאַן — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור (אויספאַרקויפט)
3) י. י. טרונק — כעלעמער חכמים (אויספאַרקויפט)
4) שלמה סיימאָן — אַמאָליקע יידן (אויספאַרקויפט)
5) פּראָפ. ליבמאַן הערש — אויף דער גרעניץ פון צייטן
6) יצחק פערלאָוו — אין אייגענעם לאַנד
7) י. י. טרונק — דער פרייליכסטער ייד אין דער וועלט (אויספאַרקויפט)
8) ש. סיימאָן — תוך יידישקייט
9) נ. ב. מינקאָוו — זעקס יידישע קריטיקער
10) אברהם זאַק — אין אומרו פון יאָרן
11) יוסף רייך — וואַלד אין פלאַמען
12) מ. וו. בערנשטיין — אין לאַבירינטן פון תקופות (אויספאַרקויפט)
13) לעאָן קאָברין — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע
14) יצחק פערלאָוו — דזשעבעליאַ (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)
15) ברוך ריווקין — ה. לייוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק
16) מלכה לי — דורך קינדערשע אויגן
17) יעקב פאַט — די לערערין אסתר (אויספאַרקויפט)
18) שלמה סיימאָן — וואַרצלען
19) מנחם באָריישאָ — עסייען
20) משה דלוזשנאָווסקי — דערציילונגען און דראַמען
21) לעאָן בערנשטיין — ערשטע שפּראָצונגען (אויספאַרקויפט)
22) משה אייזענבוד — געלעבט הינטער קראַטן
23) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — יידישער אומקום אין פראַנקרייך
24) דוד איגנאַטאָוו — „אָפּגעריסענע בלעטער“
25) חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער) — פאַמפּאַדור
26) נח גאָלדבערג — אויף צעוואָרפענע וועגן
27) י. ה. פישמאַן — פריער און שפּעטער

28) **ל. לאַסאַווין** — אַ חתונה אויפֿן באַרג לבנון

29) **משה דלוזשנאָווסקי** — ווי אַ בוים אין פֿעלד (**ראָמאַן**)

30) **ברוך שעפּנער** — אַ בליק אויף ישׂראל און אויף דער וועלט

31) **פּ. מינץ** (**אַלעקסאַנדער**) — לאָדזש אין מיין זכרון

32־33) **אברהם זאַק** — אויף שליאַכן פֿון הפֿקר

## אין גיכן דערשיינט:

**וויליאַם נאַטאַנזאָן** — פֿילאָסאָפֿישע עסייען

**סטעפֿאַן צווייג** — די וועלט פֿון נעכטן (**ספּעציעל איבערזעצט פֿון ח. בראַקאַזש**)

די ביכער זענען געבונדן אין לוקסוס־איינבונד.

